160 ערצעהלונגען      760 זייטעי

# תשר"ק'ס

# בעסטע ערצעהלונגען

## פיער ביכער:

1) דאָס גאָלדענע לאנד
2) שפּאַס און ערנסט
3) מענער און פרויען
4) אויף דער זייט ים

אַלע פיער ביכער געדרוקט צוזאַמען און געבונדען אין איין באַנד.

פערטע אויפלאגע.

ניו יאָרק, 1919.

תשר"ק'ס בעסטע ערצעהלונגען

I.

# דאס גאָלדענע לאַנד

ערצעהלונגען פון דעם אידישען לעבען
אין אַמעריקא

פון

ישראל י. זעווין

(ונשר"ק, יודקאָוויטש)

פערלאַג תשר"ק, ניו יאָרק.

# אינהאַלטס-פערצייכנים :



## איבער געוואַלד ביזטו אַ איד



## אין די הויכע פענסטער

## „אמעריקא גנב !"



## יונג און אלט

# יעקב און עשו

## אביסעל אלטע און נייע היסטאָריע.

### פּראָלאָג.

(אַן אַלטע מעשה וואָס איז נוגע צו דער נייער מעשה).

אמאָל, אמאָל, מיט יאָהרען און יאָהרען צוריק זיינען געבוירען געוואָרען צוויי אינגלעך. זיי זיינען געווען א צווילינג. ביי איין מאַמען אין בויך זיינען זיי געוואקסען און צוזאמען זיינען זיי גע־קומען אויף דער ליכטיגען וועלט.

און ווען זיי זיינען נאָך געלעגען אין איין וויגעלע, האָט מען געזעהן אז די וויגעלע איז פאר זיי צו איינג. איין אינגעלע האָט געהאלטען א צוזאמענגעדריקטען פויסט און דער אַנדערער האָט געשריען אויף זיין קול׳כעל.

נאָך זייענדיג אין דער מאמע׳ס בויך, זיינען זיי געוואָרען שונאים, האָבען ניט געקענט הויזען אין פריעדען, זיך איינע די אנדערע געשטויסען, געקלאפּט, געזעצט אין די זייטען און זיך גע־בוכצעט. און דער מאמען האָט שוין דאַן די הארץ געזאָגט אז דאָס וועלען ארויסקומען צוויי פערשיעדענע מענשען וואָס וועלען זיך פערטהיילען אין צוויי פעלקער, און זיי וועלען צווישען זיך שטריי־טען, און זיי וועלען צווישען זיך קעמפּפען, דער שטארקערער וועט שלאָגען דעם שוואכערען, און ער וועט איהם דריקען און ווערגען.

איינעם האָט מען א נאָמען געגעבען יעקב, דעם אַנדערען — עשו. און עשו איז אויסגעוואקסען א פּראָסטאַק, א מענש אָהן חכמות, אָבער א יונג מיט ביינער און מיט א געזונדען פויסט. און יעקב איז געווען א וואוילער בחור, האָט געלערענט אין חדר און געהאט א גוטען קאָפּ, אָבער ער איז געווען הויט און ביינער און מעהר ווי שרייען האָט ער ניט געקענט.

און אזוי האָבען זיך די ברידער ערצויגען: עשו האָט געקלאַפּט און יעקב האָט געשריען.

אָבער ניט אימער גילט גבורה; חכמה האָט אויך א מאַכט. יעקב האָט געפונען א געלעגענהייט און זיך מיט עשו'ן גוט אָבגע־רעכענט — ער האָט ביי איהם אויסגענאַרט די בכורה.

„וואַרט דו וועסט מיך געדענקען! מיט דיינע קינדס קינדער וועל איך זיך אָברעכענען", האָט עשו געזאָגט.

און דאָס איז געווען לאַנג, לאַנג צוריק, יאָהרען און יאָהרען צוריק.

## דער עיקר המעשה.

(אין צוואַנציגסטען יאָהרהונדערט)

אויף דער ערד אין וואָלל סטריט איז א גרויסער אויפרוהר. מענשען לויפען ארום פון איין ווינקעל צום צווייטען. זיי ריידען מיט אימפּעט, סאָפּענדיג. מאַנכע שטראַהלען פאַר פרייד, אנדערע זיינען בלאַס ווי דער טויט. א גרויסע איבערקעהרעניש האָט פּאַ־סירט. די האָבען געוואונען גרויסע אוצרות גאָר אָהן ארבייט, און די זיינען געוואָרען פעראָרעמט אין איין טאָג.

אין איין אָרט איז געשטאַנען א דיקער פעסט־געזעצטער מאַן. זיינע האָאר זיינען שוין געווען גרוי, אָבער זיין פּנים איז געווען פול און רונד און אָהן קנייטשען. קענטיג אַז ער האָט געלעבט אין בעסטען וואוילטאָג. אין דיעזען מאָמענט איז ער אָבער גע־ווען בלאַס און שטאַרק נערוועז. דאָס איז געווען עשו דער בע־וואוסטער בערזען מאַגנאַט. ער האָט ערשט פערלאָרען שווערע מיליאָנען.

א ביסעל ווייטער פון איהם איז געשטאַנען א קורצער דאַרער מענשעל. זיין פּנים איז געווען א אידישער, דאָס האָט מען באַלד געזעהן. אָבער דיעזער פּנים האָט יעצט געלויכטען, ער איז געווען יעקב דער בראָקער, וועלכער האָט ערשט געוואונען עשו'ס מיליאָנען.

די אַנדערע בערזען ספּעקולאַנטען זיינען געווען אויפגערעגט; זיי האָבען דערצעהלט איינע די אַנדערע מיט היטץ ווי יעקב האָט אָנגעגרייט א קונציגע פּאַסטקע פאַר עשו'ן, ווי ער האָט געמאַכט

א „קאָרנער“ אין מארקעט און אויסגעקוועטשט ביי דעם געניטען אלטען. עשו שווערע מיליאָנען; עס איז געווען א געשיקטער עסק!
און עשו שטעהט און זיין הארץ זידט, און ער טראכט זיך:
„ווארט, יענקעלע, איך וועל זיך נאָך אָברעכענען מיט דיר און מיט דיינע ברידער!“

* * *

יענעם אבענד איז עשו געקומען אין זיין קלוב א ביסעל צו־רודערט. עס איז געווען איינער פון די העכסט אריסטאָקראַטישע קלובס אין ניו יאָרק. אהין פלעגט ער קומען אין גוטע צייטען. דאָרט האָט ער פערבראכט מיט זיינע פריינדע און בעשפּראָכען די לעצטע נייעס וועגען נייע אָטאָמאָבילס, נייע אַקטריסעס, נייעס פון דער הויכער געזעלשאפט און אַלעס וואָס מיליאָנערסקע ספּאָרטס קען אינטערעסירען. יענעם אבענד איז געווען א באַלאָטירונג פאר א נייעם מיטגליעד.
„ווי הייסט ער?“ האָט עשו געפרעגט ווען מען האָט איהם דערצעהלט, אז א נייער מיטגליעד איז פאָרגעשלאָגען געוואָרען אין קלוב.
„ער הייסט איזידאָר דיאמאנטשטיין“.
„איזידאָר, דאָס איז דאָך ישראל!“ האָט אויסגערופען עשו.
„און ישראל איז דאָס זעלבע ווי יעקב! ברידער, מיר טאָרען איהם ניט אַריינעהמען אין קלוב. די אידען קריכען אונז שוין צופיעל אין האלז. ווארפט שווארצע באַללען פאר איהם, געדענקט, ברידער!“
עס איז געווען א געלונגענער עסק.

* * *

מיסטער איזידאָר דיאמאנטשטיין, א רייכער לאנד־בעזיצער, מיט א גרויסע צאָהל אייגענע הייזער, איז געזעסען אין זיין צימער און געררויכערט א סיגאַר. ער איז געווען זעהר ניט אין א גוטער לוינע און האָט געוואַרט אז עס זאָל ווער קומען, אום ער זאָל צו יענעם קענען אויסלאָזען זיין כעס.
מיסטער דיאמאנטשטיין האָט געהאַט א גוטע אורזאכע צו

זיין אין כעס. שוין אַ יאָהר צייט, אַז ער האָט געאַרבייט דאַפיר אַז ער זאָל קענען אָנקומען אַלס אַ מיטגליעד אין דעם אריסטאָ־קראַטישען „אַטאָ קלוב„. שווערע טויזענדער האָט ער אויסגע־געבען אום בעפריינדעט צו ווערען מיט עטילכע פעראָרימטע מיט־גליעדער פון דיעזען קלוב. זיין גאַנצע געזעלשאַפטליכע קאַריערע האָט ער געבויט אויף דיעזער האָפנונג. און יעצט האָט זיך אויס־געלאָזען אַ גאָרנישט. מען האָט איהם זעהר מיאוס צוריקגעוויזען מיט אַכט שווארצע באַללען — אַזאַ שאַנדע! אַזאַ חרפה!

„איך וועל זיך נאָך אָברעכענען!" האָט ער געזאָגט צו זיך.

עס איז אַריינגעקומען זיין אַדמיניסטראַטאָר און האָט גע־מעלדעט פאָלגענדעס:

„איך האָב איינגעמאָהנט די גאַנצע דירה־געלד פון דער הויז נומער 24, אויסער איין טענענט, דזשאָן פיטצפעטריק, ער זאָגט ער האָט ניט וואָס צו געבען."

„ער האָט ניט וואָס צו געבען, האַ?" האָט בייז געשריען מיסטער דיאַמאַנטשטיין. „וואָס הייסט ער האָט ניט וואָס צו געבען? אַ נדבה בעט איך ביי איהם? איך מאָהן מיין רענט! איך פאָדער וואָס מיר קומט פאַר מיין הויז, פאַר מיין אייגענטהום. וואַרף איהם אַרויס. געה שוין אין געריכט און נעהם אַרויס אַ בעפעהל איהם צו מאַכען אַרויסציהען פון הויז".

עס איז געוועזען אַ שנעלער עסק.

* * *

דזשאָהן פיטצפעטריק, אַן אָרימער שמיעד, האָט זיך שנעל געטרייסט נאָך זיין פערלאָרענע וואוינונג. ער האָט בעקומען געלד פון פריינדע און זיך גענומען אַ וואָהנונג אין אַנאַנדער הויז. ער האָט געשוואָרען אין זיין לעבען מעהר ניט צו וואָהנען ביי אַ „שיני" און אַז ער וועט דאָס פערזאָגען זיינע קינדער און קינדס־קינדער.

איינמאָל אין אַן אָבענד, ווען פיטצפעטריק איז געזעסען אין ביער־סאַלון צוזאַמען מיט אַ צאָהל פון זיינע גוטע ברידער איז אַריינגעקומען אַ גרינער פעדלער מיט שיך־בענדלעך און קראַגען־קנעפלעך. ווי די חברה אין סאַלון האָבען דערזעהן דעם פעדלער, האָבען זיי אַלע אויסגערופען, שימפּפענדיג:

„העי, סאָלאָמאָן אייזיק! שיני מצות!“

„שוה לייסעם, קאָללער באָטענס!“ האָט דער פעדלער גע־זאָגט מיט א שטימע פון געבעט, אויסרופענדיג זיין סחורה.

פיטצפעטריק איז צו איהם צוגעגאַנגען און ביי איהם א ריס געטהאָן די בענדלעך פון האנד.

„גיב מי, גיב מי, מיין שוה לייסעם“, האָט דער גרינער פעד־לער געבעטען אין א געבראָכענעם ענגליש.

פיטצפאטריק האָט איהם מיט די בענדלעך א שמיץ געטהאָן.

אין דיעזען אויגענבליק האָט יעמאנד אָבגעגאָסען דעם פעד־לער מיט קאַלטע וואסער איבער'ן קאָפּ.

„פּאָליס, העלפּ!“ האָט דער ערשראָקענער פעדלער אויס־גערופען.

דאָ איז איינער פון די טרינקער צוגעגאַנגען צום פעדלער פון הינטען און איהם א שלעפּ געטהאָן פאר א פוס. דער פעדלער איז געפאַלען צו דער ערד, אן אויסעגצויגענער.

מיט קללות און זידלערייען, זייענדיג אויסער זיך, האָט דער פעדלער זיך אויפגעהויבען, אָבער ווי ער האָט זיך געשטעלט אויף די פיס האָט איהם פיטצפאטריק אראָבגעלאָזען מיט'ן פויסט אין געזיכט, אז דער פעדלער האָט זיך בעוואשען מיט בלוט.

א פערבלוטיגטער איז דער פעדלער אוועק פון ביער־סאלון. מעהר ווי וויינען האָט ער ניט געקענט. ווען ער איז געקומען אהיים האָט ער צוגעלייגט קאַלטע קאָמפּרעסען צום געזיכט. ער האָט געהאט אַ עסק אויף א גאַנצע נאַכט.

* * *

אליץ די זעלבע מעשה — און די אָרימע כאַפּען די ערגסטע קלעפּ.

# אין שכנות

אָנגעהויבען האָט עס זיך פון דעם וואָס מיסעס קאָהען האָט געוואָלט אַז איהר שכנה מיסעס פיטצימאָנס זאָל פערזוכען איהר לאָקשען־קוגעל.

„אַזאַ גוטע ערלית!" האָט מיסעס קאָהען געזאָגט צו זיך שניידענדיג איהר קוגעל. „זאָל זי פערזוכען אַ אידישען מאכל". זי האָט אַרויפגעלייגט אַ שעהנעם חלק קוגעל אויף אַ טעלער און דאָס אַריינגעטראָגען צו איהר שכנה מיסעס פיטצימאָנס, וועלכע האָט געוואָהנט מיט איהר אַ טהיר נעבען אַ טהיר.

מיסעס פיטצימאָנס האָט זעהר שעהן בעדאַנקט, און אַז מיסעס קאָהען איז אַוועק האָט זי דעם קוגעל פערזוכט, זיך אַ קרים געטהאָן, און דאָס איבעריגע אַוועקגעגעבען איהר הונד.

„אַזאַ עהרליכע גוטהערציגע אידישע פרוי!" האָט מיסעס פיטצימאָנס אויסגערופען. „זי וויים גאָר ניט וואָס צו קאָכען און וואָס עס איז גוט פאַר'ן געזונד. איך וועל איהר אַריינטראָגען אַ ביסעל פרישע פּאָרק־ענד־בינס (בעבלעך געקאָכט אין חזיר־פעטס), וועט זי זיך אָבלעבען".

זי האָט גענומען די זעלבע טעלער אין וועלכע מיסעס קאָהען האָט איהר געבראַכט לאָקשען־קוגעל און האָט אויף דעם אַרויפגע־לייגט אַ בערגעלע ברוינע פאַסאָליעס וואָס האָבען אויסגעזעהן אַזוי ווי להבדיל אַ טשאָלענט, און זי האָט דאָס אַריינגעטראָגען צו מיסעס קאָהען.

און אַז מיסעס פיטצימאָנס איז אַרויסגעגאַנגען, האָט מיסעס קאָהען גענומען בעטראַכטען דעם מאכל. די האַרץ איז איהר פּשוט איינגעפאַלען ווען זי האָט פון אויבען, אויף די פאַסאָליעס, דער־זעהן שטיקלעך פערדעכטיגע פעטס.

„אַן אונגליק איז מיר!" האָט אויסגערופען מיסעס קאָהען. „זי האָט דאָך מיר טרפה געמאַכט מיין טעלער!"

מיסעס קאָהען און מיסעס פיטצימאָנס זיינען ביידע געווען

אלמנות וואָס האָבען געלעבט אויף די פערדיענסטען פון זייערע ערוואַקסענע קינדער. דער שיקזאַל האָט זיי צוזאַמענגעבראַכט אַ טהיר נעבען אַ טהיר, אין איינע פון די נייע „מאָדעל" טענעמענט הייזער, אויף דעם אידישען קוואַרטאַל פון נויאָרק.

נאָך דעם אונגליק מיט דער טעלער האָט שוין מיסעס קאָהען מורא געהאַט אַריינצוטראָגען איהרע אידישע מאכלים צו מיסעס פיטצימאָנס. דאָך מיסעס פיטצימאָנס פלעגט איהר אָפט אַריינטראָגען אַ שטיקעלע פּאַי (פלאָדען).

„אוי אַן אונגליק איז מיר!" פלעגט מיסעס קאָהען זאָגען צו זיך ווען מיסעס פינצימאָנס פלעגט אַריינקומען מיט אַ פריינדליכען שמייכעל אויף די ליפּען און מיט אַ שטיק טרפה פלאָדען אין האַנד. „אוי, זי ברענגט שוין מיר וויעדער איהרע מאכלים!"

מיסעס קאָהען האָט עטליכע מאָל געוואָלט ערקלעהרען איהר שכנה, אַז איהר רעליגיאָן ערלויבט איהר ניט צו עסען געקעכטס וואָס זיינען ניט כשר. זי האָט אָבער געפיהלט, אַז זי קען ניט גענוג ענגליש אום די זאַך צו ערקלעהרען אין אַזאַ וועג, אַז מיסעס פיטצימאָנס זאָל זיך ניט געפינען בעליידיגט. עס האָט זיך איהר זעהר ניט געוואָלט איינ־רוגז'ען איהר גוטע שכנה.

איינמאָל האָט מיסעס קאָהען פערטרויט די גאַנצע געשיכטע צו איהר עלטעסטען זוהן, דזשאָ, וועלכער איז געווען איהר ברויטגעבער און איהם געבעטען ער זאָל איהר אויסלערנען ווי צו ערקלעהרען, אין אַן איידעלען לשון, די גאַנצע געשיכטע צו מיסעס פיטצימאָנס, אַזוי אַז זי זאָל זיך ניט בעליידיגען.

ווען דזשאָ האָט אויסגעהערט די גאַנצע געשיכטע האָט ער זיך צולאַכט.

„וואָס לאַכסטו מיין זוהן? לאַכסט שוין פון דער מאַמען?" האָט מיסעס קאָהען געפרעגט.

„ניט פון דיר, מאַמע, לאַך איך. עס איז אַ לאַכעדיגע געשיכטע. וואָס איז דאָ צו טענה'ן מיט איהר? זאָג איהר דעם אמת! וואָס דאַרפסטו אַ תירוץ, אַן אויסרייד? דער אמת איז דער בעסטער תירוץ".

„און ווייסטו וואָס, מאַמאַ?" האָט דזשאָ געזאָגט נאָך אַ

קורצען שטילשווייגען. „איך געה אליין אריין צו מיסעס פיטצי־מאָנס און וועל איהר דאָס ערקלעהרען".

„געזונד זאָלסטו זיין, מיין קינד", האָט מיסעס קאָהען גע־זאָגט. „אָבער מאַך דאָס אזוי אז זי זאָל זיך ניט געפינען בעליי־דיגט. זי איז זעהר א פיינע גויה, מיט א נאָבעלע הארץ".

דזשאָו האָט אָנגעקלאַפּט אָן טהיר ביי מיסעס פיטצימאָנס, די אלטע איז ניט געוועזן צו הויז. אָנשטאָט איהר האָט ער געפונען איהר עלטסטע טאָכטער נעללי.

„העללאָו, דזשאָו!" האָט זי איהם בעגריסט. אלס שכנים האָבען זיי זיך גוט געקענט.

„העללאָו, נעללי", האָט ער געענטפערט. „איך בין געקומען ריידען וועגען עפּעס מיט אייער מוטער". און ער האָט נעללי'ן ערקלעהרט די גאַנצע געשיכטע וועלכע האָט זיך אָנגעפאַנגען מיט די כשר' לאָקשען־קוגעל און זיך געענדיגט מיט די טרפה פּאַי.

„איך פערשטעה דאָס ניט", האָט נעללי געזאָגט. „איך זעה אין דעם רעסטאָראַן וואו איך עס מיטאָג אידישע יונגע־לייט און אידישע מיידלעך עסען אלעס וואָס עס איז דאָ אויף דער שפּייז־קארטע".

„די יונגע, אה!" האָט דזשאָו געזאָגט. „אָבער די אלטע האַל־טען זיך פעסט ביי זייער גלויבען".

„און איהר, דזשאָו, איהר עסט טרפה?"

„ניין, איך עס ניט. לאַכט ניט, נעללי, עס איז אין מיין בלוט. בעטראַכט נור וואָס עס הייסט געוואוינהייטען, וואָס איז אין מענשען איינגעוואָרצעלט פון קינדווייז אָן. בעטראַכט נאָך דערצו אז דיעזע געוואוינהייט, דיעזער אבשטוים צו ניט כשר'עס עסען איז איינגעפלאַנצט אין אונז פון דור צו דור, זייט דריי טוי־זענד יאָהר, און האָט זיך איינגעגעסען אין אונזער בלוט".

מיסעס פיטצימאָנס איז אין די רייד אָנגעקומען. זי איז איבערראשט געוואָרען צו געפינען איהר טאָכטער מיט דעם אידי־שען יונגען־מאַן פערטיעפט אין אַן ערנסטען געשפּרעך.

אין איהרע אויגען האָט זיך בעוויזען א שרעק, א מורא פאר עפּעס אַן אונערוואַרטעטען אונגליק.

דזשאָו האָט איהר ערקלעהרט דעם צוועק פון זיין קומען. ער

האָט זיך בעמיהט פאַרצושטעלען די גאַנצע זאַך פון דער קאָמישער זייט. מיסטער פיטצימאָנס איז גלייך אריינגעגאַנגען צו מיסעס קאָהען און זיך ענטשולדיגט פאַר איהר.

„עס איז מיר גאָר קיינמאָל אין קאָפּ ניט אריין, אז איהר קענט ניט עסען מיינע געקעכטס", האָט מיסעס פיטצימאָנס געזאָגט. „איך האָב געמיינט אז איהר היט ניט די אַלטע אידישע געזעצע. עס זיינען דאָ יעצט אַ סך אידען וואָס היטען זיי ניט, און איבער־הויפּט דער יונגער דור. ביי אונז איז אויך דער יונגער דור ניט אזוי גוט ווי דער אַלטער. די יונגע דאַרף מען היטען".

די לעצטע ווערטער „די יונגע דאַרף מען היטען" האָט מיסעס פיטצימאָנס אזוי בעטאָנט, אז מיסעס קאָהען האָט ניט פערפעהלט צו בעגרייפען זייער מיין. די האַרץ פון אַ מוטער איז אַ נביא.

די מאַמעס האָבען געקוקט מיט מורא אויף דער פריינדשאַפט פון זייערע קינדער. און די מורא האָט זיי נאָך שטאַרקער פער־אייניגט. זיי האָבען געפיהלט אז זיי דאַרפען שטעהן צוזאַמען אום צו קעמפּפען געגען אַן אַלגעמיינעם שונא.

דייטליך האָבען זיי מורא געהאַט צו ריידען וועגען זייערע קינדער, עפּעס אזוי ווי זיי וואָלטען זיך אַליין געשראָקען זיך פאַר־צושטעלען די געפאַהר אין איהר ריכטיגען קאָליר. זיי האָבען גע־רעדט מיט אָנצוהערעניסען, אויפ'ן וואונק.

„איך זאָג", האָט איינמאָל אָנגעפאַנגען מיסעס פיטצימאָנס, „אז יעדערער דאַרף הייראַטהען פון זיין רעליגיאָן. איך וואָלט מיין טאָכטער נעלי ניט געלאָזט הייראַטהען אפילו אַ פּראָטעס־טאַנט. אַ קאַטהאָליק מיט אַ פּראָטעסטאַנט קענען ניט לעבען גליקליך. ווי וואָלט איהר געפיהלט ווען אייער זוהן וואָלט אייך געבען אַלע טאָג פאַי מיט שוויינען־פעטס ?"

דאָס איז געווען צום ערשטען מאָל וואָס מיסעס פיטצימאָנס האָט גערעדט אזוי דייטליך.

„מיין זוהן וועט קיינמאָל ניט הייראַטהען אַ קריסטין !" האָט מיסעס קאָהען אויסגערופען מיט שרעק אין איהר שטימע. „זאָרגט זיך ניט, מיסעס פיטצימאָנס. עס איז דאָ אַ גאָט און ער וועט פערהיטען אונזערע יתומים פון אונגליק."

זייט דיעזען געשפּרעך איז אין דעם פריינדליכען פערקעהר פון די צוויי פרויען פאַרגעקומען אַן ענדערונג. זיי האָבען אָנגע־הויבען צו קוקען איינע אויף די אַנדערע מיט אַ פערדאַכט. זיי פּלעגען שוין זעלטענער זיך צוזאַמענקומען, און וואָס גרעסער עס איז געוואַקסען די פריינדשאַפט צווישען זייערע קינדער, אַלץ ווייטער און מעהר אָבגעפרעמדט זיינען געוואָרען די מוטערס. ביז אין איין פריהמאָרגען, ווען דער אייגענטהימער פון דער הויז איז געקומען מאַהנען דירה־געלד, האָט איהם מיסעס קאָהען געזאָגט אַז זי ציהט אַרויס און אַז זי האָט שוין אַן אַנדער וואָהנונג.

# אין קראטאנא פּארק

(געשריעבען אין 1904)

קראָטאָנאַ פּארק איז א פאמיליען־פּארק. אהין קומען די איינוואָהנער פון דעם ארומיגען געגענד אין די בראָנקס, פון וועב־סטער, וואשינגטאָן, ברוק און דריטע עוועניוס. זיי קומען אהין מיט די קינדער און אָפטמאָל קומען די קינדער אַליין.

אמאָל איז דיעזער געגענד געוועזען בעוואָהנט פון דייטשען, זעהר וועניג אידען האָט מען דאָרט געקענט זעהן. אידען וואָס האָבען זיך געוואָלט בעזעצען אין יענע גרוימע און ליכטיגע עווע־ניוס, האָבען געפונען זעהר שווער צו קריגען א וואָהנונג. די שכנים אזוי ווי די לענדלאָרדס האָבען ניט געוואָלט „פעראידישען“ דיעזען געגענד.

און ווי עס האָט פאסירט אין אנדערע טהיילען פון שטאָדט, אזוי האָט אויך פאסירט אין די בראָנקס. ביסלעכווייז, פּאַוואָ־לינקע, האָבען זיך אונזערע אידען דאָרט אריינגערוקט. צווישען האנז אָטטענדאָרפער'ס לאגער ביער סאלון און פריטץ צאהן'ס בעקערייי האָט זיך אריינגערוקט א אידישער קצב און אויסגעשטעלט אויף זיין שוי־פענסטער אָן אויסגעמאָהלטען האָהן און אויך א קאטשקע וועלכע ציינען מיט זייערע שנאָבלען שטאָלץ אויפ'ן „בשר כשר“־שילד; צווישען ווילהעלם קניפּעל'ס מילך־געשעפט און פראנץ אָבערמייער'ס דעליקאטעסען געשעפט האָט זיך אריינגערוקט א אידישער קרעמער וואָס פערקויפט סיגארעטלעך, כשר'ע ווארשט, צוקערוועדק, פאסטראָמא, מעשה־ביכלעך, געריכערטע צונגען, און סאָדא וואסער מיט אַלע זיעבען קאָלירען פון רעגענבויגען פאר איין סענט א גלאָז.

די דייטשען האַלטען זיך אנשטענדיג. אָנשטאָט צו פער־פאָלגען די אידען און זיי ארויסצושטופען פון געגענד, פּאקען זיי בעסער איין זייערע פעקלעך און ציהען אוועק ווייטער, נאָך האָ־

באַקען, אָדער נאָך אַנדערע דייטשע קוואַרטאַלען אין דזשערסי סיטי און ברוקלין. די דייטשען זיינען קליגער פאַר די איירישע און ווייסען אַז אַ קאַמפף מיט אידען איז אַ פערלאָרענער קאַמפף. די אידען זיינען עקשנים.

דאָרום הייגגען יעצט אין יענעם געגענד אַ גרויסע צאָהל „טו לעטס“. די ביסעל דייטשען וואָס זיינען פערבליבען גיבען אַ זיפץ ביי יעדען פרישען „טו לעט“ וואָס ווערט אַרויסגעהאַנגען און זיי פערגיסען די לאָך אין האַרצען מיט קאַלטע ביער. די סאַלון־קיפּערס זיפצען אויך. די נייע שכנים וואָס קומען אָן אין די בראָנקס טרינקען מייסטענס סאָדא־וואַסער און סעלצער.

בלויז דער פּאַרק האָט זיך ניט געענדערט. עס איז איהם אַלעס איינס, דעם שאָטיגען, לופטיגען פּאַרק, ווער עס געניסט איהם. דאָרט קומען מענשען פון אַלע נאַציאָנען גלייך צו געניסען די לופט און די זאָנענשיין וועלכע די נאַטור האָט פערטהיילט פאַר אַלעמען גלייך. די פרייע נאַטור איז טאָלעראַנט און האָט נאָך קיינמאָל געמאַכט קיין אונטערשיעד צווישען איין ראַסע און די אַנדערע.

און עס לויפען, און עס שפּרינגען, און עס טאַנצען אין פּאַרק קליינע קינדער גרופּען־ווייז. פערשיעדענע גרופּען זיינען זיי. אָט געהען אַ זעקס אָדער זיעבען קינדער צוזאַמען: די מיידעלעך מיט שעהן פערפלאָכטענע בלאָנדע צעפּ, מיט ליענטעס אין די האָאָר, די קידערשע אָרעמס, ברוין פון דער זון, ענטבלויזט און די פיסלעך אין די ווייסע זעקעלעך גיבען זיי אַן אנבליק פון קאַטשקעס וואָס האָבען זיך ערשט אָבגעוואַשען אין אַ טייכעל; און די אינגלעך אין ריינע דזשאָמפּערס, לאַקירטע שיכלעך און מיט פּנים׳ער לע־בעדיגע און מוטהיגע. ווייטער געהט אַן אַנדער גרופּע: די מייי־דעלעך אַ ביסעל ניט דערוואַשען, אַ ביסעל פערשלומפּערט; און די אינגלעך אין רעקלעך ניט נאָך זייער מאָאָס און אָבגעלאָזען אין זייער גאַנג און אויפפיהר. עס טרעפט אַמאָל אַז די גרופּען מישען זיך צוזאַמען. די קינדער פערגעסען זיך אויף אַ ווייל׳ע די וואַנט פון אַבערגלויבען און רשעות, וואָס זונדערט זיי אָב, זיי שפּיעלען זיך און אַמוזירען זיך צוזאַמען.

נור עס האַלט לאַנג ניט אָן, דער אונטערשיעד מוז זיך אַרויס־ווייזען און עס קומט אַרויס די פון דורות איינגעוואָרצעלטע שנאה. אַ מאָל פּאַנגט עס אָן יעקב׳ס קול און אַ מאָל עשו׳ס הענד.

דאָס וואָס איך דערצעהל איצט האָב איך אַליין צוגעזעהן:

צוויי ערוואַקסענע דייטשע יונגע־לייט האָבען געשפּיעלט „טעננים" אויף דעם ברייטען פעלד אין „קראַטאָנאַ פּאַרק". קליינע קינדער זיינען אָנגעקומען, געשטיפּט, געשפּרונגען איבער דעם אָב־געזונדערטען פּלאַץ פּאַר דער שפּיעל און געשטערט די שפּיעלענדע.

„יודען! פּאָרט פאָן היער!" האָט אויסגערופען איינער פון די דייטשען.

די קליינע קינדער האָבען זיך פערשעהמט. וואָרום האָבען זיי זיך פערשעהמט? אָה, יאַ, איך האָב באַלד פערשטאַנען! אין זייער גרופּע האָט זיך געפונען איינער וואָס איז ניט געווען פון זייער שטאַם — אַ קליינער דייטשעל.

און דער קליינער דייטשעל איז צוגעלאָפען צו דעם גרויסען דייטש און צייגענדיג מיט דער האַנד אויף די קינדער, מיט וועלכע ער האָט זיך ערשט צוזאַמען געשפּיעלט, האָט ער אויסגערופען:

„דיעזע אַלע זינד יודען, איך בין אַבער קיין יוד!"

די אַנדערע קליינע קינדער האָבען זיך אָבגעטראָגען פער־שעהמט.

# דער טעות פוי מר. היגגינס

א שותף פון דער פירמע „קנאַבלאַק, דונקעלהיימער ענד היגגינס“, אויף בראָדוויי.

די פירמע „קנאַבלאַק דונקעלהיימער ענד היגגינס“ איז גוט בעקאַנט אין ניו יאָרק אַלס אַ גרויסע אַנגראָ הויז פון גאַלאַנטעריי־וואַארען. קנאַבלאַק און דונקעלהיימער זיינען דייטשע יאַהודים, און זייער שותף, מיסטער היגגינס, איז פון ריינע אירלענדישע בלוט, אַ ריכטיגער „איירישמען“. דאָך צווישען די צוויי אידען און זייער איירישען שותף הערשט שלום ושלוה, זיי לעבען ברי־דערליך און זיינען אַלע גלייך איבערגעבען צום ערפאָלג פון זייער געשעפט.

מיסטער היגגינס, זייענדיג אין דעם געשעפט זייט יאָהרען און האָבענדיג אימער צו טהאָן מיט אידישע קונדען, איז אַליין מיט דער צייט פעראידישט געוואָרען. ער האָט אין ענגליש בעקאַנטע אידישע ווערטער, ווי „מכולה“, „גנב“, „עזות פנים“, „ויברח“, „דאַנקע שעהן“, „פעטער לעבען“ און נאָך אַזעלכע אידישע ווער־טער און רעדענסאַרטען וואָס זיינען אַריין אין דער ענגלישער ביז־נעס שפראַך פון בראָדוויי און מעידען לעין, די צוויי גרעסטע גע־שעפטס־גאַסען פון נויאָרק. די איינגעבוירענע נייגונג וואָס גע־פינט זיך אין יעדען מענשען נאָכצומאַכען די שטימע, די תנועות און די בעוועגונגען פון די מענשען אין וועמעס קרייז ער לעבט, האָט אויך געפיהרט צו דעם אַז מיסטער היגגינס האָט אָנגעהויבען צו מאַכען מיט די הענד און צו ריידען מיט אַן עכט־אידישען נגון.

די אידישע קונדען, איבערהויפט די וואָס זיינען געקומען פון רוסלאַנד און פוילען, האָבען ליעב געהאַט צו מאַכען געשעפטען דוקא מיט מיסטער היגגינס, ווייל דער קלוגער איירישמאַן האָט בעסער פערשטאַנען ווי צו געבען זיי אַ קאָמפּלימענט און ווי צו געווינען זייער פריינדשאַפט. די אַלטע קאַלטע דייטשע יהודים מיט זייער אימער ערנסט־טרוקענעם געשפּרעך, וועלכער איז אימער געווען „סטריקטלי ביזנעס“, מיט זייער פּוסטען שטאָלץ און זייער

שטענדיגען גרויסהאַלטען זיך געגען די „פּאַלאַקעס“, האָבען געהאַט
אין זיך זעהר ווענינ מאַגנעט פאַר די אידישע סוחרים ,וועלכע האָ־
בען יעדען מאָל, ווען זיי פלעגען קומען אין געשעפט, אימער גע־
פרעגט דוקא אויף מיסטער היגגינס.

און אַז מיסטער היגגינס האָט געוואוסט ווי צו שעטצען דיזע
פריינדשאַפט און דיעזען צוטרויען פון די אידען, קען מען זעהן פון
דעם, דאָס ער האָט אימער אויפגעפּאַסט אין לוח אַלע אידישע
ימים טובים און האָט פון דעם געשלאָגען קאַפּיטאַל. צו ראש־
השנה פלעגט ער שיקען ניי־יאָהרס קאַרטען צו אַלע אידישע קונדען
און צו פסח האָט ער געזעהן אַז די פירמע זאָל אריינשיקען אַ גרוי־
סען טשעק אויף מעות חיטים. יעדעס אידישעס וואָרט וואָס ער
האָט געהערט האָט ער גלייך איינגעקריצט אין זיין זכרון און גע־
מאַכט פון דעם אַ געברויך ביי דער ערשטער געלעגענהייט. מיט
איין וואָרט, וועהרענד די העררען קנאָבלאָק ענד דונקעלהיימער
זיינען געווען אידישע גוים, איז מיסטער היגגינס געווען אַ גוי'אי־
שער איד.

איינמאָל איז מיסטער היגגינס איינגעפאַלען אין קאָפּ צו
שטעלען אין שוי־פענסטער פון דער פירמא אַ שילד מיט אידישע
ווערטער וואָס זאָל צוציהען אידישע סוחרים. ער האָט געוואוסט
אַז אַ אידישער שילד אין אַ שוי־פענסטער אויף בראָדוויי וועט
מאַכען אַ גוטען איינדרוק אויף אידישע ביזנעס לייט. ניט פרע־
גענדיג זיינע שותפים, וויסענדיג אַז אַלע אידישע געשעפטען לאָזען
זיי איבער אין גאַנצען אויף איהם, איז מיסטער היגגינס אַליין
אוועק אַ שילד־צייכנער און האָט בעשטעלט אַ שילד מיט פאָלגענ־
דע אויפשריפט :

> פעדלערס און סטאָר־קיפּערס זיינען העפ־
> ליכסט איינגעלאַדען אריינצוקומען. מיר ווי־
> לען זיי צייגען וואָס עס הייסט גוטע בע־
> האַנדלונג. אונזער מאָטטאָ איז : „לעבען
> און לאָזען לעבען“.

„איהר זאָלט זעהן, אַז די שילד זאָל מען ברענגען מיר אין די

הענד", האָט מיסטער היגגינס געזאָגט צום שילד־צייכנער. „הייסט אייער יונג פרעגען אויף מיסטער היגגינס".

דער שילד איז אָנגעקומען. מיסטער היגגינס האָט עס גלייך גענומען און אריינגעשטעלט אין פענסטער.

א סך פערבייגעהער האָבען זיך אָבגעשטעלט צו בעטראַכטען דיעזע שילד מיט אידישע שריפט. די וואָס האָבען ניט געקענט לעזען האָבען געשמייכעלט. אָבער די וואָס האָבען יא געקענט לעזען האָבען זיך געוואונדערט. זיי זיינען פּשוט ערשטוינט גע־וואָרען, ווען זיי האָבען אויף דעם שילד געלעזען פאָלגענדעס:

פּעדלער און בעטלער איז שטרענג פערבאָטען
אריינצוקומען אין דיעזער געביידע אונטער
שטראָף פון געזעץ.

* * *

יעצט לאָמיר פערלאָזען אויף א ווײַלע בראָדוויי און מיר ווע־לען געהן נאָך מעדיסאָן עווניו.

א דזשעניטאָר אין א גרויסע אפּאַרטמענט הויז אויף מעדיסאָן עוועניו האָט בעקומען א בעפעהל פון דעם אייגענטהימער פון דער הויז אויפצוהיינגען אויפ'ן טיהר א שילד אין אידיש אז פּעדלער און בעטלער איז פערבאָטען אריינצוקומען אין דער הויז.

„די שילד איז שוין בעשטעלט", האָט דער בעל הבית געזאָגט. „עס וועט היינט אָנקומען. ווי נור עס וועט אָנקומען זאָלסטו עס גלייך אויפשלאָגען אויפ'ן טיהר, פון דרויסען. איך קען שוין מעהר ניט אויסהאַלטען פון די שלעפּער!"

און טאַקי יענעם טאָג איז אָנגעקומען די שילד און דער דזשע־ניטאָר האָט עס גלייך אָנגעשלאָגען.

באַלד איז אריינגעקומען א איד מיט א גרויסען קאָרב זאָקען, שוועבעלעך און טאַשענטיכער. דער דזשעניטאָר האָט איהם אָב־געשטעלט אין קאָרידאָר און געפרעגט:

„האָט איהר געלעזען די שילד אין דרויסען?"

„יא", האָט געענטפערט דער פּעדלער. „עס איז זעהר פיין פון אייער בעל־הבית איינצולאַדען פּעדלער אין דיזער הויז און זיי

פערשפרעכען בעסערע בעהאנדלונג ווי איבעראל. לאנג לעבען זאל אייער בעל־הבית!"

„וואט אר יו טאקינג עבאוט, וואס רעדט איהר?" האט דער דזשעניטאר געפרעגט פערוואונדערט.

„קאלער באטאנס, קענדלס, סטאקינגס!" האט אויסגערופען אן אנדער פעדלער וואס איז אריינגעקומען אין קארידאר מיט א קארב ליכט, זאקען און אנדערע סחורה.

„געט אוט — ארויס!" האט דער דזשעניטאר אויסגעשריען.

עס האט זיך אנגעהויבען א שטיקעל סכסוך אויף א הויכען קול און עס זיינען ארונטערגעקומען עטליכע שכנים און מען האט גענר־מען אויספרעגען. איין שכן האט געזאגט, אז דא מוז זיין א טעות. דער שילד צייכנער האט געווים געשיקט ניט די ריכטיגע שילד. ער האט עס געמוזט פערבייטען מיט אן אנדערע. עס פערשטעהט זיך, אז די שילד וואס דער דזשעניטאר האט צוגעשלאגען איז געווען די וואס מיסטער היגגינס האט בעשטעלט פאר זיין געשעפט און וועלכע האט געלויטעט: „פעדלערס און סטארקיפערס זיינען העפ־ליכסט איינגעלאדען אריינצוקומען. מיר ווילען זיי צייגען וואס עס הייסט גוטע בעהאנדלונג. אונזער מאטא איז: „לעבען און לאזען לעבען".

* * *

צו דער זעלבער צייט איז מיסטער היגגינס, דער שותף פון קנאבלאק, דונקעלהיימער ענד היגגינס, געזעסען ביי זיין שרייב־טיש און געלעזען א בריעף. פלוצלונג איז אריינגעלאפען א מיטעליעה־ריגער איד, מיט א שווארצע בארד און א פנים וואס איז געווען רויט פאר כעס און אויפרעגונג.

„מיסטער היגגינס!" האט ער אויסגעשריען. „גיט מיר שוין מיין רעכנונג און מיר זיינען אוים מחותנים. אז איהר זאלט קענען בעליידיגען עהרליכע מענשען, פון וועלכע איהר מאכט א לעבען, דאס איז ערגער ווי ערגער!" —

„וואס רעדט איהר, מיסטער טריפאלסקי? וואס איז געשעהן?" האט מר. היגגינס געפרעגט שטארק פערוואונדערט.

„גאר נישט! מיין פוס וועט דא מעהר ניט זיין. איך בעצאהל

מיין חוב און א סוף. איך האָב געמיינט, אז איך האנדעל מיט עהרליכע מענשען. איהר שפייט מיר אין פנים און מאכט זיך ווי איהר ווייסט ניט פון וואָס צו זאָגען. שיים אן יו, שעהמען מעגט איהר זיך!"

„אָבער, אום הימעל'ס ווילען, מיסטער טריפּאָלסקי, זאָגט וואָס שרייט איהר?"

„וואָס?" איהר ווילט איך זאָל ניט שרייען? איהר מאכט גאָלד פון אונזערע פעדלער און נאָכדעם שטעלט איהר ארוים א שילד אז פעדלער און בעטלער איז פערבאָטען אריינצוקומען אין דיזער גע־ביידע! מיט בעטלער פערגלייכט איהר אונז!"....

מעהר האָט מיסטער היגינס ניט געוואָלט אויסהערען. ער איז שנעל צוגעלאָפען צום שוי־פענסטער, האָט ארויסגעשלעפּ'ט די שילד און דאָס בעהאלטען הינטער זיין שרייב־טיש. עס האָט איהם גענומען א לאַנגע צייט זיך איבערצובעטען מיט מיסטער טריפּאָל־סקי און איהם איבערצייגען אז דאָ איז פאָרגעקומען א ביטערער טעות.

# דעם טאַטען׳ס סוכה

.1

## דער פלעק אויף דער משפחה.

ווען דער אַלטער מיסטער איזידאָר קאָנהיים, עלטסטער מיט־גליעד פון דער באַנק פירמע קאָנהיים, באַמבערגער ענד קאָ., איז גע־שטאָרבען, האָט זיין זוהן, מיסטער פרעד קאָנהיים, בעקומען אויף זיין חלק ירושה דעם אַלטענס פּלאַץ אויף דער בערזע אין וואָל סטריט, דעם אַלטענס וואָוינונג, אַ פּראַכטפאָלער פּאַלאַסט אויף ריווערסאיד דראַיוו, געגענאיבער דעם שעהנעם טייך האָדסאָן, און עפּעס אַן אַכט, אָדער צעהן מיליאָן דאָלער אין פערשידענע גוט־שטעהענדע אַקציען. מר. פרעד קאָנהיים, אַבוואָהל ער איז געווען דער עלטסטער פון אַלע קינדער, שוין נאָהענט צו פערציג, איז ער דאָך געבליבען אונפערהייראַט. זיין אינגערע שוועסטער און ברי־דער זיינען שוין אַלע געווען פערהייראַט.

„מיין זוהן“, האָט דער אַלטער געזאָגט פאַר׳ן טויט. „איך געה יעצט אַוועק צו דיין זעליגער מוטער. איך לאָז דיר איבער מיין שעהנע הויז, אָבער מיט דעם תנאי, אַז דו זאָלסט חתונה האָבען. נאָך מיין טויט זוך זיך אויס אַ שעהנע, גוטע אָרענטליכע מיידעל און האָב חתונה. זאָגסט עס מיר צו?“

דער יונגער קאָנהיים האָט אַראָבגעלאָזען דעם קאָפּ און טרעה־רען האָבען זיך בעוויזען אין זיינע אויגען. דער אַלטער האָט דאָס אָנגענומען פאַר אַ פערשפּרעכען.

אַ יאָהר צייט האָט פרעד קאָנהיים געטרויערט נאָך זיין פאָטער. ביי דער ענדע פון דעם יאָהר האָט ער איבעראַשט זיינע ברידער און שוועסטער מיט אַ נייעס. אין אַ שעהנעם פריהמאָרגען האָבען זיי בעקומען אַ קאַרטעל מיט אַ מעלדונג, אַז ער האָט געהייראַטה סיוויל מיט מיס מייבעל אָ׳פלאַהערטי, וועלכע איז געווען די פּרימאַדאָנאַ אין אַ קאָמיק אָפּערא הויז.

זיינע שוועסטער און זיינע ברידער זיינען געווען שטארק אויפגערעגט געגען אזא סקאנדאל און האָבען איהם ניט געוואָלט מוחל זיין. זיי איז דער שידוך מיט דער גוי'אישער אַקטריסע גאָר ניט געפעלען געווען. זיי האָבען אַלע גוט געוואוסט אז זייער ברודער איז צייט די לעצטע פינף יאָהר זעהר גוט בעפריינדעט מיט מיס אַ'פלאהערטי און עס איז קיין סוד ניט געווען אז ער האָט איהר געשענקט אַן אָטאָמאָביל און בריליאנטען. נור דאָס האָט זיי ניט געאַרט. זיי האָבען דאָס צוגערעכענט צו די פּריוויליעגיען וואָס בעלאַנגען צו אונפערהייראַטהע מיליאָנערסקע זיהן. אָבער הייראַטהען מיט דיזער פרוי אָפּיציעל און מאַכען זי פאר אַ געזעצליכע פרוי — דאָס האָבען זיי גערעכענט איז שוין אַ פערברעכען, אַ בעליידיגונג פאר דער גאנצער משפחה.

די צייטונגען האָבען דאַן געהאַט פיעל צו שרייבען וועגען דעם — די אידישע צייטונגען איבערהויפּט. דען דער אַלטער קאָנהיים איז געווען גוט בעוואוסט צווישען אידען פאר זיינע גרויסע נדבות, וועלכע ער פלעגט שענקען צו פערשיעדענע אידישע אנשטאַלטען און פאר זיין פערזענליכע אינטערעסע, וועלכע ער פלעגט ארויסצייגען ביי יעדער וויכטיגע פאסירונג וואָס פלעגט פאָרקומען אין אידישען קהל'שען לעבען. צווישען געלעהרטע האָט מען איהם געהאַלטען פאר אַ גרויסען פריינד פון אידישע וויסענשאַפט. אין זיין הויז האָט ער געהאַט אַ פּריוואַט ביבליאָטהעק, וועלכע האָט ענטהאַלטען אַלעס וואָס איז נוגע צו אידישער ליטעראַטור און אידישע וויסענשאַפט, אין לשון קודש, ענגליש, דייטש און פראַנצויזיש. מיט איין וואָרט: ער איז געווען אַ איד מיט וועמען די גאַנצע אידישע בעפעלקערונג האָט שטאָלצירט. אָט, דאַרום איז קיין וואונדער וואָס די אידישע צייטונגען האָבען אַזוי פיעל בעדויערט דעם זוהן וואָס איז אוועק ווייט פון זיין פאָטער און פון זיין פאָלק.

אַז די צייטונגען האָבען שטאַרק אָנגעהויבען צו שרייבען וועגען דער שפּאַלטונג וואָס איז פאָרגעקומען אין דער מיליאָנערסקער פאַמיליע צוליעב דעם געמישטען שידוך, פון איד און קריסטין, האָבען די שוועסטער און ברידער פון פרעד קאָנהיים איינגעזעהן אַז עס איז בעסער צו מאַכען אַ סוף צום רעש. זיי האָבען ארויסגעגעבען אַן ערקלערונג אַז עס איז גאָר ניט אמת אַז זיי זיינען ברוגז מיט'ן ברו־

דער, אז עס איז געווען א מיספערשטענדניס פון די צייטונגען, און אז זיי זיינען גאַנץ צופריעדען פון דעם שידוך און אכטען און ליעבען זייער שוועגערין. באלד איז געמאכט געוואָרען א באַל אין וואַל־דאָרף־אסטאָריא, וואו די ברידער און שוועסטער, שוואָגערס און שוועגערינס זיינען געקומען בעגריסען די נייע מיסעס קאָנהיים. עס איז אפילו געווען אַ גאַנץ קאַלטע שמחה און האָט מעהר אויסגעזעהן ווי אַ ברוגז טאַנץ, דאָך האָט עס געווירקט אז די וועלט זאָל דאָס אָננעהמען פאר א שלום, א שלום „מיט פינטעלעך“, אָבער דאָך שלום.

אַ מאָנאַט שפּעטער האָבען די צייטונגען געמעלדעט אז מר. פרעד קאָנהיים האָט פערדונגען זיין הויז צו דעם בעוואוסטען מיל־יאָנער מיסטער סעטה וואַן טילדען און איז אָבגעפאָהרען אויף יאַגד נאָך אפריקא צוזאמען מיט זיין שעהנע פרוי, די געוועזענע מיס מייבעל אָ׳פלאַהערטי.

.2

## די וואוילטאָגען פון אַ מיליאָנער.

צו פאָהרען אויף יאַגד נאָך אפריקא איז אַ לוקסוס וואָס נור פּיעלפאכע מיליאָנערען קענען זיך פערגינען. עס שיינט צו זיין אז דער איינפלוס פון גרויס קאפּיטאַל הערשט אפילו אין די ווילדערני־סען פון יענע לענדער וואו די נאַטור איז נאָך פריי ווי אַ פויגעל און פיהלט ניט דעם יאָך פון ציוויליזאציאָן. דאָס דער יעגער מיט זיין מאכט, געשיקטקייט און קוראַזש קען ניט אויספיהרען, פיהרט אויס דער דאָלער. די עלעפעאַנטען, היפּפּאָ׳טאמוסען, באָפּאַלאָס, רהינאָצעראָסען, זשיראַפען, זעבראָס און אַלערליי ווילדע חיות און פויגלען געהערען צו דעם מיליאָנער, וועלכער קויפט זיי אָב אַזוי ווי ער קויפט סענאַטאָרען, אָדער קאָרוס־מיידלעך. געשטיצט אויף דער מאכט פון זיין געלד, שפּאַציערט ארום דער מיליאָנער אין די גרויסע אפריקאַנישע ווילדערניסען וואָס ציהען זיך פון קאָנגאָ ביז איסט־אפריקא, זייענדיג זיכער, אז הונדערטע געבירטיגע שווארצע יעגער לויפען ארום, היטען איהם אָב פון בייז און טרייבען די ווילדע חיות אז זיי זאָלען איהם אָנקומען אין וועג. אָפטמאָל, ווען עס איז

נויטהיג, ווערען די חיות געשאָסען פון די אפריקאַנער יעגער און דער ווייסער ספּאָרט קומט ווען די חיה איז שוין גאַנץ הילפלאָז און גיט אַ לעצטען שאָס. דאַן ווערט די חיה אָבגעשונדען און די פעל ווערט אוועקגעשיקט נאָך דעם ווייסען מאַן'ס היים אלס אַ צייכען פון זיין גרויסער העלדענטהאַט. אין מאַנכע פּלעצער אין קאָנגאָ און אין אוגאַנדאַ גיבען עס גרויסע פאַרמס, וואו די ווילדע חיות ווערען געהאָדעוועט ספּעציעל פאַר יאַגד. זיי ווערען פערקויפט לעבעדיגערהייט צו רייכע ספּאָרטס וועלכע קענען זיי שיסען אָהן גרויס מיה. אין דער לעצטער צייט זיינען די אפריקאַנער נאָך קליגער געוואָרען און זיי האָבען איינגעפיהרט אַ נייע מעטהאָדע אין זייער „געשעפט". ווען אַ ווייסער ספּאָרט קומט צו זיי האַנדלען ליבען, עלעפאַנטען, אָדער זעבראַס צום שיסען, פרעגען זיי איהם: „מיט שינדען אָדער אָהן שינדען?" „מיט שינדען" הייסט אויב ער וויל צונעהמען די פעל פון דער חיה. פאַר דעם לאָזען זיי זיך בעצאָהלען זעהר טהייער. „אָהן שינדען" הייסט אַז ער וויל בלויז שיסען די חיה, אָבער ער דאַרף די פעל ניט האָבען. פאַר אַזאַ מין ספּאָרט האָבען די אפריקאַנער אַ פיעל ביליגערען פּרייז. דער ליב, אָדער דער עלעפאַנט ווערט צוגעבונדען צווישען צוויי בוימער און דער ספּאָרט שיסט אויף דער חיה ווען זי איז שוין טויט. דיזעלבע טויטע חיה ווערט נאָכדעם פערשאַכערט צו אַנדערע ספּאָרטסלייט, וועלכע לאָזען זיך פאָטאָגראַפירען אין זייערע יאַגד קליידער, שטעהענדיג אין טיעפען גראָז, צווישען טראָפּישע בוימער, מיט אַ ביקס אין האַנד, געציעלט אויף אַ געפעהרליכען ליב, אָדער אַ מורא'דיגען עלעפאַנט.

אונזער בעקאַנטער, מר. פרעד קאָנהיים, האָט דעם ספּאָרט געפונען זעהר אינטערעסאַנט. צוערשט איז ער מיט מיסעס קאָנהיים געפאָהרען נאָך לאָנדאָן און נאַכדעם נאָך פּאַריז איינצוקויפען פערשיעדענע בעקוועמליכקייטען און לוקסוסען פאַר דער יאַגד. נאַכדעם זיינען זיי געפאָהרען אַ לאַנגען וועג מיט וואַסער און יבשה ביז זיי זיינען אָנגעקומען קיין מאָמבאַזאַ. פון דאָרט זיינען זיי געפאָהרען ווייטער עפּעס אַ 300 מייל ביז נאַיראָבי, די לעצטע סטאַנציע פון ציוויליזאַציאָן. דאַן האָט זיך אָנגעפאַנגען דער רעכטער ספּאָרט. אַ גאַנצע אַרמעע שוואַרצע פּאָרטערס און וועג־ווייזער האָבען פאַר

זיי אויפגעשטעלט גערוימע געצעלטען פון לײַנוואַנד, וועלכע האָבען אינווענייג געהאַט אַלע בעקוועמליכקייטען, אַן אויוון צום קאָכען, ווייכע סאָפאַס, אַ פּיאַנאָ, אַ פאָנאָגראַף און אַפילו אַ פּריוואַט־דראָט וואָס האָט זיי פערבונדען מיט נאַירובי. די שענסטע לוקסוסען פון דער מאָדערנער וועלט זיינען אריינגעבראַכט געוואָרען אין רעכטען צענטער פון דער ווילדער אַפריקאַ און עס האָט אויסגעזעהן ווי די ציוויליזאַציאָן מאַכט אַ שריט איינצושלינגען נאָך אַ שטיק ערד־קוגעל.

דער יאַגד אַליין איז געווען פיעל לייכטער ווי מר. קאָנהיים האָט זיך פאָרגעשטעלט און ער האָט זיך אָבגעגעבען צו דעם מיט'ן גאַנצען הארצען. זיין פרוי האָט גענומען אַ לעבהאַפטען אנטהייל אין אַלע זיינע אונטערנעהמונגען. זי איז געווען אונערשראָקען, אימער מוטהיג און פלינק מיט'ן ביקס. צוויי יאָהר צייט האָבען זיי פערווײַלט אין אפריקא, פערברענגענדיג די רעגענדיגע מאָנאַטען אין מאָמבאַזאַ. נאַכדעם האָבען זיי זיך גענומען צו מאַכען די רייזע צוריק אהיים. ביידע שוואַרץ אָנגעברענט פון דער אפריקאַנער זון, געזונד, שטאַרק, און לעבענסלוסטיג, מיט דעם שטאָלץ פון ספּאָרטסלייט וואָס האָבען דורכגעמאַכט אַ גלענצענדען יאַגד, זיינען זיי אָנגעקומען אין ניו יאָרק.

### .3

### דער גוי לעהרענט תורה.

מר. סעטה וואַן טילדען, דער מיליאָנער, וועלכער האָט אָבגעדונגען מר. קאָנהיים'ס הויז, איז געווען אַן אַלטער אַמעריקאַנער דזשענטעלמאַן, וועלכער האָט שוין געמאַכט גענוג געלד אין זיין לעבען און האָט געגלויבט אַז ער איז בערעכטיגט אָבצולעבען דעם רעשט פון זיינע יאָהרען רוהיג און פריי פון דעם יאָך פון ביזנעס.

ער איז געווען אַ העכסט געבילדעטער מענש. אין דער יוגענד האָט ער זיך ארומגעטראָגען מיט ראַדיקאַלע אידעען. דאַן איז ער געווען אַ נאָכפאָלגער פון וועגדעל פיליפּס, האָרייס גרילי, טשאַרלז א. דאַנאַ און אַנדערע אַמעריקאַנישע ראַדיקאַלען פון 50—40 יאָהר צוריק. שפּעטער, ווען ער האָט איבערגענומען זיין פאָטער'ס גע־

שעפּטען, איז ער איינגעשלונגען געוואָרען אין דעם קעסעל־גרוב פון ביזנעס און דאַן האָט ער זיינע אידעען ביסלעכווייז אוועקגעלייגט אָן דער זייט. שפּעטער האָט ער זיך פערבונדען מיט אַ גרויסען טראָסט און דער עולם האָט אויף איהם אָנגעהויבען קוקען קרום, און יעדען מאָל ווען מען האָט גערעדט פון טראָסטס און מאָנאָפּאָלען וואָס אונטערדריקען דאָס פאָלק, האָט מען אויך דערמאָנט דעם נאָמען פון סעטה וואַן טילדען. צו דער עלטער, ווען ער האָט זיינע געשעפטען אויפגעגעבען און האָט זיך צוריקגעצויגען פון טראָסט, האָט ער געזוכט צו פערגלעטען זיינע מעשים און ווייעדען צו געווינען זיין גוטען נאָמען. ער האָט אויסגעגעבען גרויסע סומען אויף קונסט־בילדער און זיי געשענקט צו דער שטאָדט, האָט געארבייט פאַר פּאָליטישען רעפאָרם און האָט געשטיצט פערשיעדענע בילדונגס־אנשטאַלטען. ביסלעכווייז האָט ער אָנגעהויבען צו ווערען פּאָפּולער און זאָגאַר אייניגער מאַסען בעליעבט צווישען עולם.

ווען מר. וואַן טילדען האָט אַריינגעצויגען אין מר. קאָנהיים'ס הויז, האָט ער דאָרט געפונען דעם אַלטען קאָנהיים'ס גרויסע ביבליאָטהעק, וועלכע האָט איהם שטאַרק פעראינטערעסירט. די ביכער איבער אידישע היסטאָריע, אידישע ליטעראַטור און אידישע פילאָזאָפיע האָבען איהם אָנפאַנגס צוגעצויגען אַלס אַ קוריאָזיטעט. עס האָט זיך איהם געוואָלט אַריינקוקען אין דיזערוועלט, וועלכע איז אָבגעטהיילט און אָבגעזונדערט פון אַלע אַנדערע וועלטען. פון תלמוד האָט ער לאַנג געהערט און געלעזען פיעלע אינטערעסאַנטע עקסטראַקטען פון דעם, אָבער ראַדקינזאָן'ס ענגלישע איבערזעצונג פון תלמוד איז געווען ווי די ענטדעקונג פון אַ נייע, זעהר ווענינ בערייזטע וועלט. דעם רמבם'ס מורה נבוכים, רבינו בחיי'ס חובת הלבבות און אַנדערע גרויסע ווערק פון די גרויסע אידישע פילאָזאָפען אין ענגלישער, דייטשער און פראַנצויזישער איבערזעצונגען האָבען איהם צוגעצויגען אַזוי ווי אַ צויבער־שלאָס. גרעטץ'ס געשיכטע פון אידישען פאָלק אָון קאַרפּעלעסעס געשיכטע פון דער אידישער ליטעראַטור האָבען איהם בעקאַנט געמאַכט מיט דאָס לעבען און די אידעאַלען פון אַ גרויסע, אימער קעמפּפענדע, שטרעבענדע נאַציאָן, וועלכע איז אַ קליינע פאָלק צווישען פעלקער און דאָך דער גרעסטער וואונדער אין דער וועלט.

מר. וואן טילדען האָט איבערגעגעבען זיין פּאָליטישע און וואָהלטהעטיגע ארבייט צו זיין נאָבעלער פרוי, די זעהר געעהרטע מיסעס זשאַנעט טילפאָרד וואן טילדען, און אַליין האָט ער זיך מיט לייב און לעבען אָבגעגעבען צו דעם גרויסען גייסטיגען אוצר וואָס ער האָט געפונען אין מר. קאָנהיים'ס ביבליאָטהעק. דער אַלטער קאָנהיים, וועלכער פלעגט זיפצען ביי יעדען בוך וואָס ער האָט גע־קויפט, טראַכטענדיג וועגען דעם, אז קיינע פון זיינע קינדער וועט א מאָל נעהמען איינעם פון דיזע ביכער אין האנד, — ווי וואָלט ער זיך געפרעהט ווען ער וואָלט געזעהן, אז עס האָט זיך געפונען איי־נער וואָס לערענט דיזע ביכער מיט דעם גרעסטען פליים און דאנקט דעם גליקליכען צופאַל וואָס האָט איהם צוזאַמענגעבראַכט מיט די־זען אוצר!

דער נאָמען פון מר. וואן טילדען איז ביסלעכווייז געוואָרען שטאַרק פּאָפּולער צווישען די אידען אין ניו יאָרק. די מעהר פּראָ־מינענטע רבנים האָבען איהם געהאַט פאַר אַן אָפטען בעזוכער, אָב־וואָהל זיי זיינען ניט געווען זעהר צופריעדען פון זיינע וויזיטען, דען דער „ערל" פלעגט מיט זיי אָפט פערפיהרען א שמועס איבער זאַכען, וועלכע זיי האָבען געדאַרפט וויסען, אָבער האָבען ניט געוואוסט. מר. וואן טילדען האָט אויך אָנגעהויבען נעהמען א גרויסע אינטערע־סע אין שטאָדטישע אידישע פראַגען און האָט געשענקט היבשע סו־מען געלד אויף פערשיעדענע אידישע אַנשטאַלטען. ער האָט ליעב בעקומען די אידישע אַטמאָספערע און לצים פלעגען זאָגען: „ווען ער וואָלט געווען א בחור, אָדער כאָטש אַן אלמן, וואָלט געוועזן א גו־טער פלאַן איהם חתונה צו מאַכען מיט א אידישער מיידעל, כדי ער זאָל אין גאַנצען זיין אונזערער."

אָט אַזוי איז דאָס בעשערט געווען, אַז קאָנהיים'ס זוהן, זיין בכור, זאָל פערברענגען זיין צייט אין אפריקא זיך יאָגענדיג נאָך לייבען, עלעפאַנטען און זעבראַס, און זיין גוי'אישער שכן זאָל לעהר־נען די ספרים וואָס דער טאַטע האָט געזאַמעלט יאָהרען לאַנג.

.4

## „מיין גאָט און דיין גאָט".

ווען מר. פרעד קאָנהיים און זיין פרוי, די געוועזענע פּרימאַ־

דאַנא מייבעל אַ׳פלאַהערטי, זיינען אָנגעקומען אין ניו יאָרק זיינען זיי פערפאַהרען אין אַ בעוואוסטען האָטעל אויף בראָדוויי. דאָס איז געווען ענדע סעפּטעמבער. זיי האָבען געדענקט דאָרט איבער־צוקומען די צוויי מאָנאַטען וואָס זיינען נאָך פערבליבען אויף דער לים (טערמין) פון מר. וואן טילדען. נאָכדעם האָבען זיי געדענקט אַליין זיך צו בעזעצען אין מר. קאָנהיים׳ס הויז אויף ריווערסאַיד דראַיוו.

זיי זיינען אָנגעקומען זעהר מיעד, שפּעט נאָכמיטאַג, און האָבען שוין זייערע צימערען ניט פערלאָזען ביז אויף מאָרגען. פריה־שטיק האָבען זיי געגעסען אין זייערע צימערען און צו מיטאָג זיינען זיי ארונטער עסען אין דעם גרויסען און געראַמען רעסטאָראַן פון האָטעל.

קומענדיג פון אַזאַ ווייטער רייזע און זייענדיג אבוועזענד פון ניו יאָרק אַ לאַנגע צייט, איז זיי אַלעס פאָרגעקומען ניי, גאָר ניט ווי אַמאָל. זיי האָבען אפילו בעמערקט, אַז די געסט וואָס עסען אין דעם רעסטאָראַן זיינען ניט די געוועהנליכע געסט וואָס זיי זיי־נען געווען געוואָוינט דאָ צו טרעפען מיט אַ פּאָאר יאָהר צוריק. איבעראַל האָט מען געזעהן מענשען מיט עכט אידישע פּנים׳ער. זייער אויפפיהר האָט געצייגט, אַז זיי זיינען דאָ פרעמד, אַז זיי ווייסען ניט וואָס צו בעשטעלען און ווי זיך צו האַלטען ביים טיש, מיט וועלכען מעסער צו שניידען דעם ביפסטעק, אויב עס איז שעה־נער צו שניידען דאָס ברויט אויף קליינע שטיקלעך מיט אַ מעסער, אָדער דאָס צוברעכען מיט די הענד. וואָס זאָל דאָס זיין? האָט זיך געטראַכט מר. קאָנהיים. אפשר שטופּען שוין ארויס אידען די גוים פון די בראָדווייער האָטעלס פּונקט אזוי ווי זיי האָבען די גוים ארויסגעשטופּט פון די געשעפטען און די טהעאַטערע? אזוי פיעל אידען האָט ער קיינמאָל געטרוימט צו זעהן אין דיזען עכט אריסטאָ־קראַטישען רעסטאָראַן.

„פון וואַנען קומען אָט די אַלע אידען?“ האָט מר. קאָנהיים געפרעגט איינעם פון די קעלנער.

„הייטע איז דער אידישער יום כפּור“, האָט דער קעלנער ער־קלעהרט. „די אידען וואָס ווילען ניט פאַסטען, עסען היינט אין קריסטליכע רעסטאָראַנטס.“

מר. קאַנהיים האָט זיך צולאַכט און פערשעהמט. ער האָט זיך צולאַכט פון דעם קעלנער׳ס קאַלטבלוטיגען ערנסטען ביזנעס טאָן, און פערשעהמט האָט ער זיך פאר זיין אייגענער פרוי. אָבער מיסעס קאַנהיים האָט איהם ניט געלאָזט בלייבען אין פערלעגענהייט.

„הער צו, פרעד", האָט זי צו איהם געזאָגט, „לאָמיר געהן אין טעמפעל. איך וואָלט אַזוי וועלען הערען די מוזיק, און וואָס שאַדעט עס אז דו וועסט אַ מאָל בעטען דיין גאָט? איך בעט אויך מיינעם."

„איך האָב אַלץ געמיינט אז מיר האָבען איין גאָט", האָט קאַנהיים געזאָגט מיט אַ שמייכעל, אין וועלכען עס איז געווען אַ ביסעלע פאָרוואורף.

„עס האָט זיך מיר אַזוי אויסגערעדט", האָט די געוועזענע מיס אַ׳פלאַהערטי געזאָגט. „און דו ביזט שוין גרייט פון אַזאַ קלייניגקייט צו מאַכען אַ גרויסע זאַך."

„דאָס זיינען פון די גרויסע קלייניגקייטען", האָט געזאָגט מר. קאַנהיים אַלץ מיט דעם זעלבען שמייכעל. „אָבער היינטיגען טאָג זיינען אידען מוחל איינע די אנדערע אַלע קריוודעס. איך בין דיר מוחל, טייערע, קום, מיר וועלען געהן אין טעמפעל, און פערגעס ניט, ליעבסטע, אז דעם נעקסטען זאָנטאַג זיינען מיר איינגעלאַדען צו די וואַן טילדען׳ס אויף מיטאָג."

„זעהר גוט, מיין טייערער", האָט זי געענטפערט. „איך וועל קיין אַנדערע איינלאַדונגען ניט אָננעהמען פאר זאָנטאַג."

.5

## דעם טאַטען׳ס סוכה.

צווישען די פאַמיליע קאַנהיים און די פאַמיליע וואַן טילדען האָט געהערשט אַן אַלטע פריינדשאַפט, אַ ביזנעס פריינדשאַפט איז דאָס געווען. דער אַלטער קאַנהיים איז געווען מר. וואַן טילדען׳ס באַנקיר. יעדען מאָל ווען מר. וואַן טילדען האָט געדאַרפט האָבען עטליכע מיליאָנען אום אויסצוקויפען אַ פירמע און זי צו פערשלינגען אין זיין טראַסט, האָט ער זיך געווענדעט צו מר. קאַנהיים און יענער האָט פאר איהם געשאַפען דאָס געלד. פיעלע מאָל האָט מר.

וואַן טילדען געוואָלט מאַכען מר. קאַנהיים אַלס אַ דירעקטאָר פון זיין טראַסט, אָבער מר. קאַנהיים האָט זיך פון דער עהרע ענטזאגט. ער האָט בעסער געוואָלט זיין די מאַכט הינטער דעם טהראָן און בלייבען פאר דער וועלט ריין. פיעלייכט איז דאָס געווען אַ שוואַכ־קייט אין איהם, די ספּעציעל אידישע שוואַכקייט וואָס פרעגט אי־מער: למה יאמרו הגוים? — די מורא פאַר חלול השם, פיהלענדיג אַז ווען איין איד מאַכט זיך ניט בעליעבט, הויבט מען אָן פיינד צו האָבען אַלע אידען צוליעב איהם.

דער זאָנטאַג, ווען מר. און מרס. קאַנהיים זיינען געקומען צו בעזוכען מר. און מיסעס וואַן טילדען אין זייער הויז, איז געווען אַ שעהנער טאָג. עס איז געווען אַ קיהלער נאָכמיטאַג און די לופט האָט געשמעקט מיט געשניטענע גראָז און מיט די פרישקייט פון וואַסער. עס האָט אויסגעזעהן אַזוי די דער זומער מאַכט זיין לעצ־טען קאַמפף פאַר עקזיסטענץ.

„איך האָב פאַר אייך אַן איבעררַאשונג", האָט געזאָגט מר. וואַן טילדען. „מיר וועלען עסען אין אַ סוכה. איך האָב אייער פאָטער'ס סוכה אויפגעריכט און זי איז אין בעסטען צושטאַנד."

מר. קאַנהיים האָט געפיהלט אַ ביסעל אונבעקוועם. ער האָט זיך דערמאָנט, אַז זיין פאָטער האָט געהאַט אַ סוכה אין זייער הויף, וועלכע פלעגט אין זומער צייט בענוצט ווערען אַלס אַ זומער־הויז.

„מעג איך פרעגען וואָס דאָס בעדייט?" האָט מיסעס קאַנהיים געפרעגט.

„יא", האָט מר. קאַנהיים געענטפערט. „איך האָב דאָס צו פערדאַנקען אונזער גוטען פריינד מר. וואַן טילדען וואָס ער האָט מיך דערמאָנט, אַז עס איז יעצט אַ אידישער יום טוב, סכות, דהי פיסט אָוו טאַבערניקלס."

„עה, פרעד, פרעד!" האָט מיסעס קאַנהיים געזאָגט. „דו פערגעסט אימער אַלעס. דו ווערסט ערגער פון טאָג צו טאָג. אויב עס איז אַ יום טוב, דאַרפסטו מיר דאָס זאָגען. איך וויל זיך אויך אַמוזירען אין אַ יום טוב."

„איהר האָט רעכט", האָט מר. וואַן טילדען געזאָגט לאַכענדיג און אַלע האָבען מיטגעלאַכט.

צום מאָהלצייט איז נאָך געווען אַ האַלבע שטונדע און דערוויי־

האָט מען זיך אַוועקגעזעצט ריידען. מיסטער וואן טילדען האָט זיך אַוועקגעזעצט מיט מיסעס קאָנהיים ביי דעם קאמין, און מר. קאָנהיים איז געבליבען זיצען מיט מיסעס וואן טילדען אויף אַ גרויסער לעדערנער סאָפאַ. די פּאָארלעך האָבען זיך צוטהיילט, אַזוי ווי עס פיהרט זיך אין מאָדערנער געזעלשאַפט, און יעדער פון די מענער האָט דערצעהלט פון זיינע ערפאַהרונגען.

מר. קאָנהיים האָט געהאַט זעהר פיעל צו דערצעהלען און מיסעס וואן טילדען האָט איהם אויסגעהערט מיט דער גרעסטער אויפמערקזאמקייט. ער האָט פאר איהר געשילדערט דאָס לעבען אין דער ווילדער אפריקא, זיינע ערפאַהרונגען מיט די דאָרטיגע ווילדע מענשען, זיין ערפאַהרונג מיט די פערשיעדענע חיות, די געפאַהרען, אין וועלכע ער איז געוועזען און ווי אַזוי ער האָט זיך געראַטעוועט.

„וואונדערשעהן!" פלעגט מיסעס וואן טילדען יעדע ווייליע אויסרופען מיט בעגייסטערונג. „דאָס קלינגט אַזוי ווי אַ קאַפּיטעל פון אַ ראָמאַן."

צו דער זעלבער צייט האָט מר. וואן טילדען דערצעהלט צו מיסעס קאָנהיים וועגען די אינטערעסאַנטע ביכער וואָס ער האָט געפונען אין מר. קאָנהיים'ס ביבליאָטהעק. ער האָט איהר דערצעהלט וואָס פאר א וואונדערליכע ווערק דער תלמוד איז, וואָס פאר אַ רייכע ליטעראַטור די אידען האָבען און וואָס פאר א גלענצענדע היסטאָריע.

„און פרעד האָט מיר קיינמאָל אַ וואָרט ניט געזאָגט פון דעם", האָט מיסעס קאָנהיים אָפּט אויסגערופען, בעת מר. וואן טילדען האָט גערעדט.

אַז זיי זיינען געגאַנגען צום טיש אין סוכה, האָט מיסעס וואן טילדען געזאָגט צו איהר מאַן:

„סעטה! איך מוז פאָהרען נאָך אַפריקא. איך מוז זעהן דאָס וואונדערליכע לאַנד פון די לייבען און עלעפאַנטען. דו מוזט מיט מיר פאָהרען אהין אויף יאגד."

„און דו, פרעד", האָט געזאָגט מיסעס קאָנהיים צו איהר מאַן, „מוזט מיך לאָזען לעזען אָט די אַלע וואונדערליכע ביכער אין דיין ביבליאָטהעק, וועגען וועלכע מר. וואן טילדען האָט מיר דערצעהלט,

איך וויל דאָס אַלעס ווייסען. איך וויל דאָס אַלעס קענען — אַה, ווי הערליך שעהן דאָס איז!״ האָט זי צולעצט אויסגערופען בעטראכ־טענדיג די סוכה, וועלכע איז געוועזן בעציערט מיט שמעקענדיגע בלומען פון אַלערליי קאָלירען.

ביידע פרויען האָבען אויסגעפיהרט זייערע בעגעהרען. מיסעס קאָנהיים האָט אַ יאָהר שפּעטער אָנגענומען דעם אידישען גלויבען און אין דער פאַמיליע קאָנהיים הערשט יעצט אמת׳ער שלום.

# יאָשקע הונד

א קולטור־היסטאָריש־פּסיכאָלאָגיש־פיזיאָלאָגישע סקיצע וואָס צייגט אז די נשמה פון אַ הונד ליגט ביי איהם אין מאָגען, און אז דער בעסטער מיטעל צו בעקעמפּפען אַ שונא איז צו מאַכען פון איהם אַ פריינד.

זיין נאָמען איז געווען יאָשקע. געווען איז ער אַהונד.

טאָמער מיינט איהר אז איך רייד צו אייך מיט משלים, זאָג איך אייך אז איך דערצעהל אייך אַ מעשה וועגען אַ הונד, אַן אמת׳ען הונד, אַ כלב וואָס געהט ארום אויף פיער פיס.

דאָס איז געווען מיט צעהן יאָהר צוריק. אַלטע איינוואָוינער פון דעלענסי סטריט, ניו יאָרק, ניט וויט פון דער בעריהמטער בויערי, געדענקען נאָך „יאָשקע׳ן“ אָדער דעם „גרינעם הונד“. יאָשקע איז אייגענטליך גאָר געווען אַ שווארצער הונד מיט עטליכע ווייסע פלעקען אויף זיין רוקען. „גרינער“ האָט מען איהם אַ נאָמען געגעבען, ווייל ער האָט ניט פערשטאַנען קיין איין וואָרט ענגליש. ווען זיין בעל־הבית, אַ אידישער קצב, פלעגט דעם הונד זאָגען אין ענגליש „געט אין“, פלעגט ער איהם אָנקוקען און ניט פערשטעהן וואָס ער מיינט. אָבער ווען דער קצב פלעגט אַ געשריי טהאָן אויף אידיש, אין זיין גאַליציאַנישע אויסשפּראַכע, „גאַיט׳ס אראַן“, פלעגט יאָשקע באַלד ארייִנשפּרינגען אין הויז. יאָשקע האָט פערשטאַנען נור אידיש, און דארום האָט ער בעקומען דעם נאָמען „דער גרינער“.

אָבער אום צו פערשטעהן די פּסיכאָלאָגיע פון יאָשקען, מוז איך אייך געבען אַ שטיקעל היסטאָריע פון דעם קווארטאַל און פון יאָשקע׳ס פריהערדיגען לעבען.

דעלענסי סטריט פון דער בויערי אַרונטער ביז אָרטשארד סטריט, ווי אויך די גאַסען וואָס שניידען דורך דעלענסי, אזוי ווי קריסטיע, פאָרסייטה א. ז. וו., זיינען מיט 20 יאָהר צוריק געווען אַ קליין דייטשלאַנד. נאָך מיט 15 יאָהר צוריק איז פּאָר אַ אידען גע־

ווען שווער צו בעקומען א וואוינונג אין מאנכע הייזער פון דיזען קווארטאל, אָבער די אידישע איינוואנדערער האָבען מיט דער צייט ארויסגעשטופט די שטאָלצע דייטשען אָהן א שטארקען קאמפף. איין דייטשער געשעפט נאָך דעם אנדערען איז איבערגעגאנגען אין אידישע הענד. ווערענד אין אנדערע טהיילען פון דער יעצטיגער גהעטאָ האָבען אידען געמוזט האָבען א שטארקען קאמפף מיט די איירישע, האָבען זיי די דייטשען לייכט געוואונען זייער פעסטונג. די דייטשען האָבען ניט געהאלטען מלחמה, ניט געשטאנען אויף די ראָגען און געווארט אויף א שאנס אָנצורייסען א אידען פאר'ן באָרד, נאָר זיי האָבען זיך איינציגווייז אָבגעטראָגען שטיל און אנשטענדיג נאָך אנדערע קווארטאלען. צוערשט האָבען זיך אָבגעטראָגען ארבייטער און מעכאניקער, נאָכדעם די געשעפטס לייטע, ווי ביערשענקער, בארבערס און אזוי ווייטער.

פריטץ דער בארבער איז מיט 15 יאָהר צוריק געווען א בעוואוסטע פערזאָן אויף דעלענסי סטריט. ער האָט זיך מעהר אָפּגעגעבען מיט פּאָליטיקס אלס מיט ראזירען מאָרדעס און שערען האָאָר.

פריטץ האָט געקוקט מיט קרומע אויגען אויף דעם אָנקומען פון מענשען מיט בערד אין זיין קווארטאל. מיט יעדען נייעם אידישען שכן אין זיין קווארטאל, האָט ער פערלאָרען א קונד וואָס פלעגט איהם אריינברענגען פאר דריי „שייווס" יעדע וואָך. דערצו איז געקומען זעהר א שלעכטער יאָהר די פּאָליטישענס פון זיין פּארטיי, די „טאמאני האָל" שייקע. עס איז אָנגעקומען די גרויסע רעפאָרם איבערקעהערעניש פון דר. פּארקהאָירסט און די לעקסאָוו קאמיטע. די אידען האָבען אָפּגעגעבען זייערע שטימען פאר רעפאָרם, און אפילו יענע „אונצייטיגע", וועלכע טאמאני האָט געמאכט פאר בירגער האָבען געשמיסען די פּארטיי מיט דער זעלבער בייטש וואָס זי האָט זיי געגעבען אין האנד.

ביי פריטץ'ען האָט זיך געהאָדעוועט א הונד, וועלכער האָט געהייסען„ האנס". דיעזען האנס האָט פריטץ ערצויגען פאר אַן אַנטיסעמיט. ער האָט דעם הונד געלערענט צו בילען אויף יעדען אידען מיט א באָרד, און ניט איין מאָל האָט האנס צווישען זיינע ציינער אָוועקגעטראָגען א שטיק פּאָלקע מיט הויזען פון אַן אָרימען

**אידישען פּעדלער.** האנס איז געווען דער שרעק פון דעם געגענד.

אָבער פּלוצלונג איז געשעהן אַ זאַך פון וועלכע פּריטץ דער באַרבער האָט שיער בעקומען די אַפּאָפּלעקסיע. נעקסט צו זיין באַרבער־שאַפּ איז געווען אַ „סיידער שטובע" מיט אַ פערהאַנגענעם שויפענסטער. דאָס איז געווען פון יענעם טיפּ אויסגעלאַסענע הייזער מיט וועלכע „קליין־דייטשלאַנד" איז אַמאָל געווען פול. די רעפאָרם בעוועגונג האָט געצוואונגען דיעזע „סיידער שטובע" צו שליסען. אויף דער „שטובע" איז אויסגעהאַנגען געוואָרען אַ „טו לעט", צו פערמיטהען, און אין אַ וואָך אַרום איז אויף דעם שוי־פענסטער אויסגעקריצט געוואָרען מיט ווייסע בוכשטאַבען „פּייטעל קאַטצמאַן מקראקא בשר כשר וגם גערויכערטע פלייש וגם וואורשט אייגענע געמאַכטע". ביי דעם איז אויסגעמאָהלט אַ קאָפּ פון אַן אָקס און אַן עוף וואָס האָט אויסגעזעהן האַלב קאַטשקע און האַלב אינדיק, מיט גענזענע פיסלעך.

קיין וואונדער אַז פּריטץ דער באַרבער האָט שיער בעקומען די אַפּאָפּלעקסיע. דער אידישער קצב האָט אין זיין קעלער יעדען טאָג גערויכערט פרישע וואורשט און דער ריח פון די קנאָבעל און די געווירצען פלעגען אַריינדרינגען אין פּריטץ'ס באַרבער־שאַפּ. גאַנץ אָפט פלעגט דער ריח אַריינדרינגען אין נאָז זיינעם אַ קונד וואָס פלעגט זיצען אין שטוהל, און ער פלעגט אָנהויבען צו ניסען אין מיטען ראַזירען זיך, און איינשטעלען זיין מאָרדע אין געפאַהר.

אָבער וועהרענד פּריטץ איז געווען אין גרעסטען גרימצאָרן און האָט געכראַקעט און געשפּיגען, און געפּלוכט אַלע אידען, האָט „האַנס", זיין הונד, בעקומען אַ ליעבשאַפט פאַר דעם אידישען שכן. אין די נאָז־לעכער פון דעם פיער פיסיגען האַנס האָט דער ריח פון די גערויכערטע פליישען און וואורשטען ערוועקט סימפּאַ־טהישע געפיהלען. ער איז געוואָרען אַן אָפטער בעזוכער ביי פּייט־לען און פלעגט יעדען מאָל דאָרט בעקומען אַ שטיק פערטריקענטע לעבער, אָדער אַ שטיקעל פערלעגענע וואורשט. און איין מאָל, ווען פּריטץ האָט דאָס דערזעהן, האָט ער דעם הונד אויסגעבריקעט אָהן רחמנות אַז דער הונד האָט דערנאָך בעקומען קאָנוואולסיע.

אין אַ וואָך אַרום נאָך דיעזער פּאַסירונג האָט פּריטץ איינגע־פּאַקט זיינע גרויסע ווייכע שטוהלען, זיינע שיסעלעך, טאַסען,

בערשטלעך, קעמלעך מיט אַלע זיינע מכשירים און פּערפומען און האָט ארויסגעצויגען ערגעץ נאָך ברוקלין. ווען זיין הונד, האַנס, האָט געוואָלט נאָכגעהן דעם וואָגען וואָס האָט אַריבערגעפיהרט פּריטץ'ס ווירטהשאַפט, האָט איהם פּריטץ אַ בריק געטהאָן אין בויך און אויסגעשריען:

„דו פערבלייב מיט די אידען!"

אָט דאָס איז געווען דער גזר דין אויף האַנס'ען, וועלכער איז געבליעבען אָהן אַ בעל הבית, אָהן אַ היים! מיט טרויעריגע אויגען האָט דער פערלאָזענער הונד געקוקט אויף דעם וואָגען וואָס פיהרט אָפּ אַלע זאַכען צו וועלכע ער האָט זיך אַזוי צוגעוואָהנט. נאָכדעם האָט ער מיט אַן אַראָבגעלאָזענעם קאָפּ זיך געשטעלט ביי דער טהיר פון פּייטעל דעם קצב.

פּייטעל האָט דעם הונד מכבד געווען מיט אַ גאַנצע שיסעל שטיקלעך פליישׁ, קעפּלעך און פיסלעך און אַלערליי שיריים. דער הונד האָט איצט אויפגעגעסען און דערנאָך די שיסעל אויסגעלעקט. און ווען ער האָט אַלעס אויסגעלעקט פון דעם שיסעל, האָט ער גענומען לעקען פּייטעל'ס האַנד, אַלס אַ צייכען פון דאַנקבאַרקייט.

פּייטעל האָט דעם הונד געגעבען אַ היים ביי זיך אין קעלער. האַנס האָט זיך גענומען צו-לערנען זיין ראָליע אין אַ נייער געזעל-שאַפט. און דאָס איז איהם ניט געווען שווער. פּריטץ האָט צו איהם גערעדט דייטש, און פּייטעל האָט צו איהם גערעדט אידיש — זעהר אַ לייכטער איבערגאַנג. האַנס האָט אָנגעהויבען איינצוזעהן, אַז אויף אַ מענשען מיט אַ באָרד לוינט זיך ניט צו בילען, ווייל אַ מענש מיט אַ באָרד גיט אָפט אַ שטיקעל לעבער, אַ שטיקעל רויט פליישׁ, אַ שטיקעל וואורשט און אַ פעטען ביינדעל. אויך האָט ער ביי זיין נייעם בעל הבית געהאַט מעהר פרייהייט. האַנס האָט יעצט געמעגט אַרומגעהן אין גאַס און זיך לאָזען גלעטען און צערט-לען פון די קליינע קינדער אין דעם געגענד.

די קליינע קינדער האָבען האַנס'ען געגעבען אַ פריינדליכע אויפנאַהמע ביי זיין שליסען פריעדען מיט דעם אידישען קוואַרטאַל. זיי האָבען געענדערט זיין נאָמען האַנס אויף „יאַשקע" און מאַנכעס מאָל פלעגען זיי איהם רופען „דער גרינער הונד", ווייל דער אָרימער הונד האָט זיך ניט געוואָלט אַמעריקאַניזירען און פלעגט ניט פער-

שטעהן די ענגליש וואָס די קינדער פלעגען צו איהם ריידען. די קינדער פלעגען איהם אָבגעבען א חלק פון זייערע סענדוויטשעס, קייק, קענדי און אפילו טשואינג־גאם. זיי פלעגען אויף איהם רייטען. איהם טראַקטירען מיט סאָדא־וואסער און שטיקלעך צוקער. מיט איין וואָרט, „יאָשקע" דער הונד איז געוואָרען זייער ליעבלינג.

אָט אזוי האָט יאָשקע געלעבט צווישען אידען, ביז עס איז ענדליך געקומען אויף איהם א ביטערער סוף.

איינמאָל, אין א זומערדיגען טאָג, ווען יאָשקע איז געלעגען אין גאַס, זיך געוואַרעמט אויף דער זון און געביסען זיין עק וועל־כען פליעגען האָבען שטארק געבאַדערט, איז צוגעפאָהרען א וואָגען מיט א פּאָאָר צעהנדליג הינד אין א שטייג. פון וואָגען איז אַרונ־טער א שטארקער מאַן, האָט א כאַפּ געטהאָן יאָשקען פון זיין גע־לעגער מיט א נעץ, און איהם אריינגעוואָרפען אין וואָגען.

דאָס איז געווען די געוועהנליכע אָבלאווע וואָס די הינד־כאַפּער מאַכען, אין נאָמען פון דער שטאָדט־רעגיערונג, אויף הינד וואָס האָבען קיין אָפיציעלען פּאַספּאָרט.

פייטעל איז אפילו געוואָרען שטארק אויפגעבראַכט וואָס מען האָט איהם גערויבט דעם הונד, אָבער ער האָט ניט געפונען קיין צייט צו געהן אויסצולייזען זיין טרייען וועכטער. וואָס פון יאָשקען איז געוואָרען ווייס מען ניט אַקוראַט. וואַהרשיינליך האָט מען איהם פערשלעפּערט מיט כלאָראָפאָרם און אריינגעוואָרפען אין ים, ווי מען טהוט מיט א סך היימלאָזע הינד. לצים האָבען געזאָגט אז די הינד־כאַפּער זיינען געווען אַגענטען פון דעם שיקאַגאָ'ר פלייש־טראַסט, און אז דער אָרימער יאָשקע איז פערוואַנדעלט גע־וואָרען אין טריפה וואורשטלעך.

ווי די מעשה איז — די קינדער פון דעם געגענד האָבען א לאַנגע צייט געבענקט נאָך דעם „גרינעם" הונד מיט וועלכען זיי האָבען אַמאָל געהאַט זעהר פיעל שפּאַס. און פייטעל, אז מען דער־מאָהנט איהם יאָשקע, זאָגט ער:

„אזא סוף זאָל זיין פון אַלע אַנטיסעמיטען!"

# אַנגעלערענט

עס איז געווען אַ וויכטיגער אידישער קאָנפערענץ אין ניו־יאָרק, ביי וועלכען עס זיינען זיך צוזאַמענגעקומען פאָרשטעהער פון דעם אָרימען אידישען קווארטאל „דאון־טאַון“ און פאָרשטעהער פון דעם רייכען קווארטאל „אַפּ־טאַון“, יאַסי מיט בערדיטשעוו, קראָקוי מיט מינסק, און „יאַהודים“ מיט „אונזערע אידען“.

דער קאָנפערענץ איז אָבגעהאַלטען געוואָרען אַפּ טאַון. נאָך דעם ווי דער זיצונג האָט זיך געענדיגט, האָט זיך די פערזאַמלונג צוטהיילט אין גרופּען, און יעדע גרופּע איז זיך געגאַנגען איהר וועג. די צום טראַמוויי אָדער האָכבאַהן, די און יענע אין אייגענע אויטאָמאָבילס.

די עקזעקוטיוו קאָמיטע פון דער קאָנפערענץ, וועלכע איז בעשטאַנען פון פאָרשטעהער פון די פערשיעדענע עלעמענטען וועלכע איך האָב פריהער אויסגערעכענט, האָבען ביים אַרויסגעהן, גענומען טראַכטען וואוהין צו געהן עפּעס צו געניסען און דערביי אויך האָבען אַ שטיקעל שמועס.

גראַדע ניט ווייט האָט זיך געפונען אַן אַריסטאָקראַטישע „קאַפע“ און רעסטאָראַן. אַהין איז אונזער קאָמיטע אַריינגעקומען.

די „אָפּטאַונער“ זיינען געגאַנגען פאָראויס, די „דאונטאַונער“ זיינען נאָכגעגאַנגען פאַוואָלינקע, זיך היטענדיג אַז זיי זאָלען זיך ניט פערטשעפּען אָן אַ טיש, אָדער אָן אַ קעלנער.

ביי די טישען זיינען געזעסען הערען און דאַמען, אויסגעפּוצט אַזוי ווי צו אַ באַל. דאָס האָט מען געגעסען נאָכ׳ן טהעאַטער אָדער נאָך דער אָפּערא.

די נייע בעזוכער האָבען צוגעצויגען די אויפמערקזאַמקייט פון די זיצענדע, וועלכע האָבען כלומרשט זיי ניט בעמערקט און דאָך געקוקט אויף זיי. דער הויפּט־קעלנער, אַ קורצער, אַ דיקער, ווי אַן אָבגעפּאַשעטער שווארצער קאָטער, איז צוגעלאָפען אָנצייגען

די נייע געסט אַ טיש. קענטיג אַז ער האָט זיי געוואָלט פּעררוקען ערגעץ אין אַ ווינקעל.

ווען די נייע בעזוכער האָבען זיך צוזעצט, האָבען זיי גענומען ארומקוקען דעם פּלאַץ. זיי האָבען זיך געדרעהט אין זייערע שטוהלען, געקוקט רעכטס, געקוקט לינקס, אַריינגעקוקט יעדען גלייך אין פּנים אַריין, און דערביי גערעדט צווישען זיך, זיך געווערטעלט, געמאַכט וויטצען.

דער הויפּט־קעלנער האָט אָנגעהויבען זיך צו בלאָזען און ער האָט געגעבען בעפעהלען צו די קעלנער מיט עפּעס אַ בייזען טאָן. די קעלנער האָבען בייז געוואָרטשעט אויף די „אָמניבוסען“, די אונטער־קעלנער. אַלע בעדיענער זיינען עפּעס געוואָרען אונצופריעדען, בייז.

די נייע געסט האָבען דאָס אַלעס געהערט ווי די פּאַר־אַיאָהריגע תוכחה. זיי האָבען זיך געאָרדערט קאַוויאַר, קעז און ביער. דערביי האָבען זיי אָנגעפיהרט זייער געשפּרעך. גערעדט האָבען זיי ענגליש, נור יעדער איינער פון זיי האָט דאָס גערעדט מיט אַ בעזונדער אַקצענט.

„עס איז יעצט אַ פּעסט בעשטעטיגטער פאַקט, אַז די צוקונפט פון אַמעריקאַנער יודענטהום ליעגט אין די הענד פון די רוסישע אידען“, האָט איינער געזאָגט. „די רוסישע אידען פערנעהמען יעצט דעם פּלאַץ וואָס די דייטשע אידען האָבען געהאַט אַ מאָל אין אַמעריקאַנער יודענטהום“.

„איילט זיך ניט“, האָט זיך אָבגערופען אַן אַנדערער. „מיר דייטשען (ווי דזשאָירמענס) לאָזען נאָך ניט אָב אונזער פּלאַץ אַזוי גיך. די פערוואַלטונג פון די גרויסע צדקה אַנשטאַלטען, די יתומים אזילען, די האָספּיטעלער און אַנדערע צדקה געזעלשאַפטען מוזען פערבלייבען אין אונזערע הענד. נור מיר דייטשען קענען פיהרען אַלעס אין אָרדנונג. סיסטעם איז אַ דייטשע זאַך“.

„אין דעם וועלען מיר אייך איבערטרעפען אין אַ גאַנץ קורצער צייט“, האָט געזאָגט דער ערשטער. „אייך דייטשע אידען פעהלט אַ ביסעל האַרץ צו אייער סיסטעם. מיר רוסישע אידען וועלען אַריינברייגנען לעבען און געפיהל אין דעם קאַלטען מעכאַניזם פון אייערע אָרגאַניזירטע וואָהלטהאַטען“.

„אַלץ איהר! אַלץ איהר רוסישע!“ האָט אויסגערופען אַ דריטער. „פון וועמען האָט איהר בעקומען אייער ערשטע ביסעל בילדונג אויב ניט פון אונז גאַליציאַנער? מיר האָבען אייך גע־שאַפען אַ השכלה־בעוועגונג. ווען ניט מיר גאַליציאַנער, וואָלט איהר רוסישע נאָך געלעבט אין פינסטערען פאַנאַטיזמוס און אונ־וויסענהייט“.

„גוט געזאָגט!“ האָט אויסגערופען אַ פערטער. „בראַוואָ! איך האָב ליעב צו הערען אַ מאָל אַן אמת וואָרט. די רוסישע האָבען מאָנאָפּאָליזירט די סימפּאַטהיע וואָס די וועלט האָט נאָך פאַר אידען. מיר רומענער ווערען אויך אַזוי פערפאָלגט ווי די רוסישע, ביי אונז קומען אויך פאַר פּאָגראָמען, אָבער קיינער האָט נאָך געזעהן אַ פּאָנד פאַר אונזערע רומענישע. אַלעס נעהמען צו די רוסישע. איך פערזיכער אייך, אַז אונזערע רומענישע זיינען פיעל אַדעלער און פעהיגער פאַר די רוסישע. אַ רומענישער איד איז אַ טיפּ פון אַ ריכטיגען דזשענטעלמאַן“.

„איהר דאַרפט זיך אַלע צוערשט אַמעריקאַניזירען“, האָט אַ פינפטער בעמערקט. „איהר וואָס זייט געבוירען אין דער פרעמד מוזט נאָך צוערשט זיך גוט צופּאַסען צום קלימאַט און צו די לע־בענס־אומשטענדען אין דיעזען לאַנד. איהר מוזט נאָך פיעל לער־נען אום צו זיין גלייך מיט אונז אַמעריקאַנער אידען“ („אַמעריקאַן היברום“).

די אַנדערע האָבען אויך גערעדט פאַר דעם צד און פאַר יענעם צד. מען האָט גערעדט הויך, זיך געאַמפּערט, און איבערגעשפּאַרט איינער דעם אַנדערען.

אַ שטונדע איז מען אָבגעזעסען. נאָכדעם האָט מען זיך אויפ־געהויבען צו געהן אַהיים. דער „אַמעריקאַנער היברו“ האָט בע־צאָהלט די רעכנונג. דאַן איז צוגעקומען דער הויפּט־קעלנער און האָט געזאָגט אין אַ גאַנץ געלאַסענער שטימע:

„סער! איך דאַנק אייך און אייערע פריינדע פאַר אייער בעזוך, אָבער מיר וואָלטען אייך בעטען אונזער פּלאַץ מעהר ניט בעלעסטיגען. אונזער געשעפט קען רואינירט ווערען ווען דיעזע מענשען וועלען דאָ ווערען אָפטע בעזוכער. גוט נאַכט!“

„איהר זעהט“, האָט געזאָגט דער אַמעריקאַנער „היברו“ ארויס־

געהענדיג, „האָב איך ניט געזאָגט אַז איהר דאַרפט זיך נאָך אַמע־ריקאַניזירען? איהר האָט די גאַנצע צייט זיך אויפגעפיהרט ניט ווי ציוויליזירטע מענשען. אָט האָט איהר בעקומען אַנגעלערענט!"

„און איך האָב געלערענט אַן אַנדער זאַך", האָט געזאָגט אַ יונגער ראַבינער וואָס איז אויך געווען אין דער געזעלשאַפט. „איך האָב געלערענט אַז מיר זיינען ניט דייטשען, ניט רוסען, ניט רו־מענער, ניט גאַליציאַנער און ניט אַמעריקאַנער היברוס, נור אידען. דער קעלנער האָט עס אונז היינט דייטליך ערקלעהרט. איך געה צוריק איהם געבען אַ שעהנעם טרינק־געלד!"

# אַ סטרייק צו כל־נדרי

אויב איהר ווילט, איז דאָס ניט אַ שפּאַס.

יום כּפּור אבענד. דער עולם איז געשטאַנען און זיך צוגע־הערט צו די טענער פון כל נדרי וועלכע זיינען געגאַנגען העכער און העכער, אזוי ווי זיי וואָלטען קלעטערען אויף אַ לייטער וואָס געהט אריין אין הימעל. די גרויסע יום כּפּור ליכט האָבען געוואָרפען זייער שיין אויף די מענשליכע פיגורען וואָס זיינען געשטאַנען אין זייערע ווייסע קיטלען און טליתים. די לאַנגע אונגעהויער גרויסע און בלוטיגע היסטאָריע פון אַ פאָלק האָט זיך ווידערהאָלט אין דעם אבענד.

„דאנדרנא" האָט דער חזן אויסגעזונגען און געגעבען אַ ציה זיין שטימע אין דער הויך. „ודאשתבענא" האָט ער אויסגעזונגען ארונטערלאָזענדיג זיין טאָן.

אַ זיפץ האָט זיך ארויסגעריסען פון פיעלע הערצער.

„מיום כּפּורים זה" — די טענער האָבען ווידער געקלעטערט העכער און העכער, און דער עולם האָט מוטהיג אונטערגעברומט, צוגעהאָלפען.

מיט אַ מאָל האָט זיך געהערט אַ געדרענג ביים טהיר, אַ שוש־קעריי, און אַלעס איז באַלד שטיל געוואָרען.

דער גאַנצער עולם האָט געקוקט צום טהיר מיט אָפענע מויי־לער, פערוואונדערט און אַ ביסעל מיט שרעק.

דער חזן מיט די משוררים זיינען געוואָרען שטיל.

אין שוהל האָבען זיך בעוויעזען צוויי גרויסע געזונדע גוים, אַמעריקאַניזירטע אירלענדער, און האָבען זיך פאָרגעשטעלט אַלס שלוחים פון ארבייטער־יוניאָנס. נאָך זיי זיינען נאָכגעגאַנגען 7 אידישע יונגע לייטלעך, בלאַסע און אויסגעמאָגערטע.

„מיר זיינען וואָקינג דעלעגייטס!" האָבען זיך געמעלדעט די צוויי גרויסע גוים.

„וואָקינג דעלעגייטס! וואָקינג דעלעגייטס! דעלעגאַטען פון

א יוניאָן!" האָבען די אידען געזאָגט איינע צו די אַנדערע.

„מיר זיינען געקומען יוניאָניזירען די שוהל", האָבען די צוויי גוים געזאָגט.

„יוניאָניזירען די שוהל!" האָבען די אידען נאָכגעזאָגט איינע צו די אַנדערע".

א שרעק האָט אַלעמען ארומגענומען. אין דער שוהל האָבען געדראווענט א היבשע ביסעל פאבריקאנטען וואָס האָבען געוואוסט דעם טעם פון „וואָקינג דעלעגייטס", און פון „יוניאָניזירען".

„שאָו יור טיקעטס", (ווייזט אייערע בילעטען), האָט איינער פון די דעלעגאַטען געגעבען א בעפעהל צום עולם. מיר ווילען זעהן אויב זיי זיינען געדרוקט אין א יוניאָן־דרוקעריי".

דער שמש פון שוהל איז צוגעגאנגען און געצייגט א פּאָאָר שוהל טיקעטס. יא, זיי האָבען געטראָגען דעם שטעמפּעל פון דער יוניאָן.

„אָלראיט" (גוט), האָט געזאָגט דער ערשטער דעלעגאַט.

„יעצט", האָט זיך געווענדעט דער צווייטער דעלעגאַט צו די משוררים וואָס זיינען געשטאנען ארום חזן. „צייגט מיר אייערע יוניאָן־קארטען".

„מיר האָבען ניט, מיר בעלאַנגען צו קיין יוניאָן".

„אויב אַזוי מוזט איהר בעלאַנגען", האָט דער ערל געזאָגט.

„אָט דאָ האָט איהר יוניאָן־קארטען, און איהר זייט פון יעצט אָן יוניאָן־לייט".

ער האָט יעדען איינעם פון זיי געגעבען א קארטעל.

„אייערע שכירות זיינען יעצט דאָפּעלט", האָט צוגעגעבען דער דעלעגאַט.

דאָ איז צוגעגאנגען דער פּרעזידענט פון שוהל מיט א פּראָ־טעסט:

„יעצט איז ניט די צייט צו העכערען די שכירות. איהר שטערט אונז. אונזער שוהל קען ניט אויסהאַלטען צו צאָהלען אַזוי פיעל געלד".

„דאָס איז ניט מיין דאגה", האָט געענטפערט דער אירלענ־דער. „אונזער יוניאָן פון קאָהר־זינגער האָט בעשלאָסען אַז איהר מוזט פערדאָפּלען די שכירות און צונעהמען נאָך זיעבען זינגער".

„נאָך זיעבען!!!" האָט דער פּרעזידענט אויסגערופען מיט שרעק.

„יעס, נאָך זיעבען זינגער, אויך מיט דאָפּעלטע שכירות".

„אונזער שוהל וועט עס ניט אויסהאַלטען", האָט דער פּרעזידענט געגומען ריידען ווייכער. „מיר דאַרפען גאָר ניט אַזוי פיעל זינגער. מיר האָבען שוין אַזוי אויך צופיעל. מיר קענען ניט, מיר קענען ניט!"

„סטאַפּ דהי סאָירוויס!" (שטעלט איין די גאָטעס־דיענסט!) האָבען ביידע דעלעגאַטען בעפאָהלען די משוררים. מיר ערקלעהרען דיעזע שוהל פאַר סקעב. איהר טאָרט דאָ ניט זינגען".

דער פּרעזידענט האָט געזעהן אַז עס איז גאָרנישט צו מאַכען מיט די ערלים, האָט ער זיך אונטערגעגעבען, און אין שוהל זיינען געוועזן 15 משוררים. אכט האָבען געזונגען און זיעבען זיינען געזעסען און געשוויגען, און געטראַכט פון דעם טאָג ווען זיי וועלען אָבנעהמען דאָפּעלטע שכירות פאַר גאָרניט.

* * *

מאָראַל: לאָמיר לאָזען די גוים פיהרען אונזערע אידישע געשעפטען, וועלען מיר אין זייער זכות זיין „אָל ראַיט".

# איבער גוואַלד ביזטו אַ איד

בעל כרחך אתה חי, איבער גוואַלד לעבסטו און — איבער גוואַלד ביזטו אַ איד!

באָקוויל איז אַ שטעדטעל אין שטאַאַט נודזשערזי, וואָס פער־מאָגט בסך הכל ביי צוואַנציג טויזענד איינוואָהנער, דאָס איז לויט די אָפיציעלע פאָלקס־צעהלונג. אָבער קומט מען דאָרט אין די אי־דישע גאַסען מיינט מען, אז אידען אַליין געפינען זיך דאָרט ביי דרייסיג טויזענד. זיי זיינען קיין עין הרע פול אין די גאַסען, אין מארק, ביי די קליינע שטופּ־וועגעלעך און ביי די פערד־און־וואָגענס, מיט וועלכע מען פאָהרט ארום קויפען אַלטוואַרג. שוהלען, שוהל־כעלעך און מנינים געפינען זיך אָהן אַ צאָהל. מען דאַווענט אין איי־גענע שוהלען, מען דאַווענט אין פריוואַט־הייזער, מען דאַווענט אי־בער ביער־שענקען און פערד־שטאַלען. אַ חוץ דעם זיינען דאָ דריי תלמוד תורה פעראיינען וואָס קאָנקורירען איינע מיט די אַנדערע, אַ האַלב דוצענד וואָהלטהעטיגע פעראיינען פון פערשיעדענע זאָרטען, אַ פּאַאר לאָדזשען, צוויי חברות קדישא און נאָך אַ גרויסע צאָהל קליי־נע און גרויסע פעראיינען. כמעט יעדער איד אין באָקוויל איז עפּעס אַ בעאַמטער אין אַ חברה. אויב ער איז ניט אַ פּרעזידענט, איז ער אַ פינאַנץ סעקרעטער, אָדער אַן אַנדער זאָרט מאַכער. עס איז דאָ כבוד פאר כל ישראל. און עס זיינען דאָ גענוג רבנים, מלמדים און שוחטים צו בעפרידיגען אַ אידישע קהלה וואָס איז זעקס מאָל אַזוי גרויס ווי באָקוויל.

עס פערשטעהט זיך, אַז אין אַזאַ אידישע שטאָדט האָט די סטרא אחרא קיין שליטה ניט געקענט האָבען. דער דריי פערטעל דוצענד „פריידענקער" וואָס האָבען זיך דאָרט געפונען, האָבען מורא געהאַט דעם קאָפּ אויפצוהויבען.

איינמאָל, אַ פּאָאר טעג בעפאָר ראש השנה, האָבען צוויי פריי־דענקער פון באָקוויל, מיסטער גולאַש און מיסטער לאַטקע, בעשלאָ־סען אַוועקצופאָהרען פון שטאָדט און צו פערברענגען די צוויי טעג

פון דעם יום הדין ערגעץ אין אַ פּרייעם אָרט. זיי זיינען ערב ראש השנה אָבגעפאָהרען נאָך ציעגוויל, אַ קליין שטעדטעלע, צעהן מייל ווייט פון באָקוויל. דאָרט זיינען זיי פערפאָהרען אין אַ גוי'אישען האָטעל, וואו זיי האָבען געהאַפּט „איבערצוקומען" די צוויי טעג ראש השנה, ווי זיי געפעהלט.

ציעגוויל איז אַ קליין שטעדטעל און אין סעפּטעמבער, ווען די לעצטע זומער דאַטשניקעס פאָהרען אַוועק, איז דאָרט שטאַרק אור־מעדיג. אונזער צוויי פריידענקער איז געוואָרען שטאַרק לאַנגוויי־ליג. זיי זיינען ארוים אויף דער ווערענדאַ, פערררויכערט סיגארעט־לעך און גענומען גענעצען. מיסטער לאַטקע האָט אָנגעהויבען צו ברומען עטוואָס אונטער'ן נאָז.

„וואָס זינגסטו?" האָט געפרעגט מיסטער גולאַש.

„כבקרת רועה עדרו", האָט מיסטער לאַטקע געענטפערט.

„אָט דאָס איז ביי דיר אַ כבקרת? עס האָט אַ טעם ווי איך וויים ניט וואָס! אָט, לאָז מיך, וועל איך דיר זינגען אַ כבקרת."

און מיסטער גולאַש האָט זיך צולאָזט אויף זיין קול'יכעל און גענומען זינגען אַ „כבקרת", אָבער טאַקי מיט האַרץ. און וועהרענד ער האָט געזונגען האָט איהם מיסטער לאַטקע אונטערגעהאָלפען.

„ניט אַזוי", האָט זיך דערהערט אַ דריטע שטימע זינגענדיג, מאַ־אַה־אַה, מאַה־אַאַאַ־וויר, אַי־אַי, צייַ־איי־צאַנו, אָי, אָי, אָי, תחת שבטו און נאָכאַמאָל: מאַ־אַה־מעביר"....

מיסטער לאַטקע און מיסטער גולאַש זיינען איבעררראַשט גע־וואָרען. דאָס האָט געזונגען מיסטער סמיטה דער בעל הבית פון דעם האָטעל, וואו זיי זיינען איינגעשטאַנען. ער איז גראַדע אָנגע־קומען אויף דער ווערענדאַ, ווען זיי האָבען געזונגען.

„וואונדערט זיך ניט", האָט ער געענטפערט אין ענגליש, איידער די אידען פון דיזער שטאָדט האָבען געהאַט אַן אייגענע שוהל, פלעגען זיי אָבהאַלטען זייער גאָטעס־דיענסט אין דעם גרויסען טאַנץ־זאַאַל פון מיין האָטעל. צוועלף יאָהר האָבען זיי ביי מיר געדאַוועגט אין זייערע גרויסע ימים טובים ראש השנה און יום־כפור. איך פלעג זיך צוהערען צו זייער זינגען און האָב זיך אויס־געלערענט אַ סך פון זייערע נגונים.

און אום צו געבען זיי בעסערע בעווייזע, האט ער פאר זיי גע־
נומען זינגען כל נדרי.

די צוויי פריידענקער האבען זיך דערוואָרעמט. עס האט זיי
אנגעהויבען ציהען ערגעץ — זיי האבען אליין ניט געוואוסט וואוהין.
זיי האבען זך געלאזט וואנדערען איבער'ן שטעדטעל. אלעס איז
געווען שטיל. געשעפטען זיינען געווען געשלאסען. זעהר ווייניג
מענשען האט מען געזעהן אין גאס.

אזוי זיינען זיי געגאנגען ביז זיי זיינען אנגעקומען נעבען דער
שוהל „קאנגרעגיישאן בני אמונה דק"ק באקוויל". דא האבען זיי
זיך אבגעשטעלט, געקוקט מיט אפענע מיילער און געשמייכעלט.

דאס איז געווען א קליינע געביידע, בלויז פון איין עטאזש.

„איך בין טשיקאווע אריינצוגעהן און זעהן וואס די פינסמער־
לינגע טהוען דארט", האט געזאגט מיסטער לאטקע.

„לאמיר אריין", האט געענטפערט מיסטער גולאש.

אריינקומענדיג האבען זיי זיך געשטעלט ביי דער טיהר, וועל־
כע איז געווען אפען. זיי האבען בעמערקט אז אין דער שוהל געהט
אן א גרויסע טרעוואגע. דער שופר איז געווען עפעס ניט אין אורד־
נונג. אכט פון די שטארקסטע אידען אין באקוויל האבען פרובירט
בלאזען, עס איז אבער ניט געגאנגען.

„לאזט מיר", האט מיסטער לאטקע א זאג געטהאן הויך דורך
דער טיהר צום עולם. „איך קען בלאזען שופר."

אלע האבען די צוויי פרעמדע בעזוכער אנגעקוקט פערוואונ־
דערט. מיסטער לאטקע איז צוגעגאנגען צום עמוד, גענומען דעם
שופר און אנגעהויבען בלאזען אזוי גוט ווי אן אלטער ערפאהרענער
תוקע. דער עולם איז געווען ענטציקט.

„גיב מיר א ווייל|ע דעם שופר", האט זיך געבעטען מיסטער
גולאש. „איך וועל דיר ציינען, אז איך קען בלאזען נאך בעסער פון
דיר."

מיסטער לאטקע האט איהם געגעבען דעם שופר און מיסטער
גולאש האט פארטגעזעצט די תקיעות מיט דעם זעלבען ערפאלג.

נאך די תקיעות זיינען זיי שוין פערבליבען אין שוהל. עס האט
שוין ניט געפאסט אוועקצוגעהן נאך דעם גרויסען כבוד וואס מען
האט זיי אבגעגעבען.

אויף מאָרגען, ווען זיי זיינען געגאַנגען פון האָטעל אין שוהל, האָט מיסטער לאַטקע געזאָגט צו מיסטער גולאַש:

„ס'איז אַן אומזיסטע אַרבייט. פון אידישקייט קען מען ניט ענטלויפען. סאַי דו ווילסט, סאַי דו ווילסט ניט — אַ איד מוזטו זיין!"

# די אידען פון „ווייסען אדלער"

ווער עס האָט געלד, ווער עס ליעבט א לוסטיגען, פרעהליכען לעבען, דער געהט אויף בראָדוויי; ווער עס האָט ניט קיין געלד, און האָט ליעב צו זעהן כאָטש ווי אנדערע לעבען — דער געהט אויך אויף בראָדוויי.

ווייל בראָדוויי איז דער צענטר פון ניו יאָרק, די הארץ, דער פולס פון דער גרויסער שטאָדט. ביי טאָג קאָכט עס און רוישט עס דאָרט פון די מענשען, וואָס מאכען געלד, וואָס שאפען אוצרות, וואָס בויען פערמעגענס; ביינאכט קאָכט און רוישט דאָרט פון די זעלבע מענשען וואָס קומען אהין אויסברענגען די געלדער, די אוצרות, און די פערמעגענס וואָס זיינען געשאפען געוואָרען ביי טאָג.

ביי טאָג גיסט זיך אויף בראָדוויי שוויים, און ביי נאכט — שאמפאניער.

טהעאטערע, טרינק־הייזער, גרויסארטיגע האָטעלען, רעסטאָראנען, ווייב, וויין און געזאנג — אָט דאָס איז בראָדוויי, די גרעסטע, רייכסטע און לעבעדיגסטע גאס פון ניו יאָרק.

און אונזערע אידען פעהלען דאָרט אויך ניט. מען געפינט זיי אין די לאָזשעס פון די טהעאטערע. מען געפינט זיי אין די שפייזע זאאלען פון די גרעסטע האָטעלען, מען זעהט זיי ביי די טישלעך פון די גרויסע „קאפיים", מען בעגעגענט זיי מאכענדיג קפיצת הדרך אין אָטאָמאָבילס, מען בעגעגנט זיי מיט ווייבער און טעכטער אויסגעפוצט אין זיידענס און אין בריליאנטען. מען הערט זייער אידיש ריידען אין די אָפּערא הייזער, אין שענלי'ס און אין שעררי'ס. מיט איין וואָרט — אונזערע אידען זיינען איבעראל.

אויך אין די אריסטאָקראטישע קלובען געפינט מען זיי. קלובען זיינען דאָ א סך אויף בראָדוויי וואָס טראָגען פערשיעדענע קלינגענדע נעמען: קלובען פאר ליעבהאָבער פון קונסט, קלובען פאר ליעבהאָבער פון קאָרטען שפיעלען, קלובען פאר געשעפטס לייט, קלובען פאר ליידיג־געהער, קלובען וואו מען נעהמט קיין אידען ניט

אריין, קלובען וואו מען נעהמט זיי יא אריין, און קלובען וואָס בע־שטעהען אין גאנצען פון אידען.

איינער פון דיזע קלובען איז בעקאַנט אַלס „דער ווייסער אָד־לער". די קלוב־הויז געפינט זיך איבער אַ גרויסען קאפיי, און איז פערציערט אויפ'ן רייכסטען אַרט: טעפּיכער פון סיריען, בראָנזענע פיגורען פון פראנקרייך, סאָפאַס און טאַבורעטען פון טירקיי, — מיט איין וואָרט: פון אַלע לענדער אין דער וועלט האָט מען גע־בראַכט די בעסטע זאַכען צו פערפּוצען די שעהנע צימערען פון דעם „ווייסען אָדלער". דאָס איז ווייל די מיטגליעדער פון „ווייסען אָד־לער" זיינען מענשען מיט גרויסע קאַפּיטאַלען, ביי וועמען געלד איז פעררעכענט ווי שפּענער. אין דער קלוב־הויז איז דאָ אַ גרויסאַר־טיגע קיך, אַ געררימער עס־צימער, און בעטלעך צו שלאָפען, אויב אַ מיטגליעד האָט קיין חשק צו געהן אהיים. די קלוב־הויז ווערט אויפגעפּאַסט און בעזאָרגט פון אַ סטואַרד, אַ שעף, און אַ פּאָאַר קעל־נער. דער סטואַרד, וועלכער האָט צו בעזאָרגען אַלעם נויטהיגעס פאַר די בעקוועמליכקייט פון די קלוב־מיטגליעדער, איז אַ דייטש; דער שעף, וועלכער גיט זיך אָב מיט דער קיך, איז אַ פראַנצויז; און די צוויי קעלנער זיינען טשעכען.

דער סטואַרד איז אַ פערביסענער אַנטיסעמיט. באַלד ווי ער איז אָנגעקומען אין דעם „ווייסען אָדלער", האָט ער בעקומען אַ פער־דאַכט, אַז צווישען די מיטגליעדער געפינען זיך אַ סך אידען. ער האָט אָבער ניט געקענט דערגעהן אויף ריכטיג וויפיעל עס זיינען דאָ אידען און וויפיעל ניט אידען. דער סטואַרד אַליין האָט גערעדט אַ געבראָכענעם ענגליש און האָט זיך נאָך ניט גענוג אַמעריקאַניזירט אום צו דערקענען אַ אידישען אַקצענט אין ענגליש. די מיטגליע־דער פון „ווייסען אָדלער" האָבען אַלע גערעדט אַ בעסערען ענגליש פון איהם, און זיינען געווען פאָלקאָמען אַמעריקאַניזירט אין זייערע מאַניערען און אין זייער האַלטונג.

אָבער דער דייטש, דער אַנטיסעמיט, האָט זיך דאָך אריינגע־נומען אין קאָפּ, אַז ער מוז אויסגעפינען אויף ריכטיג אויב עס זיינען דאָ אידען אין קלוב, און וויפיעל איז זייער צאָהל. ער האָט גע־טראַכט און געטראַכט פון פערשיעדענע פּלענער. ענדליך האָט ער זיך אַ זעץ געטהאָן אין קאָפּ — ער האָט שוין אַ פּלאַן!

דער סטואַרד איז אוועק נאָך העסטער סטריט און האָט דאָרט אויסגעזוכט אַ אידישע קעכין. ער האָט זיך מיט איהר בעדונגען פאַר אַ טאָג ארבייט, און ער האָט איהר געהייסען קומען צו איהם אין קלוב־הויז וואָס הייסט „דער ווייסער אָדלער“.

ווען די אידענע איז געקומען, האָט איהר דער סטואַרד אריינגע־פיהרט אין קיך און האָט צו איהר געזאָגט:

„מיר דאַרפען האָבען פערציג פּאָרציאָנען געפילטע פיש, אַט אַזוי ווי אי אידען עסען אום זייער שבת. אַט דאָ איז די פיש און דאָ איז אַ גרויסער מולטער, און דאָ זיינען ציבעלעס, און דאָ איז פעפער. דאָס איז פאַר אידישע לייט.“

די קעכין האָט זיך גענומען צו דער ארבייט. דער פראַנצויזי־שער שעף האָט זיך נייגעריג צוגעקוקט ווי זי האָט צושניטען די פיש, פון די שטיקער אראָבגענומען די הויט, און נאָכדעם ווי זי האָט צו־האַקט די פיש מיט ציבעלעס און מיט פעפער מיט אַ ביסעל וואַסער צו דעם, האָט די קעכין צוריק אָנגעשטאָפּט די שטיקער הויט פון די פיש מיט דעם צוהאַקטען שטאָף. ביי דעם פראַנצויז איז עס גע־ווען אַ נייעס. ער האָט דערנאָך געזעהן ווי די פרוי האָט ביי׳ם קאָ־כען געלייגט געווירצען און ראָזשינקעס. דעם פראַנצויז איז געגאַנ־גען די סליונע פון מויל. ער האָט זיך קוים דערוואַרט ביז די פיש איז פערטיג געוואָרען, און אַז עס איז שוין פערטיג געוואָרען, האָט ער אַ כאַפּ געטהאָן אַ שטיק פיש און דאָס איינגעשלונגען.

„צוואַנציג יאָהר אַז איך בעשעפטיג זיך אַלס שעף און איך האָב נאָך אַזעלכע געשמאַקע פיש אין מיין לעבען ניט פערזוכט“, האָט דער שעף געזאָגט אין אַ געבראָכענעם ענגליש צו דער אידישער קעכין.

„כאַפּט דיך דער קאַדיק, דו טריפה׳נע האַלז!“ האָט די אידענע געזאָגט אין דער שטיל. „ווייס איך וואָס דו רעדסט צו מיר! מיט׳ן דייטש איז נאָך ווי עס איז, אָבער דיין לשון פערשטעה איך שוין גאָר ניט.“

דער פראַנצויז האָט דאַן גענומען ביי זיך איינשרייבען אויף אַ שטיקעל פּאַפּיער דע גאַנצען רעצעפּט ווי מען מאַכט פיש, ווי ער האָט דאָס אַליין צוגעזעהן, כדי ער זאָל ניט פערגעסען.

אין אבענד, צום מאָהלצייט, זיינען אַלע מעמבערס געקומען

בעצייטענס, אַלע אין איין צייט, ווייל זיי האָבען אין דיזען אבענד געהאַט אַלס גאַסט אַ שפּאַנישע טענצערקע, וועלכע האָט געדאַרפט טאַנצען פאַר זיי און אַ ביסעל זינגען אויך. די טענצערקע איז גע־ ווען בעוואוסט אַלס „סינאָריטאַ באַשעריטאַ" אויס מאַדריד, און זי איז געווען בעשעפטיגט אין אַ קאָנצערט־האָלל אויף בראָדוויי.

ווען מען האָט זיך אַלע צוזעצט ביים טיש האָבען די צוויי קעל־ נער אָנגעהויבען צו סערווירען די פיש. דער סטואַרד איז געשטאַ־ נען אין אַ ווינקעל און זיך צוגעקוקט וואָס דאָ וועט פּאַרקומען.

ער האָט געזעהן ווי די מיטגליעדער האָבען צוערשט זיך אָנגעקוקט איינע די אַנדערע. נאָכדעם האָבען אייניגע געמאַכט מוטה און אריינגעשטעקט דעם גאָפּעל אין די פיש, אָבער באַלד האָבען זיי זיך גענומען קרימען, און האָבען ניט געגעסען. אַנדערע האָבען פּער־ זוכט און געמאַכט אַ זויערען פּנים אזוי ווי זיי וואָלטען פערזוכט וועך וויים וואָס. אייניגע האָבען צוגעטראָגען אַ שטיקעל פיש צום נאָז, דאָס אַ שמעק געטהאָן און צוריק אוועקגעלייגט אויפ'ן טעלער.

„דאָס זיינען אַלע אידען, אידען, אידען!" האָט געזאָגט דער דייטש צו זיך אליין. „זיי ווייסען גוט וואָס דאָס איז, און זיי שמעקט דאָס בעסער ווי אַלעס אין דער וועלט, נור זיי ווילען בלאָפען אַז זיי זיינען ניט געוואָוינט צו דעם, אַז זיי קענען דאָס ניט עסען!"

בלויז פיער מיטגליעדער פון די גאַנצע פיערציג האָבען געגע־ סען די געפילטע פיש און געשלונגען מיט אַפּעטיט. אַז זיי זיינען פערטיג געוואָרען, האָבען זיי צוגערופען דעם סטואַרד און איהם גע־ פרעגט ווי דאָס הייסט אַזאַ געריכט און ווי מען מאַכט דאָס. זיי האָבען נאָך אַזוינס אין זייער לעבען ניט געגעסען. עס איז אזוי גע־ שמאַק. זיי וואָלטען אַזעלכע פיש אויפגעגעסען אַ גאַנצע שיסעל! האָבען זיי געזאָגט.

דער סטואַרד האָט זיי ערקלערט אין דיזע ווערטער:

„דאָס איז אַ אידישע געריכט און עס הייסט געפילטע פיש. אויב איהר ווילט וויסען ווי מען מאַכט עס, וועל איך אהער אריינרו־ פען די קעכין, וועט זי אייך ערקלערען ווי מען ריכט דאָס צו."

עס פערשטעהט זיך, אַז דיזע פיער דזשענטעלמען וואָס האָבען די געפילטע פיש געגעסען און האָבען ערקלערט, אַז דאָס איז די בעסטע זאַך אין דער וועלט, זיינען געווען קריסטען.

„מיר האָבען נאָ זעקס און דרייסיג אידען און בלויז פיער קריסטען“, האָט דער סטוארד געזאָגט צו זיך, געהענדיג אין קיך רו־פען די קעכין, וועלכע האָט געהאַלטען אין צורעכט מאַכען אַ גרוי־סען לאָקשען־קוגעל, דען דער סטוארד האָט געהאַט זיך פאַרבערייטעט אויך מיט אַ קוגעל, אויב די פּראָבע מיט די פיש וואָלט איהם ניט געלונגען.

באַלד איז ער צוריקגעקומען אין דער שפּייז־זאַאַל מיט דער קעכין. אָבער דאָ איז פאָרגעקומען עטוואָס אונערווארטעטעס.

ווען די קעכין פון העסטער סטריט האָט זיך געטראָפען מיט דער שפּאַנישער טענצערקע סינאָריטא באַשעריטא, איז די קעכין אָבגעשפּרונגען אַ הינטער פון גרויס איבעררַאשונג. נאכדעם האָט זי אויסגערופען:

„באַשקעלע, טאָכטער׳ל מיינע! ביזט געקומען פערזוכען די מאַמע׳ס פיש, הא?“

* * *

די טענצערקע „סינאָריטא באַשעריטא“, אָדער ריכטיגער גע־זאָגט באַשקעלע, האָט יענעם אבענד ניט געטאַנצט און ניט געזונ־גען. די 36 אידען פון „ווייסען אָדלער“ האָבען זי אפילו ניט גע־וואָלט אָנקוקען, נור די פיער קריסטען האָבען געשוואָרען אַז אַזוי פיעל שפּאַס און אַזוי פיעל פערגניגען האָבען זיי ניט געהאַט אין זייער גאַנצען לעבען.

און ווען דער דייטשער סטוארד האָט די גאַנצע מעשה דער־צעהלט דעם פראַנצויזישען שעף, האָט דער פראַנצויז געזאָגט:

„איך גלויב אַז איך וועל ווערען אַ איד! אַזאַ נאַציאָן וואָס האָט געפילטע פיש און אַזעלכע שעהנע מיידלעך ווי סינאָריטא באַשעריטא, איז די גרעסטע נאַציאָן אין דער וועלט!“

# בעסער דאַווגען איידער חתונה האָבען מיט אַ שיקסע

מאַקס גאָרדאָן איז געווען אַ יונגער אַדוואָקאַט וואָס האָט ערשט אָנגעהויבען צו „וואַקסען" אין דער גרויסער שטאָדט, און אַלע זיינע פריינדע האָבען נביאות געזאָגט אַז עס ערוואַרטעט איהם אַ גאָלדענע צוקונפט. ער איז געווען אַ שעהנער יונג, מיט פיינע מאַניערען, און איז געווען בעליעבט פון אַלע וואָס האָבען איהם געקענט. שדכנים האָבען איינינע מאָל פּרובירט מאַכען אויף איהם אָבלאַווע, אָבער גאָרדאָן איז געווען אַן אידעאַליסט און האָט זיך בשום אופן ניט גע־וואָלט שטעלען אויף דעם שידוכים מאַרק. ער פלעגט די שדכנים זאָגען אַז ער האָט בעשלאָסען צו זיין פאַר זיך אליין אַ שדכן, און ווען ער וועט אויסגעפינען אַזאַ וואָס ער קען ליעבען, וועט ער איהר אַליין ריידען מיט זיך אַ שידוך.

דאָס איז געווען אויף אַ באַל, וואָס איז געגעבען געוואָרען צום בענעפיט פון אַ האָספּיטאָל ווען מאַקס גאָרדאָן האָט זיך בעקאַנט מיט מיס עליזאַבעטה טהאָמפּסאָן, אַ בילד שעהנע סקוהל־לעהרערין. אַלע סקוהל־לעהרערינס זיינען שעהן, נור אַזוי פיעל חן און אַזוי פיעל ליעבליכקייט ווי פיעל מיסס טהאָמפּסאָן האָט בעזעסען איז זעלטענם צו געפינען. גאָרדאָן האָט פון איהר ניט אָבגעטראָטען דעם גאַנ־צען אבענד, און עס האָבען איהם גאָר ניט געאַרט די האַלב שטעכיגע בעמערקונגען פון זיינע בעקאַנטע. ער האָט זיך געטראַכט: איך העד זיי ווי דעם קאָטער!

זעקס מאָל האָט ער געטאַנצט מיט מיסס טהאָמפּסאָן, נור ווען ער האָט זי געוואָלט אָבפיהרען אַהיים, איז ערשיענען אַ יונגער מאַן, אַזוי ווי פון דער ערד אויסגעוואַקסען, האָט זיך אָוועקגעשטעלט נע־בען מיסס טהאָמפּסאָן, אַזוי ווי ער־האָט עפּעס אַ גרויסע שייכות מיט איהר. גאָרדאָן'ען האָט זיך אַ ריס געטהאָן אין האַרצען.

„מיין ברודער — מיסטער גאָרדאָן", האָט מיסס טהאָמפּסאָן

פאַרגעשטעלט די צוויי יונגע לייט איינע פאר די אַנדערע. אז גאָרדאָן האָט דערהערט אַז דאָס איז איהר ברודער איז איהם לייכטער געוואָרען אויפ'ן הארצען.

„אָבער זי איז דאָך אַ שיקסע!" האָט גאָרדאָן געזאָגט צו זיך אין הארצען, פאַהרענדיג אין דער אונטערארירדישער באהן. „און ווי וועל איך דאָס קענען טהאָן אזא זאך? נאַרישקייטען! ווארום זאָל איך אַזוי דענקען וועגען אַ פרויענצימער וואָס איך האָב געזעהען בלויז צום ערשטען מאָל? נאַרישקייטען!"

„איי האָנדרעד ענד טענטה סטריט!" האָט אויסגערופען דער קאָנדוקטאָר. אָט דאָ האָט גאָרדאָן געדארפט ארויסגעהן, אָבער ער איז געווען פערטראַכט און איז געבליבען זיצען אויף זיין אָרט.

„איי האָנדרעד ענד סיקסטין!" האָט אויסגערופען דער קאָנדוקטאָר. גאָרדאָן איז אַלץ געווען פערטראַכט און איז געבליבען זיצען.

נור ווען דער קאָנדוקטאָר האָט אויסגערופען „איי האָנדרעד ענד טווענטי פיפטה", האָט זיך גאָרדאָן אויפגעכאַפּט פון זיינע מחשבות, איז ארויסגעאַנגען מיט אַ כעס אויפ'ן קאָנדוקטאָר, אַ כעס אויף דער קאר־קאָמפּאַניע, אַ כעס אויף אַלע טראָסטען און מאָנאָפּאָלען וואָס געפינען זיך אין די פעראייניגטע שטאַאטען.

ווען ער איז ענדליך געקומען אַהיים איז זיין כעס אָבגעקיהלט געוואָרען. ער האָט אין זיין צימער געפונען די גאז ברענען מיט אַ קליינעם פייער, די בעט בעקוועם אויסגעבעט, און אויפ'ן טיש איז געווען אַ טעלער מיט אַ געבאַקטען עפּעל וואָס אַ מוטערליכע האַנד האָט אָנגעגרייט אַז איהר זוהן, דער תכשיט, מיט וועלכען זי שטאָלצירט, זאָל עפּעס פערזוכען פאַר'ן שלאָף.

„די אָרימע מאַמע נעבעך!" האָט זיך גאָרדאָן געטראַכט. „אַז זי וועט דערהערען פון דעם. אַ שנור וואָס הייסט עליזאבעטה טהאָמפּסאָן, וואָס קען אַ וואָרט ניט רעדען מיט איהר שוויגער! נאַרישקייטען! וואָס פאַלט מיר איין צו דענקען אויף אַזוי וייט?"

נאכדעם האָט ער גענומען זיין קליינעם טאַגעביכעל און אונטער דער דאַטע פון צוויי וואָכען שפּעטער האָט ער פערשריבען:

„אויף דעם באַזאַר אין מעדיסאָן סקוועיר גאַרדען. מיסס טהאָמפּסאָן וועט זיין אנוועזענד.“

אזוי האָט זי איהם געזאָגט, ווען ער האָט איהר געפרעגט ווען ער קען זי זעהן נאָך א מאָל. פרעגען האָט ער געפרעגט מיט א טאָן וואָס האָט געמיינט אז ער וויל זי בעזוכען ביי איהר צו הויז, און ער האָט ערוואַרטעט אז זי וועט איהם טאָקי איינלאַדען צו קומען צו איהר אהיים. אָבער זי האָט איהם בלויז געזאָגט, אז ער וועט זי קענען זעהן אויף דעם באַזאַר א געוויסען טאָג אין אָנפאַנג אָקטאָבער.

פיעלייכט — האָט ער געטראַכט — איז איהר ניט אנגענעהם איינצולאַדען א אידישען יונגען מאַן צו זיך אהיים. פיעלייכט האָבען איהרע עלטערען ניט ליעב א אידען.

אהאַ! — טראַכט ער צוריק — עס וואָלט געווען א גוטע זאַך דוקא חתונה צו האָבען מיט איהר, צו־להכעס איהרע עלטערן. אויב זיי זיינען אנטיסעמיטען, זאָלען זיי האָבען א אידישען איידים און צופּלאַצט ווערען! א קורצע צייט וועט אריבערגעהן און זיי וועלען איינזעהן, אז זייער טאָכטער לעבט גליקליך, אז איהר מאַן ליעבט איהר, האַלט איהר אויס בכבוד, פיהרט א רעספּעקטאַבלען לעבען און איז געאַכטעט אין דער געזעלשאַפט. דאַן וועלען די עלטערן גוט ווערען, און זיי וועלען ענדערען זייער מיינונג וועגען אידען.

אויף מאָרגען, צו פריהשטיק, ווען גאָרדאָן האָט דערזעהן דאָס געזיכט פון דער אַלטער, איינגעדאַרטער, אויסגעהאָרעוועטער פרוי, וועמען ער האָט גערופען מוטער, איז איהם געוואָרען באַנג אויף זיינע מחשבות פון געסטערן. ניין! ער וועט ניט טהאָן אזא זאַך וואָס וועט אָבקירצען די יאָהרען פון דער אַלטעטשקער, וועלכע איז איהם אזוי ליעב און טהייער.

אָבער אין דעם זעלבען טאָג האָט ער דורך א צופאַל בעגעגענט מיסס טהאָמפּסאָן. זי איז געגאַנגען מיט נאָך א פריילין און האָט איהם בעגריסט מיט א פריינדליכען נייג און מיט א שמייכעל, נאָך פון דערווייטענס. און ווען ער איז צוגעקומען נאָהענט, האָט זי איהם געגעבען איהר האַנד און האָט איהם פאָרגעשטעלט פאַר דער אַנדער פריילין „מיסס דוואָרסקי“.

זיי האָבען גערעדט בלויז א פּאָאַר מינוטען, און נאָכדעם האָט

זיך מיסס טהאָמפּסאָן ענטשולדיגט און איז אוועק מיט איהר חבר׳טע.

„שאדע וואָס מיסס טהאָמפּסאָן הייסט ניט מיסס דוואָרסקי״ — האָט זיך געטראַכט גאָרדאָן — „דער גאַנצער גליק פון אַ מענשען, זיין קאַריערע און זיין צוקונפט קען אמאָל העננגען אָן אַ נאָמען. דאַכצעך וואָס איז דער אונטערשיעד מיסס דוואָרסקי, אָדער מיסס טהאָמפּסאָן? דאָך ווען איך וואָלט געהייראַטה די ערגסטע אידישע מיידעל, וואָלט מיין מוטער זיך ניט געפיהלט אזוי ווי איך וואָלט געהייראַטה די בעסטע קריסטליכע מיידעל.״

גאָרדאָן האָט זיך אליין איבערגעשראָקען פאַר זיינע געדאַנקען.

„וואָס? — האָט ער ווידער געטראַכט — „איז דאָס ביי מיר רעכט צו טהאָן אזא זאַך? וועל איך, מיט מיינע נאַציאָנאַליסטישע אידעען בעגעהן די לייכטזיניגקייט צו פערבינדען זיך מיט אַ קריס־טין און אָבשניידען מיין פערבאַנד מיט מיינע עלטערן, מיט מיין נאַציאָן? — איך בין פערלאָרען — איך זעה, אז איך בין פערלאָרען. איך קען די קריסטליכע מיידעל פון קאָפּ ניט ארויסשלאָגען. גרע־סערע העלדען, שטאַרקערע נאַטורען פון מיר האָבען געקעמפּפט גע־גען אזא ליעבע און זיי זיינען געפאַלען אַלס קרבן. אָרימעס, אי־דישעס פאָלק! דיינע בעסטע קינדער האָבען זיך פון דיר אָבגעריסען. ליעבע לאַכט פון נאַציאָנאַליזם, פון פּאַטריאָטיזם. ליעבע איז שטאַרקער פון פעסטונגען. דער גרויסער שטראָם פון לעבען ווישט אָב די גרענעצען און מישט אויס פעלקער און ראַסען אין אַ גרויסען שמעלץ־טאָפּ. און דו, אַלטער ישראל׳יק! מוזט אמאָל אויך פער־שלעפּט ווערען פון דיזען שטראָם, טראָץ דעם גרויסען, העלדישען קאַמפּף וואָס דו האָסט ארויסגעוויזען אין דעם לויף פון דיין לאַנ־גער און מערקווירדיגער היסטאָריע. איך בין ניט דער ערשטער און ניט דער לעצטער צו פערלאָרען געהן פון דיין קעמפּפענדער אַרמעע!״

גאָרדאָן האָט געפיהלט ווי די טרעהרען לויפען איהם אָן און ער האָט זיך אָנגעשטרענגט זיינע טרעהרען צו דערשטיקען. ער האָט געפיהלט אַ מיטלייד, אַ טיעפען האַרץ שניידענדען מיטלייד, ניט נור אויף זיין מוטער אַליין, זאָנדערן אויף אַלע מענשען מיט וועמען ער האָט זיך ערצויגען, אין וועמעס קרייז ער איז אויסגעוואקסען,

און מיט וועמען זיין הארץ איז געווען פערבונדען אין קייטען פון דער ווארימסטער סימפּאטהיע. אָבער צווישען די ליעבע, סימ־פּאטהישע געשטאלטען פון זיין משפחה און זיינע פריינדע און די אלגעמיינע פאָרשטעלונג פון א ליידענדער, בעליידיגטער מאסע, האָט זיך געטראָגען דאָס בילד פון מיסס טהאָמפּסאָן, א געשטאלט וואָס האָט זיין פּולס געטריבען אין אַ גרויסער איילע און דערוואַרעמט זיין קאָפּ און זיין הארץ.

* * *

דער בעשטימטער אבענד ווען גאָרדאָן האָט געזאָלט טרעפען מיסס טהאָמפּסאָן אויף דעם באַזאר אין מעדיסאָן סקווער גארדען איז געקומען.

ער האָט איהר געפונען נאָך שעהנער, ליעבליכער און פריינדלי־כער. זי האָט איהם בעגריסט ווי אַן אלטען בעקאנטען, און גאָרדאָן האָט זיך געפיהלט אין זיבעטען הימעל.

„וואו איז אייער ברודער?" האָט ער געפרעגט, אום אָנצופאַנ־גען דעם געשפּרעך.

„ער איז דאָ אין גארדען", האָט זי געזאָגט. „מיין ברודער און איך האָבען אַן אָבמאַך דאָס ווען מיר געהען ארויס צוזאמען זאָלען מיר איינע די אנדערע ניט שטערען צו מאַכען בעקאנטשאפט. איהר זעהט? אָט שטעהט ער דאָרט און שמייכעלט צו צוויי פריילייננס אויף אַ מאָל."

זיי האָבען ביידע געלאַכט.

„אין דער היים", האָט זי ווייטער געזאָגט, „האָבען מיר ניט אזא פרייהייט. מיין פּאָטער איז זעהר פּארטיקולער וועגען יונגע לייט וואָס קומען אין הויז מיך צו בעזוכען."

אַהאַ! האָט זיך געטראַכט גאָרדאָן. אָיהר פּאָטער מוז טאַקי זיין אַן אנטיסעמיט און ער וויל אַ אידען אויפ'ן שוועל ניט ארויפלאָזען.

דענקט איהר, אז אייער פּאָטער וואָלט געהאַט עטוואָס אויס־צוזעצען געגען מיר?" האָט גאָרדאָן געפרעגט.

„איך האָב מורא אז יא", האָט מיסס טהאָמפּסאָן געענטפערט מיט אַ שמייכעל.

גאָרדאָן איז רויט געוואָרען. דער שמייכעל פון מיסס טהאָמפּ־סאָן איז איהם ניט געפעלען געוואָרען. עס האָט זיך איהם אויסגע־דאַכט אז זי סימפּאַטהיזירט מיט איהר פאָטער. אַ שטימע אין הארצען האָט איהם געזאָגט: „אַנטלויף!" אָבער זיין שטאָלץ האָט געפאָדערט ער זיל זיך קענען אויס׳טענה׳ען, אויסקעמפּפען.

„קענט איהר מיר פּיעלייכט זאָגען וואָס עס איז אין מיר אזוינס וואָס מאַכט מיר אונווירדיג צו קומען אין לייטישע געזעל־שאַפט?" האָט ער געפרעגט.

„איהר שטעלט אייער פראגע צו שטרענג", האָט זי געענט־פערט. „איהר שטעלט עס פאָר אזוי ווי איך וואָלט אייך געהאַט בעליידיגט. איך פערזיכער אייך אַז איך האָב פאַר אייך די גרעס־טע אכטונג אַלס א דזשענטעלמאַן. זאָנסט וואָלט איך ניט געווען אין אייער געזעלשאַפט. נור — מיין פאָטער — ער איז שוין אנדערש."

גאָרדאָן איז געשטאַנען אין אַ גרויסער פערלעגענהייט און ניט געוואוסט וואָס צו זאָגען.

„איך וועל אייך ערקלעהרען", האָט זי געזאָגט זעהענדיג זיין פערלעגענהייט". מיין פאָטער איז זעהר רעליגיעז, און ער האָט פיינט יונגע לייט וואָס דאַוונען ניט. זאָגט מיר, איהר דאַוונט?"

גאָרדאָן האָט איהר אָנגעקוקט פערוואונדערט, ערשטוינט, פּאַ־ראַליזירט! מיסס טהאָמפּסאָן האָט געוועהנליך גערעדט ענגליש, אָבער דאָס וואָרט „דאַוונען" האָט זי געזאָגט אין אידיש. „פאַטהער דיסלאַיקס יאָנג מען דהאַט דאָנ׳ט דאַוועןֹ. דו יו דאַוווען?"

אזעלכע ווערטער מיט אזא פראגע איז פאַר איהם געווען אַ גרויסע איבערראַשונג.

„איך פערשטעה", האָט זי ווייטער געזאָגט. „איהר האָט גע־מאַכט אַ גאַנצען טעות וועגען מיר. איהר האָט געמיינט איך בין אַ שיקסע. האַ־האַ־האַ! איך בין אַ אידישע מיידעל, נור איך טראָג אַ גוי׳אישען נאָמען, ווייל מיין פאָטער האָט געפונען פאַר איהם בע־קוועם צו ענדערען זיין נאָמען ציפּעסזאָהן אויף טהאָמפּסאָן. וויי־טער איז ער אַ גאַנץ פרומער איד, זעהר שטרענג אין זיין פרומקייט, און ער ערלויבט ניט קיין יונגען מאַן צו בעזוכען מיך, סיידען ער דאַוונט יעדען טאָג."

„איך פאַנג אָן צו דאַווענען", האָט גאָרדאָן געזאָגט ערנסט, מיט פייער, מיט חשק.

„פון מאָרגען אָן?" האָט מיסס טהאָמפּסאָן געפרעגט.

„יא, און דריי מאָל א טאָג: שחרית, מנחה און מעריב".

„גוט! אויב אזוי, קומט אריין צו אונז נעקסטן פרייטאָג אבענד. מיין ברודער וועט אייך שיקען אָן איינלאַדונג פון פאָרמע וועגען."

גאָרדאָן דאַווענט יעצט. עס איז אפילו שווערליך פאַר אַן אַד־וואָקאַט וואָס איז אימער זעהר פיעל בעשעפטיגט צו דאַווענען דריי מאָל א טאָג, אָבער עס איז אַלץ בעסער ווי חתונה צו האָבען מיט א שיקסע.

# קענדריקס לאַטימער דזשאָנסאָן

שאַ, שרעקט זיך ניט פאַר זיין נאָמען — ער איז אַ מינסקער. זיין אידישער נאָמען איז קלמן ליב יאַנאָווסקי. ווען ער איז אָנגע־קומען קיין אַמעריקאַ, האָט ער זיך אָנגעהויבען רופען „טשאַלי יאַ־נאָווסקי". ווען ער האָט זיך „אויסגעגרינט" און אריין אין ביזנעס, האָט ער זיך אָנגעהויבען רופען „טשאַלי דזשאַנס". נאָכדעם, אַז די ביזנעס איז איהם אַוועק זעהר גוט, און ער איז געוואָרען גוט רייך, האָט ער זיך אָנגעהויבען רופען מיט דעם הויך־קלינגענדען יענקישען נאָמען „קענדריקס לאַטימער דזשאָנסאָן", קוים, קוים אָן אָנצוהערענעס אויף זיין כשר'ען אידישען נאָמען קלמן ליב יאַ־נאָווסקי.

און אַז ער איז רייך געוואָרען, האָט ער געטהאָן אַ יחוס שידוך מיט אַ שיקסע, די טאָכטער פון אַן איירישען פּאָליצמאַן. אַליין איז זי געווען אַ שטיקעל אַקטריסע.

די גוי'אישע ווייב האָט גענומען פיהרען אַ ברייטע הויז מיט אַ גרויסע הוצאה. אָבער פון דער גאַנצער ווירטהשאַפט איז קענד־ריקס לאַטימער יאַנאָווסקי ארומגעגאַנגען אַ הונגעריגער. די אַמע־ריקאַנער פּאַטראַוועס האָבען ניט געקענט צופריעדענשטעלען זיין אידישען אַפּעטיט.

עס האָט זיך איהם גע'חלש'ט אַ ביסעל בוריקעס ראָסעל, אַ שטיקעל געדעמפּפטע הוהן מיט קנאָבעל, אַ לאָקשען קוגעל און אמת'ע פעטע געגזענע גריבענעס.אָבער אזעלכע זאַכען האָבען זיך ניט געקענט געפינען אין זיין הויז, אפילו דערמאָנען האָט מען ניט געקענט אזעלכע זאַכען.

איינמאָל האָט זיך געמאַכט, אַז זיין ווייב איז איינגעלאַדען געוואָרען צו אַ באַל, און וועגען איהר מאַן האָט מען פערגעסען, ווי עס טרעפט זיך אָפט אין אַזעלכע פעלע. ר' קענדריקס לאַטימער האָט נעבעך געמוזט בלייבען אין דער היים. ער האָט דאַן בע־שלאָסען לעשות נקמה בגוים, זיך גוט אָבצורעכענען מיט די ערלים. ער איז אַרויס פון הויז און איז אַוועק נאָך אַ כשר'ע אידישע דע־

ליקאַטעסען סטאָר. דאָרט האָט ער איינגעקויפט: וואורשט, סאַלאַמי, פּאַסטראַמאַ, געזאַלצענע לעבערלעך, זויערע טאָמייטאָס, פּיקלעך און דער עיקר — אַ מאַרענירטען הערינג. דיזע כשר'ע, עכט אידישע מאכלים האָט ער אריינגענומען צו זיך אין שלאָפציממער, בשתיקה, אַז קיינער פון די דיענער זאָל איהם בעמערקען. ער האָט אויסגעשפּרייט אויפ'ן טיש די פּעקלעך און גענומען רייבען אין זיך אַזוי ווי נאָך אַ לאַנגען תענית, אַזוי ווי ער וואָלט דריי טעג כסדר ניט געגעסען. ער האָט נאָך קיין מאָל אין זיין לעבען געכראָמטשעט מיט אַזאַ אַפּעטיט. ער האָט געקייט און זיך פּאַסמאַקעוועט. עסענדיג די כשר'ע מאכלים האָט ער זיך דערמאָהנט ווי דער פּריץ פון זיין שטעדטעל פלעגט אַ מאָל קומען צו זיין טאַטען, ר' פייוועל, עסען געפילטע פיש, און ביים עסען פלעגט דער פּריץ אויסרופען מיט בעגייסטערונג: „סלאַוונאַיאַ וויערא יעווּרעיסקאַיאַ!" אַ שעהנע רעליגיאָן די אידישע! אי פיש מיט פּעפּער אי לאָקשען קוגעל מיט שמאַלץ! אונזער קענדריקס לאַטימער האָט ערשט דאַן ריכטיג בעגריפען וואָס פאַר אַ נחת עס איז צו זיין אַ איד, און ווי נאָך בעסער עס וואָלט געווען, אַז ער וואָלט מיט זיין מאָהלצייט געקענט געניסען אַ באָרשץ מיט אַ קוגעל. ער האָט דאַן אויף זיך גענומען אַ תשובה, דאָס ביי דעם נעקסטען שבת זאָל ער געהן אין אַ אידישען רעסטאָראַן און אָבעסען אַ ריכטיגען שבת'דיגען מאָהלצייט. נאָך דעם, ווי ער האָט אַזוי בעשלאָסען, האָט ער זיך גענומען צו ענדיגען די וואורשט מיט די לעבערלעך, און צו פערניכטען די שיריים, אַז זיין ווייב זאָל זיך ניט דערוויסען וואָס ער האָט געגעסען.

אָבער אונגליקליכערווייזע איז אַ שטיק סאַלאַמי וואורשט אַראָפּגעפאַלען אויפ'ן טעפּיך און דער שוים־הינטעל פון דער מאַדאַם, וואָס האָט זיך אַרומגעדרעהט אין דעם צימער, האָט דאָס אויפגעגעסען. די שטיקעל סאַלאַמי האָט דעם הונד פערשאַדט דעם מאָגען און ער האָט אַ ווייל׳ע שפּעטער גענומען סקאַוויוטשען. ווען די ווירטהין איז געקומען פון באַל און זי האָט געפונען איהר הינטעל סקאַוויוטשען פון בויכוועהטאָג, האָט די מאַדאַם גענומען איהר מאַן אויף אַ שטרענגען פאַרהער: „זאָג מיר, וואָס האָסטו דעם הונד געטהאָן?" אָבער זי האָט פון איהם גאָר ניט געקענט אַרויס־

קריגען. זי האָט געפיהלט, אַז די לופט אין צימער איז עפּעס ניט פריש און זי האָט געזאָגט צום מאַן: „עפען אַ פענסטער, פּליעס, עס שמעקט עפּעס מיט גע׳פּגר׳טע קעץ". נאָך דעם האָט זי גע־נומען דעם הינטעל אויף איהר שויס, אָנגעהויבען איהם צערטלען און קושען. קושענדיג דעם הינטעל אין פּיסקעל האָט זי דערפיהלט אַ שאַרפען ריח. „קנאָבעל!" האָט זי אויסגעשריען. „ווי אַזוי קומט צום הינטעלע קנאָבעל?"

קענדריקס לאַטימער דזשאָנסאָן איז געוואָרען אַ פּערציטער־טער. ער האָט מורא געהאַט צו ריהרען זיך פון אָרט, טאָמער וועט די מאַדאַם דערשפּירען, אַז דער זעלבער ריח הערט זיך פון איהם אויך. די מאַדאַם האָט איהם אָנגעקוקט מיט אַ חשד. דאַן איז זי צו איהם צוגעגאַנגען, זיך איינגעבויגען איבער איהם, און אין איין אויגענבליק איז זי אָבגעשפּרונגען צוריק מיט אַן אויסדרוק פון שרעק און עקעל.

זי האָט קיין וואָרט געזאָגט און איז אריין אין צימער מיט איהר הינטעל אויפ׳ן שויס, פון זיך אַראָבגעוואָרפען עטליכע זאַ־כען, און איז דאַן צוריק אַריין אין דעם צימער, וואו זי האָט איבער־געלאָזען איהר אידישען מאַן. זי איז אָבער אָנגעקומען אין דעם מאָמענט, ווען איהר מאַן האָט אַרויסגעטראָגען אַ פּעקעל צוזאַמענ־געדרעהטע, מיט פעטס בעשמירטע שטיקער פּאַפּיער. דער הינ־טעל האָט זיך אַרויסגעריסען פון איהר שויס און האָט אַ שפּרונג געטהאָן אויף דעם פּעקעל. דזשאָנסאָן האָט פון שרעק געלאָזט דעם פּעקעל פאַלען, און דעם טעפּיך האָט זיך אויסגעשאָטען די שיריים וואָס זיינען פערבליעבען פון זיין עסען: שטיקלעך וואורשט, שווארץ ברויט, אַ קאָפּ מיט איין עק פון אַ הערינג, און ברעקלעך פּאַסטראָמאַ, וועלכע קענדריקס לאַטימער דזשאָנסאָן האָט ניט בע־וויזען אַרויסצוטראָגען פון צימער בעצייטענס.

יעצט איז דער מאַדאַם אַלעס קלאָר געוואָרען. דאָך מיט אַ שיידונג האָט זיך די זאַך ניט געענדיגט. נאָך לאַנגע ארגומענטען, וועלכע זי האָט גערעדט הויך און ער — גאַנץ שטיל, איז ביי זיי אָבגעמאַכט געוואָרען אַ וואפּפענשטילשטאַנד מיט דעם בעדינג, אַז מר. דזשאָנסאָן מעג עסען זיינע כשר׳ע מאכלים פיעל ער וויל, אָבער דעם הונד טאָר ער זיך ניט וואַגען דאָס צו געבען.

# גאָלדסמיטה און סילווערסמיטה

## א סאָציאַל־עקאָנאָמישע שטודיע.

מיסטער גאָלדסמיטה איז געווען א „ריטאירד מוירטשענט". ווייסט איהר וואָס דאָס איז פאַר א מאכל? פרעגט ניט, עס איז שוין א גאַנץ טהייערער ביסען. א ריטאירד מוירטשענט הייסט: א מאַן וואָס האָט שוין געמאַכט אזוי פיעל געלד אין ביזנעס„ דאָס ער האָט גענוג אויף צו לעבען ווען ער וועט אַפילו ציהען אזוי לאַנג ווי תרח, און דארום גיט ער אויף זיינע געשעפטען אין גאַנצען, לעבט אויף דאָס גרייטע געלד, טהוט ניט אריין א פינגער אין קאַלטע וואַסער, פערברייינגט זיין צייט אָהן דאגות, אָהן ארבייט — אָט אזא מענש איז געווען מיסטער גאָלדסמיטה.

אום אונטערצושטופען א ביסעל די צייט פלעגט מיסטער גאָלד־סמטיה זיך אָבגעבען א ביסעל מיט פּאָקער־שפּיעל און א ביסעל מיט טשאַריטי (צדקה). ער איז אַליין געווען א בעאַמטער אין אַן אַנשטאַלט וועמעס צוועק איז געווען צו פערלייכטערען די לאַגע פון די אָרימע. אַלס בעאַמטער פלעגט מיסטער גאָלדסמיטה נעהמען א היבשע אינטערעסע אין די מיטינגען און די אַרבייט פון דעם אַנשטאַלט.

די צדקה וואָס דער אַנשטאַלט פלעגט טהאָן איז געווען א וויסענשאַפטליכע. אַלעס אין דער וועלט ווערט הייטע געטהאָן מיט וויסענשאַפט, אַפילו צדקה גיט מען שוין מיט וויסענשאַפט. און איינער, א גוטע קאָפּ, האָט שוין ערפונדען א פּאַטענט אויף א גאַנץ מאָדערנע זאָרט צדקה וואָס הייסט אין ענגליש „פּריוועגטיוו טשאַריטי" — עס הייסט אַז ווען איינער קומט נאָך הילפע, זאָל מען איהם אזוי פערמאַטערען מיט פראַגען, מיט ספּראַווקעס, און מיט עקזאַמענס, דאָס עס זאָל איהם ווערען פינסטער און ביטער און ער זאָל ענטלויפען וואו דער שוואַרצער פעפער וואַקסט, איידער ער זעהט נאָך א לעבעדיגען סענט. אָט דורך אַזעלכע מיטלען

ווילען די גוטע לייט מאַכען דעם שנאָרען א שווערע ארבייט, כדי מענשען זאָלען זיך צו דעם ניט אזוי גיך צוכאַפּען.

איינמאָל, דאָס איז געווען מיט א פּאָאָר יאָהר צוריק, אין מיטען ווינטער, האָט געזאָלט פאַרקומען א גרויסע קאָנפערענץ פון פאָרשטעהער פון פערשיעדענע וואָלטהאַטען פון פערשיעדענע שטעדט. די אויפגאַבע פון דעם קאָנפערענץ איז געווען דאָס די פאָרשטעהער זאָלען זיך צוזאַמענקומען, פאַרלעזען „פּייפּערס" (רע־פעראַטען) וועגען זייערע ערפאַהרונגען, און וואָס פאר מיטלען זיי האָבען אויסגעפונען צו בעקעמפּפען דעם דלות, דעם גרעסטען שונא פון דער מענשהייט.

מיסטער גאָלדסמיטה איז אויך געווען איינער פון די פאָר־שטעהער וואָס זיינען אויסגעוועהלט געוואָרען צו זיין אויפ'ן קאָנ־פערענץ און פאַרלעזען רעפעראַטען. דער סעקרעטער פון דער קאָנפערענץ האָט איהם בעצייטענס געלאָזט וויסען, אז ער וועט דארפען פאָרלעזען א רעפעראַט איבער דער פראַגע ווי צו בעפרייען די גאַסען פון בעטלער. מיסטער גאָלדסמיטה האָט זיך גלייך גע־נומען צו דער ארבייט פאָרצובערייטען די פערפאַסונג, און דער ערשטער שריט זיינער איז געווען צו מאַכען א ביסעל א שפּאַציער איבער די בויערי און פּאַרק־ראָו, וואו עס וואַנדערען ארום די היימ־לאָזע און די ארבייטסלאָזע, און זיך אליין צוקוקען ווי די „טרעמפּס" וואָס וואַלגערען זיך ארום אין יענע גאַסען שנאָרען פון די פאַרביי־געהענדע.

לאַנג וואַרטען האָט מיסטער גאָלדסמיטה ניט געדאַרפט. ער איז געקומען פון דער וועסט סייד מיט דער סאָבוויי ביים ברוקלין בריק, און ווי נור ער איז אָבגעגאַנגען א פּאָאָר שריט, האָט איהם אָבגעשטעלט א בלאַסער יונגער־מאַן מיט א שווארצער שפּיציגער בערדעל, און געזאָגט:

„פּליעז, סער, קענט איהר מיר פּילייכט געבען אויף א טאַסע קאַפּע און א סענדוויטש ?"

„זייט איהר הונגעריג ?" האָט געפרעגט מיסטער גאָלדסמיטה.

„שוין צוויי טעג ניט געגעסען", האָט דער בלאַסער יונגער־מאַן געענטפערט.

„אז איהר האָט צוויי טעג ניט געגעסען, טאָ ווארום האָט איהר

געוואַרט ביז איך וועל אָנקומען? אין די צוויי טעג זיינען דאָ דורכגעגאַנגען אַ סך מענשען וואָס וואָלטען אייך אפשר וועלען העלפען".

„סער!" האָט דער יונגער מאַן געזאָגט מיט אַ ציטריגע שטי־מע. איך בין צו שטאָלץ צו בעטלען. איך האָב געוואַרט און געוואַרט. איך האָב ניט געקענט בייקומען מיין שטאָלץ, אָבער יעצט צווינגט מיך דער הונגער".

„ווען האָט איהר געהאַט אייער לעצטען מאָהלצייט?"

„מיט 48 שטונדען צוריק, עס הייסט פּונקט צוויי מעת־לעת".

„ווי פיעל מאָל אַ טאָג פלעגט איהר עסען?"

„דריי מאָל אַ טאָג: פריהשטיק, מיטאָג און אבענד־ברויט".

„וואָס פאַר אַ מאָהלצייט איז געווען אייער לעצטער?"

„אבענד־ברויט".

„אויב אַזוי, דאַרפט איהר אייער תענית רעכענען פון אויף מאָרגענדיגען פריהשטיק, וואָס איהר האָט פערפעהלט, ניט פון דעם אבענד־ברויט וואָס איהר האָט געגעסען. קומט עס אויס אַז איהר האָט געפאַסט אונגעפעהר בלויז אַ 40 שטונדען".

„זאָל זיין אַזוי ווי איהר זאָגט", האָט דער יונגער מאַן געזאָגט אַראָבלאָזענדיג דעם קאָפּ. „אָבער אום גאָטעס ווילען, איך שטאַרב עסען".

„דאָס איז ניט ריכטיג", האָט געזאָגט מיסטער גאָלדסמיטה. „די וויסענשאַפט האָט בעוויזען אַז ווען אַ הונגעריגער האַלט ביים שטאַרבען, פיהלט ער ניט מעהר די שמערצען פון הונגער. הײנט ווי אַזוי קענט איהר זאָגען, אַז איהר שטאַרבט עסען? איך בין זיכער אַז דאָס קומט אייך אַלץ פון דער איינבילדונג דאָס איהר האָט געפאַסט 48 שטונדען. איך האָב אייך שוין בעוויזען אַז איהר האָט געפאַסט אַם מעהרסטען בלויז 40 שטונדען".

דאָ איז דער בלאַסער יונגערמאַן מיט דער שפּיציגער בערדעל געוואָרען אויסער זיך און מיט גרויס אויפרעגונג האָט ער אויס־געשריען:

„צו אַל די שוואַרץ יאָהר! איהר מוזט זיין איינער פון יענע וויסענשאַפטליכע צדקה־לייט. אַזעלכע לייט ווי איהר האָט מען געדאַרפט הײנגען צעהן אויף איין שטריק".

דער יונגערמאַן האָט אַ שפּיי געטהאָן און איז אַוועק.

אַז מיסטער גאָלדסמיטה איז געקומען אַהיים, האָט ער גענומען אויפשרייבען אויפ'ן פּאַפּיער זיינע ערפאַהרונגען פון דעם אָבענד. ער האָט נאָכגעשפּירט טרעמפּס וואָס האָבען זייערע אויסגעשנאָרטע געלד אַוועקגעטראָגען גלייך אין די ביער־שענקען. ער האָט אויך געזעהן אַזעלכע וואָס האָבען די אויסגעבעטעלטע געלד פערוועגדעט אויף עסען און נאַכט־לעגער. איבערהויפּט האָט ער מאריך געווען וועגען דעם בלאַסען יונגען־מאַן, וועלכען ער האָט פאָרגעשטעלט אַלס אַ מוסטער פון די טרעמפּס וואָס זאָגען חוצפּה'דיגע ליגענס, און שנאָרען ווייל זיי ווילען ניט אַרבייטען. ער האָט דעם אַרטיקעל אויסגעצויגען און בעוויזען אַז דער איינציגער וועג צו מאַכען אַן ענדע צו דיעזע בעטלעריי איז צו בעהאַנדלען די שנאָרער וויסענשאַפטליך, און זיי שטעלען אַזוי פיעל פראַגען, ביז עס וועט אַרויסקומען דער פאַקט אַז זיי דאַרפען קיין הילפע, אַז זיי זיינען פויל און ווילען ניט אַרבייטען.

פיער שטונדען האָט מיסטער גאָלדסמיטה פערבראַכט אויף שרייבען זיין רעפּאָרט, און ווען ער האָט געענדיגט האָט ער זיך געפיהלט שטאַרק צופריעדען.

דריי וואָכען שפּעטער איז געווען די קאָנפערענץ אין אָלבאַני. פון גאַנץ אַמעריקא האָבען זיך אַהין צוזאַמענגעקליבען מענשען וואָס גיבען זיך אָב מיט פערשיעדענע וואָהלטהעטיגע אַנשטאַלטען, אום צו בעשפּרעכען זייערע ערפאַהרונגען און פאָרצולייגען נייע פּלענער און וועגען ווי אַזוי צו העלפען די וואָס דאַרפען האָבען די הילף. דאָ זיינען געווען מענשען מיט פערשיעדענע אידעען. אַזעלכע וואָס האָבען געגלויבט אין געבען צדקה מיט וויסענשאַפט און אויך אַזעלכע וואָס האָבען געגעבען מיט האַרץ.

די קאָנפערענץ האָט געדאַרפט דויערען דריי טעג. אויף דער פּראָגראַמע פון דעם ערשטען טאָג איז געשטאַנען דער נאָמען פון איינעם „מיסטער לודוויג סילווערסמיטה פון באָסטאָן", און ער האָט געדאַרפט פאָרלעזען אַ רעפּאָרט איבער דער טהעמא „ווער גיט צדקה?" מיסטער גאָלדסמיטה האָט אין איהם דערקענט דעם זעלבען בלאַסען יונגענמאַן מיט דער שפּיציגער בערדעל, מיט וועל־

בען ער האָט זיך צוזאַמענגעראַפּען מיט דריי וואָכען צוריק ביי ברוקלין בריק.

אין דער ערשטער אויפרעגונג האָט מיסטער גאָלדסמיטה גע־וואָלט אויסשרייען: „לאָזט איהם ניט ריידען! עס איז אַ טרעמפּ, אַ שנאָרער!" אָבער באַלד האָט ער זיך בעדענקט, אַז עס איז בעסער ער זאָל וואַרטען ביז יענער וועט ענדיגען.

אָבער אַז מיסטער סילווערסמיטה האָט אָנגעהויבען צו ריידען, האָט מיסטער גאָלדסמיטה איינגעזעהן אַז ער האָט געמאַכט אַ גרויסען טעות, אָננעהמענדיג איהם פאַר אַ טרעמפּ ווען ער האָט איהם צום ערשטען מאָל בעגעגענט אין נויאָרק. מיסטער סיל־ווערסמיטה איז אויך אַ מאַן, וואָס גיט זיך אָפּ מיט טשאַריטי און פאַר זיין ספּעציעלען שטודיום האָט ער זיך אונטערנומען צו אונ־טערזוכען נ״ט די, וואָס נעהמען צדקה, נור די, וואָס גיבען.

„זעהר פיעל האָב איך אייך צו דערצעהלען וועגען מיינע ער־פאַהרונגען ווען איך האָב זיך פערשטעלט אַלס אָרימער טרעמפּ און איך בין אַרום בעטלען אויף דער בויערי, פאַרק ראָו, און ברוקלין בריק — האָט געזאָגט מיסטער סילווערסמיטה אין זיין פאָרטראַג. „איך האָב איינגעזעהען אַז די מייסטע וואָס זיינען גרייט צו העלפען אַ הונגעריגען טרעמפּ זיינען אַליין אָרימע מענשען, קליינע ביזנעס־לייט, אַרבייטער אָדער קאָמים. די רייכע לייט קעהרען זיך אָב מיט פעראַכטונג פון אַ טרעמפּ וואָס זיי בעגעגענען אין גאַס. זיי האָבען רק מורא טאָמער וועט דער אָרימער טרעמפּ נעהמען זייערע פינף סענט און אַוועקטראָגען אין ביער־שענק. דער אָרימאַן וואָס גיט פרעגט ניט קיין פראַגען. ווען אַ רייכער מאַן שענקט אַ מאָל זיין אויפמערקזאַמקייט צו אַן אָרימען טרעמפּ וועט ער איהם פער־וואַרפען מיט אַזוי פיעל פראַגען, אַז דעם אָרימען מענשען ווערט נאָך ערגער ווי ערגער. הערט אַ מעשה: זיך פערשטעלענדיג אַלס טרעמפּ האָב איך אָבגעשטעלט איינעם וואָס האָט אויסגעזעהן אַזוי ווי אַ מענש וואָס לעבט אין וואָוילטאָג, אָהן אַרבייט און אָהן דאגות. דאָס איז געוועזן איינער פון אונזערע וויסענשאַפטליכע צדקה־לייט. אַז איך האָב איהם אָבגעשטעלט און געבעטען אויף קאָפּע מיט אַ סענדוויטש, זאָגענדיג אַז איך האָב 48 שטונדען ניט געגעסען, האָט ער מיר גענומען שטעלען אַזוי פיעל פראַגען וואָס וואָלטען אַרויס־

געבראַכט פון געדולד דעם קאָלטבלוטיגסטען מענשען", און דאָ האָט מיסטער סילווערסמיטה איבערגעגעבען וואָרט פאַר וואָרט דעם גאַנצען געשפּרעך צווישען איהם און מיסטער גאָלדסמיטה.

די גאַנצע צייט איז מיסטער גאָלדסמיטה געזעסען ווי אויף שפּילקעס. און נאָך איידער מיסטער סילווערסמיטה האָט געענ־דיגט זיין פאָרטראַג, האָט זיך מיסטער גאָלדסמיטה ארויסגערוקט פון דעם זאַל, איז אוועק נאָך זיין האָטעל, גענומען זיין רייזע־זעקל און זיך אַרויפגעזעצט אויף דעם ערשטען צוג וואָס איז געגאַנגען נאָך נויאָרק. ער איז געשטאַנען אויף דער פּראָגראַמע מיט אַ טאָג שפּעטער. אָבער דער פּאָרזיצענדער פון קאָנפערענץ האָט אַנאָנ־סירט אז מיסטער גאָלדסמיטה האָט איהם טעלעגראַפירט, דאָס ער האָט געמוזט זיך צוריקקעהרען נאָך נויאָרק צוליעב דרינגענדע פאַ־מיליען־אנגעלעגענהייטען.

# דער פערשוואונדענער מיליאָנער

מיסטער סאָלאָמאָן גומפּריך האָט ערהאַלטען אַן איינלאַדונג צו קומען צו אַ וויכטיגען מיטינג וואָס דאַרף שטאַטפינדען אין דער שוהל פון דער חברה „אנשי האָצע־פּלאָצע“, לודלאָוו סטריט, אום פּונקט האַלב נאָך זיעבען, מיטוואָך אבענד. „העף פּאַסט סעווען שאַרפּ“ איז אויף דער איינלאַדונג געשטאַנען.

מיסטער גומפּריך האָט געוואוינט אין דעם אריסטאָקראַטישען טהייל פון דער פינפטער עווענױ, נויאָרק, און איז געווען בע־וואוסט אַלס אַ גרויסער בעל־צדקה. אָבוואָהל ער איז געווען אַ דייטשער יהודי, און האָט שטאַרק שטאָלצירט מיט דעם, האָט ער דאָך גענומען אַ גרויסע אינטערעסע אין אַלע קהל׳שע אַנגעלעגענ־הייטען פון די רוסישע אידען וואָס וואוינען דאַון־טאַון. די רוסישע אידען האָבען אַנערקענט זיין גוטע הארץ און זיין גוטע ארבייט. זיי האָבען איהם געליעבט און געאַכטעט, פּשוט געהאַלטען פאַר אַ הייליגען, און האָבען איהם אָפט איינגעלאַדען צו זייערע מיטינגען. עס פערשטעהט זיך, אַז מר. גומפּריך פלעגט נור אָננעהמען איינע פון הונדערט פון די איינלאַדונגען. פאַר די איבעריגע מיטינגען פלעגט ער יוצא זיין מיט אַ העפליכען בריעף וואָס אַ סעקרעטער פלעגט פאַר איהם אָנשרייבען, און זיך ענטשולדיגען אַז ער קען ניט קומען, און אַז דאָס טהוט איהם הערצליך לייד, און אַזוי ווייטער.

אָבער די איינלאַדונג פון דער חברה „אנשי האָצע־פּלאָצע“ האָט ער אָנגענומען. ערשטענס איז דאָס געווען צוליעב אַ גרויסע וואָהלטהאַט אין וועלכער מיסטער גומפּריך איז געווען פּעראינטע־רעסירט; און צווייטענס, איז ביי איהם צו יענער צייט געקומען צו־גאַסט אַ פּלימעניצע — אַמאָליע גומפּריך האָט זי געהייסען — איז געווען אַ שעהנע ברונעטקע פון דעם זיד־אַמעריקאַנישען טיפּ, פול מיט לעבען און אינטערעסע אין לעבען. זי האָט געבעטען דעם אָנקעל ער זאָל איהר צייגען אַ ביסעל דעם לעבען אויף דעם אידישען קוואַרטאַל, און דער אָנקעל האָט בערעכענט אַז יעצט אין

געקומען די גוטע געלעגענהייט. ער וועט זי נעהמען צום מיטינג און דאַן מאַכען אַ ביסעל אַ שפּאַציער איבער דעם אידישען קוואַרטאַל.

מיסטער גומפּריך איז געווען אַ פּינקטליכער מענש, אַזוי ווי אַ ריכטיגער דייטש, און ער האָט געוואָלט קומען צו דער ריכטיגער צייט האַלב נאָך זיעבען. אָבער פּרויען האָבען אַלע איין טבע — זיי פערשפּעטיגען זיך. נו, האָט מיסעס אַמאַליע גומפּריך, די שעהנע פּלימעניצע פון דעם אידישען מיליאָנער, זיך אַביסעל פער־שפּעטיגט מיט איהר טואַלעט, און ווען זי איז שוין פערטיג געווען צו געהן מיט איהר אָנקעל, האָט דער זייגער אָבגעשלאָגען די האַלבע שטונדע נאָך זיעבען.

זיי זיינען אָבגעפאָהרען אין מיסטער גומפּריך׳ס אָטאָמאָביל ביז אַ געוויסען פּונקט אויף גרענד סטריט, אַ פּאָאָר גאַסען ווייט פון דעם אָרט וואו דער מיטינג האָט געזאָלט שטאַטפינדען. דאָ האָבען זיי אויסגעשטיגען און מיסטער גומפּריך האָט געזאָגט צו דעם שאָפיר:

„פאָהר צוריק אַהיים“. איך וועל טעלעפאָנירען ווען און וואו צו קומען נאָך אונז“.

מיסטער גומפּריך האָט געוואָלט אויסמיידען די אויפמערק־זאַמקייט וואָס אַ רייזע אין אַן אָטאָמאָביל וואָלט מאַכען. ער האָט געוואוסט, אַז מען וויל זעהן די איסט סייד און שטודירען דעם לעבען פון דעם קוואַרטאַל דאַרף מען קומען שטיל און אָהן איבע־ריגען גלאַנץ.

אָבער קומענדיג צו דער שוהל פון דער חברה „אנשי האָצע־פּלאָצע“, איז ער געוואָרען איבערראַשט. די טהירען זיינען געווען אָפען, אָבער אַלע ביינקלעך זיינען געווען ליידיג. בלויז איין מענש, וואַהרשיינליך דער שמש, איז געזעסען אין אַ ווינקעל און געשלאָפען.

מיסטער גומפּריך האָט אַרויסגענומען זיין זייגער. עס איז שוין געווען האַלב נאָך אַכט.

„דער מיטינג האָט געמוזט זיין זעהר אַ קורצער“, האָט ער געזאָגט צו זיין פּלימעניצע. „מיר זיינען געקומען אַ שטונדע צו שפּעט, און זיי האָבען שוין געענדיגט זייער זיצונג“.

„אָה, אָנקעל“, האָט די שעהנע פּלימעניצע געזאָגט. „עס טהוט

מיר ווירקליך לייד דאָס איבער מיר האָט איהר פערשפעטיגט. אָה, ליעבער אָנקעל, ענטשולדיגט מיר!"

„אָה, עס מאַכט ניט!" האָט דער אָנקעל זי געטרייסט און איהר אַ לייכטען קניפ געטהאָן אין בעקעל. לאָמיר געהן, איך וועל דיר ציינגען דעם אידישען קווארטאל".

דער אָנקעל מיט דער פלימעניצע האָבען זיך אוועקגעלאָזט איבער דאַון־טאַון, און אַ צעהן מינוטען נאָכדעם ווי זיי זיינגען אַרויס פון דער שוהל, זיינען אריין עטליכע אידען אויף אַ מאָל, איינער פון זיי מיט אַ פּאָאָר ביכער אונטער'ן אָרעם.

דער מאַן מיט די ביכער אונטער'ן אָרעם האָט אַ טרייסל געטהאָן דעם שלאָפענדיגען שמש און געפרעגט:

„דאָ געוועזן ווער?"

„קיינער נישט", האָט געענטפערט דער שמש רייבענדיג די אויגען, אזוי ווי ער האָט זיך געמאַטערט צו פערטרייבען פון זיך דעם שלאָף.

„אַ מאָדנע זאַך מיט אונזערע אידען!" האָט געזאָגט דער מאַן מיט די ביכער, וועלכער איז געווען דער סעקרעטער. „איך שרייב אין די איינלאַדונגען, אז מען זאָל קומען העף פּאַסט סעווען שאַרפּ (פּונקט האַלב נאָך זיעבען), און יעצט איז שוין צוואַנציג מינוטען צו ניין".

„אָט קומען מיסטער רעטאַך, מיסטער קוואָסיאָל, מיסטער שפּיטץ, מיסטער לאַנגערמאַן, גוט אָוועגד, אידען, גוט אָוועגד אייך!"

דאָס האָט אויסגערופען אַ מאַן וואָס איז געקומען מיט'ן סעק־רעטער, דער פּרעזידענט.

ביי אַ פערטעל נאָך ניין זיינען שוין געווען צוויי דריטעל פון די איינגעלאַדענע און מען האָט אָנגעהויבען צו פיהרען דעם מיטינג.

דער פּרעזידענט איז געווען זעהר שטאַרק ענטטוישט, וואָס מיסטער גומפּריך איז ניט געקומען, ווייל ער האָט מיט אַ פּאָאָר טעג צוריק ערהאַלטען פון איהם אַ בריעף אין וועלכען יענער האָט פערזיכערט צו קומען בעצייטענס. דער פּרעזידענט האָט בעשלאָ־סען אָנצופרעגען מיסטער גומפּריך'ן אויפ'ן טעלעפאָן. דאָס איז שוין געווען ביי האַלב נאָך ניין.

די אַנטוואָרט איז געקומען אַז מיסטער גומפּריך האָט פערלאָזען זיין הויז צו געהן צום מיטינג נאָך אום האַלב נאָך זיעבען, אַז ער איז אָבגעפאָהרען אין זיין אָטאָמאָביל, אַז דער אָטאָמאָביל האָט איהם אראָבגעלאָזען ניט ווייט פון דער שוהל, און אַז עס איז גאָר קיין צווייפעל ניט, אַז ער איז געגאַנגען צום מיטינג.

דער פּרעזידענט האָט איבערגעגעבען דעם בעריכט וועגען מיסטער גומפּריך'ען צו די פערזאַמעלטע, און אַלע זיינע געווען פערוואונדערט און שטאַרק אונצופריעדען. מען האָט ערוואַרט פון מיסטער גומפּריך אַ גרויסע נדבה.

אין אַ האַלבע שטונדע אַרום האָט מען דעם פּרעזידענט פון דער חברה „אנשי האָצע־פּלאָצע" גערופען צום טעלעפאָן.

„העלאָו, ווער איז דאָס?" האָט דער פּרעזידענט געפרעגט.

„דאָס איז מיסעס גומפּריך", האָט געענטפערט אַ שטימע פון טעלעפאָן. „איך וויל וויסען אויב מיין מאַן איז שוין געקומען צום מיטינג".

„ניין", האָט געענטפערט דער פּרעזידענט.

„האָט איהר פיעלייכט פון איהם געהערט?"

„אַ וואָרט נישט!"

„גאָט אין הימעל! עפּעס האָט געמוזט מיט איהם פּאַסירען!" די שטימע פון טעלעפאָן איז געווען זעהר אויפגערעגט.

מיסטער גומפּריך און זיין שעהנע פּלימעניצע האָבען דערווייל זיך גאַנץ שעהן אַמוזירט אויף גרענד סטריט. זיי האָבען געזעהן איין אַקט פון אַ נייע אידישע פּיעסע, זיי האָבען בעזוכט אַ קאָנצערט האָל, אַ טהעאַטער פון מואווינג פּיקטשורס, און זיי האָבען געגעסען רוסישע באָרשט מיט אונגאַרישען גולאַש אין אַ רעסטאָראַן וואו עס קומען זיך צוזאַמען די לעבע־יונגען פון קוואַרטאַל. עס איז זיי גאָר ניט איינגעפאַלען וואָס פאַר אַ טרעוואָגע עס האָט זיך אויפגעהויבען צוליעב זיי און צוליעב דעם וואָס מיסעס גומפּריך האָט זיך ניט געקענט ערקלעהרען וואו זיי זיינען אַהינגעקומען. עס איז ווערטה צו בעמערקען אַז מיסעס גומפּריך האָט געהאַט דעם פּעהלער וואָס אַפילו מאַנכע גאַנץ קלוגע פרויען האָבען. נעמליך, ווערען אייפערזיכטיג אָהן אַן אורזאַכע. זי האָט געוואוסט אַז איהר מאַן איז פיין און אָרענטליך, און אַז זייער פּלימעניצע איז אַ

מלאך אין אַ קליידעל, און דאָך האָט איהר עפּעס געמוטשעט דער געדאַנק אז איהר מאַן האָט מעהר פערגניגען אַרויסצוגעהן מיט זייער פלימעניצע אַלס מיט איהר.

ווען זי האָט זיך דערוואוסט אַז איהר מאַן מיט דער פלימעניצע האָבען זיך גאָר ניט בעוויזען אויף דעם דאַון־טאַון מיטינג, איז איהר דאַן אַ שרעקליכער געדאַנק איינגעפאַלען אין מח: פיליכט איז די גאַנצע מעשה מיט דעם מיטינג געווען בלויז אַן אויסרייד איהר אָבצונאַרען — זי האָט געבראָכען מיט די הענד, געביסען איהרע ליפּען, און זיך געמאַטערט מיט אַלע קרעפטען צו פערטרייבען די שרעקליכע געדאַנקען פון איהר קאָפּ.

„און פיעלייכט האָט זיי געטראָפען אַן אונגליק", האָט זי גע־טראַכט. „אויף דער איסט סייד זיינען דאָ אַזוי פיעל שרעקליכע פערברעכער".

ביי דיעזען געדאַנק האָט זי מעהר ניט געקענט איינרוהען. זי האָט גענומען דעם טעלעפאָן, אָבגערופען די פּאָליציי, און גע־מעלדעט וועגען דעם פערשווינדען פון איהר מאַן מיט דער פלי־מעניצע.

אין דער פּאָליציי איז געוואָרען אַ גרויסער גערודער. מיסטער גומפּריך איז געווען גוט בעקאַנט מיט'ן פּאָליס קאָמישיאָנער. באַלד האָט דער קאָמישיאָנער טעלעפאָנירט צו אַלע פּאָליציי־קוואַרטאַלען און צו אַלע האָספּיטעלער וועגען אַ שפּור פון דעם פערשוואונדענעם מיליאָנער מיט זיין פלימעניצע. אין פּאָליס העדקוואָדערס האָט מען אויך גערעכענט, אַז מיט זיי האָט פּאַסירט אַן אונגליק, אָדער אַז דער אידישער מיליאָנער און זיין פלימעניצע זיינען געפאַלען אַלס אָפּפער פון אַן איטאַליענישע מערדער־באַנדע. אָבער אַ צייטונגס־שרייבער, וואָס האָט זיך געפונען אין דער פּאָליציי, האָט געשמייכעלט. ביי איהם האָט זיך די מעשה געלייגט אויפ'ן שכל גאַנץ אַנדערש. אַז אַן אָנקעל ווערט פערשוואונדען מיט אַ שעה־נער פלימעניצע מוז אין דעם זיין עפּעס אַנדערש.

אום האַלב נאָך עלף האָט מיסטער גומפּריך'ס שאָפיר ערהאַל־טען אַ טעלעפאָן צו קומען נאָך מיסטער גומפּריך אין אַ רעסטאָראַן אויף גרענד סטריט.

דער שאָפיר האָט טעלעפאָנירט צו מיסעס גומפריך אַז איהר מאַן לעבט און איז געזונד און אַז ער קומט באַלד.

האַלב נאָך צוועלף האָט זיך מיסטער גומפריך'ס אָטאָמאָביל אָבגעשטעלט נעבען אַ גרענד סטריט רעסטאָראַן, וואו עס האָט געשפּיעלט מוזיק. דער רעסטאָראַן האָט דאַן איבערגעלעבט די קאָכעדיגסטע צייט. דאַמען און הערען, ערשט פון טהעאַטער, זיינען געקומען זיך אָנשטאָפּען מיט די בעסטע זאַכען פון עולם הזה. אַ רוסישער אָרקעסטער האָט געשפּיעלט אַ פרעהליכע שפּאַנישע מעלאָדיע און אַ גאַליציאַנישע זינגערקע האָט צוגעזונגען.

אַ קעלנער האָט אָנגעזאָגט מיסטער גומפריך אַז זיין אָטאָ־מאָביל וואַרט אין דרויסען און אַז דער שאָפיר זאָגט דאָס ער מוז פאָהרען גלייך אַהיים.

„וואָס איז געשעהן?" האָט מיסטער גומפריך געפרעגט זיין שאָפיר, ווען ער איז געווען אין דרויסען.

„אייער פרוי איז זעהר אונרוהיג. מען האָט איהר אָנגעפרעגט פון מיטינג אויפ'ן טעלעפאָן ווארום איהר זייט ניט געקומען, און זי האָט ניט געוואוסט וואו איהר געפינט זיך ווי באַלד איהר זייט צום מיטינג ניט געגאַנגען. זי האָט געמיינט, אַז אַן אונגליק האָט אייך פּאַסירט. די פּאָליציי זוכט אייך אויך".

מיסטער גומפריך איז געווען שטאַרק איבערראַשט. ענדליך האָט ער זיך בעדענקט און געפרעגט:

„אום ווי פיעל אוהר האָט מען נאָך מיר טעלעפאָנירט פון דעם מיטינג־פּלאַץ?"

„איך דענק, אַז אום האַלב נאָך ניין", האָט דער שאָפיר גע־ענטפערט. „ניט פריהער ווי אַ פערטעל נאָך ניין".

„לאָמיר קיין צייט פערלירען", האָט אויסגערופען די פּלימע־ניצע. „די טאַנטע וואַרט אויף אונז מיט אונגעדולד".

„איך מוז אַריין צוריק אין רעסטאָראַן", האָט מיסטער גומפריך געזאָגט, „און טעלעפאָנירען דער פּאָליציי אַז איך בין ניט פער־שוואונדען און אַז איך לעב, אַז ניט וועלען מאָרגען אַלע צייטונגען זיין פול מיט מיין פערשווינדען".

אַרויסקומענדיג צוריק פון רעסטאָראַן האָט מיסטער גומפריך געזאָגט צו זיין פּלימעניצע:

„איך האָב שוין דיין טאנטע בערוהיגט. זי לאַכט שוין דאָרט. דער גאַנצער טעות שטאַמט פֿון דעם וואָס מיר זיינען געקומען צום מיטינג צו פריה, ווען קיינער איז נאָך ניט געווען, און מיר זיינען אוועק מיינענדיג אַז עס איז שוין נאָכ'ן מיטינג".

„יעס, אָנקעל", האָט געזאָגט אַמאַליע, „איך האָב היינט זעהר פיעל געלערענט וועגען אייער איסט סייד, אָבער די אינטערעסאַנ־טעסטע זאַך וואָס איך האָב ערפאַהרען איז דאָס, וואָס אַז מען דאַרף האָבען אַ מיטינג אום האַלב נאָך ניין שרייבט מען אין די איינלאַדונגען, אַז מען זאָל קומען פונקט אום האַלב נאָך זיעבען".

# מר. שטאָקרייך און זיין טאָכטער

מיסטער שטאָקרייך האָט איינגעזעהן, דאָס ער קען שוין זיך פערגינען אזא זאַך, א הויז אין רעכטען אויבען־אָן פון ריווער־סייד־דרייוו, נויאָרק, דאָרט וואו עס וואָהנען אַלע מיליאָנערען וואָס האָבען ליעב צו לעבען. ווען די שכנים ארום האָבען זיך דער־וואוסט ווער עס ציהט אריין אין זייער געגענד, האָבען זיי פער־קרימט די נעזער. אין א האָטעל קען מען אויספיהרען, אז מען זאָל א אידען ניט אריינלאָזען, אָבער ווער קען פערוועהרען א אידען צו וואָהנען אין זיין הויז וועלכע ער אַליין האָט געקויפט?

מיסטער שטאָקרייך האָט געפיהלט, אז ער איז ניט זעהר צו־ליעב ביי די שכנים. זיי וועלען בעסער ווערען — האָט ער זיך געטראַכט. זיי מיינען אז א איד איז קאַרג, ליעגט אויף זיין גאָלד און ווייסט ניט ווי צו לעבען אויף דער וועלט. איך וועל זיי צייגען אַז א איד ווייס אויך צו לעבען ווי א מענש. זיי וועלען ענדערען זייער מיינונג וועגען מיר. זיי וועלען מיך מיט דער צייט רעס־פעקטירען און נאָך רעכענען פאַר אַן עהרע ווען איך וועל זיי איינ־לאַדען צו מיין טיש.

אזוי האָט זיך געטראַכט מיסטער שטאָקרייך, און ער האָט גענומען פלייסיג ארבייטען צו געפינען חן אין די אויגען פון זיינע אַריסטאָקראַטישע שכנים. ער האָט בעשטעלט א בעוואוסטען אר־כיטעקט, איבערצומאַכען און איבערצובויען זיין הויז אזוי אז עס זאָל אויסזעהן שעהנער פון אַלע הייזער אַרום. דער ארכיטעקט האָט פאַר דער ארבייט בעקומען א גרויסען מקח, און דאַרום האָט ער ניט געזשאַלעוועט קיין מיה, און ער האָט מיסטער שטאָקרייך'ס הויז פערוואַנדעלט אין א פּרעכטיגען פּאַלאַסט, א צויבער־שלאָס. „יעצט וועלען די שכנים וויסען ווער איך בין!" האָט געזאָגט צו זיך מיסטער שטאָקרייך. אָבער אויף די שכנים האָט די פער־ענדערונג פון דער הויז געמאַכט א גאַנץ אַנדערע ווירקונג. זיי האָבען די געביידע ערקלעהרט אַלס א מוסטער פון גראָבען געשמאַק,

פון אַ חשק אַרויסצואווייזען זיך און שטעלען אַלעמען די אויגען מיט אַרויסגעוואָרפענע געלד. מיסטער שטאָקרייך האָט זיך געשאַפט דעם בעסטען אויטאָמאָביל פאַר זיין פרוי און זיין טאָכטער, אויך די שענסטע קליידער און ציערונג. אָבער וואָס מעהר מיסטער שטאָקרייך האָט געזוכט זיך אַרויסצוצייגען מיט זיין ברייטער האַנד, אַלץ ווייטער האָבען זיך זיינע שכנים אָבגערוקט פון איהם, אַלץ מעהר האָבען זיי איהם אויסגעמיידט.

יעדען שעהנעם פריהמאָרגען נאָך פריהשטיק, און יעדען שעהנעם נאָכמיטאָג נאָך „לאָנטש" פלעגען מיסעס שטאָקרייך און איהר איינציגע זיעבצעהן־יעהריגע טאָכטער, מיס אַנאַבעל, אַרויספאָהרען אין זייער אויטאָמאָביל שפּאַציערען פאַזע דעם שעהנעם טייך האָדסאָן. ביידע פלעגען זיין אָנגעטהאָן אין די פיינסטע אויטאָמאָביל־קליידער, אימפּאָרטירט דירעקט פון די פּאַריזער מאָדיסטען. אַ שאָפיר, וואָס איז אויך געווען אָנגעטהאָן אין אַן אימפּאָרטירטען יוניפאָרם, האָט געטריבען דעם אויטאָמאָביל, פאַר וועלכען מיסטער שטאָקרייך האָט בעצאָהלט זעכצעהן טויזענד דאָלער, און וועלכער עס קאָסט איהם ביי נאָך זעקס טויזענד דאָלאר אַ יאָהר אויסצוהאַלטען.

אויף דער רייזע פלעגען זיי זיך בעגעגענען מיט שכנים פון דער גאַס וואו זיי האָבען געוואָהנט, מיט שכנים וואָס האָבען געוואָהנט נעבען זיי אַ טהיר נעבען אַ טהיר, אָבער קיינער פון די שכנים האָט זיי געשענקט אפילו אַ פריינדליכען בליק.

מיסעס שטאָקרייך האָט זיך געפיהלט זעהר שטאַרק געקריינקט, אָבער די יונגע מיס אַנאַבעל האָט געשיינט צו זיין גלייכגילטיג צו דעם. ווען איהר מוטער פלעגט אָנהויבען ריידען צו איהר פון די פערעכטליכע בליקען, וואָס די שכנים פערטהיילען איהר, פלעגט די טאָכטער ערקלעהרען אַז עס הויבט איהר גאָר ניט אָן צו אַארען. מיס אַנאַבעל איז געווען פערנומען מיט איהר שטודיום, מיט איהרע מוזיק לעסאָנס, און דערצו פלעגט זי אָפט בעזוכען אַן אַנשטאַלט פאַר קליינע יתומים, אין וועלכע איהר פאָטער, צוליעב זיין געלד און איינפלוס, האָט פערנומען אַ וויכטיגען עהרען־אַמט.

און אַנאַבעל שטאָקרייך איז געוואַקסען אַזוי ווי אַ בלום. זי איז געווען שעהן ווי זיעבען זונען, און אין איהר יעדען שטריך האָט

זיך אָבגעשפּיגעלט די גוטסקייט און די עדעלקייט פון איהר נשמה. איהר האָבען קיינמאָל ניט געקימערט די שטעכעדיגע בליקען פון די שכנים, נור ווען זי פלעגט פאָהרען מיט איהר מוטער אין זייער אויטאָמאָביל, און זי פלעגט זיך בעגעגנען מיט די אויגען פון אָרימע מאַמעס און קינדער, וועלכע פלעגען קוקען אויף איהר מיט קנאה, מיט א בליק וואָס זאָגט: „דו האָסט אַלעס, מיר — גאָר נישט“, דאַן פלעגט איהר האַרץ אָנהויבען וועה צו טהאָן, און זי פלעגט ווערען אומעטיג.

אין דעם זעלבען בלאָק וואו די שטאָקרייכס האָבען געוואָהנט, האָט אויך געוואָהנט מיסטער מאָניבעג, א פיעלפאַכער אמעריקאַנער מיליאָנער, וועלכער איז אויך געווען בעוואוסט אַלס גרויסער „דאַמען פריינד“. ער איז געווען פערמישט אין איינינע סקאַנדאַלען, נור זיין גרויסער רייכטהום האָט איהם בעשיצט און אָבגעהיט פון געפענגנים. מיסטער מאָניבעג איז שוין געווען אין די עלטערע יאָהרען; גרוי און שוואַך אויף די פיס און זיינע הענד האָבען געציטערט. דאָך אַפילו אין דיזע עלטערע יאָהרען פלעגען די צייטונגען גאַנץ אָפט אויפגראָבען ווענען איהם א שטיקעל סקאַנדאַל, וועלכער פלעגט באַלד פערשטיקט ווערען.

אָט דיזער מיסטער מאָניבערג האָט געוואָרפען אַן אויג אויף דער שעהנער מיס אַנאַבעל. איהר שעהנער אונשולדיגער פּנים האָט אין איהם ערוועקט געפיהלען גאַנץ אַנדערע פון די, וואָס עס פלעגען אין איהם ערוועקען די פּנים'ער פון די אַקטריסעס און די קאָהרמיידלעך, מיט וועלכע דער מיליאָנער האָט זיך געבאָדען אין וואוילטאָג און גענוס זיין גאַנצען לעבען. ער האָט אין אַנאַבעל'ס געזיכט געזעהן א גאַנץ אַנדער שעהנקייט, א גאַנץ אַנדער חן, און ווען ער האָט זיך איין מאָל געטראָפען מיט איהר פּנים אל פּנים נעבען זיין הויז, האָט ער אָראָבגענומען זיין הוט און זיך העפליך פערנייגט.

אַנאַבעל האָט איהם געענטפערט מיט א לייכטען, קוים בעמערקבאַרען נייג מיט'ן קאָפּ. מיסעס שטאָקרייך, וועלכע איז געגאַנגען מיט איהר טאָכטער, האָט זיך א בוק געטהאָן און אויסגעצויגען איהר מויל אין א לאַנגען, ברייטען שמייכעל, אזוי ווי זי וואָלט האַלטען אין דערשלינגען אַן אויסטער.

„וואָס איז מיט דיר, מיין טאָכטער?“ האָט מיסעס שטאָקרייך

געפּרעגט. „דו ביזט געווען צו שטאָלץ געגען מיסטער מאָניבעג. האָסט בעדאַרפט מעהר ארויסצייגען דיין צופריעדענהייט מיט זיין אנערקענונג."

„מאַמאַ", האָט אנאַבעל געענטפערט. „מיסטער מאָניבעג האָט ניט ריכטיג געהאַנדעלט. א דזשענטעלמאַן דאַרף קיין מאָל ניט בעגריסען א ליידי אין גאַס, סיידען זי בעגריסט איהם צוערשט."

„אָבער, טאָכטער מיינע, פערגעס ניט ווער מיסטער מאָניבעג איז! אזא מאַן!"

„יעס, מאַמאַ, איך האָב געהערט גענוג וועגען איהם, מעהר ווי א מיידעל פון מיינע יאָהרען דאַרף וויסען. גענוג, מאַמאַ, לאָמיר ריידען וועגען אנשטענדיגערע מענשען."

אָבער מיסעס שטאָקרייך איז ניט געווען איינפערשטאַנדען מיט איהר טאָכטער, און זי האָט זיך מיט דער עהרע בעריהמט, וויבאַלד עס האָט זיך איהר געמאַכט א געלעגענהייט.

---

א קורצע צייט איז אריבער. אנאַבעל איז געוואָרען 18 יאָהר אַלט, און צו איהר געבורטסטאָג האָבען איהרע עלטערן געמאַכט א שעהנעם באַל. די צאָהל פון די געסט וואָס מען האָט איינגעלאַדען, איז ניט געווען גרויס, אָבער דערפאַר זיינען זיי געווען „סעלעקט", אויסגעוועהלט, מן המובחר, און געקומען זיינען זיי אין די פיינסטע אָטאָמאָבילס. איינינע קריסטען זיינען אויך געווען צווישען די געלאַדענע געסט, אָבער ניט די אריסטאָקראַטען פון דער גאַס, וואו די שטאָקרייכס האָבען געוואָהנט.

ווי איבערראַשט זיינען געווען מיסטער און מיסעס שטאָקרייך, ווען אין דעם אבענד פון דעם באַל האָט א דיענער פון מיסטער מאָניבעג געבראַכט א שעהנעם בוקעט און אויף די בלומען איז געהאַנגען א קאַרטעל מיט פאָלגענדע אויפשריפט:

מר. טשאַנסי מאָניבעג
מיט בעסטע ווינשע

דער דיענער וואָס האָט דעם בוקעט געבראַכט האָט פון מיסטער שטאָקרייך בעקומען א פינף דאָלאַר גאָלד שטיק טרינק־געלד. דער בוקעט איז אויסגעשטעלט געוואָרען פון אויבען אָן, צווישען די פּרע־

זענטען פון פון די אַנדערע געסט. מיסטער און מיסעס שטאָקרייך האָבען זיך געפונען זעהר געשמייכעלט.

אין אַ פּאָר טעג אַרום האָט מיסטער מאָניבעג'ס דיענער וויעדער געבראַכט אַ בוקעט מיט מיסטער מאָניבעג'ס קאַרטעל אויף דעם, זאָגענדיג אז דאָס איז פאַר מיס אַנאַבעל שטאָקרייך. מיסטער שטאָקרייך האָט דעם דיענער וויעדער אַריינגערוקט אַ פינף דאָלער גאָלד־שטיק.

„נאָך אַמאָל אַז ער שיקט אַהער אַ בוקעט, וועל איך דאָס הייסען צוריקנעהמען", האָט געזאָגט מיס אַנאַבעל. „איך וויל ניט אָננעהמען די מתנות פון דיזען מאַן. איך האָב איהם ניט ליעב."

„אָבער טאָכטער מיינע!" האָט אויסגערופען מיסעס שטאָקרייך. „אַזאַ עהרע! עס זיינען דאָ מענשען וואָס וואָלטען זיך לאָזען קאָסטען טויזענדער דאָלער פאַר אַזאַ עהרע. דו דאַרפסט שטאָלצירען, מיין טאָכטער, דאָס אַזאַ מאַן שענקט דיר אַזוי פיעל אויפמערקזאַמקייט."

„איך האָב געהערט און געלעזען גענוג וועגען איהם". האָט די טאָכטער געזאָגט. „זאָל זיין גענוג".

דריי וואָכען זיינען אַריבער. מיסטער מאָניבעג'ס דיענער פלעגט ברענגען אַ בוקעט אַ טאָג איבער אַ טאָג. אין דער לעצטער וואָך האָט ער אָנגעהויבען צו ברייננגען אַ בוקעט יעדען טאָג. די יונגע מיס אַנאַבעל האָט אייניגע מאָל געוואָלט צוריק שיקען די בוקעטען, אָבער איהרע עלטערן האָבען עס ניט דערלאָזען. זיי האָבען נאָך אַלץ בעשאָנקען מיסטער מאָניבעג'ס שליח מיט פינף דאָלערדיגע גאָלדענע מטבעות.

ענדליך איז די געשיכטע געוואָרען זעהר איבערדריסיג צו מיס אַנאַבעל. זי האָט בעשלאָסען אָנצושרייבען אַ בריעף צו מיסטער מאָניבעג און מאַכען אַ סוף צו די בוקעטען. פאָלגענדען בריעף האָט זי אַוועקגעשיקט:

מיסטער מאָניבעג,

ניו יאָרק.

דיער סער: זיעט דריי וואָכען אַז איהר צייגט מיר אַרויס איין אונפערדיענטע גוטסקייט, שיקענדיג מיר בוקעטען דורך אייער דיענער פאַסט יעדען טאָג. וועהרענד איך האַלט עס פאַר אַ גרויסע עהרע, פיהל איך דאָך,

אז אזא אונפערדיענטע פריינדשאַפט קען פיהרען צו מיספערשטענדניסע. איך פון מיינער זייטע וואָלט איך זיין זעהר דאַנקבאר ווען איהר וואָלט אויפהערען מיר צו שיינקען אזוי פיעל אויפמערקזאמקייט.

מיט'ן טיעפסטען רעספעקט,

מיסס אנאבעל שטאָקרייך.

צו איהרע עלטערן האָט זי א וואָרט ניט געזאָגט פון דעם בריעף, וועלכען זי האָט געשיקט דורך דער פאָסט.

אין דעם זעלבען אבענד איז אָנגעקומען פאָלגענדער אַנטוואָרט פון מיסטער מאניבעג:

מיס אנאבעל שטאָקרייך,

ניו יאָרק.

דיער מיס שטאָקרייך:

אייער בריעף ערהאַלטען און עס האָט מיר זעהר פיעל שמערצען פער־שאַפט דאָס איהר זייט געווען דער אָפּפער פון אַ שווינדעל. לאָמיך אייך זאָגען, אז איך האָב אייך געשיקט בלויז איין בוקעט. דאָס איז געווען אין דעם טאָג פון אייער געבורטסטאָג, פון וועלכען איך האָב ערפאהרען דורך אַ נאָטיץ אין די צייטונגען. איך האָב געוואָלט מיט דעם ארויסצייגען מיין אכטונג צו אַ רייצענדע און נאָבעלע וועזען, וועלכע איך האָב דאָס גליק צו רעכענען אלס מיין נאַכבאַרין. מעהר ווי דיזען בוקעט האָב איך ניט געשיקט. די אַנדערע בוקעטען האָט מיין דיענער אליין געקויפט, צו־ליעגענדיג צו זיי מיינע קאַרטען און דאָס איך געבראכט מיט דער אויס־זיכט צו בעקומען טרינק־געלד. ער האָט זיך מודה געווען, אז ער פלעגט בעקומען פינף דאָלער יעדען מאָל, און אזוי ווי דאָס איז פיער דאָלאר מעהר אַלס אַ בוקעט האָט איהם געקאָסט, האָט ער אין דעם געזעהן אַ גליקליכען געשעפט פאר זיך.

איך האָב דעם דיענער אַוועקגעשיקט, און אויב איהר פערלאַנגט וועל איך איהם איבערגעבען אין געריכט. איך בין גרייט צו טהאָן אין דיזען הינזיכט אַלעס וואָס איהר וועט מיר זאָגען. איך פערזיכער אי[ייך] ... [word partly illegible] טהוט די געשיכטע ניט אזוי לייד ווי מיר אַליין.

אייער זעהר ערגעבענסטער,

טשאנסי מאָניבעג.

מיט דעם האָט זיך די געשיכטע געענדיגט. מיסטער און מי־סעס שטאָקרייך האָבען געהאַט צו געדענקען.

# דער פֿאַסטוך פֿון זיינע שאָף

די שטאָדט שאַראָנהוירסט איז אַ שעהנער ישוב אין די זיד־אַמעריקאַנישע שטאַאַטען. די גאַסען זיינען שעהן ברוקירט, אַזוי ווי אין אַ גרויסער שטאָדט, אָבער עס זיינען דאָרט דאָ גענוג בוימער און פֿאַרקען וואָס צייגען אַז ניט די אַספאַלט און ניט די שטיינער זיינען אימשטאַנד צו פֿערטרייבען די שעהנע נאַטור וואָס בליהט אין יענעם גאָט־געבענשטען געגענד.

די אידישע בעפֿעלקערונג פֿון יענע שטאָדט איז ניט גרויס — קוים פֿינף און זיבציג פֿאַמיליען. צוויי דריטעל זיינען „אַלטע סעטלערס", מענשען וואָס זיינען אַהין געקומען מיט יאָהרען צוריק. זיי האָבען זיך פֿאָלקאָמען אַמעריקאַניזירט און רײדען ענגליש ווי עכטע אַמעריקאַנער. נישט מעהר, אַז זיי רײדען צווישען זיך, צווישען אייגענע ברידער, וואַרפֿען זיי אַריין אַ מאָל אַ אידיש וואָרט וואָס גיט צו זאַלץ און פֿעפֿער צו דעם ענגליש.

אַ לאַנגע צייט איז די געמיינדע געוועזן אָהן אַ רב. אויף ימים נוראים פֿלעגט אַראָבקומען אַ חזן, וועלכער פֿלעגט אויך האַלטען „סערמאָנס" (דרשות) פֿאַר דער קהלה אין זייער שוהל. אין מיטען יאָהר פֿלעגט די שוהל זיין אָפֿען בלויז שבת און די גאָטעס דיענסט פֿלעגט אָנגעפֿיהרט ווערען פֿון איינעם פֿון די אַלטע אידישע בירגער.

ניט לאַנג צוריק איז אין דער אידישער קהלה פֿון שאַראָנהוירסט פֿאָרגעקומען עפּעס אונגעוועהנליכעס. מען ווייס ניט פֿון וואַנען און פֿון וואָס — נור מען האָט פּלוצלונג אָנגעהויבען צו רײדען פֿון ענגאַזשירען אַ שטענדיגען ראַבינער, און דוקא אַ „רעווערענד דאָקטאָר", וואָס זאָל זיין דער „ראַבבי" פֿון דעם אידישען טעמפּעל פֿון שאַראָנהוירסט. פּיעלייכט האָט דער גייסט פֿון ווידערואויפֿלעבונג וואָס האָט זיך בעוויזען אין אַלע אידישע קרייזען, ניט פֿערפֿעהלט אויך זיין ווירקונג אויף די אידען פֿון דער שעהנער רוהיגער שטעדטעלע אין זיד־אַמעריקאַ.

דאַן האָט זיך אָנגעפאַנגען אַ סדרה מיט דעם מאַכען דעם אויס־וואַהל. יעדע וואָך פלעגט אין שאַרלאָטהווירסט אַראָבקומען אַ נייער רעוורענד דאָקטאָר אויף אַ פּראָבע. אָבער קיינער האָט ניט געקענט געבען די ריכטיגע צופריעדענהייט. יעדערער האָט געהאַט אַן אַנ־דער חסרון. ביי איינעם איז די אויסשפּראַכע געווען אַ ביסעל „אויסלענדיש", אַ צווייטער איז געווען אַ שוואַכער רעדנער, אַ דריי־טער האָט ניט געהאַט אַ שעהנע קול נגינה, אַ פיערטען האָבען די לײדיעס אויסבראַקירט ווייל ער איז געווען זעהר אָבגעלאָזען אין זיין קליידונג, און אַלט דערצו. אזוי איז דאָס געגאַנגען ווייטער און ווייטער, ביז עס איז אָנגעקומען דר. באָנדערמאַן, דער פערצעהנטער אין דער רייהע.

דר. באָנדערמאַן איז געווען אַ יונגער מאַנציג, פּריש אויסגע־באַקען פון דער ראַבינער שולע אין סינסינאַטי. ער איז געבוירען געוואָרען אין אַמעריקא און האָט גערעדט ווי אַן עכטער יענקי. אויי־סער דעם איז ער געווען אַ סימפּאַטישער יונגער מאַן, אָבוואָהל אַ בי־סעל צו פעט פאַר אַ ראַבינער. זיינע מאַניערען זיינען געווען זעהר פיין, אזוי ווי פון אַן אריסטאָקראַט, און זיין שטימע איז געווען ווי פון אַ פּראָפעסיאָנעלער זינגער.

קיין וואונדער וואָס רעוורענד דאָקטאָר באָנדערמאַן האָט שטאַרק אויסגענומען גלייך פון אָנפאַנג. ער האָט גענומען די קהלה מיט שטורם. די מענער אזוי ווי די דאַמען זיינען געווען אויסער זיך פאַר התפּעלות. זיי זיינען הייזעריג געוואָרען לויבענדיג דעם יונגען ראַבינער — די דאַמען נאָך מעהר ווי די מענער.

דער ראַבינער איז נאָך געווען אַ בחור.

מען האָט איהם אינסטאַלירט מיט גרויס פּאַראַד און די שמחה איז געווען בעשריבען אין דער שטאָדטיגער צייטונג „שאַראָנהווירסט רעקאָרד". דאָרט איז אויך געווען אָבגעדרוקט דעם ראַבינער'ס ערשטע רעדע, אין וועלכע ער האָט געזאָגט אז ער איז געקומען אריינברײנגען אַ נייעם גייסט צווישען די אידען פון שאַראָנ־הווירסט.

דער ראַבינער האָט זיך ארויסגעוויזען צו זיין זעהר אַ טהעטי־גער מענש. ער האָט אָרגאַניזירט אַ זאָנטאַגס־שולע פאַר קינדער,

א „צירקעל" פון יונגע לייט און כלה־מוידען פאר וועמען ער פלעגט האַלטען רעפעראטען איבער אידישע היסטאָריע און אידישע וויסענ־שאפט. ער האָט געהאַלטען איין רעדע שבת און א צווייטע זאָנ־טאג. ער האָט די אַלטע תושבים פון שאראָנהוירסט, וועלכע זיינען געווען אָבגעזונדערט פון דעם כלל אידען, דערצעהלט וואָס עס קומט פאָר מיט זייערע ברידער אין דער גרויסער וועלט: וואָס פאר א אידעען, וואָס פאר א בעוועגונגען עס בעלעבען יעצט די אידישע הערצער און מוחות. ער האָט די מיטגליעדער פון זיין טעמפעל בע־קאַנט געמאכט מיט דער ציוניסטישער בעוועגונג און האָט אָרגאני־זירט א ציון־צירקעל פון אמעריקאנער געבוירענע קינדער וואָס האָ־בען קיין איין וואָרט אידיש ניט געקענט. מיט איין וואָרט: דער ראבינער האָט זיין פערשפּרעכען געהאַלטען, ער האָט אריינגע־בראכט א נייעם גייסט צווישען די אידען פון שאראָנהוירסט, צווי־שען דעם יונגען עלעמענט איבערהויפּט.

אין שאראָנהוירסט איז דאָקטאָר באָנדערמאַן געלעגען ביי יע־דען אין מויל. אין יעדע הויז האָט מען גערעדט פון איהם. דאָן האָט מען גערעדט פון זיין „סאָירמאָן", און דאָס פון זיין שעהן זינ־גען „אדון עולם"; דאָס פון זיין זאָנטאגס־שולע און דאָס פון זיין „צירקעל". די ליידיס האָבען איהם פּשוט פערגעטערט. ווען ער פלעגט זינגען אדון עולם, פלעגען די מיידלעך צווישען זיך מאַכען בסוד אזעלכע בעמערקונגען ווי: „איינ'ט הי טשאַרמינג!" אָדער „איינ'ט הי סוויט?" אָדער „איינ'ט הי איי דארלינג?" דאָס זיינען אַלץ געווען קאָמפּלימענטען ווענען דעם וואָס פאר א שעהנער, זיסער בחור דער ראבינער איז.

די מיטינגען און די „אבענדען", אין וועלכע דער ראבינער האָט גענומען דעם גרעסטען אנטייל זיינען געווען געפּאַקט. מיט פריידע האָט דער ראבינער זיך צוגעקוקט ווי דער פעראינטערעסירען זיך פון דער יוגענד אין יודענטהום ווערט גרעסער פון טאָג צו טאָג. די יונגע ליידיס פלעגען קומען אָנגעטהאָן אין זייערע שעהנסטע קליי־דער און מאָדישע העטס צו די ספּעציעלע גאָטעס דיענסט וואָס דער ראבינער פלעגט אָבהאַלטען יעדען שבת נאָכמיטאג. די ליידיס פלעגען שוין צוציהען אַלע אידישע יונגע לייט, וועלכע האָבען פרי־הער קיינמאָל בעזוכט דעם טעמפּעל אויסער ראש השנה און יום

כּפּור זיינען יעצט געוואָרען רעגעלמעסיגע בעזוכער און זיי פלע־גען ניט פערפעהלען אַ שבת.

י מאַמס מיט די טאַטעס וואָס האָבען געהאַט ערוואַקסענע י ־כטער, האָבען אָנגעהויבען צו קוקען אויף דעם ראַבינער אַלס אויף אַ גוטען „פּאַנג“, — אַלס אויף אַ גוטען חתן פאַר זייערע טעכ־טער. און ווען אַ מיידעל האָט זיך ארויסגעוויזען צו זיין אַ ביסעל פויל צו געהן שבת צו מנחה, האָט איהר שוין די מאַמע געטריבען צו געהן.

און אָט אַזוי האָט דאָס יודענטהום פּראָגרעסירט אין שאַראָנ־הוירסט, און דאָקטאָר באָנדערמאַן, דער פּאַסטוך פון זיינע שאָף, האָט מיט שטאָלץ בעטראַכט דעם ווידער־אויפלעבען פון דעם אידי־שען גייסט אין שאַראָנהוירסט.

שפּעטער האָבען זיך אָנגעהויבען צו טראָגען קלאַנגען, אַז דער ראַבינער איז שוין כמעט ווי פערלאָבט. דאָס האָט מען זיין נאָ־מען פערבונדען מיט דער מיידעל און דאָס מיט יענער. אַז די קלאַנ־גען זיינען ניט געווען קיין פּוסטע האָט מען באַלד געזעהן. אין איין פריהמאָרגען איז אין דער שטאָדטיגער ענגלישער צייטונג: „שאַראָנהוירסט רעקאָרד“ ערשיענען אַ נאָטיץ, אַז רעווערענד דאָק־טאָר באָנדערמאַן איז פערלאָבט מיט פראַנסים מילדרעט קאָהען, די טאָכטער פון דעם גוט בעקאַנטען סוחר, מיסטער סאַלאָמאָן קאָהען.

דאָס האָט געטראָפען אין שטאָדט ווי אַ באָמבע. אַ גוואַלדיגע איבערראַשונג! מאַמעס זיינען ארומגעגאַנגען און געפרעגט איינע די אַנדערע „וואַט דו יו טהינק אָוו דאַט?“ (וואָס דענקט איהר פון דעם?) און טעכטער זיינען ארומגעגאַנגען און געמורמעלט „האָרריד! שאָקינג!“ (שרעקליך, שוידערליך). בלויז די מענער האָבען געשמייכעלט און ווינקענדיג מיט די אויגען האָבען זיי גע־זאָגט: „דהי ראַבבי איז איי ביזנעס מען! הי איז חכם איי וואָן!“ (דער רב איז אַ סוחר, ער איז אַ חכם ערשטע קלאַסע).

מיס פראַנסעס מילדרעד קאָהען איז געווען אַ מיידעל פון אַ יאָהר 32, אַ געשטופּעלטע און מיט געלע האָאָר. אָבער איהרע פעה־לערען האָבען זיך ווייניג ארויסגעזעהן צוליעב דעם וואָס איהר פאָ־טער איז געווען דער רייכסטער מאַן פון שאַראָנהוירסט.

די חתונה איז געפייערט געוואָרען מיט גרויס פּאַראַד און דער

ראַבינער איז אַוועקגעפאָהרען אויף צוויי חדשים נאָך ניו יאָרק אויף אַ האָכצייטס־רייזע.

אין די צוויי חדשים צייט האָט זיך שאַראַנהוירסט אָבגערוהט פון דער איבערראַשענדער פּאַסירונג און דער כעס פון די טאַטעס און די מאַמעס און די טעכטער האָט זיך אַ ביסעל אָבגעקיהלט.

* * *

צוריקקומענדיג פון זיין האָכצייטס־רייזע האָט דער ראַבינער זיך ווידער גענומען צו זיינע הייליגע פליכטען. ער האָט אויף זיין האָכצייטס־רייזע אויסגעארבייט אַ שעהנע רעדע פאר ציוניזם און האָט מיט אונגעדולד ערוואַרטעט דעם שבת וואָס ער האָט גע־דאַרפט דיזע רעדע פאָרטראָגען פאר זיין געמיינדע.

ווי פערוואונדערט איז ער אָבער געוואָרען דאָס טראָטץ דאָס שעהנע וועטער זיינען אין שוהל געקומען זעהר ווייניג פון די מאַ־מעס און די טעכטער וואָס זיינען אמאָל געוועזען זיינע שטאַרקסטע אנהענגער. ער האָט ערוואַרטעט אַז זיי וועלען אַלע קומען איהם בע־גריסען ביי דער ערשטער רעדע נאָך זיין האָכצייט.

אַ שרעקליכער געדאַנק איז איהם איינגעפאַלען אין מיטען זיין דרשה. ער האָט איינגעזעהען אַז ניט די אידעען וואָס ער האָט גע־פּרעדיגט, נור זיין אייגענע פּערזאָן האָט אינטערעסירט די יונגע ליידיס, און יעצט אַז ער איז פערהייראַט, האָבען זיי אין איהם מעהר קיין אינטערעסע.

דיזער געדאַנק האָט איהם שטאַרק בעאונרוהיגט, און ער האָט זיך עטליכע מאָל פערפּלאָנטערט אין זיין פּרעדיגט, וועלכע איז אַרוים קאַלט און אָהן לעבען.

„ער ווערט באַלד אויסגעשפּיעלט", האָבען בעמערקט אייניגע פון דער געמיינדע.

צו דער מנחה „סוירוויס" וועלכע פלעגט אימער זיין בעזוכט פון אַלע אידישע מיידלעך און יונגע לייט פון דער שטאָדט זיינען געקומען בלויז פיער מיידלעך און אַכט יונגע לייט וואָס האָבען גע־וואָלט זעהן די מיידלעך. טרויעריג איז געוועזען די גאָטעס־דיענסט, און דעם ראַבינער'ס שטימע איז געוועזען ווי פון אַן אבל.

„הי איז לוזינג היז וואָיס" (ער הויבט אָן צו פערלירען זיין שטימע), — האָבען די יונגע לייט בעמערקט.

און אין שטאָדט האָבען זיך אָנגעהויבען צו טראָגען קלאַנגען אז דער רעוורענד דאָקטאָר ווערט אויסגעשפּיעלט, אז זיינע רעדען זיינען שוין אַלט און איבערגעקייט, ווייעדער דאָס זעלבע פון פאַר־אַ־יאָהרען, אז ער זינגט שוין ניט מעהר אזוי גוט ווי פריהער, אז ער האָט פערלאָרען זיין איינפלוס אויף דער יוגענד און אז —

מען דאַרף האָבען אַ נייעם ראבינער.

אָבער דאָקטאָר באָנדערמאַן האָט שטאַרקע צדדים. זיין אמט האַלט ער נאָך, נור די יוגענד האַלט זיך ווייט פון זיין טעמפּעל, און מיט אַ וועהטאָג אין הארצען קוקט זיך צו דער פּאַסטוך ווי זיינע שאָף וואַנדערען אַוועק פון איהם.

# די נקמה

## .1

## קלאַראַ'ס ערשטער אויפטריט.

דער „באַזאַר און פּורים באַל“ פון די אידישע געלד־מאַגנאַטען, די אידען פון בראָדוויי און וואָל סטריט, איז געגעבען געוואָרען מיט גלענצענדען פּאָמפּ, און אַזוי ווי אימער איז דער פּורים־באָל ניט געגעבען געוואָרען אום פּורים, נור אין די נאַכט פון נייע־יאָהר.

דער באַל פון דעם יאָהר אין וועלכען אונזער געשיכטע פאַנגט זיך אָן איז בעזונדערס געווען וויכטיג און אַלע האָבען צו דעם אַרויסגעקוקט מיט פיעל ערוואַרטונג. אויף דיזען באַל האָט מיס קלאַראַ ליליאַן געדאַרפט מאַכען איהר „דעבו“, איהר ערשטען אויפ־טריט אין דער הויכער געזעלשאַפט. קלאַראַ ליליאַן איז געווען די טאָכטער פון מאַרגאַרעט ליליאַן, די שעהנע פּרימאַדאָנאַ, די „אייביגע יוגענד“, ווי מען פלעגט זי רופען, דען די פּרימאַדאָנאַ האָט צו 50 יאָהר אויסגעזעהן ניט עלטער ווי א מיידעל פון 25, און ווען זי פלעגט געהן מיט איהר טאָכטער צוזאַמען, פלעגען מענשען בעמער־קען, אַז זיי זעהען אויס ווי צוויי שוועסטער.

די פּרימאַדאָנאַ, אָבוואָהל זי איז געווען אַ געבוירענע אַן איי־רישע, דאָך איז איהר ערשטער מאַן געווען אַ איד און פון דיזען ערשטען מאַן האָט זי געבוירען איהר איינציגע טאָכטער קלאַראַ. דער פאַקט דאָס זי האָט נאָך דעם טויט פון איהר ערשטען מאַן גע־הייראַט אַן איטאַליענישען אָפּערא זינגער און נאָך דעם ווי זי האָט זיך מיט דעם איטאַליענער געשיידט, האָט זי געהייראַטה אַ דייטשען ביער־ברויער, האָט איהר ניט אַוועקגעריסען פון איהרע פריינד צווישען די אידישע אַריסטאָקראַטען, ווייל סוף כל סוף האָט זי דעם ביער־ברויער גע'גט און איז געוואָרען די נאָהענטע פריינדין פון מיסטער סטיווענס באַרנאַטא, דער רייכער אידישער פאַברי־קאַנט, וועלכער איז געווען אַן אַלמן אין עלטערע יאָהרען. די פּרי־

מאדאָנא האָט פון איהם בעקומען פּרעזענטען: אָטאָמאָבילס, טייערע שנורען פּערל, און מען זאָגט אז אפילו אין די הויז, אין וועלכע זי וואָוינט האָט איהר דער רייכער אידישער אַלמן געמאַכט א מתנה צו איהר 45 יעהריגען געבורטס־טאָג. די צייטונגען האָבען שוין איינינע מאָל געהאַט בעריכטען אז מיסטער סטיוועגס בארנאטא און די פּרימאַדאָנא וועלען חתונה האָבען, אָבער דאָס זיינען געווען ניט מעהר ווי קלאַנגען.

קלאַרא׳ס ערשטער אויפטריט אויף דעם „באַזאַר און פּורים באַל" האָט געמאַכט א געוואַלדיגען פורור. פּרויען אזוי ווי מענער האָבען זיך ניט געקענט זאַט אָנקוקען אויף איהר. זי האָט אויסגעזעהן ווי א בלום וועלכע האָט זיך געפיהלט לאַנגווייליג אין גאָרטען און איז אַליין געקומען צו בעציערען די מענשען. אין איהר יעדע בעוועגונג איז געווען א כשוף און איהר יעדעס וואָרט האָט געקלונגען אזוי ווי מוזיק.

אָנפאַנגס האָט זיך די מוטער געפרעהט מיט דעם ערפאָלג וואָס איהר טאָכטער האָט געהאַט. זי האָט זיך געפרעהט מיט יענע מורטערליכע פריידע ווען קלאַרא האָט אָנגעפאַנגען צו געהן און האָט געמאַכט די ערשטע פּאָאַר שריט, ניט אומפאַלענדיג, און צוזאַמען מיט דער שמחה האָט זי אויך געפיהלט שטאָלץ אויף דעם דאָס זי האָט געקענט אזא שעהנעם ריינעם מלאך בריינגען אויף דיזער אונריינער, זינדיגער וועלט.

## 2.

## די קנאה.

ערשט אויף מאָרגען, ווען די פּרימאַדאָנא האָט גענומען איבערקוקען די צייטונגען און האָט געלעזען דעם רעפּאָרט וועגען דעם באַזאַר און באַל, האָט זי איינגעזעהען אז דער גרויסער ערפאָלג פון איהר טאָכטער איז געבויט אויף איהר אייגענעם חורבן. פיעל איז געווען געשריבען וועגען איהר טאָכטער׳ס שעהנהייט, וועגען איהר טאָכטער׳ס קליידער, וועגען דעם פורור וואָס זי האָט געמאַכט און ווי דער רייכער אַלטער מיסטער סטיוועגס בארנאטא האָט פון דער שעהנער קלאַרא ליליאן ניט אָבגעטראָטען אויף א מי־

נוט. וועגען איהר אליין, די פּרימאַדאָנא, איז געווען בלויז דאָ א שורה און דאָ צוויי, בלויז דערמאָנט, אזוי ווי פון יוצא וועגען. לעצטע נאַכט איז זי געווען אזוי פול מיט פריידע און שטאָלץ דאָס זי האָט גאָר נישט בעמערקט ווי דער אַלטער בארנאַטאָ האָט זי פערנאַכלעסיגט און האָט זיך די גאַנצע צייט פון באַל אין גאַנצען אָבגעגעבען צו איהר טאָכטער. זי האָט געמיינט אז דאָס איז בלויז „פאַטערליכע צערטליכקייט“, די פריינדליכקייט פון אַן אַלטען קאַוואַליער צו א יונגע מיידעל וואָס קומט ערשט אריין אין געזעל־שאַפט. נור אָט יעצט, ווען זי האָט וועגען דעם געלעזען אין די צייטונגען איז איהר ערשט קלאָהר געוואָרען וואוהין דער אַלטער ציעלט.

דאָס איז געווען צום ערשטען מאָל וואָס די פּרימאַדאָנא, „די אייביגע יוגענד“, האָט אָנגעהויבען צו בעגרייפען אז איהר אייגענע טאָכטער קומט מיט איהר צו קאָנקורירען אין פּאָפּולאַריטעט און אין די פריינדשאַפט פון דעם אַלטען בארנאַטאַ. „ניין“, האָט זי געזאָגט צו זיך, „איך מוז מיין טאָכטער רעטען פון איהם, זי דאַרף בלייבען ריין, אונשולדיג, אונבעפלעקט.“

זי האָט אַליין פערשטאַנען די פאַלשקייט פון איהר מאָטיוו. דאָך האָט זי זיך גענומען דורכצופיהרען איהר פּלאַן. זי האָט אָנ־געהויבען צו קליידען איהר טאָכטער איינפאַך און אַלטמאָדיש און צו דער זעלבער צייט האָט זי פאַר זיך גענומען זוכען אַלערליי קונ־ציגע טואַלעטען וועלכע זאָלען בעסער אקצענטירען איהר שעהנע פאָרמע. אָבער די מיטלען האָבען ניט געהאָלפען. איהר טאָכ־טער האָט געגלענצט אין איהר איינפאַכקייט און זי, די פּרימאַדאָנאַ, האָט געפיהלט אז דער באָדען גליטשט זיך אַרויס אונטער איהרע פיס.

פון אַלע זייטען האָט זי בעקומען איינלאַדונגען צו קומען מיט איהר טאָכטער, אויף טי־פּארטיס, אויף בעלער, אויף באַנקעטען און אויף „מוזיקאַלען“. זי האָט כסדר געהאַלטען אין איין שריי־בען בעדויערונגס־בריעף אז ניט זי און ניט איהר טאָכטער קענען קומען, אָבער עס זיינען אויך געווען אזעלכע איינלאַדונגען וואָס איז אונמעגליך געווען צו ענטזאָגען, און געגען איהר ווילען האָט זי געמוזט געהן און מיטנעהמען איהר טאָכטער.

דאַן האָט די פּרימאַדאָנאַ אָנגעהויבען צו בעמערקען אַ מערק־ווירדיגע ערשיינונג. וועהרענד די עלטערע פון איהרע פערעהרער האָבען אָנגעהויבען צו זוכען די פריינדשאַפט פון איהר יונגע טאָכ־טער, זיינען די יונגע פערעהרער איהר געבליבען טריי. זי האָט קיינמאָל געהאַט אַ נייגונג צו די יונגע פערעהרער און פלעגט זיי האַלטען פון דער ווייטען. אָבער יעצט האָט זי זיך אָן זיי אָנגע־כאַפּט ווי אַ טרינקענדער אָן אַ רעטונגס־שטריק.

זי האָט זיך אָנפאַנגס ניט געקענט ערקלעהרען וואָרום די אַלטע ציהט צו איהר טאָכטער און וואָרום די יונגע האַלטען זיך פעסט ביי איהר. זי האָט אָבער נאָך אַ לאַנגען נאָכדענקען אָנגעהויבען צו זעהען די זאַך אין אַ קלאָהרער ליכט. איהר טאָכטער׳ס אונשולד איז פאַר די אונערפאַהרענע לעבע־יונגען געוועזען ווי אַן אייזערנע פעסטונג, וועלכע זיי האָבען געדענקט עס איז שווער צו שטירצען. די יונגע לייט האָבען געזוכט אַזעלכען יאַגד וועלכען עס איז לייכ־טער צו פאַנגען. אָבער די אַלטע ערפאַהרענע יעגער האָבען, זיך פערלאָזענדיג אויף זייער איבונג און ערפאַהרונג, געזוכט בעסערע יאַגד און זיך ניט געשראָקען פאַר הינדערניסע.

.3

## די נקמה.

צווישען די יונגע לייט וואָס זיינען איהר געבליבען טריי און וועלכע די פּרימאַדאָנאַ האָט יעצט געזוכט צו מקרב זיין, איז געוועזען אַלדזשערנאָן בארנאַטאָ, דער זוהן פון איהר געליעבטען, דעם רייכען סטיווענס בארנאַטאָ.

אַלדזשערנאַן איז געוועזען אַ בחור אין די 30ער און אַ לעבע־יונג ווי זיין פאָטער. ווען זיין מוטער האָט נאָך געלעבט (ער איז נאָך דאַן געוועזען אַ 20 יעהריגער בחור׳ל און אַ גוטער קונד אין אַלע בראָדווייער קאַפּיים), האָט ער איינמאָל געזאָגט צו זיין פאָטער: „פּאַפּאַ! צו וואָס האָסטו חתונה געהאַט? ווען דו וואָלסט געוועזען אַ בחור, וואָלסטו אויך געקענט לעבען אַ גוטען טאָג אַזוי ווי איך.“

אָט דיזען אַלדזשערנאַן פלעגט זי אימער אָבשטופען פון זיך מיט מוטערליכע פאָרזיכטיגקייט. אַלעס וואָס זי האָט איהם ער־

לויבט איז קוסען איהר האַנד און ווען ער האָט געזוכט אריבערצו־
געהן דעם גרענעץ פון פּלאַטאָנישע פריינדשאַפט, פלעגט זי זיך
אויף איהם שטום אָנבייזערען מיט א פינגער צום נאָז.

יעצט האָט זי איהם צו זיך צוגעלאָזען. דעם אַלטען האָט דאָס
ניט געארט, פערקעהרט, ער איז געווען צופריעדען מיט דעם וואָס
זיין זוהן מאכט פאר איהם פריי דעם וועג צו א נייעם גליק.

אָבער דער אַלטער סטייוועגס בארנאַטאָ האָט זיך געפרעהט
אומזיסט. די פרימאַדאָנא האָט פאר איהם אָנגעגרייט א נקמה, א
שווערע, ביטערע נקמה.

די פריינדשאַפט צווישען איהר און דעם יונגען בארנאַטאָ איז
געוואָרען גרעסער פון טאָג צו טאָג. צוזאמען האָט מען זיי גע־
זעהן אויספאָהרען אין אָטאָמאָבילס, צוזאמען האָט מען זיי געזעהן
אין אָפּערא און אין די גרויסע רעסטאָראנען פון בראָדוויי. ביז איין
טאָג זיינען אַלע צייטונגען געווען פול מיט דער נייעס אז דער יונ־
גער בארנאַטאָ האָט חתונה געהאַט מיט דער „אייביגער יוגענד“, די
50 יעהריגע פרימאַדאָנא מיס מארגארעט ליליאַן.

און די נקמה איז געווען א שרעקליכע. דעם אַלטען האָט שוין
ניט געפּאַסט צו שדכ'ענען צו דער טאָכטער פון זיין שוויגער־טאָכ־
טער, און אזוי האָט ער פערלאָרען ביידע וועלטען.

# א איד פון צוויי וועלטען

(א פאָטאָגראפיע)

ער איז א סוחר און א משכיל, און איז פּאָפּולער אין א סך קרייזען, ביי מענשען פון פערשיעדענע פּארטייען.

זיינע גרויסע געשעפטען זיינען צוטהיילט איבער צוויי וועלטען, איבער רוסלאַנד און אמעריקא. און צוליעב דיעזע געשעפטען קומט איהם אויס, אונזער פריינד דעם סוחר, צו פערטהיילען זיין צייט צווישען אָדעסא און ניו יאָרק. ער פערברענגט, צום ביישפּיעל, ימים נוראים אין אדעס, זיצט זיך האָרט יום טוב אין סוכה און דעם נעכסטען פריהלינג איז ער שוין א בן חורין אין נו יאָרק און פּראוועט זיך דעם סדר אין אַן ערשטע קלאַסע אפּארטמענט הויז אויף דער וועסט סאיד.

זיינע בעסטע פריינד האָט ער זיך ערוואָרבען צווישען ליטעראַטען. ער איז א גוטער ברודער מיט יעדען איינעם פון די וויכטיגסטע אידישע שרייבער אין רוסלאַנד און אין אמעריקא. די ליטעראַטען פון זייער זייט האָבען ליעב צו פערברענגען די צייט אין זיין געזעלשאַפט. ערשטענס האָט ער אימער א גאַנצען אוצר אידישע אַנעקדאָטען, וועלכע ער דערצעהלט מיט אַן אויסגעצייכנעטען טאַקט. און צווייטענס, האָט ער אין זיך אַזוי פיעל אָריגינעלעס, אַזוי פיעל פערשיעדענעס פון די אַנדערע געוועהנליכע מענשען, וואָס מאכט איהם א זעהר מאַגנעטישע פּערזאָן.

ווען ער איז אין אדעס, בענקט מען נאָך איהם אין ניו יאָרק, און ווען ער איז אין ניו יאָרק, בענקט מען נאָך איהם אין אדעס. זיין צוריקקומען ווערט ערוואַרטעט מיט אונגעדולד אי דאָ, אי דאָרט.

אָט קומט ער אָן אונזער פריינד, דער גרויסער סוחר, אין ניו יאָרק. עס איז שוין אין פריהלינג. דאָס וועטער איז זעהר מילד. די זון וואַרימט און שיקט שטומע הבטחות צו דער ערד אַז עס וועט מעהר קיין ווינטער ניט זיין. און אונזער פריינד שפּאַצירט אום

איבער איסט בראָדוויי, די גאַס פון דער ניו יאָרקער אידישער אינ־טעליגענץ, אין אַ שווערען רוסישען פוטער און אין אַ וואַרעמע סאָ־בעלנע היטעל.

„וואָס הערט זיך אין רוסלאַנד?" פרעגען איהם זיינע פריינדע, זיך ארומקלייבענדיג ביי'ן טיש אין דעם רעסטאָראַן וואו ער קומט אריין עסען זיין מיטאָג.

„אין מיין רוסלאַנד?" זאָגט אונזער פריינד, דער איד פון צוויי וועלטען. „אין מיין רוסלאַנד איז מאָראָז קראַסני נאָז. ווינטער 'האָבען מיר ווינטער און זומער האָבען מיר זומער, ניט ווי אין אייער אמעריטשקע, וואו אין דער פריה גליטשט מען זיך אויפ'ן אייז, און מיטאָג־צייט פאַלט מען פון זאָנען־שטיך. ראַזומעיעטסיא, אַז וואָס פאַר אַ לאַנד, אַזעלכע פּאָגאָדעס, אַזעלכע מענשען. אין מיין רוס־לאַנד האָבען מיר סאָלדיע פּאָגאָדעס און סאָלידע מענשען, פּו, אייער אמעריטשקע!"

בלויז מיט אַ פיער מאָנאַטען פריהער פון דעם איז אונזער פריינד אָנגעקומען אין רוסלאַנד. עס איז דאַן געווען דער אָנפאַנג ווינטער. דער ערשטער שנעע איז שוין געווען אויסגעפאַלען. אונ־זער פריינד האָט זיך בעוויזען אין אדעסאַ אָנגעטהאָן אין אַ לייכ־טען אויבעררָאָק, געמאַכט פון אַ שניידער אויף בראָדוויי.

„וואָס הערט זיך עפּעס אין אמעריקאַ?" פלעגען איהם זיינע אדעסער פריינדע, בעגריסענדיג איהם אויף אַ ליטעראַרישע פער־זאַמלונג.

„אין מיין אמעריקאַ", זאָגט אונזער פריינד, דער איד פון צוויי וועלטען, „אין מיין יונייטעד סטייטס איז שוין אָלל־רייט. איהר זעהט ווי לייכט איך געה אָנגעטהאָן? איהר פריהרט שוין, דער ווינ־טער האָט זיך ערשט אָנגעפאַנגען און איהר טראָגט שוין אייערע פעלצען. אין מיין אמעריקאַ טראָגט מען ניט אַזעלכע שווערע זאַ־כען. אונזערע אמעריקאַנער זיינען געוואָוינט צו פרייהייט. ביי אונז איז אַלעס פריי. די ערד איז פריי, די לופט איז פריי, און דער ווינטער קען ביי אונז לאַנג ניט עקזיסטירען. וואָס פאַר אַ לאַנד, אַזעלכע מענשען. יו אָנדערסטענד? ביי אונז איז די זון פריי, דערפאַר לייכט זי און וואַרימט. ביי אייך האָט די זון מורא

ארויסצוקומען, ווייל זי האָט ניט קיין פּאַספּאָרט. איז'נט דהאַט סאַ?"

אָט אַזוי רעדט ער אין אדעס.

עס זיינען דאָ לצים וואָס רופען איהם „אַ מאַן אָהן אַ לאַנד", אָבער ניט מיט אַ געפיהל פון כעס. ניין, אין כעס זיין וועט קיינער אויף איהם. אדרבה, מיר האָבען דאָ אין אַמעריקא ליעב זיך צוהערען צו זיין קריטיק איבער אונז, פונקט ווי זיינע פריינדע אין אדעס האָבען ליעב זיך צוהערען צו דער קריטיק איבער זיי. מיר בעטראַכטען איהם אַלס מלאך השלום. ער מאַכט אונז אַ גוטען נאָמען אין רוסלאַנד, און מאַכט זיינע רוסישע פריינד אַ גוטען נאָמען ביי אונז. קיין שלעכטעס קען ער ניט מיינען, ער איז צו גוט און צו איידעל פאַר דעם. דער שטענדיגער וואַנדערען פון איין אָרט צום צווייטען, דאָס לעבען מיט איין פוס אין ניו־יאָרק און מיט אַ צווייטער פוס אין אדעס, האָבען אין איהם אויס־געאַרבייט דיעזען גייסטיגען צושטאַנד ניט איינצושטימען מיט די מענשען וואָס געפינען זיך אַרום איהם, און אימער צו בענקען נאָך דעם וואָס ער האָט פערלאָזען.

ווי די מעשה איז — דיעזער ניט איינשטימען מיט אַלעמען העלפט איהם מאַכען פּאָפּולער. מענשען וואָס שטימען איין מיט אַלעמען ווערען בטל בשישים רבוא.

ריהרט מען אָן די ליטעראַטור ווערט ער שטאַרק בעלעבט. עס איז אַ פראַגע מיט וועלכע ער איז גוט בעקאַנט. ער איז צו־זאַמען אויסגעוואַקסען מיט די גרעסטע ליטעראַטען.

„וואָס הערט זיך עפּעס אין דער אידישער ליטעראַטור אין רוסלאַנד?" פרעגען איהם זיינע אַמעריקאַנישע פריינד דאָ אין אַמעריקאַ.

„אין מיין רוסלאַנד?" זאָגט אונזער איד פון צוויי וועלטען. „אין מיין רוסלאַנד שטעהט די ליטעראַטור זעהר הויך. בעגייס־טערונג פאַר אידעאַלען, עהרליכע טענדענצען, אמת'ע קונסט, אַ שטרעבען צו ערדרייכען דאָס שעהנסטע, דאָס טיעפסטע און דאָס ערהאַבענסטע — אָט דאָ האָט איהר די פּראָגראַם פון אונזערע ליטעראַטען ביי אונז אין רוסלאַנד. אָבער וואָס זעהט מען ביי אייך, אין אייער אַמעריטשקע? פּוסטיאַקי, בדחנות! ביי אונז

אין רוסלאַנד זיינען די שרייבער טיפע דענקער און זיי ריידען אין דער שפּראַך פון דענקער. זיי ווילען זיך ניט ארונטערלאָזען צו דעם נאַראָד, זיי ווילען דעם נאַראָד ארויפהויבען צו זיך! וואָס וו'טשאָם דיעלאָ! און ביי אייך, רק איהר קריכט צום נאַראָד, צו די טשיאָרנערבאָטשע. איהר מעגט זיך לאַכען, אָבער נעאווזשעלי מיינט איהר אַז אייערע צייטונגען האָבען עפּעס א פּנים? גיט אַ קוק אונזערע רוסישע צייטונגען. די אַרטיקלען באריכות און די נייעס בקיצור. אַלעס געשריעבען מיט א סאָלידען טאָן, פיין, בלאַגאָראָדנע... אָבער וואָס געפינט מען אין אייערע צייטונגען? בלאָפּס! טרעפט עפּעס א מעשה וואָס אייערע גאָספּאָדאַ רעדאַקטאָרי דענקען, אַז דאָס וועט דעם נאַראָד פּאָליובען איז — דאוואַי פּאַרי! נעהמט מען און מען צושמירט עס אויף אַ האַלבע סטראַניצע!"

עטליכע מאָנאַטען שפּעטער און אונזער פריינד, דער איד פון צוויי וועלטען, קומט אָן אין אדעס. ער טרעפט זיך אָן אין אַ געזעלשאַפט פון אינטעליגענטען, וואָס פרעהען זיך מיט זיין קומען, און ערוואַרטען צו הערען עפּעס נייעס וועגען דער אידישער ליטעראַטור אין אַמעריקא.

„אין מיין אַמעריקא?" פרעגט ער און ענטפערט מיט שטאָלץ, „אין מיין אַמעריקא האַלט די אידישע ליטעראַטור שוין גאָר אָלראַיט. מיר האָבען פּאָבלישערס — פערלעגער רופט מען זיי ביי אייך — וואָס גיבען ארויס מאסען גוטע ביכער, אין ריינעם אידיש, איבער היסטאָריע, וויסענשאַפט, ליטעראַטור, מעטהאָדען צו לערנען שפּראַכען, נאָוועלען, פּאָעזיע, — און דאָס אַלעס טהוען זיי אָהן די הילפע פון רייכע מנדבים, אָהן טשאַריטי, ווי מען זאָגט אין מיין אַמעריקא, נור אויף אַ ריכטיגען ביזנעס־וועג. ביי אייך, אין אייער רוסלאַנד, קריטיקירט מען אונזער וואָרט „ביזנעס". אָבער יו מאַסט נאָו, אַז דאָס וואָרט „ביזנעס" מיינט ביי אונז אַלעס וואָס איז פּראַקטיש. מיר אַמעריקאַנער פיהרען אַלעס אויף אַ פּראַקטישען וועג און דאַרום האָבען מיר סאָקסעס, עס הייסט ערפאָלג. ביי אונז זיינען די שרייבער אמת'ע לעהרער פון פּאָלק, דהי פרענדס אָוו דהי פּיפּל. אונזערע שרייבער האַלטען זיך ניט גרויס איבער'ן פּאָלק. זיי שרייבען אַ גלאַטען אידיש, אין דער שפּראַך פון פּאָלק,

כדי דאָס פאָלק זאָל זיי פערשטעהן, באַט אייערע שרייבער? עס איז דאָך אונמעגליך זיי צו פערשטעהן — אימפאָסיבל! אַלעס שרייבען זיי מיט ראשי תבות׳ען און מיט רמזים און מיט פרעמדע ווערטער. דער קאָפּ ווערט צומישט פון אייערע פע־פע־עס־עס־ניקעס, בע־בע־שצא־שצא־ניקעס, פיטא־פיטא־איקראט־קעניקעס, צעט־צעט־איפּסלאָניקעס, און אַזוי ווייטער, און אַזוי ווייטער. דער מאָרך צינדט זיך אָן פון אייער קאָנזעקווענטע ריקזיכטיגקייטס־פילאָזאָפיע מיט אייערע ניעדערשלאַגונגען פון שאָוויניסטישע הי־פּאָטעזען. אַ טעם האָט עס אַזאַ לשון! אַ טעם האָבען עס די אַרטיקלען אין אייערע צייטונגען, וואָס ציהען זיך ווי פּעך פון נומער צו נומער, אַ קוואַטש וואָס קיין מענש מיט אַ קלאָרען פערשטאַנד וואָלט זיך געגומען די מיהע דורכצולעזען. אַלעס איז ביי אייך מיט פינטעלעך, אויפ׳ן וואונק. אייערע פעליעטאָניסטען זיינען קלאָג־מוטערס, און אייערע הומאָריסטען דערמאָהנען דעם אַמאָליגען בדחן וואָס פלעגט זיך אָנטהאָן אין תכריכים, זיך אויסציהען אויף דער ערד ווי אַ מת, און מיט דעם משמח זיין חתן־כלה. וואָס אָנבעטרעפט אייערע נייעס, זאָג איך אייך, אַז אין מיין אַמעריקא האַלט מען זיך ביי די זייטען לאַכענדיג ווען מען לעזט אין אייערע פייפּערס אַזאַ מין עקסטרא, פון אַ דריי־פּיער דרשות: „פּעטער־בורג, דעם 13טען. פון סאַן פראַנציסקאָ קומט די מעלדונג דאָס דאָרט איז אָן ערדציטערנים פּאָרגעקומען און צוואַנציג טויזענד מענשען האָבען זייערע לעבענס פערלאָרען. משמעות ס׳איז גע־שעהן אַ גרויסער אונגליק". — אָט מיט אַזאַ משמעות פּטר׳ט איהר אָב די גאַנצע בעשרייבונג וואָס אַזאַ נייעס פאָדערט. איהר האָט בעדאַרפט לעזען אונזערע אַמעריקאַנער צייטונגען, ווי זיי בע־שרייבען אַזאַ נייעס! אַ ים קענען זיי אָנשרייבען! אין אונזערע צייטונגען לעבט יעדע שורה. דעם זעלבען טאָג גיבען זיי די נייעס פון איין עק וועלט ביז׳ן אַנדערן. די נייעס פון אייער דומא דרוק־קען זיי מיט אַ טאָג פריהער פאַר אייערע פּעטערבורגער צייטונגען. אונזערע צייטונגען זיינען פריי אַזוי ווי אונזערע מענשען. זיי זיינען זעהר פלינק צו ענטדעקען דעם קלענסטען אונרעכט אין לאַנד, און זיי מאַכען באַלד אַזאַ גוואַלד, אַזאַ געפּילדער וועגען דעם, דאָס דער פּרעזידענט אַליין מוז זיך נעהמען צו דער אַרבייט און עפּעס

טהאָן דעם אונרעכט צו פעררעכטען. איהר האָט בעדאַרפט לעזען אונזערע ארטיקלען, עדיטאָריעלס, און פעליעטאָנען. וואָס פאר א טעם האָט אייער קוואטש געגען זיי!"

* * *

די רייזע פון ניו יאָרק נאָך אדעסא און פון דאָרט צוריק אַהער נעהמט אָפטמאָל א פּאָאָר מאָנאטען. דאָס איז ווייל דער איד פון צוויי וועלטען פּאָהרט זעהר לאַנגזאַם. ער שטעלט זיך אָב אין בערלין, נאָכדעם מאַכט ער א בעזוך אין שווייצערלאַנד, נאָכדעם געהט ער קיין פּאַריז, קיין לאָנדאָן, און ערשט פון דאָרט פּאָהרט ער נאָך אַמעריקא. איבעראַל האָט ער פריינדע, און איבעראַל, אויסער ענגלאַנד, רעדט ער דוקא ענגליש, און שפּיעלט די ראָלע דוקא פון אַן אַמעריקאַנעם.

אויף זיין לעצטע רייזע, דערצעהלט מען, איז מיט איהם מיט־געפאָהרען פון רוסלאַנד זיינער א פריינד, אויך א גרויסער סוחר. צוזאַמען זיינען די צוויי פריינד אַרומגעפאָהרען איבער איירָאָפּאַ און אַרומגעקוקט גאָט'ס גרויסע, ליכטיגע וועלט.

קומענדיג אין לאָנדאָן האָבען זיי איינמאָל, געהענדיג אין גאַס, א ביסעל פערבלאָנדזשעט, און ניט געוואוסט ווי ווייטער צו געהן.

„דו רעדסט דאָך ענגליש", האָט געזאָגט דער אַנדער סוחר צו אונזער פריינד, דער איד פון צוויי וועלטען. „געה־זשע־צו צו יענעם פּאָליצייסקען און פרעג איהם".

דער איד פון צוויי וועלטען איז צוגעגאַנגען צום פּאָליסמאַן און גענומען צו איהם ריידען אין א געבראָכענעם ענגליש, אָבער דער פּאָליסמאַן האָט איהם ניט פערשטאַנען.

„שפּרעכען זי דייטש?" האָט דער פּאָליסמאַן געפרעגט.

„א ביסעל", האָט דער איד פון צוויי וועלטען געענטפערט, שטאַרק פערשעהמט.

„איהר זאָגט א ביסעל?" האָט דער פּאָליסמאַן איבערגעפרעגט. „הייסט עס דאָך טאַקע אַז איהר רעדט פּראָסטע מאַמע־לשון. טאָ זאָגט־זשע מיר וואָס איהר ווילט, איהר קענט צו מיר ריידען פּראָס־טע אידיש "

אין לאָנדאָן איז דאָס קיין נייעס ניט צו בעגעגענען זיך אין

אידישען קוואַרטאַל מיט פּאָליסלייטע וואָס ריידען אידיש. זיי ווערען דאַרויף געלערנט אין אַ ספּעציעלער שולע. אָבער פאַר אונזער פריינד, דער איד פון צוויי וועלטען, איז דאָס געווען אַן איבעראַשונג. די ווירקונג פון דעם וועט ער זיכער קיינמאָל ניט פערגעסען.

# דער כלל טהוער

עס איז צו האָפען, אז דער צונאָמען „כלל־טהוער“ וועט ניט ארויסרופען וויעדער א דעבאַטע צווישען די לעזער אויב מען קען געברויכען דיזען וואָרט, און אויב דאָס האָט א אידישען טעם. אָבער זאָלאַנג מיר האָבען קיין אנדער וואָרט וואָס דריקט אוים א קהל׳שע קליאַמקע, א קאָכלעפעל, א מענש וואָס מישט זיך אין אלע צרכי צבור, א „ביזי־באדי“, וועמען מען בעגעגענט אויף אלע זאַרטען מי־טינגען און קאָנפערענצען, — זאָלאַנג מיר האָבען ניט אזא וואָרט וואָס זאָל כולל זיין אַט דיזע אלע זאַכען, וועלען מיר זיך בענוצען מיט דעם וואָרט כלל־טהוער.

און מיר דאַנקען טאַקע אונזערע רוסישע קאָלעגען פאַר דעם וואָס זיי האָבען פאַר אונז געשאַפען דיזען וואָרט.

אונזער כלל־טהוער, וועמעס פאָטאָגראַפיע מיר שטעלען היינט אריין אין אונזער אלבום, האָט זעהר ליעב כבוד. כבוד איז ביי איהם דער גאַנצער לעבען. ער איז בערייט זיך מפקיר צו זיין מיט זיין לייב און לעבען פאַר א לעק כבוד. צו שטעהן אויף א פּלאַט־פאָרמע און ריידען פאַר א פּובליקום, צו זעהן זיין נאָמען געדרוקט אין צייטונג צווישען די רעדנער פון דעם אבענד, צו זעהן מענשען טייטען אויף איהם מיט די פינגער, „אָט דאָ געהט ער“, — מיט דיזע זאַכען לעבט ער. ווייטער קען ער הונגערען, ארומגעהן אָהן א גאַנצע פּאָר שיך, און עס קימערט איהם גאָר ניט.

אָט זיצט ער, דער כלל־טהוער, ביי זיך צו הויז און שרייבט עפּעס אויף א פּאַפּיער. זיין פרוי מעלדעט איהם, אז א קאָמיטע איז געקומען און וויל איהם זעהן.

„א גרויסע קאָמיטע?“ פרעגט ער.

„זאַלבע־דריט“, ענטפערט די פרוי.

דער כלל־טהוער גיט זיך א קרים. ער לאָזט די קאָמיטע אריינ־קומען אין זיין קאַבינעט, וועלכער איז אויך א שלאָפצימער און אַן עס־צימער.

„מיר זיינען א קאָמיטע פון די צענטורע וועגטורע ליטעראַרי סאָסייעטי", זאָגט איינער פון דער קאָמיטע. „מיר זיינען געקומען אייך בעטען איהר זאָלט אונז בעעהרען מיט א רעפעראַט נעקסטען זאָנטאַג ביינאַכט אין אונזער פעראיינס־לאָקאַל."

דער כלל־טהוער גיט זיך בייז א קראַץ, און זאָגט:

„איך קען ניט אָננעהמען א קאָמיטע פון בלויז דריי מיטגליע־דער. איך מוז זיין זיכער, אז דאָס איז דער פערלאַנג פון דער גאַנ־צער סאָסייעטי."

די קאָמיטע געהט אַוועק, און אין א שטונדע קומט די זעלבע קאָמיטע, שוין א פערגרעסערטע, ביי אַכט פערזאָן. דער כלל־טהוער ווערט שוין פריינדליכער.

„אָל רייט", זאָגט ער. „געהט און מאַכט בעקאַנט דעם מיטינג אין די אידישע צייטונגען. אָבער איהר זאָלט עס אַנאָנסירען גוט ווי געהעריג איז. איך קען ניט ליידען פאַר ליידיגע ווענד. איך בין דערצו ניט געוואָוינט."

„מיר האָבען שוין אַן אַנאָנסע אָן אָנגעשריבענע", זאָגט איינער פון דער קאָמיטע. „נאַט, זייט אַזוי גוט און לעזט עס איבער, און אויב עס איז אייך געפעלען, וועלען מיר דאָס אַריינגעבען אין די צייטונגען.

דער כלל־טהוער נעהמט און לעזט:

„דער וועלט־בעריהמטער גרעסטער אידישער פאָלקסרעדנער און פּאַטריאָט, לעמעל פּיסקון, וועט נעקסטען זונטאַג אַבענד האַל־טען א לעקטשור אין די קלאָב רומס פון דער צענטורע וועגטורע ליטעראַרי סאָסייעטי. אַלע זיינען ווילקאָמען."

„קאַליקעס!" רופט אויס דער כלל־טהוער נאָכדעם ווי ער ענ־דיגט לעזען די אַנאָנסע. איהר קענט דאָך גאָר ניט שרייבען, און איהר רופט זיך נאָך ליטעראַרי סאָסייעטי! איך וועל דאָס פאַר אייך איבערשרייבען."

מיסטעל לעמעל פּיסקון זעצט זיך אַוועק איבערשרייבען און די אַנאָנסע קומט אויס אַזוי:

„דער וועלט־בעריהמטער, אונאיבערטראָפּענער, דער איינציגער גרעסטער אידישער פאָלקס־רעדנער, אָראַטאָר, און הייסער פּאַטריאָט, מר. לעמעל פּיסקון, וועט בעעהרען די צענטורע וועג־

טורע ליטעראַרי סאָסייעטי מיט א פּראַכטפאָלע העכסט געלונגענע לעקטשור, וועלכען ער וועט פּאָרטראָגען נעכסטען זאָנטאג אַבענדס אין דעם לאָקאַל פון פעראיין. אַלע זיינען העכסט ווילקאָמען. קומט און ברענגט אייערע פריינדע."

„אָט דאָס איז שוין א ביסעל בעסער", זאָגט מיסטער לעמעל פּיסקון און גיט איבער די נייע נוסחא צו דער קאָמיטע.

„מאַכט פון דעם א קאָפּיע פאַר יעדע אידישע צייטונג און טראָגט עס גלייך אויס", גיט ער א בעפעהל צו די קאָמיטע.

אין א פּאָאַר שטונדען געהט לעמעל פּיסקון אַוועק צום רעדאַקטאָר פון „אבענד־צייטונג", דער איינציגער רעדאַקטאָר, וואָס איז איהם א ביסעל מקרב.

„איך האָב צו בעטען פון אייך עפּעס א טובה", זאָגט מיסטער לעמעל פּיסקון צום רעדאַקטאָר.

„וואָס איז די טובה?" פרעגט דער רעדאַקטאָר.

„דאָ האָט אייך א קאָמיטע פון דער צענטורע װוענטורע ליטעראַרי סאָסייעטי געבראַכט אן אנאָנסע וועגען א רעפעראַט וואָס איך דאַרף ביי זיי האַלטען. איך וויל דאָס זעהן בעפאָר איהר גיט דאָס צום דרוק. די אידיאָטען זיינען גרויסע קאַליקעס. אפשר דאַרף מען דאָס גאָר איבערשרייבען."

„נאַט אייך", זאָגט דער רעדאַקטאָר. „איהר קענט עס ענדערען אויב מען דאַרף און פערשפּאָרען מיינע שרייבער א טרחה."

דער כלל־טהוער לאָזט זיך ניט בעטען. ער נעהמט די אדווער־טייזמענט און שטעלט צו דאָ א וואָרט, דאָ צוויי, און דאָ א גאַנצע שורה. עס קומט שוין ארויס אזוי:

„קומט אַלע, קומט אין מאַסען! דער וועלט בערימהטער, דער איינציגער גרעסטער אידישער פאָלקסרעדנער און אָראַטאָר, פון אונזערע צייטען און פון אַלע צייטען, דער הייסער אידישער פּאַטריאָט מיט א װוארימער האַרץ, דער בעוואוסטער מר. לעמעל פּיסקון, וועט אויף דעם אַלגעמיינעם פערלאַנג בעעהרען די צענטורע װוענטורע ליטעראַרי גרעסטע סאָסייעטי מיט איינע פון זיינע בעסטע, פּראַכטפאָלע, טיעפזיניגע און העכסט געלונגענע לעקטשורס דעם נעקסטען זאָנטאג אבענד, אין דעם לאָקאַל פון פעראיין. אַלע זיינען העכסט ווילקאָמען. ברייננט מיט אייערע פריינדע און בע־

קאַנטע. קומט פריה און פערכאַפּט פּלאַטץ. נאַכדעם וועט איהר ניט קענען אַריין אין האָל."

דער רעדאַקטאָר האָט געשמייכעלט ווען מיסטער לעמעל פּיסקון האָט איהם צוריקגעגעבען די אַנאָנסע אַן אויסגעבעסערטע.

„כ'בעט אייך", בעט זיך דער כלל־טהוער. „שטעלט עס אויף דער ערשטער זייט."

„איהר זייט פון זינען אראָב", זאָגט דער רעדאַקטאָר. אויף דער ערשטער זייט אַנאָנסירען מיר קיינע רעפּעראַטען. אַז איהר וועט געהן אין גאַס און אַ וואָגען וועט אייך אריבערפאָהרען, אָדער די אַפּאָפּלעקציע וועט אייך נעהמען, וועל איך דאָס שטעלען אויף דער ערשטער זייט, נאָך מיט אייער בילד צו דעם."

„אַי, ווי דערלעבט מען שוין דאָס", זאָגט זיך דער כלל־טהוער שמייכלענדיג און זיך פאָרשטעלענדיג אין זיינע געדאַנקען דעם שעהנעם הספּד וואָס דער רעדאַקטאָר פון „אבענד צייטונג" וועט שרייבען אויף א״הם. „אָבער אַז ניט אויף דער ערשטער זייט, וועט איהר דאָס געבען אויף דער פערטער?"

„מעגליך", ענטפערט דער רעדאַקטאָר, „עס ווענדעט זיך אָן דעם פאָרמאַן פון די זעצערס. וואו עס קומט איהם אויס, דאָרט שטעלט ער אַריין. ער איז אַ יוניאָן מאַן, און ער פייפט אויף אַלע אייערע גדולים."

„זעהט, אַז מען זאָל עס זעצען כאָטש מיט גרויסע שריפט", בעט זיך דער כלל־טהוער."

„לאָזט מיך שוין צורוה", זאָגט דער רעדאַקטאָר. „איך האָב אַ מאַסע ארבייט."

דער כלל־טהוער געהט אַרונטער צו די זעצער. דאָרט געפינט ער דעם פאָרמאַן קאָמאַנדעווענדיג איבער טישלעך אויף וועלכע עס זיינען אויסגעשטעלט אָבגעזעצטע גאַנצע זייטען פון דער צייטונג.

„איך וויל פון אייך בעטען אַ טובה", זאָגט דער כלל־טהוער צום פאָרמאַן. „דער רעדאַקטאָר וועט אייך באַלד אַרונטערשיקען אַ בע־ריכטיג וועגען מיר. בעט איך אייך, ערשטענס, איהר זאָלט דאָס ניט פעררוקען אין אַ ווינקעל, און ניט צו זעצען מיט קליינע שריפט — עס זאָל זיך אַרויסזעהן, און צווייטענס, זאָלט איהר מיר זאָגען ווען איך קע ן זעהן אַ קאָרעקטור."

„איהר האָט געבעטען דריי זאכען, ניט צוויי“, זאָגט דער פאַר־מאַן שמייכלענדיג. ער האָט שוין געקאָנט דעם נפש. „קומט מאָר־גען ארום צעהן אין דער פריה, וועט איהר זעהן א קאָרעקטור.“

דער כלל־טהוער איז שוין געווען אויפ'ן פלאַץ אום ניין. באלד ווי די אנאָנסע וועגען איהם איז שוין געווען אויפגעזעצט, האָט דער פאָרמאַן ארויסגעצויגען פון דעם א פראָבע־בויגען און דאָס געגעבען צום כלל־טהוער.

„קען מען נאָך עטוואָס ענדערען?“ פרעגט דער כלל־טהוער.

„מען קען, אָבער מאַכט עס שנעל“, ענטפערט דער פאָרמאַן.

דער כלל־טהוער שטעלט צו גאַנץ פון אויבען א שורה: „לעמעל פיסקון ידבר“. פון „פאָלקס־רעדנער“ האָט ער געמאַכט: „אמת נאַציאָנאַלער פאָלקס־רעדנער“. און צום סוף האָט ער צוגעשריבען: „נאָך אכט וועלען די טיהרען זיין געשלאָסען און פאָליציי וועט אָב־היטען, אז קיינער זאָל זיך ניט אריינשפאַרען אין דעם צוזאמענגע־שטיקטען פובליקום.“

אין דיזער מינוט איז אריינגעקומען דער רעדאקטאָר, און גע־פרעגט:

„וואָס טהוט איהר דאָ, מיסטער פיסקון?“

„איך בין געקומען — געקומען — עה“ — (דאָ האָט ער זיך פארזאאיקעט) — „פעררכטען א פּאָאר גרייזען וואָס אייערע זעצער האָבען מיר געמאַכט.“

„א סך גרייזען געפונען?“ פרעגט דער רעדאקטאָר, קוקענדיג אויפ'ן פאָרמאַן, וועלכער האָט געוואונקען מיט די אויגען.

„פול מיט גרייזען!“ רופט אוים מיסטער פיסקון. „זיי האָ־בען פערפעהלט ווערטער און גאַנצע שורות. מיך אַרט עס ניט, אָבער דער פעראיין וואָלט זיך דערנאָך קלאָגען אויף אייך אז איהר בעהאַנדעלט זיי ניט ריכטיג. יעצט איז אַלל־ראַיט. איך האָב שוין אָנגעצייכענט וואָס עס פעהלט.“

„איך דאַנק אייך זעהר פאר אייער מיהע“, זאָגט דער רע־דאקטאָר.

דער כלל־טהוער טרעט שוין ניט אָב פון דער רעדאַקציע ביז די ערשטע בלעטער ווערען אָבגעדרוקט. ווי א הונגעריגער וואָס כאַפּט זיך צו א פרישען זעמעל, אזוי כאַפּט ער זיך צו דער צייטונג,

עפענט אויף די פיערטע זייט — נישטאָ. דאָס האַרץ פאַלט איהם איין. ער זוכט, און זוכט — אָט איז עס! אויף דער לעצטער זייט — אויף דער אַכטער! און מיט גרויסע בוכשטאַבען! און אַלעס וואָס ער האָט אַריינגעשריבען און צוגעשריבען! קיין איין גרייז נישטאָ!

אַ גאַנצען טאָג געהט שוין דער כלל־טהוער אַרום אין גאַס און קוקט זיך צו ווי מענשען קויפען די צייטונג, אין וועלכע עס איז גע־דרוקט די אַנאָנסע וועגען זיין רעפעראַט. די אַנדערע אידישע צייטונגען האָבען דאָס געמאַכט קליין, אָבגעקירצט אויף פיער שורות. נור, אַ דאַנקען גאָט, די „אבענד צייטונג" האָט אַ גרויסען פערקויף. ער איז צופריעדען. ער וואָלט פאַר שמחה אַרומגענומען יעדען אינ־געלע וואָס פעדעלט מיט דער „אבענד־צייטונג".

און אַזוי ווי דער כלל־טהוער געהט אין גאַס, בעגעגענט ער זיך מיט איינעם פון די קאָמיטע־לייט פון דער צענטורע ווענטורע לי־טעראַרי סאָסייעטי.

„איהר האָט געזעהן וואָס דער רעדאַקטאָר פון „אבענד־צייי־טונג" האָט געטהאָן מיט אייער אַנאָנסע וועגען מיר?" גיט ער אַ פרעג.

„ניין", ענטפערט דער קאָמיטע־מאַן.

„קויפט אַ בלאַט, וועט איהר זעהן", זאָגט מיסטער פיסקון. „ער האָט די אַנאָנסע שרעקליך אויסגעצויגען, געמאַכט פון אַ וואָרט אַ קוואָרט, האָט דאָרט אָנגעשריבען אויף מיר אַזוי פיעל שבחים, וואָס איך וויל דאָס גאָר ניט, איך דאַרף עס גאָר ניט! ווער האָט איהם געבעטען? איך האָב פיינד אַזעלכע טיטולען — פע!"

און מיסטער פיסקון געהט אַוועק ווייטער בלאָפען.

# ווי בענטשע כאַפּטים איז בעריהמט געוואָרען

וועד איז בענטשע כאַפּטים? אַמאָל בלויז מיט עטליכע יאָהר צוריק, האָבען איהם זעהר ווייניג מענשען געקענט. היינט קענען איהם אַלע — די גאַנצע שטאָדט קען איהם. רעדט מען פון גרויסע מענשען, דערמאָנט מען אויך בענטשע כאַפּטים.

ווי אַזוי איז ער בעריהמט געוואָרען? וועגען דעם וויל איך אייך היינט דערצעהלען.

בעריהמט איז ער געוואָרען אויף אַ מערקווירדיגען אופן, גאָר אָהן מיהע. עס הייסט ניט, אַז ער האָט זיך ניט געמיהט צו ווערען בעריהמט, נור די מעשה איז אַז זאָלאַנג ער האָט זיך געמיהט, איז ער געוועזן אונבעקאַנט. וויבאַלד ער האָט זיך אָבער איבערגעהערט צו מיהען, האָט זיין נאָמען אָנגעהויבען צו וואַקסען פון זיך אַליין, אַזוי ווי אויף הויוען.

קיין טאַלענט האָט בענטשע כאַפּטים ניט געהאַט. אַ קלוגער מאַן וואָס זאָל זיך מיט זיינע רייד קענען בעליעבט מאַכען אין אַ געזעלשאַפט, איז ער אויך ניט געווען. אין זיין אויסזעהן און אין זיינע מאַניערען איז ער געווען זעהר אומגעלומפּערט און דאָך האָט ער זיך געשטופּט איבעראַל, סאַי מען האָט גערופען, אָדער ניט.

עס זיינען דאָ מענשען וואָס האָבען זיך ארויפגעאַרבייט צו אַ גאַנץ הויכען צושטאַנד אין דער וועלט, בלויז דערפאַר וויייל זיי האָבען אין זיך דעם כח, דעם מוטה צו שטופּען זיך. אָבער בענטשע כאַפּטים איז אין דעם אויך געווען אומגעלומפּערט. שטופּען זיך אין געזעלשאַפט איז אַ קונסט, ניט אַ פּראָסטע מלאכה. מען דאַרף וויסען די ריכטיגע געלעגענהייט, דעם ריכטיגען מאָמענט. בענטשע כאַפּטים פלעגט ע. אָבער טהאָן אַזוי אַז מען פלעגט גלייך דערקענען זיין נאַרישע חוצפה.

ווען עס פלעגט פאָרקומען עפּעס אַ גרויסע פערזאַמלונג, פלעגט בענטשע כאַפּטים אויסוואַקסען אַזוי ווי פון דער ערד און פלעגט זיך געפינען צווישען די „ווייס־פּרעזידענטען". די טיהר־שטעהער

פלעגען זיין חוצפה אַננעהמען פאר א צייכען פון אויטאָריטעט, און פלעגען איהם ניט אָבשטעלען. אגב זיינען זיי שוין אַלע געווען צו איהם צוגעוואוינט. מענשען זיינען נאַטירליך פויל און קיינעם איז ניט איינגעפאַלען צו נעהמען זיך די מיהע און נאָכפרעגען בענטשע כאַפּטים׳ס אויטאָריטעט. אזוי פלעגט ער זיך אויך אריינכאַפּען אין טהעאַטערע, צו קאָנצערטען, צו באַנקעטען און אויך צו רייכע חתונות. מענשען זיינען שוין געוואוינט געוואָרען צו איהם ווי צו אַן אָנשיקעניש, א קהל׳שען הויקער. מען האָט זיך שוין ניט גע־חידוש׳ט צו זעהן איהם דאָרט וואו מען האָט איהם ניט איינגעלאַדען.

שפּעטער, ווען ער איז שוין בעסער איינגעאיבט געוואָרען אין דיזע „ביזנעס“ פון קריכען וואו מען האָט איהם ניט געבעטען, פלעגט ער זיך א מאָל איינבעטען, אז מען זאָל איהם לאָזען רעדען א פּאָאָר ווערטער, מאכען א טאָאסט, אָדער א קורצען „ספּיטש“. דאָס האָט איהם אָבער ווייניג געהאָלפען. אז בענטשע כאַפּטים פלעגט שווייגען, פלעגט נאָך זיין צו דערליידען פון איהם, אָבער אז ער פלעגט עפענען א מויל פלעגען באַלד אַלע זעהן וואָס פאר א גלאָמפּ ער איז.

און דאָך האָט בענטש כאַפּטים געוואָלט בעריהמט ווערען. ער האָט געלעבט נור מיט דעם געדאַנק, אז ער מוז בעריהמט ווערען.

אָבער ווי אזוי ווערט מען בעריהמט? ער האָט אזוי לאַנג גע־ארבייט מיט דער גאַל, און מען האַלט איהם נאָך פאר דעם זעלבען גאָר־נישט ווי געווען.

איינמאָל האָט בענטשע כאַפּטים בעמערקט אויף א גרויסע פערזאַמלונג, אז אייניגע גרויסע לייט וואָס זיינען געלאַדען געוואָרען צו קומען, האָבען אריינגעשיקט בריעף אז זיי קענען ניט קומען. די בריעף האָט דער פּאָרזיצענדער פון דער פערזאַמלונג פּאָרגעלעזען הויך, פאר׳ן גאַנצען פּובליקום, אז דער גאַנצער עולם זאָל וויסען, היות אז עס איז דאָ א גרויסער מאַן, דער עהרענווירדיגער טאָדרעס יאטעבעדאם וואָס איז שטאַרק פערנומען; און ווייל ער האָט אַליין ניט געקענט קומען צום מיטינג, שיקט ער זיין סימפּאַטהיע דורך א בריעף, און היות אז עס איז דאָ א גרויסער מאַן, שמעלקע געלד־זאק, ירום הודו, וועלכער האָט ליידער אין דיזען אבענד אַן אַנדער וויכטיגע פערזאַמלונג, קען ער דארום ניט קומען און דערפאַר שיקט

ער זיינע בעסטע ווינשע, און ער פערזיכערט אז ער איז פאָלקאָמען איינפערשטאַנדען מיט דעם גייסט פון דעם מיטינג. און היות ווי עס זיינען דאָ נאָך גרויסע לייט וואָס האָבען ניט געקענט קומען צום מיטינג, שיקען זיי, יעדער איינער פון זיי, זיין בעדויערונג פאַר דעם וואָס ער קען ניט קומען.

בענטשע כאַפּטים האָט בעמערקט אז דער עולם הערט זיך צו מיט גרויס אויפמערקזאַמקייט צו די בריעף און אַפּלאָדירט זעהר שטאַרק ווי נור דער פּאָרזיצענדער ענדיגט לעזען. בענטשע האָט איינגעזעהן, אז די מענשען וואָס קומען ניט צו דער פערזאַמלונג, ציהען צו מעהר אויפמערקזאַמקייט מיט זייערע בריעף אַלס די וואָס קומען מיט זייערע רעדען.

דאַן האָט בענטשע כאַפּטים בעשלאָסען צו זוכען בעריהמטקייט אויף אַ נייעם וועג.

ער האָט אָבגעוואַרט דעם ערשטען גרויסען מאַסענפערזאַמלונג פון סעזאָן. דער יטינג איז געווען פעררופען מיט דער אבזיכט צו בעגריסען א גרויסע ערזאָן פון רוסלאַנד, אַ פיהרער פון אַ גרויסער בעוועגונג. בענטשע כאַפּטים איז צו דיזען מיטינג ניט געקומען. אָבער ווען דער פּאָרזיצענדער האָט גענומען פּאָרלעזען פאַר'ן עולם די סימפּאַטהיע בריעף פון די גרויסע לייט וואָס האָבען ניט געקענט קומען צום מיטינג, האָט ער אין דעם פּעקעל בריעף געפונען אַ בריעף פון בענטשע'ן כאַפּטים, אין וועלכען בענטשע האָט זיך ענטשולדיגט דאָס ער האָט ליידער פאַר דיזען אבענד געמוזט אָבפאָהרען פון שטאָדט צוליעב אַ וויכטיגען ענין, און ער קען דארום ניט קומען. אָבער טראָטץ דעם וואָס ער קען ניט זיין ביי דער פערזאַמלונג, פערזיכערט ער דאָך, אז זיין הארץ און זיין זעעלע איז דאָ מיט דעם עהרען־גאַסט, מיט די פערזאַמעלטע און מיט זייער אידעאַל.

אַזעלכע בריעף האָט בענטשע כאַפּטים אָנגעהויבען צו שיקען צו יעדען וויכטיגען מיטינג, סאַי מען האָט איהם ערוואַרטעט, סאַי מען האָט איהם ניט ערוואַרטעט. ניט אימער ווערען די ענטשולדיגונגס־בריעף נאָכגעפאָרשט אויב זיי קומען פון מענשען וואָס מען האָט זיי געבעטען צו קומען, אָדער ניט, אויב זיי זיינען טאַקי פון וויכטיגע פערזאָנען, אָדער איינפאַכע קריכער. פערקעהרט, אַ פּאָרזיצענדער איז העכסט צופריעדען אז ער האָט וואָס מעהר פּאָרצולע־

זען. אַלס טשערמאַן ערוועהלט מען געוועהנליך א מאַן וואָס האָט ליעב כבוד, עליות, און פאַרלעזען בריעף איז אויך א מין כבוד, אַ מין עליה, אָדער מפטיר.

עס איז אריבער א היבשע צייט און דער נאָמען בענטשע כאַפּטים האָט אָנגעהויבען צו שטייגען אין פּאָפּולאריטעט. אויף יעדען גרויסען מיטינג האָט מען פאַרגעלעזען בריעף פון בענטשע כאַפּטים אין וועלכע ער האָט אויסגעדריקט זיין בעדויערען פאר דעם וואָס ער קען צום מיטינג ניט קומען. און פיעלע האָבען אָנגעהויבען פרעגען „ווער איז דיזער בענטשע כאַפּטים וואָס איז אימער אזוי פערנומען מיט וויכטיגע אינטערעסען דאָס ער קען צו דער פער־זאַמלונג ניט קומען?"

„ווער איז בעטשע כאַפּטים, פרעגט איהר", פלעגט איינער ענטפערען, „בענטשע כאַפּטים איז בענטשע כאַפּטים. זעהר אַ בע־וואוסטע פערזאָן אַ כלל־טהוער, אַ פאָלקס־מענש."

ווען מען פלעגט אין די צייטונגען לעזען אַ בעריכט פון אַ מי־טינג, פלעגט מען געוועהנליך געפינען אין דעם בעריכט אז בע־דויערונגס־בריעף זיינען פאַרגעלעזען געוואָרען פון האָנאָרייבל טאָד־רעס יאַטעבעדאַס; שמעלקע געלדזאַק; בענטשע כאַפּטים, און אַנ־דערע, וועלכע האָבען צום מיטינג ניט געקענט קומען.

מיט דער צייט האָט זיך ביים עולם ענטוויקעלט אַ שטאַרקע נייגיערדע צו זעהן און צו הערען בענטשע כאַפּטים. זיין נאָמען פלעגט אזוי אָפט דערמאָנט ווערען אויף פערזאַמלונגען און אויך אין צייטונגען, דאָס ער האָט אָנגהעויבען בעטראַכט צו ווערען אַלס אַ פערזאָן וואָס אַלע יאָגען זיך נאָך איהם און קענען איהם ניט קריגען. און וואָס מעהר בענטשע כאַפּטים האָט געווייכט פון מיטינגען, באַנקעטען און אַנדערע געזעלשאַפטליכע פערזאַמלונגען, אַלץ מעהר האָט מען זיך געיאָגט נאָך איהם.

בענטשע כאַפּטים האָט עררייכט זיין צוועק. קיינעם פאַלט ניט איין צו פרעגען אויב בענטשע האָט ווען אין זיין לעבען ארויס־געזאָגט אַ קלוגען געדאַנק. אַלעס וואָס מענשען ווייסען איז, אַז מיסטער כאַפּטים איז אַ פערזאָן וואָס ווערט איבעראַל געלאַדען, נור ער קען ניט קומען, ווייל ער איז שטאַרק פערנומען — אַ גרויסער כלל־טהוער, אַ מענש וואָס די גאַנצע וועלט יאָגט זיך נאָך איהם!

# „אמעריקא גנב!“

די אלטע מוהמע מייטע, וועלכע איז געזעסען אין גאס מיט א קליינעם טישעלע מיט עפעל און צוקער־ווערק, האט בעקומען אן „אפאזישן“, א קאנקורענטין.

די קאנקורענטין איז געווען אהן לייב און לעבען אהן א נשמה, בלויז א פיגור וואס האט געארבייט דורך א מאשין, אן אווטאמאט.

א נייער אפטייק האט זיך געעפענט אויפ׳ן ראג, און דער אפ־טייקער האט אין דרויסען ארויסגעשטעלט עטליכע מאשינקעס, וואס שטעהען אויף אייזערנע שטענדערס און אז מען ווארפט אין זיי אריין א סענט, קומט ארויס א שטיקעל צוקערווערק, אדער א שטי־קעל קאי־גומי.

צווישען דיזע אווטאמאטען איז געווען איינע פון א גאנץ אנ־דערען פאסאן. אין דער מאשין איז געווען א קליינע פיגור פון אן אלטע פרוי, און מען פלעגט אריינווארפען א סענט אין דער מאשין, פלעגט זיך די פיגור אנהויבען בעוועגען, און נאכדעם אויסשיטען א מעסטעלע בעצוקערטע ניסלעך אונטען, אין א טעצעלע. די פי־גור פלעגט נאכדעם צולעגען א האנד צו די ליפען, און עס פלעגט אויסזעהן אזוי ווי די אלטעטשקע וואס איז אין דער מאשין „ווארפט א קוש“.

די מוהמע מייטע איז שוין צעהן יאהר אין אמעריקא, אבער מעהר ווי די צעהן־פופצעהן בלאק ארום איהר וואוינונג האט זי די גאנצע צייט ניט געזעהן. אזא מאשין צו זעהן איז איהר אויסגעקו־מען דאס ערשטע מאל אין איהר לעבען. פון אנפאנג האט זי מורא געהאט פאר דעם פיגור. זי האט געמיינט, אז דאס איז א לעבעדיגע מכשפה וואס האט זיך איינגעקארטשעט, זיך געלאזט אריינשטעלען אין דער מאשין אום צו מאכען געשעפטען. אבער א פעדלער וואס שטעהט נעבען איהר מיט זויערע עפעלעך האט איהר ערקלהרט אז כשוף איז אין אמעריקא פערבאטען. די פיגור איז געמאכט פון פארצעליי, טוך און דראטען, און עס ארבייט דורך ספראנזשינקעס.

„אויף אַלץ האָבען זיי היינט מאַשינעס!" האָט אויסגערופען די מוהמע מייטע, „ס'אַ גוואַלד! די מאַשינעס האָבען ארויסגעטרי־בען ארבייטער פון די פאַבריקען, און יעצט נעהמט מען זיך צו **אונז**, אָרעמע פעדלערקעס!"

זי האָט גלייך דעם ערשטען טאָג, בעמערקט אַז עס פאַלט איהר אָב לייזונג. די קליינע סקוהל קינדער וואָס פלעגען איהר געבען צו לייזען, האָבען אָנגעהויבען צו געהן צום אַפּטייק. די קינדער האָ־בען געהאַט פיעל שפּאַס מיט דער פאַרצעלייענער אַלטעטשקע, וואָס גיט זיי פאַר אַ סענט אַ מעסטעל ניסלעך און וואַרפט זיי אַ קוס אַלס צוגאָב. דעם גאַנצען נאָכמיטאָג פלעגען זיך קלייבען קינדער ארום דער מאַשין, גאַנצע גרופּען פלעגען זיי שטעהן און אַמוזירען זיך, צוקוקענדיג ווי די פיגור בעוועגט זיך, שמייכעלט, ווינקט מיט די אויגען און ארבייט מעשים.

פון טאָג צו טאָג האָט די מוהמע מייטע געפיהלט אַז עס פעהלט איהר אַלץ מעהר און מעהר לייזונג. איינמאָל, אין דער פריה, אַז עס איז איהר אויסגעקומען פערבייצוגעהן די פיגור, האָט זי גע־פיהלט, אַז איהר הארץ האָט אין איהר אויפגעזאָדען, אַזוי ווי זי וואָלט בעגעגענען אַ לעבעדיגען שונא אַ מענש מיט הענד, פיס און מיט אַ נשמה.

„מכשפה!" האָט זי אויסגערופען, דראָהענדיג מיט'ן פויסט. „ווער איינגעזונקען!"

און באַלד בעדענקט זי זיך אַז עס איז אַ נאַרעשקייט צו שילטען אַ פיגור, אַ גולם, וואָס האָט אין זיך קיין לעבען ניט.

„אפשר" טראַכט זי זיך „אַז איך וואָלט אריינגעגאַנגען צום אַפּטייקער און איהם דערצעהלט מיין לאַגע וואָלט ער אויף מיר רחמנות געהאַט און צוגענומען די פיגור. אויב ער איז אַ מענש מיט אַ הארץ, וועט ער ניט וועלען אָבנעהמען מיין פּרנסה."

אין אבענד, ווען זי האָט צוזאַמענגענומען איהר סחורה צו געהן אהיים, האָט זי זיך געמאַכט מוטה און איז אריין אין אַפּטייק. בע־פאָר זי איז אריינגעקומען, האָט זי זיך אָבגעשטעלט אַ ווײַלע אין דרויסען און גענומען פאַרבערייטען אַ שטיקעל רעדע מיט געקלי־בענע ווערטער. זי וועט אריינקומען צום אַפּטייקער און זאָגען: „גוד אווניניג, סער". און נאָכדעם וועט זי אָנהויבען צו רעדען אַ

ביסעל אויף דייטש: „איך בין אַ ווידאָו“, וועט זי זאָגען. „און איך שטעה מיט אַ טישעל דאָ אין בלאָק.“ נאכדעם וועט זי דער־צעהלען דאָס איבריגע. די ווערטער וועלען שוין איהר אַליין קומען אין מויל.

נור אפשר פערשטעהט ער קיין דייטש? אפשר איז ער אַ יענקי? ניין, דאָס קען ניט זיין. אַן אפטייקער אין אידישען גע־גענד מוז קענען דייטש, און אפשר איז ער גאָר אַ איד.

זי קומט אריין און געפינט אַ מיטעל־יעהריגען מאַן מיט אַן אונטערגעשווירענער בערדעל — אַ רויטס וואָס האָט אָנגעהויבען איבערגעהן אין שוואַרץ. איין בליק אויף זיין פּנים און עס האָט איהר אָבגענומען דער מוטה. דער פּנים זיינער איז ניט געווען אזוי שלעכט ווי זיינע אויגען, וועלכע האָבען געקוקט קרום אויף דער גאנצער וועלט.

„גוד איוונינג, סער“, האָט זי געזאָגט.

„וואָס ווילט איהר?“ האָט ער געפרעגט געשעפטסמעסיג, ניט ענטפערענדיג אויף איהר „גוד איוונינג“.

„איך בין אַ ווידאָו“ — האָט זי אָנגעפאנגען און ניט געקענט געהן ווייטער. זי האָט זיך געפיהלט ערנידעריגט, בעליידיגט.

„איז וואָס ווילט איהר?“ האָט ער געפרעגט אין דעם זעלבען קאַלטען ביזנעס־טאָן.

„גיט מיר פאר פינף סענט אַ זענעפט פּלאַסטער“, האָט זיך ביי איהר ארויסגעכאפּט פון מויל.

די קרומע אויגען פון דעם אפטייקער האָבען זיך אויף אַ זע־קונדע אויסגעגלייכט. אַ ברעקעלע שמייכעל האָט זיך בעוויזען אויף זיינע ליפּען. ער האָט איהר דערלאַנגט דעם פּלאַסטער, צוגע־נומען די פינף סענט און אָבגעקלאַפּט אויפ׳ן קעש־רעדזשיסטער.

„אַלעס מיט אַ מאַשין“, האָט די אַלטע אַ זאָג געטהאָן אין דער שטיל. „אפילו צעהלען געלד טהוען זיי דאָס אויך מיט אַ מאַשין!“

זי איז ארויס און האָט מעהר קיין מוטה געהאַט אריינצוגעהן נאָכאמאָל און ריידען. עס איז די מורא פון שוואַכען פאַר׳ן שטאַר־קען, וועלכער האָט אפילו מורא צו פאַרדערען גערעכטיגקייט.

„אפשר וועט גאָט העלפען“, טראַכט זי זיך. „די קינדער וועט

זיך צועסען די מאַשין און זיי וועלען ווידער קומען און קויפען ביי מיר.“

זיצענדיג ביי איהר טישעל, פלעגט זי איהרע אויגען ניט אראָבנעהמען פון איהר שטומע קאָנקורענטין. פון דעם שטענדיגען קוקען האָט זיך ביי איהר ענטוויקעלט א זאָנדערבארע נייגונג נאָכצומאַכען די בעוועגונגען פון דער פיגור. זי האָט עס פון אָנפאַנג ניט בעמערקט, עס איז געקומען פון זיך אליין. מאָטעל, זונדעלמאַן דעם גראָסערימאַן'ס אינגעלע, איז צו איהר צוגעקומען מיט א סענט און געבעטען בעצוקערטע גומי קייקלעך. די מוהמע מייטע האָט ביי איהם צוערשט גענומען דעם סענט. נאָכדעם האָט זי אָנגעהויבען צו שמייכלען, צו שאָקלען מיט'ן קאָפּ, דערלאַנגט דעם אינגעלע די צוקערווערק אין אַ שטיקעל פּאַפּיר און צולעצט צוגעלייגט די שפּיצען פינגער צו איהרע ליפּען.

מאָטעלען איז דאָס זעהר געפעלען געוואָרען. ער איז באַלד געקומען מיט סאַלי'ן, זילבערמאַן דעם קצב'ס אינגעלע, און מיט סיידי'ן ,די זעקס יעהריגע טאָכטער פון מאַרקאָוויטש דעם אפּטייקער. סיידי און סאלי האָבען געגעבען די מוהמע מייטע'ן צו סענטען. די מוהמע מייטע איז פאַר יעדען סענט איבערגעגאַנגען די גאַנצע צערעמאָניע פון אָנפאַנג ביז'ן סוף: געשמייכעלט, געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ, דערלאַנגט די צוקערווערק און נאָכדעם געוואָרפען אַ קוש.

די נייעס איז באַלד פערשפּרייט געוואָרען צווישען די קינדער פון דעם קוואַרטאַל אַז די מוהמע מייטע מאַכט „טריקס“, גראַדע אזעלכע קונצען ווי די אווטאָמאַטישע פיגור ביי'ם אַפּטייק, אָבער אַז די מוהמע מייטע האָט געזעהן ווי די קינדער קומען צו איהר און פאָדערען זי זאָל מאַכען קונצען, איז איהר באַלד איבעל געוואָרען. זי האָט זיך בעדענקט ווי נאַריש עס איז אויף די עלטערע יאָהרען צו מאַכען זיך קינדעריש!

„איך בין טשיקאַווע צו וויסען“, האָט זי איינמאָל זיך געפרעגט, „אויב די מאַשין פערשטעהט עפּעס. מען דאַרף פּרובירען אַריינוואַרפען דעם דייטשען פעניג וואָס מאָטעל האָט מיר אַריינגעשפּאַרט פאַר א סענט. כ'וועל זעהן אויב די פיגור וועט ארבייטען פאַר דעם פעניג.

ביינאכט, ווען זי איז געגאנגען אהיים, האט זי זיך אבגע־שטעלט ביי דער מאשין און האט אריינגעווארפען דעם פעניג. די פיגור האט זיך ניט א ריהר געטהאן.

„אמעריקא גנב!" האט אויסגערופען די מוהמע מייטע. „האסטו ווען געזעהן א מאשין זאל האבען שכל? אבער עס איז דאך א חוצפה צו נעהמען מיין פעניג און מיר גארנישט געבען. ווילסט ניט געבען קיין סחורה, טא גיב צוריק מיין געלד."

זי האט בעמערקט אויף די ערד ליגען א שטיקעל גלאז. זי האט דאס ברעקעל גלאז אריינגעשטופט אין דער מאשין — אבער עס איז גארנישט ארויס.

„אמעריקא גנב!" האט זי ווידער אויסגערופען.

אויף מארגען האט זיך צווישען די קינדער געטהאן מעשים. איינינגע פון זיי האבען אריינגעווארפען סענטען אין דער מאשין, אבער די פיגור האט מעהר ניט געארבייט. עס פערשטעהט זיך, אז דער פעניג מיט'ן שטיקעל גלאז האבען זי פאראליזירט.

„שי איז דעד! שי איז דעד!" (זי איז טויט! זי איז געשטאר־בען!) האבען די קינדער געזאגט איינע צו די אנדערע, מיט א ווארנונג, אז מען זאל מעהר קיין סענטען ניט אריינווארפען.

„שי איז באסטעד, שי איז נא גוד, שי איז איי ביג פייק!" (זי איז קאפוט, זי טויג ניט, זי איז א גרויסער שווינדעל!) האבען די קינדער בעקאנט געמאכט ארום און ארום.

די מאשינען נעבען אפטייק האבען באלד בעקומען א שלעכ־טען נאמען צווישען די קינדער פון דעם געגענד. זייער לייזונג איז אבגעפאלען, און עס האט ניט גענומען זעהר לאנג ביז דער אפטיי־קער האט איינגעזעהען אז עס לוינט זיך איהם ניט צו האבען דעם עסק מיט די מאשינען וואס ברענגען איהם כמעט גאר נישט אריין. דערצו נאך האבען די קינדער יעדען טאג אבגעטהאן אן אנדער מין שאדען צו די מאשינען. זיי האבען אבגעריסען שלעסער, צור־בראכען שייבלעך, און צוקראצט די פאלירטע העלץ. און איינ־מאל, אין א שעהנעם נאכמיטאג, איז געקומען א וואגען, האט ארויס־גענומען אלע מאשינען, איז מיט זיי אבגעפאהרען און מעהר האט זיי די מוהמע מייטע ניט אנגעזעהען.

# אַ פּאַק מיט צרות פאַר איין סענט

(אַ מעשה דערצעהלט פון אַ גראָסערימאַן).

.1

## צרה נומער איינס, אַן אַגענט פון פּיאַנאָס.

איינמאָל, אין אַ שעהנעם נאָכמיטאג, ווי מען זאָגט, וואַרפט אַריין אַ אינגעל עפּעס אַ צירקולאַר דאָ אין מיין גראָסערי און געהט זיך אַוועק. עס איז געווען אַ שטילע שטונדע, האָב איך גענומען דעם צירקולאַר און פאַנג אָן צו לעזען. דאָס איז געווען וועגען אַ גרויסען אויספערקויף פון פּיאַנאָס. „די בעסטע פּיאַנאָס כמעט אומזאָנסט", איז געשטאַנען אין דעם צירקולאַר. „מיר שיקען אייך אַריין די פּיאַנאָ פריי אין הויז און ווען די פּיאַנאָ געפעהלט אייך, דאַן זאָגט אייער אייגענעם מקח און מיר וועלען אויף דעם איינגעהן. שרייבט אונז אַ פּאָסט קאַרטע וועלען מיר אייך צושיקען אַ שעהן געדרוקטען אַלבום מיט בילדער פון אַלע וועלט־בעריהמטע פּיאַנאָ־שפּיעלער.

טראַכט איך מיר: אמת, קיין פּיאַנאָ דאַרף איך ניט, אָבער דעם ביכעל מיט די פּיקטשורס וואָלט איך גראַדע וועלען האָבען. איך האָב דאָס געוואָלט מאַכען אַ פּרעזענט צו מיינעם אַ פּלימעניקעל, מיין טילי'ס שוועסטער'ס אַ אינגעלע. נעהם איך אַ פּעני, אויף אַ פּאָסט־קאַרטע און שרייב אַוועק צו דעם פּיאַנאָ־סוחר ער זאָל מיר שיקען זיין אַלבום.

אין אַ טאָג אַרום קומט צו געהן אַ דזשענטעלמאַן, אַן אָבגעפּרע־סענער, מיט אַ היבשען בייכעל, אַ רויטען פּנים און גרויסע שוואַרצע וואָנצעס, פערדרעהט אַרויף. ער ציינט מיר מיין פּאָסט־קאַרטע און מיר ווערט גלייך עפּעס ניט אנגענעהם. איך שעהם זיך פאַר איהם, ווי אַזוי האָב איך געוואָגט אָבצונאַרען אַזאַ דזשענטעלמאַן. ער האָט דאָך געווים געמוזט מיינען, אַז איך וויל קויפען אַ פּיאַנאָ. זאָג איך

צו איהם : „איהר זאָלט מיר ענטשולדיגען, מיסטער, איך האָב ניט געמיינט אייך צו בעמיהען. איך האָב געמיינט, אַז איהר צושיקט פריי אייער אַלבום, האָב איך אויך געוואָלט האָבען איינס". און דערביי פיהל איך, אַז אַלע קאָלירען בייטען מיר זיך אין פּנים. „עס איז אַלל רייט" זאָגט דער דזשענטעלמאַן. „ביי מיר איז דאָס גאָר קיין מיהע ניט. פערקעהרט, עס מאַכט מיר דער בעסטער פערגניגען מיט אייך צו בעקאָנען זיך. דעם אַלבום וועט איהר שוין קריגען, עס איז געבונדען אין לעדער און געפּאַסט אין גאָלד. איך וויל אייך צוערשט פאָרלייגען א שעהנע פּיאַנאָ, א מציאה. די פּיאַנאָ קאָסט רעגעלער 700 דאָלער. מיר פערקויפען עס פאַר 225".

„עס טהוט מיר זעהר לייד", זאָג איך, „איך דארף קיין פּיאַנאָ. וואָס דארף א גראָסערימאַן א פּיאַנאָ ? מיין פרוי קען ניט שפּיעלען."

„אונזער פירמע שטעלט צו לעהרער פאַר זעהר א ביליגען פּרייז", האָט דער אַגענט געזאָגט. „איהר וועט זעהן וואָס פאַר א פערגניגען איהר וועט האָבען ווען אייער פרוי וועט שפּיעלען פּיאַנאָ. איהר וועט אָנהויבען צו לעבען א נייעם לעבען."

און אַזוי האָט ער גערעדט ווייטער. א צינגעל איז דאָס א גלאָ־טער ווי ביי אַלע פּיאַנאָ אַגענטען. זיין ריידען האָט מיך עפּעס ווי בע'כשופ'ט. אָט, אָט, און איך גיב זיך שוין אונטער, און קויף ביי איהם די פּיאַנאָ. אָבער ער האָט גערעדט אַזוי לאַנג ביז איך האָב זיך אָבגעקיהלט און זיינע רייד האָבען שוין ניט געהאַט אַזאַ שליטה. איך קריג שוין א ביסעל קוראַזש און זאָג איהם, אַז עס איז אַן עברה זיין צייט, און ער דארף זיך ניט בעמיהען ווייטער צו ריידען, ווייל מיין פרוי איז צופיעל בעשעפטיגט מיט דער הויז און מיט דער גראָ־סערי, און זי האָט קיין צייט ניט זיך אָבצוגעבען מיט פּיאַנאָ לעקציעס.

אָבער ניט אַזוי גיך בין איך פון דעם אַגענט פּטור געוואָרען. ער האָט צו מיר נאָך לאַנג גערעדט וועגען א פּיאַנאָ, ביז ער האָט הפּנים איינגעזעהן אַז עס איז מיט מיר גאָרנישט צו מאַכען, האָט ער מיר געוואונשען א גוטען טאָג און איז זיך אוועק, איבערלאָזענדיג זיין קאַרטעל.

„נו", האָט ער געזאָגט, „איך האָף, אַז מיר וועלען אַמאָל נאָך מאַכען א געשעפט".

אזוי לאַנק קרענקסטו, האָב איך זיך געטראַכט אין הארצען. האָסטו געזעהן א נודניק? פריהער הייסט ער מיר שרייבען א פּאָסט־קארטע, זאָגט מיר צו אַן אַלבום און נאָכדעם קומט ער מיר פערקויפען א פּיאַנאָ! קוים פּטור געוואָרען פון איהם.

.2

**צרה נומער צוויי, אַן אַגענט פון א פּיאַנאָ וואָס שפּיעלט אַליין.**

איך האָב זיך געגעבען מיין נדר אז איך זאָל ווייטער היטען מיין סענט און איהם ניט אויסברענגען אויף פּאָסט־קארטען וואָס ברענגען צרות.

דריי טעג נאָך דעם ווי איך בין פּטור געוואָרען פון דעם פּיאַנאָ־אַגענט איז אהער אריינגעקומען א קורצער יונגער־מאַן, געקליידעט ווי א ספּאָרטעל, מיט א גרינעם ווייכען קאַפּעלוש אויפ׳ן קאָפּ. ער האָט מיך אָנגערופען ביים נאָמען און געפרעגט: „ווי געהט עס?“

„גאַנץ גוט“, זאָג איך, „מיט וועמען האָב איך די עהרע צו שפּרעכען?“

ער נעהמט ארויס א קארטעל און זאָגט: „מיין נאָמען איז בארני צאַפּעלמאַן. איך בין אַן אַגענט פון פּיאַנאָס וואָס שפּיעלען זיך אַליין. מען האָט מיר געזאָגט, אז איהר ווילט קויפען א פּיאַנאָ פאר אייער פרוי, נור זי האָט קיין צייט צו לערנען זיך שפּיעלען, אָט וועל איך אייך פּאָרלייגען א פּיאַנאָ וואָס שפּיעלט פון זיך אַליין. מען דארף אריינלייגען אין דעם א בויגען מיט נאָטען, א דרעה טהאָן א הענטעל און עס שפּיעלט פון זיך אַליין.“

אהא, טראַכט איך מיר, דאָס האָט איהם געמוזט שיקען דער ערשטער אַגענט. עס איז אַלץ איין חברה.

„די פּיאַנאָ שיקען מיר אייך אריין אומזאָנסט“, זאָגט דער אַגענט.

„וואָס הייסט אומזאָנסט?“ פרעג איך.

„איהר דארפט א סענט ניט צאָהלען פאָראויס. איהר האַלט אָב די פּיאַנאָ א וואָך צייט און נאָכדעם, אז עס געפעהלט אייך,

קענט איהר פאַר דעם אויסצאָהלען מיט מאָנאַטליכע קליינע אָב־צאָהלונגען.״

איך שווייג און טראַכט ווי ווערט מען פּטור פון איהם.

אין מיטען דערינען קומט אריין מיין טילי

דערזעהענדיג מיין ווייבעל, האָט זיך דער אַגענט פערנייגט פאַר איהר און איהר אָנגעהויבען מאַכען קאָמפּלימענטען. ער האָט דאָן איהר געגומען דערצעהלען, אז ער וויל אונז שיקען אומזיסט א פּיאַנאָ וואָס שפּיעלט פון זיך אליין, נור איך בין א שלעכטער און וויל ביי איהם די מתנה ניט אָננעהמען. מיין טילי איז א וואוילע און א גוטע, אָבער זי האָט דאָך א ווייבערשע נשמה, און עס גע־פעהלט איהר די קאָמפּלימענטען וואָס דער בלאָפער גיט איהר, און זי לאַכט צו איהם און האָט הנאה. איך ווער שוין א ביסעל אין כעס אויף איהר. עס קומט א גודניק מיט דרעהען דעם קאָפּ, איך זוך ווי פּטור צו ווערען פון איהם און זי שטעלט זיך מיט איהם פער־ברענגען.

„אלזאָ״, זאָגט ער צו מיר, „ווערט איהר מיר געבען אייער אָר־דער? ווען איך האָב אזא שעהנע פרוי ווי אייערע וואָלט איך א מי־נוט ניט געטראַכט און וואָלט גלייך בעשטעלט די פּיאַנאָ.״

דאָ בין איך שוין געוואָרען אין כעס. וואָס איז זיינע ביזנעס אויב מיין פרוי איז שעהנע, אָדער א מיאוס'ע? זאָג איך צו איהם: „סיי, מיסטער, גלויבט מיר, אז אזעלכע זאַכען ווי פּיאַנאָס ליגען מיר ניט אין דער לינקער פּאה. איך האָב אפילו ניט וואו אוועקצו־שטעלען אייער פּיאַנאָ. איך ועל אייך טאַקע בעטען, זייט אזוי גוט און לאָזט מיך צורוה. עס אז אן עברה אייער צייט און מיין צייט.״

מיין טילי האָט זיך אפילו פּרובירט איינשטעלען פאַר איהם. עס איז ביי איהר אויסגעקומען ניט איידעל אזוי ארויסצו'פּטר'ען א מענשען, אָבער איך האָב זיך אריינגעטהאָן אין א פעסעל מיט הערינג און געגומען מאַכען אן אָבלאווע אויף די מילךהערינג וואָס א שכנה האָט ביי מיר בעשטעלט.

דער אַגענט האָט געזאָגט א גוטען טאָג און האָט זיך אָבגע־טראָגען.

א שוטה! טראַכט איך מיר. ער מיינט ער פערשטעהט זיינע ביזנעס, אָבער ער פערשטעהט א מכה.

.3

## צרה נומער דריי, אַן אַגענט פון פאָנאָגראַפס.

אז דער אגענט פון די פיאנאָס וואָס שפּיעלען פון זיך אַליין איז אַוועק בין איך נאָך אַ לאַנגע צייט געווען אויפגערעגט. אזוי פיעל צרות זיך אָנגעמאכט פאר איין סענט. עס איז ביי מיר גאָר קיין ספק ניט געווען, אז ער איז געשיקט געוואָרען פון דעם ערשטען פיאנאָ־אַגענט.

הערען האָב איך געהערט אז ווען דיעזע חברה אגענטען קריגען עפּעס אַן אדרעסע פון אַ מענשען וועמען מען קען עפּעס פערקויפען, וועלען זיי איהם שוין ניט צו רוה לאָזען. איינער וועט די אדרעסע איבערגעבען צו אַ צווייטען, דער צווייטער צום דריטען און אזוי ווייטער. יעדער איינער פּרובירט זיין מזל, פיליכט געלינגט איהם עפּעס צו פערקויפען.

און דאַרום בין איך גאָר ניט געווען איבערראשט ווען אין אַ פיער פינף מינוט אַרום איז אַריינגעקומען אַ מיטעל יעהריגער איד, מיט אַ שוואַרץ בערדעל און פרעגט אויב איך בין פון גראָדנאָ.

„ניין“, זאָג איך, „איך בין אַ ליאַדיער.“

„אבי איך האָב געמיינט, אז איהר זייט מיינער אַ לאַנדסמאַן“, האָט ער געזאָגט.

דער איד האָט אין זיך געהאט אזעלכע פריינדליכע היימישע וועגען וואָס זיינען מיר שטאַרק געפעלען געווען.

ער האָט גענומען ריידען פון די גראָסערי־ביזנעס און פון דעם יקרות ביז ער איז געקומען צו זיינע אייגענע ביזנעס. ער איז אַן אַגענט פון פאָנאָגראַפס און ער פערקויפט אַלעס פאר אַ דריטעל פון דעם רעגעלען פּרייז, ווייל ער בעקומט די סחורה דירעקט פון פאַבריק.

ער האָט אַרויסגענומען אַ ביכעל אין וועלכען עס זיינען געווען בילדער פון פערשיעדענע פאָנאָגראַפס. טילי האָט זיך שטאַרק פער־אינטערעסירט אין דעם ביכעל. „ווייסט איהר וואָס“, האָט דער איד געזאָגט, „אויב איהר ווילט, וועל איך אייך שענקען אַ פאָ־נאָגראַף.“

„וואָס הייסט שענקען?“ פרעג איך. „איהר מיינט דאָך, מסתמא, אויסצאָהלען?“

„אַ סענט ניט!" זאָגט דער איד. „ניט איין איינציגען סענט יעצט און ניט איין איינצגען סענט שפּעטער. איך גיב אייך אַ שפּאָגעל נייע ספּאַנאָגראַף, ערשט פון פאבריק, גאַנץ פריי, און איך גיב אייך אַ שרייבען, אז דער פאָנאָגראַף איז אייער אייגענטהום. קיינער קען דאָס פון אייך ניט אַוועקנעהמען, קיינער וועט צו אייך ניט קומען מאַהנען. עס איז פריי אזוי ווי די לופט אין גאַס, ווי וואסער אין טייך. נו, דאַרפט איהר בעסער?"

איך קוק אויף טילי'ן און טילי קוקט אויף מיר, און מיר האָבעןביידע עפּעס מורא. טאַקע, זאָגט איהר אַליין, וואָלט איהר ניט געהאט אַ חשד ווען אַ ווילד־פרעמדער מענש קומט צו אייך אריין און מאַכט אייך אַזאַ פאָרשלאַג?

דער איד רעדט צו מיר ווייטער און מאַכט מיר די זאַך אַ ביסעל קלעהרער. עס איז אמת, זאָגט ער, אז דער פאָנאָגראַף קאָסט איהם אַליין צוואַנציג דאָלאַר, נור עס לוינט זיך איהם אַוועקצוגעבען דעם פאָנאָגראַף אָהן געלד, ווייל ער האָפּט פון אונז צו לייזען פאַר רעקאָרדס. עהע, טראַכט איך מיר, דאָן איז איז דאָס שוין ניט גאָר אומזיסט. עס איז אַ מתנה מיט אַ שנירעל צו דעם.

אָבער טילי'ן האָט זיך שטאַרק פערוואָלט צו האָבען אַפאָנאָגראַף און איך האָב איהר נאָכגעגעבען. ווארום זאָלען מיר טאַקע ניט האָבען אַ פאָנאָגראַף? עס איז גוט אַ מאָל אין אַ פרייע מינוט אָנדרעהען די מאַשינקע און הערען עפּעס אַ געזאַנג. ווען האָט דען אַ גראָסערימאַן אָדער אַ גראָסערימאַן'ס פרוי צייט צו געהן אין טהעאַטער, אָדער אַ קאָנצערט? לאָמיר האָבען אַ ביסעל פערגניגען אין הויז. די נשמה ווערט דאָך פערזשאַווערט אזוי זיצענדיג. בקצור, איך האָב מיט דעם מאַן אָבגעמאַכט דעם געשעפט. איך האָב ביי איהם בעשטעלט פאַר דריי דאָלער רעקאָרדס און ער האָט מיר צוגעזאָגט ארייננשיקען דעם פאָנאָגראַף.

נאָך אַלעמען, האָב איך זיך געטראַכט, איז דער סענט וואָס איך האָב אויסגעגעבען אויף דער פּאָסט־קארטע ניט געווען ארויסגעוואָרפען.

אָבער מיינע צרות, די רעכטע געדיכטע, האָבען זיך ערשט אָנגעפאַנגען. הערט זיך צו, וועל איך אייך דערצעהלען.

## .4

## צרה נומער פיער, נאָך אַן אַגענט פון פאָנאָגראפס.

דער פאָנאָגראף איז אָנגעקומען. איך און מיין טילי האָבען געהאט א סך שפאס מיט דער מאשין. אין אונזערע רעקאָרדס האָט זיך געפונען דעם בלינדען חזן׳ס אבינו מלכנו, שמולעוויטשע׳ס „הערינג“, סוזא׳ס מארטש, „ישראליק קום אהיים“, אראָנסאָן׳ס „א בריוועלע דער כלה“ און נאָך אזעלכע בעריהמטע נגונים. מיר האָבען זיי געשפיעלט פאר זיך און פאר אונזערע קונדען אזוי לאַנג ביז די נגונים האָבען אונז אָנגעהויבען קריכען פון האלז. דער בעסטער נגון ווערט צוגעגעסען ווען מען שפיעלט איהם כסדר, א צעהן מאָל אין טאָג. עס איז ביי אונז געבליבען מיר זאָלען צוקויפען עטליכע נייע רעקאָרדס.

עס זיינען אריבער א פּאָאר וואָכען און עס האָט זיך ביי מיר בעוויזען א נייער אגענט — אויך פון פאָנאָגראפס. איך האָב איהם געזאָגט, אז איך האָב שוין א פאָנאָגראף. „איך וואָלט געווען א בעלן דאָס צו זעהן“, האָט געזאָגט דער אגענט. האָב איך איהם אריינגעפיהרט אין מיינע צימערען הינטער׳ן סטאָר און געציינט.

דער אַגענט האָט בעטראכט דעם פאָנאָגראף און געזאָגט: „עס איז אַ גוטער פאָנאָגראף. וויפיעל האָט איהר בעצאָהלט? א 40 דאָלער?“

„איך האָב עס בעקומען אומזאָנסט“, האָב איך געענטפערט. „אַן אַגענט האָט עס מיר געשענקט בתנאי איך זאָל ביי איהם קויפען רעקאָרדס.“

„געהט שוין געהט!“ האָט זיך אָבגערופען דער אַגענט, אזוי ווי ער וואָלט מיר ניט געגלויבט. „איהר מאכט חוזק פון מיר. אזעלכע פאָנאָגראפס קאָסטען רעגעלער 40 דאָלאר. ביי אַן אַגענט קריגט מען זיי אמאָל פאר 30. ווייסט איהר וואָס — איך וועל אייך געבען פאר דעם פאָנאָגראף 20 דאָלער. איך וועל אייך געבען 25!“

איך האָב פון אָנפאנג געמיינט, אז ער שפאסט עס, אָבער ער האָט מיר פערזיכערט, אז ער מיינט ערנסט און מיינען מיינט ער אזוי: אויב איך וויל האָבען אַ בעסערען פאָנאָגראף, וועט ער מיר געבען איינעם וואָס קאָסט רעגעלער 75 דאָלער פאר 50 דאָלער און

ער וועט מיינעם צונעהמען אין 25 דאָלער. הייסט, עס, אז דער 75 דאָלערדיגער פּאָנאָגראַף וועט מיך קאָסטען בלויז 25 דאָלער.

דאָס איז געווען אַן אַגענט וואָס די אַנדערע זיינען געווען הינט געגען איהם. ער האָט איינעם געקענט איינרעדען אַ טענעמענט־הויז אין בויך. ער האָט מיט מיר אזוי לאַנג גע'טענה'ט און געוויזען די מעלות פון זיין פּאָנאָגראַף ביז איך בין מיט איהם דורכגעקומען אז איך זאָל איהם אוועקגעבען מיינעם דעם אַלטען וואָס איך האָב בעקומען אומזאָנסט און דערצו 25 דאָלער מזומן.

עס פערשטעהט זיך אז דער נייער פּאָנאָגראַף קאָסט לכתחילה 25 דאָלער און אין די 25 האָט ער געמאַכט אַן מיר 10 דאָלער פּראָפיט, א חוץ וואָס ער האָט בעקומען פון מיר דעם אַלטען פּאָנאָגראַף. און עס פערשטעהט זיך אויך אז דער צווייטער פּאָנאָגראַף אַגענט איז געווען די צווייטע האַנד פון דעם ערשטען וואָס האָט מיר דעם פּאָנאָגראַף געשענקט. ער האָט געוואוסט, אז זיין פּאָנאָגראַף וועט קומען צו איהם צוריק.

אָבער דאָס אַלעס האָב איך ערשט שפּעטער ערפאהרען.

.5

## צרה נומער פינף, אַן אַגענט פון ביכער.

וועניגער ווי אין אַ וואָך אַרום איז געקומען אַן אַגענט פון ביכער.

ער איז געווען אַ הויכער יונגער־מאַן מיט רויטע האָאָר און ממזר'שע אויגען. אַ רעדנער איז ער געווען אַ שוואַכער, אָבער דערפאַר האָט ער געהאַט אַ כח זיך אָנצוטשעפּען, אַ קלעק פון קלעקענלאַנד. ביי איהם איז גאָר ניט געווען אַזאַ וואָרט ווי „ניין". וויפיעל מאָל איך האָב געזאָגט, אז איך דאַרף קיין ביכער ניט, האָט עס ניט געהאָלפען. ער האָט אָנגערוקט אויף זיך די טויבע היטעל, האָט גאָר־ניט געהערט וואָס איך זאָג און האָט מיר גענומען ערקלערען וואָס די ביכער זיינען.

דאָס איז געווען אַ מוזיקאַלישע ביבליאָטהעק, האָט ער מיר געזאָגט. אין דעם געפינט זיך די בילדער און ביאָגראַפיעס פון אַלע גרויסע מוזיקער אויף דער וועלט, און דער אינהאַלט פון אַלע אָפּער־

ראָס און נאָך אַזעלכע זאַכען. דער אַגענט האָט געהערט אַז איך בין א גרויסער ליעבהאָבער פון מוזיק און דאָרום איז ער מיר געקומען פאַרלייגען דיזע ביבליאָטהעק, 20 ביכער צוזאַמען, שעהן געבונדען אין לעדער, געשטעמפעלט מיט גאָלד, בלויז דריי דאָלער א מאָנאַט אויסצוצאָהלען. די ביכער בסך הכל קאָסטען 150 דאָלער, נור ער האָט מיר גאַראַנטירט אַז די קאָמפּאַני וועט אין צוויי מאָנאַטען אַרום באַנקראָטירען, וועלען די ביכער ביי מיר בלייבען בלויז פאַר זעקס דאָלער.

נו, ליעבער פריינד, אַז איינער לאָזט זיך אַריין אין דיזע זאַכען ווערט ער אַזוי ווי א שכור וואָס איז אַריינגעטהאָן אין דעם טרינקען. איך האָב אונטערגעשריבען דעם קאָנטראַקט וואָס דער אַגענט האָט מיר אונטערגערוקט, און איך האָב זיך געטראַכט: זעקס דאָלער זיינען די ביכער ווערטה אפילו צו רייסען פון זיי איינציגע בלעטער און וויקלען אין זיי הערינג.

אָבער ווי נור דער אַגענט איז אַרויס האָב איך בעקומען חרטה אויף דעם גאַנצען מסחר. צו וואָס דאַרף איך האָבען די ביכער? ווער וועט זיי לעזען? לאָמיר זאָגען, אַז זעקס דאָלער זיינען זיי א גרויסע מציאה, אָבער וואָס טהו איך אַז די קאָמפּאַני באַנקראָטירט ניט אין צוויי מאָנאַטען אַרום און איך וועל מוזען ווייטער צאָהלען? ניט אַלעס וואָס אַן אַגענט זאָגט, דאַרף מען גלויבען.

איך בין גלייך אַוועק צו דעם מאַן וואָס האָט דעם סיגאַר גע־שעפט אַנטקעגען און האָט איהם געבעטען ער זאָל פאַר מיר אָנשריי־בען אַן ענגלישען בריוועל צו דער קאָמפּאַני פון די ביכער אַז זיי זאָ־לען זיין אַזוי גוט און צוררייסען מיין קאָנטראַקט, ווייל איך האָב זיך אַרומגעזעהן, אַז איך דאַרף די ביכער ניט האָבען. איך האָב דעם בריעף אַוועקגעשיקט און האָב געשלאָפען יענע נאַכט גאַנץ רוהיג.

אין א פּאָאַר טעג אַרום קומט אַן עקספּרעסמאַן און שטופּט אַריין אין מיין סטאָר א לאַנגען שמאָלען קאַסטען, און דערלאַנגט מיר א ביכעל און הייסט מיר זיך אונטערשרייבען. מיין איך, אַז דאָס איז א קאַסטען מיט זייף אָדער מיט סאַרדינס. איך שרייב אונטער. דער עקספּרעסמאַן געהט אַוועק און איך נעהם א האַק און עפען די קעסטעל. „וועה איז מיר!“ האָט געזאָגט טילי — זי איז דערביי געשטאַנען — „וועה איז מיר! זיי האָבען דאָך אַריינ־

געשיקט די ביכער!" זאָג איך: „עס מוז זיין א טעות. איך וועל שרייבען צו דער קאָמפּאַניע דאָס זיי זאָלען צוריקנעהמען די ביכער."

אזוי האָב איך געטהאָן. אָבער איידער די קאָמפּאַני האָט גע־קענט ענטפערען אויף מיין צווייטען בריעף, איז מיר אָנגעקומען א תשובה אויף מיין ערשטען. „דיער סער", שרייבט מען מיר. „מיר קענען ניט צוריקרופען בעשטעלונגען. אונזערע אגענטען ארביי־טען זעהר שווער און מיר צאָהלען זיי פאר יעדען אָרדער. צורייסען אייער קאָנטראַקט קענען מיר ניט. מיר ווייסען אז אייער קרעדיט איז גוט. נור אויב איהר ווילט פאר די ביכער בעצאָהלען באַארעס געלד, וועלען מיר אייך ארונטערלאָזען צעהן פּראָצענט. די ביכער האָבען מיר אייך ארויסגעשיקט."

אַי, אַי, האָט מיר דער אגענט ארייננערוקט א מציאה! איך וועל זיך האָבען צו האַלטען מיט דעם און צו צאָהלען פיער יאָהר כסדר. איך האָב שוין געבאָטען דעם אגענט פריהער 10 און נאָכ־דעם 15 דאָלער אז ער זאָל מיך בעפרייען פון דעם מסחר. ער טרייסט מיך אז נאכדעם ווי איך וועל אויסצאָהלען, וועט ער מיר קריגען א סוחר וואָס וועט מיר געבען א פּראָפיט אויף די ביכער.

הפנים ווי די קאָמפּאַניע דענקט גאָר ניט פון באַנקראָטירען. זאָלאַנג עס זיינען נאָך דאָ אויף דער וועלט אזעלכע יאָלדען ווי איך, קען אזא קאָמפּאַניע גוט עקזיסטירען.

6.

## צרות—אָהן א שיעור.

פון דאַן אָן שיטען זיך אויף מיר פרישע צרות איינע נאָך די אנדערע.

מיין אדרעסע איז עובר לסוחר. עס איז צושיקט געוואָרען אי־בער גאַנץ אמעריקא, עס קומען מיר אָן אלערליי קאַטאַלאָגען פון מו־זיקאַלישע אינסטרומענטען, פון פּאָנאָגראַפס, פון פּיאַנאָס, פון מוזי־קאַלישע אַלבומס, און איינמאָל טראָגט מיר אריין דער בריעפטרע־גער א גרויסען פּאַקעט. איך עפען אויף און געפין א שעהן געבונ־דען בוך, אין לעדער געבונדען מיט נאָטען. פון וועמען דאָס איז האָב איך ניט געוואוסט.

ענדליך, האָב איך זיך געטראַכט, האָט איינער צוגעשיקט עפּעס אַ רעכטע זאַך וואָס קאָסט מיך קיין געלד ניט. איך האָב דעם בוך אָוועקגעגעבען טילי'ן, און זי האָט עס אַוועקגעטראָגען איהרע אַ קוזינע וואָס לערענט זיך פּיאַנאָ שפּיעלען. יענע האָט זיך שטאַרק געפרעהט מיט דער מתנה.

אין אַ פינף טעג אַרום, נאַכדעם ווי דער בוך איז מיר אָנגעקומען, האָב איך ערהאַלטען אַ בריעף בזה הלשון: „דיר סער! וויסענדיג דאָס איהר זייט אַ ליעבהאָבער פון מוזיק האָבען מיר גענומען די פרייהייט אייך צו שיקען אונזער זאַמלונג פון קלאַסישע מוזיק ניט אָנפרעגענדיג אייך. מיר האָפען, אַז דאָס בוך איז אייך געפעלען, און אויב אַזוי, וועט איהר אונז צושיקען אייער טשעק אויף דריי דאָלער. אויב איהר ווילט דעם בוך ניט, קענט איהר עס אונז צוריקשיקען אויף אונזערע הוצאות.“

נו, ווי געפעהלט אייך אַזאַ מסחר? דעם בוך צוריקנעהמען פון מיין ווייב'ס קוזינע פּאַסט ניט. ניטאָ קיין ברירה, האָב איך געמוזט בעצאָהלען דריי דאָלער.

און אָט גראַדע היינט קומען מיר דורך פּאָסט זעקס טיקעטס פאַר אַ קאָנצערט מיט אַ בריוועלע אין וועלכען עס שטעהט אַזאַ מין בקשה: „דיר סער! אַזוי ווי מיר ווייסען, אַז איהר זייט אַ גרויסער ליעבהאָבער פון דער מוזיקאַלישער קונסט, האָפען מיר, אַז איהר וועט שטיצען אַ יונגען מוזיקאַלישען טאַלענט מיט דעם וואָס איהר וועט קומען צו אַ בענעפיט וואָס ווערט פאַר איהם געגעבען אין בעטהאָווען האָלל, מיר שיקען אייך 6 טיקעטס און מיר האָפען אַז איהר וועט אונז צושיקען פאַר זיי זעקס דאָלער.“

אָט זעהט וואָס פאַר אַ צרות איך האָב פון יענער פּאָסטעלקאַרט וואָס איך האָב געשריבען אום צו קריגען אַ פרייעם אַלבום. איך האָב אויסגעגעבען איין סענט און האָב פאַר דעם סענט בעקומען אַזאַ פּאַק צרות וואָס נעהמט זיך גאָר ניט אויס. מעהר קיין פּאָסטקאַרטען שרייב איך ניט!

# ביזנעס

סודות פון ביזנעס־לייט און קאָך־לעפעל וואָס זוכען צו אדווערטייזען זיך און זייערע געשעפטען.

.1

## דער אפּטייקער און די באַנאַנאַ שאָלעכץ.

דורך איינע פון די לאַנגע עוועניוס אין נויאָרק, גאַנץ ווייט אַפּטאַון, איז זיך געגאַנגען אַ יונגערמאַן. קענטיג אַז ער האָט זיך ניט געאיילט, דען אַז ער האָט בעמערקט אויפ'ן טראָטואַר נעבען אַן אַפּטייק אַ באַנאַנאַ שאָלעכץ האָט ער זיך אָבגעשטעלט און האָט מיט זיין פוס אָבגעראַמט די גליטשיגע שאָלעכץ אין רינשטאָק.

„עס איז אַ פערברעכען צו וואַרפען אַ באַנאַנאַ־שאָלעכץ אין מיטען גאַס, וואו מענשען קענען אויף דעם אַרויפטרעטען, זיך אויס־גליטשען און דער'הרג'עט ווערען!" אזוי האָט דער יונגערמאַן גע־זאָגט צו זיך.

אַ צעהן מינוטען שפּעטער איז ער צוריקגעקומען אויף דעם זעלבען פּלאַץ. און זוי איבערראַשט איז ער געוואָרען, אַז ער האָט דאָרט ווידער געפונ'ען ליגען אַ באַנאַנאַ־שאָלעכץ. אַז ער האָט זיך איינגעקוקט, האָט ער געזעהן, אַז דאָס איז די זעלבע שאָלעכץ, וואָס ער האָט פריהער אָוועקגעשאַרט. איינער האָט דאָס הפנים אומיסטנע צוריק אָוועקגעלייגט.

„אַזאַ מאַן וואָלט איך פון אַמעריקאַ אַרויסגעשיקט!" האָט אויסגערופען דער יונגער מאַן.

ער האָט אויפגעהויבען די שאָלעכץ מיט זיינע הענד און האָט דאָס אָבגעטראָגען ביז'ן קאָרנער, וואו ער האָט דאָס אריינגעוואָר־פען אין דער קהל'שער פאַס פון דער שטראָסען־רייניגונגס־דע־פּאַרטמענט.

אויף מאָרגען איז איהם ווידער אויסגעקומען פערבייצוגעהן

דעם זעלבען אפּטייק. ער האָט געזעהן, אז דער אפּטייק איז פול געפּאַקט מיט מענשען און אז פון דרויסען שטעהען א סך מענשען און שטופּען זיך אריינצוגעהן אינווענייג.

דער יונגער מאַן האָט זיך קוים מיט צרות אריינגעשטופּט. אינעווענייג אין אפּטייק האָט ער געפונען א האַלב נאַקעטען מאַן ליגען אויף א הויכען ביינקעל, דער אפּטייקער איז געשטאַנען איבער דעם האַלב־נאַקעטען, איהם געריבען מיט א זאַלב און האָט דערביי געהאַלטען א רעדע צום עולם:

„אַט דיעזער מאַן, וואָס איהר זעהט ערשט ליגען, איז ערשט געפאַלען נעבען מיין אַפּטייק און האָט זיך צושלאָגען דעם זייט. אַט בעשמיר איך איהם מיט א זאַלב, וואָס איז מיין אייגענע ער־פינדונג, און זיין וואונד וועט באַלד פערהיילט ווערען. דיעזער זאַלב, אויף וועלכען איך האָב א פּעטענט פון וואשינגטאָן, איז גוט צו אַלערליי וואונדען, זומער־שפּרענקלעך, מאָסקיטאָ בייסונגען, און אויך גוט צו שמירען זיך מיט דעם נאָכדעם ווי מען ראַזירט זיך אָב. צעהן סענט א פלעשעלע: עס איז מיינער אַן אייגענער פּעטענט“.

א סך האָבען געקויפט די פלעשעלעך. דער יונגערמאַן האָט אויך געגעבען צו לייזען צעהן סענט.

אין א האַלבע שטונדע איז איהם ווידער אויסגעקומען פער־בייצוגעהן דעם אפּטייק. קיין מענשען זיינען שוין דאָרט ניט געווען. בלויז אויפ׳ן טראָטואַר איז געלעגען א באַנאַנאַ־שאָלעכץ, אזוי ווי נעכטען.

דער יונגערמאַן האָט שוין אויפגעהויבען זיין פוס אוועקצו־שאַרען די שאָלעכץ פון וועג, אָבער פּלוצלונג איז אַרויסגעלאָפען דער אפּטייקער און צו איהם געזאָגט:

„געהט צו אַל די שווארצע יאָהר! וואָס אַרט אייך אז די שטיקעל שאָלעכץ ליעגט? זאָל ליגען! עס איז מיין ביזנעס, ניט אייערע. איהר האָט עס דען דאָ אוועקגעלייגט וואָס איהר שאַרט עס אָב? געהט זיך אייך און מיינד יור אָון ביזנעס“.

ערשט דאַן האָט דער יונגער־מאַן פערשטאַנען, אז די באַנאַנאַ־שאָלעכץ איז אוועקגעלייגט געוואָרען מיט דעם צוועק צו דעמאָנ־סטרירען א זאַלב וואָס דער אפּטייקער האָט אויף דעם א פּעטענט.

## .2

## שותפים.

דורך איסט בראָדוויי איז דורכגעגאַנגען אַ קליינער אינגעל פון אַ יאָהר זיעבען, אַדער אַכט, און האָט געוויינט אויפ'ן קול.

„וואָס איז דיר, אינגעלע?" האָט איהם געפרעגט אַ פערביי־געהער, אַ יונגער־מאַן מיט רויטע וואָנצעס.

„איך — איך" — האָט דער אינגעל געכליפּעט. „איך האָב פערקויפט פּייפּערס — איז געקומען — אַ גרויסער באָי — ביי מיר ארויסגעכאַפּט — די פּייפּערס — און ענטלאָפען" —

ביי די רייד האָבען זיך אָבגעשטעלט נאָך עטליכע מענשען, מענער און פרויען און האָבען אָנגעהויבען ארומפרעגען ווארום דער אינגעל וויינט.

דער יונגער מאַן מיט די רויטע וואָנצעס האָט זיי ערקלעהרט פאָלגענדעס:

„ער דערצעהלט אַז אַ באָי האָט ביי איהם ארויסגעכאַפּט זעכ־ציג צייטונגען. ער האָט אַ מאַמען אַן אלמנה און אַ בלינדע. לאָמיר מאַכען פּאַר איהם אַ קאָלעקשאָן און איהם אויסצאָהלען דעם שאדען".

דער יונגער מאַן מיט די רויטע וואָנצעס האָט אַראָבגענומען דעם אינגעל'ס היטעלע און אין דעם אליין אריינגעוואָרפען די ער־שטע נדבה. עס איז געוועזען אַ האַלבער דאָלער. דערווייל איז דער געזעמעל געוואָרען גרעסער, און ווער עס האָט געהערט וועגען וואָס עס האַנדעלט זיך, האָט עפּעס אריינגעוואָרפען אין דער היטעל.

אַ טאָג שפּעטער האָט זיך דער זעלבער אינגעל בעוויזען אין גרענד סטריט. ער איז געגאַנגען אין גאַס און געוויינט.

דער זעלבער יונגער מאַן מיט די רויטע וואָנצעס האָט זיך בעוויזען און געפרעגט:

„וואָס וויינסטו, אינגעלע?"

„מיין מאַמע" — האָט דער אינגעלע געענטפערט כליפּענדיג, „מיין מאַמע — זי האָט — מיר געגעבען — אַ האַלבען דאָלער צו קויפען אַ מעדיצין — האָב איך דעם האַלבען דאָלער פערלאָרען —

איך האָב אַ לאַך אין קעשענע — אַרויסגעפאַלען, פערפאַלען — אָה, מאַי פור מאַ!"

„וואָס וויינט ער?" האָבען געפרעגט אַנדערע מענשען וואָס האָבען זיך ארומגעקליבען ארום דעם אינגעלע.

„ער איז אַ יתום", האָט ערקלעהרט דער יונגער מאַן מיט די רויטע וואָנצעס. „זיין מאַמע ליעגט קראַנק אין בעט און ער האָט פערלאָרען דעם האַלבען דאָלער וואָס זי האָט איהם געגעבען צו קויפען מעדיצין. עס איז דער לעצטער האַלבער דאָלער אין הויז. לאָמיר מאַכען פאַר איהם אַ קאָלעקשאָן".

דער יונגער מאַן מיט די רויטע וואָנצעס האָט אַראָבגענומען ביים אינגעל זיין היטעל, האָט אין דעם אַליין צוערשט אריינגע־וואָרפען אַ גאַנצען זילבערנעם דאָלער. נאָכדעם האָבען זיך אָנ־געהויבען צו שיטען פערטעל דאָלערס, צעהן און פינף־סענטיגע פון אַלע זייטען. אפילו אַ פּאָליסמאַן וואָס איז אָנגעקומען אויף דער סצענע האָט אויך געגעבען אַ קוואָדער.

.3

## קערידזשעס פאַר לויות.

אַן אָנדערטייקער אויף פּאַרסייט סטריט האָט אָנגעהויבען צו טראַכטען ווי צו פערגרעסערען זיין געשעפט. עס איז יעצט אַ שלעכטע צייט אויך ביי אָנדערטייקערס. אַ סך מענשען קענען יעצט ניט „אפאָרדען" צו שטאַרבען, צוליעב די גרויסע קאָסטען, און זיי ליינען דאָס אָב אויף שפּעטער, ווען די צייט וועט ווערען בעסער.

דער אָנדערטייקער, וועלכער מאַכט זיינע געשעפטען דורכ־אויס צווישען אידען איז איינגעפאַלען צו פערכאַפּען דעם גאַנצען „פדיון" דורך זעהר אַ געלונגענע ביזנעס־המצאה, נעמליך: ער האָט אין זיינע קערידזשעס איינגעאָרדענט קליינע פּאָליצעס מיט טיש־לעך. אויף די פּאָליצעס זיינען אויסגעלייגט טעלער, גאָפּעל, מעסער און נעפּקינס. נאָכדעם האָט ער אָבגעדרוקט און פערטהיילט פּאָל־גענדען סירקולאַר איבער גאַנץ נויאָרק.

אַבאַיני בנאַי יסרועל!

איך מאַכע בעקאַנט דוס איך בינעם שנעפּסעלמאַהן, דער קָייניג פון

אַלע אַנדיר טייקירס, הוב איינגיפירט אַ גרעסי און וויך טיגע נייאים
אין מאַנע קעריצעס. איך הוב איינגי פירט שעלעווס אויף וועליכי עס
גיפינען זיך טיילור, גאַפּיל, מייסיר און נעפּ קינעס, איר קענט פוהרין
צו אַ לעוואַיע און הובין אַן עמיסין פּלעזשער. איהר דאַרעפט ניט
עסין מיט די הענט. איהר קענט זיצין אין קעריץ און עסין ווי אַ
צענטלמענץ. אויך אַ גלייזיל פאַר שנאַפּס ווייט איהר בעקימין פון דעם
אַנטרייביר. קימט און ברייגגט מיט אייערי פריינדע. ווען איהר מיך
נור איינמאָל פּרובירט דאַן ווערדיט איהר מיין שטעדי קאָסטימערס ווער־
דין. רעספּעגט פולי ביזנעס שנעפּסעלמאַהן, אַנדיר טייקיר.

דאָס איז אויך ביזנעס!

.4

## אַ בראַנזווילער נגיד.

אין בראַנזוויל געפינט זיך אַ יונגער־מאַן וואָס האָט זיך גע־
מאַכט אַ נאָמען פאַר אַ גרויסען נגיד, דורך אַ גאַנץ איינפאַכען
מיטעל. יעדען אַבענד זעהט מען איהם ארומגעהן פון סטאָר צו
סטאָר בייטען געלד. איין מאָל קומט ער אריין אין אַ סטאָר און
בעט מען זאָל איהם אָבבייטען אַ 20 דאָלארדיגע אַסיגנאַציע אויף
איינציגע. אַן אַנדערש מאָל קומט ער מען זאָל איהם אויסבייטען
איינציגע דאָלערס אויף גרעסערע. די קרעמער קענען איהם שוין
גוט און זיי עמפּפאַנגען איהם מיט גרויס רעספּעקט. דען ווער
האָט עס ניט קיין רעספּעקט פאַר אַ יונגען מאַן, וועלכער האָט
יעדען טאָג ביי זיך פרישע מזומן? מען חנפה'ט איהם, מען זאָגט
איהם וויצלעך, און כאָטש אַפילו ער גיט קיינמאָל אַ סענט צו לייזען
עמפּפאַנגט מען איהם אַזוי ווי אַ גוטען קונד.

„איהר זייט אַ יונגער מאַן אָנגעשטאָפּט מיט געלד“.

„איך האָב אַ חשד, אַז איהר האָט אַן אייגענע געלד־פאַבריק“.

„וואָס מאַכט עפּעס אייער שותף מיסטער ראַקעפעלער?“

„עס איז אייער אַמעריקאַ, יונגער מאַן!“

אָט מיט אַזעלכע ווערטער בעגריסט מען דעם יונגען מאַן אין
אַלע סטאָרס. און אַז ער געהט אַוועק, מאַכט מען וועגען איהם
אַזעלכע בעמערקונגען:

„אָנגעשטאָפּט מיט געלד".
„אפשר ווערטה א האלבען מיליאָן דאָלער".
„דאָס האָט ער אַלץ געמאַכט פון ספּעקולירען מיט הייזער".
דער אמת איז, אז דער יונגער מאַן איז א בוכהאלטער אין א געשעפט אויף זעקסטע עוועניו און קריגט זעכצעהן דאָלער א וואָך. זיינע פּערדיענסטען ברענגט ער אוים, נור עפּעס ווי דורך א נס איז איהם געלונגען אָבצושפּאָרען הונדערט דאָלער. געהט ער אַרום מיט דיעזע הונדערט דאָלער און בלאָפט דעם עולם, בייט אוים גרויס געלד אויף קליין געלד, און קליין געלד צוריק אויף גרויס געלד. און מיט איין הונדערטער ריינעם קאַפּיטאַל האָט ער זיך געמאַכט א נאָמען פאַר א האלבען מיליאָנער, א בראַנזווילער נגיד.

# באַמבערגער, לעמעכאָווסקי ענד קאָמפּ.

**ווי אַזוי אַ איד האָט געמאַכט צעהן מיליאָן דאָלאַר פון אַ הגדה מיט הונדערט פּרושים**

.1

אַלע ווייסען, אַז מיסטער לעמעכאָווסקי פון דער פירמע באַמבערגער, לעמעכאָווסקי און קאָמפּאַניע איז דער איינציגער בעל־הבית פון דער באַנק, וועלכע טראָגט דעם האַלב־דייטשען און האַלב־רוסישען נאָמען. מיסטער באַמבערגער, דער גרינדער פון דער גרויסער באַנק אין וואָל סטריט, איז שוין לאַנג אַוועק אין עולם האמת, די שטילע פּאַרטנערס וועלכע האָבען זיך בעהאַלטען אונטער די צוויי ווערטער „ענד קאָמפּאַניע" האָט מיסטער לעמעכאָווסקי לאַנג אַרויסגעשטופּט. אַלע ווייסען אויך, אַז מיסטער לעמעכאָווסקי איז אַמאָל געווען אַן אָרימאַן און ווי אַזוי ער איז געקומען צו ווערען מיסטער באַמבערגער'ס אַן איידים און אַ שותף, אָט וועגען דעם טראָגען זיך אַרום פערשיעדענע קלאַנגען. אייניגע זאָגען אַז מיסטער לעמעכאָווסקי האָט פריהער געאַרבייט אין באַמבערגערס באַנק אַלס אַ שליחות־יונג פאַר דריי דאָלער אַ וואָך און אַז איינמאָל האָט איהם מיסטער באַמבערגער געשיקט צו זיך אַהיים אין זיין פּאַלאַסט אויף דער פינפטער עוועניו, ברענגען אַ פּאַק פּאַפּיערען וואָס ער האָט דאָרט פערגעסען. דאָרטען, דערצעהלט מען, האָט איהם דערזעהן מיסטער באַמבערגערס עלטערע טאָכטער און האָט זיך אין איהם פערליעבט. עס פערשטעהט זיך, אַז טראָץ דעם וואָס די מיס באַמבערגער איז געווען שוואַרץ און מיאוס און מיט רויטע אויגען, האָט דאָך איהר פאָטער זיך שטאַרק געשטעלט געגען דעם שידוך. דער סוף איז געווען, אַז די „פערליעבטע" זיינען ענטלאָפען און חתונה געהאַט. נאָכדעם האָט זיי דער פאָטער מוחל געווען.

דאָס איז איין מעשה. אַ צווייטע מעשה דערצעהלט מען, אַז מיט 30 יאָהר צוריק, ווען לעמעכאָווסקי איז נאָך געווען אַ גרינער

און האָט געפּעדעלט מיט זאָקען־בענדלעך, האָט ער געהענדיג דורך בראָדוויי געפונען א גרויסען קאָנווערט, אין וועלכען עס איז געווען א דיקער פּאַק אסיגנאַציעס. יעדע אסיגנאַציע האָט בעטראָפען טויזענד דאָלער און בסך הכל זיינען דאָרט געווען א הונדערט שטיק אזעלכע. אויפ׳ן קאָנווערט איז געשטאַנען דער נאָמען „באַמבער־גער עט קאָמפּ." און די אדרעסע. דער גרינער לעמעכאָווסקי איז גלייך אוועק אין באַמבערגער׳ס באַנק, אויף וואָל סטריט, און די קלוירקס, זעהענדיג א פּעדלער מיט זאָקען־בענדלעך, האָבען זיי איהם געוואָלט ארויסטרייבען. אָבער דער גרינער פּעדלער האָט געמאַכט אזא רעש צוליעב דעם וואָס די קלוירקס האָבען איהם גע־וואָלט ארויסטרייבען, דאָס מיסטער באַמבערגער איז ארויסגעלאָפען פון זיין פּריוואַט־אָפיס און דאָרט האָט ער איהם איבערגעגעבען דעם קאָנווערט מיט די מזומנים. דאָס געלד האָט בעלאַנגט צו מיסטער באַמבערגערס א דעפּאַזיטאָר, וועלכער האָט דאָס געלד פערלאָרען גלייך ווי ער האָט עס ארויסגענומען פון באַנק. באַלד איז געקומען א קלוירק און האָט געמאָלדען, אז א דעפּאַזיטאָר, וואָס האָט מיט דריי שטונדען פריהער ארויסגעצויגען הונדערט טויזענד דאָלער קעש האָט בעגאַנגען זעלבסטמאָרד אין א קאַפע. מיסטער באַמבערגער האָט דאַן זיך פערמאַכט מיט׳ן גרינעם פּעדלער אין זיין פּריוואַט אָפיס און צולייגענדיג א פינגער צום מויל האָט ער געזאָגט שטיל: „שווייגען! שווייגען איז גאָלד!" און עס איז ביי זיי אָבגעמאַכט געוואָרען, אז דער גרינער זאָל בעקומען פון דעם געלד טויזענד דאָלער און א שטעלע אויף דריי דאָלער א וואָך. דער גרינער האָט זיך שנעל אויסגעגרינט און וויסענדיג, אז ער האָט א געזונדע בייטש אויף זיין בעל־הבית האָט ער זיך שנעל גענומען לערנען דעם געשעפט און געפאָדערט מען זאָל איהם אוואַנסירען, געבען יעדען מאָל א העכערע שטעלע מיט מעהר געלד און לסוף האָט ער איינמאָל געזאָגט זיין בעל־הבית, אויב ער וועט איהם ניט געבען זיין טאָכטער מיט א חלק אין דער באַנק, וועט ער בעקאַנט מאַכען די מעשה מיט די הונדערט טויזענד דאָלאַר.

אָבער ניט די ערשטע מעשה און ניט די צווייטע און ניט נאָך א צעהן אנדערע מעשות וואָס מען דערצעהלט און מיט וועלכע מען זוכט צו ערקלערען דעם אָנפאַנג פון מיסטער לעמעכאָווסקי׳ס

עשירות האָבען אין זיך א האָאר אמת. די אמת'ע מעשה, די אמת'ע פאַקטען זיינען גאַנץ אַנדערע און דיזע וועלען ערקלערט ווערען אָט דאָ אין די וויטערע קאַפּיטלען.

.2

דאָס איז געווען מיט דרייסיג יאָהר צוריק, אין דעם חודש ניסן. בצלאל לעמעכאָווסקי, א גרינער יונגער מאַן, ערשט א יאָהר אין לאַנד, איז אַרומגעגאַנגען איבער העסטער סטריט מיט א פּאַק הגדות און געזוכט קונים. אידען זיינען דאַן געווען ניט זעהר פיעל אין ניו יאָרק, רוסישע אידען איבערהויפּט זיינען געווען זעהר ווענִיג. זיי האָבען אָנגעהויבען אריינקומען ערשט א יאָהר שפּעטער, ווען די פּאָגראָמען האָבען זיך אָנגעפאַנגען. העסטער סטריט איז נאָך דאַן ניט געווען קיין אידישע גאַס, נור דאָ און דאָרט האָט מען געזעהן א אידישען שילד. אין קריסטי סטריט און אין פאָרסייטה סטריט האָט מען געזעהן אויף מאַנכע הייזער געדרוקטע צעטלעך „רומס טו לעט, נאָ דזשוס וואָנטעד. (צימערען צו פּערמיטען, קיינע אידען פערלאַנגט). דאָס איז געווען א צייכען, אז אידען זיינען דאָ אַרום, אין דער שכונה, און זוכען אַריינצודרינגען. אויף העגרי סטריט און אויף מעדיסאָן סטריט האָט א אידישער פּעדלער גאָר ניט געהאַט בדעה זיך צו בעווייזען. דאָרט האָבען געוואָהנט די יעצטיגע איינוואָהנער פון דער מיטעלסטער פינפטע עוועניו און ריווערסאַיד דראַיוו. א אידישער פּעדלער האָט געדאַרפט בעזיצען א שטאַרקען חוש הריח אום צו דערשמעקען וואו עס איז דאָ א איד.

מיעד אין קערפּער ווי אויך אין גייסט האָט זיך אונזער בצלאל לעמעכאָווסקי אַרומגעשלעפּט איבער העסטער סטריט, פערקריכענדיג אין איסט בראָדוויי און פון דאָרט האָט ער זיך געלאָזט געהן אויף גאָט'ס בעראָט, מיטשלעפּענדיג זיין פּאַק הגדות. אידען זיינען דאָ לרוב, האָט ער זיך געטראַכט, נור זיי זיינען צוזייט און צושפּרייט, מען דאַרף זיי נור קענען אויפזוכען.

וואַנדערענדיג מיט זיין פּעקעל איז ער אזוי אָנגעקומען אין דעם אונטערשטען טהייל בראָדוויי. אַי־אַי! אידישע נעמען אויף שילדען איבעראַל. די אידישע נעמען זיינען ניט געווען אזוי גע־

דיכט ווי היינט, אָבער פון פינף בלאָק האָט מען געקענט אויסקלייבען א מנין און פראווען א יאָהר צייט. און אז דאָס זיינען אידען, מסתמא דארפען זיי הגדות. לאָמיר טרייען אריינגעהן אין איינעם פון דיזע געשעפטען, האָט זיך געטראַכט לעמעכאָווסקי, אפשר וועל איך קריגען א קונה.

ער איז אריין אין דעם באַנק־געשעפט פון „באמבערגער ענד קאָמפּאַניע“. דאַן איז די באַנק ניט געוועזן אזוי גרויס. מיסטער באמבערגער אליין פלעגט ארבייטען אין זיין באַנק צוזאמען מיט די צוויי קלוירקס, וועלכע זיינען געוועזן זיינע שותפים.

מיסטער באמבערגער פלעגט זעלטען קריגען אזעלכע בעזוכער ווי בצלאל לעמעכאָווסקי, אָבער אז ער פלעגט אזא בעזוכער בעקומען, פלעגט ער איהם געבען א קאַרטעל צו זיין פרוי. מיסעס באמבערגער פלעגט בעזוכען אלע צדקה־זאכען אין איהר מאַן׳ס נאָמען. זי האָט געצאָהלט זיינע דיוס אין די פערשיעדענע צדקה־אַנשטאַלטען צו וועלכע ער האָט בעלאַנגט ,זי פלעגט לעזען און בעאַנטוואָרטען אלע שנאָר־בריעף וואָס איהר מאַן פלעגט בעקומען, און אז עס פלעגט קומען די צייט פון פסח, פלעגט זי ווערען ביזי מיט שטיצען אזעלכע אידען וואָס האָבען געדאַרפט האָבען מצות, וויין און דאָס גלייכען.

.3

„אהא, א לאַנדסמאַן!“ האָט מיסטער באמבערגער אויסגערופען. „פון רוסלאַנד, יא? דאַרפט איהר האָבען אויף פסח, יא? היער, יונגער מאַן, נעהמען זי דיזע קאַרטעל, געהען זי צו מיינער פראַו, זי ווירד איהן שאָן בעזאָרגען.“

אויף דער קאַרטעל איז געוועזן געשטאַנען דער נומער פון מר. באמבערגער׳ס וואוינונג, אויף מעדיסאָן עוועניו.

דער הגדה־פעדלער האָט געזאָגט „טהענק יו“, גענומען די קאַרטעל און זיך געדרוקט צום טהיר. ווען ער איז שוין געוועזן אויף יענער זייט טהיר, האָט איהם מיסטער באמבערגער צוריקגערופען:

„היער, מיסטער! זי ברויכען זיך ניט צו בעמיהען געהן צו מ[illegible]ין פראַו. איך ווערדע זעלבסט איהן בעזאָרגען. זי פערקויפען ד[illegible]ע ביכער, ניכט וואהר? וואָס? הגדות? צוויי שטיק, ביטע, ה[illegible]ר

האבען זי צוויי דאָלער. גוטען טאָג. דאָנ'ט מענשען איט. גם אתם."

„ער האָט הפּנים געמיינט אז איך בין א שנאָרער", האָט גע־זאָגט צו זיך לעמעכאָווסקי; „און ער האָט מיך געשיקט צו זיין פּלונית'טע זי זאָל מיר געבען א נדבה. ווארט, איך וועל איהם אָנ־לערנען. איך וועל איהם אָבטהאָן. ער מיינט אז ער האָט מיך שוין אָבגע'פּטר'ט, וועל איך צו זיין פרוי ניט געהן. אָבער די קארטעל איז נאָך ביי מיר און איך וועל דוקא געהן."

און נעהמענדיג די קאר איז לעמעכאָווסקי אוועקגעפאָהרען אפּ־טאַון און איז אָנגעקומען ביי מר. באַמבערגער'ס הויז.

מיסעס באַמבערגער, זעהענדיג איהר מאַן'ס קארטעל, האָט דעם גרינעם פעדלער זעהר פריינדליך אויפגענומען. זי האָט איהם גע־פרעגט אויב ער האָט א פאַמיליע. ניין, ער איז נאָך א בחור, האָט ער ערקלעהרט. קיין נדבות דארף ער ניט, האָט ער וויטער ערקלערט, נור מר. באַמבערגער האָט געזאָגט, אז זי זאָל ביי איהם נעהמען א פּאָאר הגדות. ער האָט אויפגעפּעקט א הגדה און געציינט, אז דאָס איז מיט הונדערט פּרושים, און אָבוואָהל די מאדאם האָט ניט פערשטאַנען וואָס דאָס מיינט מיט הונדערט פּרושים, האָט זי דאָך זיך אָנגעשטויסען, אז די הגדה איז פון גרויסען יחוס. זי האָט גענומען דריי שטיק און בעצאָהלט פּאר זיי א פינפערעל.

לעמעכאָווסקי האָט זעהר ווארים אָבגעדאַנקט און נאָכדעם האָט ער געפרעגט די מאדאם אויב זי קען איהם ניט רעקאָמענדירען צו אַן אנדער אידישע פאַמיליע אין דעם געגענד וואָס דארף האָבען הגדות. די מאדאם איז געוואָרען א ביסעל בייזלעך. ס'א חוצפּה פון א רוסישען שנאָרער צו פערלאַנגען אז זי זאָל איהם געבען רע־קאָמענדאציאָנען, אָבער זייענדיג א גוטע, איז איהר כעס באַלד פערביי און זי האָט געזאָגט:

„אין דיזען געגענד וואוינט בלויז איין אידישע פאַמיליע. זי קענען היגגעהן מיט מיין קארטעל". זי האָט אויף דער זעלבער קארטעל פון איהר מאַן צוגעשריבען א פּאָאר ציילען און געהייסען איהר שווארצען דיענער ער זאָל דעם פעדלער ארויספיהרען און אָנ־ציינען וואו די פאַמיליע באַדענהיימער וואוינט.

עטליכע מינוטען נאָכדעם ווי דער פעדלער איז ארוים, איז אָנ־

געקומען מיסטער באַמבערגער. מיסעס באַמבערגער האָט איהם גע־ציינט די דריי הגדות וואָס זי האָט געקויפט פון פעדלער. „וואס? ער וואר היער, דער לומפּ!" דאַן האָט מיסטער באַמבערגער דער־צעהלט ווי ער האָט לכתחילה געהייסען דעם פעדלער קומען אהער, אָבער נאָכדעם האָט ער זיך בעדענקט, אַז עס איז בעסער, אַז ער וועט איהם אַליין אָב'פּטר'ן און ער האָט ביי איהם געקויפט צוויי הגדות. עס איז איהם גאָר ניט איינגעפאַלען אַז דער „רוסישער שנאָרער" וועט זיך בענוצען מיט דער קאַרטעל אום צו פערקויפען מיסעס באַמבערגער נאָך דריי הגדות.

מיסעס באַמבערגער האָט געזאָגט אַז דער מאַן האָט טאַקע גע־שיינט צו זיין אַ גרויסער שנאָרער, ווייל נאָכדעם ווי ער האָט ביי איהר אַרויסגעקראָגען פינף דאָלאַר פאַר דריי הגדות, האָט ער גע־בעטען אַז זי זאָל איהם רעקאָמענדירען צו אַנדערע און זי האָט איהם געמוזט געבען אַ קאַרטעל צו די באַדענהיימערס.

„פּילייכט איז ער נאָך דאָ אין דיזען געגענד?" האָט מיסטער באַמבערגער געפרעגט. און צורופענדיג זיין ניגער, האָט ער גע־זאָגט: „דזשאהן, גאָ ענד פעטש מי דהעט פעדלער". (דזשאהן, געה און ברענג מיר דעם פעדלער).

דזשאהן האָט דעם פעדלער אָנגעיאָגט ווי ער איז אַרויס פון באַדענהיימער'ס הויז. דער פעדלער האָט זיך גאָר ניט דערשראָקען ווען דער ניגער האָט איהם געזאָגט, אַז מיסטער באַמבערגער רופט איהם. לעמעכאָווסקי האָט זיך בלויז אָנגעהויבען קראַצען הינטער'ן אויער און געזאָגט אין אַ זעהר געבראָכענעם ענגליש:

„סאררי, מיסטער ניגער, איך האָב ניט קיין צייט, איך ווייס, אַז אייער בעל־הבית וויל האָבען נאָך צוויי פון דיזע ביכער פאַר דריי דאָלער. טאָ נעהמט זיך אייך צוויי ביכער, גיט מיר צוויי דאָלאַר, און זאָגט מיסטער באַמבערגער אַז איהר האָט פאַר איהם אויסגע־לעגט דריי, וועט איהר מאַכען אַ דאָלער פערדיענסט".

דעם ניגער איז דער מסחר געפעלען געוואָרען. ער האָט אויס־געלעגט צוויי דאָלער און איז מיט די ביכער אַוועק צו זיינע בעלי־בתים. מיסטער באַמבערגער איז געוואָרען אויסער זיך פאַר ער־שטוינונג, ווען ער האָט געהערט, אַז דער פעדלער האָט איהם ווידער אָנגעפּייפּט.

„דזשאהן! געה שנעל ברענגט איהם צוריק, איהם, מיט די ביי־בער צוזאמען!" האָט מיסטער באמבערגער געגעבען אַ בעפעהל. און צו זיין ווייב האָט ער געזאָגט:

„דיזער רוסישער שנאָרער וועט ענטוועדער שטארבען אויפ׳ן גאַלגען, אָדער ער וועט ווערען אַ קאָנגרעססמאַן."

אַ 15 מינוטען שפּעטער איז דער נעגער געקומען מיט׳ן פּעד־לער. לעמעכאָווסקי׳ס פּנים איז געווען רוהיג, קאַלטבלוטיג, ארויסווייזענדיג ניט קיין שרעק און ניט קיין שמייכעל, ניט די מינ־דעסטע אויפרעגונג. ער האָט אויסגעזעהען, אזוי ווי קיין זאַך וואָלט מיט איהם ניט געשעהן.

„זי זינד איין שנאָרער!" האָט מיסעס באמבערגער אויסגערו־פען מיט כעס.

„איך בין קיין שנאָרער!" האָט לעמעכאָווסקי געזאָגט. „איך בין אַ ביזנעססמאַן. מיין ביזנעס איז צו פערקויפען וואארע, און איך טהו אַלעס מעגליכעס אום צו קענען פערקויפען."

„עהע!" האָט אויסגערופען מיסטער באמבערגער. „יונגער מאַן! זי זינד אַ געשיקטער קערל! קאָמען זי מאָרגען אין מיין באנק. איך ווערדע איהן איין שטעלע געבען. זי זינד געשעפטספעהיג. זי האבען איינע גראָסע צוקונפט."

לעמעכאָווסקי איז ענגאזשירט געוואָרען אויף פינף דאָלאר אַ וואָך. זיין ארבייט איז געווען ניט בעשטימט. אַמאָל פלעגט ער געהן אין שליחות, אַמאָל פלעגט ער אָבפּוצען די שרייב־טישען און אַמאָל פלעגט מען איהם געבען איבערצעהלען זעקלעך זילבער און קופּער געלד און זיי פערפּאַקען אין ראָלען.

לעמעכאָווסקי האָט פלייסיג געלערענט די ביזנעס און אין צוויי יאָהר צייט איז ער געוואָרען קלאָר אין דעם גאנצען געשעפט. דריי יאָהר שפּעטער איז ער געוואָרען איינער פון די אקציענערען פון דער באנק און דאַן האָט מיסטער באמבערגער זיך בערעכענט, אַז פאַר זיין עלטסטע טאָכטער דאַרף ער קיין בעסערען חתן ווי דעם יונגען און פעהיגען לעמעכאָווסקי.

אָבער לעמעכאָווסקי האָט זיך ניט אזוי גיך אָנגעכאפּט אָן דעם שידוך. ער האָט געוואוסט, אַז מיס באמבערגער האָט אַלע מעלות חוץ שעהנהייט און חוץ שכל. דאַרום האָט ער זיך מיט דער כלה׳ס

פאָטער שטאַרק געדונגען. ער האָט געפאָדערט אז מיסטער באַמ־
בערגער זאָל איהם אריינגעהמען אין געשעפט אלס שותף, אויב ניט,
דארף ער ניט חתונה האָבען.

מיסטער באַמבערגער האָט פון אָנפאַנג אַזאַ נדן ניט געוואָלט
געבען, אָבער אז ער האָט זיך דערמאָנט אז ער האָט נאָך פינף אינ־
גערע טעכטער, וועמען די עלטערע שטעהט ווי אַ שטיין אין וועג,
האָט ער געמוזט נאָכגעבען אלע קאָנדיציאָנען און די פירמע „באַב־
בערגער ענד קאָמפּאַניע“ האָט זיך רעאָרגאניזירט און זיך אויסגע־
צויגען אויף „באַמבערגער, לעמעכאָווסקי ענד קאָמפּאַניע.“

לעמעכאָווסקי, וועלכער איז יעצט דער איינציגער בעל הבית
פון דער פירמע, ווערט געשאַצט אין צעהן מיליאָן דאָלאַר. דיזע
צעהן מיליאָן דאָלאַר האָט ער צו פערדאַנקען די הגדה מיט הונדערט
פּרושים.

# קאני איילאנד

(4 מעשה׳לעך)

בילדער פון ניו יאָרק׳ס בעריהמטען פערגניגענס־פּלאַץ, ביים ברעג ים.

.1

## א דראָמער.

עס איז געווען אין א שעהנעם נאָכמיטאג, דער ברעג ים איז געווען געפּאַקט מיט מענשען וואָס האָבען געזוכט ערהאָלונג אין די קיהלע זאַלץ־וואסער פון דעם אַטלאַנטיק. טויזענדער און טויזענדער, מייסטענס מוטערס מיט קינדער, זיינען געזעסען אויפ׳ן זאַמד און זיך געקוויקט מיט דער ערפרישענדער ים־לופט. ווי מילבען האָבען זיי אויסגעזעהן אויף דעם ברייטען זאַמד־פעלד. די וועלען פון גרויסען מעכטיגען ים האָבען יעדע מינוט אויסגעשטרעקט זייערע לאַנגע, שטאַרקע אָרעמס צו די קליינע מילבען און עס האָט אויסגעזעהן אַז זיי ווילען זיי אריינשלעפּען אין ים אריין. נור די מילבען האָבען געקוקט אויף דער ליכטיגער זון און אויף די ריינע הימלען, זיי האָבען געפיהלט אַז זיי זיינען זיכער און האָבען ניט וואָס מורא צו האָבען.

די זיכערהייט האָט בעוואויגען מאנכע מוטערס אָראָבצונעהמען פון זייערע קינדער די שיכעלעך מיט די זעקעלעך און זיי לאָזען זיך שטיפען מיט׳ן ים, אזוי ווי עס שטיפט זיך א קינד מיט אַן אַלטען זיידען, וויסענדיג אַז פאַר קליינע קינדער איז אַלעס פערצייהליך. מאַנכעס מאָל האָט איינע פון די וועלען אָבגעשפּריצט איינע פון די שטיפענדע קינדער. אבער די קינדער האָבען עס אָנגענומען גוט־מוטהיג, אזוי ווי דער אַלטער זיידע וואָלט כלומרשט געגעבען א בייזער.

צווישען דיזע רוהיגע זיכערהייט, צווישען דעם פרעהליכען געלעכטער פון די קינדער און די אָפּטע וואָרנונגען פון די מוטערס,

ניט צו געהן צו ווייט און ניט איינצו'רוגז'ן דעם אַלטעטשקען ים, האָט זיך דערהערט אַ הערצרייסענדער געשריי: „העלפט! העלפט!" מיט קלאַפּענדע הערצער און מיט אויסגעשטרעקטע אָרעמס זיינען מאַמעס געלאָפען כאַפּען זייערע קינדער. „וואָס איז געשעהן? ווער האָט זיך געטרונקען?" האָבען די פרויען געפרעגט איינע די אַנדערע, דריקענדיג זייערע קינדער צום הארצען. פון וויטען האָט מען געזעהן ווי דער לעבענס־רעטער, דער יונגערמאַן מיט דער אָנגעברענטער הויט, וואָס שטעהט אימער אויף דער וואַך, איז אַראָבגעשפּרונגען פון זיין שיפעל און זיך אַרונטערגעלאָזען אין וואַסער. דריי מענער וואָס האָבען זיך געבאָדען דערביי, האָבען זיך אויך אַרונטערגעלאָזען אין וואַסער. באַלד האָבען זיי אַרויס־געצויגען אַ יונגע פרוי אין אַ רויטען באַדע־אַנצוג, פון איהרע לאַנגע שוואַרצע האָאר זיינען געפלאָסען צוויי שטראָמען וואַסער. איהרע אויגען זיינען געווען צוגעמאַכט אַזוי ווי זי וואָלט געווען אין חלשות.

פון איבעראַל איז מען געלאָפען אָנקוקען די געראַטעוועטע, און זעהענדיג אַז דאָס איז אַ שעהנע פרויענצימער איז די סימפּאַטהיע געוואָרען נאָך גרעסער. אָבער ווי נור די געראַטעוועטע איז שוין געווען אויף דער יבשה, האָט זי פּלוצלונג געעפענט די אויגען, האָט זיך בעפרייט פון די מענשען וואָס האָבען זיך געטראָגען אויף זייערע אָרעמס און האָט זיך אַוועקגעשטעלט אויף איהרע פיס. „איך דאַנק אייך," האָט זי געזאָגט צו די מענשען. נאָכדעם איז צו איהר צוגעגאַנגען אַ קליינער ציגיינערל, וועלכער איז אַזוי ווי פון דער ערד אַרויסגעוואַקסען, און האָט איהר דערלאַנגט אַ צימבעל. דאָס מיידעל האָט גענומען דעם אינסטרומענט אין האַנד און אָנגעפאַנגען צו צימבלען. אין איין אויגענבליק זיינען אָנגעקומען דריי מענער, איינער מיט אַ פייפעל, דער צווייטער מיט אַ פּייקעל און דער דריטער מיט אַ האַרמאָניקאַ. דאָס מיידעל האָט אָנגעהויבען מאַר־שירען פאָראויס, צימבלענדיג, און די דריי מענער נאָך איהר פּויקענ־דיג, פייפענדיג און בלאָזענדיג. זיי זיינען געגאַנגען צו אַ גרויסע געביידע וועלכע האָט אויף זיך געטראָגען דעם נאָמען "זולייקאַ דעם סולטאַן'ס בעליעבטע טענצערין און איהרע פיערצעהן שקלאַפינען". אַ גרויסע צאָהל פון פּובליקום איז נאָכגעגאַנגען דיזער לעבעדיגע

רעקלאַמע. קומענדיג צום אריינגאַנג פון דער געביידע, האָט זיך די גערעטעטע אוועקגעשטעלט אויף א קליינע ביהנע און א מאַן וואָס איז געשטאַנען ביים טהיר האָט אויסגערופען:

„ווערטהעס פובליקום! איך האָב די עהרע פאַר אייך פאָר־צושטעלען די וועלט־בעריהמטע שעהנע און טאַלענטפאָלע טענצערין זולייקאַ, וועלכע איז געוועזן אבדול האַמיד'ס ליעבלינג. זי וועט פאַר אייך טאַנצען אַלע טענץ וואָס פלעגען ערפרעהען די הארץ פון דעם אַלטען סולטאַן. קומט פריינדע. עס קאָסט בלויז צעהן סענט צו זעהען די שעהנע, די וואונדערפאָלע זולייקאַ טאַנצען. צעהן סענט — די פאָרשטעלונג פאַנגט זיך אָן גלייך, די מינוט!...

די שעהנע זולייקא איז אריינגעשפרונגען אינווייניג, און דער עולם האָט זיך גענומען שטופען צום באָקס־אָפיס מיט צעהן־סענטיגגע.

.2

## דער מזל'דיגער וואורשטעל.

אין קאָני איילענד איז דאָ אַזוי פיעל צו זעהען, דאָס א סך זאכען בלייבען אונגעזעהען, כמעט אונבעמערקט. מען בעטראַכט די גרויסע וואונדער און מען פערזעהט די קליינע. און צווישען די קליינע וואונדער איז דאָ א מאַסע אינטערעסאַנטעס וואָס פערדיענט אונזער אויפמערקזאַמקייט.

די קליינע „שאָוס", די ביידלעך און די טישלעך בעלאַנגען צו די קליינע וואונדער. איהר, וואָס געהט בעטראַכטען דעם גרויסען עלעפאַנט פון „לונא פאַרק", די מעשי בראשית פון דרימלענד און נאָך אזעלכע וואונדער, איז אייך אמאָל איינגעפאַלען זיך צוצוקוקען צום איטאַליענער וואָס פוצט שיך, קאָכט הייסע קוקורוזעס און באַקט פינאָסט? דריי פּראָפעסיאָנען אין איין פערזאָן! זיין שטיוועל־פוצער שטוהל, זיין קעסעל אין וועלכען ער קאָכט די קוקורוזעס און זיין אויוועלע אין וועלכען ער באַקט די פינאָטס שטעהען איינע נעבען די אנדערע אין א רייהע. ער האָט א גרויסען שילד אויף זיין שטוהל מיט די ווערטער: „עסט הייסע קוקורוזעס, אָדער קנאַקט פינאָטס אין דער צייט וואָס איך פּוץ אייך אָב די שיך פאַר 5 סענט."

אָבער איך האָב איינמאָל געפונען אַ אידען וואָס האָט דעם איטאַליענער איבערטראָפען. ער האָט זיך גענומען אַ גרויסען פּלאַץ ניט ווייט פון „סטיפּעלטשייז" און דאָרט האָט ער אויסגעשטעלט אַ קליינע ביידעל פאַר זיין פרוי וועלכע רופט זיך „זינאַאידאַ די בעריהמטע ציגיינערשע וואהרזאָגערין וואָס לעזט די צוקונפט פון יעדען מענשען'ס האַנד פאַר 10 סענט". נעבען איהר האָט ער אוועקגעשטעלט זיין עלטסטע טאָכטער מיט אַ שיסעל געפאַרבטע וואַסער מיט שטיקלעך אייז אין דעם, וועלכע ווערט פערקויפט אַלס „אָראַנדזשייד" פאַר איין סענט אַ גלאָז. נעקסט קומט זיין אינגעל, אַ בחור פון 17 יאהר וועלכער האַלט אַ לאַנגען געלעכערטען טיש, מיט שפּאַציער־שטעקעלעך אין די לעכלעך. פאַר פינף סענט גיט ער אייך דריי ריגנגעלעך, איהר נעהמט אַ רינגעלע און וואַרפט עס אויף די שטעקלעך וועלכע שטעהען אויסגעשטעלט אַזוי ווי די סאָלדאַטען, טרעפט עס אַז אייער רינגעלע פאַלט אַרויף אויף אַ שטעקעלע דאַן איז דאָס שטעקעל אייערס, אבער אַזוי ווי די שטעקעלעך שטעהען צו געדיכט איינע נעבען די אַנדערע איז דאָס ניט אַזאַ לייכטע זאַך ווי מאַנכע שטעלען זיך פאָר. נעקסט צו דיזער לאָטעריע שטעהט דער טאַטע אַליין און פערקויפט הייסע וואורשטלעך.

די געשעפטען געהען גאַנץ גוט. אַלע לייזען געלד און דער טאַטע האָט שוין אָבגעשפּאָרט אַ שעהנע עטליכע דאָלאַר. נור דאָ האָט זיך איין טאָג געטראָפען אַ געשיכטע וואָס האָט שיער ניט רואינירט די רעפּוטאַציע פון זיינע וואורשטלעך. זיין גליק איז וואָס ער איז ניט קיין נאַר און ער האָט זיך שנעל אַרויסגעדרעהט.

דאָס איז געווען גראַדע זונטאַג. אַן איירישמאַן האָט זיך אָבגעשטעלט, איהם דערלאַנגט אַ פינף סענט שטיק און געזאָגט „גיוו מי וואַן אָוו דהעם דאָגס". (גיב מיר איינעם פון די הינטלעך— אַזוי ווערען גערופען די וואורשטלעך, מסתמא צוליעב זייער אָב־שטאַמונג). דער איירישמאַן האָט בעקומען אַ הייסען זודיגען וואורשטעל, איינגעפּאַקט אין אַ לאַנגען זעמעלע וועלכער איז געווען אויפגעריסען אין דער העלפט און איינגעשמירט מיט זענפט. דער איירישמאַן האָט געגעבען אַ גרויסען ביס און באַלד האָט ער

זיך א כאַפּ געטהאָן פאַר די ציין. אין דעם וואורשטעל איז געוועזן א לאַנגער טשוואָק.

„אי׳ל העוו יו אַרעסטעד!“ (איך וועל איך לאָזען אַרעטירעז) האָט דער איירישמאַן אויסגערופען.

„יו אַר איי לאָקי פעלאָו“ (איהר זייט א מזל׳דיגער מענש), האָט דער איד געזאָגט. „איהר האָט בעקומען דעם מזל׳דיגען וואורשטעל. יעדער איינער פון מיינע קאָסטאָמערס וואָס געפינט א טשוועקעל אין א וואורשטעל בעקומט פריי איינעם פון יענע שפּאַציער־שטעקעלעך.“

אַז דער איירישמאַן האָט בעקומען דאָס שפּאַציער־שטעקעלע איז שוין זיין כעס אָבגעגאַנגען און ער האָט געקויפט נאָך דריי וואורשטעלעך. נאָכדעם איז ער אוועק און איז צוריקגעקומען מיט זעקס גוטע פריינד וועמען ער האָט דערצעהלט וועגען זיין גליק, און זיי האָבען אַלע צוזאַמען אויסגעגעבען ביי צוויי דאָלאַר, אבער ניט אַלע וואורשטלעך זיינען מזל׳דיג.

### 3.

## צייטען בייטען זיך.

אין קאָני איילענד ביים ענדע סיזאָן. נאָך צוויי וואָכען אָדער דריי — עס ווענדט זיך אָן דעם וועטער — וועלען זיין געשלאָסען די „פּאַרקס“, מוזעאומס, די קאָנצערט האָלס, די מואווינג פּיקטשורס סאַלונס און נאָך אַזעלכע פּלעצער וואו מיליאָנען מענשען האָבען זיך אַמוזירט אין די זומערדיגע מאָנאַטען. עס פרעגט זיך וואָס וועט ווערען פון די אַלע קונצענמאַכער, זינגער און שפּיעלער וואָס האָבען אַמוזירט דעם עולם א גאַנצען זומער? וואו וועלען אַהינקומען די טערקען וואָס שפּיעלען אויף זייערע צימבלען און פייפלען אָריענטאַלישע מוזיק? וואו וועלען אַהינקומען די אַראַבער וואָס זינגען ליעבעס־ליעדער און טאַנצען ווי די דערווישען? וואו וועלען געהען די שווייצאַרישע מיידלעך וואָס שטעלען פאָר א שווייצאַרישען דאָרף נעבען א הויכען באַרג וואָס זיין שפּיץ איז בעדעקט מיט אייביגען שנעע? און וואו וועלען אַהינקומען די מויזענדע זינגערקעס און טענצערקעס פון די קאָנצערט האָלס?

נאַטירליך, עס איז קיין סוד ניט אַז די טערקען, די אַראַבער און אפילו די בורען וואָס האָבען דאָרט געשפּיעלט אַ פּאָאַר זומערען כסדר, זיינען אַלע היגע, ניו יאָרקער. צוויי פון די פּעהיגסטע „אַראַבער" וואָס שטעלען פאָר דעם „דערוויש-טאַנץ" אין קאָני-איילענד זיינען אין ניו יאָרק בעוואוסט אַלס צוויי ברידער חזנים וואָס דאַוונען צוזאַמען ימים נוראים אין אַן אַפּטאַונער שוהל.

אָבער די אינטערעסאַנטעסטע פראַגע איז: וואו קומען אַהין די אַלע זינגערינס און טענצערינס וואָס מען זעהט אין קאָני איילענד אום זומער? עס איז זיכער, אַז ניינציג פּראָצענט פון זיי האָבען ניט פעהיגקייט צו ערשיינען אויף דער ביהנע פון אַ ריכטיגע וואָדעוויל טהעאַטער. טאָ וואָס ווערט פון זיי?

מען דאַרף נור בעזוכען דיזע קאָנצערט-הייזער ענדען סיזאָן, אין אַ וואָכען-טאָג, וועט מען געפינען אַן אַנטוואָרט.

אין אַ וואָכען-טאָג קען מען זעהען ווי עס קומען אין די קאָנצערט-האָלס אַלערליי אידישע באַלעבאָסטעס, יונגע און אַלטע, צוזעצען זיך ביי די טישלעך, בעשטעלען זיך אַ גלעזעל סאָדע וואַסער און זיי בעטראַכטען די זינגערקעס און די טענצערקעס. צווישען די טישלעך דרעהט זיך אַרום אַ בעוואוסטער צושיקער פון עלדרידזש סטריט און אויך אַ פּראָמינענטע צושיקערין פון קריסטי סטריט (אַ בכבוד'ע אידישע אַלטעטשקע) און נאָך אַנדערע צושיקער וועלכע זיינען ווענינגער בעקאַנט, די צושיקער און די באַלעבאָסטעס רעדען צווישען זיך און טייטלען מיט די פינגער אויף די מיידלעך וואָס זינגען אויף דער „ביהנע" מען הערט אָפט ווי אַ צושיקער זאָגט: „אָט די בלאָנדע איז זעהר אַ גרויסע בריה. זי וואַשט זעהר גוט וועש און האַלט זעהר ריין אַ הויז." אָדער אַזאַ מין מאמר: „אָט יענע, די קורצע, איז אַן אונגאַרישע, אַ גוטע קעכין און האָט ליעב קינדער." די באַלעבאָסטע זאָגען זייערע מבינות: „יענע איז צו דיק, זי טויג ניט פאַר הויז-אַרבייט, זעהט, קוים וואָס זי גיט זיך אַ קעהר." אָדער: „יענע איז צו שעהן, עס פּאַסט איהר מעהר צו זיצען אין אַ פּאַרלאָר איידער וואַשען געפּעס. איך האָב פיינט שעהנע דיענסטמיידלעך. זיי זיינען ביי זיך גרויסע יחסנ'טעס."

און אַזוי ווערען די קאָנצערט-הייזער צום ענדע סיזאָן פערוואַנדעלט אין בערזען פאַר דיענסטמיידלעך.

.4

## דער ווילדער מענש פון דער אינזעל באָרנעאָ.

אויף סוירף עוועניו, ניט ווייט פון דרימלענד, געפינט זיך אַ קליינעביידעל אויף וועלכע עס שטעהט: „קומט קוקט אָן דעם ווילדען מענשען פון דער אינזעל באָרנעאָ. איינטריט 5 סענט."

אין דרויסען שטעהט אַ יונגערמאַן וואָס רעדט צום עולם און דערצעהלט זיי וועגען דעם ווילדען מענשען וואָס זיי קענען אָנקוקען פאַר 5 סענט.

„קומט זעהן דעם ווילדען מענשען פון אינזעל באָרנעאָ! מען האָט איהם געפאַנגען אין אַ וואַלד און געבראַכט דירעקט אין אַמעריקאַ פאַר דיזען פּלאַץ. ער איז האַלב מענש, האַלב חיה. ער איז בעוואַקסען מיט האָאר פון קאָפּ ביז די פיס און ער קען קיין שפּראַך. ער האַווקעט ווי אַ הונד, ברומט ווי אַ ליב און וואויעט ווי אַ וואָלף. ער וויים ניט פון לעפעל, גאָפּעל, מעסער אָדער טעלער. ער שלאָפט אויף דער ערד און עסט רויה פלייש. אז איהר גיט אַ קוק אויף איהם האָט איהר אַ בעגריף ווי עס האָבען געלעבט מענשען מיט טויזענדער יאָהרען צוריק."

אז איינער בעצאָהלט פינף סענט און געהט אריין אינוועניג זעהט ער אין אַ פינסטערען ווינקעל אַ שטייג, און אין שטייג אַ האָריגער מענש וועלכער האַלט אריינגערוקט דעם מויל אין שיסעל און זופּט פון דאָרט קאַלטע באָרשט. אז עס קלייבט זיך אָן אַ היבשער עולם הויבט אָן דער ווילדער מענש צו האַווקען, צו וואָיען און צו ברומען.

דער ווילדער מענש און דער „אריינשלעפּער", וואָס שטעהט אין דרויסען, זיינען גלייכע שותפים אין די ביזנעס. די אַרבייט ווערט צווישען זיי פערטהיילט אויף גלייכע חלקים. זיי בייטען זיך מיט די ראָלען יעדע צוויי שטונדען. דער ווילדער מענש ווערט אַן אריינשלעפּער און דער אריינשלעפּער ווערט אַ ווילדער מענש. ביידע וואוינען אין ניו יאָרק און קומען פון אַ שטעדטעל אין מינסקער גובערניע.

# דיקמאַן דער באַרבער

דיקמאַן — ווער קען איהם ניט? דיקמאַן איז בעקאַנט איבעראַל, אין שטאָדט; דיקמאַן האָט אַ נאָמען, אַלע קענען דיקמאַנען.

וואָס איז דיקמאַן?

דיקמאַן איז אַ באַרבער.

אָבער וואָס איז ער פאַר אַ מענש? אין ניו יאָרק מוז יעדער מענש זיין אַ „איסט". ער דאַרף בעלאַנגען צו אַ פאַרטיי, צו אַ בעוועגונג, צו אַ קלייזעל, צו אַ לאָדזש, צו אַ חברה, און מוז זיין אַ מאַן מיט אַן אויסגעשפּראָכענעם „איזם", מיט אַ געוויסער פּאָליטיק.

אַלזאָ וואָס איז דיקמאַן?

„דיקמאַן איז אַ סאָציאַליסט." זאָגען די סאָציאַליסטען.

„דיקמאַן איז אַ ריכטיגער אידישער פּאַטריאָט, אַ ציוניסט." זאָגען די ציוניסטען.

„אַי, גענוג! שאַ ששש!. דיקמאַן איז אַן אַנאַרכיסט. ער שטיצט די בעוועגונג בשתיקה." שושקען זיך די אַנאַרכיסטען.

„דיקמאַן — הי איז אָלל ראַיט, הי איז איי ג. ד. גוד טעמעני מען!" זאָגען די טעמעניטען.

„דיקמאַן — הי איז איי גוד גאָווערנמענט מען." זאָגען די רעפאָרמער.

„דיקמאַן — הי איז איי סטרייט ריפּאָבליקען", זאָגען די רעפּובליקאַנער.

דיקמאַן איז אַ שעהנער שטאַרקער, בלאָנדער קערל, מיט אַ פּאָאָר דיקע, גרויסע וואָנצעס, פאַר וועלכע אַלע זיינע קונדען וואָס ראַזירען זיך ביי איהם זיינען איהם מקנא. „ווילט איהר האָבען אַזעלכע וואָנצעס?" זאָגט דיקמאַן, „דאַן קויפט ביי מיר אַ קעסטעלע פון דיעזע קאָסמעטיק פאַר צעהן סענט. איהר וועט קריגען וואָנ־צעס אַזוי לאַנג ווי דער אידישער גלות".

און ער ציינט זיי אַ קעסטעלע געלע פּאָמאַדע, וואָס איז זיין אייגענע ערפינדונג.

„דיקמאַן!" שרייט אַ קונד וואָס זיצט אַן אַ זייט און וואַרט אויף זיין נעקסט. „זאָגט מיר, דיקמאַן, איהר קלאָגט אויך אויפ'ן גלות? וואָס פעהלט אייך דען?"

„מיר פעהלט גאָר נישט", זאָגט דיקמאַן, „אָבער עס זיינען דאָ אידען אויך אין אנדערע לענדער".

„בראַוואָ! רופט זיך אָב אַ ציוניסט, וואָס זיצט און וואַרט אויך אויף זיין נעקסט.

„עה", רופט זיך אָב אַ סאָציאַליסט, „זאָלען זיך די אידען אין יענע לענדער אָנשליסען אָן דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, וועלען זיי זיך בעפרייען פון דעם דרוק פון די דעספּאָטען צוזאַמען מיט'ן גאַנצען פאָלק. סאָציאַליזמוס איז די גאולה. ניט אמת, דיקמאַן?"

„געוויס!" זאָגט דיקמאַן, „סאָציאַליזמוס איז דער שעהנסטער אידעאַל. אָבער צוערשט מוזען מיר שאַפען אַ היים פאַר אונזערע פערפאָלגטע ברידער, ביז די גאולה פון דער גאַנצער מענשהייט וועט קומען".

„איהר רעדט ווי אַ ציוניסט", רופט זיך אָפּ אַן אַנאַרכיסט, וואָס וואַרט אויך אויף זיין נעקסט. „די אידען וועלען פערגעסען אַלע זייערע צרות אין אַ קאָמוניסטישער געזעלשאַפט".

„זאָל זיך זיין אַ קאָמוניסטישע געזעלשאַפט", זאָגט דיקמאַן ווינקענדיג צום ציוניסט, „אַבי אין ארץ ישראל. דאָרט קענען מיר אויך האָבען אַ קאָמונע".

„בראַוואָ!" רופט זיך אָב אַ פּועל ציונ'יק. „גוט געזאָגט, מיסטער דיקמאַן. איהר רעדט זעהר לאָגיש!"

„דיקמאַן איז אַ טאַמאַני מען", מישט זיך אריין אַן אנדער קונד, וועלכער זיצט אין אַ שטוהל מיט אַ פולען פּנים זייף.

„וועלל", זאָגט דיקמאַן, ווינקענדיג צו אַ רעפּובליקאַנעם, וועלכען ער אַליין האָט געהאַלטען אין שניידען די האָאָר. „אַלע פּאָליטיקס זיינען גוט, אָבער מיינע פּאָליטיקס זאָג איך קיינעם ניט אויס".

„דהאַט'ס רייט!" זאָגט דער רעפּובליקאַנער.

„דהאט'ס רייט!“ זאָגט אויך דער טאמאני־מאַן.

„אַ זעלטענער דיפּלאָמאַט! אַ גוד באַי!“ זאָגען אַלע — „ער קען אויסקומען מיט אַלע קלאַסען מענשען!“

און אַלע געהען צו דיקמאַן דעם באַרבער. זיי זיצען אָפּ געדולדיג גאַנצע שטונדען און וואַרטען אויף זייער רייהע — ער זאָל זיי שערען.

# „פראָפעסאָר קובעבע" אוים לאָנדאָן

א גאַנצען זומער האָט מען אין שטאָדט גערעדט וועגען מיס־טער קיבעצאָווסקי'ס נייע מייסטערווערק „דער ווייסער קיזשיק", א סימבאָליסטישע דראַמאַ אין דריי אַקטען. צייטונגען האָבען געשריבען לאַנגע ארטיקלען און ערוועקט אין די לעזער אַן אונגע־דולדיגען חשק צו זעהן די שטיק ווען עס וועט פאָרקומען אויף דער ביהנע. „עס איז אַ ריינע קונסט־ווערק", איז געווען די גאַראַנטיע פון דעם פערפאַסער. און אויף אַלע פאַרקענס, אויף אַלע ליידיגע ווענד, האָט מען געזעהן גרויסע אַפישען געדרוקט אויף רויטע פּאַ־פּיער מיט אַ ווייסען פערדעלע אויף דעם, וועלכער האָט איללוס־טרירט דעם ווייסען קיזשיק פון מיסטער קיבעצאָווסקי'ס מייסטער־ווערק. אין די קאַפע־סאַלונס, אין די קיבעצאַרניעס, האָט מען אוועקגעלייגט אַלע קיבעצעריי, אַלע ליטעראַרישע און אַקטיאָרישע פּאָליטיק און מען האָט גערעדט נור פון דעם ווייסען קיזשיק.

און אַז עס איז געקומען דער אָבענד פון דער ערשטער פאָר־שטעלונג, איז שוין קיין איינציגער זיטץ ניט פערבליבען אין טהעאַ־טער. אַלע פּלעצער האָט מען אויסגעקויפט פאָראויס.

מיט גרוים שפּאַנונג איז געזעסען דער עולם און געוואַרט אויף דעם מאָמענט ווען דער פאָרהאַנג וועט זיך אויפהויבען, וויסענדיג אַז אין דיעזען אָבענד וועלען זיך פערווירקליכען די גרויסע ערוואַר־טונגען פון פיעלע וואָכען צייט.

אין די פאָדערשטע רייהען און אין די לאָזשען האָט מען גע־שלונגען יעדעס וואָרט. „ווי ערהאַבען! ווי טיעף! וואָס פאַר א וואונדערליכע בעאָבאַכטונג! זיך אַליין איבערטראָפען!" אָט אַזעל־כע ווערטער האָט מען געהערט אין די ערשטע רייהען און אין די לאָזשען, וואו עס זיינען געזעסען די אינטעליגענטען, די ליעב־האַבער פון קונסט, די ליטעראַרישע סמעטענע פון ניו יאָרק.

הינטען, וואו עס איז געזעסען די מאַסע, דאָס פאָלק, האָט מען געקוועטשט מיט די פּלייצעס, זיך געוואונדערט און געפרעגט:

„וואָס איז דאָס? וואָס האָט מיסטער קיבעצאָווסקי געוואָלט פון אונז? עס איז ניט אַ ווייסער קיזשיק, נור עפּעס אַ שוואַרץ יאָהר!“

נאָך דער פאָרשטעלונג האָבען די אַקטיאָרען געוואוסט, אַז דער ווייסער קיזשיק איז שוין אַ פּגר. עס האָט זיך אָבער ניט געפּאַסט אויפצוגעבען דעם קיזשיק׳ס לעבען אָהן אַ קאַמפּף.

מען האָט דעם ווייסען קיזשיק אָנגעהאַלטען די נשמה אַ גאַנצע וואָך מיט אַ ליידיגען טהעאַטער, און אין אַ שעהנעם דאָנערשטאַג אַבענד האָט דער מענעדזשער פון טהעאַטער אָבגעזאָגט ברוך דיין אמת, דער קיזשיק איז אַראָבגענומען געוואָרען פון די אַפּישען און ער איז פערשוואונדען געוואָרען אין דער פערגאַנגענהייט.

מיסטער קיבעצאָווסקי האָט זיך שטאַרק גענומען צום האַר־צען, אָבער זיינע אַנהענגער האָבען איהם געטרייסט, אַז עס וועט נאָך קומען אַ צייט ווען די מאַסע וועט ווערען אַ ביסעל מעהר ענטוויקעלט, און דאַן — דאַן וועט דער ווייסער קיזשיק אויפ־שטעהן תחית המתים, און מען וועט איהם שפּיעלען מיט גרויס ערפאָלג.

דערווייל דאַרף מען דאָך עפּעס עסען, און מיסטער קיבע־צאָווסקי האָט געהאַט גראַדע אַזאַ גוטען אַפּעטיט ווי אַלע אַנדערע מענשען, איז ער געקומען צו די אַקטיאָרען און זיי געפרעגט אויב ער זאָל פאַר זיי אָנשרייבען עפּעס אַ נייע קונסט־ווערק.

„מען האָט אייך אין דער אדמה מיט אייער קונסט צוזאַמען,“ האָט מען איהם געענטפערט. „אויב קונסט איז דאָס וואָס קיינער הויבט ניט אָן צו פערשטעהן, דאַן קומט אונז אויס צו געהן איבער די הייזער. פון אייערע עטליכע צעהנדליג ליעבהאָבער פון קונסט האָבען מיר גאָר ניט. זיי קומען אויף פרייע טיקעטס. גיט אונז עפּעס אַ זאַך וואָס זאָל האָבען עפּעס אַן אינטערעסע פאַר׳ן פּוב־ליקום“.

„איהר ווילט איך זאָל אייך אָנשרייבען אַ שמאַטע?“ האָט מיסטער קיבעצאָווסקי געפרעגט מיט אַ האַלבען כעס.

„זאָל זיין אַ שמאַטע, אַבי עס זאָל האָבען עפּעס אַן אינטערעס, אַבי עס זאָלען קומען מענשען. מיר קענען ניט שפּיעלען פאַר ליידיגע ווענד“, האָבען די אַקטיאָרען געענטפערט.

מיסטער קיבעצאָווסקי איז אוועק אהיים און לאַנג געטראַכט וועגען דעם ענין. עס איז ביי איהם געבליבען אז ער זאָל אָנשרייבען עפּעס א שטיק וואָס זאָל זיין נאָך דעם געשמאַק פון פובליקום, אָבער ער זאָל זיין נאָמען ניט געבען אויף דעם.

ביי די ניו יאָרקער אידישע דראַמאַטורגען איז א מאָדע, אז ווען איינער פון זיי פערפאַסט עפּעס א זאַך וואָס ער דענקט, אז דאָס וועט איהם ניט מאַכען קיין שעהנעם נאָמען ביי די אינטעליגענ־טען, שטעלט ער אויף דעם אַרויף א פּסעוודאָנים, אזוי למשל: „פערפאַסט פון פּראָפעסאָר קובעבע אוים לאָנדאָן“. עס פערשטעהט זיך, אז פּראָפעסאָר קובעבע אוים לאָנדאָן איז קיינמאָל אויף דער וועלט ניט געווען. דיעזער פּסעוודאָנים איז מיט דער צייט גע־וואָרען שטאַרק פּאָפּולער ביים עולם, און עס איז יעצט א מאָדע אז דער זעלבער נאָמען ווערט בענוצט פון יעדען פערפאַסער וואָס וויל ניט געבען זיין אייגענעם נאָמען אויף זיין פּיעסע.

אין פינף טעג צייט האָט מיסטער קיבעצאָווסקי פערטיג גע־מאַכט א דראַמאַ אין פיער אַקטען מיט'ן טיטעל „די פאַלשע דיי־מאָנטען“. די אַקטיאָרען האָבען דאָס דורכגעלעזען און עס איז זיי גלייך געפעלען געוואָרען. די סחורה האָבען זיי געקויפט ביליג, ווייל אַלעם וואָס געהט אויף פּראָפעסאָר קובעבע'ס נאָמען ווערט בעטראַכט אַלס טאַנדעט.

אין א וואָך צייט האָט מען שוין אָנגעהויבען צו בעקאַנט מאַכען אין צייטונגען און אויף אַפישען „די פאַלשע דיימאָנטען“. דער עולם איז געווען קאַלטבלוטיג. מען ווייס שוין פון פריהערדיגע ערפאַהרונג, אז פּראָפעסאָר קובעבע אוים לאָנדאָן איז ניט אזא אי־אי־אי, די ערשטע רייהען און די לאָזשעס זיינען געווען ליידיג. די אינטעליגענטען און ליעבהאָבער פון קונסט וואָס האָבען בעקו־מען פרייע בילעטען צו דער ערשטער אויפפיהרונג האָבען זיך גע־פוילט צו קומען. זיי האָבען געוואוסט אז דאָס וועט זיין שונד.

אָבער נאָך איידער דער ערשטער אַקט האָט זיך געענדיגט, האָבען שוין די אַקטיאָרען געוואוסט, אז זיי האָבען געטראָפען מיט ערפאָלג. ווען דער פאָרהאַנג האָט זיך אַרונטערגעלאָזען נאָך דעם ערשטען אַקט, איז דער אַפּלויז געווען שטאַרק, דאָס די ווענד האָבען

געציטערט. די אַקטיאָרען זיינען אַרויסגערופען געוואָרען פער־צעהן מאָל. אַזאַ אָוואַציע האָט מען שוין לאַנג ניט געזעהן אפילו אין אַ אידישען טהעאַטער.

צום צווייטען אַקט האָבען די אַקטיאָרען איינגעזעהן, אַז זיי האָבען געפונען אַ גאָלד־מינע, אַ קלאָנדאַיק. זיי האָבען איינגע־זעהן, אַז דאָס איז אַ שטיק, וואָס וועט זיך פערציהען דעם גאַנצען סיזאָן און וועט נאָך געשפּיעלט ווערען מיט גרויס ערפאָלג אין וועיטערע סיזאָנס.

מיסטער קיבעצאָווסקי, דער אמת'ער פּערפאַסער פון „די פאַלשע דיימאָנטען", איז זיך געזעסען אין אַ לאָזשע און האָט מיט הארצוועהטאָג צוגעזעהן זייז אייגענעם ערפאָלג. ער האָט אַליין זיך ניט געקענט אָבגעבען אַ רעכנונג פון די פערשיעדענע געדאַנקען וואָס האָבען געאַרבייט ביי איהם אין קאָפּ. ער האָט נור געפיהלט, אַז ער איז אונצופריעדען, אַז עס קריינקט איהם — זיין אייגענער ערפאָלג קריינקט איהם.

ווען ער וואָלט געשטעלט זיין נאָמען אויף דיעזער שטיק! וואָס פאַר אַן אָוואַציע ער וואָלט בעקומען פון פּובּליקום! ווי אַלע וואָלטען שרייען „קיבעצאָווסקי! קיבעצאָווסקי! ספּיטש! ספּיטש!" און ער וואָלט אַרויסגעקומען האַנד־אין־האַנד מיט דעם „סטאַר" און די „סטאַריכע", און ער וואָלט זיך עטליכע מאָל פערבויגען, רעכטס און לינקס און צום צענטער, און דאַן האַלטען אַ קורצע רעדע. און געלד וואָלט ער געמאַכט! דעם גאַנצען סיזאָן וואָלט ער געהאַט אַ שעהנעם איינקונפט.

פּע! וואָס פאַר אַ מיאוס'ע געדאַנקען עס קריכען מיר אין קאָפּ — טראַכט ער זיך צוריק. געהן פערקויפען מיין נאָמען? ניין! ניין, איך האָב קיין חרטה אויף דעם, איך האָב מיין נאָמען ניט געגעבען אויף דיעזער שונד.

* * *

אין אַ דאַונטאַונער קאַפּע־סאַלון, וועלכע איז בעוואוסט אַלס די קיבעצאַרניע פון די אידישע אינטעליגענטען, זיינען געזעסען אַ גרופּע מענשען און האָבען דיסקוטירט „די פאַלשע דיימאָנטען".

„אזא שונד!“ האָט זיך איינער אָבגערופען. „אָבער עס האָט געמאַכט א גרויסען ערפאָלג“.

„פון וואַנען ווייסטו, אז דאָס איז א שונד?“ האָט א צווייטער געפרעגט. „האָסט דאָך גאָר די שטיק ניט געזעהן“.

„פאַראַן וואָס צו זעהן!“ האָט אויסגערופען דער ערשטער. „מען קען דען ניט די זאָגענאַנטע קונסט פון פּראָפעסאָר קובעבע אוים לאָנדאָן? כדאי געווען צו אימפּאָרטירען אזא שמאַטע פון ענגלאַנד“.

מיסטער קיבעצאָווסקי, וועלכער איז געזעסען אויבענאָן, האָט גענומען עסען זיין סטייק מיט מעהר אימפּעט.

„און וואָס זאָגט איהר צו דער נייער פּיעסע פון פּראָפּעסאָר קובעבע אוים לאָנדאָן?“ האָט געפרעגט דער רעדאַקטאָר פון „טעג־ליכען טערעבענץ“, זיך ווענדענדיג צו מיסטער קיבעצאָווסקי. „איהר האָט דאָך געזעהן די שונד. אפשר וואָלט איהר אָנשרייבען אויף דעם א קריטיק פאַר מיין צייטונג?“

„א קריטיק?“ האָט מיסטער קיבעצאָווסקי געפרעגט און זיך שיער דערוואָרגען מיט א שטיק סטייק.

„יא, א קריטיק“, האָט דער רעדאַקטאָר פון „טעגליכען טערע־בענץ“ געזאָגט. „און איהר זאָלט גאָר ניט זשאַלעווען די אַקטיאָרען פאַר דעם וואָס זיי פיהרען אויף אזא שמאַטע. איהר זאָלט צו־גליעדערען, צושניידען און צוהאַקען די פּיעסע אויף שטיקער. איהר זאָלט צייגען, אז דאָס איז גראָבע שונד און געבען דעם פּערפאַסער א תוכחה אז דער קאַדיק זאָל איהם נעהמען. שרייבט עס אָן דאָ גלייך. איך וועל אויף דעם וואַרטען. איהר קענט זיך צולאָזען אויף פּיער קאָלומס אויב איהר ווילט. איך וויל עס האָבען מאָרגען אין מיין טערעבענץ“.

מיסטער קיבעצאָווסקי האָט זיך בעגאַסען מיט א קאַלטען שוויים. ער האָט אוועקגעלייגט גאָפּעל און מעסער און געקוקט אויף דעם רעדאַקטאָר ווי אויף א גזלן.

נאָכדעם איז ער צוגעגאַנגען צום רעדאַקטאָר און איהם געזאָגט אויפ׳ן אויער:

איך וועל די קריטיק אָנשרייבען, אָבער קיינער טאָר ניט וויסען,

אז איך בין דער שרייבער פון דער קריטיק. עס קען מיר פיעל שאַדען טהאָן ווען די אַקטיאָרען וועלען זיך דערוויסען".

אויף מאָרגען איז אין „טעגליכען טערעבענץ" ערשיענען א קריטיק איבער „די פאַלשע דיימאַנטען". די קריטיק איז געוועזן אונטערשריבען „א פריינד פון וואהרע קונסט".

„א שאַרפע קריטיק" — האָבען געזאָגט די אינטעליגענטען.

„עס קען אונז גאָרנישט שאַדען. דאָס פובליקום איז ווילד משוגע פאַר דער שטיק — האָבען געזאָגט די אַקטיאָרען.

„זיך אליין אָבגעשמיסען" — האָט זיך געמורמעלט מיסטער קיבעצאָווסקי.

# דער קאָלעקטאָר

## אַ מעשה פון דער נאָהנטער פערגאַנגענהייט.

אין אַ כשרה וואורשט־סטאָר, אויף דעם אידישען דאון־טאון, איז אריינעקומען אַ ווייסער הונד מיט געלע פלעקען. דער הונד איז געווען אַ גרויסער, אַן אָבגעפרעסענער און געגאַנגען איז ער לאַנגזאַם, מיט ברייטקייט.

ווי נור דער אייגענטהימער פון דעם וואורשט געשעפט האָט דעם הונד דערזעהן האָט ער גלייך אָבגעשניטען אַ פיין שטיקעל געראייכערטע צונג, אַ מיטעל־שטיקעל, און האָט דאָס צוגעטראָגען דעם הונד אויף אַ טעלערעל. דער הונד האָט געגעבען אַ שמעק, אַ לעק, נאָכדעם האָט ער זיך גענומען צום עסען.

און אין דער צייט וואָס דער הונד איז געווען פערנומען מיט'ן עסען האָט דער אייגענטהימער פון געשעפט גענומען שניידען גרויסע שטיקער וואורשט פון פערשיעדענע סאָרטען, ווייכע, טרוקענע, פעטע און סאַלאַמי. נאָכדעם האָט ער אָבגעשניטען אַ האַלבען צונג, אַן אָבגעקאָכטען, נאָך אַ ווארימען, האָט צוגעלעגט אַ שטיק פאַסטראַמאַ און האָט עס צוזאַמענגעפּאַקט אין אַ גרויסען פּעקעל מיט ברויט און מיט זויערע אוגערקעס. דעם פּעקעל האָט ער ארומגעבונדען מיט אַ שנירעל. איין עק פון שנירעל האָט ער פער־קניפּעלט אין אַ זאָרט צוים און דאָס געגעבען דעם הונד אין מויל אריין.

האַלטענדיג דעם שנירעל שטייף אין זיינע צייהנער איז דער הונד ארויס און איז זיך געגאַנגען, ניט אָבשטעלענדיג זיך אויף אַ מינוט, גלייך צום פּאָליס־סטיישאָן, ער איז אריין אין אַ גרויסען זאַאל וואו עס זיינען געזעסען די פּאָליסלייטע וואָס געפינען זיך אויף דער רעזערווע.

אַ פּאָליסמאַן האָט פון איהם צוגענומען דעם פּעקעל און איהם געגעבען אין מויל אַ גרויסען בלעכענעם קעסעל. דער הונד איז

אַרויס און איז אַוועק צום נאָהענטסטען ביער־סאַלון. ער איז אַריין דורך אַ זייטיגע האַלבע טהיר. אַ קעלנער האָט פון איהם צוגענומען דעם קעסעל, אָנגעפּילט ביז צו די סאַמע ברעגען מיט קאַלטען, שוימעדיגען ביער, צוגעמאַכט מיט'ן דעקעל און געגעבען דעם דראָט פון קעסעל דעם הונד אין מויל אַריין.

דער הונד איז מיט דעם ביער אַוועק אין סטיישאַן־הויז.

אין אַ צעהן מינוטען אַרום האָט דער הונד געמאַכט אַ בעזוך אין אַ גרויסע קאַפע־הויז. ער האָט זיך אָבגעשטעלט ביים טהיר, און די באַלעבאָסטע וועלכע איז געשטאַנען ביי דעם קאַונטער האָט איהם צוטראָגען אַ צוקער־קיכעל און דאָס איהם דערלאַנגט אין מויל אַריין. דערביי האָט זי איהם צערטליך אַ גלעט געטהאָן איבער'ן קאָפּ.

נאָכדעם האָט די באַלעבאָסטע געמאַכט אַ גרויסען פּעקעל פון פערשיעדענע זיסע קוכענס און בייגעלעך, האָט דעם פּעקעל גוט אַרומגעבונדען און צוגעריכט אַ צווימעל וועלכען דער הונד זאָל קענען האַלטען אין מויל.

אין עטליכע מינוטען אַרום איז דער הונד געקומען מיט דעם קעסעל, פון וועלכען די ביער איז שוין געווען אויסגעטרונקען, און האָט בעקומען אַ פולען קעסעל מיט קאַפע, פערווייסט מיט פעטע שמאַנד.

אָבגעטהאָן זיינע שליחות'ן, האָט דער הונד דערנאָך געמאַכט אַ שפּאַציער איבער גרענד סטריט, און וואו ער איז דורכגעגאַנגען האָט ער געמאַכט אַ רושם. סטאָרקיפּערס און פעדלער האָבען איהם בעגריסט מיט די ווערטער „העלאָו מעק־גינטי!" אָבער ניט אַלע האָבען געהאַט די זכיה אַז דער הונד זאָל זייער גרוס אַנערקענען. מעקגינטי האָט געקענט נור די מיט וועלכע ער האָט געפיהרט געשעפטען פאַר דער פּאָליציי און פאַר דעם קעפּטיין.

פעדלער וואָס האָבען פערקויפט צוקערווערק האָבען געוואוסט אַז מעק־גינטי איז אַ נאַשער און זיי האָבען עס גערעכענט פאַר אַ זכיה וואָס ער נעהמט ביי זיי פון האַנד. דען מעק־גינטי איז געווען בעוואוסט אַלס דער „קאָלעקטאָר" פון סטיישאַן־הויז. איינער, וואָס האָט געהאַלטען אַ קאַפע־הויז מיט אַ געמבלינג־רום דערצו פלעגט דורך דעם הונד אַריינשיקען דעם קעפּטיין יעדען מאָנאַט אַ פּאַי

(אַן אַמעריקאַנער פלאָדען), און דער קעפּטיין האָט שוין געוואוסט, אַז אין דעם פּאַי ליעגט אַ קאָנוועדט און אין דעם קאָנוועדט אַ הונדערטער. דעם הונדערטער פלעגט דער קעפּטיין אַריינלעגען זיך אין קעשענע און דעם פּאַי פלעגט ער אָבגעבען דעם הונד פאַר זיין טרחה.

אַזוי פלגט עס צוגעהען אין די גוטע צייטען פון דער ניט־לאַנגער פערגאַנגענהייט, ווען די טאַמאַני פּאַרטיי האָט רעגיערט די שטאַדט און ווען דער דאָלאַר איז געווען דער דאָלמעטשער צווישען שטומע גנבים און די בלינדע געטין פון דין ומשפט.

אָבער צייטען בייטען זיך, רעגיערונג בייטען זיך אויך. אַ שטורם פון רעפאָרם האָט איבערגעקעהרט ניו יאָרק. פּאָליס־קעפּטיינס זיינען אַרונטערגעוואָרפען געוואָרען און דאַן זיינען געקומען אַנדערע צייטען אויך פאַר דעם פּיער־פּיסיגען „קאָלעקטאָר“ מעק־גינטי.

די פּאָליסלייטע וואָס געפינען זיך אין סטיישאָן־הויז אויף דער רעזערווע האָבען אויפגעהערט איהם אַרומצושיקען נאָך געדרויכערטע צונגען, נאָך ביער, נאָך קאַפע און שטרודעל. אייגענ־טהימער פון געמבלינג־הייזער האָבען אויפגעהערט צו שיקען פּאַי צום קעפּטיין. דער קאָלעקטאָר איז געבליעבען אָהן אַ פּאָסטען.

גאַנצע טעג פלעגט ער ליעגען אין פוילענצען אין סטיישאָן־הויז, און אַז עס פלעגט איהם אַמאָל דריקען דער הונגער פלעגט ער זיך לאָזען אין גאַס און בעזוכען די אַלטע פלעצער פון וואַנען ער פלעגט ניט לאַנג צוריק שלעפּען אַזוי פיעל גוטע זאַכען. די ערשטע צייט פלעגט מען איהם עפּעס צוּוואַרפען, שפּעטער האָט מען איהם אָנגעהויבען צו טרייבען.

דער אייגענטהימער פון וואורשט־געשעפט האָט איהם איינמאָל אָבגעגאָסען מיט קאָכיגע וואַסער.

מיט אַ שרעקליכען קוויטש איז דער הונד אַרויסגעלאָפען אין גאַס, זיך דרעהענדיג און קוליענדיג און לעקענדיג זיין פערברענטע לייב. ער האָט געסקאַוואוטשעט מיט אַזאַ יאָמערליכען קול, אַזוי ווי אַ מענש להבדיל, מיט לשון וועלכע טענה'ט: „גזלנים! אונ־פערשעהמטע! פאַלשע! אָט ערשט ניט לאַנג צוריק פלעגט איהר מיך גלעטען, לאַסטשען און עס איז ביי אייך געווען אַ גרויסע

זכיה אַז איך פּלעג ביי אייך אָננעהמען אַ צוקערקע. שעהמט זיך אַזוי וועה צו טהאָן אַ לעבעדיגע בעשעפענים! אאו... אאו... האוו, האוו, האוו — אַ נכפה אויף אייך!"

* * *

איינמאָל, אין אַ שעהנעם מיטוואָך איז אין פּאָלים־סטיישאָן אָנגעקומען אַ נייער הונד, אויך אַ ווייסער, אַ שמאָלער און אַ לאַנגער, מיט אַ שפּיציגער מאָרדע. ער איז געקומען פון דענמארק. אויף דער שיף איז ער געפאָהרען ערשטע קלאַסע און אויפ'ן חשבון פון דער שטאַדט. אַ ספּעציעלער שליח איז נאָך איהם געפאָהרען. דער שליח האָט אין נאָמען פון דער שטאַדט בעצאָהלט פאַר דעם דענישען הינטעל אַ סומע פון 1,500 דאָלאַר.

דער יחוס פון דעם גאַסט איז בעשטאַנען אין דעם וואָס ער איז געווען געלערנט צו טהון די פּפליכטען פון אַ פּאָליסמאַן. ער האָט געקענט כאַפּען גנבים, ארעסטירען וואַגאַבאָנדען און זיי שלעפּען פאַר'ן פּאָלע, און טהון עהנליכע דיענסטע.

די פּאָליסלייט האָבען געגעבען דעם גאַסט אַ שעהנעם קבלת פנים. זיי האָבען פאַר איהם געאָרדערט אַ פּאָרטערהויז סטייק, מיט אַ גוטען ביין אין דעם, און דאָס איהם דערלאַנגט אויף אַ טעלער. מעקגינטי איז געשטאַנען פון ווייטען און שטילערהייד געוואָרטשעט קוקענדיג אויף דעם „אויסלענדער". ער האָט געמאַכט אַ בעוועגונג צוצוגעהן צום גאַסט. ער האָט זיך ניט געקענט העלפען. דער ריח פון בראַטען האָט איהם געצויגען ווי אַ כשוף. ער האָט אָבער ביי זיין ערשטען ריהר בעקומען אַ זעץ מיט אַ פּאָליצייסקען שטיוועל און ער האָט מעהר ניט געקענט ענטפערן, בלויז מיט אַ האַלב־פערשטיקטען האווק.

צום סוף, ווען דער „גאַסט" האָט אויפגעגעסען דעם גאַנצען סטייק, האָט מען דעם ביין אַ וואָרף געטהאָן צו מעק־גינטי'ן. דער הונגעריגער כלב האָט גענומען גריזשען דעם ביין און זיין הינטישע בלוט האָט געזאָדען געגען דעם „אימיגראַנט", דעם „פּאַראיינער", וואָס איז געקומען פערנעהמען זיין פּלאַץ.

# דער „אַרבייטער פריינד"

### ווי אַזוי ער איז געוואָרען אַ „מענשען־פריינד".

זייט יאָהרען איז מאַקס קאָטער, דער סאַלונקיפּער, געווען דער איינציגער „אַרבייטער פריינד" פאַר פינף בלאָקס אַרום. אויף זיין ביער־סאַלון איז געהאַנגען אַ גרויסער שילד, אויף וועלכען עס איז געווען אויסגעמאָלט אַ גרויסע גלאָז ביער און אַרום דער שוימע־דיגער גלאָז ביער, וועלכע האָט זיך ווי איבערגעגאָסען פון דער פולער מאָאס, איז געווען אָנגעשריעבען מיט גרויסע ווערטער און מיט גרויסע גרייזען: „אַרבייטער! געהט טרינקען די בעסטע שנאַפּסען און די קאַלטססטע און גרעסטע גלאָז ביער אין שטאָדט, ביי דעם וועלט־בעריהמטען גרעסטען אַרבייטאָרער פריינד מאַקס קאָטער. פרייע צובייסענס די בעסטע. עסט וויפיעל אייער האַרץ גלוסט. געהט צו דעם וועלט־בעריהמטען גרויסען אַרבעטאָרער פריינד מאַקס קאָטער, אין 333 סאָקער סטריט."

און מיסטער קאָטער האָט טאַקע געמאַכט גרויסע געשעפטען צוליעב זיין נאָמען אַלס וועלט־בעריהמטער גרעסטער „אַרבעטאָרער פריינד". און די אָרימע מענשען פון דעם געגענד, וואָס אַרבייטען שווער אַ גאַנצען טאָג, פלעגען קומען אין אבענד זוכען אָבצופרישען זייערע קרעפטען מיט געפעהרליך געפעלשטע ביליגע שנאַפּסען, מיט סם־המות'דיגע געפאַרבטע ביער, און צו פערבייסען מיט צופוילטע הערינג, פערשטונקענע נבלה־וואורשט און זאַמדיגע ברויט. מיסטער קאָטער אַליין, אַ גרויסער דיקער קערל, מיט אַ בויך וואָס האָט אויסגעזעהען ווי אַ פאַס ביער, האָט זיך אימער געפונען אין זיין סאַלון, און געזעהן אַז צווישען זיינע קונדען, די ברידער אַרבעטאָ־רער זאָל הערשען אמת'ע פריינדשאַפט און „סאָלידאַריטעט", דאָס הייסט, מען זאָל זיך איינער דעם אַנדערען טראַקטירען, און מאַכען איינער צום אַנדערען לחיים.

יעדען יאָהר פרעגט דער מלאך המות אַוועקנעהמען זיין גרויסע צאָהל קרבנות פו די געפעלשטע סם־המות משקה און פון די

צובייסענס. אָבער קיינעם איז איינגעפאַלען אז דער מלאך־המות האָט געלויערט אויף זיינע אָפּפער פון קאָטער'ס סאַלון. די שפע אין קאָטער'ס סאַלון איז געוואַקסען, און דער נאָמען פון דעם גרעסטען, וועלט־בעריהמטען אַרבעטאָרער פריינד האָט געקלונגען ווייט און ברייט, און מענשען פלעגען קומען צו איהם צו פערזוכען זיין גרויסע גלאָז ביער און צו עסען זיינע געזאַלצענע און געריוכער־טע נבלה.

מיט אַמאָל האָט מיסטער קאָטער בעקומען אַ גרויסען קלאַפּ. פונקט אויף דער אַנדער זייט גאַס, געגענאיבער זיין סאַלון, וואו עס איז פריהער געוועזען אַ בעקעריי, האָט זיך געעפענט אַ נייער סאַלון. דער נומער פון דעם נייעם סאַלון איז געווען 334 און זיין אייגענ־טהימער האָט געלאָזט ארויסהענגען אַ פיעל גרעסערען שילד ווי מיסטער קאָטער'ס און אויף דעם איז געווען אויסגעמאָלט אַ פיעל גרעסערע גלאָז ביער, און אין דער גלאָז ביער איז געווען אויס־געמאָלט אַ מענש וואָס באָדט זיך אין די ביער ביז'ן האַלז און די שוים גרייכט איהם ביז צו די אויערען. אַרום דער גלאָז ביער איז געווען אָנגעשריעבען פאָלגענדעס: „איך בין דזשייק קאָלפּאַק דער וועלט־בעריהמטער גרעסטער מענשענפריינד. ביי מיר בעקומט איהר אַ גלאָז ביער אין וועלכער איהר קענט שווימען. איך גיב פריי אַ רעטונגס־גאַרטעל און פרייע צובייסענס: לעבערלעך, פּופּקעלעך, סאַרדעלען, סאַרדינס, פּאָמפּערניקעל, געהאַקטע הערינג. אַלעס פריש און אַלעס פריי. געהט צו דעם וועלט־בעריהמטען קעניג פון אַלע מענשענפריינד דזשייק קאָלפּאַק, אין 334 סאָקער סטריט.

מיט אַמאָל האָבען זיך אַלע קאָסטאָמער פון דעם וועלטבעריהמ־טען גרעסטען אַרבעטאָרער פריינד זיך אַ לאָז געטהאָן צו דעם וועלט־בעריהמטען גרעסטען קעניג פון אַלע מענשענפריינד. מיסטער קאָלפּאַק האָט טאַקע געגעבען אַ גרעסערע גלאָז ביער ווי מיסטער קאָטער, און זיינע צובייסענס זיינען געווען מעהר פערשיעדענאַרטיג און ווענינער פער'עפּוש'ט.

מיסטער קאָלפּאַק האָט פערזיכערט אז ער פערדיענט קיין געלד, ווייל ער גיט מעהר אַלס ער נעהמט, און אז אזא גרויסע גלאָז ביער מיט אזא צובייסען קען קיין פּראָפּיט ניט ברענגען, אבער ער איז אַ מענשענפריינד, דער גרעסטער פון אַלע מענשענפריינד, דער

קעניג פון אַלע מענשענפריינד, און ער זוכט נור די טובה פון אַלע מענשען, סאַי ארבייטער און סאַי בעלי־בתים, און ער וויל ברענגען שלום צווישען קאַפּיטאַל און ארבייט. מיסטער קאַלפּאַק איז געוואָרען אַ מאַכער אין עטליכע לאָדזשען און פעראיינען, און האָט פון דאָרט געצויגען מאַסען נייע קונדען. נאָכדעם ווי אַ מיטינג פלעגט זיך שליסען, פלעגט ער איינלאַדען די מיטגליעדער אויף אַ „טריט“, און די „ברידער“ פלעגען מיט פערגעניגען אָננעהמען זיין גאַסטפריינדליכקייט. זייענדיג ביי איהם אין סאַלון, פלעגען זיי זיך דערמאָנען אַז מען דאַרף אַ „ברודער“ צוריקגעבען אַ „שאָו“, און די ברידער פלעגען אָרדערען נאָך שנאַפּס, און נאָך ביער און צאָהלען פאַר דעם, און אויך קויפען עקסטראַ צובייסענס, עם הייסט עקסטראַ פערשטונקענע לעבערלעך, פערפוילטע פיש און ווערעמדיגע קעז.

די לאָדזשען און פעראיינען האָבען געהאַט זעהר קליינע פינאַנצען. אַלמנות פלעגען צוקומען יעדען יאָהר און די קאַסען פלעגען ווערען „קורץ“ אויסצאָהלענדיג די אַלמנות די אַסעקוראַנץ פאַר די פערשטאָרבענע מיטגליעדער. די לעבעדיגע פלעגען ווערען געטעקסט עקסטראַ, און זיי פלעגען געהן צו זייער „ברודער“ דעם קעניג פון אַלע מענשענפריינד און פערגיסען זייערע צרות מיט ביער און מיט שנאַפּס, ניט וויסענדיג אַז דיזע געפעלשטע סם־המות משקה מיט די נבלה צובייסענס וועלען באַלד מאַכען נייע אַלמנות, און זיי וועלען ווייעדער געטעקסט ווערען מיט דאָלארס. אָט טאַקע וועהרענד זיי פלעגען זיצען אין „ברודער קאַלפּאַק׳ס“ סאַלון, האָבען זיי ניט געוואוסט אַז דער מלאך המות איז זייער קעלנער וואָס טראָגט זיי צו דעם טויטענבעכער צו פערגיפטען זייערע מאָגענס און זייערע ניערען, צו פערדומפּען זייער מארך, צו פערדונקלען זייערע אויגען, און צו מאַכען זיי אַלט און קראַנק פאַר דער צייט, און זיי זאָלען אַליין ניט וויסען אַז דעם טויט האָבען זיי בעקומען „אויף אויסצאָהלען“, ביסלעכווייז אין דעם סאַלון פון „וועלט־בעריהמטען קעניג פון אַ מענשענפריינד“, פון 334 סאָקער סטריט.

אין דער לעצטער צייט האָט מען אָנגעהויבען צו מורמלען אַז קאַלפּאַק׳ס צובייסענס זיינען ניט מעהר אזוי גוט ווי פון אָנפאַנג, און אַז זיין גלאָז ביער איז ניט אזוי פריש און ניט אזוי פול ווי אין דער צייט ווען ער האָט ערשט ערעפענט זיין סאַלון. אָבער

קיינער האָט אויף איהם קיין פּאַראיבעל געהאַט! ביזנעס איז ביזנעס. פריהער האָט געדאַרפט צוגעוועהנען קונדען האָט ער געמוזט אביסעל אָפּפּערען פון זיין פּראָפיט, אָבער יעצט מוז ער דאָך עפּעס פערדיענען.

אָט אין דיזער צייט האָט דער ארבייטער־פריינד בעשלאָסען צו געבען דעם מענשען־פריינד א שטאַרקען קלאַפּ. דער בעסטער מאָמענט צו געבען דעם שונא א קלאַפּ איז ווען ער ווערט אביסעל שוואַך און אָבהענדיג.

צו די מורמלעריי, אַז דער מענשען־פריינד ווערט צופיעל אינ־דעפּענדענט און אַז זיין ביער איז צו וואַרים און מיט צופיעל שוים, און אַז זיינע צובייסענס ווערען וואָס א מאָל אַלץ ערגער און קנאַ־פּער, איז נאָך צוגעקומען א קלאַנג, אַז דער מענשען־פריינד פער־קויפט סקעב־ביער, עס הייסט אַזאַ סאָרט ביער וואָס ווערט געמאַכט פון ניט יוניאָן ארבייטער, און דיזע ביער איז באַיקאָטירט פון אַלע יוניאָנס. אָט אַזאַ צייט האָט דער ארבייטער פריינד בענוצט פאַר א גינסטיגע געלעגענהייט צו מאַכען זיין אָנפאַל. אין א שעה־נעם פריהמאָרגען האָט ער געלאָזט אויסהייננען א מורא'דיג גרויסען שילד, וואָס האָט פערשטעלט א האַלבע שוי־פענסטער מיט א האַלבע טהיר. אויף דעם איז געווען אויסגעמאָהלט ווי א מאַן שטעהט מיט אַן אָפענעם מויל און זופּט ביער גלייך פון א פאַס. אונטען איז געשטאַנען פאָלגענדעס:

בריךער אַרבייטאָריר אונד פראַינדע! פיר פינעף צענט קאָנט איר טרינקין ביהר בייא מיהר מאַקס קאָטער דער אַרבייטאָריר פראַינד וויה פיהל איר גילוסט אַייהך, הון איר קאנט עסין פיהל איר גילוסט אייהך. קומט צו דעם גרעסטין וועלט־בעריהמטין אַרבייטאָריר פראַינד מאַקס קאָ־טער אין 333 סאָקער סטריט. קאָמט און ברוינגט אייערע פראַינדע.

עס איז איבעריג צו זאָגען, אַז דער גאַנצער שטראָם פון לייזונג האָט זיך צוריק איבערגעטראָגען אין דעם אַלטען פּלאַץ, און פון עק שטאָדט זיינען געקומען מענשען זעהן דעם וואונדער ווי פאַר פינף סענט קען מען טרינקען ווי פיעל מען וויל. מיסטער קאָטער, דער גרעסטער, וועלט־בעריהמטער ארבייטער פריינד, איז געווען א מענ־שען־קענער. ער האָט געוואוסט אַז פיעל פערלירען קען ער דאָ ניט,

ווייל דאָס רוב מענשען זיינען דאָך קיין חזירים און וועלען פאַר פינף סענט ניט פאָדערען די גאַנצע פאַס, ווי עס איז זיי פער־שפּראָכען געוואָרען אויף דעם שילד. דער „קונץ“ פלעגט צוגעהן אזוי: נאָכדעם ווי איינער פלעגט אויסטרינקען איין גלאָז ביער, פלעגט איהם מיסטער קאַטער פרעגען אויב ער וויל א צווייטע. מיט א שמייכעל פלעגט דער קונד אָננעהמען די צווייטע, אָבער ביי דער דריטער פלעגט ער זיך שוין זשעניר'ען און פלעגט פאַרשלאָגען צו בעצאָהלען. נאָכדעם ווי א מאַן פלעגט אויסטרינקען צוויי גלאָז ביער פריי, האָט ער זאָגאר געמעגט זיין פון די ערגסטע און גרעב־סטע מענשען, האָט ער דאָך געפיהלט אז ער מוז געבען צולייזען פאר א סיגאַר, אָדער פאר עפּעס אַן עקסטרא צובייסען. דער פּלאַן האָט גוט געאַרבייט. דער לייזונג אין דעם ארבייטער פריינד'ס סאַלון איז געוואָרען גרעסער ווי אין די בעסטע צייטען, און די ענגלישע צייטונגען האָבען געשריבען לאַנגע קאָלומס איבער די פרייע ביער־בעדער אין קאַטער'ס סאַלון און געדרוקט בילדער פון איהם און זיינע קעלנער.

דער ארבייטער פריינד איז נאָך געגאַנגען ווייטער: ער איז געוואָרען א מיטגליעד אין פיעלע פון די פעראיינען און די לאָדזשען וואו מיסטער קאָלפּאַק, דער מענשען־פריינד, איז א מיטגליעד. און ער האָט גענומען איהם גראָבען איבעראַל. דאַן האָט זיך דער אר־בייטער פריינד פּלוצלונג ארומגעזעהן, אז זיין שונא איז א שטאַר־קער מאַן מיט א שטאַרקען וואַפען. מיסטער קאָלפּאַק איז געווען א מאַכער ביי דער פּאָליציי און ער האָט אונטער־גע'מסר'ט, אז קאַטער זאָל ניט קענען האַלטען זיין סאַלון אָפען אום זונטאָג.

דאַן איז קאַטער געגאַנגען דירעקט צו קאָלפּאַק'ען און צו איהם געזאָגט:

„מיסטער קאָלפּאַק! לאָמיר זיך ניט קריגען. איך בין אַן אר־בייטער־פריינד און איהר זייט א מענשען־פריינד. צו וואָס זאָלען מיר איבערפיהרען איינער דעם אנדערענס ביזנעס און געבען אונ־זערע קונדען א שאַנס צו זויפען און צו פרעסען אומזאָנסט. איך האָב א פאָרשלאָג: ענטוועדער קויפט אויס מיין סאַלון, אָדער איך וועל אויסקויפען אייער סאַלון“.

דער געשעפט איז אָבגעמאַכט געוואָרען. דעם זעלבען אבענד האָט דער מענשען־פריינד צוגעמאַכט זיין סאַלון.

אין א פּאָר טעג אַרום איז אויף מאַקס קאָטער'ס סאַלון גע־האנגען שוין א נייער שילד, אזוי גרויס ווי די פריהערדיגע, נור מיט דיעזען לשון:

איהך מאַכע בעקאננט דאָס איהך מאַקס קאָטער בין דער איינציגיר, גרעסטיר, וועלט בערימטיר אַרבייטאָריר פראַינד, אונד אויהך דער גרעסטיר וועלט בערימטיר מענשינפראַינד וואָס האָב האָבגעקויפט דעם סאַלון פון דיהם קעניג פון אַלע מענשינפריינד, און בייה מיהר בעקומט מען די גרעסטי און קאַלטסטי גלאָז ביהר, מיט די בעסטי צובייסענים. גידיינקט דעם גרעסטען אַרבייטאָריר פראַינד און מענשינפראַינד פון 333 סאָקיר סטריט.

אָט אזוי איז דער ארבייטער־פריינד געוואָרען א מענשען־פריינד.

# א שמירה פאר גנבים

אין דעם געגענד וואו די מאָרריסאָנס האָבען געוואוינט, זיינען צו יענער צייט פאָרגעקומען אַ סך גנבות. יעדען פריהמאָרגען האָבען שכנים געהאַט צו דערצעהלען פון עפּעס אַ פינף־זעקס נייע גנבות, וואָס זיינען געשעהן דורך דער נאַכט. אַ באַנדע איינברעכער האָבען געארבייט אין דעם געגענד, און געארבייט האָבען זיי אַזוי געשיקט, דאָס די פּאָליציי האָט ניט געקענט קומען אויף זייער שפור.

אַלעס פלעגען די גנבים צונעהמען: ציערונג, זילבער, געשיר, קליידער, און אַלעס וואָס איז געווען מעגליך איינצופּאַקען אין פּעקעל און טראָגען. די איינוואוינער פון דעם געגענד האָבען געלעבט אין שרעק. מאַנכע פלעגען די נעכט פערברייינגען אין זעהר אַ נערוועזען צושטאַנד. די גנבים פלעגען זיי קומען צו חלום. אייניגע זיינען קראַנק געוואָרען פון שטענדיגען זאָרג און שרעק.

אָט אין דיעזע טעג פון שרעק איז צו די מאָרריסאָנס אין הויז געקומען אַן אַגענט מיט אַ נייער ערפינדונג — אַ שמירה פאַר גנבים. דאָס איז געווען אַן אויטאָמאַטישער „אַלאַרם“. גרויס איז דאָס געווען ווי אַ טאַבאַק־פּושקעלע און עס האָט אין זיך געהאַט אַ גלעקעל. ווען מען טשעפּעט עס אָן צו אַ פענסטער אָדער צו אַ קליאַמקע פון אַ טהיר הויבט עס אָן צו קלינגען ביי דעם מינדעסטען ריהר. און ווי נור אַ גנב הויבט אָן צו ריהרען אַ טהיר אָדער אַ פענסטער מוז דער אַלאַרם קלינגען גאַנצע פינף מינוטען כסדר. דער גנב ענטלויפט נאָך איידער די הויז־לייט שטעהען אויף.

מיסטער מאָרריסאָן איז געווען שטאַרק ענטציקט פון דער ערפינדונג. ער האָט געזאָגט, אַז ער וועט נעהמען צוויי פון די אַלאַרמס פאַר אַ פּראָבע, און אויב ער וועט זעהן אַז דאָס ארבייט ריכטיג וועט ער בעשטעלען אַ האַלבען דוצענד. אָבער מיסעס מאָריסאָן וועלכע האָט געהאַט אַ סך דזשולערי און פלעגט ניט קענען שלאָפען נעכט צוליעב מורא, האָט זיך איינגעשפּאַרט אַז מען מוז האָבען אַן אַלאַרם פאַר יעדע טהיר און פענסטער. און אַזוי ווי

מר. מאָריסאָן האָט פיינד געהאַט נאָכצוגעבען זיין פרוי, אַז זי זאָל אויספיהרען אין גאַנצען, האָט ער מיט איהר געמאַכט אַ קאָמפּראָמיס און געאָרדערט זעקס שטיק.

„וואו זאָל איך זיי צושלאָגען?" האָט דער אַגענט געפרעגט.

מר. מאַרריסאָן האָט איהם אָנגעהויבען ארומצופיהרען איבער די צימערען און איהם צו ציינען:

„אָט דאָ, אויף די ביידע פענסטער מוז מען האָבען אַלאַרמס, ווייל אין דיעזען צימער איז פאַר גנבים לייכטער אריינצוקומען צוליעב די פייער־רעטונגס־לייטערס און דאָ געפינען זיך אויך אונזערע זילבערנע לעפעל און גאָפּעל. דאָ אויף דער טהיר וואָס פיהרט צום פראָנט־צימער מוז מען האָבען אַן אַלאַרם, ווייל דאָרט געפינט זיך אַ קליינע פייער־קאַסע, אין וועלכער עס ליעגט בעהאַלטען מיין פרוי'ס ציערונג און זעהר ווערטהפאָלע פּאַפּיערען. אין אונזער שלאָף־צימער דאַרף מען האָבען צוויי אַלאַרמס פאַר די ביידע פענסטער און איינעם פאַר דער טהיר. גנבים קומען אפילו ניט דורך אַ שלאָף־צימער, אָבער איך מיט מיין פרוי זיינען גרויסע פּעפּערס. עס איז אונז אַ מאָל שווער איינצושלאָפען ביז האַלבע נאַכט, אָבער קוים ווערען מיר איינגעשלאָפען איז אונז שווער אויפצואוועקען. דאָ אין שלאָף־צימער געפינט זיך מיין פרוי'ס וואַרדעראָבע. איהרע קליידער קאָסטען מיך אָב אַן אייגענס".

„אַלעס געמאַכט פון די בעסטע דאַמען־שניידער אויף פינפטע עוועניו", האָט זיך אריינגעמישט מיבעס מאַררישאָן.

דער אַגענט האָט אויסגעפאָלגט די אָרדערס זעהר ריכטיג, האָט בעקומען צו דאָלער פאַר יעדען אַלאַרם, האָט זעהר העפליך בעדאַנקט און שוין געוואָלט אוועקגעהן.

„וואַרט איין מינוט", האָט געזאָגט מר. מאַררישאָן. „גיט אונז אייער אַדרעסע. אפשר וועלען מיר שפּעטער וועלען קויפען נאָך איינינע אַלאַרמס".

דער אַגענט איז געוועזן אַ ביסעל איבערראַשט. ער האָט געעפענט דעם מויל און גענומען שטאַמלען:

„א—א—יך בין ניט אַ — היעגער. איך וואוין אין דזשוירזי סיטי. מיין אַדרעס איז" —

און ער האָט ארויסגעזאָגט אַ נאָמען פון אַ גאַס מיט אַ נומער, און גענומען געהן.

„און אייער נאָמען?" האָט איהם מר. מאָרריסאָן געפרעגט נאָכגעהענדיג דעם אגענט אין האָל.

„מיין נאָמען איז — — — סעם — וואַ — וואסערמאַן".

אַז דער אַגענט איז אַוועק האָט מיסעס מאָרריסאָן בעמערקט:

„אַ מאָדנער מענש! ער האָט מורא געהאַט צו געבען זיין אדרעסע. און ווי האָט עס ניט אַן אַגענט ביי זיך אַ געשעפטס־קארטעל?

יעגעם אבענד זיינען די מאָרריסאָנס שוין געשלאָפען רוהיג. בעפאָר זיי זיינען געגאַנגען שלאָפען האָט מר. מאָרריסאָן פּרובירט די אַלאַרמס, און זעהענדיג אַז אַלעס איז אין אָרדנונג, האָט ער זיך געלייגט מיט אַ רוהיגען הארצען.

אָבער ער האָט געהאַט אַ שלעכטען חלום.

עס האָט זיך איהם גע'חלום'ט, אַז ער האָט זיך אויפגעוואַכט פון אַ גערויש וואָס ער האָט געהערט אין הויז. ער איז אַרויס אין עס־צימער, און האָט דאָרט געפונען אַ מאַן צוזאַמענפּאַקענדיג זיין זילבער. ווי דער מאַן האָט איהם דערזעהן, האָט ער גענגען איהם אָנגעשטעלט אַ רעוואָלווער.

„ווען איהר וועט נור געבען איין געשריי, וועל איך אויס־שיסען", האָט דער מאַן געזאָגט.

דאָס איז געווען דער זעלבער מאַן וואָס האָט איהם הייטע ביי־טאָג פערקויפט די אַלאַרמס.

„קומט עפענט מיר אייער פייער־קאַסע", האָט דער מאַן גע־זאָגט. „איהר האָט דאָך מיר אַליין געזאָגט, אַז דאָרט ליעגט אייער פרוי'ס ציערונג. קומט, אָדער איך שיס".

ער האָט יעצט איינגעזעהן דעם קונציגען איינפאַל פון דעם גנב. ער האָט ביי איהם ביי־טאָג אויסגעפונען וואו עס ליעגען ביי איהם די זאַכען וואָס זיינען ווערטה מיטצונעהמען, און נאָכדעם איז ער געקומען נעהמען. אָבער וואָרום האָבען די אַלאַרמס ניט גע־קלונגען?" זיי קלינגען דאָך ביי דעם מינדעסטען ריהר. עס איז אָבער קיין צייט געווען צו פילאָזאָפירען. ער האָט געמוזט פאָלגען

דעם גנב, וועלכער האָט די גאַנצע צייט דעם רעוואָלווער פון האַנד ניט ארויסגעלאָזען.

מיט הארץ־קלעמענים האָט ער צוגעקוקט ווי דער גנב שלעפּט פון פייער־קאַסע זיין ווייב׳ס ציערונג. ער האָט דאָרט אויך גע־פונען א פּעקעל פון פינף הונדערט דאָלאַר אין קליינע אסיגנאַציעס, וואָס ער האָט געהאַט אָנגעגרייט צו בעצאָהלען די ארבייטער אין זיין פאַבריק.

„יעצט“, האָט דער גנב געזאָגט. „יעצט אויב איהר ווילט אַז איך זאָל אייער פרוי ניט איבערשרעקען, דאַן געהט אַליין אין אייער שלאָף־צימער און טראָגט מיר ארויס דעם שנירעל פּערעל וואָס איך האָב געזעהן אייער פרוי טראָגען. דאָ, אין דעם פּעקעל ציערונג, זעה איך דאָס ניט. און דעם זייגער איהרען אויך. זי האָט עס זיכער אויף איהר טישעל“.

ער איז אַריין צוריק אין זיין שלאָף־צימער און גענומען זיין פרוי׳ס פּערל און זייגערעל. דאַן איז ער אריין אין פראָנט־צימער, וואו דער גנב האָט אויף איהם געוואַרט.

„אָלל ראַיט“, האָט דער גנב געזאָגט. „איהר זייט א דזשענ־טעלמאַן. יעצט געה איך. אָבער ווען איהר שרייט אויס אין צייט פון פינף מינוטען, קום איך צוריק און שיס אייך“.

„ערלויבט מיר בלויז אייך צו פרעגען איין פראַגע“, האָט מר. מאָרריסאָן געזאָגט. „ווארום האָבען די אַלאַרמס ניט געקלונגען ווען איהר זייט אריינגעקומען?“

„הע־הע־הע!“ האָט דער גנב געלאַכט. „דאָס איז ווייל איך וויים דעם סוד ווי צו מאַכען, אַז זיי זאָלען ניט קלינגען“.

אין דעם מאָמענט האָט מר. מאָרריסאָן בעקומען קוראַזש. ער האָט מיט איין קלאַפּ ארויסגעזעצט דעם רעוואָלווער פון גנב׳ס האַנד, און נאָכדעם האָט ער איהם ארומגענומען פעסט און אָנגעהויבען צו שרייען:

„פּאָליס! פּאָליס!“

דאָס אַלעס איז פאָרגעקומען אין חלום. אַז מר. מאָרריסאָן האָט געעפענט די אויגען איז זיין פרוי געזעסען איינגעבויגען איבער איהם און געפרעגט:

„וואָס איז מיט דיר? וואָס האָט זיך דיר גע׳חלום׳ט?“

„גע׳חלום׳ט? יעס — וואו איז ער?" האָט מר. מאָרריסאָן גערעדט פון שלאָף.

„וואָס, וואו איז ער?" האָט זיין פרוי איבערגעפרעגט. „עס האָט זיך דיר עפּעס גע׳חלום׳ט. פון שלאָף האָסטו מיר א זעטץ געטהאָן אין נאָז און נאָכדעם האָסטו אָנגעהויבען שרייען פּאָליס!".

מר. מאָרריסאָן האָט זיך א ביסעל אויסגעטשוכעט. נאָכדעם האָט ער לאַכענדיג דערצעהלט זיין פרוי פון דעם חלום.

„זעהסטו", האָט זי געזאָגט. „איך בין א פרוי און דאָך חלומ׳ען מיר זיך ניט אזעלכע נערוועזע חלומות. איך געה אָנצינדען די גאַז, עס וועט ווערען ליכטיג וועט דיר דער שרעק אריבער".

מיסעס מאָרריסאָן איז ארויס אין קיך נעהמען א שוועבעלע. באַלד איז זי צוריק אריינגעלאָפען אין שלאָף־צימער מיט א געשריי:

„שטעה אויף! דאָ זיינען געוועזען גנבים!"

מר. מאָרריסאָן האָט שנעל געמאַכט ליכטיג אין הויז. יאָ, זיין חלום איז ניט געוועזען א פּוסטער. די הויז האָט געהאַט א בעזוך פון אמת׳ע גנבים. זיי האָבען אליין געעפענט די שפּאַר־קאַפּע, צו־גענומען אלעס וואָס זיי האָבען געקענט טראָגען, און ניט איבער־געלאָזען אפילו א שפּור פון זיך.

„אַן אונגליק!" האָט אויסגערופען מיסעס מאָרריסאָן. „זעה, די אלאַרמס האָבען גאָר ניט געקלונגען".

„מסתמא ווייסען זיי ווי צו מאַכען, אז די אלאַרמס זאָלען ניט קלינגען", האָט געזאָגט מר. מאָרריסאָן, זיך ערינערענדיג אָן זיין חלום.

אז איין האלבער חלום איז געוועזען וואהר — דאָס ווייסען יעצט די מאָרריסאָנס, אָבער אויב דער אנדער האלבער חלום איז אויך אמת, עס הייסט אויב דער אגענט פון אלאַרמס האָט געהאַט עפּעס צו טהאָן מיט דער גנבה — דאָס ווייסען זיי ניט. אָבער מר. מאָר־ריסאָן איז כמעט ווי איבערצייגט, אז זיין חלום איז אמת אין אלע פּרטים.

# יאַלעווע תירוצים

שוין אַ לאַנגע צייט אַז איך האָב געהאַט בדעה צו אונטער־זוכען איינעם פון די גרעסטע סקאַנדאַלען וואָס שפּיעלען זיך אָב אין אונזער פאָלקס־לעבען, אַ סקאַנדאַל וואָס ווערט פּראַקטיצירט ביי יעדען מאַס־מיטינג, ביי יעדען קאָנצערט און ליטעראַרישע אבענדען. די ארבייט צו מאַכען אַזאַ אונטערזוכונג איז אָבער געווען צו שווער פאַר די קרעפטען פון איין מענשען, און איך האָב געמוזט אָנקומען צו די הילפע פון מיינע קאָלעגען, אַז זיי זאָלען מיר העלפען אין דיעזער וויכטיגער אונטערנעהמונג.

און יעצט זיינען די סקאַנדאַליסטען געפאַקט! זיי ווערען דאָ אויסגעשטעלט לעיני השמש ולעיני העדה — זאָלען אַלע וויסען ווי אונזערע גדולים בלאָפען דעם עולם!

ווער עס איז געווען אויף אַ מיטינג אָדער אויף אַן „אבענד“ כאָטש איין מאָל אין זיין לעבען, דער איז שוין בעקאַנט מיט די יאַלעווע תרוצים וואָס מאַנכע רעדנער און אַנדערע טהייל־נעהמער פון דער פּראָגראַם גיבען אָן צום פּובליקום פאַר ניט קומען צו דעם אבענד. אויף דער פּראָגראַם שטעהען למשל אַכט רעדנער און ניין זינגער אָדער שפּיעלער. און אַז עס קומט צו אויספיהרען די פּראָ־גראַם לאָזט זיך אויס, אַז איין רעדנער איז ניט געקומען ווייל ער האַט בעקומען אַ טעלעגראַמע פון שיקאַגאָ, אַז זיין שוויגער איז קראַנק, אַ צווייטער רעדנער האָט זיך שטאַרק צוגעקיהלט און ליעגט אין בעט, איינער פון די זינגער איז פּלוצלונג געוואָרען אַן אבל, אַ צווייטען זינגער האָט געטראָפען אַן אַנדער סבה, און אַזוי ווייטער, און אַזוי ווייטער, אַלערליי תרוצים, און דער עולם איז שטאַרק ענט־טוישט.

שוין אַ לאַנגע צייט אַז איך טראָג זיך אַרום מיט אַ פּלאַן צו מאַכען אַ שטרענגע אונטערזוכונג אויב אַזעלכע תרוצים זיינען אמת׳ע. מענשען שמייכלען געוועהנליך ווען זיי הערען די תרוצים, אָבער זאָלאַנג קיינער האָט נאָך ניט בעוויזען, אַז די תרוצים זיינען ניט

אמת, האָט קיינער געהאַט קיין רעכט די פּראָמינענטע מענער צו פערדעכטיגען.

די אונטערזוכונג איז געמאַכט געוואָרען אין דער נאַכט פון א גרויסען מאַס־מיטינג, ביי וועלכען עס האָבען געדאַרפט ריידען אייניגע פּראָמינענטע אידישע רעדנער פון ניו יאָרק און אייניגע „שטערען" פון אידישען טהעאַטער האָבען געזאָלט דעקלאַמירען און זינגען. איך און מיינע קאָלעגען זיינען געזעסען און מיר האָבען פערצייכענט די נעמען פון די רעדנער און די זינגער, וואָס זיינען געווען אַנאָנסירט פאַר דעם אבענד, און זיינען ניט געקומען. מיר האָבען אויך פערצייכענט די תרוצים וואָס דער טשערמאַן פון דעם אבענד האָט געגעבען פון זייערט וועגען. אָט דאָ זיינען די תרוצים. אָנשטאָט די נעמען וועל איך געבען ציפערען:

נומער 1, א רעדנער. ער האָט ערהאַלטען א טעלעגראַמע פון פילאַדעלפיא צו קומען וועגען „א וויכטיגען ענין".

נומער 2, אויך א רעדנער. זיין פרוי איז פּלוצלונג קראַנק געוואָרען.

נומער 3, א וויס־פּרעזידענט פון דעם אבענד. היינט ניט געקענט קומען צוליעב דעם וואָס ער האָט פריהער פערשפּראָכען צו זיין אויף אַנאַנדער פערזאַמלונג אין דיעזען אבענד.

נומער 4, א בעוואוסטער קאָמיקער. ער איז פּלוצלונג קראַנק געוואָרען און מען דאַרף איהם מאַכען אַן אָפּעראַציאָן.

נומער 5, א לאָיער וואָס שניידט זיך אויף א רעדנער און כלל־טהוער. זיין קינד איז איהם פּלוצלונג קראַנק געוואָרען.

נומער 6, אַן אַקטיאָר, ניט געקענט קומען צוליעב פאַמיליען־אַנגעלעגענהייטען.

נומער 7, א קריסט וועלכען מען האָט איינגעלאַדען פון איהם א ביסעל שבחים. שטאַרק הייזעריג.

נומער 8, א פּיאַנאָ־שפּיעלער און מוזיק־פּראָפעסאָר. אפּענ־דיסיטיס.

איך און מיינע קאָלעגען האָבען ניט געוואַרט ביז דער מיטינג וועט זיך ענדיגען און מיר האָבען זיך געלאָזען אין פערשיעדענע טהיילען פון שטאָדט אויפצוזוכען די אַנאָנסירטע רעדנער און אר־

טיסטען, און צו דערגעהן דעם גאַנצען אמת וואָרום זיי זיינען ניט געקומען.

אָט דאָס איז געווען דער רעזולטאַט פון אונזער אונטערזוכונג. לעזט יעצט די ליסטע כסדר און פערגלייכט דיזע נומערען מיט די נומערען פון די תּרוצים.

נומער 1 — איז געווען צו הויז. ער האָט געהאַט אַ פּאָוקער־פּאַרטי. ביי איהם אין הויז האָבען מיר געפונעם דעם נומער 3, וועלכער האָט געזאָלט זיין דער וויים־פּרעזידענט פון דעם אבענד, אָבער ער האָט ניט געקענט קומען צוליעב דעם וואָס ער האָט פריהער פערשפּראָכען צו זיין אויף אַן אַנדער פערזאַמלונג.

נומער 2 — איז ניט געווען צו הויז. זיין פרוי האָט מיר גע־עפענט די טהיר. „וואָס מאַכט איהר?“ פרעג איך. „וואָס איז דאָס אייער זאַך?“ פרעגט זי מיך צוריק. „ענטשולדיגט“, זאָג איך צו איהר. „אייער מאַן האָט געלאָזט וויסען, אַז ער וועט ניט קענען ריידען ביים מיטינג ווייל איהר זייט פּלוצלונג קראַנק גע־וואָרען“. די פרוי האָט זיך אויף אַ ווײַלע פערטראַכט, נאָכדעם האָט זי געענטפערט: „געהט אין טראָקאַדעראָ קלאָב וועט איהר איהם געפינען. מיר דאַכט אַז היינט האָבען זיי דאָרט אַ סטעג“ (אַ הוליאַנקע בלויז פאַר מענער).

נומער 3 — זעה נומער איינס.

נומער 4 — געלעגען אין בעט און געשלאָפען. דאָס ערשטע מאָל אין פיער נעכט. קיין אינטערוויו האָט מען פון איהם געקענט ארויסקריגען. פון זיין שלאָף האָט ער בלויז גערעדט: „איך פּעס“, „סטרייט פלאַש“ און נאָך אַזעלכע אונבעדייטענדע פראַזען. עס האָט זיך איהם וואַהרשיינליך גע׳חלום׳ט אַז ער שפּיעלט קאָרטען.

נומער 5 — קיין קינד איז ביי איהם קראַנק געווען. ער איז נאָך אַ בחור און איז אַוועק מיט אַ מיידעל צו אַמוזירען זיך ביי די מואווינג פּיקטשורס.

נומער 6 — גראַדע יענעם אבענד זיך צו־ווערטעלט מיט דער וויַיב. פון ווערטער איז מען געקומען צו ביגעל־אייזענס און וועל־גער־העלצער.ביידע האָבען עמפּפאַנגען מיין קאָלעגע מיט באַנ־דאַזשירטע קעפּ.

נומער 7 — מען האָט איהם אַנאָנסירט איידער מען האָט ביי

איהם אָנגעפרעגט אויב ער וויל אַנטהייל נעהמען אין דעם אַבענד. „אַזעלכע שיני־ביזנעס", האָט ער געזאָגט „האָב איך פיינד", און איז דאַרום ניט געקומען.

נומער 8 — מען האָט איהם געשטעלט צום לעצטען אויף דער פּראָגראַם און ניט מיט גרויסע ווערטער, האָט ער זיך געפונען בעליידיגט.

דער רעזולטאַט פון דיעזער אונטערזוכונג האָט מיך איבער־ראַשט. איך וואָלט דאָך קיינמאָל גלויבען, אַז אונזערע גדולים זאָ־לען זיך וואַגען אַזוי מיאוס צו בלאָפען דעם עולם. איך האָב דאַרום בעשלאָסען צו פערעפענטליכען אַלע איינצעלהייטען פון דיעזער אונטערזוכונג. זאָל דער עולם וויסען ווי מען בלאָפט איהם: זאָלען אונזערע פּראָמינענטע מענער וויסען אַז עס זיינען דאָ אויגען וואָס זעהען און אויערען וואָס הערען; און זאָלען זיי האָבען אין זינען, אַז מען גלויבט ניט מעהר זייערע יאַלעווע תרוצים.

# אַן אָרענטליכער סוחר

די געשיכטע האָט דערצעהלט אַ בעוואוסטער ביזנעסמאַן וואָס האָט אַ גרויסען האָלסייל (אַנגראָ) געשעפט אויף בראָדוויי, און אַז מען זאָגט „בראָדוויי" איז שוין כמעט איבעריג צו זאָגען אַז דער ביזנעסמאַן איז אַ איד.

איינמאָל, — מיט אַ פּאָאַר יאָהר צוריק איז דאָס געשעהן — ווען דער ביזנעסמאַן איז געזעסען אין דעם פּריוואַט־אָפיס פון זיין גרויסען געשעפט, איז אריינגעקומען אַ קלוירק און האָט געזאָגט אַז מיסטער ווילליאַמאָוויטש וויל איהם זעהן. „בעט איהם אריינקומען", האָט דער ביזנעסמאַן געזאָגט, ווייל דער נאָמען איז איהם געווען בעקאַנט, דען אָבוואָהל מיסטער ווילליאַמאָוויטש איז בלויז אַ קורצע צייט ביי איהם אַ קונד, דאָך האָט מען פון איהם געהאַט היבשע בעשטעלונגען און ער האָט געצאָהלט פּינקטליך צו דרייסיג טעג.

„גוד מאָרנינג!" האָט געזאָגט מיסטער ווילליאַמאָוויטש „איך בין געקומען איהר זאָלט מיר קאָרעקטען מיין רעכנונג, עס איז געווען אַ טעות."

„אונמעגליך," האָט דער ביזנעסמאַן געענטפערט „מיינע מענשען מאַכען קיין טעות. מיינע מענשען זיינען זעהר פּינקטליך."

„און דאָך," האָט מיסטער ווילליאַמאָוויטש געזאָגט „האָב איך געפונען אין דעם קאַסטען סחורה, וואָס איהר האָט מיר געשיקט, פינף דוצענד זאָקען אנשטאַט דריי. וויל איך איהר זאָלט צושרייבען אויף מיין ביל נאָך צוויי דוצענד."

דער ביזנעסמאַן איז געווען איבערראַשט. „אַזעלכע אָרענט־ליכע מענשען גיבען עס ניט היינטיגע צייטען," האָט ער געזאָגט, דריקענדיג די האַנד פון דעם קונד. „עס זיינען דאָ אַ סך גאַנץ אָרענטליכע מענשען, וואָס פיהרען גרויסע געשעפטען, האַנדלען ריאַעל, צאָהלען זייערע רעכנונגען אין צייט, און דאָך אַז עס מאַכט זיך אַזאַ זאַך, ווען איינער פון זיי זאָל געפינען איבעריגע סחורה אין זיין בעשטעלונג, וואָלט ער מאַכען אַ שווייג." דאָ האָט זיך דער

ביזנעסמאַן דערמאַנט ווי איהם זעלבסט האָט זיך עטליכע מאָל געמאַכט אַזאַ מזל און ער האָט געשוויגען. עס איז דאָ אַ ווערטעל ביי ביזנעסלייט: וועגען מיינע טעות'ן וועל איך זיך זאָרגען; וועגען יענעמס טעות'ן זאָל זיך יענער דרעהען דעם קאָפּ."

אין דריי וואָכען ארום האָט מיסטער וויליאַמאָוויטש געשיקט אַ בריעף אין וועלכען ער האָט געמעלדעט אַז אין אַ קאַסטען סחורה וואָס ער האָט ערשט ערהאַלטען האָט ער געפונען אַן איבריגען האַלבען דוטצענד וואָלענע העמדער.

דער ביזנעס־מאַן פון בראָדוויי האָט דעם קאָסטאָמער אריינ־געשיקט אַ דאַנקבריעף און זיינע מענשען האָט ער פּערזאָנלעך צו זיין גוט פאָרזיכטיג און ניט מאַכען מעהר קיין טעות'ן; דען ניט אַלע קונדען זיינען אַזוי אָרענטליך ווי מיסטער וויליאַמאָוויטש.

צוויי יאָהר האָט מיסטער וויליאַמאָוויטש געהאַנדעלט מיט דעם סוחר פון בראָדוויי, און אין די צוויי יאָהר האָט ער זיך געמאַכט גרויסע שונאים אין דעם געשעפט. עס האָבען איהם געהאַסט פון דעם טשיעף קלוירק (הויפּט־קאָמי) ביז דעם קלענסטען שיק־אינגעל. דען כמעט יעדע צוויי מאָנאַטען פלעגט מיסטער וויליאַמאָוויטש מעלדען אַז מען האָט איהם אריינגעלעגט איבריגע סחורה, און ער פלעגט צוצאָהלען פון צוויי ביז צעהן דאָלאַר צו זיין רעכנונג.

„דער מאַן מוז זיין פערריקט, אדער עס איז מיט איהם עפּעס אַזוי ניט גלאַט," פלעגט זאָגען דער הויפּט קלוירק פון געשעפט. „מיר זיינען אַזוי פאָרזיכטיג מיט'ן פּאַקען סחורה, איבערהויפּט אַז עס קומט צו פּאַקען אַן אָרדער פאַר מיסטער וויליאַמאָוויטש, דאָך קיין טעות קען גאָר ניט זיין. עפּעס איז מיט דעם מאַן ניט גלאַט! ווען איך בין אין געשעפט פאַר זיך און עס מאַכט זיך מיר אַזאַ אָרענטליכער סוחר, וואָלט איך געזוכט פון איהם וואָס שנעלער פּטור צו ווערען."

איינמאָל איז אריינגעקומען אַ דראָמער (קאָמי־וואָיאַזש,, און ווי אַ באָמבע איז ער אריינגעפלויגען אין פּריוואַט־אָפיס פון דעם גרויסען האָלסייל־געשעפט.

„איהר האָט געהערט די נייעס? וואָס זאָגט איהר צו דעם?" האָט דער דראָמער אויסגעשריען, ווישענדיג דעם שוויים פון זיין שטערן.

„וואָס, נאָך אַ לופטשיף האָט זיך צובראָכען?“ האָט געפרעגט דער ביזנעסמאַן.

— „ווען אַרט עס אַזעלכע זאַכען? איך מיין וואָס מיסטער וויליאַמאָוויטש האָט באַנקראָטירט. ער האָט אָנגעזעצט אויף צעהן־טויזענד דאָלאַר!“

דער בראָדווייער ביזנעסמאַן איז געוואָרען בלאַס. ער האָט שנעל צוגערופען זיין בוכהאַלטער און איהם געפרעגט:

„ווי פיעל איז אונז וויליאַמאָוויטש שולדיג?“

דער בוכהאַלטער איז אוועק צו זיינע ביכער און איז באַלד צוריקגעקומען מיט דער אַנטוואָרט:

„דריי־טויזענד־צוויי־הונדערט־פינף־און־זעכציג דאָלאַר מיט זעקס־און־זעכציג סענט.“

דער ביזנעסמאַן האָט זיך אַביסעל פערטראַכט.

„די האַרץ האָט מיר געזאָגט אַז אַזוי וועט זיך דאָס ענדיגען.“ האָט בעמערקט דער טשיעף־קלוירק.

# א נגיד איז שלעכט, אַן אָרימאַן איז נאָך ערגער

אין א יואוועלען געשעפט אויף זעקסטע עוועניו האָט ניט לאַנג צוריק אויסגעבראָכען א פייער, האַלבע נאַכט איז דאָס געשעהן, נור צום גליק האָט א פּאָליסמאַן דערזעהן דעם פייער בעצייטענס, געגעבען אַן אַלאַרם און די פלאַמען זיינען איינגעלאָשען געוואָרען איידער זיי האָבען זיך פערשפּרייט איבער דער געביידע.

אַן אונטערזוכונג האָט בעוויזען אַז דאָס איז געווען די ארבייט פון גנבים, וועלכע האָבען געהאָפּט אין דער פייער־מהומה זיך אָבצוטראָגען מיט גאָלד און זילבער. אויף מאָרגען איז די נייעס בעשריבען געוואָרען אין אַלע צייטונגען, און רעפּאָרטערס האָבען בעלאַגערט דעם יואוועלען־געשעפט און געזוכט מעהר איינצעלהייטען וועגען דעם פייער. זיי האָבען זיך אַרומגעשטעלט אַרום דעם אייגענטהימער, אַן עלטערער איד, אין די זעכציגער, און איהם געפרעגט פערשיעדענע פראַגען.

„ווי פיעל בעטרעפט די גאַנצע סחורה אין אייער געשעפט?“ האָט געפרעגט איינער פון די רעפּאָרטערס.

„דבר אַז עס האָט די ווערטה פון שין אלף שקלים,“ האָט אונטערגעזאָגט דעם אייגענטהימער זיין עלטסטער זוהן, וועלכער איז געווען מיט איהם אין געשעפט.

דער אַלטער האָט פערשטאַנען אַז דאָס וועט זיין פאַר איהם א גוטע רעקלאַמע ווען ער וועט זאָגען וואָס מעהר, האָט ער ניט געזשאַלעוועט און טאַקע געענטפערט דעם רעפּאָרטער:

„מיין סחורה האָט די ווערטה פון א האַלבען מיליאָן דאָלאַר.“

דער רעפּאָרטער האָט עס פערשריעבען, און דער עלטסטער זוהן פון דעם בעל־הבית האָט געזאָגט אונטער'ן נאָז:

„א ביסעלע איבערגעזאַלצען.“

און באַלד האָט געוואוסט גאַנץ גרויס ניו יאָרק, פון בראָנקס ביז בראָנזוויל, אַז מיסטער קאַהאַנעוויטש, דער יואוועליער פון זעכסטע עוועניו איז א האַלבער מיליאָנער.

אויף מאָרגען האָט מיסטער קאהאנעוויטש בעקומען פינף בריעף פון פינף פערשיעדענע פערזאָנען וואָס האָבען זיך אָנגעגעבען אַלס זיינע קרובים און נאָך אכט בריעף פון מענשען וואָס האָבען זיך איהם פאָרגעשטעלט אַלס זיינע לאַנדסלייט פון איין שטאדט, און יעדער האָט געהאט צו דערצעהלען פון א שלעכטען מזל און האָט געבעטען הילפע.

אויסער דעם האָט מיסטער קאהאנעוויטש בעקומען עטליכע בריעף פון פערשיעדענע צדקה־אנשטאַלטען, וועלכע האָבען ביי איהם געבעטען א קאָנטריבוציאָן.

אויף מאָרגען האָט שוין דער נייער „האַלבער מיליאָנער" בעקומען נאָך א צעהנדליג בריעף פון קרובים וועמעס נעמען ער האָט קיין מאָל אין זיי לעבען געהערט. א חוץ דעם האָט מען איהם פון א פעראיין אריינגעשיקט אויף צוואנציג דאָלאַר טיקעטס, מיט א בריעף אז זיי האָפען דאָס ער וועט פאר די טיקעטס שיקען זיין טשעק.

אויפ'ן דריטען טאָג האָט ער שוין בעקומען מעהר טיקעטס, און א חוץ דעם האָט איהם א קאָמיטע פון צוויי וואָהלטהעטיגע דאַמען אָבגעשטאַטעט א וויזיט אין זיין געשעפט, זיי זיינען געקומען אין אַן אויטאָמאָביל און דאָס האָט איהם געקאָסט א פינף־און־צוואנציגער.

אזוי איז די צאָהל פון די געבעט־בריעף און די בענעפיט־טיקעטס געוואקסען. בריעף האָבען אויך אָנגעהויבען קומען פון ירושלים. אויך דאָרט האָט זיין נאָמען געקלונגען אַלס א נייער אידישער עושר. ער האָט בעקומען בריעף פון אלמנות, פון יתומות, פון אנשטאַלטען פאר בלינדע, פאר טויבע, פאר הינקעדיגע, מיט בילדער פון די אנשטאַלטען, מיט לוחות און חשבונות פון דעם יאהר.

הקיצור, מיין איד האָט זיך געריסען די האָאר פון קאָפּ און האָט געשריען: „צו וואָס האָב איך געדאַרפט מאַכען אזא בלאָף?"

„זאָרגט זיך ניט, טאַטע," האָט דער זוהן געזאָגט „מען קען נאָך דאָס פעררעכטען. איך וועל אָנשרייבען א בריעף אין דיין נאָמען אז דו ערקלערסט אז עס איז געווען א טעות פון דעם רעפּאָרטער און אז אנשטאַט פינף הונדערט טויזענד דאָלאַר האָט בעדאַרפט שטעהן פינף טויזענד."

„שרייב דאָס אָן און שיק אוועק אַ קאָפּיע צו יעדער צייטונג."

דער בריעף איז געדרוקט געוואָרען אין אַלע צייטונגען צווישען די „בריעף פון לעזער". אויף מאָרגען איז שוין געווען צו בעמערקען אַז די צאָהל שנאָר־בריעף איז אָבגעפאַלען.

אָבער דאָ איז געשעהן אַ נייער אונגליק, אויף וועלכען מיסטער קאַהאַנעוויטש האָט זיך ניט געריכט.

צוויי טעג נאָכדעם ווי זיין בריעף איז געווען אָבגעדרוקט אין די צייטונגען מיט דער ערקלערונג אַז ער פערמאָגט ניט מעהר ווי פינף טויזענד דאָלאַר, איז איהם אָנגעקומען אַ בריעף פון אַ האָלסייל יוּאוועליר געשעפט אין מעידען לעין אַז ער זאָל בעצאָהלען זיין חוב. ער איז געווען שולדיג אין יענעם געשעפט דריי טויזענד דאָלאַר.

דאָס איז געווען דער ערשטער דונער. באַלד האָט אָנגעהויבען צו דונערען פון אַלע זייטען. פון אַלע געשעפטען מיט וועלכע ער האָט געהאַנדעלט האָבען אָנגעהויבען צו קומען קאָלעקטאָרס מיט רעכנונגען און געשריען „געלד! געלד!" אַנדערע זיינען געווען צופרידען צו פערליערען צעהן פּראָצענט, אבי צאָהל.

אזוי האָט מען איהם אַרומגענומען פון אַלע זייטען און עס האָבען ניט געהאָלפען זיינע טענות און זיינע ערקלערונגען. אַ וואָך נאָכדעם ווי ער האָט זיך ערקלערט פאַר „אוים נגיד" איז מיסטער קאַהאַנעוויטש געווען געצוואונגען זיך צו ערקלערען באַנקראָט. „אַ נגיד איז שלעכט," האָט ער געזאָגט „אבער אַן אָרימאַן איז נאָך ערגער."

# דער פעראיין „שלעכטע צייטען"

אין ניו יאָרק האָט זיך געגרינדעט אַ פעראיין פון געשעפטס־לייטע מיט דעם צוועק צו פערלענגערען די שלעכטע צייטען.

א צירקולאַר וואָס איז אויסגעשיקט געוואָרען צו פערשיעדענע געשעפטסלייטע פון שטאדט, ערקלערט דעם צוועק פון דעם פעראיין מיט דיזע ווערטער:

„אין אַנבעטראַכט אַז די צייטען ווערען איבעראַל בעסער, האָבען אַ גרויסע צאָהל געשעפטס־לייט געפונען פאַר נויטווענדיג צו זוכען מיטלען ווי צו פערלענגערען די שלעכטע צייטען. די פּראַקטיקע האָט זיי בעוויזען אַז שלעכטע צייטען זיינען בעסער פאַר ביזנעס, און אַז וואָס ערגער איז בעסער.

„פאַר די געשעפטס־לייט וואָס זיינען קורצזיכטיג און קענען ניט בעגרייפען די נוצען פון שלעכטע צייטען, וועלען מיר געבען אַ שטיקעלע ערקלעהרונג.

„עס איז בעוויזען געוואָרען, אַז שלעכטע צייטען זיינען אַ גוטער אויסרייד פאַר גרויסע אויספערקויפען, און אַז אַ קלוגער געשעפטס־מאַן קען אין אַ קריזיס פערקויפען מעהר וואַארע, אַנאָנסירענדיג אַז ער פערקויפט אונטער'ן פּרייז צוליעב שלעכטע צייטען, איידער ער קען פערקויפען אין גוטע צייטען מיט אַזעלכע יאַלעווע אויסרעדען ווי פייער־סייל, אויספערקויפען צוליעב פייער אָדער רעמואווינג־סייל, אויספערקויף צוליעב אַריבערציהען אין אַן אַנדער פּלאַץ, אויף וועלכע דער עולם קוקט אָהן צוטרויען.

„אין שלעכטע צייטען איז דער געשעפטס־מאַן ווי אויך דער פאַבריקאַנט ניט אַזוי אָבהענגיג פון אַרבייטער־יוניאָנס און פון קלויקס וואָס ווילען אַ העכערונג פון זייער לוין. זיי זיינען צופריעדען צו אַרבייטען פאַר וואָס־ניט־איז.

„שלעכטע צייטען זיינען איבערהויפּט זעהר גוט פאַר עקאָנאָמיע אין הויז. ווייבער האָבען אין דער לעצטער צייט אָנגעהויבען לעבען זעהר ברייט. זייערע קליידער און ציערונג שלינגען איין דעם מאַן'ס

פראָפיט און מאַכען לעבער אין זיין קאַפּיטאַל. אַ קריזיס איז אַ גוטער ביזנעס פאַר די פרויען. אַ קריזיס איז אויך אַ גוטער אויסרייד פאַר אָרימע קרובים, און פאַר בעלי טובות אויף פרעמדע קעשענעס, וואָס שנאָרען פאַר צדקות.

„שלעכטע צייטען זיינען אויך גוט אין זומער, ווייל דאָס האַלט אָב די פרויען פון פאָהרען אויף דאַטשעס, און דאָס שפּאָרט די מענער אַ סך געלד. אויסער דעם ברענגט דאָס זעהר פיעל נוצען צו גראָסערי־לייט, בוטשערס און אַנדערע געשעפטס־לייט, ווייל ווען די ווייבער פאָהרען ניט אַוועק, פאַלט ביי זיי דער לייזונג ניט אָב.

„מיט איין וואָרט, די גוטע צייטען וואָס קומען יעצט אָן מוזען מיט אַלע מעגליכקייטען פערהינדערט ווערען. מיר מוזען צוריקרופען די שלעכטע צייטען.

„ווער עס וויל זיך בעסער איבערצייגען אין די נוצליכקייט און בעקוועמליכקייט פון די שלעכטע צייטען, זאָל זיך מעלדען פערזענליך צו אונזער סעקרעטער און ער וועט אַלעס ערקלעהרען גענוי.

מיט גרויס אַכטונג,

דער „שלעכטע צייטען פעראיין“.

עס הערט זיך אַז דער פעראיין האָט שוין אַ גרויסע צאָהל מיטגליעדער.

# א דראַמאַטישע שולע פאַר דאָקטוירים

אין דעם אויבערשטען טהייל פון ניו יאָרק האָט זיך יעצט געעפענט א דראַמאַטישע שולע ספּעציעל פאַר דאָקטוירים. א מערקווירדיגע זאַך, האַ? אָבער איך וועל די זאַך אייך ערקלערען, לויט די פאַקטען וואָס מיר איז געלונגען ארויסצוקריעגען פון א בעקאַנטען דאָקטאָר וועלכער איז א שילער פון דיזער שולע.

פון אָנפאַנג האָב איך זיך אַליין געוואונדערט צו וואָס א דאָקטאָר דאַרף קענען דראַמאַטישע קונסט. אבער נאָכדעם האָב איך זיך פאַרגעשטעלט אז עס איז מעגליך דאָס מאַנכע דאָקטוירים האָבען אויסגעפונען אז צו זיין אַן אַקטיאָר בעצאָהלט זיך בעסער אַלס צו זיין א דאָקטאָר, און זיי ווילען בייטען זייער פּראָפעסיאָן. אבער עס האָט מיר קיינמאָל ניט געקענט איינפאַלען אז די דראַמאַטישע קונסט האָט א גרויסע פערבינדונג מיט מעדיצין, און אז יעדער דאָקטאָר וואָס וויל האָבען ערפאָלג מוז זיין כאָטש א שטיקעל אַקטיאָר. דאָס האָב איך אויסגעפונען ערשט שפּעטער, ווען איך בין בעקאַנט געוואָרען מיט די איינצעלהייטען פון דער שולע.

דיעזע שולע געפינט זיך אין א פּריוואַט הויז, אין איינע פון די נומערירטע גאַסען אין האַרלעם. לעקציעס ווערען דאָרט געגעבען צוויי מאָל אין דער וואָך, דיענסטאַג און פרייטאַג אבענדס. די שילער זיינען מייסטענס יונגע דאָקטוירים וואָס האָבען ניט לאַנג געענדיגט אוניווערזיטעט, און די לעהרער זיינען פּראָפעסיאָנעלע אַקטיאָרען פון דער ענגלישער ביהנע.

די יונגע דאָקטוירים ווערען געלערענט ווי צו שמייכלען צו א פּאַציענטין, ווי אויסצודריקען איהר סימפּאַטהיע, ווען זי הויבט אָן „זיך איבערצונעהמען“, און איבערהויפּט אַלע שעהנע מאַניערען וואָס מאַכען א דאָקטאָר בעליעבט ביי ווייבער.

עס איז גוט בעוואוסט אַז די רעפּוטאַציע פון א יונגען דאָקטאָר העָנגט אָב הויפּטזעכליך פון פרויען. ווען א דאָקטאָר געפעלט די ווייבער, אויב זיי קריגען אין איהם אמונה, דאַן זיינען זיי פאַר איהם

גוטע אדווערטייזער, רעקלאמע מאכער, איבעראל. און געפעלען זיין די ווייבער קען מען נור דורך קאמפלימענטען און דורך צייגען אז מען איז אין זיי שטארק פעראינטערעסירט.

עס איז זעהר לייכט צו זאגען א פרישע, בליהענדע יונגע ווייבעל אז זי ווערט שענער פון טאג צו טאג און עהנליכע קאמפלימענטען, אבער עס איז זעהר שווער צו זאגען א מאמע פון זעקס אדער זיעבען קינדער, אז זי זעהט נאך אוים ווי א מיידעל. מען דארף זיין א גרויסער בריה ארויסצוזאגען אזא קאמפלימענט און דערביי ניט צו שטאמלען. אין דער דראמאטישער שולע לערענט מען אבער אוים ארויסצוזאגען אזעלכע בלאפס מיט אזוי פיעל ערענסט און מיט אזא ווארעמען טאן, דאס די פאציענטען גלויבען איהם אז ער מיינט יעדעס ווארט וואס ער רעדט.

אזוי ווי די מייסטע יונגע דאקטוירים זיינען נאך אונפערהייראט און זיי ווייסען ניט ווי זיך צו שפיעלען מיט א קינד, ווערען זיי אין דיעזע שולע געלערענט ווי צו ריידען צו א זויגלינג, ווי צו קיצלען דאס קינד אונטער די פאכוועס און די פיאטעס, ווי צו מאכען אלערליי אוואיעס, אום אויסצואווירקען, אז דאס קינד זאל צייגען דעם צינגעלע. א דאקטאר וואס ווייסט ווי צו שפיעלען זיך מיט קינדער איז זיכער מיט דעם גרעסטען ערפאלג. אלע מאמעס וועלען פאר איהם די כפרה ווערען און זיי וועלען פערשרייען די גאסען אז אזא גוטער דאקטאר, אזא דימענטענער מענש איז גאר זעלטען צו געפינען.

די דאקטוירים וואס בעזוכען דיעזע שולע דערצעהלען אז זייט זיי האבען זיך בעקאנט מיט דער דראמאטישער קונסט איז זייער פראקטיקע פיעל פערגרעסערט געווארען.

# פאַר אַ לאָיער דאַרף מען זיך היטען

א בעוואוסטער לאָיער (אַן אדוואָקאט), נאָך גאַר אַ יונגער מאַן, האָט אַ טבע אוועקצוגעהן נאָך סאפּער פון דער היים און זוכען אַביסעל צערשטרייאונג צווישען נאָך אַזעלכע יונגע לייט ווי ער, וואָס ליעבען אַן ענגען, רויכערדיגען קאפּע־הויז וואו מען קען שפּיעלען אַ קערטעל בעסער, אַלס זייער אייגענע געראַומע און לופטיגע היים, וואו זיי מוזען אמוזירען די מאַדאַם. אָבער דער לאָיער האָט געהאַט אַ ווייבעל, וואָס האָט ניט געוואָלט בלייבען אַליין, און אַזוי ווי קיין קינדער האָט זי ניט געהאַט איז איהר טאַקע געווען אומעדיג.

„אבער איך מוז דאָך געהען בעזאָרגען אַ וויכטיגע זאַך," האָט דער לאָיער איינמאָל גע׳טענה׳ט. „איך מוז זיך זעהען מיט אַ ריכטער. מאָרגען וועט פאַר איהם פּאָרקומען מיינער אַ פּראָצעס. איך מוז זיך מיט איהם זעהען און איהם געווינען אויף מיין זייט."

„טאָ נעהם מיך מיט," האָט די פרוי געזאָגט, „דו וועסט זיך אריינגעהען צום ריכטער אין הויז, און איך וועל שטעהן אין דרויסען און וואַרטען אויף דיר. נאָכדעם וועלען מיר געהן צוזאַמען אַהיים."

„ניין, דאָס איז קיין פּלאַן ניט," האָט דער מאַן געזאָגט, „דו מיינסט, אַז ווי מען קומט אַ ריכטער אַזוי גלייך נעהמט מען רעדען ביזנעס? עס פּאַסט ניט אַזוי צו טהון. פריהער זעצט מען זיך אַוועק שמועסען, מען רויכערט אוים אַ פּאָאַר סיגאַרען, אַמאָל שפּיעלט מען אַ פּינאָקל, און דאַן רעדט מען ביזנעס."

אַ מינוט איז דער לאָיער געווען שטיל, עפּעס געטראַכט, נאָכדעם האָט ער געזאָגט:

„ווייסטו וואָס, מיין טהייערע, עס קען דאָך זיין, אַז איך וועל ביים ריכטער דאַרפען אַבזיצען ביז עלף, טאָ אפשר וואָלט געווען אַ פּלאַן מיר זאָלען טעלעפאָנירען צו הענדעלמאַן ער זאָל קומען אַהער און מיט דיר דאָ זיצען?"

„ס׳אַ פּנים דאָס האָט!" האָט די יונגע מאַדאַם געזאָגט.

„איינצולאַדען אַ פרעמדען יונגען מאַן צו זיצען מיט מיר ביז עלף אוהר ביינאַכט. אפשר האָט ער גאָר אַ בעסערען פּלאַץ וואוהין צו געהן פערברענגען דעם אבענד?"

„הענדרעלמאַן איז ניט קיין פרעמדער," האָט דער לאָיער געזאָגט, „ער איז מיינער אַ גוטער פריינד, עס וועט איהם זעהר פרעהען דאָ צו פערברענגען דעם אבענד. דאַן וועל איך דאָס מאַכען אַז ער זאָל זיך ניט אָנשטויסען דאָס מיר האָבען איהם איינגעלאַדען אהער אום איך זאָל קענען אַוועקגעהן. הענדרעלמאַן וועט דיך אביסעל אַמוזירען. ער קען דערצעהלען אַ מעשה און זאָגען אַ וויטץ."

הענדרעלמאַן איז געווען אַן אַלטער בחור, וואָס פלעגט זיך „הענגען פאַר אַ קליידעל". ער האָט ניט בראַקירט צווישען מיידלעך און ווייבלעך, אבי זיי זאָלען זיין שעהן און האָבען גוטע ציין. „די שעהנסטע זאַך אין אַ פרוי," פלעגט ער זאָגען „איז ווען זי לאַכט און ציינט אַרויס צוויי גלייכע רייהען ציין; אמת'ע אָדער פאַלשע, עס מאַכט קיין אונטערשיעד, אבי די פאָרמע איז שעהן."

אַ האַלבע שטונדע נאָכדעם ווי הענדרעלמאַן איז געקומען, האָט זיך דער לאָיער אויפגעהויבען און געזאָגט:

„ענטשולדיג מיר, איך מוז אויף אַ ווײַלע אַוועקגעהן וועגען ביזנעס, און איך וואָלט דאָס דיר פעררעכענט פאַר אַ גרויסע טובה אויב דו וועסט דאָ ווענען פערבלייבען מיט מיין פרוי ביז איך וועל צוריקקומען, אום עס זאָל איהר ניט זיין אומעטיג."

„מיט דעם גרעסטען פערגניגען!!!" (די דריי אויסרופס־צייכענס זיינען אַ צייכען, אַז דער אַלטער בחור האָט דעם פאָרשלאַג אָנגענומען מיט דער גרעסטער שמחה.)

„און טאָמער וועל איך זיך פערשפּעטיגען," האָט דער לאָיער געזאָגט, „זאָלסטו אויף מיר קיין פאַראיבעל האָבען."

„אָה, עס מאַכט ניט! עס איז אָלל־ראַיט!" האָט הענדרעלמאַן געענטפערט.

אַז דער לאָיער איז צוריקגעקומען האַלב נאָך עלף, האָט הענ־דרעלמאַן געמיינט עס איז בלויז האַלב נאָך אכט. ער האָט ניט בעמערקט ווי די צייט איז אַוועק.

אין דריי טעג אַרום האָט דער לאָיער איהם ווידער איינגעלאַ־

דען צוליעב דעמזעלבען צוועק, כדי ער זאָל קענען אװעקגעהן און האָבען אויף װעמען איבערצולאָזען זיין װייב. ביי דער ענדע פון דער װאָך האָט ער איהם איינגעלאַדען א דריטען מאָל.

הענדעלמאַן האָט די איינלאַדונגען אָנגענומען יעדען מאָל מיט גרעסערער צופריעדענהייט. אבער ביי דעם אַכטען מאָל, האָט הענדעלמאַן אָבגערופען דעם לאָיער אָן א זייט און צו איהם אַזוי געזאָגט:

„הער צו, איך ווייס אז דו ביזט מיר א גוטער פריינד, און אז דו ביזט אימער געווען ערהליך מיט מיר. אָבער דו ביזט דאָך א לאָיער און מיט א לאָיער דאַרף מען זיך היטען. אָפּטמאָל שרעקט מיך א געדאַנק אז — אז — זאָל מיר ענטשולדיגען — איך שעהם זיך דאָס ארויסצורעדען. —

„רעד װערטער!" האָט דער לאָיער געזאָגט, „זיי מיט מיר אָפענהערציג."

„װעסט מיר ענטשולדיגען." האָט דער אַלטער בחור געזאָגט, „אָפּטמאָל דאַכט זיך מיר אז דו װילסט, פּשוט גערעדט, אָב'גנבֿ'ען דיין פרוי, און דו װילסט מיך ארויסשטעלען פאַר דעם שעיר המשתלח, פאַר דעם ליעבהאבער. זאָג איך דיר ערשטענס, אז איך בין א דזשענטלמאַן און איך האָב קיין מאָל איפלו א שלעכטע מחשבה געהאַט װעגען דיין פרוי. איך קום אריין בלויז אַלס פריינד. און צווייטענס זאָג איך דיר, אז אויב דו װילסט איך זאָל ווייטער קומען אהער און פערברענגען מיט דיין פרוי, אין דער צייט װאָס דו געהסט צו דיינע דזשאָדזשעס, זאָלסטו מיר אונטערשרייבען דיזען דאָקומענט."

„א דאָקומענט װעגען װאָס?" האָט דער לאָיער געפרעגט, נעהמענדיג פון דעם אַלטען בחור א געשריבענעם בויגען פּאַפּיער, און ער האָט גענומען לעזען פאָלגענדעס:

„איך, דער אונטערשריבענער, אַן איינװאוינער פון ניו יאָרק, גיב מיין פולע ערלויבניס צו מאַקס הענדעלמאַן, אויך אַן איינװאוינער פון דיזער שטאָדט, צו קומען צו מיר אין הויז װען איהם געפעלט, סאַי איך בין אין דער היים און סאַי איך בין ניט אין דער היים, און צו זיצען ביז װאַנען ער װיל

און צו פערברענגען מיט מיין פרוי, ביי מיר אין הויז, און זאָגאר מיט איהר אויסגעהן און אויספאָהרען וואו זיי געפעלט."

„און ווייטער פערפפלכיטע זיך איך, דער אונטערשריע־בענער, קיינמאָל זיך ניט אויסצודריקען מיט אַ וואָרט וואָס זאָל וואַרפען אירגענד וועלכען חשד אויף דעם אויבענדערמאָנ־טען מיסטער הענדעלמאַן, אָדער אויף מיין פרוי, אז זיי זיינען מיר ניט טריי, און אַלס צייכען פון פולען צוטרויען צו זייביידע און צו זייער עהרליכקייט, שרייב איך אונטער מיין נאָמען. .....................

דער לאַיער האָט דעם דאָקומענט גלייך אונטערשריעבען.

# דער צער פון עלטערען

שבת פארנאכט.

דער טאָג איז א זומערדיגער, א הייסער. דאָך האָט די היטץ ניט געקענט אָבהאַלטען די פרומע מעמבערס פון דער קאָנגרעגיישאָן „תפארת יהודה" צו קומען אין זייער מנין, אויף א צווייטען שטאָק פון אַן עסעקס סטריט טענעמענט־הויז, צו דאַוונען מנחה.

שטיל און רוהיג האָבען זיי אָבגעדאַוועןט די שבת'דיגע מנחה, מעלאַנכאָליש־זיס האָט געקלונגען דעם חזן'ס סקארבאָווער ניגון ביי „ומי כעמך ישראל גוי אחד בארץ", און די אונטערגעהענדע זון האָט אריינגעשיקט איהרע לעצטע שטראַהלען צו זעגנען זיך מיט דער נשמה יתרה.

נאָך דעם ווי די תפלת־מנחה האָט זיך געענדיגט, האָבען די פרומע מעמבערס פון דער קאָנגרעגיישאָן זיך צוזעצט אין א גרופּע און גערעדט וועגען די נייעס פון דעם טאָג און וועגען פערשיעדענע זאַכען.

„אַמאָל, געדענק איך", האָט געזאָגט איינער אַן עלטערער מענש, „האָט מען אין דעם גאַנצען געגענד ארום ניט געזעהן א אידישע ביזנעס אָפען. מיט 20 יאָהר צוריק פלעגען אפילו סאָדע וואסער סטענדס זיין געשלאָסען אום שבת. היינט איז געוואָרען א רעגעלער סדום! וואו שבת, ווען שבת?"

„דאָס זיינען אַלץ שולדיג די סאָציאַליסטען, ציוניסטען, אפּיקורסטען, הפקריסטען", האָט זיך אָבגערופען דער שמש, א קורצער אידעל מיט א שפּיציגע, שווארצע בערדעל.

„איהר האָט צוזאַמענגעמישט קאַשע מיט באָטשווינע, ר' שואל", האָט איהם פירגעהאַלטען דער גבאי, א בייכיגער, בכבוד'ער מענש, מיט א לאַנגע רויטע באָרד.

„ווי די מעשה איז", האָט דער עלטערער מענש געזאָגט, איז דאָס זעהר טרויעריג. עס איז אומזיסט אונזער ארבייט, אומזיסט אונזערע ישיבות, אונזערע תלמוד תורות, אונזערע גרויסע שוהלען,

רבנים, מגידים און מטיפים — די קינדער וואָס ווערען געבוירען אין אַמעריקא וועלען שוין קיין אידען ניט זיין. דער שבת ווערט פערגעסען, תפלין לייגט מען ניט, אַלע מצוות ווערען פערגעסען. אויס אידען אין אַמעריקא! עס וועלען נור בלייבען סאָציאַליסטען און אַנאַרכיסטען".

„אוי, דער נייער דור!" האָט דער שמש אויסגערופען.

---

צו דער זעלבער צייט וואָס די פרומע מעמבערס פון דער קאָנגרעגיישאָן „תפארת יהודה" האָבען צווישען זיך געשמועסט אין זייער מנין, זיינען זיך צוזאַמענגעקומען אין אַ קאַפע־הויז אויף דיוויזשען סטריט איינינע פאָרשטעהער פון דעם ראַדיקאַלען עלעמענט פון דער נויאָרקער אידישער בעפעלקערונג און האָבען אויך געשמועסט.

ניט די היץ פון גאַס און ניט די שטיקענדע לופט פון אינווענינ האָט זיי געקענט אָבהאַלטען פון מאַכען זייער טעגליכען בעזוך צו דיעזער קאַפע־הויז, וועלכע איז בעוואוסט אַלס דער צענטער פון אַלע „איסטען", פאָעטען, ליטעראַטען, קריטיקער, דראַמאַטורגען, מאַשין און אינשורענס אַגענטען.

„עס איז שרעקליך צו בעטראַכטען ווי דער פינסטערטהום שטייגט", האָט בעמערקט אַ רעדאַקטאָר פון אַ ראַדיקאַלע צייטונג, אַ מענש מיט לאַנגע ברעמען אויגען און אַ שוואַרצער בערדעל. „איבעראַל, אויף אַלע סטענדס, זעהט מען דעם שבת־זשורנאַל. ער ליעגט גלייך צוזאַמען מיט די ראַדיקאַלע צייטונגען. איך בין אַריין דיעזע וואָך אין אַ ביכער־געשעפט אויף גרענד סטריט, וואָס דאָרט ווערען פערקויפט אַלע ראַדיקאַלע ביכער און זשורנאַלען, זעה איך ווי מען קויפט דאָרט יאַרמולקעס מיט טליתים".

„איהר האָט גאָר קיין בעגריף ניט וואָס עס טהוט זיך יעצט אָב אין אַמעריקא", האָט זיך אָבגערופען אַ מיטעל־יעהריגער אידעל מיט גרויסע בלאָנדע וואָנצעס. „איהר האָט גאָר קיין בעגריף ניט וועגען דעם רעגרעס וואָס איז פאָרגעקומען צווישען אידען. אידישע יונגע לייט וועלכע זיינען שוין געווען מיט אונז האָבען פון דער העלער הויט אָנגעהויבען צו לערנען העברעאיש, אידישע היסטאָריע, זיינען געוואָרען נאַציאָנאַליסטען, ציוניסטען, טעריטאָריאַליסטען,

אידישע פאטריאָטען. די מיידלעך טאנצען זיי נאָך. טויזענדער פאלען אָב פון אונזערע רייהען און געהען איבער צו די כל־ישראל־ניקעס, צו די שאָוויניסטען".

„שרעקליך! שרעקליך!" האָט אויסגערופען א דריטער, וועלכער איז א דאָקטאָר. „פינף און צוואנציג יאָהר האָבען מיר גע־ארבייט אריינצוברייננגען ליכט, עפענען די מחות פון די פינסטער־לינגע, און יעצט מוזען מיר צוזעהן ווי אונזער מיה געהט פער־לאָרען. אומזאָנסט אונזער ראדיקאלע פרעסע, אומזאָנסט אונזער אגיטאציע, אונזערע לעקטשורס, אונזערע פלוג־שריפטען! די פינ־סטערלינגע האָבען די אויבערמאכט. אונזערע אייגענע קינדער געהען אוועק פון אונז!"

„טרויעריג! טרויעריג!" האָט בעמערקט דער רעדאקטאָר.

---

די קיהלע לופט פון דעם אבענד האָט ווי מיט א כשוף ארויס־גערופען די מענשען־קינדער צו קומען און זיך צו ערהאָלען אין דער פרייער גאס. שטראָמען מענשען האָבען זיך געצויגען פון אלע זייטען און זיך געקוויקט מיט דער ערפרישענדער אבענד־לופט.

צווישען דיעזע שטראָמען מענשען־קינדער זיינען אויך גע־גאנגען די פרומע מעמבערס פון דער קאָנגרעגיישאָן „תפארת יהודה", אין זייערע שבת'דיגע קליידער און צילינדערס. גראדע האָט עס געדארפט פאסירען אז זיי זאָלען זיך בעגעגענען מיט די פאָרשטעהער פון דעם ראדיקאלען עלעמענט, וועלכע האָבען פער־לאָזען די קאפע־הויז אום אויך צו כאפען א ביסעל פרישע לופט. און ווען די צוויי עקסטרעמען האָבען זיך בעגעגענט, האָט מען גע־קענט הערען דיעזע בעמערקונגען:

„אָט געהען זיי, די פינסטערלינגע!"

„דאָס זיינען זיי, די אפיקורסים ימח שמם!"

# ווען אַ אינגעל וואַקסט קיין-עין-הרע

סעמקע איז פינף יאָהר אַלט. ער איז אַריינגעקומען אין דעם עלטער ווען אַ אידיש קינד איז ניט מעהר אַ בייבי און איז נאָך ניט אַ אינגעל; ווען ער איז ניט מעהר אַ קליין קינד, וועמען אַלעס איז פערצייהליך און וועמען מען מוז אַלעס נאָכגעבען, אָבער נאָך אויך ניט אַ אינגעל וואָס האָט שוין געוויסע רעכטע און פריווילע־גיעס. ער איז געווען ניט אַהין און ניט אַהער, ניט פיש און ניט פלייש. אַז ער איז געבאָרען געוואָרען האָט מען איהם אַ נאָמען געגעבען שמעון, נאָך אַ זיידען, און באַלד האָט מען זיין נאָמען איבערגעמאַכט אויף סעם. זאָלאַנג ער איז נאָך געווען אַ קליין קינד, אַ בייבי, האָט מען איהם גערופען סעמעלע און אַ מאָל אויך סעמעטשקע. אין יענע יאָהרען איז ער געווען אמת גליקליך און פריי. סעמעלע און סעמעטשקע זיינען געווען אַזעלכע פּאַטענטען וואָס האָבען איהם געגעבען די פרייהייט צו שטיפען, צו שפּרינגען, צו פערלאַנגען וואָס ער וויל, און צו רעדען וואָס ער וויל. יעדע נאַריש־קייט וואָס ער האָט אַרויסגערעדט איז געווען אַ חכמה. נור יעצט האָט זיך דאָס אַלעס אומגעביטען. ער הייסט יעצט „סעמקע“, אַמאָל הערט ער דאָס איז אַ גאַנץ גלייכגילטיגען טאָן, אַמאָל פיהלט ער אין דעם אַ שטעכעדיגען שפּאָט, און אַ מאָל הערט ער גאַנץ דייטליך די ווערטער: סעמקע—קלאָג, סעמקע—פּרעסער, סעמקע—פּלוט, סעמקע—גולם, און דאָס גלייכען.

ווי אַזוי איז דיעזע ענדערונג געקומען? ער הויבט אָן צו טראַכטען, אָבער ער קען ניט געדענקען גענוי ווי אַזוי דאָס איז געקומען. פערשיעדענע פּאַסירונגען פון דער ניט לאַנגער פערגאַנ־גענהייט קומען פאָר אין זיין זכרון מיט דער קלאָרקייט און דעם לעבענס־קאָליר פון קינדערשע איינדריקע. ער געדענקט איין טאָג ווי זיין מאַמע איז געפאָהרען אַפּטאַון. ער האָט זיך געבעטען זי זאָל איהם אויך נעהמען. זי האָט דאָס אָנפאַנגס ניט געוואָלט, ווייל זי האָט געדאַרפט מיטנעהמען דזשייקעלען, וועלכער איז מיט צוויי

יאָהר אינגער פון איהם, אָבער סעמקע האָט זיך איינגעבעטען. דאַן, געדענקט ער, זיינען זיי געפאָהרען אויפ'ן קאַר, און דער קאָנדוקטאָר האָט געפאָדערט פאַר איהם פינף סענט. די מאַמע האָט גע'טענה'ט אַז ער איז נאָך קיין פיער יאָהר ניט אַלט, אָבער דער קאָנדוקטאָר האָט איהר ניט געוואָלט גלויבען און זי האָט געמוזט בעצאָהלען. די מאַמע איז געווען בייז, געדענקט ער, דען דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל וואָס זי האָט פאַר איהם געצאָהלט. אָבער ער, ביי זיך אין האַרצען, האָט געפיהלט אַ מין שטאָלץ, אַ קינדערשע גאוה, ווען ער האָט געהערט דעם קאָנדוקטאָר זאָגען אויף איהם, אַז ער איז שוין אַ „גרויסער אינגעל".

ער האָט געהערט ווי זיין מוטער האָט פון דיעזער פּאַסירונג אין אבענד דערצעהלט צו זיין פאָטער, און זי האָט דערביי געזאָגט: „אַ קינד, ער וואַקסט קיין עין הרע". סעמקע האָט דאַן זיך אַ שטעל געטהאָן ווי אַ סאָלדאַט, אַראָבגעשיקט זיינע בליקען צו דעם פוסבאָדען, אַ מאָס געטהאָן מיט'ן אויג די ווייטקייט פון זיין קאָפּ ביז'ן פוסבאָדען, און זיך דאַן געפיהלט זעהר גרויס.

„אַ קינד — ער וואַקסט קיין עין הרע!" אָט דיעזע ווערטער פלעגען אָפּט קלינגען אין זיינע אויערען. ער פלעגט זיך אַ פּרעהען ביי דעם, אַ פיהלען אַ ביסעל שווערליך אויפ'ן געמיטה. אַז ער איז געווען סעמעלע אָדער סעמעטשקע פלעגט ער קריגען אַלע גוטע זאַכען, שפּיעלכעלך, צאַצקעס. יעצט זאָגט מען איהם, אַז ער איז מעהר קיין בייבי. זיין עלטערער ברודער'ל מאַקס, וועלכער איז שוין באַלד זיעבען יאָהר קריגט יעדען טאָג אַ סענט צום ספּענדען, אָבער ווען ער, סעמקע, בעט ביי דער מאַמען אַ סענט, זאָגט זי איהם: „אַזאַ קליינער אינגעלע ווי דו דאַרף קיין סענטען ניט".

סעמקע פיהלט מיט זיין קינדערשען שכל, אַז עס פעהלט איהם אַ ריכטיגער מעמד אין לעבען, אַ ריכטיגע בעשטימונג פון דעם וואָס פאַר אַ ראָלע ער שפּיעלט אַלס מיטגליעד פון דער מענשליכער ראַסע. ער טאָר ניט שפּרינגען, טאַנצען, קריכען אונטער'ן בעט און רייסען די קאַץ פאַר'ן עק אַזוי ווי דזשייקעלע, און ער טאָר ניט בעטען אַ סענט און טאָר אַליין ניט נעהמען ברויט מיט פּוטער אַזוי ווי מאַקסי, זיין עלטערער ברודער. דזשייקעלען קויפט מען שיכע־לעך זעקעלעך און צאַצקעס; מאַקסי'ן האָט מען געקויפט אַ נייעם

אַנצוג און אויף איהם האָט מען איבערגעמאַכט מאַקסי'ס אַלטען אַנצוג, און ער, סעמקע, קוקט אין דעם אוים עפּעס מאָדנע און פיהלט זיך זעהר אונבעקוועם. עס דאַכט זיך איהם, אַז אַלע אין גאַס קוקען אויף איהם און לאַכען.

סעמקען קויפט מען ניט קיין נייע קליידער. א קינד — ער וואַקסט קיין עין הרע. נעהט איהם היינט עפּעס אויף און אין א האַלב יאָהר אַרום דאַרף מען עס אַרויסוואַרפען. אָהן עין הרע ער וואַקסט. אָט אַזעלכע אויסריידען הערט ער פון זיין מוטער.

מיט דער צייט זעהט זיך סעמקע אַרום, אַז ער איז פערוואַנדעלט געוואָרען אין א הויז־שקלאַף. מען הייסט איהם אַכטונג געבען אויף דאָס אינגסטע קינד, מען שיקט איהם אין גראָסערי סטאָר, פיער טרעפּ אַרונטער און פיער טרעפּ אַרויף, און עס איז אַזוי שווער צו קריכען אין מאַקסי'ס הויזקעס, וועלכע פּאַסען איהם ניט! א בריעף אַריינצואוואַרפען אין בריעפקאַסטען שיקט מען איהם, נאָך א פּעקעל סיגאַרעטס שיקט איהם דער טאַטע, נאָך א צייטונג אויך, און נאָך וואָס ניט?

ווער דען זאָל געהן? די מאַמע איז ענטוועדער פערנומען, אָדער זי איז מיעד. דער טאַטע איז דאָך געוויס מיעד פון דער אַרבייט און מאַקסי מאַכט זיינע לעסאָנס. סעמקע געהט אויף שליחות, שלעפּט אָפט גאַנץ גרויסע פּעקלעך. איינמאָל געהט ער און טראָגט א קריגעל מילך אין איין האַנד, א הערינג אין דער אַנדער האַנד, א לעבעל ברויט אונטער'ן אָרים, די הענדטלעך פריהרען, דער נעזעל רינט, און דאָ קומט אָן דעם קצב'ס אינגעל, א גרויסער אָבגעפרעסענער בער און רוקט סעמקע'ן אַראָב די היטעלע איבער די אויגען, און רייסט איהם נאָך אָן אַן אויער, און שפּילעט איהם אָב זיינע הויזקעס. סעמקע וויינט ניט, סעמקע שרייט ניט, נור ער פערררייסט דעם קאָפּ גאַנץ הויך, ווייל די אַראָבגערוקטע היטעל פערשטעלט איהם א ביסעל די אויגען, און ער קומט אַרויף בשלום אויפ'ן אויבערשטען שטאָק.

„זעה, זעה, דזשאָ, אויף דיין סעמקען", הערט ער די מאַמע זאָגען צום פּאַפּאַ. „אַי איז דאָס א שלים־מזל א קינד. גיב א קוק אויף איהם. זעה וואָס פאַר א גאַנג דאָס איז פון א באָי! די היטעל אַרונטערגערוקט איבער די אויגען, די הויזען־קנעפּלעך האַל־

טען זיך ביי איהם ניט. און זיין נעזעל — האַק איהם אָב דעם נעזעל! ביזט דאָך אַ טאַטע!"

„דעם בוטשער'ס זוהן — — — מיך געשלאָגען — — — — מיר אראָבגערוקט די קעפּקע — — מיר" — סעמקע קען מעהר ניט ריידען און צוכליפּעט זיך.

„רק דעם בוטשער'ס זוהן! אימער דעם בוטשער'ס זוהן!" רופט אוים די מוטער. „דיך טשעפּעט ער אימער. ווארום טשע־פּעט ער ניט מאַקסי'ן?"

„ווארום טשעפּעט ער ניט מיך?" חכמה'ט זיך דער טאַטע. „מסתמא טשעפּעסט דו זיך מיט איהם".

סעמקע פיהלט, אַז מען טהוט איהם אַן אונרעכט. אַ פרעמדער אינגעל האָט איהם וועה געטהאָן, האָט פערלעצט זיינע קינדערשע געפיהלען און ער קען קיין גערעכטיגקייט ניט געפינען אַפילו ביי זיינע עלטערען. אַלע האָבען איהם פיינד, די גאַנצע וועלט האָט איהם פיינד, ווייל ער איז ניט מעהר אַ קינד ווי דזשייקעלע און נאָך ניט אַזאַ גרויסער אינגעל ווי מאַקסי. זיינע איינציגע פריינדע זיינען די קאָנדוקטאָרען וואָס זאָגען אַז ער איז אַ גרויסער אינגעל, און ער קען שוין מעהר ניט פאָהרען פריי, ער מוז צאָהלען. ביי דעם געדאַנק האָט ער זיך צואוויינט. אַ געפיהל פון רחמנות אויף זיך אַליין האָט איהם איבערגענומען, און ער האָט זיך ניט געקענט בעהערשען, טראָץ דעם וואָס זיין מוטער און אויך זיין פאָטער האָבען איהם אָנגעהויבען איינצובעטען מיט גוטען אַז ער זאָל אויפהערען צו וויינען.

אַז זייער בעטען האָט ניט געהאָלפען, האָט די מאַמע געזאָגט צו דזשייקעלען: „זעה, דזשייקעלע, סעמקע וויינט. זאָגט צו איהם: „שיים סעמקע, שיים! בע־בע, סעמקע, מיאום סעמקע! סעמקע בעד באָי!"

דזשייקעלע ארבייט מיט צוויי פינגער פון ביידע הענד אזוי ווי מיט אַ זיעג געגען סעמקען, און שרייט דערביי:

„בעע, שיים, שיים, סעמקע בעד באָי! סעמקע נאָ גוד!"

און מאַקסי העלפט צו, ניט געבעטענערהייד: „סעמקע נאַר! סעמקע גולם!"

„שטיל!" גיט אַ געשריי דער פאָטער אויף מאַקסי'ן.

און די מאַמע גיסט אָן סעמקען אַ טאַסע קאַפע און דערלאַנגט עס איהם מיט אַ גרויסען שטיק פוטער־ברויט.

דאַן הערט ער די מאַמע זאָגען, אַז מאָרגען וועט זי אַריבער־געהן צום קצב און איהם פרעגען וואָס איז דער מעהר מיט זיין יונג, און אויב דער קצב וועט איהם ניט מאַכען שטילער, וועט זי זיך אַליין אָברעכענען מיט איהם.

זעלטען ווען אַז סעמקע בעקומט אַזוי פיעל סימפּאַטהיע, און ער פיהלט זעהר גליקליך, און שפּיעלט זיך מיט דזשייקעלען, און קוקט מיט נקמה־בליקען אויף מאַקסי׳ן. אָבער שפּעטער, ווען די פאַמיליע איז געגאַנגען שלאָפען, האָט ער געהערט די מאַמע זאָגען צום פּאַפּאַ:

„סעמקע האָט שוין באַלד קיין שיך ניט. זיי זיינען שוין אין גאַנצען צוריסען. איך וועל קויפען מאַקסי׳ן אַ נייע פּאָאַר שיך, און די אַלטע זיינע וועט קענען טראָגען סעמקע. אַ ביסעל צו גרויס, אָבער עס מאַכט ניט, אַ קינד, ער וואַקסט — קיין עין הרע".

# איבער גוואלד ווערסטו אַלט

צו פינף און פערציג יאָהר איז גרונם שווארץ געוואָרען אַן אלמן, און אזוי ווי ער איז געווען אַ גוטער פערדינער, אַ צושניידער אין אַ גרויסען קליידער־געשעפט, האָבען זיך באַלד נאָך שבעה גע־לאָזט מעלדען שדכנים, און זיי האָבען איהם פּאָרגעשלאָגען פער־שיעדענע שדוכים: אלמנות מיט געלד און קינדער, אלמנות אָהן געלד און אָהן קינדער, אַלטע מוידען אָהן געלד נור מיט יחוס, יונגע מוידען אָהן געלד און אָהן יחוס, רבי׳צינס, געשעפטס־פרויען און פאבריק־מיידלעך. בקיצור, די שדכנים האָבען איהם געגעבען אַ סך פון וואָס צו קלייבען, אָבער גרונם שווארץ׳ס קינדער האָבען געזאָגט: „ניין! דער טאַטע איז שוין אַלט. אַ מאַן פון פופציג יאָהר דאַרף ניט חתונה האָבען.“

אין הארצען האָט עס איהם אפילו פערדראָסען וואָס די קינדער לייגען צו גאַנצע פינף יאָהר צו זיין עלטער, אָבער ער האָט געשוויגען.

די שדכנים האָבען איהם אַ ווייַלע אָבגעלאָזען. אונגעפעהר אַ יאָהר שפּעטער האָבען זיי ווידער פערשפּרייט אויף איהם פער־שפּרייט אַ נעץ. איינעם פון די שדכנים איז געלונגען אזוי ווייט צו ווירקען אויף שווארץ׳ען, דאָס ער האָט ביי איהם פּועל געווען ער זאָל זיך זעהן מיט דער כלה.

„וואָס ווערט איהר צולעגען?“ האָט גע׳טענה׳ט דער שדכן. „אַ קוק טהאָן הייסט דאָך ניט שוין חתונה האָבען. איהר ווערט אריינ־קומען, אַ ביסעל זיצען און אוועקגעהן. די פרוי קען אייך. זי זאָגט אז איהר זייט אמאָל געווען איהרער אַ שכן.“

שווארץ האָט זיך מיט דער „פּאַרטי“ געזעהן. דאָס איז געווען אַן אלמנה פון זיין עלטער. זי האָט געהאַלטען אַ קליינע קאָנדיטעריי. דריי קינדער האָט זי אויסגעגעבען און איז פערבליבען מיט אַן איינ־געל פון אַ יאָהר זעכצעהן, וועלכער פלעגט איהר העלפען אין געשעפט.

די פרוי האָט אויף איהם געמאַכט זעהר אַ גוטען איינדרוק. יאַ, זיי זיינען אַמאָל געווען שכנים, נאָך גרינערהייד, נור דאַן האָט ער גאָר ניט בעמערקט וואָס פאַר אַ קלוגע, פּראַקטישע פרוי דאָס איז, וואָס פאַר אַ פעהיגע ווירטהין. די צוויי קליינע וואָהן־צימערען הינטער דער קרעמעל האָבען ביי איהם אויסגעזעהן ווי אַ פּאַלאַסט. אַלעס האָט געגלענצט און געשפּיגעלט. יעדע זאַך איז געווען אויף אַן אָרט, און עס האָט זיך געדאַכט אַז ער וואָלט דאָ געווען אויפ'ן ריכטיגען אָרט. ער האָט גאָר ניט געפיהלט ווי די צייט איז אַוועק. ער האָט גאָר ניט געזעהן אַז די קרעמעל איז שוין געשלאָסען געוואָרען, און אַז דער שכן איז אַוועק אַהיים.

עלף אוהר איז ער אַוועק אַ[illegible]ים און [illegible]ך געזעגענט מיט מיסעס העלערמאַן (אַזוי האָט זי געהייסען) ווי מיט אַן אַלטער בעקאַנטער.

„איך האָף איהר וועט מיר ערלויבען אַריינצוקומען נאָך אַ מאָל".

„מיט'ן גרעסטען פערגעניגען", האָט זי געזאָגט מיט דעם פרייעם טאָן פון אַ געשעפטס־פרוי.

שוואַרץ האָט געהאַט פיער קינדער, אַלע אויסגעגעבענע. געוואוינט האָט ער ביי אַ טאָכטער וועמעס מאַן איז געווען אַ זייגער־מאַכער און געהאַט אַ קליינעם געשעפט פון יוועליר אַרבייט. שוואַרץ פלעגט זעלטען אַרויסגעהן אין אָבענד, און אַז ער פלעגט שוין יאַ אַרויסגעהן, פלעגט ער קיינמאָל ניט זיין שפּעטער ווי צעהן. דאַרום, אַז ער איז איין אָבענד געקומען אַהיים אַרום האַלב נאָך עלף, האָט איהם זיין טאָכטער, וועלכע איז אַרויס איהם עפענען די טהיר, איהם געפרעגט:

„וואָס איז געשעהן, טאַטע, וואו ביזטו געווען?"

„ביי אַ — ליידי, אַ — געוועזענע שכנה אונזערע — געדענקסטו מיסעס — העלערמאַן?"

ער האָט געשמאַכמעלט ביי יעדעס וואָרט. און ער האָט געפיהלט אַז זיין טאָכטער נעהמט איהם דורך מיט איהרע בליקען.

זי האָט אָבער גאָר ניט געזאָגט, און ער איז אַריין אין פראָנט־צימער, וואו ער פלעגט שלאָפען אויף דער סאָפע, מיט אַ לייכטערען געמיטה. זיין טאָכטער וועט גאָרניט וויסען און ער וועט אַהין מעהר ניט געהן. אַזוי מאַכט ער ביי זיך אָב.

ער האָט געהאַט אַ רוהיגען, געשמאַקען שלאָף. אום זעקס אוהר האָט ער זיך אויפגעכאַפּט, לויט אַן אַלטער געוואָהנהייט, אָבער ער האָט נאָך געפיהלט שלעפעריג.

מאַכענדיג אַן אָנשטרענגונג האָט ער זיך אויפגעהויבען און זיך שנעל אָנגעטהאָן.

„טאַטע, דו שלאָפסט נאָך?" האָט זיך געהערט אַ שטימע הינטער דעם פאָרהאַנג וואָס האָט אָבגעטהיילט דעם פראָנט־צימער פון עס־צימער.

„ניין, מיין טאָכטער, איך בין שוין אויפגעשטאַנען און אָנ־געטהאָן".

„הער, טאַטע", האָט די טאָכטער געזאָגט אַריינקומענדיג. „זאָלסט זיך ניט לאָזען פערדרעהען דעם קאָפּ פון דעם שדכן. דו דאַרפסט ניט פערגעסען, טאַטע, אַז דו ביזט שוין אַן אַלטער איד. וואָס דאַרפסטו חתונה האָבען? וואָס פעהלט דיר דאָ? האָסט אַ שעהנעם צימער, דעם שעהנסטען אין הויז, און האָסט דיין עסען צו דער צייט און האָסט קיין קאָפּ־דרעהענעס. לאָז זיך ניט פער־דרעהען דעם קאָפּ. וועסט אָנמאַכען לייטישע געלעכטער. צו דער עלטער גאָר חתונה האָבען! פּאַפּאַ, דו דאַרפסט ניט פערגעסען, אַז דו ביזט שוין באַלד זעכציג יאָהר".

„יאַ, באַלד", האָט ער געענטפערט. „אין אַ יאָהר דרייצעהן־פערצעהן אַרום".

„וואָס רעדסטו, פּאַפּאַ? דער שדכן האָט דיר אַזוי פערדרעהט דעם קאָפּ, אַז דו האָסט דיינע יאָהרען פערגעסען. זאָל נור דער שדכן זיך צייגען פאַר מיינע אויגען, וועל איך איהם זיין באָרד אויסרייסען".

„וואָס ווילסטו? איך האָב דאָך ניט חתונה. איך בין אַריין זי זעהן — אַ געוועזענע שכנה — און מעהר גאָר איך ניט אַהין. יעצט ביזטו צופריעדען?"

די טאָכטער האָט גאָר ניט געענטפערט. אָבער יענעם אָבענד איז אין הויז געווען אַ יאַריד. עס זיינען זיך צוזאַמענגעקומען שוואַרץ'ס דריי זיהן, אַלע פערהייראַטע און האָבען מיט איהם גע־טענה'ט און אַריינגע'טענה'ט ביז דער פאָטער האָט זיי אויף זיין עהרען־וואָרט פערשפּראָכען אַז ער וועט ניט חתונה האָבען.

וואָס טהוען ניט עלטערען צוליעב קינדער?

און זייט יענעם אבענד פלעגט די טאָכטער ניט אויפהערען צו דערמאָהנען איהר פאָטער וועגען זיין עלטער. זי האָט געוואָלט אז ער זאָל טאקע פיהלען אלט. ביי יעדער געלעגענהייט פלעגט זי איהם דערמאָהנען אז ער געהט שוין צו זעכציג און אז ער ווערט וואָס א טאָג עלטער. ניט אוים שלעכטקייט האָט זי דאָס געטהאָן, נור אום איהם צו בעוואָרענען, אז ער זאָל זיך ניט לאָזען פערדרעהען דעם קאָפּ מיט א חתונה און מיט א ווייב.

אזעלכע רייד וועלכע ער האָט געהערט יעדען טאָג, האָבען ניט פערפעהלט זייער ווירקונג. גרונם שווארץ האָט אָנגעהויבען צו פיהלען אז ער ווערט טאקע עלטער פון טאָג צו טאָג. עס איז געקומען אזוי וויים, דאָס אין דעם סטאָר וואו ער האָט געארביים האָט מען אָנגעהויבען צו מאכען בעמערקונגען, אז ער איז שוין ניט דער זעלבער ארבייטער ווי געוועזן, און אז זיינע הענד ארבייטען ניט מעהר אזוי ווי פריהער.

---

עס איז אָנגעקומען דער זומער מיט די הייסע צייט. זיין טאָכטער איז אָבגעפאָהרען אויף אייניגע וואָכען נאָך דער קאָנטרי און גרונם שווארץ האָט זיך דערוויי̇ל איבערגעפּעקעלט אין דער הויז פון זיין עלטסטען זוהן, וועלכער האָט געהאלטען א שפּייז-קרעמעל.

דאָרט האָט מען איהם אויפגענומען אלס גאסט און מען האָט איהם אויך אָבגעגעבען די סאָפע אין פראָנט-צימער.

דער זוהן איז צו איהם געוועזן גוט, די שנור אויך זעהר פריינד-ליך, אָבער מעהר ליעבשאפט ווי אלע האָט צו איהם ארויסגעוויזען דזשייקעלע, זיין אייניקעל.

דזשייקעלע איז געוועזן צווישען זיבען און אכט יאָהר און א גרויסער שטיפער. אָבער זיינע עלטערען האָבען איהם געהאלטען שטרענג און אז ער האָט געוואָלט שטיפען האָט ער געמוזט אוועק-געהן וויים. דער טאטע מיט די מאמע'ן האָבען געוואָלט אויף איהם אָנוואָרפען אַן עלטער מיט גוואלד. ער האָט זיך נאָך גע-וואָלט שפּיעלען ווי א קינד און זיי האָבען פון איהם געפאָדערט „סטאטעטשנעקייט" ווי פון א גרויסען. א אינגעל אין דיעזען

צושטאַנד איז זעהר שטאַרק ברוגז אויף דער וועלט. דארום, אז ער געפינט איינעם וואָס האָט מיט איהם סימפּאַטיע ווערט דער אינגעלע צו איהם צוגעבונדען מיט'ן גאַנצען לעבען.

גרונם שוואַרץ האָט שטאַרק סימפּאַטיזירט מיט זיין אייניקעל, און ער האָט זיך פּיעלע מאָל פאַר איהם אָנגענומען ווען די עלטערען האָבען איהם געוואָלט בעשטראָפען פאַר עפּעס א שטיפעריי.

„וואָס ווילט איהר?" פלעגט ער טענה'ן צו זיין זוהן און זיין שנור. „דזשייקעלע איז נאָך גאָר א קינד".

„א קינד איז ער!" פלעגט אויסרופען די מאַמע. „א שעהנער קינד! ביי לייטען אַזא קינד איז שוין א גאַנצער מענש".

„ביזט נאָך א קליינינקער, א פּיטשינקער, א קאַראַפּוזיקעל", האָט גרונם שוואַרץ געזאָגט, קיצלענדיג זיין אייניקעל אונטער די פּאַכוועס.

„זיידע! — האָט דזשייקעלע געזאָגט — אז איך פאָהר מיט דער מאַמע'ן אין קאַר, זאָגט זי דעם קאָנדוקטאָר אז איך בין נאָך גאָר א קינד, און אין דערהיים זאָגט זי אימער אז איך בין שוין א גרויסער אינגעל. זאָג, זיידע, פאַרוואָס?"

גרונם שוואַרץ האָט גענומען זיין אייניקעל'ס קעפּעלע צו זיך אין שויס און געזאָגט:

„מיר האָבען ביידע איין מזל: מיר זיינען ביידע פּריהצייטיג פערעלטערט געוואָרען. אָט דאָס איז דעם מענשען'ס לעבען: בעל כרחך אתה חי, איבער־גוואַלד לעבסטו און איבער־גוואַלד ווערסטו אַלט!"

# ווער האט גערויכערט?

אַז די אַלטע מיסעס עדעלמאַן האט איינמאָל שבת נאָכמיטאָג געעפּענט די טיהר פון באַדע־צימער, האָט זי דערשפּירט אַ רויך פון טאַבאַק.

„אימיצער האָט דאָ גערויכערט! שבת! רבונו של עולם!“ האָט זי אויסגערופען פערברעכענדיג די הענד.

ווער האָט דאָס געקענט טהאָן? האָט זי זיך געטראַכט. איהר עלטסטער זוהן מייקעל איז שוין זייט צוויי שטונדען פון הויז אוועק. און אפילו אַז ער וואָלט דאָ געווען איז זי אויך זיכער אַז ער וואָלט ניט גערויכערט. אפשר רויכערט ער וואו־ניט־וואו, אָבער אין הויז, איז זי זיכער, וועט ער אַזאַ זאַך ניט טהאָן. ער וועט דער מאַמען מיט'ן טאַטען קיין הארצוועהטאָג ניט אָנטהאָן.

זאָל דאָס זיין סֶעמי, אָדער באַרני, אָדער דזשייק? נו, ד שייק געוויס ניט. ער איז דאָך בסך הכל צעהן יאָהר אַלט — וואו קומט ער צו רויכערען אפילו אין מיטען דער וואָך? באַרני האָט זי צו־פיעל ליעב און ער האָט גאָר ניט אין זיך דעם כאַראַקטער פון אַ אינגעל וואָס זאָל זיך דערוועגען צו טהאָן אַזאַ זאַך אין דער היים. מוז דאָס טאַקע זיין סעמי. דער סעמי פערגעסט זיך אַמאָל לייגען תפילין, אָדער בענשען נאָכ'ן עסען.

איהר הארץ האָט אין איהר אָנגעהויבען צו קאָכען אויף דעם חלול שבת. אַזוי פיעל מיה זיך געגעבען צו ערציהען איהרע קינ־דער אין אידישקייט, דעם לעבען האָט זי פאַר זיי אַוועקגעלייגט אַז זיי זאָלען זיין גוט און פרום. און דאָ, אין איהר אייגענע הויז, איז בעגאַנגען געוואָרען איינע פון די ערגסטע פערברעכענס געגען דער הייליגקייט פון שבת — סקילה קומט דאָך פאַר דעם!

זי האָט אריינגערופען סעמי'ן און איהם געשטעלט די פראַגע גאַנץ אָפען, אויב ער האָט עס גערויכערט אין באַדע־צימער. סעמי איז געווען אַ בחור'ל פון אַ יאָהר 16 אָדער 17.

„מאַמוניע“, האָט ער געזאָגט, „איך קען דיר שווערען אַז איך

האָב קיינמאָל אין מיין קאָפּ אפילו ניט געהאַט אַ געדאַנק צו רוי־
כערען אום שבת".

ער האָט דאָס אַרויסגעזאָגט אין אַזאַ טאָן, אַז עס איז גאָר קיין
צווייפעל ניט געווען דאָס ער זאָגט אמת.

אפשר דער איידים, האָט זיך מיסעס עדעלמאַן געטראַכט. זי
האָט זיך דערמאָהנט אַז מיט אַ שטונדע צוריק איז געווען איהר
איידים אין הויז. אָבער זי האָט זיך ניט געקענט דערמאָהנען,
אויב ער איז געווען אין באַדע־צימער. ער איז אַריין בלויז אויף
אַ מינוט, עפּעס געזאָגט דעם אַלטען, און איז גלייך אַוועק. ווען
האָט ער צייט געהאַט צו רויכערען?

מיסעס עדעלמאַן האָט ברייט געעפענט די פענסטער פון באַדע־
צימער. זאָל דער אַלטער כאָטש ניט דערשפּירען דעם רויך. וואָ־
רום אַז ער וועט דערהערען וועט זיך אָבטהאָן מעשים. ער וועט
צופּאַטשען אַלע קינדער. ער איז דאָך אַזוי שטרענג!

דער „אַלטער" איז געזעסען רוהיג אין אַ וויעג־שטוהל און גע־
לעזען אַ צייטונג.

די טהיר האָט זיך געעפענט און עס איז אַריינגעקומען אַ מיי־
דעלע פון אַ יאָהר זעקס, אָנגעטהאָן אין אַ ווייסע קליידעלע מיט
ווייסע זעקעלעך.

„גוד שבת, גרענדפּאַ! גוד שבת גרענדמאַ!" האָט די מיידעלע
אויסגערופען.

זי האָט זיך דריי מאָל צוקושט מיט דער באָבען און נאָכדעם
איז זי צוגעגאַנגען צום זיידען. בלויז איינמאָל האָט זי איהם אַ
קוש געטהאָן און נאַכדעם האָט זי זיך פערהוסט.

„וואָס איז דיר, מיין קינד?" האָט די באָבע געפרעגט. „האָסט
אַ קאַלט?"

„ניין!" האָט די מיידעלע געענטפערט. „אָבער דער גרענדפּאַ
רויכערט שטאַרקע סיגארס. פּע. איך ליעב ניט דעם גרענדפּאַ!"

די אַלטע מיסעס עדעלמאַן האָט זיך מיטביידע הענד אָנגע־
כאַפּט אָן אַ שטוהל אום זי זאָל ניט פאַלען.

# מזל טוב!

„געה שוין שלאָפען, מיין טאָכטער!" האָט געזאָגט א איד פון א יאָהר 45 צו זיין טאָכטער, א מיידעל פון א יאָהר 22, וועלכע איז געזעסען אין קיך ביים אויווען און געלעזען א בוך.

„אָט, פּאַפּאַ, אָט שפּעטער א ביסעל, איך וויל זעהן ווער האָט אויסגעפיהרט".

„ווער האָט וואָס אויסגעפיהרט?" האָט געפרעגט דער פאָטער פערוואונדערט.

„אַי, פּאַפּאַ, אזא געשיכטע האָב איך נאָך קיינמאָל אין מיין לעבען ניט געלעזען. עס איז אזוי אינטערעסאַנט! הער צו, פּאַפּאַ, צוויי יונגע לייט ליעבען זיך אין א רייכער מיידעל. די מיידעל ליעבט דעם אָרימען בעסער, אָבער איהר פאָטער האלט מיט דעם רייכען".

„ער איז ניט קיין נאר א פאָטער".

„אַי, פּאַפּאַ, דו פערשטעהסט ניט די געפיהלען. עס איז א מיטלייד. א יונגער מאַן שעהן און געבילדעט, נישט מעהר ער האָט ניט קיין געלד און די מיידעל ליעבט איהם זעהר, זעהר".

„טאָ, וואָס דארפסטו זיך דרעהען א קאָפּ פון איהר'ט וועגען? וועסט לעזען מאָרגען דעם סוף פון דער מעשה. געה שלאָפען. דו דאַרפסט דאָך מאָרגען געהן צו דער אַרבייט.

„אָט באַלד וועל איך אין גאַנצען פינישען דעם בוך. נאָך צעהן זייטלעך, אַי, פּאַפּאַ! ווי שעהן דער אָרימער יונגער מאַן טענה'ט מיט איהר טאַטען!"

„עס וועט איהם ניט העלפען", זאָגט דער איד. „איך פערשטעה אז איהר טאַטע איז א סוחר".

„ניין, ניין, פּאַפּאַ", זאָגט די מיידעל. „זעה, זעה, דער פּאַפּאַ פון דער שעהנער מיידעל ווערט געריהרט צו טרעהרען".

„ער דארף זיך שעהמען", זאָגט דער איד. „וויינען וויינט א אידענע, אָט אזוי ווי דיין מאַמאַ".

„וואָס איז דאָרטען?“ הערט זיך אַ שלאָפעדיגע פרוי׳ס שטימע פון אַ צווייטען צימער. „וואָס, דו בינדסט זיך שוין ווידער צו מיר, משה?“

„ניט צו דיר! איך וויל באַשקע זאָל אוועקלייגען איהר מעשה־ביכעל און געהן שלאָפען“.

„געה שלאָפען, באַשקע!“ הערט זיך די זעלבע פרויען־שטימע פון יענעם צימער.

„באַלד, באַלד!“ זאָגט באַשע. „הער פּאַפּאַ: (זי לעזט פון בוך) דער מיידעל׳ס פאָטער דריקט די האַנד פון דעם אָרימען יונגען מאַן און טרייסט איהם. דער יונגער מאַן פערשפּרעכט איהם צו לאָזען זיין טאָכטער צורוה. ער וויל ווייזען, אַז ער ליעבט זי אויף אַן אמת, און איהם אַרט שוין ניט זי זאָל הייראַטהען מיט׳ן רייכען, נור זי זאָל זיין גליקליך“.

„דאָס איז גאַנץ אָרענטליך פון איהם. ווען איך וואָלט געוועזען אַ נגיד, ווי דער מיידעל׳ס טאַטע, וואָלט איך איהם דערפאַר געשיינקט עטליכע הונדערטער“.

„אַי, פּאַפּאַ, דו פערשטעהסט עס ניט. הער ווייטער: (זי לעזט), אין דעם מאָמענט ווי דער יונגער־מאַן האָט געהאַלטען ביים אַרויסגעהן פון דער טהיר, האָט איהם דער רייכער מאַן צוריק־געררופען און געזאָגט: — יונגער מאַן! קום איך וועל דיך פרעסען צו מיין בוזים. דו ביזט אַ בראַווער, אָרענטליכער יונג! איך גיב דיר מיין טאָכטער! איך בין שטאָלץ דיך צו האָבען פאַר אַן איידים!“

„ער איז משוגע געוואָרען, דער אַלטער!“ האָט דער איד אויסגערופען.

„הער פּאַפּאַ: (זי לעזט איהם פאַר ווייטער), דער רייכער מאַן מיט׳ן אָרימען ליעבהאָבער האָבען זיך אַרומגענומען און צוקושט“.

„משוגע! משוגע!“ האָט דער איד געמורמעלט.

„הער ווייטער, פּאַפּאַ: דער רייכער מאַן האָט אָנגעקלונגען און געשיקט אַ דיענער רופען זיין פרוי און זיין טאָכטער. ער האָט גענומען די יונגע מענשען׳ס הענד און זיי געבענשט און אַלע האָבען זיך געקושט און געוויינט“.

„משוגע, משוגע!“ האָט דער איד געשאָקעלט מיט׳ן קאָפּ.

„די גאַנצע משפּחה איז אַראָב פון זינען. געה שלאָפען! דער בוך וועט דיך אויך משוגע מאַכען".

„אָט באַלד, פּאַפּאַ. נאָך א בלעטעל און די גאַנצע מעשה איז געענדיגט".

„נו, גוט נאַכט, מיין טאָכטער! איך געה דערוויל שלאָפען".

דער איד איז אריין צו זיך אין שלאָפצימער און זיך גענומען אויסטהאָן לייענענדיג „קריאת שמע". ווען ער האָט שוין אראָב־גענומען פון זיך די זאָקען, האָט ער געהערט פון קיך זיין טאָכטער'ס שטימע:

„פּאַפּאַ, זיי האָבען חתונה געהאַט!"

„מזל טוב, מזל טוב!" האָט דער איד געזאָגט. „יעצט געה שלאָפען!"

תשר"ק'ס בעסטע ערצעהלונגען

II.

# שפּאַס און ערנסט

מעשות, משלים און פאַנטאַזיען

פון

ישראל י. זעווין

(תשר"ק, יודקאָוויטש)

פערלאַג תשר"ק נו יאָרק

# מיינע צוויי געליעבטע

איך ליעב און בין געליעבט. ליעבען הייסט גליקליך זיין. בין איך אָבער גליקליך?

צייטענווייז שיינט מיר, אַז איך בין דער גליקליכסטער מענש אויף דער וועלט, אָבער עס גיבען אויך מאָמענטען, ווען איך פיהל זיך העכסט אונגליקליך.

איך ליעב צוויי: פ ע ר ע ל ע ן און ב ל ו מ ע ל ע ן.

פערעלע איז אַ מייסטערווערק, וואָס די נאַטור שאַפט לייד‑ער נור צו זעלטען. זי האָט אַ שעהן פּנים'ל, הימעל־בלויע אויגען, גאָל־דענע האָאר און אַ קליין מיילכען, וואָס איז געשאַפען געוואָרען נאָר צום לאַכען און צום קוסען. זי זעהט אויס ווי אַ יונגע ראָזע, וואָס האָט ערשט איהרע בלעטלעך פונאַנדערגעלאָזען און וואָס וואַשט זיך אין מאָרגענטוי. זי איז אַ קוועלע פון לעבען און גליק. זי טאַנצט און שפּרינגט ווי אַ פרייע פויגעלע אין גרינעם פעלד.

בלומעלע איז דאַגעגען שוואַרץ־חן'עוודיג. זי האָט שוואַרצע האָאר, שעהנע, גרויסע און שוואַרצע אויגען, וואָס קוקען אַזוי קלוג אין גאָטעס וועלט אריין. זי איז אימער שטיל, פערטראַכט און מע‑לאַנכאָליש. זי לאַכט נימ, נאָר גאַנץ זעלטען, און ווען אַ שמייכעל ווייזט זיך אויף איהרע זיסע ליפען, שיינט עס, ווי זי וואָלט וועלען וויינען, און דאָס מאַכט איהר נאָך מעהר ליעבליכער, נאָך שעהנער, נאָך רייצענדער.

פערעלע פלוידערט אימער פון טעאַטער, פון בעלער, פון פּיק‑ניקס, פון טאַנץ, פון מוזיק און פון דער מאָדע. זי זינגט שטענדיג פון פריהלינג, פון בלומען, פון ליעבע און גליק.

און ווען זי זינגט ווערט מיר אַזוי פרעהליך אויפ'ן האַרצען. מיר איז דאַמאָלס אַזוי גוט — איך בין גליקליך!

בלומעלע רעדט שטענדיג פון שווערען און ביטערען לעבען, פון אַרמוטה, אונגליק און עלענד. זי זיפצט און בעדויערט די לאַגע פון די ערניעדריגטע, פערשקלאַפטע, אונטערדריקטע אַרבייטער. זי

און אזוי די אנדערע. יעדער האט געמיינט אז דער בעל הבית איז אויסגעהיילט געווארען דורך זיין מיטעל.

„איך האב גאר נישט געטהאן“, האט דער בעל הבית געענטפערט. „איך האב געפאלגט-אונזער שיק יונגע. גאר נישט צו טהאן, האב איך שוין פיעל מאל בעמערקט, איז זיין פרינציפ. איך האב ערשט איינגעזעהן די גרויסע ניצליכקייט פון דעם. גאר נישט צו טהאן און לאזען די ארבייט צום בעל הבית איז א גוטער רעגעל. דאס איז דער סוד ווארום פיעלע געשעפטען האבען זיך אזוי הויך ארויפגעארבייט. דער שיק יונגע ווערט הייטע געהעכערט אויף א געהאלט פון צעהן דאלאר א וואך.“

אַלעס וואָס איז קאָנסערוואַטיוו. מען זעהט עס פון דעם ווי ער פיהרט אייער ביזנעס. איך האָב פאַר אייך גאָר אַ מאָדערנעם מיטעל: עסט אַ סך אייז קרים. קעלט ציהט אַרויס קעלט."

„פאָלגט מיך, סער", האָט געזאָגט דער מענעדזשער פון דעם לאָקאַל ברענטש, „הערט ניט אייערע סופּעראינטענדענטס, זיי ווייסען ניט איינער פון דעם אַנדערען. ווען איינער זאָגט טאָג, זאָגט דער אַנדערער נאַכט. הערט זיי גאָר נישט. פאָלגט מיך און נעהמט עפּעס פאַר'ן מאָגען. עס איז ניט אַן ערקעלטונג. דער מאָגען איז ביי אייך ניט ריין. איך וויים דאָס פון זיך."

אַז דער מענעדזשער פון דעם לאָקאַל ברענטש איז אַרויסגעגאַנגען פון דעם פּריוואַט אָפיס אין וועלכען דער בעל הבית איז געזעסען, איז אַריינגעקומען אַ רייזענדער אַגענט.

„איהר וועט מיר ענטשולדיגען באָס, וואָס איך מיש זיך אַריין אין אייער ערקעלטונג. עס איז אמת אַז מיין ביזנעס איז אויטסייד. און אייער ערקעלטונג איז אַן אינסייד מעטער. אָבער אויב איהר ווילט פאָלגען אַ דראָמער וועט אייך בעסער זיין. די סופּעראינטענדענטס מיט די מענעדזשערס ווייסען גאָר נישט און טהוען גאָר נישט. זיי קריגען נאָר דעם קרעדיט פאַר דער אַרבייט וואָס מיר דראָמערס טהוען אויף. ווילט איהר פאָלגען אַ דראָמער דאַן קייט אַ ביסעל לאַקרעץ און אייער ערקעלטונג וועט לייכט איבערגעהן."

נאָך איהם איז געקומען אַ בוכהאַלטער און געראַטהען צולייגען אַ זענעפט פלאַסטער. נאָכדעם איז געקומען אַן אַנדער בוכהאַלטער מיט אַן אַנדער עצה.

„פאָלגט מיך, סער, און טהוט גאָר נישט!" האָט געזאָגט אַ קליינער שיק־יונגע אַריינ'גנב'ענדיג זיך שטילערהייט, „איהר וועט זעהן אַז אייער ערקעלטונג וועט פון זיך אַליין איבערגעהן!"

דער בעל הבית האָט געשמייכעלט.

אויף מאָרגען האָט דער בעל הבית געמעלדעט אַז די ערקעלטונג איז שוין אַריבער.

„איהר האָט מיך געפאָלגט, אַה?" האָט געפרעגט דער דזשענעראַל סופּעראינטענדענט.

„איהר האָט איינגענומען מאַגנעזיע!" האָט אויסגערופען דער מענעדזשער פון לאָקאַל ברענטש מיט אַ טאָן פון נצחון.

# דער סוד פון הצלחה

דער אייגענטהימער פון א גרויסע געשעפטס הויז האָט גע־פּלאַנט צו פאָהרען אויף אַ וואַקיישאָן, אָבער ער האָט מורא געהאַט צו לאָזען דעם געשעפט אויף זיינע אַרבייטער. און אַרבייטער האָט ער געהאַט פיעל. אַ דזשענעראַל סופּעראינטענדענט מיט אַסיסטענט סופּעראינטענדענטס אויף יעדען ברענטש, מיט בוכהאַלטערס, מיט קאַסירערס, מיט רייזענדע אַגענטען וואָס פאָהרען אַרום איינקויפען סחורה און מיט רייזענדע אַגענטען וואָס פאָהרען אַרום צו פערקויפען סחורה, און יעדען פון די אַרבייטער האָט זיך אימער געדאַכט אַז ווען דער באָס וואָלט געפיהרט די געשעפטען אַזוי און אַזוי וואָלט זיך בעסער געצאָהלט. יעדער אַרבייטער האָט געהאַט אַן אַנדער פּלאַן, און יעדער פון זיי האָט געהאַט אויסצוצייגען פערשיעדענע פעהלערען אין די געשעפטס מעטהאָדען פון בעל הבית.

דאַרום, ווען עס איז געקומען צו נעהמען אַ וואַקיישאָן, האָט דער בעל הבית מורא געהאַט צו פערלאָזען זיין געשעפט אויף די מענשען. מיט אַזוי פיעל טרייע אַרבייטער, וואָס יעדער זוכט אויסצופיהרען זיינע פּלענער קען די גאַנצע ביזנעס ווערען קאַפּוט. אַזוי האָט זיך דער אייגענטהימער פון דער גרויסער געשעפטס הויז געטראַכט, און ער האָט בעשלאָסען צו בלייבען אין שטאָדט. אַלס אַ תירוץ האָט ער אָנגעגעבען אַז ער האָט זיך אַ ביסעל ערקעלטערט.

אין דער גרויסער געשעפטס־ הויז איז באַלד פערברייטעט געוואָרען די נייעס אַז דער בעל הבית האָט זיך פערקיהלט. די אַרבייטער זיינען געוועזן גערירט.

„פאַר אַן ערקעלטונג", האָט דער דזשענעראַל סופּעראינטענדענט געזאָגט, „איז די בעסטע רפואה זיך דורכצושוויצען."

„איהר ווילט מיך פאָלגען, סער", האָט געזאָגט שטילערהייט דער אַסיסטענט סופּעראינטענדענט, ווען דער דזשענעראַל סופּעראינטענדענט איז אַוועק עסען אָנבייסען, „איהר ווילט מיך פאָלגען, האָב איך פאַר אייך זעהר אַ גוטען מיטעל. דעם דזשענעראַל סופּעראינטענדענטס קאָפּ איז פול מיט אַלטע זאַבאַבאָנעס, ער גלייבט

ביינעל ווי ער פערשטעהט, און ווי זיין אייגענער געוויסען הייסט איהם; און דער אַנדערער צד האָט געזאָגט, אז באַקען ביינעל אָהן לעכער איז געגען דער קאָנסטיטושאָן. ווידער האָט דער ער־שטער צד גע'טענה'ט, אז די קאָנסטיטושאָן דאַרף מען ענדערן, ווייל זי איז צו אַלט און ניט נאָך דעם גייסט פון דער צייט. אָבער דער אַנדער צד האָט געמאַכט קולות, געוואַלדען, אז די קאָנסטי־טושאָן טאָר ניט געענדערט ווערען, ווייל אַלעס וואָס שטעהט אין איהר איז תורת לאָקשען, און יעדער בוכשטאַב, יעדעס שטריכעלע, יעדעס פּינטעלע איז אַ גאַנצע תורה! די צייטונגען פון דער שטאָדט האָבען געוועהנליך געמוזט שרייבען טעגליכע בעריכטען פון די מיטינגען, וואו מען האָט דעבאַטירט איבער דעם לאָך פון דעם ביינעל, און די צייטונגען האָבען זיך פערטהיילט אין צוויי פּאַר־טייען און געשריעבען פייערדיגע־אַרטיקלען. די געגען רעפּאָר־מירטע ביינעל און די אַנדערע — פּאַר זיי. די מחלוקת האָט זיך פערשפּרייט איבער דער גאַנצער שטאָדט און עס זיינען באַלד אויס־געוואַקסען צוויי פּאַרטייען אויך צווישען די איינוואָהנער: אַ „ביינעל מיט אַ לאָך פּאַרטיי“ און אַ „ביינעל אָהן אַ לאָך פּאַרטיי“. קינדער האָבען געקעמפּפט געגען עלטערן, ווייבער זיינען אויפ־געשטאַנען געגען מענער, חתנים האָבען זיך געשיידט מיט די כלות, פאַמיליען זיינען רואינירט געוואָרען, מאַסען מענשען זיינען פער־אונגליקט געוואָרען, און דער קאַמפּף איז אַלץ געוואָרען שטאַרקער און הייסער — אַן אמת'ער בירגער־קריעג. און אַלץ צוליעב אַ לאָך פון אַ ביינעל!

ניט געקענט בערוהיגען וועגען דעם, צו וואָס דארף מען האָבען א לאָך אין בייגעל, און איך האָב אָנגעהויבען טראַכטען וועגען דעם ווי אזוי מאַכט מען בייגעל אהן לעכער. אז מען לעבט, דערלעבט מען זיך. און דערלעבט האָב איך דאָס שוין אין אמעריקא. אין א מילכיגען רעסטאָראַנט אויף איסט בראָדוויי האָב איך געזעהען בייגעל אָהן לעכער. איך האָב גלייך געמאַכט „שהחיינו", און האָב דערנאָך דעם בעל הבית ארומגעפרעגט וועגען דיזען בייגעל און אויסגעפונען אן אינטערעסאנטע געשיכטע, וואָס צייגט ווי שווער עס קומט אָן איינצופיהרען ביי מענשען א נייעס, און ווי פיעל אָפּפער, און וויפיעל בלוט עס קאָסט אָב די קלענסטע רעפאָרם.

אָט דאָס איז די געשיכטע:

א בעעקר אין שטאַאט איללינאָיז איז איינגעפאַלען א געדאנק צו מאַכען גלייכע בייגעל, אין-דער פאָרמע פון ליכטלעך, „זאַלץ-שטעקעלעך" האָט ער זיי א נאָמען געגעבען. אבער דיזע רעפאָרם האָט איהם טהייער געקאָסט, דען די פעראייניגטע בעקער מייסטערס פון יענער שטאָדט האָבען זיך גלייך גענומע[ן צו דעם בייגעל-רעפאָר-מער און איהם באָיקאָטירט. „סטייטש," האָבען זיי גע'טענה'ט, „אונזערע אבות אבותינו האָבען געבאַקט בייגעל מיט לעכער, די גאנצע וועלט עסט בייגעל מיט לעכער, און דאָ קומט איינער, א פערשייטער יונג, קעהרט איבער דעם סדר העולם און באַקט גאָר בייגעל אָהן לעכער! האָט איהר געהערט פון אזא חוצפּה? דאָס איז דאָך איינפאַך רעוואָלוציאָן! און אז מען זאָל לאָזען אז יונג געהן ווייטער, וועט ער דאָך מאַכען א סוף פון דער וועלט: היינט באַקט ער בייגעל אָהן לעכער, און מאָרגען וועט ער באַקען לעכער אָהן בייגעל! סטייטש, אזא זאַך איז גאָר ניט געהערט געוואָרען זייט די וועלט שטעהט!"

און צוליעב דעם לאָך פון דעם בייגעל האָט אין יענער שטאָדט אויסגעבראָכען א מחלוקת וואָס האָט שפּעטער געבראַכט צו א בירגער-קריעג. די מייסטערס האָבען ניט אויפגעהערט צו קעמפּפען און זיי האָבען אין זייער קאַמפּף ארייגעשלעפּט די ארבייטער-יוניאָן. און אין דער יוניאָן האָבען זיך געפונען צוויי-ערליי צדדים. איין צד האָט געזאָגט, אז א לאָך מיט א בייגעל איז א פּריוואַט-זאַך, אזוי ווי רעליגיאָן, און אז יעדער מענש האָט א רעכט צו באַקען

# איבער אַ לאָך פון אַ בייגעל

ווען איך בין געווען אַ חדר־אינגעל האָט מיך איינער אַן עלי־טערער איד איינמאָל געפרעגט אַ רעטעניס: „וואו קומט אהין דאָס לאָך נאָך דעם ווען מען עסט אויף דעם בייגעל?“

דיזע רעטעניס וועלכע איז מיר דאַן געווען שווער צו פער־ענטפערען, איז מיר שטאַרק אריין אין מוח, און איך האָב געטראַכט פון דעם טאָג און נאַכט. איך פלעג אָפט נעהמען אַ בייגעל, אַ בים טהון אין איהם, און גלייך פערשטעלען דעם אָבגעביסענעם טהייל מיט דער האנד, אום דאָס לאָך זאָל ניט ענטלויפען. אָבער ווען איך פלעג אויפעסען דעם בייגעל פלעג איך זעהן, אז דאָס לאָך איז דאָך פערשוואונדען! און דאָס פלעג מיך זעהר ערגערן. איך פלעג ארומגעהן אַ צוטראָגענער, פלעג טראַכטען פון דעם ביים דאַווענען און ביים לערנען, ביז דער רבי האָט בעמערקט, אז עס איז מיט מיר עפּעס ניט גלאַט.

אין דער היים האָט מען בעמערקט, אז איך האָב פערלאָרען דעם אַפּעטיט צום עסען, און אַלעס וואָס איך עס, איז בייגעל — בייגעל צו פריהשטיק, בייגעל צו מיטאָג, בייגעל צו וועטשערע, און בייגעל דעם גאַנצען טאָג. מען האָט בעמערקט, אז ביים עסען די בייגעל פלעג איך מאַכען משונה'דיגע גרימאַסען, מיט די הענד און מיט דעם מויל.

איינמאָל האָב איך זיך געמאַכט אַ האַרץ, און אין מיטען לערנען חומש, האָב איך דעם רבי'ן געפרעגט די קשיא:

„רבי! וואו קומט אהין דאָס לאָך נאָך דעם ווי מען עסט אויף דעם בייגעל?“

„עה, נאַרעלע,“ האָט דער רבי געענטפערט, „וואָס איז אַ לאָך פון אַ בייגעל? דאָס איז דאָך גאָר נישט! אַ פּוסטע זאַך! עס איז גאָר נישט מיט דעם בייגעל, און גאָר נישט אָהן דעם בייגעל. עס איז אַ נאַרישקייט צו פערנעהמען דערמיט דעם קאָפּ.

פיעלע יאָהרען זיינען אוועק זייט דאַן, און איך האָב זיך אַלץ

פּאַרענט פון איהם און געהאַלטען אין האַנד אַ קאַפּעלוש. ווי עס זעהט אויס האָט דער בעטלער (דאָס איז גראַדע געווען אַן אייריש־מאַן) געדענקט, אַז אַן אָבגעהאַקטע פוס איז ניט גענוג צו ערוועקען רחמנות אין מענשען, האָט ער נאָך זיין רעכטען באַק פערבונדען מיט אַ גרויסען טוך און אָנגעשטאָפּט מיט וואַטע. צייטענווייז האָט ער אַרויסגענומען פון טאַש אַ האַרטען שטיקעל ברויט און האָט דאָס געביסען אַזוי ווי אַ הונגעריגער, אַזוי ווי איינער וואָס האָט שוין דריי טעג ניט געגעסען.

ער האָט געשפּיעלט שוין ניש־קשה'דיג.

אָנגעקומען אין טהעאַטער. קוים דערלעבט דער פאָרהאַנג זאָל זיך אויפהויבען. מען האָט געשפּיעלט אַ טראַגי־קאָמעדיע. דער „סטאַר" האָט געצייגט וואונדער. אַז עס איז געקומען צו דעם טראַגישען פּונקט וואו מען זאָגט איהם אָן אַ שלעכטע בשורה, הויבט ער זיך אָן צו קייקלען איבער דער ביהנע און גלאָצט מיט די אויגען, ווארפט זיך ווי אַ פער'סמ'טע מויז, ראָוועט ווי אַן אָקס, סקאַוואוטשעט ווי אַ הונד, שטעהט אויף און פאַלט, ציהט אויס הענד און פיס, און — דער פאָרהאַנג לאָזט זיך אַראָב.

איך האָב זיך דערמאָהנט אָן די דריי בעטלער, וואָס איך האָב פריהער געזעהן אין גאַס.

אין אַן אַנדער אַקט האָט די פּרימאַדאָנאַ ערפאַהרען, אַז איהר חתן איז ניט געטריי. זי האָט אַזוי געגלאָצט מיט די אויגען, אַז איך האָב געמיינט זי ווערט קאַסאָקע. דאַן האָט זי זיך אוועקגעזעצט אויף אַ שטוהל און פון דער גאַלערעע האָט אַ מאַן מיט אַן עלעקטרישען לאָמפּ געוואָרפען אויף איהר אַ גרינע בעלייכטונג. זי האָט דאַן גענומען מאַכען אַזעלכע שרעקליכע העוויות וואָס האָבען מיך ווידער דערמאָהנט אָן די דריי בלעטער.

זיי איבערטרייבען. אַלע איבערטרייבען!

# א מעשה מיט דריי בעטלער

איינמאָל, אבענדס, געהענדיג אין אידישען טהעאטער, איז דעם שרייבער אויסגעקומען צו געהן דורך גרענד סטריט, די שעהנע אידישע געשעפטס־גאַס פון ניו יאָרק, און דאָרט האָט ער געזעהן אַ מערקווירדיגע סצענע.

אַ יונגער מאַן איז לאַנגזאַם געגאַנגען איבער׳ן גאַס און זיך געוואָרפען מיט אַלע גלידער יעדען מאָל וואָס ער האָט געמאַכט אַ שריט. דערצו האָט ער געמאַכט שרעקליכע גרימאַסען, אַזוי ווי איינער וואָס האָט די „געפאַלענע״. אין די הענד האָט ער גע־האַלטען אַ בלעכענע פּושקעלע און אויפ׳ן הארצען איז איהם גע־האַנגען אַ קליינע שילד וואָס האָט אין אידיש דערצעהלט פאָל־גענדעס:

„אידען רחמנים בני רחמנים! איך בין פּאַראַליזירט אויף אַלע גליעדער. העלפט! שיינקט אַ נדבה!״

אַ פּאָאָר בלאָק ווייטער האָב איך געזעהן אַן אַלטען אידען מיט אַ לאַנגער האַלב־גרויער באָרד זיצען אויף אַ ניעדריגען גאַניק. די אויגען זיינען ביי איהם געווען פערשטעלט מיט בלויע ברילען. דער אַלטער האָט זיך געוואָרפען אַזוי ווי אַ לולב אין אַלע זייטען און אויסגעשטרעקט די הענד.

דעם אַלטען האָב איך שוין פריהער געזעהן עטליכע מאָל, אָבער דאַן איז ער געשטאַנען אויף די פיס, גלייך און שטאַטנע, און זיך ניט געוואָרפען.

עס איז געווען קלאָר און דייטליך, אַז דער אַלטער, ווייסענדיג אַז ער האָט יעצט אַ קאָנקורענט, האָט זיך געמוזט נעהמען צו נייע מיטלען צו ערוועקען מעהר רחמנות און צו פערהיטען, אַז יענער זאָל ניט צונעהמען „פּרנסה״.

ער האָט זיין נייע ראָלע געשפּיעלט ניט שלעכט.

זיך פערקעהרענדיג אין דער בויערי, האָב איך געטראָפען אַ מאַן זיצען אויף דער ערד מיט אַן אָבגעהאַקטער פוס אויסגעצויגען

אינוועניג איז געווען עיפּוש'דיגע בלאָטע. דער קוכער איז געווען זיכער אַז יעצט וועט זיך מוזען געפינען איינער וואָס וועט אויס־דריקען זיין אונצופריעדענהייט און פון איהם אַראָבנעהמען זיין יאָך.

דער ערשטער וואָס האָט פערזוכט דעם פּלאָדען, האָט זיך שרעקליך פערקרימט און אויסגערופען:

פוי! פּאַסקודסטווע, בלאָטע, זשוקלעך! — — — אָ־אָ־בער עס איז געשמאַק! איך גלייך עס!"

און אַזוי האָבען געטהאָן די אַנדערע. זיי האָבען געפּייט בלאָטע און דער קוכער איז געבליבען קוכער.

רעוואָלוציאָנען איז קיין סוף ניטאָ, האָבען זיי איינגעפיהרט אַזוי:

יעדער יונגער־מאַן פון דעם לאַגער וואָס וועט זיין דער ער־שטער צו מאַכען אַ קלאַגע און זאָגען אַז ער גלייכט ניט דאָס גע־קעכטס פון דעם קוכער זאָל ער, דער אונצופרידענער, אַליין ווערען דער קוכער. און נאָכדעם אויב עס וועט ווער זיך בעקלאָגען געגען איהם, זאָל יענער ווערען דער קוכער.

אזוי איז דאָס געבליבען און אזוי האָט זיך דאָס געפיהרט. ווי נור אַ קוכער האָט געהאַט געגען זיך אַ קלאַגע, איז ער געוואָרען אויס קוכער און דער קלעגער האָט אָנגעהויבען צו קאָכען. נאָכדעם אַז עס פלעגט זיך ווידער בעוויזען אַ נייער קלעגער, איז דער קוכער אַראָב און דער קלעגער איז געוואָרען קוכער. אזוי האָט עס זיך געדרעהט ביז אַלע יונגע־לייט האָבען פערזוכט דעם יאָך פון דעם שווערען אַמט און די גרויסע פעראַנטוואָרטליכקייט וואָס איז פערבונדען מיט דעם, און זיי האָבען זיך געהיט מהער זיך ניט צו בעקלאָגען. זיי האָבען ניט געקוקט אויף דעם וואָס פאַר אַ געריכטען דער קוכער גיט זיי צו עסען, און אין וואָס פאַר אַ שטייגער ער קאָכט — צו זויער, אָדער צו געזאַלצען, אָדער צופיעל פעפער. זיי זיינען געווען צופריעדען מיט אַלעס. דאָס עסען האָט זיי אפילו זעהר ניט געשמעקט. איין טאָג איז דאָס געווען רויה, דעם אנדערען — צוגעברענט. זיי האָבען געליטען אויפ'ן מאָגען, די געדערעם זיינען זיי מכולה געגאַנגען. דאָך האָבען זיי ניט פּראָ־טעסטירט, אַלעס מקבל באהבה געווען, און נאָך איינע צו די אַנ־דערע געזאָגט: אזוי דאַרף זיין. אזוי דאַרף זיך פיהרען אַ קיך. אזוי איז אַ ריכטיגעווירטהשאַפט.

דעם קוכער איז דאָס אָבער געווען ניט צוליעב. ער האָט שוין געגאַרט, אַז איינער זאָל אונצופריעדען ווערען פון זיין קאָכען, מאַכען אַ פּראָטעסט, אַ קלאַגע, און איהם בעפרייען פון זיין יאָך, אָבער ווי אויף צו להכעיס האָט קיינער פּראָטעסטירט, קיינער האָט געזאָגט קיין וואָרט — אַלע צופריעדען.

דאַן איז דער קוכער געפאַלען אויף אַזאַ פּלאַן: ער האָט גענומען אַ שיסעל מיט קלעפּיגע שוואַרצע בלאָטע פון אַ זומפּף און האָט פון דעם געמאַכט אַ פּלאָדען. אונטען און אויבען איז דאָס געווען בעדעקט מיט טייג, אזוי ווי אַ ריכטיגער פּלאָדען, נור

פון דערווירטהשאפט. איינער פון די יונגע לייט, א בוכהאלטער, האט אנגעהויבען אין געהיים צו אגיטירען געגען דעם דראמער, כלומר'שט אז ער טויג ניט און זיין ווירטהשאפט טויג ניט און מען בעדארף האבען אן אנדער קוכער.

ווען דער דראמער האט ערפאהרען, אז מען פלאנט געגען איהם א רעוואלוציאן, האט ער פעררופען אלע יונגע־לייט פון דעם זומערדיגען לאגער און צו זיי געזאגט:

„ברידער! איך האב געהערט דאס פיעלע זיינען אונצופרידען פון מיין קאכען, און איך האב זיך דערוואוסט אז איינער פון אייך פלאנט געגען מיר א רעוואלוציאן. דארום האב איך אייך פערּרופען אהער, כדי מיר זאלען קענען די זאך שליסען אין פריעדען. ווער איז דער וואס איז אונצופריעדען פון מיינע געקעכטס מעהר ווי אלע — זאל אויפטרעטען אפען געגען מיר".

דער יונגער־מאן וואס איז געווען א בוכהאלטער איז אויפגעטראטען.

„איהר זייט אונצופריעדען פון מיין קאכען?" האט געפרעגט דער דראמער.

„יא".

„איהר דענקט, אז מיין קאכען איז שלעכט און מען דארף האבען אן אנדער קוכער?"

„יא".

„אויב אזוי בין איך פון דיעזען מאמענט אויס קוכער. איך גיב איבער מיין אמט צו אייך".

דיעזער פלאן איז אלעמען געפעלען געווארען, דען אלע זיינען געווען נייגעריג צו וויסען וואס פאר א פאטראוועס דער בוכּהאלטער וועט מאכען און וואס פאר אן ארדנונג ער וועט איינפיהרען אין דער ווירטהשאפט פון דעם לאגער.

אבער עס האט ניט לאנג געדויערט און עס האט אנגעהויבען ארויסצושפראצען א נייע רעוואלוציאן געגען דעם נייעם קוכער. עס האבען זיך געפונען מענשען וואס זיינען געווען אונצופריעדען אויך פון א הם, און דער אנפיהרער פון דער נייער רעוואלוציאן איז געווען אן אגענט פון נייה־מאשינען און א גרויסער חצוף דערצו. די קליגערע יונגע־לייט פון דעם לאגער האבען געזעהן, אז צו די

# געבליבען ביים אַלטען

א צאָהל יונגע לייט וואָס האָבען געוואוינט אין אַ גרויסער שטאָדט האָבען, ווען עס איז געקומען זומער־צייט, בעשלאָסען צו פערלאָזען די שטאָדט, זיך בעזעצען אויפ׳ן פעלד און לעבען ביי דער פרייער נאַטור אין שוים. זיי האָבען זיך אויסגעזוכט אַ ליידיגען גרינעם פעלד, צווישען אַ באַרג און אַ וועלדעל פון איין זייט, און אַ קלאָרען טייכעל פון דער אַנדער זייט. דאָרט האָבען זיי זיך אויפגעשטעלט געצעלטען פון לייוועגט. מעביל האָבען זיי געמאכט פון די האָלץ פון וואלד, און בעטגעוואַנד האָבען זיי זיך געמאכט פון בלעטער און גראָז. אַלעס האָבען זיי איינגעפיהרט ריכטיג און אין אָרדנונג, אום צו קענען לעבען אַ נאַטירליכען, רוהיגען לעבען, און זיך אָברוהען פון דעם שווערען, רוישענדען, אוננאַטירליכען לעבען פון דער גרויסער שטאָדט.

עס איז ענטשטאַנען אַ פראַגע: ווער זאָל קאָכען זייער שפּייז?

נאָך אַ לאַנגען אַלגעמיינעם ראַטה האָט מען בעשלאָסען צו וואַרפען גורל, און אויף וועמען עס וועט פאַלען דער גורל, יענער זאָל זיין דער קוכער.

אַזוי איז דאָס געווען. דער גורל איז געפאַלען אויף אַ יונגען־מאַן וואָס איז אין שטאָדט געווען אַ דראָמער (קאָמי וואָיאַזשאָר). עס האָט ניט פיעל געדויערט און ער איז געוואָרען די הויפּט־פּערזאָן פון דעם לאַגער. אַלע האָבען געוואוסט, אַז אָן איהם וועגדעט זיך אויב מען וועט האָבען אַ גוטען פריהשטיק אָדער אַ גוטען מיטאָג. מען האָט איהם געשמייכעלט, חניפות געגעבען, געלעקט ביי איהם די טעלער, און דער געוועזענער דראָמער פון סוספּענדערס האָט זיך געפיהלט ווי אַ מלך.

אָבער מענשען קענען לאַנג ניט לעבען גליקליך. אונצופריע־דענהייט האָט זיך אָנגעהויבען צו בעווייזען אין דעם פריעדליכען לאַגער. יעדער האָט געהאַט עטוואָס אויסצוזעצען געגען דעם קוכער׳ס פּאַטראָוועס, זיין אָרדנונג, זיין פיהרונג און פערוואַלטונג

„איהר רעדט טאקע ווי א איד“, האָט געזאָגט דער קווארטאַלני. „איך האָב אָפּט אַזעלכע ווערטער געהערט פון אידען, ווען מיר האָבען נאָך געהאַט דיזע פערדאמטע באַנדע ביי אונז אין לאַנד. איהר ווערט געשיקט צוריק נאָך דייטשלאַנד“.

דער פּראָפעסאָר האָט געמוזט מאַכען א לאַנגע רייזע, מיט'ן עטאַפּ, צום דייטשען גרענעץ. דאָרט האָבען איהם די רוסישע סאָלדאַטען איבערגעלאָזען. ער איז געקומען צוריק נאָך בערלין א מיעדער, א צובראָכענער, אין גייסט און אין קערפּער. ער האָט פאַר צרות פערלאָרען אַלע זיינע פעהיגקייטען, אָבער זיינע פריהער־דיגע קאָלעגען האָבען איבער איהם מיטלייד בעקומען און איהם געגעבען א שטעלע אַלס הויז־דיענער אין דער ביבליאָטהעק פון זייער אוניווערזיטעט.

דער געוועזענער גרויסער מאַן האָט געענדיגט זיינע יאָהרען אין צער און פּיין, און וואו ער האָט זיך בעוויזען האָט מען אויף איהם געטייט מיט די פינגער: „דאָס איז דער איד, דער לעצטער איד“.

ריקאַ. די נייעס, אַז דער לעצטער איד איז ענטלאָפען פון אַמע־ריקאַ און אַז ער פאָהרט נאָך ענגלאַנד, איז אַהין טעלעגראַפירט געוואָרען. עס איז געווען די זעלבע מעשה ווי אין אַמעריקאַ, מיט רעפּאָרטערס וואָס זיינען ארויפגעקומען אויפ׳ן שיף פרעגען פראַגען, מיט אַ מאַסע פון טויזענדע קעפ וואָס זיינען געקומען אָנקוקען דעם בייזען וואונדער ביים האַפען, און מיט אַגענטען פון פערשיעדענע רייזענדע צירקען.

דער פּראָפעסאָר האָט איינגעזעהן, אַז ער וועט אין דער ציוויליזירטער אייראָפּאַ ניט האָבען קיין רוה. ער איז איבערגע־גאַנגען אויף אַ רוסישער שיף וואָס געהט קיין ליבאַווא. אָנקו־מענדיג אין דעם רוסישען האַפען האָט דער פּראָפעסאָר זיך ער־פרעהט וואָס עס איז אַזוי שטיל: קיינע רעפּאָרטערס, קיין ניי־געריגער פּובליקום, קיינע אַגענטען פון צירקען. אַלעס רוהיג, אַלעס שטיל. און דער פּראָפעסאָר איז מיט פריידע ארויס פון שיף און ארונטער אויף דער יבשה.

ער האָט זיך געלאָזט געהן איבער׳ן שטאָדט זוכען אַ האָטעל, אָבער ווי נור ער איז אָבגעגאַנגען אַ קליינע שטרעקע, האָט איהם אַ פּאָליצייסקער אָבגעשטעלט און אויסגערופען:

„פּאַספּאָרט!“

דער פּראָפעסאָר, ווען ער האָט פערלאָזען דייטשלאַנד צו געהן נאָך אַמעריקאַ, האָט ער ניט גערעכענט פאַר נויטהיג זיך צו בע־זאָרגען מיט אַ פּאַספּאָרט.

ניט קענענדיג זיך אויס׳טענה׳ן מיט׳ן פּאָליצייסקען, איז דער פּראָפעסאָר צוגענומען געוואָרען אין אוטשאַסטאָק. דאָרט האָט איהם דער קוואַרטאַלני גענומען פרעגען דורך אַ דאָלמעטשער:

„ווי הייסט איהר?“

„פּראָפעסאָר מאָזעס זילבערמאַן“.

„אַ איד?“

„ניין, אַ דייטש“.

„פון אידישען גלויבען?“

„ניין, קיין גלויבען“.

„פון אידישען שטאַם?“

„עס גיבט קיין אידישער שטאַם“.

גערוואָרען איבער גאַנץ יונייטעד סטייטס, און גאַנץ אַמעריקא האָט געוואוסט נאָך מיט אַ וואָך פריהער אַז עס קומט אַראָב „דער איד פון דייטשלאַנד“. צוויי טעג בעפאָר דעם פּראָפעסאָר׳ס אָנקומען, פלעגען ארויסגעהן פרישע „עקסטראס“, וועלכע האָבען אָנגעזאָגט דעם עולם ווי נאָהענט עס איז די שיף וואָס פיהרט דעם „לעצטען אידען פון אייראָפּא“. ווען די שיף איז ענדליך אָנגעקומען אין האַפען, איז דער פּראָפעסאָר בעגעגענט געוואָרען פון פערציג רע־פּאָרטערס, וועלכע האָבען איהם געשטעלט הונדערטע פראַגען. אַגענטען פון פערשיעדענע זונטאָג־צייטונגען און מאָנאַטליכע זשורנאַלען האָבען איהם אָנגעבאָטען אַ דאָלאַר אַ וואָרט ווען ער זאָל שרייבען ארטיקלען איבער דער טהעמא: „ווי עס פיהלט זיך צו זיין איין איינציגער איד אין פיער וועלט־טהיילען“.

דעם פּראָפעסאָר איז ניט גוט געוואָרען ווען ער האָט געזעהן וואָס פאר אַ גערודער ער האָט אָנגעמאַכט אין אַמעריקא נאָך איידער ער איז אַראָב פון שיף. נור ווען ער האָט דערזעהן דורך אַ טע־לעסקאָפּ, דאָס אַ גרויסע מאַסע פון אפשר צוואַנציג טויזענד מענ־שען האָבען זיך פערזאַמעלט ביים האַפען אום צו כאַפּען אַ בליק אויף איהם, האָט ער בעשלאָסען ניט אַראָבצוגעהן פון שיף.

גלייך נאָכדעם ווי ער האָט געפאַסט דיעזען בעשלוס, האָבען זיך געמעלדעט אַגענטען פון פערשיעדענע צירקען און מוזעאומס, און זיי האָבען אָנגעבאָטען דעם פּראָפעסאָר פינף טויזענד דאָלאַר אַ וואָך, מיט אַ קאָנטראַקט אויף דריי יאָהר, ווען ער וועט זיך לאָזען אויסשטעלען אַלס קוריאָזיטעט. ביי אַ סך מענשען וואָלט פאר אַזאַ סומע רעכט געווען צו טהאָן אַלעס אין דער וועלט, אָבער ביי אַ מאַן וואָס האָט זיין גאַנצען לעבען פערבראַכט אויף וויסענ־שאַפט, אָפּפערענדיג זיין רוהע, זיין געזונד, און זיין אייגענעם גליק, זיך ענטזאַגענדיג אפילו פון דעם גליק צו האָבען אַ פרוי מיט אַ היים, — אָט ביי אַזאַ מענשען איז זיין פּערזענליכער מענשען־ווערטה פיעל טהייערער אַלס גאָלד און זילבער. דער פּראָפעסאָר האָט צוריקגעוויזען דעם פּאָרשלאָג פון די צירק־אַגענטען מיט פער־אַכטונג, און ער האָט אַראַנזשירט איבערצוגעהן פון דער שיף אויף אַן אַנדער שיף וואָס פאָהרט נאָך ענגלאַנד.

אָבער אין ענגלאַנד איז געווען די זעלבע זאַך וואָס אין אַמע־

לינער. „אַט דאָס געהט דער איד. אָט דאָס איז דער לעצטער איד“. פלעגט מען אויף איהם זאָגען אין גאַס און טייטען מיט די פינגער. פלעגט ער קומען אין אַ טהעאַטער פלעגען אַלע אָפּעראַ־גלעזער זיין געווענדעט אויף איהם. מענשען האָבען איהם בע־טראַכט, האָבען זיך איבער איהם גע׳חידוש׳ט און געוואונדערט. ביי זיין הויז פלעגען זיך אַרומדרעהען רייזענדע פון פערשיעדענע שטעדט און פון פערשיעדענע לענדער וואָס פלעגען קומען בעזוכען בערלין, און פאראיינס אויך אָנצוקוקען דעם לעצטען אידען, דעם איינציגען אידען אין גאַנץ אייראָפּאַ, אַזיען, אַפריקאַ און אַמעריקאַ — דער איינציגער איד וואָס איז פערבליבען צווישען גוים און ניט געוואָלט זיין מיט אידען צוזאַמען.

עס פערשטעהט זיך, אַז דיעזע אויפמערקזאַמקייט האָט שטאַרק געווירקט אויף דעם פּראָפעסאָר. ער האָט ניט געקענט רוהען ניט ביי טאָג און ניט ביי נאַכט. ענדליך האָט ער בעשלאָסען אַז בער־לין איז פאַר איהם קיין אָרט ניט. ער האָט זיך איבערגעצויגען אין אַ דאָרף, אין פּרייסען, אום זיך דאָרט אָבצורוהען.

אָבער אין דאָרף האָט ער קיין רוה געהאַט. עס איז געווען פיעל ערגער ווי אין בערלין. אַרום זיין ווילאַ האָבען זיך געקליבען די פּאַרמערס פון דאָרף, מיט זייערע פרויען און קינדער און גע־וואַרט אויף אַ געלעגענהייט אָנצוקוקען דעם איין איינציגען אידען וועלכע נור זייער דייטשלאַנד האָט די זכיה צו פערמאָגען. פאַר־מערס פון די אַרומיגע דערפער האָבען געמאַכט לוסט־רייזען, גע־פאָהרען אָנקוקען דעם אידען. און יעדען זאָנטאַג איז דער דאָרף וואו דער פּראָפעסאָר האָט זיך אויפגעהאַלטען, געווען בעלאַגערט ווי אַ יאַריד.

דער פּראָפעסאָר האָט ענדליך געכאַפּט זיין פּעקעל און איבער־לאָזענדיג די ווילאַ איז ער אָבגעפאָהרען נאָך האַמבורג און פון דאָרט האָט ער גענומען אַ שיף נאָך אַמעריקאַ. ער האָט געגלויבט, אַז אין אַמעריקאַ, וועלכע איז אימער געווען אַ פרייע לאַנד, און וואו דער שטאַם און די נאַציאָנאַליטעט פון אַ מענשען שפּיעלט קיין ראָלע, וועט ער האָבען רוהע.

די נייעס פון זיין פאָהרען נאָך אַמעריקאַ איז טעלעגראַפירט געוואָרען קיין ניו יאָרק. פון ניו יאָרק איז עס טעלעגראַפירט

לאַנד און אויס פֿאָלק. עס וועט נור איינעם פֿון אייך אויספֿעהלען אן גליה, אָדער אן אנדער כיבוד, און ער וועט שוין מאַכען אַ נייע סעקטע, אַ נייע פֿראַקציאָן, און וועט אָנפֿאַנגען אינטריגעס, און פּלאַנעווען אַ רעוואָלוציאָן, און מאַכען אַ סוף פֿון אייער מדינה. ניין, איך פֿאָהר ניט, איך בלייב דאָ אין בערלין. איך בין אַ דייטש, אָבער קיין איד".

די דעלעגאַטען זיינען אוועק פֿערשעהמט, שטאַרק בעליידיגט און העכסט געקריינקט. קומענדיג אין דער אידישער מדינה האָבען זיי איבערגעגעבען די תשובה פֿון דעם בערלינער פּראָפֿעסאָר. דער אַסימילאַטאָר איז גלייך אויסגעשלאָסען געוואָרען פֿון אידישען פֿאָלק, זיין נאָמען איז אריינגעלייגט געוואָרען אין חרם, מיט שוואַר־צע ליכט און מיט דעם בלאָזען פֿון שופר.

איינער אליין, איין איינציגער איד, דער לעצטער פֿון דער גאַנצער אידישער נאַציאָן, איז דער פּראָפֿעסאָר געבליבען אין בער־לין וואו ער האָט געהאַלטען לעקציעס אין דעם אוניווערזיטעט איבער אַנטראָפּאָלאָגיע און איז געווען זעהר געאַכטעט ביי די דייטשען. ער איז געווען פֿאָלקאָמען אַסימילירט, און אין זיין אויסזעהן, ווי אויך אין זיין אויפֿפֿיהר, האָט מען ניט געקענט דער־קענען אַז ער איז אַ זוהן פֿון אידישען שטאַם.

איינמאָל, ווען דער פּראָפֿעסאָר איז ארום שפּאַצירען אונטער דען לינדען, האָט ער געהערט ווי מענשען זאָגען אין דער שטיל: „אָט דאָס איז דער לעצטער איד, דער איינציגער איד אין גאַנץ אייראָפּאַ". דעם פּראָפֿעסאָר האָט עס שטאַרק פֿערדראָסען. קיינ־מאָל ביז יעצט האָט ער געהערט, אַז מען זאָל מאַכען בעמערקונגען וועגען זיין אידישען אָבשטאַם. אָבער שפּעטער האָט ער בעמערקט, אַז וואָס ווייטער ווערט ער אַלץ מעהר בעמערקט אין גאַס און וואו נור ער בעווייזט זיך צווישען מענשען בעטראַכט מען איהם אַלס קוריאָזיטעט. ער האָט זיך בעטראַכט אין שפּיגעל: זיין נאָז איז ניט לייננער געוואָרען, זיינע אַנדערע געזיכטסציגע האָבען זיך ניט געענדערט אויף אַ האָאַר. מיט איין וואָרט ער האָט אין זיך אַליין ניט געזעהן קיין אורזאַכע וואָרום ער זאָל צוציהען די אויפֿמערק־זאַמקייט פֿון מענשען. דאָך וואָס מעהר אַ טאָג איז פֿארביי, אַלץ אַ גרעסערער קוריאָז איז ער געוואָרען אין די אויגען פֿון די בער־

מען זאָל איהם לאָזען וואוינען אין דער אידישער מדינה. אָבער די סאָציאַליסטען און די אַנדערע ראַדיקאַלע עלעמענטען האָבען אויפגעהויבען אַ פּראָטעסט געגען דיעזע אויסשליסונג. זיי האָבען געפאָדערט אין נאָמען פון פרעס און רעדע־פרייהייט, אַז מען זאָל דעם בערלינער פּראָפעסאָר אויך געבען אַן אַמנעסטיע, און עס זאָל איהם ערלויבט זיין צו וואָהנען אין דער אידישער לאַנד, און אַפילו שרייבען זיינע אַרטיקלען און ביכער און פערטהיידיגען זיינע מיינונגען, ווי עס פּאַסט זיך פאַר אַ מאָדערנע פאָלקס־רעגיערונג, וועלכע איז געגרינדעט אויף די פּרינציפּען פון פרייהייט, גלייכהייט און ברידערליכקייט. נאָך אַ לאַנגע דעבאַטע איז בעשלאָסען געוואָרען אַז דער פּראָפעסאָר מעג אויך אַריינקומען אין דער אידישער מדינה.

אַ דעלעגאַציאָן איז ערוועהלט געוואָרען צו געהן נאָך בערלין און בענאַכריכטען דעם פּראָפעסאָר וועגען דעם בעשלוס. דאָס אידישע פאָלק האָט געזעהן אַ גרויסען נצחון אין דעם דאָס דער בעריהמטער אַסימילאַטאָר וועט ענדליך ווערען אַ בירגער פון אַ אידישער רעגיערונג. מען האָט זאָגאָר אָנגעהויבען שטאַרק צו ריידען פון דעם, אַז ווען דער פּראָפעסאָר וועט קומען זאָל מען איהם געבען אַ גרויסען רעגיערונגס־אַמט, ווי אַדמיניסטראַטאָר פון דעם אַרכיוו פון אַלטע שמות, אָדער שעף־דירעקטאָר פון עליות און הקפות, אָדער פינאַנץ־סעקרעטער פון אַלע רבי מאיר בעל הנס פּושקעס.

די דעלעגאַטען זיינען געקומען אין בערלין און האָבען אין אַ שעהנער שפּראַך מיט אַ סך פּאַטריאָטישע מליצה איבערגעגעבען דעם אַסימילאַטאָר אַ גרוס פון דער אידישער נאַציאָן מיט אַ העכסט־פריינדליכער איינלאַדונג צו קומען, צו בעזעצען זיך צווישען כל־ישראל, און ווערען אַ געאַכטעטער בירגער פון אידישען לאַנד.

„אַ אידישע לאַנד? אַ אידישע רעגיערונג?" האָט דער פּראָפעסאָר איבערגעפרעגט מיט אַ שפּאָטישען שמייכעל. „באָבקעס! איך האָב דאָס שוין לאַנג געזאָגט, אַז עס גיבט קיין אידישע נאַציאָן, און דארום קען ניט געבען אַ אידישע לאַנד מיט אַ אידישע רעגיערונג. אַזוי גיך זאָל משיח קומען ווי גיך איהר וועט זיך צורייסען און זיך צושפּאַלטען, און עס וועט ווערען אוים רעגיערונג. אוים

געווען וועגען אידען וואָס האָבען חתונה געהאַט מיט גוי'אישע ווייבער. נאָרדוי האָט אַ שמייכעל געטהאָן און זאַנגוויל האָט אַ הוסט געטהאָן. די קאָמיטע־לייט האָבען זיך אָנגעקוקט איינע די אַנדערע און די פראַגע איז גלייך ענטשיעדען געוואָרען, אַז אַזעלכע אידען זאָלען אַריינגעלאָזט ווערען מיט דעם תנאי, אַז די גוי'אישע ווייבער זאָלען אָבגעבען עקזאַמען אויף קאָכען געפילטע פיש. נאָכ־דעם זיינען פאָרגעבראַכט געוואָרען סאָציאַליסטען, אַנאַרכיסטען, אַטהעאיסטען, עטהיקאַל־קולטוריסטען און פיעלע אַנדערע „איס־טען", און עס איז בעשלאָסען געוואָרען, אַז יעדער איד וואָס וויל זיך אומקעהרען צו זיין פאָלק איז העכסט־ווילקאָמען, עס מאַכט ניט וואָס זיינע רעליגיעזע אָדער עקאָנאָמישע איבערציינגונגען זיי־נען. אַן אַלגעמיינע אַמנעסטיע איז אַרויסגעגעבען געוואָרען צו ברונאָ לעסינג און אַנדערע ענגליש־אידישע שרייבער וואָס האָבען זעהר שלעכט פאָרגעשטעלט דעם אידען אין דער גוי'אישער ליטע־ראַטור. אין דער אַלגעמיינער אַמנעסטיע זיינען אויך נכלל געוואָ־רען די אידישע יונגע לייט וואָס האָבען אַלס „היברו קאָמידיענס" געמאַכט חוזק פון זייער ראַסע אויף דער ענגלישער ביהנע, און עס זיינען אויך נכלל געוואָרען די געעהרטע פּראָפעסאָרען פון סינסינעטער „היברו יוניאָן קאָלעדזש", דער סעמינאַריום פאַר רע־פאָרמער, וועלכע האָבען אַרויסגעוואָרפען עטליכע לעהרער פון זייער סעמינאַריום פאַר דעם וואָס זיי זיינען געווען ציוניסטיש.

דאַן איז געקומען די פראַגע וועגען אַ געוויסען אידישען פּראָ־פעסאָר פון בערלין. דיעזער פּראָפעסאָר האָט געגען זיך געהאַט זעהר פיעל געגנער אין דער קאָמיטע צוליעב זיינע אַסימילאַטאָרישע מיינונגען. דעם גאַנצען לעבען זיינעם האָט דיעזער פּראָפעסאָר פערבראַכט אין שרייבען אַרטיקלען און ביכער מיט דעם צוועק צו בעווייזען, אַז די אידישע ראַסע איז ניט ריין, אַז אידען זיינען אין דער צייט פון זייער לאַנגען און פינסטערען גלות פערמישט גע־וואָרען מיט די גוים, און אַז דאָס אַלטע אידישע פאָלק עקזיסטירט ניט מעהר. ער האָט זיינע מיינונגען פערטהיידיגט מיט גרויס פלייס, איבערגעבענהייט און מיט פיעל פייער. עס איז גאָר קיין צווייפעל געווען, אַז אַזאַ מענש וואָלט זיך אַרויסווייזען אַלס אַ גרויסע געפאַהר פאַר דעם גייסט פון אידישען נאַציאָנאַליזם, ווען

# דער לעצטער איד

(אַ מעשה פון משיח׳ס צייטען)

די גאולה איז ענדליך געקומען. דער פריעדענס־קאָנגרעס אין האאג האָט בעוויליגט די אידען אַ טעריטאָריע, אַ אייגענע לאַנד אין אויסטראַליען, אונטער דער אויפזיכט פון דעם אינטערנאַציאָנאַלען פריעדענס־קאָנגרעס, מיט אַן אייגענע אידישע רעגיערונג. די ציוניסטען האָבען מיט די טעריטאָריאַליסטען געמאַכט אַ קאָמפּראָמיס: דער נייער אידישער שטאַאט זאָל בלייבען אַ „נאַכט־אזיל", עס הייסט אַן אכסניה פאַר די גלות־אידען, פאַר די פערטריבענע און פערוואָגעלטע, וואו זיי זאָלען קענען איבערקומען די צייט ביז די גרויסע גאולה וועט קומען, ביז דער העכסטער וואונש פון אידישען פאָלק וועט ערפילט ווערען און דאָס לאַנד אָהן אַ פאָלק וועט זיך אומקעהרען צום פאָלק אָהן אַ לאַנד.

פון אַלע עקען וועלט האָט מען זיך געקליבען נאָך דער נייער אידישער מדינה. די רעגיערונגען האָבען געגעבען שיפען און אייזענבאַהנען צו טראַנספּאָרטירען אַלע אידען פריי. די ארבייט איז צוגעגאַנגען מיט ריעזען־שריט. אַלע אידען פון דער גאַנצער וועלט האָבען זיך גענומען אויף דעם וועג צו דער אידישער טעריטאָריע, אום צו לעבען אין אַן אייגענעם לאַנד, אונטער אַן אייגענע דעמאָקראַטישע הערשאַפט, מיט אייגענע ליבעראַלע געזעצע.

אַ בעזונדער קאָמיטע, עהנליך צו אַ „קאָמיטע אָוו קרעדענשעלס", איז געזעצט געוואָרען צו בעשטימען וועלכע אידען עס האָבען אַ רעכט צו קומען אין דער נייער אידישער מדינה און וועלכע עס מוזען בלייבען צווישען די גוים. עס האָט זיך ארויסגעוויזען, אַז עס זיינען דאָ אַ סך קינדער פון אידישען פאָלק וועגען וועלכע עס איז געווען שווער צו בעשטימען אויב זיי בעלאַנגען נאָך צו אידען, אָדער ניט. די קאָמיטע האָט אַזעלכע צווייפעלהאַפטע אידען געמוזט סאָרטירען. די ערשטע שאלה איז נאַטירליך

„האַ־האַ־האַ! האַ־האַ־האַ!“ — דאָס גאַנצע פּובליקום האָט שוין געלאַכט.

„איהר האָט וועגען מיר אַ גרויסען טעות. אַז איך וויצעל זיך איבער אייערע נאַרישקייטען, טריפט מיר בלוט פונ׳ם הארצען. איך לאַך מיט יאַשצערקעס“ —

„יאַשצערקעס!“ האָט אונטערגעכאַפּט דער עולם. „האַ־האַ־האַ! יאַשצערקעס“ האָט ער געזאָגט! האַ־האַ־האַ — איך האַלט ניט אויס, אַי!“

„דאַמען און הערדען! איך פערשטעה ניט וואָרום איהר קענט מיך ניט אָננעהמען ערנסט. איך פערשטעה ניט וואָרום איהר לאַכט“ —

ווידער האָט דער גאַנצער עולם אויסגעשאָסען מיט אַ געלעכטער.

„גע׳הרג׳עט זאָל ער ווערען!“ האָט איינער געזאָגט. „ביי איהם נעהמען זיך גאָר ניט אויס קיין וויצען.

„פערפּלאַצט זאָל ער ווערען!“

„אַ בראַנד אויף איהם!“

„אַ כאָלערע אויף איהם!“

„אַ ניכפּה זאָל איהם כאַפּען!“

דער הומאָריסט האָט איינגעזעהן, אַז עס איז נוצלאָז צו זיין ערנסט. ער איז פערצווייפעלט געוואָרען אויפ׳ן גאַנצען לעבען צו פערבלייבען אַ פרעהליך־מאַכער און אַז זיין לוין זאָל זיין קללות און חרמות.

דער הומאָריסט האָט זיך ערנסט פערטראַכט. „אָט דאָס איז דער לוין פאַר מיין מיהע ! ווי ווענינ דאָס פאָלק פערשטעהט מיך. די בעסטע יאָהרען פון מיין לעבען האָב איך אָבגעגעבען פאַר זיי און זיי בענשען מיך מיט קללות ! איך האָב געזוכט זיי צו לערנען און צו בילדען דורך מיין שרייבען. איך האָב זיי די גייסטיגע מעדיצין איינגעגעבען אין אַן אַנגענעהמער פאָרמע. שאַרפע פּילען האָב איך זיי געגעבען איינגעטונקט אין האָניג און אין צוקער. זיי האָבען די האָניג מיט די צוקער אַרומגעלעקט און די פּילען ניט איינגענומען. פאַר אַ בדחן האַלטען זיי מיך. פון די וויצען האָ־בען זיי געלאַכט, אָבער די קריטיק האָבען זיי ניט פערנומען און זיי זיינען געבליבען ביי זייערע נאַרישקייטען. זיי מיינען נור אַז איך בין געשאַפען זיי צו קיצלען, זיי פרעהליך צו מאַכען ! אַ בדחן בין איך ביי זיי !"

דער הומאָריסט האָט בעשלאָסען צוזאַמענצורופען דעם עולם און צו געבען אַן עפענטליכע פאָרלעזונג, מיט דעם צוועק אויפ־צוקלעהרען אַ ביסעל זיינע לעזער און אויסבעסערען זייער געשמאַק. ער האָט זיי געוואָלט ווייזען די ערנסטע זייט פון זיין שרייבען, דעם מאָראַל פון דעם.

אַ גרויסער עולם איז זיך צוזאַמענגעקומען הערענדיג, אַז זייער בעליעבטער הומאָריסט וועט געבען אַ פאָרלעזונג מיט אַ לעקטשור. שוין ביי זיין ערשיינען האָט איהם דער עולם בעגריסט מיט בראַוואָ־פּאַטשען און מיט אַ פרעהליכען געלעכטער.

„זעהט, זעהט", האָט זיך דער עולם געשושקעט. „אפילו אַז ער שווייגט מוז מען אויך לאַכען. פון זיין שווייגען אַליין קען מען צופּלאַצט ווערען לאַכענדיג".

„דאַמען און הערען !" האָט אָנגעפאַנגען דער הומאָריסט. „איך האָב היינט מיט אייך געוואָלט ריידען אַ ביסעל ערנסט" —

„האַ־האַ־האַ ! האָ־האָ־האָ ! הי־הי־הי !" האָט זיך געהערט צווישען עולם אַ גרויס געלעכטער.

„איך מיין ניט קיין וויץ דיעזען מאָל".

„האַ־האַ־האַ ! הי־הי ! הי־הי ! אָי, איך שטאַרב פאַר גע־לעכטער !"

„איך בעט אייך, הערט זיך צו, לאַכט ניט" —

# דער הומאָריסט

(עטוואָס ענהליך צו אַ יאַפּאַנישע מעשה׳לע)

אַ שרייבער, וועלכער האָט זיין גאַנצען לעבען אָבגעגעבען צו מאַכען זיינע מיטמענשען לאַכען, זיי פרעהליך צו מאַכען, צו ער־מונטערען זיי, און צו פערזיסען זייערע פרייע שטונדען נאָך דעם טאָג שווערע ארבייט — אַזאַ שרייבער האָט איינמאָל בעקומען אַ חשק צו דערגעהן, וואָס מענשען דענקען פון איהם און וואָס זיי ריידען פון איהם ווען ער איז דערביי ניטאָ.

ער איז אַרומגעגאַנגען איבער די גאַסען, זיך אָבגעשטעלט אויף אַלע אָפּענע פּלעצער וואו מענשען קומען זיך צוזאַמען, זיך צוגעהערט צו יעדער גרופּע מענשען, און אַט וואָס ער האָט געהערט וואָס מען זאָגט אויף איהם:

„נעכטען האָט ער געהאַט אַ פעליעטאָן — דער קאַדוק זאָל איהם כאַפּען! — איך האָב אַזוי געלאַכט, איך האָב געמיינט איך וועל צוזעצט לאַכענדיג. אַ כאָלערע זאָל איהם כאַפּען! וואָס פאַר אַ קאָפּ ער האָט אויף זיך!“

„נור אַ משוגענעם קענען איינפאַלען אַזעלכע איינפּעלע. איך האָב געמיינט איך וועל קראַנק פון געלעכטער. אַ קריינק זאָל זיך איהם זעצען“.

„אויסגעריסען זאָל ער ווערען! איך האָב אַזוי פיעל געלאַכט פון זיין מעשה׳לע, דאָס איך האָב געמיינט אַז עפּעס האָט זיך ביי מיר איבערגעריסען אין בויך!“

„גע׳הרג׳עט זאָל ער ווערען! יעדען מאָל וואָס איך לעז זיינע אַ זאַך, דאַכט זיך מיר אַלץ אַז דאָס איז דאָס בעסטע וואָס ער האָט געשריבען“.

„פערברענט זאָל ער ווערען. ער איז דאָס טאַקע אַ לץ!“

„איינגעזונקען זאָל ער ווערען! איך האָב נאָך אין מיין לעבען אַזאַ גוטע זאַך ניט געלעזען!“

## פון דער און יענער וועלט:

# אינהאַלטס-פערצייכנים:

## משלים און מעשה'לעך:



## בילדער און צייט-פעליעטאָנען:

זינגט נור פון הערבסט וואָס מאַכט וועלקען די בליהענדע ראָזען מיט זיין קאַלטען אָטהעם, פון בייזען ווינד, וואָס רייסט אראָב די בלעטער פון די בוימער, פון ווילדען שטורעם און פון שווארצע וואָלקענס.

— „דעם מענשענ׳ס לעבען איז קורץ" — זאָגט פערעלע — „דארום וויל איך לעבען זאָלאַנג איך לעב. איך וויל לעבען זאָלאַנג דער פריהלינג בליהט, זאָלאַנג די זון שיינט, און עס בליהען די בלומען, און די פויגעלעך זינגען אין דעם שאָטענדיגען וואלד. איך וויל לעבען זאָלאַנג מיין הערץ איז פול מיט האָפנונגען און מיין קאָפּ מיט זיסע פאַנטאַזיען. יא, איך וויל לעבען, לעבען און לעבען!"

— „לעבען פאַר זיך אַליין איז זעהר לאַנגווייליג" — זאָגט בלומעלע — „לעבען פאַר אַנדערע, אָט דאָס הייסט לעבען! רעטען די אונגליקליכע, אויפהויבען די געפאַלענע, אָבווישען די טרערען ביי די וויינענדיגע, טרייסטען די האָפנונגסלאָזע, מוטהיגען, שטאַרקען די בראַווע קעמפּפער פאַר פרייהייט און גערעכטיגקייט, מיט זיי צוזאַמען געהן אין דער מלחמה, מיטקעמפּפען, מיטזיעגען אָדער מיטפאַלען — דאָס הייסט לעבען!"

און פערעלע לאַכט. ווי שעהן זי איז ווען זי לאַכט!

— „לעבען, לעבען וויל איך!" — הער איך איהר פלוידערענדיג. — „איך קען אַנדערע פיעל ניט העלפען, איך בין צו שוואַך דערצו. עס איז צופיעל עלענד, אַרמוטה און אונטערדריקונג, צופיעל נויט און צופיעל רויב און שווינדעל אויף דער וועלט. צו וואָס זאָל מען אָפּפערען דאָס אייגענע-לעבען, ווען מען קען אַנדערע ניט העלפען? וועל איך אָבוואַשען איין טרער, וועט פליסען אַ צווייטער, אַ דריטער, אַ גאַנצער ים פון טרערען; וועל איך העלפען איינעם אויפשטעהן פון דער ערד, וועלען טויזענדע אַנדערע אויף זיין פּלאַץ זינקען; ניין! איך וויל לעבען זאָלאַנג די נאַטור לעבט, איך וויל געניסען זאָלאַנג מיינע פיס קענען זיך נאָך בעוועגען צום טאַנץ.

און זי טאַנצט, מיין ליעבע פערעלע. גאָט אין הימעל, ווי רייצענד זי איז! מיין האַרץ טאַנצט איהר צו אין טאַקט פון פרייד, און איך בין גליקליך!...

— „דאָס הייסט: עגאָאיזם, אייגענליעבע!" — הער איך אין דער מינוט בלומעלע׳ס שטימע — ניין! מיר קענען ניט לעבען נור פאַר זיך אַליין, זאָלאַנג עס זיינען נאָך דאָ אונגליקליכע אויף דער

וועלט; זאָלאַנג מיר זעהען די בלייכע געזיכטער פון די אָרעמע, עלענדע, הונגעריגע און שוואַכע; זאָלאַנג די ערד ווערט נאָך פייכט פון דעם מענשענ׳ס טרערען און די לופט קלינגט נאָך פון זייערע זיפצען און קרעכצען — קענען מיר ניט לעבען פאַר זיך אַליין! מיר מוזען לעבען פאַר אַנדערע. העלפען מיר אונזערע מיטמענשען און קעמפּפען מיר פאַר זייערע רעכטע, הייסט עס, דאָס מיר האָבען ניט אומזיסט געלעבט, דאָס מיר זיינען נוצליכע מיטגליעדער אין דער געזעלשאַפט. זיפצען מיט די זיפצענדע, ליידען מיט די ליידענ־דע, וויינען מיט די וויינענדע און קעמפּפען פיר זייערע רעכטע — איז דער גרעסטער גליק פון לעבען.״

און איך ווער בעגייסטערט פון בלומעלע׳ס רייד, איך וויין זיך אויס מיט איהר צוזאַמען אויף דעם עלענד פון דער מענשהייט און בין דער גליקליכסטער מענש אויף דער וועלט.

ווען איך וואָלט געקענט נור ליעבען איינע פון זיי!

# עס איז איהר געלונגען!

אמאָל זיינען געווען דריי ווייבער, האָבען זיי אָבגעמאַכט צווישען זיך צו פערביטערען זייערע מענער די יאָהרען און זיי מאַכען גוט קראַנק און געבראָכען.

איין פרוי האָט געזאָגט: „איך וועל זיך מאַכען שעהנע קליידער און וועל מיטשלעפּען מיין מאַן אויף חתונות, בעלער און פּאַרטיעס. איך וועל איהם שנעל אויסברענגען זיין געלד מיט זיין געזונד."

די צווייטע פרוי האָט געזאָגט: „איך וועל זיצען טעג און נעכט צו הויז. איך וועל ערגעץ ניט ארויסגעהן. איך וועל זיך ניט פּוצען, ניט וואַשען און ארומגעהן אָבגעלאָזען, ניט פערקעמט און אין א פערשמאָלצענעם יאַקעל מיט א שמוציגען פאַרטוך. מיין מאַן וועט קראַנק ווערען קוקענדיג אויף מיר."

די דריטע פרוי האָט געשוויגען. זי האָט איהר פּלאַן ניט געוואָלט אויסזאָגען. זי האָט נאָר געזאָגט: „איהר וועט זעהן פּאַרטיגערהייד."

אין א צייט ארום זיינען די פרויען צוזאַמענגעקומען און יעדע פון זיי האָט אָבגעגעבען א בעריכט וועגען זייערע פּלענער.

די ערשטע האָט געזאָגט: „מיין פּלאַן איז ניט געלונגען. דורך דעם וואָס איך האָב ארומגעשלעפּט מיין מאַן צו חתונות און בעלער און דורך דעם וואָס איך האָב געטראָגען שעהנע קליידער, האָט מיין מאַן בעקומען א גרויסע בעקאַנטשאַפט, און זיינע געשעפּטען זיינען פון טאָג צו טאָג געוואַקסען, זיין קרעדיט האָט געשטיגען, און וואָס מעהר געלד איך האָב פערשוועגדעט אויף קליידער און דזשועלערי איז מיין מאַן געוואָרען אַלס רייכער, און וואָס רייכער ער איז געוואָרען אַלץ שעהנער און געזינדער איז ער געוואָרען."

די צווייטע האָט געזאָגט: „מיין פּלאַן איז אויך דורכגעפאַלען, דורכדעם וואָס איך פלעג שטענדיג זיצען אין דער היים אָבגעלאָזען איז מיין מאַן געווען געצוואונגען צו ווייכען פון דער היים און זוכען אַנדערע געזעלשאַפט. איך בין געוואָרען אַלט און קראַנק און ער ווערט אינגער און שעהנער פון טאָג צו טאָג."

און די דריטע האָט געזאָגט: „מיין פּלאַן איז גראַדע יאָ געלונ־
גען. מיין מאַן איז קראַנק, קוים וואָס ער שלעפּט זיך אויף די פיס.
ער האָט אַ האַרץ קראַנקהייט, ער האָט די שווינדזוכט אָבער ניט
איין גאַנצען דאָלאַר.“

„וואָס האָט איהר געטהאָן?“ האָבען די צוויי פרויען געפרעגט.

„איך האָב גענומען זאַכען אויף אויסצאָהלען. ביי יעדען קאָם־
טאָמער פּעדלער וואָס פּלעגט אַנקלאַפּען אין טהיר פּלעג איך קויפען
זאַכען אויף אויסצאָהלען: אַלבומס, פּאָרטיערס, וועק־זייגערס,
שפּיעלקאַסטענס, פּאָנאָגראַפס, און אַלעס אין דער וועלט. איך האָב
זאָגאַר בעשטעלט צייהנער אויף אויסצאָהלען. מיין מאַן האָט גע־
דאַרפט צאָהלען און איבערצאָהלען, און זיך נאָך קריגען מיט די
קאָלעקטאָרס. דאָס האָט אויסגעגעסען זיין האַרץ, זיינע לונגען און
זיינע טאַשען — איך האָב אויסגעפיהרט!“

# אַן אנשטעקענדע משוגעת

עס איז אַמאָל געווען אַ מאַן וואָס האָט געהאַט אַ וויכטיגען אַמט אין אַ גרויסען וואָהלטהעטיגען אנשטאַלט. דער אַמט איז געווען זעהר אַ גוטער. אַרבייט איז געווען ווייניג, זעהר ווייניג, כמעט גאָרניט, און דאָס געהאַלט איז געווען גרויס, אין די טויזענ־דער האָט עס געגרייכט. דער מאַן האָט געלעבט אין וואוילטאָג און איז געווען געעהרט און געאַכטעט פון אַלעמען.

איינמאָל איז דיעזער בעאַמטער צוגעגאַנגען צום פּרעזידענט פון דעם אנשטאַלט און האָט געזאָגט:

„מיסטער פּרעזידענט! איך האָב זיך אַרומגעזעהן אַז איך נעהם צופיעל געלד. לויט די אַרבייט וואָס איך טהו, פערדין איך גאָר ניט אַזוי פיעל, אפילו אַ צעהנט־חלק אויך ניט. איך בעט אייך דאַרום, אין נאָמען פון יושר, מיין געהאַלט צו פערקלענערען, אום דאָס איבעריגע געלד זאָל בעסער געהן פאַר די פּאָר ווענדען די וואָהלטהאַט פון אונזער אנשטאַלט איז בעשטימט. אַז ניט וועל איך בעסער רעזיגנירען.“

דער פּרעזידענט האָט דעם בעאַמטען גלייך געלאָזט אַרעס־טירען. מען האָט דעם אַרעסטירטען געבראַכט אין געריכט מיט אַ פאָדערונג אַז מען זאָל אונטערזוכען זיין פערשטאַנד.

„איך בין ניט משוגע!“ האָט דער בעאַמטער גע'טענה'ט צום ריכטער. „נישט מעהר, מיין געוויסען האָט זיך ערוואַכט. משוגע בין איך נ י ט.“

„אַזוי טענה'ן אַלע משוגעים“, האָט דער ריכטער געענטפערט. „אייגענטליך קען איך גאָרנישט טהאָן אין דעם, איך מוז אייך פער־האַלטען צו אַן אונטערזוכונג. די בעווייזע אַז איהר זייט פערריקט זיינען זעהר שטאַרקע.“

ווען די אונטערזוכונג אין געריכט האָט זיך אָנגעפאַנגען, זיינען פאָרגערופען געוואָרען עקספּערטען פון דער אנקלאַגע און עקספּער־טען פון דער פערטהיידיגונג. די מיינונגען זיינען געווען פערשיע־

דענע און האָבען ערוועקט א גרויסע אינטערעסע ביי אַלע וואָס זיינען געווען אַנוועזענד אין געריכטס־זאַאַל. אָבער אינטערעסאַנטער פון אַלעס איז געווען די רעדע פון דעם פּראָקוראָר וואָס ער האָט געהאַלטען פאַר דעם ריכטער.

„יור אָנאָר! פאַר אייך שטעהט אָנגעקלאָגט א משוגע׳נער וואָס איז איינער פון די געפעהרליכסטע זאָרטען משוגעים אויף דער וועלט. ער בעזיצט א משוגעת וואָס איז אַנשטעקענד, וואָס געהט איבער פון איין פּערזאָן צו דעם אַנדערען, און וואָס קען זיך לייכט פערשפּרייטען צווישען פאָלק אזוי ווי א פּעסט.

„דיעזער אונגליקליכער מאַן וואָס שטעהט דאָ פאַר אייך, יור אָנאָר, פערדיענט אונזער טיעפסטע סימפּאַטיע. ער איז געווען בע־ליעבט פון פריינדע, און געאַכטעט אפילו פון פיינדע. נור דאָ ניט לאַנג, אין א שעהנעם נאָכמיטאָג, האָט ער אָפּען געבעטען ביי דעם פּרעזידענט פון זיין אַנשטאַלט, אין געגענוואַרט פון אייניגע עדות, אז מען זאָל איהם פערקלענערען זיין געהאַלט, וויילָ ער דיינקט אז ער פערדיענט עס ניט, אז ער נעהמט אומזיסטע געלד. דאַרף מען לאַנג ריידען אום צו בעווייזען אז דיעזער מענש איז משוגע, און אז ער איז דערצו איינער פון די געפעהרליכסטע משוגעים?

„שטעלט זיך פאָר, יור אָנאָר, אז ווען דיעזע געוויסענס משוגעת זאָל זיך פערשפּרייטען איבער׳ן לאַנד! וואָס וועט ווערען פון אַלע אונזערע וואָהלטהעטיגע אַנשטאַלטען? עס וועט דאָרט ניט פער־בלייבען אפילו איין בעאַמטער! זיי וועלען זיך אַרומזעהן אז זיי פערדיענען גאָר נישט, א פּעני ניט! און זיי וועלען רעזיגנירען און זיך צולויפען. און דאָס איז נאָך ניט אַלעס. דיעזע געוויסענס משוגעת קען זיך פערשפּרייטען אויך אין אונזערע רעגיערונגס אַנשטאַלטען. דער מעיר, די מיטגליעדער פון שטאָדטראַטה, דער פּאָליציי דעפּאַרט־מענט — אַלע קענען אָנגעגריפּען ווערען פון דער זעלבער משוגעת, און עס וועט אפילו ניט בלייבען א פּאָליסמאַן אין שטאָדט. און עס קען נאָך געהן ווייטער און העכער. עס וועלען ווערען פּוסט די לע־דזשיסלייטשורס פון אַלע שטאַאַטען, און אפשר אויך דער קאָנגרעס.

„יור אָנאָר! דער לאָיער פאַר דער פערטהיידיגונג האָט אייניגע מאָל אויפמערקזאַם געמאַכט אז מיר מוזען געדענקען דאָס דער אָנ־געקלאָגטער האָט א ווייב מיט קינדער. איך אַליין האָב פאַר זיי מיין

טיעפסטע סימפּאַטיע. מיין האַרץ געהט אויס פון גרויס צער אויף זייער אונגליק. אָבער מיר דאַרפען ניט פערגעסען די פרויען און די קינדער פון אונזער גאַנצען לאַנד. וואָס וועט פון זיי ווערען ווען דיעזע משוגעת וועט זיך פערשפּרייטען איבער'ן גאַנצען לאַנד? מיר דאַרפען ניט מקריב זיין אַ גאַנצע לאַנד פאַר אַ פּרט, פאַר איין איינציגע פאַמיליע.

„בערעכענט נור, יור אָנאָר, וואָס וועט ווערען פון אונזער לאַנד אויב מיר וועלען דיעזען משוגע'נעם בעצייטענס ניט אָבזונדערען פון מענשען. די משוגעת וועט זיך פערשפּרייטען אויף צו אַלע קלאַסען בירגער, אָרים אַזוי ווי רייך. פּרעזידענטען פון גרויסע אינדוסטריעלע און פינאַנציעלע געזעלשאַפטען וועלען זיך ענטזאַגען פון זייערע פּלעצער ווייל זיי וועלען זיך אַרומזעהן אַז זיי פערדיענען ניט די געהאַלטען וואָס זיי בעקומען. עס וועט ניט בלייבען איין איינציגער וועכטער אין שטאָדט. עס וועט ניט בלייבען איין איינציגער דאָקטאָר, איין איינציגער לאָיער, און איהר, יור אָנאָר, וועט אפילו קיין גערעכטיגקייט ניט קענען פערטהיילען פון אייער געריכטס־שטוהל.

„אין אַזאַ פאַל, יור אָנאָר, וואו די זיכערהייט פון דאָס גאַנצע לאַנד מיט איהרע בירגער ליעגט אין קאָן, טאָר מען ניט לייגען רחמנות אויף אַזעלכע ברואים. מען מוז זיי אָבזונדערען פון אַנדערע מענשען, אום זיי זאָלען ניט קענען פערשפּרייטען זייערע משוגעת'ן און אויפוועקען דעם געוויסען פון דער גאַנצער וועלט."

נאָך אַ קורצען ישוב הדעת האָט דער ריכטער אַרויסגעגעבען זיין בעשלוס אַז דער בעאַמטער וואָס האָט אויף זיך אַליין געזאָגט אַז ער נעהמט אומזיסטע געלד, איז משוגע, און אַז ער דאַרף וואָס שנעלער אַוועקגעשיקט ווערען אין אַ משוגעים הויז, אין דער אַבטהיי־לונג פון די אונהיילבאַרע, און געהאַלטען ווערען אונטער אַ שטרענגע וואַכע.

דער אורטהייל איז דורכגעפיהרט געוואָרען.

# אידיש אין אַמעריקאַ

ליעבער חבר מנשה!

יעצט איז שוין די צווייטע וואָך דאָס איך געפין זיך אין אַמע־ריקאַ, און אַזוי ווי איך האָב זיך שוין אַ ביסעל אָבגערוהט פון דער רייזע, און האָב שוין אַ ביסעל אַרומגעקוקט די גרויסע שטאָדט ניו יאָרק, בין איך אימשטאַנד דיר צו שרייבען אַ לייגגערען בריעף און דיר אַ ביסעל אַרומשרייבען וועגען אונזערע אידען דאָ, אין דיעזען לאַנד.

דאָס ערשטע וואָס האָט מיך גע׳חידוש׳ט און וואָס עס מוז וואונדערען יעדען אידען וואָס קומט אָן אהערצו, איז: וואו איז אהינגעקומען אונזער אידיש — אונזער מאַמע לשון? אין ניו יאָרק איז שווער זיך דורכצורייידען מיט אַ אידען. איך הויב זיי ניט אָן צו פערשטעהן. זיי רייידען אַזאַ מאָדנע אידיש — אַז עס איז ערגער ווי די אידיש פון אונזערע פּאַרטיי־זשורנאַלען וואָס דרוקען זיך אין וואַרשוי און אין ווילנאַ. מען זאָגט מיר אַז ווען איך וועל זיך אויס־גרינען וועל איך פערשטעהן אַלעס וואָס זיי רייידען, און אַז דאַן וועל איך אויך רייידען ווי זיי. זאָל מיך דער אויבערשטער אויסהיטען! איידער אַזאַ לשון, שוין בעסער טערקיש.

איך בין פערפאָהרען צו מיין עלטערען ברודער און האָב געהאַט אַ גוטע אויפנאַהמע. געדענקסט דאָך מיין עלטערען ברודער, טרייטל׳ען, וואָס פלעגט אין דער היים זיצען כסדר אויף דער גמרא און לערנען, וואָלסטו בעדאַרפט הערען וואָס פאַר אַ לשון ער רעדט יעצט. עס איז גאָר ניט אידיש! ווי ער האָט מיך דערזעהן האָט ער אויסגעשריען: „האַלאָ!“ נאָכדעם האָט ער זיך פערכאַפּט און גע־זאָגט „שלום עליכם“. נאָכדעם פרעגט ער מיך „האָסטו געהאַט אַ גוד טאַים אויף דער רייזע?“ פרעג איך איהם: „וואָס איז דאָס גוד־טאַים?“ צולאַכט ער זיך און זאָגט אַז איך בין נאָך אַ גרינער.

די גאַנצע צייט וואָס איך זיץ ביי מיין ברודער אין הויז, און מיר עסען, טרינקען און רייידען, האַקען זיי אַלץ אַזעלכע ווערטער,

וואָס איך הויב ניט אָן צו פערשטעהן. מילא, די קינדער בין איך שוין מוחל. זיי ריידען אין גאַנצען ענגליש. אָבער מיין ברודער, מיין שוועגערין! צעהן מאָל אַ מינוט זאָגען זיי „אָל רייט" און „נעווער מיינד", און „האָריאָפּ", און „איל בעטשיו" עפּעס אַזוי ווי זיי וואָלטען זיך וועלען איבערנעהמען געגען מיר, וואָס איך פערשטעה ניט און זיי פערשטעהען יא.

געה איך אַרוים שפּעטער אַ ווײלע, אין אָבענדס, אין גאַס, בעגעגען איך אין קאָרידאָר אַן אַלטע אידענע, אין אַ שייטעל, טאַקע פון אונזערע היימישע ווייבער. האָב איך זיך דערפרעהט. איך טראַכט מיר: אָט וועל איך הערען אַ אידיש וואָרט. זאָג איך צו איהר „גוטען אָבענד אייך, מומינקע". קוקט זי מיך אָן און ענטפערט מיר: „גוד איווינינג". ווערט מיר זויער אויפ'ן האַרצען. קוק איך און וויים ניט וואָס ווייטער צו זאָגען. גיט זי אַ זאָג צו מיר: „איך בין די מיסעס פון נעקסט דאָור". איך האָב שוין פריהער געכאַפּט מיט'ן אויער אַז אַ מיסעס איז אַ אידענע, אָבער וואָס עס הייסט נעקסט דאָור האָב איך ניט געוואוסט. טראַכט איך מיר: „נעקסט דאָור מוז מסתמא זיין אַזאַ שטאָדט. פרעג איך ביי איהר: „אין וועלכע גובערניע איז דאָס נעקסט דאָור?" שיסט זי אוים מיט אַ געלעכטער. איך האָב קיינמאָל געהערט אַ אידענע אין איהרע יאָהרען אַזוי לאַכען.

פרעגט זי מיר ווייטער: „איהר זייט אַ סינגעל מאַן?" וויים איך ניט וואָס איהר צו ענטפערען, און פרעגען וואָס עס איז אַזוינס אַ „סינגעל מאַן" שעהם איך זיך. זאָג איך: „יא" זאָגט זי: איך האָב פאַר אייך אַ פיינע כלה, אַן אָרענטליכע מיידעל, און זי האָט אַ ביסעל געלד". זאָג איך: „איך דאַנק אייך זעהר, אָבער איך האָב אַ ווייב מיט דריי קינדער אין דער היים". זאָגט זי: „איהר האָט דאָך געזאָגט אַז איהר זייט אַ סינגעל מאַן!" זאָג איך: וואָס האָט דאָס צו טהאָן איינס מיט דאָס אַנדערע?" ווערט זי אַ ביסעל אין כעס און שרייט אוים: „איהר זייט אַ גרינהאָרן!"

דאָס גאַנצע בלוט האָט אין מיר אויפגעקאָכט און אויפגעזאָדען אַז איך האָב געהערט דאָס וואָרט „גרינהאָרן". איך האָב ניט געוואוסט אָקוראַט וואָס דאָס מיינט, נור איך האָב זיך פאָרגעשטעלט אַז דאָס איז די זעלבע בעליידיגונג ווי „גרינער", און נאָך מיט אַ

ביסעל פעפער דערצו. אַ גאַנצען טאָג הער איך אין מיין ברודער׳ס הויז אַליץ „גרינער״ און „גרינער״. אַלע האָבען מיך מיט דעם גע־גריזשעט. און איצט קומט אַ ווילד פרעמדע אידענע און גיט מיר נאָך צו פערבייסען מיט „גרינהאָרן״.

געה איך אַרויס אין גאַס און מאַך אַ שפּאַציר איבער די אידישע גאַסען. האָסטו בעדאַרפט זעהן די גאַסען: אַ מויער האַרט נעבען אַ מויער, צו זעקס, זיעבען, אַכט און ניין שטאָק הויך, טאַקע ווי דער טהורעם פון דור הפלגה. די שפּראַך איז אויך פון דור הפלגה. עס איז אידיש און דאָך ניט אידיש. דער ניגון, די תנועות זיינען אידיש, אָבער די ווערטער זיינען משונה־ווילד, פרעמד. איך בין זיך געגאַנגען און געלעזען די שילדען וואָס זיינען געווען אויסגעהאַנגען איבער די טהירען פון די קלייטען, און אויך די אויפשריפטען אויף די גרויסע גלעזערנע פענסטער. הער אַ לשון: אויף איין פענסטער איז געווען אויפגעשריבען מיט גרויסע אידישע אותיות אָט דיעזע ווער־טער: „גרייט רעמואווינג סייל. סוטס ענד קלאָוקס פאָר ווימען ענד טשילדרען״. האָב איך זיך גענומען ברעכען דעם קאָפּ וואָס דאָס איז אַזוינס. דאַכצעך אידישע אותיות, אָבער איך קען אַ טאָלק ניט דערגעהן. פּרוביר איך דאָס לעזען בדרך תשר״ק צפע׳ס, אָבער עס געהט ניט. אפשר זיינען דאָס ראשי תיבות׳ען — טראַכט איך מיר — אָבער געה מאַך אויס אַזוי פיעל ראשי תיבות׳ן! וואָס מיינסטו איז דאָרט געווען אויסגעשטעלט אין פענסטער? ווייבערשע קליידלעך און מאַנטלען, און אויך קינדערשע קליידער. יעצט ווייס איך שוין אַז „ווימען ענד טשילדרען״ מיינט ווייבער און קינדער. איך האָב געקענט מיינען אַז דאָס איז אַ בוריקעס ראָסעל.

אַ ביסעלע ווייטער האָב איך געזעהן אַ גרויסען שילד מיט גרויסע אידישע בוכשטאַבען: „איך מאַך בוטס מיט׳ן קוק״. האָסטו ווען געזעהן אַזאַ מכשף וואָס זאָל עפּעס מאַכען מיט׳ן קוק. און וואָס מיינסטו זיינען דאָס אַזוינס די „בוטס״ וואָס ער מאַכט מיט׳ן קוק? פיינקוכענס? וואַרעניקעס? פּאַמפּושקעס? האָסט ניט גע־טראָפען, חבר לעבען. בוטס מיינט שטיוועל. עס הייסט דער מאַן מאַכט שטיוועל אויף בעשטעלונגען און ער טרעפט די ריכטיגע מאָס מיט׳ן אויג.

ווייטער האָב איך געזעהן אַ קרעמעל, איז אין פענסטער דאָרט

געווען אויסגעלייגט א גאנצער בארג מיט אייער און אויפ׳ן פענס־טער זיינען געווען אנגעשריבען די צוויי ווערטער: „גרויסע באר־גיינס“. איך האב זיך שוין אליין געהאט אנגעשטויסען אז „באר־גיינס“ מיינט אייער. אבער איך האב עס גערעכענט פאר א חוצפה צו שרייבען אויף זיי „גרויסע בארגיינס“, אז די אייער זיינען גאר ניט געווען גרעסער ווי געוועהנליך. אויף מארגען האב איך איינגע־זעהן אז איך האב געהאט א גרויסען טעות וועגען דעם. צו פריהשטיק האט מיין שוועגערין דערלאנגט געקאכטע אייער. האב איך איהר געוואלט צייגען אז איך קען א ביסעל ענגליש. נעהם איך אין האנד אן איי און זאג: „דאס איז א בארגיין“.

ליעבער חבר! האסטו בעדארפט זעהן ווי מיין שוועגערין האט זיך אנגעצונדען אויף מיר. „איהר זאלט מיר עקסקיוזען“, האט זי געשריען, „אבער איהר זייט זעהר פרעש! ווי אזוי וואגט איהר זיך צו זאגען ביי מיין טיש אז די אייער זיינען בארגיינס! איך קויף קיין בארגיינס ניט. דאס זיינען פרישע דזשוירזי אייער!“

מיין ברודער האט זי גענומען בערוהיגען: „דארפסט איהם ניט מיינדען דעם גרינעם, ער האט מסתמא ערגעץ געמוזט הערען א ווארט בארגיין און וויים ניט וואו דאס צוצופאסען.“

איך בין געזעסען און געשוויגען. דער עסען איז מיר ניט איינ־געגאנגען. אין קאפ האבען מיר זיך געדרעהט די ווערטער „עקסקיור־זען“, „פרעש“, „בארגיינס“, „דזשוירזי“, „מיינדען“, און איך האב זיך גענומען שטעלען אזעלכע פראגען:

ווארום האט מיין שוועגערין געזאגט איך זאל איהר עקסקיוזען, און וואס איז דאס אזוינס עקסקיוזען?

ווארום בין איך פרעש?

וואס איז פארט בארגיינס? פון מיין שוועגערינ׳ס כעס פער־שטעה איך אז „בארגיינס“ מוז מיינען ניט פרישע אייער. נו, ווי אזוי האט דאס יענער קרעמער אליין אויפגעשריבען אויף זיין סחורה „גרויסע בארגיינס“, וואס מוז מיינען גרויסע טוכלע אייער?

וואס איז „דזשוירזי“ און וואס איז „מיינדען“?

ווארט, חבר מיינער, דאס איז נאך ניט אלעס.

נאך פריהשטיק געה איך בעזוכען טוביה בער׳ס זוהן, שמעל־קאוויץ, וועלכער איז דא געווארען אן אדוואקאט. מיין ברודער האט

מיר געגעבען זיין אַדרעסע, און איך האָב זיך געלאָזט געהן. אז איך בין געקומען צום פּלאַץ האָב איך אויף שמעלקאָוויץ'עס הויז געפונען א שילד מיט אידישע אותיות און מיט אַזעלכע ווערטער: „לאָיער סמעלל, סיוויל ענד קרימינעל קייזעס, פּראָמפּטלי אַטענדעט. די־וואָרסעס אַ ספּעשעלטי. ריעל עסטייט ענד מאָרטגעדזשעס".

איך האָב דאָס פאַר דיר איבערגעשריבען אות באות, כדי דו זאָלסט אַליין זעהן צו וואָס פאַר א מדרגה אונזער אידישער לשון איז דאָ געקומען. שטעל זיך פאָר אַזא לשון אין אידישע בוכשטאַבען! איך וועל דאָס פאַר דיר אָבטייטשען און געבען אַ פירוש אויף דעם.

לאָיער סמעלל: אדוואָקאַט סמעלל. („סמעלל" האָט ער אָבגע־קירצט פון שמעלקאָוויץ).

סיוויל ענד קרימינאל קייזעס: ציוויל און קרימינאל פּראָ־צעסען.

פּראָמפּטלי אַטענדעט: שנעל בעזאָרגט.

דיוואָרסעס אַ ספּעשעלטי: שיידונגען אַ ספּעציאַליטעט.

ריעל עסטייט ענד מאָרגעדזשעס: עס הייסט פּראָסט: ער איז אַ פּראָצענטניק וואָס לייהט אויס געלד אויף הייזער.

אריינקומענדיג אין ערשטען צימער האָב איך געטראָפען אַ קליינעם אינגעל וועלכער האָט געשיינט צו זיין אַ גרויסער עזות פּנים. ער פרעגט מיך וועמען איך דארף און הייסט מיר אָנשרייבען מיין נאָמען אויף אַ קאַרטעל. מיט דער קאַרטעל איז ער אריין אין אַן אנדער צימער און איז באַלד פון דאָרט ארויסגעקומען זאָגענדיג:

„דער לאָיער קען אייך יעצט ניט זעהן, ער איז זעהר ביזי."

היינט געה טרעף וואָס „ביזי" איז! טראַכט איך מיר: עס מוז זיין אַזא קריינק, ניט אַנדערש, און איך געה מיר אַוועק אהיים, מיט דער מיינונג אַז „ביזי" הייסט אַ קריינק.

קומענדיג אהיים האָב איך געפונען מיין שוועגערין קרעכ־צענדיג און אין גרויסע יסורים. זי האָט פּלוצלונג בעקומען צאָהן־שמערצען. איך האָב ניט געוואָלט זיצען מיט איהר אין הויז, בין איך אַרויס אין גאַס. עס האָט ניט געדויערט קיין פינף מינוטען בעגעגען איך מיין ברודער.

„דו!" זאָג איך צו איהם, „געה אַרויף אין הויז. דיין ווייב איז דאָרט ביזי!"

„וואָס הייסט זי איז ביזי ?“ פרעגט ער מיך.

„זי איז ביזי אויף די צייהן“, זאָג איך איהם.

מיין ברודער האָט אַ שפּיי געטהאָן. „גרינגע חיה !“ האָט ער מיט כעס אויסגעשריען און איז אַרויף צו זיך אין הויז צו זעהן וואָס דאָרט טהוט זיך.

אָט זעהסטו, חבר מיינער, וואָס איך ליידּ זיך אָן צווישען אונזערע אידען. שלעכט, חבר לעבען, שלעכט ! איך זיץ צווישען אייגענע ברידער און קען זיך מיט זיי ניט צוזאַמענרעדען. ניטאָ מיט וועמען אַ אידיש וואָרט אויסצורייידען !

זיי געזונד. פון מיר דיין פריינד,

א פ ר י ם.

# דער טייפעל איז אנטלאָפען

אַן עלטערע פרוי איז געזעסען און געלעזען אין אַ צייטונג ווי אַ שרייבער וויצעלט זיך איבער שוויגערס. און אַזוי ווי זי אַליין האָט געהאַט עטליכע שניר און איידעמס האָט דאָס דער פרוי פערדראָסען. אין יעדען וויץ האָט זי געפיהלט אַ שטאָך אַזוי ווי דער שרייבער וואָלט דאָס טאַקע איהר אַליין געמיינט. פון גרויס ערגערניס האָט זי אויסגערופען:

„אָה, טייפעל!"

עס טרעפט אַמאָל אַז מען דערמאָנט דעם טייפעל מעלדעט ער זיך אויפ'ן אָרט. און ווי די עלטערע פרוי האָט נאָר געזאָגט „אָה, טייפעל!" איז טאַקע דער טייפעל פאַר איהר ערשיענען און געזאָגט:

„איך בין דאָ, מאַדאַם! מיט וואָס קען איך אייך בעדיענען?"

„דאָס זייט איהר דער טייפעל?" האָט די פרוי געפרעגט פערוואונדערט. „איהר זעהט דאָך גאָר אויס ווי אַ דזשענטעלמאַן. מען קען אפילו זעהן אַז אונטער אייער צילינדער הוט האָט איהר הערנער, אונטער אייערע פּאָלעס אַן עק, און אונטער אייערע לאַקירטע שיך היהנערשע פיסלעך, דאָך זייט איהר גאָר ניט אַזוי שוואַרץ ווי מען מאָלט אייך."

דער טייפעל האָט זיך העפליך פערנייגט און געענטפערט:

„איך דאַנק אייך זעהר פאַר אייערע קאָמפּלימענטען, מאַדאַם, און איך פערזיכער אייך אַז די שרייבער בעגעהען אַ גרויסען אונרעכט געגען אונז. מיר זיינען ביידע ניט אַזוי שוואַרץ ווי מען מאָלט אונז."

די פרוי האָט געשמייכעלט.

„עס איז גוט צו געפינען אַזאַ גוטען פריינד ווי איהר", האָט זי געזאָגט, „איהר דענקט אַזוי ווי איך. איך זעה, אַז איהר ווייסט ווי צו סימפּאַטיזירען מיט פרויען."

„אָה, יא“, האָט דער טייפעל געזאָגט. „צו יעדער צייט ווען פרויען האָבען געדארפט האָבען מיין ראטה אָדער מיין הילפע האָב איך זיי געדיענט.“

„ווייסט איהר וואָס?“ האָט די פרוי געזאָגט, „איך האָב נאָך א טאָכטער אָן אונפערהייראטע, און אזוי ווי איהר געפעלט מיר זעהר וויל איך איהר זאָלט ווערען מיין איידים.“

דער טייפעל האָט זיך איבערגעשראָקען, און אין איין אויגענ־בליק איז ער פערשוואונדען געוואָרען.

# אַמעריקאַ און יאַפּאַן

נאָך דעם גרויסען זיעג וואָס יאַפּאַן האָט געהאַט איבער רוס־לאַנד, האָט די ציוויליזירטע וועלט אין אַלגעמיין און אַמעריקא איבערהויפּט זיך שטאַרק גענומען אינטערעסירען וועגען דעם לעבען פון די יאַפּאַנעזער, זייער רעליגיאָן, זייער מאָראַל, זייערע מנהגים און אַזוי ווייטער. יעדער צייטונג און יעדער זשורנאַל האָט געהאַט בעשרייבונגען פון יאַפּאַן און די יאַפּאַנעזער, און די בעשרייבונגען האָבען זיך אַזוי ווידערשפּראָכען, דאָס איינער, אַן עהרליכער רעדאַק־טאָר האָט בעשלאָסען צו דערגעהן דעם ריינעם אמת. ער האָט גענומען אַ גאַנצען פּאַק פון די בעשרייבונגען און זיי צוגעשיקט צו אַ יאַפּאַנעזישען רעדאַקטאָר אין טאָקיאָ און האָט איהם געפרעגט וואָס ער האָט צו זאָגען וועגען דעם.

אין עטליכע וואָכען אַרום האָט דער אַמעריקאַנער רעדאַקטאָר ערהאַלטען פאָלגענדען אַנטוואָרט פון טאָקיאָ, געשריבען אויף דעם יאַפּאַנעזישען סטיל:

„צו דעם גרויסען חכם וואָס זיין חכמה שיינט אַזוי ווי די העלע זון, מיסטער סטיווענסאָן — פיעל פרייד און זעגען.

„אייער אונטערטהעניגער קנעכט האָט ערהאַלטען די אויס־שניטע פון די אַמעריקאַנישע צייטשריפטען און ער בעט אייער ליכטיגען כבוד אַז איהר זאָלט איהם ערלויבען צו געבען פאָלגענדע אַנטוואָרט:

„עס איז ניט וואהר וואָס אייערע אַמעריקאַנישע זשורנאַלען שרייבען וועגען אונזער לאַנד און אונזערע מנהגים. ביי זיי קומט אויס אַז מיר לעבען נור אויף רייז; אַז אַלע אונזערע ווייבער זיינען טענצערקעס; אַז מיר שרייבען מיט אַ שטעקען, אַנשטאָט אַ פעדער; אַז אַלטע ווייבער עסען ביי אונז קענדי, און יונגע מיידלעך שמעקען טאַבאַק; אַז אַלע אונזערע סאָלדאַטען זיינען פּאָעטען, און אונזער קעניג שרייבט פּאָליטיאַנען; אַז אונזערע צייטונגען געהען אַמאָל אַרויס אויף איין זייט ליידיג, ווען עס איז ניטאָ גענוג נייעס, און

אַז עס איז גאָר קיין נייעס ניטאָ געהען זיי אַרוים אין גאַנצען ווייס; אַז דער אָרימסטער יאַפּאַנעזער באָדט זיך דריי מאָל אַ טאָג און די רייכע ווייקען זיך אָב אין וואַסער זייער גאַנצען לעבען; אַז חטאים זיינען אַזאַ געוועהנליכע זאַך, דאָס קיינער האָט קיין יצר הרע צו זינדיגען; אַז יאַפּאַנעזער האָבען קיין דענטיסטען, נור די לאָיערס רייסען דאָרט די צייהן; אַז פּראַקטישנער לייען היער געלד אָהן אַ משכון, נור אויף'ן עהרען־וואָרט; אַז פרויען ארבייטען היער אין די פאַבריקען און די מענער פיהרען אין הויז די ווירט־שאַפט, ניאַנטשען די קינדער און ליעגען אפילו אין קימפּעט; אַז פאַר אַן אַמעריקאַנישען סענט קען מען היער קויפען אַ הויז, און זעקס הייזער פאַר אַ פינף סענט שטיק; אַז ווען מען ברייגט אַ געפאַנגענעם רוס אין אַ יאַפּאַנעזישע הויז מוז דער רוס אַרומקריכען אויף אַלע פיער, ווייל די סטעליע איז זעהר ניעדריג; אַז קינדער גיט מען ניט זויגען די מוטער'ס מילך, נור מען קאָרמעט זיי מיט סיגאַרעטלעך און שנאַפּס געמאַכט פון רייז; אַז ווען אַ פרוי ווערט בעקאַנט מיט אַן אַנדער פרוי וואָס איז שעהנער פון איהר, גט זי זיך מיט איהר מאַן און רעדט איהם דערנאָך אַ שידוך מיט דער שעהנער פרוי; אַז — — — נור איז עס דען אַ מעגליכקייט אויסצורעכענען אַלע ליגענס וואָס מען האָט אָבגעדרוקט וועגען יאַפּאַן?

„דער אמת איז, אַז ווער עס קומט אין יאַפּאַן, געפינט ער, אַז די זעלבע מענשען זיינען איבעראַל. עטוואָס איז אַ ביסעל פער־שיעדען אין יעדען לאַנד, אָבער אין אַלגעמיין זיינען אַלע מענשען גלייך, יאַפּאַנעזער עסען אויך ביפסטייק און אַמאָל אפילו מאַרי־נירטע הערינג; צווישען אונזערע ווייבער גיבען עס בריות און שלימעזאַלניצעס; מיר האָבען ניט נור פעדערען צו שרייבען נור אפילו שרייב־מאַשינען אויף אונזער אייגענעם מאַמע־לשון; אונזערע יונגע ליידים שמעקען קיין טאַבאַק, נור זיי צימבלען אויף דער פּיאַנאָ און קאָקעטירען אַזוי ווי ביי אייך אויף בראָדוויי; אונזערע צייטונגען זיינען קיינמאָל ניט ליידיג און קיינמאָל ניט פּוסט; ביי אונז איז דאָ כמעט אויף יעדען ראָג אַ באָד אָנשטאָט אַ סאַלון; מיר האָבען אונזער חלק זינדיגע מענשען, אָבער זעהר ווייניג היפּאָקרי־טען; אונזערע לאָיערס רייסען קיין צייהן, זיי שינדען די הויט; אָן עהרען־וואָרט איז ביי אונז זעהר חשוב אָבער אַ פּראַקטישנער האָט

ליעבער אַ גאָלדערנעם זייגער אָדער אַ דיימאָנד־רינג ; מענער ליעגען ביי אונז ניט אין קימפּעט און ניט אין די שיינקען ; פאַר אַ פינף סענט שטיק קריגט איהר ביי אונז ניט קיין פינף הייזער נור פינף איינציגע סענטען ; אונזערע זויגלינגע קאָרמעט מען ניט מיט סיגאַרעטלעך, נור מען לערענט זיי די קונסט פון דזשיאו־דזשיטצו ; און אונזערע צולאָזענע מענערריידען זיך אליין שדוכים און ווארטען ניט אויף די זעלבסטאָפּפערונג פון זייערע ווייבער.

„אָט דאָס איז דער גאַנצער אמת וועגען יאַפּאַן.

„איך שיק אייך יעצט צו אין דיעזען בריעף אַן אויסשניט פון אַ היגער יאַפּאַנעזישער צייטונג. דאָס איז אַ בעשרייבונג וועגען אמעריקא און דאָס לעבען און מנהגים פון די אמעריקאנער. איך בעט אייך, אַז איהר זאָלט דאָס דורכלעזען אויפמערקזאַם און מיר שרייבען אויב דאָס אַלעס איז ריכטיג ווי עס איז בעשריעבען, אָדער ניט. איך בין זעהר נייגיעריג צו וויסען, און איך האָף אַז איהר וועט מיר צייגען אייער גוטסקייט און מיר ענטפערן.

„אייער קנעכט וואָס בוקט זיך צו אייערע פיס,

הוטו־מוטשי סאַקי,

רעדאַקטאָר פון „באַנזאי“.“

דער אויסשניט פון דער יאַפּאַנעזישער צייטונג האָט ענטהאַל־טען פאָלגענדעס :

„די אַמעריקאַנער זיינען אַ זאָנדערבארעם פאָלק. ווען זיי עסען אין אַ רעסטאָראַן צאָהלען זיי צוויי מאָל — איינמאָל דעם קעלנער און איינמאָל דעם בעל־הבית ; די פרויען, ווען זיי קומען אין טהעאַטער אָדער אויף אַ באָלל, טראָגען קליידער וואָס זיינען פון אונטער לאַנג און פון אויבען קורץ ; די פרויען אין אמעריקא טראָגען אזעלכע אויסגעדרעהטע שיך, דאָס זיי געהען ארום אזוי ווי קאַטשקעס. ווען עטליכע אמעריקאנער קומען זיך צוזאמען אין אַ ביער־שענק נעהמען זיי יעדער אַ טרונק און איינער צאָהלט פאַר אַלעמען, דערנאָך נעהמען זיי ווידער יעדער אַ טרונק און אַן אַנדערער צאָהלט פאַר אַלעמען, דערנאָך צאָהלט אַ דריטער, אַ פערטער און אזוי ווייטער, ביז זיי בלייבען אַלע אָהן געלד און דערנאָך ווארפט מען זיי ארויס. זיי עסען האַק־פליייש פון קעץ און

הינט וועלכע איז אַנגעשטאָפּט אין גרויסע איינגעטריקענטע און פּעררויכערטע קישקעס. זיי אימפּאָרטירען פון דייטשלאַנד אזא מין קעז וואָס טאַנצט ווי א גיישא און וואָס האָט א ריח אזוי ווי א גע׳פּגר׳טע מויז. די אַמעריקאַנער טרינקען אזא גיפטיגען שנאַפּס וואָס הייסט „וואוד אַלקאָהאָל" און זיי פאַלען פון דעם ווי פליעגען. ווען אַן אמעריקאנער זיצט לעגט ער אַרויף די פיס אויפ׳ן טיש און שפּייט אויף דער סטעליע, כדי ער זאָל ניט פערשמוצען דעם פּוסבאָדען. ווען זיי זיצען אין טהעאַטער האַלטען זיי זיך זעהר רוהיג, נור נאָכדעם ווי עס ענדיגט זיך אַן אַקט הויבען זיי אָן צו שלאָגען א האַנד אָן א האַנד און קלאַפּען צו מיט די פיס. די אַקטיאָרען שרעקען זיך פון דעם איבער און זיי לויפען אַרויס פון הינטער דעם פאָרהאַנג צו זעהען וואָס דאָ איז געשעהען. די רייכע מענער טראָגען אויף זייערע קעפּ אַזעלכע שווארצע קוימענס, נעמאַכט פון זייד און זיי פאָהרען אַרום אין משונה׳דיגע וואָגענס מיט די פערד אינוועניג. ווען אַן אַמעריקאַנער קלייבט אָן א סך געלד געהט ער אויף דער בערזע און קויפט איין שטיקלעך געדרוקטע פּאַפּיער און אויף מאָרגען ווערט ער א קבצן. מאַנכעס מאָל זעצען זיך אַוועק עטליכע אַמעריקאַנער ביי א טיש, יעדער לעגט אויס א ביסעל געלד, דערנאָך טהיילט מען זיי אויס קאַרטלעך מיט בילדער און צאַצקעס אויף דעם, דערנאָך צייגט איינער זיינע קאַרטען און נעהמט אוועק דאָס גאַנצע געלד פון טיש. עס טרעפט דאָס ער טהוט דאָס עטליכע מאָל כסדר. נור אַלע קוקען איהם אין די צייהן און לאָזען איהם נעהמען. ווען די אַמעריקאַנער ווילען ערוועהלען א פּרעזידענט, א גובערנאַטאָר, אָדער א שטאַדט-בעאַמטען, שטעלען זיי אויס אין אַלע גאַסען, אויף אַלע ווינקעלעך מענשען וואָס שטעהען אויף וואָגענס און שרייען דורכ׳ן טאָג און דורך דער נאַכט און לאָזען קיינעם ניט שלאָפען, ביז די בירגער מוזען נאָכגעבען און ערוועהלען דעם קאַנדידאַט. אין אַמעריקא איז דאָ א גרויסע שטאָדט ניו יאָרק, וועלכע האָט איבער 8,000 פּאָליסלייטע און זיי זיינען אַלע בלינד. צו יעדע זאַך וואָס מען קויפט אין אַמעריקא גיט מען א פרייען קופּאָן, אָדער א מאַרקע, און ווען איינער קלייבט אָן א האַלב מיליאָן קופּאָנעס בעקומט ער א דאַנק. ביי די פרויען איז דאָרט א מאָדע אַרויסצונעהמען זייערע אמת׳ע צייהן און אריינ-

שטעלען גאָלדענע ; די אמת'ע צייהן לעגען זיי אויף דער פּאָליצע
און די גאָלדענע טראָגען זיי צום „פּעטער“.“

דער אַמעריקאַנער רעדאַקטאָר האָט דיעזע בעשרייבונג דורכ־
געלעזען דריי מאָל. נאָכדעם האָט ער אָנגעשריעבען אַ תשובה צו
הוטו־מוטשי סאַקי, רעדאַקטאָר פון „באַנזאַי“, אז די בעשרייבונג
האָט אין זיך דריי־פּיערטעל אמת.

# דער שטענדיגער לעזער

מענשען זיינען געבוירענע אָפּטימיסטען, עס הייסט זיי האָבען ליעב אַלעס צו זעהען פון דער גוטער, פון דער פרעהליכער זייט. והראיה קענט איהר זעהן אז זיי גלייכען צו לעזען נור אַזעלכע ראָמאַנען און צו זעהן אזעלכע טהעאַטער־שטיק, וואָס ענדיגען זיך מיט אַ גוטען סוף. אַ טרויעריגען סוף האָבען זיי פיינד. קיין מענשען ווילט זיך ניט גלויבען, אַז די ענדע פון די וואָס ליעבען און קעמפּפען איז אַ טרויעריגע, פּונקט אַזוי ווי עס ווילט זיך זיי ניט גלויבען, אַז מיט דעם מענשענ'ס טויט ענדיגט זיך מיט איהם אַלעס. דעם מענשענ'ס האָפנונג איז שטאַרקער פון טויט; זי לעבט אריבער דעם טויט. די האָפנונג שאַפט אַ נייעס לעבען פאַר דעם וואָס האָט שוין אויפגעהערט צו לעבען. און ווען מען בעטראַכט ווי דיזעלבע האָפנונג איז טיעף איינגעוואָרצעלט אין אַלע דורות און אַלע לשונות און נאַציאָנען, מוז מען אָנהויבען צו גלויבען, אַז עפּעס איז דאָ אין דעם!

דער מלאך המות קומט און שרייבט אָן „ענדע"; קומט דער גלויבען, מעקט אויס דאָס וואָרט „ענדע" און שרייבט אָן „פאָרט־זעצונג פאָלגט".

און דער מענש, דער לעזער פון דעם גרויסען אינטערעסאַנטען ראָמאַן, וואָס הייסט „לעבען", זוכט צו טרעפען פאָראויס וואָס אין דיעזער „פאָרטזעצונג פאָלגט" וועט פאָרקומען, און זיין פאַנטאַזיע אַרבייט אויס פערשיעדענע בילדער, אָבער אַלע מיט אַ גוטען סוף פאַר די גוטע און אַ שלעכטען פאַר די שלעכטע.

איהר ראָמאַניסטען! איהר וואָס פלעכט אויס די פּאַסירונגען פון לעבען אין אַ שעהנעם קראַנץ פון אַ ראָמאַן מיט ליעבע, מיט אינטריגעס, מיט ליידען און מיט פריידען, ווען איהר וואָלט וויסען וואָס פאַר אַ שטורם איהר ערוועקט אין דער פאַנטאַזיע פון אונז, פּשוט'ע לעזער, ווען איהר שטעלט אָב אייער מעשה אין רעכטען מיטען און שרייבט צו „פאָרטזעצונג פאָלגט".

מיר קענען זיך ניט דערוואַרטען ביז די פּאָרטזעצונג קומט מיר פּערפּאַסען אַליין אין אונזער מחשבה דאָס וואָס דאַרף ווייטער קומען אין אייער מעשה. מיר זיינען שוין קלאָר אין כל המיני העלדען און העלדיכעס, מיר ווייסען, אַז סוף כל סוף וועלען זיי זיך מוזען נעהמען איינע די אַנדערע, ווייל איהר האָט שוין ניט איין מאָל געזאָגט, אַז „ליעבע לאַכט פון שלעסער". און כאָטש דער העלד איז שוין ביי אייך געשטאָרבען, ווייסען מיר, אַז אין מאָרגענ־דיגער צייטונג, אין דעם נעכסטען קאַפּיטעל, וועט ער מיט דער מיידעל שפּאַציערען אין גאָרטען און ער וועט איהר „אָבזיעגלען" א שאָק קושען. מיר ווייסען, אַז ער וועט נאָך דריי מאָל ערמאָרדעט ווערען און אַז זי וועט זיך פיער מאָל פערגיפטען און זעקס מאָל פערלאָבט ווערען צו אַן אַנדערען, מיט גוטען אָדער מיט בייזען, ביז די אמת'ע בעשערטע וועלען זיך ענדליך נעהמען.

איך האָב געקענט א שטענדיגען לעזער פון א אידישער צייטונג, וואָס איז איינמאָל בייז געוואָרען אויף דעם רעדאַקטאָר דערפאַר וואָס דער רעדאַקטאָר האָט געשריעבען א זאַך ניט ווי ער וויל; איז דער שטענדיגער לעזער ברוגז געוואָרען און האָט בע־שלאָסען ניט מעהר צו קויפען די צייטונג און אָנפאַנגען צו לעזען אַן אַנדערע, אָבער דאָ האָט ער זיך פּלוצים דערמאָנט, אַז ער האָט נאָך ניט געענדיגט „די פּרינצעסין מאַרגעריטאַ". דער ראָמאַן האָט יעצט געהאַלטען אין רעכטען מיטען. און עס האָט איהם שטאַרק גענומען באַנג טהון, ווען ער האָט זיך דערמאָנט, אַז די שעהנע פּרינצעסין, וואָס האָט זיך געליעבט אין א בויער־יונג ניט ווייסענדיג אַז דאָס איז געווען איהר פערשוואונדענער קוזין, פּרינץ לאָקשענ־ברעט, איז געבליעבען אין זעהר א טרויעריגער לאַגע. אמת, אפילו ער (דער לעזער) האָט געוואוסט, אַז סוף כל סוף וועט זיך אַרויס־ווייזען ווער דער בויער־יונג איז, אָבער דערווייל — ווי קען ער איבערלאָזען די פּרינצעסין אין אַזאַ טראַגעדיע מיט א גרויסען פּלאָנטער אַרום? די פּרינצעסין מאַרגעריטאַ איז איהם, דעם לעזער, אין דער צייט פון לעזען דעם ראָמאַן, געוואָרען אַזוי ליעב, אַזוי טהייער; אַלעס שעהנעס און ליעבליכעס וואָס איז דאָ אויף דער וועלט איז געווען פערבונדען מיט דער פּרינצעסין, וועלכע איז געווען געבענשט מיט דעם גאַנצען חן פון מענשען־טעכטער, און

וועלכע איז נאָך דערצו געווען אַ יתומה. און איז דאָ אויף דער וועלט אַ אידישע האַרץ וואָס זאָל ניט צוגעהן פאַר רחמנות הערענ־דיג אָדער לעזענדיג דעם וואָרט „יתומה“?“ ניין! האָט דער ברוגז־געוואָרענער שטענדיגער לעזער בעשלאָסען. ער קען זיך זיין ברוגז אויף דעם רעדאַקטאָר, אבער ער קען ניט איבערלאָזען די פּרינצעסין, די יתומה, און איהר געליעבטען דעם בויער־יונג, אויף וועמען עס וואַרט אַ גרויסע ירושה און אַ פּרעכטיגער שלאָס, פון וועלכען דער בויער־יונג וויים נאָך ניט. ער, דער שטענדיגער לעזער, מוז מיט זיי בלייבען ביז צום סוף!

אַכט מאָנאַטען מיט צוויי וואָכען און פיער טעג זיינען אריבער זייט דער שטענדיגער לעזער איז ברוגז געוואָרען אויף יענער צייטונג. „די פּרינצעסין מאַרגעריטאַ“ האָט שוין געהאַלטען בייב סוף, אָבער איידער די פּרינצעסין האָט זיך נאָך דערוואוסט דעם אמת ווער דאָס איז דער בויער־יונג אין וועלכען זי ליעבט זיך, האָט זיך אין דערזעלבער צייטונג אָנגעהויבען צו דרוקען אַ נייער ראָמאַן „די גרעפין קאַטערינאַ“ און דיזע גרעפין איז געווען אַזוי ארומ־נערינגעלט מיט ליעבהאַבער און מיט געהיימניסע, אַז וואָס מעהר מען האָט וועגען איהר דערגאַנגען, האָט זיך אַלץ געוואָלט וויסען נאָך מעהר. און דער פערפאַסער פון „די גרעפין קאַטערינאַ“ איז שוין געווען אַ גרויסער מאַמזשוק, אַ מאַדים! אַז ער שטעלט אוועק „פּאָרטזעטצונג פאָלגט“, מעגסטו שוין אפילו צוזעצט ווערען וועסטו ניט טרעפען וואָס וועט ווייטער פּאָרקומען. דאָס איז אַ שרייבערשער קאָפּ — איינגעדאַרט זאָל דאָס ווערען! — אין יעדען קאַפּיטעל דרעהט ער אוים אַ נייעם קונץ, אַ נייעם דרעה, כאָטש אַז דו זאָלסט זיין מיט צעהן קעפּ וועסטו ניט טרעפען. היינט געה וואַרף אוועק אין מיטען אַזאַ ראָמאַן ווי „די גרעפין קאַטערינע“!

אָט דאָס זיינען די געפיהלען פון דעם „שטענדיגען לעזער“ — ער מוז בלייבען אַ שטענדיגער, אפילו געגען זיין אייגענעם ווילען.

# די פערשאַלטענע פעדער

ער איז געווען אַ שרייבער, אַ גוטער שרייבער און אַן עהר־ליכער, ער האָט געשריעבען דאָס וואָס ער האָט געפיהלט, דאָס וואָס זיין האַרץ, קאָפּ און געוויסען האָבען איהם דיקטירט.

דער גלאַנץ פון גאָלד האָט איהם ניט געקענט פערבלענדען, דיימאָנטען, בריליאַנטען האָבען איהם ניט געקענט אונטערקויפען. קיין פערמעגען אין דער וועלט האָט איהם געקענט אראָבפיהרען פון וועג. זיינע ריינע געדאַנקען זיינען ביי איהם געווען די טהייערסטע עדעלשטיינער, טהייערער ווי סאַפּירען און רובינען. דער אמת איז ביי איהם געווען דער גרעסטער אייגענס, דער גרעסטער אוצר.

איינמאָל האָט איהם אַ רייכער פערעהרער געשענקט אַ גאָלדענע פעדער. דער שרייבער איז געווען ענטציקט פון דער מתנה. עס איז געווען אַ קונציגע שטיק ארבייט, און עס האָט איהם געפרעהט וואָס עס געפינט זיך אַ מאַן וואָס אנערקענט זיין טאַלענט אויף אזוי פיעל צו מאַכען פאַר איהם אזא טהייערע מתנה.

אביסעל שפּעטער איז דער רייכער מאַן געקומען צום שרייבער, ער זאָל דורך דער צייטונג איהם עפּעס טהון אַ טובה. דער שרייבער האָט זיך אביסעל פערהוסט און דאַן געזאָגט:

„אייך צוליעב וועל איך עס טהון. פאַר קיין אנדערען וואָלט איך אזא זאַך ניט געשריעבען."

אַ ביסעל נאָך שפּעטער האָט דער גביר גע'פּועל'ט ביים צייטונגס־שרייבער נאָך אַ טובה, און ביסלעכווייז האָט ער איבער דעם שרייבער בעקומען אַ שטאַרקען איינפלוס. דער שרייבער האָט איהם אַלעס געפאָלגט.

איינמאָל האָט דער שרייבער גענומען בעטאַכטען זיינע מעשים. אַ שרעק האָט איהם אָנגענומען ווען ער האָט זיך בערענקט וואָס ער האָט אין דער לעצטער צייט אָנגעשריבען! ווי ער האָט גע'חונפ'ט מענשען וועלכע ער האָט אימער פערדאַמט און געזאָגט גלייך אויף

זאכען וואָס זיינען ביי איהם פריהער געוועזן קרום. ער האָט זיך בעדענקט אז שולדיג אין דעם אַלעם איז די גאָלדענע פעדער וואָס דער גביר האָט איהם געשענקט. עס איז געוועזן אַ פערשאָלטענע פעדער.

ער האָט אַ קלאַפּ געטהאָן מיט'ן פויסט אין טיש, אזוי ווי ער וואָלט זיך בעשלאָסען אויף עפּעס אונגעוועהנליכעס. דאַן האָט ער ארויסגענומען די גאָלדענע פעדער פון זיין וועסטעל און האָט עס צובראָכען אויף פיצלעך.

זייט דאַן איז דער כשוף פון איהם פערשוואונדען.

# אַ הומאָריסטישע היסטאָריע פון אַמעריקאַ

## פון דער צייט וואָס קאָלומבוס האָט זיך איינגערעדט אַ מדינה אין בויך ביז דער צייט וואָס די אידען האָבען אָנגעהויבען צו ספּעקולירען מיט הייזער און הייסע בולבעס.

### ערשטער טהייל.

קאָלאָמבוס רעדט זיך איין אַ מדינה אין בויך. — פאָהרט אָב צו פּעדלען מיט באַנאַנאַס אין שפּאַניען. — דינגט זיך מיט דער קעניגין. — צוויי אידען בחצר המלך. — איד, גיב געלד! —היידאַ נאָך אַמעריקאַ! —

אונגעפעהר מיט א יאָהר פיער הונדערט און פופצעהן צוריק האָט אין גענאָא, איטאַליען, געלעבט א יונגער איטאַליענער מיט'ן נאָמען קריסטאָפער קאָלאָמבוס. אז ער האָט חתונה געהאַט, האָט איהם זיין שווער געגעבען קעסט: א לעבעל ברויט מיט א שיסעל מאַקאַראָני יעדען טאָג פאַר איהם מיט דער יונגער ווייבעל. קאָלאָמבוס האָט פון אָנפאַנג ניט געטויגט צו קיין זאַך, ווייל ער איז געווען א יונגער מאַן א טרוימער, איז שטענדיג געזעסען אין הויז, און געלעזען מעשה־ביכלעך פון רייזענדע וואָס האָבען בערייזט ווייטע לענדער, אזוי ווי מסעות אלדד הדני, מסעות בנימין, קאַפּיטאַן קוק און פישקע דער קרומער. קאָלאָמבוס האָט שטאַרק מקנא געווען די גרויסע רייזענדע און ער האָט בעשלאָסען דאָס ער זאָל אויך מאַכען א רייזע און ענטדעקען א נייע לאַנד. ער האָט דיעזען פּלאַן פערטרויט זיין פרוי בסוד, און זי האָט גלייך דערפון דערצעהלט איהר מאַמען, און איהר מאַמע האָט דערצעהלט איהר טאַטען, און נאָכדעם האָבען זיי אַלע דריי גערופען קאָלאָמבוסען „משוגע'נער". קאָלאָמבוס האָט דערנאָך גענומען ריידען פון דער נייער לאַנד פאַר גוטע פריינד אין קאַפע־הויז, ביי אַן אָקע שפּיעל. זיי האָבען איהם גוטמוטהיג אויסגעהערט, און יעדער פון זיי האָט געצייגט מיט א פינגער ביי זיך אויפ'ן שטערען, לאמר: אזוי צו זאָגען — אז ביי קאָלאָמבוס'ען פעהלט א קליעפּקע אין מוח. די

גאַנצע שטאָדט האָט באַלד אָנגעהויבען צו ריידען, אַז קאַלאָמבוס האָט זיך איינגערעדט אַ נייע מדינה אין בויך, און מען האָט וועגען איהם געהאַט צו ריידען, און צו לאַכען, אויף טיש און אויף ביינק. די קונדסים, די ווייסע חברה׳ניקעס פון גענאָא, פלעגען איהם נאָכלויפען און שרייען: „סעניאָר קאָלאָמבוס! וועסט מיך מיטנעהמען אין דער נייער מדינה?" קאָלאָמבוס האָט איינגעזעהן, אַז זשעניע ווערט ניט אַנערקענט אין אַן אייגען לאַנד, האָט ער גענומען אַ האַנד־וועגעלע מיט באַנאַנאַס און איז אַוועק נאָך שפּאַניען.

קומענדיג אין שפּאַניען האָט ער דעם זעלבען טאָג געזעהן זיך מיט אַ קהל׳שען קנאַקער, איז געוואָרען אין דעם זעלבען טאָג אַ שפּאַנישער בירגער און אין דעם זעלבען טאָג האָט ער בעקומען לייסענס צו פּעדלען מיט באַנאַנאַס אין די גאַסען פון דער שפּאַני־שער הויפּט־שטאָדט. די איטאַליענער זיינען געשיקט אין דיעזען מסחר. אַזוי ווי ער שטעהט אין מיטען גאַס, קומט אָן די קעניגין מיט אַ קאָרב און פרעגט ביי איהם דעם מקח פון די באַנאַנאָס.

„וואָן סענט ע פּיעס ענד טהרי פאָר פאַיוו", האָט געענטפערט קאָלאָמבוס.

„טו דיר", האָט געאָגט די קעניגין איזאַבעלאַ, „צו טהייער, איך וועל דיר געבען דריי סענט פאַר אַ דוצענד."

בקיצור, זיי האָבען זיך געדונגען און געדונגען, ביז זיי זיינען דורכגעקומען, אַז די קעניגין זאָל קריגען עלף באַנאַנאַס פאַר פיער סענט. אַ צוועלפטע האָט די קעניגין אַרונטערגעלאָזען אין איהר פּאַרטוך־קעשענע, אָבער קאָלאָמבוס האָט דאָס ניט געזעהן. נאָכ־דעם האָבען זיי זיך צורעדט, און קאָלאָמבוס האָט דער קעניגין דערצעהלט, אַז ער האָט אַ נייע לאַנד צו ענטדעקען, אָבער ער האָט ניט אויף רייזע־קאָסטען.

„וויפיעל דאַרפסט איהר האָבען?" האָט די קעניגין געפרעגט.

„אַ מיליאָן שפּאַנישע דוקאַטען."

„פּאַוואָליע!" האָט די קעניגין אויסגערופען מיט אַ שמייכעל און אַרונטערגעלאָזען נאָך אַ באַנאַנאַ פון קאָלאָמבוס׳עס וועגעלע אין איהר ברייטען אַרבעל.

„קענט איהר מיר געבען טויזענד דוקאַטען? הונדערט?

צעהן? האָט קאָלאָמבוס געפרעגט, אַרונטערלאָזענדיג דעם מקח שנעל, מעשה סוחר.

„נו, האָט די קעניגין געזאָגט אַ ביסעל פערטראַכט. „קומט אַריין מיט מיר צו מיין מאַן און מיר וועלען זיך דורכריידען.“

אַזוי זיינען זיי ביידע געגאַנגען צום קעניג׳ס פּאַלאַסט. קאָלאָמבוס איז געגאַנגען מיט זיין וועגעלע פּאָראויס און די קעניגין איז איהם נאָכגעגאַנגען. יעדען מאָל ווען קאָלאָמבוס האָט זיך פערקוקט אָן אַ זייט, האָט די קעניגין אַראָבגעלאָטכענט נאָך אַ באַנאַנא, און האָט אַזוי אָנגעשטאָפּט ביידע אַרבעל און איהר יאַקעל פול מיט באַנאַנאַס, דאָס ווען זיי זיינען געקומען צום קעניג׳ס פּאַלאַסט, און דער קעניג האָט זי דערזעהן, האָט ער אויסגערופען: „זעה, איזאַבעלאַ, ביזט דאָך פּלוצלונג געוואָרען אַזוי דיק און פעט!“ אָבער איזאַבעלאַ האָט דעם קעניג געגעבען אַ וואונק און ער האָט געמאַכט אַ שוויינ. נאָכדעם האָט זי פאַר איהם פאָרגעשטעלט דעם איטאַליענישען באַנאַנא פעדלער וואָס האָט אַ נייע לאַנד צו ענטדעקען.

אַלע דריי האָבען זיך דאַן אוועקגעזעצט ביי אַ פלעשעל מאַלאַגא און גענומען בעשפּרעכען וואו מען נעהמט געלד. אָבער אַ שלעכטע מעשה: דער קעניג האָט ניט געהאַט ביי זיך אפילו אַ האַלבען דוקאַט.

צו יענער צייט פלעגען אַריינקומען אין קעניג׳ס הויף צוויי אידישע לייט. איינער פלעגט דעם קעניג צושטעלען קנאָבעל, און דער אַנדערער פלעגט אויפקויפען אַלטע קליידער אין שטאָדט און זיי פערקויפען צו דער קעניגליכער פאַמיליע. דיעזע צוויי אידען האָבען זיך געמאַכט פאַר גוים, ווייל זיי האָבען זיך געשעהמט מיט זייער שטאַם, און זיי פלעגען זיך בעהאַלטען מיט זייער אידישקייט און מורא געהאַט אפילו אַריינצונעהמען אפילו אַ אידישע צייטונג אין הויז. ווען זיי פלעגען וועלען געניסען אַ שטיקעל קוגעל, אָדער אַ ביסעל צימעס, פלעגען זיי זיך בעהאַלטען אין קעלער. זיי פלעגען זאָגען, אַז עס איז ניטאָ אַזאַ זאַך ווי אַ אידישע נאַציאָן. זיי האָבען חתונה געהאַט מיט גוי׳אישע ווייבער און פלעגען לאַכען און אָנקוועלען ווען זייערע קינדער פלעגען אָנרייסען אַ אידישע באָרד, אַזוי ווי דאָס וואָלט געווען אַ גרויסע חכמה. אָט צו דיעזע צוויי אידלעך האָבען זיך דער קעניג מיט דער קעניגין געווענדעט, און

דיעזע צוויי סוחרים האָבען אָנגעצייגט אויף צוויי רייכע און העכסט־אַנשטענדיגע מאַראַנאָס, סאַנטאַנגעל און סאַנכעז, און דער קעניג האָט זיי אַריינגעשיקט אַ בעפעהל; „אידען, גיט געלד!" און זיי האָבען אָבגעשטעקט די אַפּותיקאַ.

אַ קורצע צייט נאָכדעם האָט קאָלאָמבוס געמאַכט די רייזע אויפ'ן ים צו זוכען אַ נייע לאַנד.

## צווייטער טהייל.

„לאַנד! לאַנד! — טאָירקי! טאָרקי!" — דער ערשטער איד וואָס האָט געזאָגט „אַ קלאָג צו קאָלאָמבוס!" — דער טראָסט אויף פּי־נאָטס צווינגט קאָלאָמבוס'ען צו פּעדלען מיט אייז־קרים־סענדוויטשעס. קאָלאָמבוס פאָהרט אָב צוריק אַהיים מיט אַן אָקסען־שיף.

עפּעס ביי אַ דריי מאָנאַטען האָט זיך געצויגען דיעזע רייזע. די היסטאָריקער זיינען ניט איינִיג וועגען דעם וויפיעל די רייזע האָט געדויערט. די נייעסטע אויספאָרשונגען בעווייזען, אַז קאָלאָמבוס איז אָנגעקומען אין האַפען פון דעם נייעם לאַנד, גראַדע אום טהענקס גיווינג דעי (דאַנקזאַגונגס טאָג, ווען אַלע אַמעריקאַנער עסען אינ־דיקעס, אָדער „טאָירקי"). נאָך אַ לאַנגע און שווערע רייזע אויפ'ן ים, האָבען די מאַטראָזען ענדליך דערזעהן די יבשה, און אויף דער יבשה זיינען אַרומגעגאַנגען מענשען מיט לאַנגע פעדערען אין קאָפּ, אַזוי ווי אינדיקעס. „לאַנד! לאַנד!" האָבען געשריען אייניגע מאַט־ראָזען. „טאָירקי! טאָירקי!" האָבען געשריען די אַנדערע. אָבער ווען זיי זיינען געקומען צום ברעג, האָבען זיי דערקענט, אַז דאָס זיינען ניט געווען טאָירקיס, נאָר אינדיאַנער. לויז דע טאָערע, אַ שפּאַנישער איד, איז געווען דער ערשטער, וואָס איז אַראָב פון דער שיף אויף דער יבשה. די אַנדערע דזשענטעלמייט וואָס זיינען גע־פאָהרען מיט קאָלאָמבוס'ען האָבען געטראַכט, אַז אויב די אינדיאַ־נער וועלען געברויכען זייערע העק, טאָ זאָל זיין אַ איד די כפּרה. לויז דע טאָערע איז אָבער געווען מוטהיג. די אינדיאַנער האָבען פון אַנטיסעמיטיזמוס ניט געוואוסט און זיי האָבען איהם געלאָזען לאַנדען. דער שפּאַנישער איד איז געווען זעהר שטאָלץ אויף דעם

וואָס ער איז געווען דער ערשטער אורח אין אַמעריקאַ, און ער האָט זיך געלאָזט איבער׳ן שטאָדט אַ ביסעל שפּאַצירען. דורכגעהענדיג דעם אָרט, וואו עס שטעהט יעצט בעקסטער סטריט, האָט ער דאָרט געפונען אַ קליידער געשעפט. דער בעל הבית, אַ פּוילישער איד, איז געשטאַנען ביים טהיר, און ווי ער האָט דערזעהן דעם גרינעם, האָט ער איהם גענומען שלעפּען: „איך האָב פאַר אייך אַ מציאה, מיסטער!" דע טאָערע האָט זיך פון איהם קוים אויסגעריסען און איז אַוועק ווייטער. אָנקומענדיג צו אַ פּלאַץ וואו עס געפינט זיך איצט איסט בראָדוויי האָט ער דאָרט געפונען אַן אַפּטייק וואָס אַ ליטוואַק האָט געעפענט און אויף דער שויפענסטער פון דער אַפּטייק זיינען געווען פאָלגענדע אויפשריפטען: „רוסקאַיאַ אַפּטעקאַ, „דייטשע אַפּאָטהעקע", „אַפּטעקאַ פּאָלסקאַ" און „פאַרמאַצעטאַ איטאַליאַנאַ". דעם שטאָלצען שפּאַנישען אידען האָט שטאַרק פערדראָסען וואָס די מינסקער און וואַרשעווער אידען האָבען זיך אריינגעכאַפּט פריהער פון איהם, און ער איז מיט כעס אַוועקגעלאָפען צו קאָלאָמבוסען און געזאָגט: „אַ קלאָג צו דיר, קאָלאָמבוס! קעהר אום די שיף!"

אָבער קאָלאָמבוס האָט געהאַט זיינע אייגענע צרות און זיינע אייגענע קלאָגען, דען ער האָט ניט איינגעזעהען פון וואָס ער קען מאַכען אַ לעבען. אין אַמעריקאַ זיינען שוין דאַן געווען מעהר איטאַליענער ווי אין איטאַליען. קאָלאָמבוס האָט ערפאַהרען, אַז אין דער צייט וואָס ער איז געווען אין שפּאַניען, האָט אַן אַנדער איטאַליענער מיט׳ן נאָמען אַמעריגאָ וועספּוטשי, אַ סוחר פון מאַקאַראָני, ענטדעקט דאָס נייע לאַנד און האָט עס אַ נאָמען געגעבען „אַמעריקאַ", נאָך זיך. וואָס האָט קאָלאָמבוס נעבעך געמוזט טהאָן? אויף פינאַטס איז שוין געווען אַ טראָסט; די שטיוועלפּוצער און די באַרבערס האָבען שוין געהאַט אַ יוניאָן וואָס האָט ניט צוגעלאָזען קיין גרינע. קאָלאָמבוס האָט זיך אויסגעלערנט צו מאַכען אייז־קרים־סענדוויטשעס און דערמיט געפּעדעלט ביי די אינדיאַנער. ווען ער האָט שוין אָנגעקליבען גענוג געלד, אום צו זיין פערזאָרגט אויפ׳ן לעבען, איז ער אָבגעפאָהרען נאָך איטאַליען אויף אַן אָקסען־שיף.

## דריטער טהייל.

אימפּאָרטירטער אַנטיסעמיטיזמוס. — ווארום די כאָלערע האָט זיי גענו־מען. — „אידען זיינען שולדיג!“ — ריטייל אויף האָל־סייל פּרייזעס. — אַ איד גיט זיך אַן עצה.

די ערשטע אידען וואָס זיינען געקומען אין אמעריקא האָבען דאָ געליטען גרויסע צרות פון דעם אַנטיסעמיטישען גאָווערנאָר פּיטער סטייוועזענט. אַנטיסעמיטיזמוס איז אימפּאָרטירט געוואָרען פון איירָאפּאַ. דאָרטען האָט עס זיך ענטוויקעלט אויף אזא אופן: די גלחים האָבען געזעהען אַז ווען עס ברעכט אויס אַ מגפה, כאַפּט די חאָלערא גראדע די קריסטען, און די אידען בלייבען לעבען. האָבען די גלחים געטענה'ט: „ווארום כאַפּט די כאָלערא גראדע עפּעס אונז? נו, זיינען דאָך די אידען מסתמא שולדיג אין דעם.“ מען האָט באַלד געמאַכט אַ בלבול, אַז אידען פערגיפטען די ברונעמס. די רייכסטע אידען זיינען דאַן אַרעסטירט געוואָרען און אין געריכט האָט דער פּראָקוראָר, אַ טעמפּערענצלער, פאָרגעטראָגען דיזען אַרגו־מענט: „עס איז בעוואוסט, אַז אידען גיסען וואַסער אין שנאַפּס, טאָ וואָס טהוען זיי מיט די שנאַפּס? מסתמא גיסען זיי די שנאַפּס אין וואַסער.“ די דזשורי האָט איינשטימיג ערקלערט, אַז די אידען זיינען שולדיג. זייט דאַן, ווען עס האָט געטראָפען עפּעס אַן אונגליק אין אַ לאַנד, האָט מען געזאָגט, אַז די אידען זיינען שולדיג און זיי מוזען צאָהלען דעם שאדען. אָט אזוי איז דער אַנטיסעמיטיזמוס געוואַקסען ביז היינטיגען טאָג, און יעדעס מאָל ווען די כאָלערא כאַפּט די אַנטיסעמיטען, שרייען זיי: „די אידען זיינען שולדיג!“ און זיי מאַכען פּאָגראָמען.

סטייוועזענט האָט בעקומען אַ בעפעהל פון די האָלענדער „וועסט אינדיען קאָמפּאַניע“, אַז אויב ער וועט אַרויסטרייבען די אידען פון אַמעריקאַ, וועט די קאָמפּאַניע אויפהערען צו „סופּאָרטען זיין טיקעט“. סטייוועזענט האָט דאַן גענומען פערפאָלגען אידען אויף אַ שטילען וועג. די גרעסטע גזרה, וואָס ער האָט געגען אידען אַרויסגעגעבען, איז צו פערבאָטען זיי צו פערקויפען זאַכען אין ריטייל. אין אַ טאָג אַרום, נאָכדעם ווי די גזרה איז געווען געדרוקט אין דער אָפיציעלער שטאָדט-צייטונג „סיטי רעקאָרד“, איז אויף

יעדע אידישע גראָסערי און אויף יעדען אידישען קליידער־געשעפט געווען אויפגעשריעבען א שילד מיט'ן אויפשריפט: „היער ווערט פערקויפט אין ריטייל אויף האָלסייל פרייזען". (א איד גיט זיך אן עצה!) אייניגע פון דיזע שילדען זיינען נאָך עד היום פער־בליעבען.

## פיערטער טהייל.

דער ערשטער ריעל עסטייט־ידזשעק. — בעגראָבען זיין געלד אין דער ערד. דזשאהן דזשייקאָב אסטאָר א „פולער־אין" ביי אידען. — בעסערע צייטען. — ויער מסחור מיט זיסע קאַרטאָפלעס.

א ביסעל שפעטער האָבען די אידען בעקומען מעהר פרייהייט און האָבען זיך אָנגעהויבען צו מישען אין פאָליטיקס. אָשר ליוואַי איז געווען דער ערשטער איד וואָס האָט אָנגעהויבען צו ספעקולירען מיט לאַנד און הייזער, און ער האָט געקויפט א גרויסען „לאָט" אין אָלבאַני. ער האָט ביי דעם פערלאָרען פיעל געלד, ווייל אָלבאַני איז געווען צו ווייט פון אידישען קוואַרטאַל אין ניו יאָרק, און זומער פלעגט ער האַלטען באָרדערס אויף זיין פארם אין אָלבאַני. היימאַן ליוואַי האָט דאַן געהאט א גרויסע סטאָר פון רויכוואַרג אויף גרענד סטריט און דזשאָהן דזשייקאָב אסטאָר, דער שטאַם־פאָטער פון די יעצטיגע אסטאָרס, איז ביי איהם געווען א „פולער־אין", וואָס פלעגט שטעהן אין דרויסען און שלעפען קונים פאר די פאָלעס. לואיס בוענע איז דאַן געווען א גרויסער באַנקיר. ער פלעגט פער־קויפען שיפסקאַרטען און ער פלעגט אויך אונטערהאַנדלען מיט סליחות, מחזורים, לולבים און אתרוגים.

פון דאַן אָן האָבען זיך אָנגעפאַנגען בעסערע צייטען פאר אידען אין אַמעריקא. זיי האָבען שוין געהאט א „פול" מיט אַלע פאָלים־קעפּטענס און ריכטער, און עס זיינען אויסגעוואַקסען א סך אידישע מיליאָנערען וואָס יעדער פון זיי האָט פערמאָגט פון פינף ביז צעהן טויזענד דאָלאַר, א חוץ חובות. אידישע קינדער און אידישע לעהרער פילען אָן די פאָבליק־שולען, און צוליעב זיי וויל דער בילדונגס־ראַטה איינפיהרען אז מען זאָל יעדען טאָג אין די סקולס זינגען „מודה אני" און „מה טובו" אנשטאט „דהי לאָרד'ס פרייער" און אַנדערע קריסטליכע הימנעס. אידען זיינען געוואָרען טהעטיג

אין אַלע צווייגען פון האַנדעל און אינדוסטריע. זיי האָבען פער־שפּרייט איבער'ן גאַנצען לאַנד דעם האַנדעל מיט חרוסת און פּעטערבורגער קוואַס. דער צייטונג־געשעפט ליעגט כמעט אין גאַנצען אין אידישע הענד, און די וואָס זיינען ניט אין אידישע הענד זיינען קיינע צייטונגען. אידען דרוקען די צייטונגען, רעדאַק־טירען זיי און די פּערקויפער זיינען אויך אידען. דער קורז פון עליות און מפטיר שטייגט פון טאָג צו טאָג אויף דער שוהל־בערזע. די נייעסטע זאַך וואָס די אידען האָבען איינגעפיהרט אין אמעריקא, איז דער האַנדעל מיט זיסע קאַרטאָפליעס, אָדער „סוויט פּאָטייטאָס“. א ליטוואַק האָט ערפונדען אַן אויווען וואָס קען זיך בעוועגען אויף רעדלעך צו באַקען אין דעם בולבעס, און דיזע אויוועלעך זעהט איהר יעצט אין פיעלע גאַסען פון ניו יאָרק.

אָט מיט דעם ענדיגט זיך די היסטאָריע וואָס איז פּערפּאַסט געוואָרען אין דעם טאָג פון דאַנקזאַגונג, אין דעם 250טען יאָהר זייט די ערשטע אידען האָבען זיך בעזעצט אין ניו יאָרק.

# די וועלט האט זיך איבערגעקעהרט

אריינקומענדיג צו א בעקאנטען מוכר ספרים אויף קאנעל סטריט, האב איך איהם געפונען זעהר שטארק בעשעפטיגט. ער איז געווען פערהאוועט, פערשמאיעט, ער איז געשטאנען אין שוי־פענסטער און האט פון דארט געשלעפט ביכלעך, קליינע און גרויסע, געבונדענע און ניט־געבונדענע, און האט זיי געשליידערט אינוועניג אין סטאר אריין. א יונגערמאן, א לץ, וואס דרעהט זיך אימער ארום דעם סטאר, האט איהם צוגעטראגען אנדערע ביכלעך צו פערנעהמען דעם פלאץ פון די ארויסגעווארפענע.

„וואס טהוט זיך דא?“ פרעג איך דעם מוכר ספרים.

„די וועלט האט זיך איבערגעקעהרט.“ ענטפערט דער יונגער־מאן, דער לץ, וואס העלפט דעם מוכר ספרים איבערצולעגען זיין אויסשטעלונג אין שוי־פענסטער.

„וואס הייסט זיך איבערגעקעהרט?“

„זיך איבערגעקעהרט מיט'ן הימעל ארונטער און מיט דער ערד ארויף,“ זאגט זיך דער יונגערמאן, דער לץ, „משיח'ס צייטען, וואס פערשטעהט איהר ניט?“

„איך פרעג אייך,“ רופט זיך אב דער מוכר ספרים, אוועק־לעגענדיג א ווײלע זיין ארבייט און קוועטשענדיג מיט די פלייצעס, „איך פרעג אייך, וואס זאגט איהר צו דעם, איך פערלאז זיך אויף אייער שכל. שוין פינף־און־צוואנציג יאהר אז איך בין א מוכר ספרים, האב פערקויפט אידען אלערליי הייליגע ספרים און וועלט־ליכע ביכער און איך האב נאך קיינמאל געהאט אזעלכע קונים ווי איך האב יעצט. אמאל, גאר אין די אלטע צייטען, פלעג איך אין מיין שוי־פענסטער אויסשטעלען טייטש־חומש'ן, תחינות, מעשיות פון גוטע־אידען, קמיעות און אלערליי כלי־קודש. די השכלה־זאכען, די נייע ביכלעך, די ראמאנען, די ליעדלעך פלעג איך פעררוקען אן א זייט. שפעטער זיינען אין ניו יארק אנגעקומען אנדערע אידען, מייסטענס פון די נייע. דאן האב איך ביסלעכווייז געמוזט אברוקען

די טייטש־חומש׳ן, די תחינות און די חסידישע מעשיות אָן א זייט, און געמאכט מעהר פלאץ פאר די נייע ביכלעך, מיט די נייע זשור־נאלען, העפטען, בראָשורקעס, זאמלונגען און אנדערע סחורה פון דעם נייעם פאסאָן. איך האָב געמיינט אז דאָס וועט געהן אזוי ווייטער און ווייטער, ביז די נייע ביכלעך וועלען אין גאנצען ארויס־שטופען פון אמעריקא די טייטש־חומש׳ן, מיט די תחינות, מיט די מעשיות פון גוטע־אידען. אבער פלוצלונג איז געוואָרען א גאנצע איבערקעהרעניס.״

„די וועלט האָט זיך איבערגעקעהרט,״ כאפט אונטער דער יונגערמאַן, דער לץ.

„יא, טאקע אזוי ווי ער זאָגט, די וועלט האָט זיך איבער־געקעהרט,״ רעדט ווייטער דער מוכר ספרים, „ווידער איז אויף די אַלטע סחורה געוואָרען א גאנג, און די נייע סחורה ווערט פערגעלבט פון דער זון ליגענדיג אין שוי־פענסטער; ווידער איז געוואָרען א געלאף אויף די אַלטע מעשיות פון גוטע־אידען, אויף די תחינות וואָס אונזערע מאַמעס האָבען געזאָגט, און אויף די טייטש־חומש׳ן, און די קרבן־מנחות. און ווער מיינט איהר קויפט די אַלטע סחורה? דוקא דער נייער דור, דוקא די היינט־וועלטיגע! עס האָט זיי עפעס פלוצלונג אָנגענומען א חשק צו מאכען א יקרות אויף אידישקייט!״

„משיח׳ס צייטען״, כאפט אונטער דער יונגערמאַן, דער לץ.

„איך פרעג אייך, וואָס זאָגט איהר צו דעם, איך פערלאָז זיך אויף אייער שכל,״ זאָגט ווייטער דער מוכר ספרים, „צי לוינט עס זיך יעצט צו פערנעהמען דעם שוי־פענסטער מיט די נייע ביכלעך? אָט דערפאר האָב איך היינט בעשלאָסען צו מאכען א נייע אָרדנונג אין מיין אויסשטעלונג. די גאנגבארע סחורה וועל איך אויס־שטעלען אויבענאָן, אין פראָנט, וואו עס זאָל זיך ווארפען אין די אויגען, און די אנדערע וועל איך פעררוקען אָן א זייט, אָדער גאָר אין גאנצען ארויסנעהמען פון פענסטער. אָט נעהם איך ארויס א ביכעל „מינימום העזה און מאקסימום חוצפה״ און שטעל אריין א גאנץ אַלטע סחורה „צענטורע ווענטורע״, א מעשה וואָס אונזערע באָבעס פלעגען לייענען. דאָס איז איצט געוואָרען א גאנגבארע סחורה. אָט דאָ זעהט איהר א גאנץ נייעם ביכעל „מארקסיזמוס און דארוויניזמוס פאָפולאריזירט און קאָמענטירט״, עס ליעגט שוין

צוויי מאָנאַטען אין פענסטער און קיינער קומט ניט אַריין אפילו נאָכפרעגען אויף דעם. איך שמיים דאָס אַרוים און שטעל אַריין אנשטאט דעם „די מעשה פון גור אריה“. דאָס, זעהט איהר, איז „דעמערונג, אַ דראַמאַטישע פּאָעמא פון פרץ הירשביין“, נעהם איך דאָס טאַקע אַרוים און שטעל אַריין אנשטאט דעם „די מעשה מיט׳ן בעל שום טוב און דעם וואָלקילאַק“, כ׳לעבען עס פערקויפט זיך זעכצעהן מאָל אַזוי פיעל. און אָט דאָ, זעהט איהר, איז אַ „פּסיכאָ־לאָגיש־סימבאָליסטישע סקיצע דער קאָלטענעוואַטער“, איך וואַרף דאָס אַרוים און אנשטאט דעם שטעל איך אוים אַ ש״ס תחינה, וואָס האָט אין זיך אַ נייע תחינה אַז דער לענדלאָרד זאָל ניט העכערען די דירה־געלד. אָט דיזע בראָשורע, איהר זעהט? עס ליעגט שוין ביי מיר אַ האַלב יאָהר: „מעג א פע־פע־עסניק עסען קוגעל?“ און אָט דאָס, זעהט איהר? אויך אַ נייע בראָשורקע: „איז אידיש אַ שפּראַך אָדער אַ לשון?“, נעהם איך די ביידע בראָשורקעס אַרוים און וועל אַנשטאַט זיי אַריינשטעלען אַ „קהל חסידים“ אויף עברי־טייטש, און זשיטלאָווסקי׳ס אַ ביכעל איבער דעם „שפּאָלער זיידען“.

„נו, וואָס זאָגט איהר צו דעם?“ פרעגט דער מוכר ספרים, „איך פרעג אַייך, ווי קומט דאָס ביי אייך אוים לויט אַייער שכל? עס איז טאַקע ווי ער זאָגט: די וועלט האָט זיך איבערגעקעהרט. ווער, מיינט איהר, קומט אַהער קויפען אָט די אַלטע ספרים? איהר וואָלט אסור גלויבען. אבער איך זאָג אייך אויף מיינע נאמנות, אַז נור די יונגע חברה קויפען דאָס. עס קומט אַריין אַ יונגערמאַן וואָס האָט גאָר קיין פּנים פון אַ אידען, רעדט צו מיר ענגליש, מיט גדלות, און ער קלייבט זיך אוים אַ גאַנצען פּאַק הסידי׳שע מעשה׳לעך, און קויפט נאָך פּאַר איין וועג אַ „מאָטקע חב״ד“, אַ „שייקע פייפער“ און „הערשעלע עסטרעפּאָלער“. ער דינגט זיך גאָר ניט, ווי פיעל איך זאָג אַזוי פיעל גיט ער. אַן אנדערער אויף מיין אָרט וואָלט איהם בערייסען, איך האָב דאָס פיינד, איהר ווייסט דאָך. עס קומען עפּעס אַריין דריי יונגע לייט מיט אַ מאָל, אַלע מיט לאַנגע האָאר, אונטער זייערע אָרעמס טראָגען זיי ענגלישע זשורנאַלען, און זיי רעדען צווישען זיך ענגליש. איינער פון זיי, דער איינציגער וואָס האָט געקענט לעזען אידיש, האָט איינגעקויפט אַ גאַנצען פּאַק פון די אַלטע סחורה, מיט אַ פולען גאַנג תחינות, און אויף יעדע זאַך וואָס

ער האָט גענומען אין האַנד, האָט ער געגעבען אַן ערקלערונג צו די אַנדערע צוויי יונגע לייט, און זיי האָבען געעפענט די מיילער, געשלונגען יעדעס וואָרט וואָס יענער האָט אַרויסגערעדט, געשאָקעלט מיט די קעפּ און געוויזען אַז זיי קוויקען זיך פון גרויס הנאה. געסטערן בין איך שיער אַרויס פון די כלים. אין מיטען העלען טאָג שטעלט זיך אָב נעבען מיין סטאָר אַן אויטאָמאָביל, און עס קומט אַרויס פון דאָרט אַ ליידי אָנגעטהאָן אין סאַמעט און אין זיידענס, מיט טהייערע רויכוואַרג, און געשמעקט האָט זי ווי אַן אתרוג, אַ מהודר. זי קומט אַריין און פרעגט מיך אויב איך האָב „דזשואיש אַרט", אידישע קונסט־אַרטיקלען. גראַדע אין דער מינוט איז אַריינגעקומען מיין פרוי מיט אַ מילכיגען לאָקשען־קוגעל וואָס זי האָט מיר געבראַכט פון אונזער וואוינונג אין סטאָר אַריין. צייג איך דאָס אָן דער ליידי, און ערקלער איהר אַז דאָס איז די גרעסטע אידישע קונסטווערק, און אַז אפילו אַזא קינסטלער ווי היינע האָט פון דעם שטאַרק געהאַלטען. איך וועל אייך לאַנג ניט בריידען, די ליידי האָט ביי מיר אויסגעקויפט אַ גרויסען פּאַק מזוזות, קמיעות, סדורים'לעך מיט טאָוולען געמאַכט פון אָליווען־האָלץ וואָס קומט פון הר הזתים, בלומען־אַלבומס פון ארץ ישראל, מזרחים און שיר המעלות'ן דע לוקס. אַ זי האָט שוין געזאָלט אַוועק, האָט זי דערזעהען די ידים, מיט וועלכע מען טייטעלט ביי קריאת התורה. „גיוו מי העף איי דאָזען אָוו דהאָוז בעק סקרעטשעס", האָט זי געזאָגט, און, עס פערשטעהט זיך אַז איך האָב איהר ניט געזשאַלעוועט. זי האָט אויך ביי מיר איינגעקויפט אַ פּאַק מיט אילוסטרירטע פּאָסט־קאַרטען און האָט צוגעזאָגט ברענגען נאָך קונים. די אַלטע סחורות זיינען איצט אין פולען גאַנג. עס איז, ווי איך האָב אייך פריהער געזאָגט, וועהרענד דער אַלטער דור איז פערנומען מיט געלד מאַכען, מאַכט דער יונגער דור אַ יקרות אויף אידישקייט."

„משיח'ס צייטען," זאָגט זיך אונטער דער יונגערמאַן, דער לץ, „די וועלט האָט זיך איבערגעקעהרט."

# איבערגעשראָקען

דורכגעהענדיג דאָ ניט לאַנג די אַלטע „בויערי“, איינע פון די עלטסטע גאַסען אין ניו יאָרק, וועלכע איז אַמאָל געווען דער צענטר פון אמעריקאַנער פאָלקס לעבען, איז מיר אויסגעקומען פאַרבייצוגעהן אַן אָרט וואו די הייזער זיינען געווען אַרונטערגעוואָרפען און דער לעדיגער פּלאַץ איז געווען פערשלאָגען מיט ברעטער. אָט דאָ איז געווען אַ הויז וועלכע איז פערבונדען מיט זעהר אַן אינטערעסאַנטע עראינערונג פון מיין ערשטען יאָהר אין אמעריקא.

דאָס איז געווען אין 1889. די בויערי איז דאַן געווען אין איהר רעכטען גלאַנץ. פון אַלע שטאַאַטען פון אַמעריקא איז מען געקומען אָנקוקען דיזע גאַס מיט איהרע ביליגע מוזעאומס, איהרע קאָנצערט האַלען און איהרע שפּיעל־הייזער, איהרע פרעהליכע ווייבלעך, איהרע אַטלעטען, פּויסט־קעמפּפער און פּאָליטיקער. אויף דער בויערי האָבען זיך דאַן געפונען אויך אַ היבשע צאָהל גרויסע געשעפטען און די אייגענטהימער האָבען „געמאַכט גאָלד“. דיזע גאַס איז אויך געווען אַ קוועלע פון פּרנסה פאר אַ גרויסע צאָהל אידישע פּעדלער וועלכע זיינען איצט רייכע לענדלאָרדס און האַלבע מיליאָנערען.

צו יענער צייט האָט עס פּאַסירט אַז איך בין איינמאָל פאַרביי־געגאַנגען אַ גרויסען קליידער־געשעפט. אַ מאַן וואָס איז געשטאַנען אין דרויסען, אַן אריינשלעפּער, האָט מיך אָנגעכאַפּט פאַר׳ן אַרבעל און מיך געבעטען אַריינגעהן. „איך וויל אייך גאָר ניט פערקויפען,“ האָט ער געזאָגט, „נור דער באָס וויל מיט אייך עפּעס רעדען.“ איך בין טשיקאַווע געוואָרען צו וויסען וואָס זיין בעל־הבית, וועלכער איז מיר געווען אַן אונבעקאַנטער מענש, וויל מיט מיר רעדען. איך בין אַריין. אין סטאָר האָט מיך עמפּפאַנגען אַ שעהנער, אָבגעגעסע־נער בעל־הבית, אַ ראַזירטער, ער האָט גאָר קיין אַנבליק ניט געהאַט פון אַ אידען. אַ דייטש אָדער אַן איירישמאַן — האָב איך זיך געטראַכט. ער האָט מיך דורכגעפיהרט זיין גרויסען סטאָר, רעדענ־

דיג צו מיר ענגליש. איך האָב פערשטאַנען אז ער זאָגט מיר: „עס איז אַ שעהנער טאָג, אבער אביסעל צו וואַרם.“ מעהר ווי „יעס סער“ האָב איך ניט געקענט ענטפערן. ער האָט פאַר מיר געעפענט אַ טהיר, מיד אַ שטופּ געטהאָן און שנעל פערקלאַפּט די טהיר און פערשלאָסען פון דרויסען.

איך האָב זיך געפונען איינער אַליין אין אַ גרויסען צימער אין וועלכען עס זיינען געווען אַ טיש, עטליכע שטוהלען, אַ סאָפאַ, אַ שפּיעגעל. עס איז דאָרט געווען בלויז איין פענסטער וועלכעס איז ארויס אין הויף, אָבער דיזער פענסטער איז געווען פערשלאָגען מיט אַן אייזערנע גראַטקע, ווי דער שטייגער איז אין אַזעלכע צימערען הינטער סטאָרס.

איך האָב גענומען קלאַפּען אין טהיר און שרייען „לאָזט מיך ארויס!“ איך האָב ניט געקענט פערשטעהן אויב דאָס איז אַ שפּאַס אָדער אַן ערנסט, און ווען אפילו דאָס איז אַ שפּאַס — האָב איך זיך געטראַכט — איז עס אַ חוצפה צו נעהמען אַ מענשען, אַ גאַנץ אונבעקאַנטען, און איהם פערשליסען אין אַ צימער. קיינער האָט אויף מיין קלאַפּען און שרייען ניט געענטפערט. נור אַ פּאָאַר מינוטען שפּעטער האָט זיך די טהיר געעפענט און עס איז אַריינגעשטויסען געוואָרען אַ איד מיט אַ לאַנגער באָרד, זעהר אַ צו־שראָקענער. נאָך איהם איז אַריינגעקומען דער בעל הבית פון סטאָר, און אָנשטעלענדיג אַ רעוואָלווער געגען מיר, האָט ער געזאָגט „קיפּ סטיל“ (שווייג שטיל!) און איז ארויס, פערשליסענדיג די טהיר.

רבונו של עולם! מיר זיינען ביי מערדער אין די הענד!“ האָט דער איד אויסגערופען, ארומלויפענדיג איבער'ן צימער, אַזוי ווי אַ געפאַנגענער אין אַ פאַסטקע.

און פּלוצלונג האָט זיך די טהיר געעפענט און עס איז אַריינגעפלויגען אַ דאַרער יונגער־מאַנטשיק, מיט אַ שוואַרצען זאַק אויף די פּלייצעס. די טהיר האָט זיך הינטער איהם שנעל צוגעמאַכט.

דער דאַרער יונגערמאַנטשיק האָט אונז אָנגעקוקט מיט אויס־געגלאָצטע אויגען און געפרעגט:

„וואָס איז דאָס פאַר אַ ליץ?“

„אַ שעהנער ליץ!“ האָט זיך דער אַנדער איד אָבגערופען. „ביי

איהם איז דאָס גאָר לצנות ! גאָט ווייס אויב מיר וועלען פון דאַנען אַרויסקומען לעבעדיגע.״

מיר האָבען געשוויגען, יעדער פערטיעפט אין זיינע אייגענע מחשבות. עס איז געווען זעהר ניט פרעהליך אויפ'ן הארצען.

ווידער האָט זיך די טהיר געעפענט. דער בעל הבית איז אַריינגעקומען מיט צוויי פּעדלערס פון הויזענטרעגער.

„סיט דאַון ענד קיפּ סטיל (זעצט זיך אַוועק און זייט שטיל),״ האָט ער געזאָגט, אַרויסשלעפּענדיג פון זיין הינטער-קעשענע אַ רעוואָלווער און טייטלענדיג מיט דעם געוועהר אויף אונז.

„לעט מי אוט !״ האָט זיך געבעטען איינער פון די פּעדלערס, „פּליהז לעט מי אוט ! אַי גאָט איי סיק וואַיף עט האָום״. (ביטע, לאָזט מיך אַרויס, איך האָב אַ קראַנקע פרוי צו הויז).

„קיפּ סטיל !״ האָט דער בעל הבית געזאָגט, איז אַרויסגעגאַנגען און פערשלאָסען די טהיר.

דער פּעדלער וואָס האָט זיך אַזוי געבעטען איז צוגעגאַנגען צום פענסטער און גענומען רייסען די אייזערנע גראַטעס, אָבער עס איז געווען ניט פאַר זיינע כחות.

ער האָט זיך דערנאָך אַוועקגעזעצט און געוואַרט — געוואַרט ביז מען וועט קומען אונז אַלעמען אויסקוילען, ערגעץ בעגראָבען אין אַ קעלער, און קיינער וועט ניט וויסען וואו אונזער געביין איז אַהינגעקומען.

נאָך דריי אידען זיינען צוגעקומען, יעדען איינעם האָט דער בעל הבית אַריינגעפיהרט מיט אַ רעוואָלווער אין האַנד, געהייסען זיך זעצען און שווייגען שטיל.

צולעצט איז ער אַריינגעקומען מיט אַ יונגען מאַן וועלכען איך האָב פריהער געזעהן אין סטאָר. ער האָט ווידער פערשלאָסען די טהיר, און דאַן האָט ער זיך געווענדעט צו אונז מיט אַ שטרענגען פּנים און געזאָגט אין אידיש :

„אידען, עס איז געקומען אייער צייט — צו דאַווענען מנחה !״

ביי דעם וואָרט „צייט״ האָט ער אַביסעל אָבגעצויגען און ביז ער האָט אַרויסגערעדט די ווערטער „צו דאַווענען מנחה״, האָבען מיר געמיינט אַז די נשמות אונזערע פערלאָזען אונז.

דער „גזלן״ האָט אונז דערצעהלט, שוין לאַכענדיג, אַז ביי

איהם איז היינט יאָהרצייט. מעריב און שחרית האָט ער געזאָגט קדיש אין שוהל, אָבער אויף מנחה האָט ער קיין צייט געהאַט צו געהן.

ער האָט יעדען פון אונז געבעטען מחילה פאַר דעם שרעק וואָס ער האָט אונז פערשאַפט, ער האָט פערזיכערט אז ער האָט געמיינט בלויז אַ ביסעל שפּאַס. מיר האָבען איהם מוחל געווען און זיינען העכסט צופריעדען געווען ווען מיר האָבען אָבגעדאַווענט און זיינען שוין געווען אין דרויסען.

# דער לעצטער שכור

ער איז אַן אַלטער איירישמאַן וואָס האָט אָבגעלעבט אין דעם אידישען קוואַרטאַל אַ האַלבען יאהרהונדערט. ער געדענקט נאָך ווען קריסטי סטריט, יעצט דורכאויס אַ אידישע גאַס, איז געווען אַ קליין דייטשלאַנד; ווען אין העסטער סטריט, וועלכע איז די הויפּט־סטריט פון אידישען קוואַרטאַל, זיינען געשטאַנען שעהנע פּריוואַט הייזער אין וועלכע מען פּלעגט אַ אידען ניט פערדינגען קיין וואוינונג, און ווען הענרי סטריט און מעדיסאָן סטריט, די צוויי הויפּט־גאַסען פון ניו יאָרקער אידישען פּראָלעטאַריאַט, זיינען געווען דער צענטער פון די ניו יאָרקער אַריסטאָקראַטען, די געצעהלטע „400“.

ער האָט דורכגעלעבט די גאַנצע פּעריאָדע פון דער אידישער איינדרינגונג. ביסלעכווייז, גראַדענווייז, קוים בעמערקבאַר האָבען די אידען אָבגענומען אַ הויז נאָך אַ הויז, אַ בלאָק נאָך אַ בלאָק, ארויסשטופּענדיג די דייטשען, די אירלענדער און די עכט־אַמעריקאַנישע אַריסטאָקראַטען, ניט מיט זייער מאַכט, נור מיט דעם כח פון זייער איינגעשפּאַרטקייט צו בלייבען אויף אַן אָרט, און מיט זייער געדולד צוצונעהמען זלזולים און קלעפּ ביז דעם שונא ווערט דער־עסען צו זידלען און צו שלאָגען.

ער, דער אַלטער איירישמאַן, געדענקט עס אַלץ ווי אַ חלום. און ווען ער געהט אין גאַס פיהלט ער זיך ווי איינער וואָס האָט זיך ערשט אויפגעכאַפּט פון אַ יאָהרענלאַנגען שלאָף. אַלעס איז אַזוי פערשיעדען פון אַמאָל.

„דאָס געהט דער לעצטער שכור,“ ציינגען אויף איהם אָן די נייע איינוואוינער פון קוואַרטאַל.

דזשים האָט ניט פיינד געהאַט אידען, און דאָך האָט ער זיך צווישען זיי געפיהלט אונבעקוועם. ער וואָלט אפשר לאַנג ארויס־געצויגען פון קוואַרטאַל, אָבער ער איז שוין געווען צו אַלט אוועק־צוגעהן פון דעם אָרט צו וועלכען ער איז געווען ווי צוגעוואַקסען,

ווי יענע באָבע־מעשה־מענשעלעך וואָס זיינען צוגעוואַקסען מיט'ן נאָפּעל צו דער ערד. דזשים פלעגט זיך קיינמאָל ניט בעקלאָגען. אלס בעל עגלה האָט ער יעצט צווישען אידען נאָך מעהר געלד פערדיענט ווי אמאָל. נור וואָס איהם האָט געפעהלט פלעגט ער פיהלען ווען ער פלעגט פאָרבייגעהן אָדער פאָרבייפאָהרען יענע קאָרנערס וואו ער פלעגט אמאָל, אין די גוטע יאהרען, זיך אָבשטעלען, צובינדען דעם פערד און אריינגעהן מאַכען אַ כוסה אָדער צוויי.

יעצט אַז ער געהט דורך די קאָרנערס זיפצט ער. דאָרט וואו עס איז אמאָל געשטאַנען מאַיק סאָלליוואַנס ביער־שענק, שטעהט יעצט אייק בערנשטיינס שפּייז־קרעמעל; אויף דעם אָרט פון טאָם הענעסי'ס בעריהמטע „סקונער הויז“, דאָרט וואו מען פלעגט קריגען ביער אין אַ גלאָז וואָס איז געווען גרויס אַזוי ווי אַ פּאָליטישענס צילינדער־הוט, איז יעצט געוואָרען אַ סטאָר פון סאָדאַ וואַסער און צוקערווערק; אויף דעם אָרט פון אַנדערע ביער־שענקען זיינען געקומען מילך־סטאָרס, אפּטייקען און דאָס גלייכען. דזשים האָט זיך געפונען ווי אַ פרעמדער אין זיין אייגען לאַנד, ווי עס פיהלט זיך איינער נאָכדעם ווי אַלע זיינע שטאָדט־לייט זיינען פערניכטעט געוואָרען פון אַ מעכטיגען חיל און ער איינער איז געבליעבען לעבען צווישען פרעמדע עלעמענטען.

ניט דאָס עס פעהלט, חלילה, אין אידישען קוואַרטאַל אַ טרונק ביער, אָדער אַ טרונק וויסקי, ניין! שענקען זיינען דאָ גענוג, איינער דאָ, איינער דאָרט. דאָס זיינען אבער געווען אידישע שענקען אין וועלכע עס האָבען געפעהלט פיעלע זאַכען. ערשטענס, די אַטמאָספערע פון קלוב, די פערוואַנדשאַפט צווישען די טרינקער. אין די אידישע שענקען האָט ער ניט געקענט געפינען די געזעלשאַפטליכקייט צו וועלכער ער איז געווען צוגעוועהנט. אַ איד קומט ניט טרינקען, נור „כאַפּען“ אַ שנעפּסעל, און דאָס נור ווען די האַרץ חלש'ט איהם, אָדער עס קרעמפּפּט איהם אין בויך. דער טרינקען איז ביים אידען אַ מיטעל, ניט אַ צוועק. דזשים איז אָבער געוועהנט געווען צו טרינקען מיט טרינקער, אַזעלכע וואָס זופען 'לשמה', טרינקען אין נאָמען פון טרינקען. צווייטענס האָט איהם ניט געשמעקט דער סערווירען. אין די אידישע שענקען פלעגט ער ניט קענען געפינען אַזאַ מאַדים ווי קעלי דעם קעלנער, וועלכער פלעגט

איהם מאַכען אַ „קאַקטייל“, אויסגעמישט פון צעהנערליי פער־שיעדענע שנאַפּסען, בעשאַטען מיט אַלערליי געווירצען און מיט אַ מאַראַסקינאַ קאַרש וואָס האָט גערוהט אויף דעם גרונד פון גלעזעל. היינט דער „פּרי לאַנטש“, דער פרייער צובייסען, אָהן וועלכען קיין טרינקער קען זיך בעגעהן, איז ניט געווען דער זעלבער. אנשטאַט איינגעזייערטע חזיר׳שע פּיסנאַגעס, חזיר־בעבלעך, העם און אַנדערע אַזעלכע מאכלים, פלעגט ער געפינען זויערע אוגערקעס, הערינג און מאַרענירטע פיש — זאַכען וועלכע האָבען ניט געשטימט מיט זיין גומען.

אַז דער דאָרשט פלעגט איהם צווינגען אריינצוכאַפּען זיך אין איינע פון די „דזשו קאָרנערס“, פלעגט ער קוקען ארום און אַרום מיט בענקעניש, אזוי ווי איינער וואָס איז געקומען אויף אַ פרעמדע שמחה און זוכט עפּעס אַ בעקאַנטען פּנים.

און איינמאָל, ווען ער איז געשטאַנען אין ביער־שענק און האָט געטרונקען אַ אידישע גלאָז ביער, האָט ער בעמערקט ווי אַ איד מיט אַ רויטליכען פּנים קוקט איהם אָן זעהר זשעדנע. „ווילסטו אַ גלאָז ביער?“ האָט דער איירישמאַן געפרעגט. „איך וויל זעהר, נור איך האָב קיין געלד ניט„ האָט דער איד געענטפערט. דזשים האָט זיך צולאַכט. דער איד האָט ניט פערשטאַנען אַז דזשים׳ס פראַגע איז געווען אַן איינלאַדונג און אַז דזשים איז געווען גרייט צו בעצאָהלען פאַר איהם.

„גיב איהם אַ גלאָז ביער!“ האָט דזשים געזאָגט צו בענצען, דעם קעלנער פון בארני מאַגילעסקי׳ס סאַלון. דער איד האָט מיט דאַנק אָנגענומען. אבער איידער ער האָט אָנגעפאַנגען צו טרינקען, האָט ער אַטאַקירט די פרייע צובייסענס, די הערינג מיט די מאַרענירטע פיש.

„גענוג דיר צו פרעסען!“ האָט בענצע דער קעלנער אַ געשריי געטהאָן אויף דעם הונגעריגען אידען.

„שאַראַפּ!“ האָט דזשים אַ געשריי געטהאָן אויף בענצע׳ן, „לאָז איהם עסען דעם אָרימען טייוועל, איך בעצאָהל, גאָד דעם איט, איך בעצאָהל!“

„וואָט׳ס יור נעים, פאַרד?“ (ווי הייסטו ברודער?) האָט גע־פרעגט דער איירישמאַן.

„איזי," האָט דער איד געענטפערט.

זיי זיינען בעפריינדעט געוואָרען. איזי איז געווען אַ מאַן אין די פופציגער, וואָס איז אַמאָל געווען אַ סוחר און האָט צו די עלטערע יאהרען פערלאָרען זיין קאַפּיטאַל, און ממילא האָבען זיך פון איהם אָבגעטרייסעלט אי זיינע קרובים, אי זיינע פריינד. ער האָט ערשט זיך גענומען צום טרינקען און דזשים האָט זיך אונטער־גומען איהם לערנען.

„איך וואָלט כאָטש וועלען זעהן איין אידען וואָס זאָל קענען טרינקען." האָט דזשים געזאָגט.

אַ יאָהר צייט זיינען דזשים און איזי געווען חברים. איזי איז געווען אַ גוטער תלמיד. דזשים איז געווען אַ גוטער רבי וואָס האָט אויך געצאָהלט די רבי־געלד. נור איזי האָט אָנגעפאַנגען צו שפּעט, און ניט האָבענדיג די ריכטיגע איבונג פון זיין יוגענד אָן, האָט ער ניט לאַנג געדויערט און די חברה חסד של אמת האָט איהם געגעבען אַ פרייען אָרט אויפ'ן בית עולם.

דזשים האָט נאָך איזי'ס טויט געפראַוועט אַ שטילע „וועיק" *) אין מאַגילעסקי'ס סאַלון. „איזי איז געווען דער איינציגער אידי־שער דזשענטלמאַן וואָס האָט געקענט טרינקען." האָט ער געזאָגט מיט אַ זיפץ.

דזשים איז יעצט אָהן אַ חבר. ער איז פערבליעבען דער לעצטער שכור אין אידישען קוואַרטאַל.

*) ביי קיין נאַציאָן ווערט אַזוי שטאַרק אָבגעהיט די מאָדע פון טרינקען און זיך משמח זיין די נאַכט בעפאָר די קבורה פון אַ בר מנן, ווי ביי די אירלענדער, וועלכע פערוואַנדלען די לויה אין אַ פרעה־ליכע חתונה. אַן „איריש וועיק" איז אַן אמת'ע הוליאַנקע.

# דער פערבלאָנזשעטער קדיש

מען רעדט יעצט אז די גבאים פון דעם רעפאָרם טעמפעל עמנואל, פון ניו יאָרק, האָבען בעשלאָסען צו לאָזען די באַפּטיסטען אָבהאַלטען זייער קריסטליכען גאָטעסדיענסט אין אידישען טעמפעל יעדען זאָנטאג, נאָכדעם ווי די מיטגליעדער פון טעמפעל, די וועלכע געהען דאַוונען נור זאָנטאג, וועלען פערטיג ווערען מיט דעם אידישען גאָטעסדיענסט. אין אמעריקא איז עס קיין נאָווינע ניט אז אידען זאָלען דאַוונען להבדיל אין א קירכע, אָבוואָהל צו לאָזען גוים אָבהאַלטען זייער גאָטעסדיענסט אין א אידישע געבעט־הויז ווערט ערלויבט נור ביי רעפאָרמער.

דאָס ברענגט אַרויף אויפ'ן זכרון א מערקווירדיגע פּאַסירונג וואָס איז געשעהן מיט עטליכע יאָהר צוריק, אין אַן אנדער רעפאָרם־טעמפעל. אין דעם געגענד פון טעמפעל האָט אָבגעברענט א קירכע, און די גבאים פון טעמפעל האָבען איינגעלאַדען די קריסטען אָבצוהאַלטען זייער גאָטעסדיענסט זאָנטאג אין אידישען טעמפעל. די קריסטען האָבען די איינלאַדונג אָנגענומען מיט גרוים דאַנקבאַרקייט.

נו, האָט זיך געדאַרפט טרעפען אַז איינער „א קדיש־איד“, א איד וואָס האַלט פון דער גאַנצער אידישקייט בלויז דעם קדיש, האָט געהאַט יאָהרצייט און ער האָט געדאַרפט געהן זאָגען קדיש אין טעמפעל, און אזוי ווי ער איז געוועזען ווייט פון אידישקייט, און פלעגט קומען אין טעמפעל בלויז צוויי מאָל אין יאהר, איין מאָל יום כפּור און דעם צווייטען מאָל זאָנטאג פון דער וואָך וואָס ער האָט געהאַט יאָהרצייט נאָך זיין פאָטער, האָט ער ניט געוואוסט אַז די אידישע מעמבערם פון טעמפעל ענדיגען יעצט זייער גאָטעס־דיענסט א ביסעל פריהער אום צו געבען א געלעגענהייט די קריסטען צו קומען בעצייטענס. אונזער קדיש־איד, וועלכער האָט פון קיין זאַך ניט געוואוסט, איז אַריינגעקומען מיט זיין ענגלישען רעפאָרם־סדור אין טעמפעל און האָט זיך אַוועקגעזעצט אויבען, אויף דער גאַלערעע, וואו עס זיצען די וואָס זיינען קיין מיטגליעדער. ער

האָט געעפּענט זיין סדור און גענומען זיך צוהערען וואָס דער קאַנטאָר זאָגט. ער האָט אפילו בעמערקט אַז עס איז אַ נייער קאַנטאָר, אבער ער האָט בשום אופן ניט געקענט געפינען אין סדור וואו דער קאַנטאָר האַלט. עפּעס האָט ער געזאָגט אַזעלכע זאַכען וואָס אין סדור איז גאָר ניט געווען. אבער אַזוי ווי אונזער קדיש־איד איז געווען אַ גרויסער עם הארץ האָט ער געמיינט אַז דאָס איז שולדיג זיין עם הארצות, וואָס ער קען ניט געפינען וואו דער קאַנטאָר האַלט. פרעגען האָט ער זיך געשעהמט, האָט ער זיך געטראַכט: איך וועל דאָס לאָזען געהן ביז מען וועט זיך אויפשטעלען קדיש זאָגען.

אַזוי איז ער געזעסען, האַלטענדיג אָפען דעם סדור און קעהרענדיג די בלעטלעך פון יוצא וועגען. ער האָט אפילו געהערט ווי דער קאַנטאָר זאָגט „דהי לאָרד דזשיזוס קרייסט", (דער האר יעזוס קריסטוס), אָבער דאָס האָט איהם ניט געוואונדערט. ער האָט שוין איינמאָל געהערט ווי דער ראַבינער האָט מיט ווארימער בעגייסטערונג דערמאָנט דיזען נאָמען אין זיין פּרעדיגט. אַזוי איז ער געזעסען ביז די גוים זיינען פערטיג געוואָרען מיט זייער געבעט און קיין קדיש האָט מען נאָך אַלץ ניט געזאָגט:

עס איז איהם פּלוצלונג איינגעפאַלען אין קאָפּ אַ שרעקליכער געדאַנק: אפשר האָבען די רעפאָרמער שוין אָבגעשאַפט דעם קדיש. אויב אַזוי, האָט ער זיך געטראַכט, איז דאָס שוין צו פיעל! אַלעס מעגען זיי אָבשאַפען, עס אַרט איהם ניט, אבי ניט דעם קדיש.

נאָכדעם ווי אַלעס האָט זיך געענדיגט, איז ער צוגעגאַנגען צום גלח, וועלכען ער האָט אָנגענומען פאַר אַ נייעם ראַבינער, און האָט איהם געפרעגט מכח דעם קדיש.

דער גלח איז גראדע געווען אַ אידישער משומד, האָט ער געוואוסט וואָס קדיש איז, האָט ער דעם קדיש־אידען ערקלערט זיין טעות.

# די אלמנה

איך זעה זי גאַנץ אָפט דורכגעהן איסט בראָדוויי. זי איז א שעהן ווייבעל, פעסט געבויט; געזונד און לעבען זעהט זיך ארויס פון איהר מינדעסטער בעוועגונג, און א פּנים האָט זי וואָס איז בלוט און מילך.

אָבער איהרע אויגען — א שרעק! אין זיי זעה איך א גאַנצען ים מיט פערצווייפלונג.

וואָס איז דער פרוי געשעהן? וואָס פאַר א וואָרים טאָטשעט איהר האַרץ? וואָס פאַר אַן אונגליק האָט פערכמארעט דעם שיין פון איהרע אויגען?

אַן ערקלערונג צו דיזער פראַגע האָב איך ניט לאַנג אויס־געפונען.

די פרוי איז יעצט צוויי־און־דרייסיג יאָהר. מיט צעהן יאָהר צוריק איז זי געווען אַן אָרימע ארבייטער־מיידעל. זי האָט געאַר־בייט אין א האַנדשוה־פאַבריק און פערדיענט גענוג צו ערנעהרען זיך און העלפען איהרע אָרימע עלטערן.

עס האָט איהר דאַן געטראָפען א „גליק“, דאָס א רייכער אַלטער מאַן האָט זי דערזעהן אויף א באַל וואָס איז געגעבען געוואָרען פאַר א וואָהלטהעטיגען צוועק, און האָט זיך אין איהר פערליעבט. דער אַלטער איז געווען אַן אַלמן, און אַז אַן אַלמן פערליעבט זיך, דאַן איז זיין ליעבע פיעל הייסער און ברענענדער ווי די ליעבע פון א יונגען מאַן.

דער רייכער אַלטער האָט געשיקט א שדכן. דער שדכן און איהרע עלטערן האָבען דעם מיידעל אַזוי פערדולט דעם קאָפּ, דאָס זי האָט זיך ענטשלאָסען צו הייראַטהען דעם מאַן, וועלכער איז געווען מיט פערציג יאָהר עלטער פון איהר.

צעהן יאָהר האָט זי מיט איהם געלעבט. זי האָט געמאַכט לוסט־רייזען נאָך פראַנקרייך, געווינטערט אין איטאַליען און גע־זומערט אין די דייטשע בעדער. איהר אַלטער מאַן האָט איהר ניט

געזשאַלעוועט קיין זאַך. זי האָט געהאַט אַ לאָזשע אין דער אָפּערא, דיענסטען און קאַמער־מעדכענס, און איהר בעט־געוואַנד איז געוועזן זיידענס און גאָלד. אבער אין איהר „גליקליכען" לעבען האָט זי איבערגעלעבט זעהר שווערע מאָמענטען: זי האָט איהר אַלטען מאַן ניט געקענט אָנקוקען, און זיינע קוסען פלעגען איהר זיין ביטער אַזוי ווי דער טויט.

צעהן יאָהר האָט זי פערבראַכט אין אַזאַ זאָרט לעבען פון גרעסטען לוקסוס און אונגליק צוזאַמען.

איהר האַרץ האָט די גאַנצע צייט ניט גערוהט. עס פלעגען פאָרקומען געלעגענהייטען ווען דאָס לעבען פלעגט זי רופען צו זיך און זי רייצען מיט טויזענדע פייערען. זי האָט בעגעגענט מענשען, וועלכע האָבען פאַר איהר געוואָלט עפענען אַ בעהאַלטענעם גן־עדן. זי איז אָבער געוועזן אַ פרוי מיט אַן אָרענטליכען כאַראַקטער, און האָט ניט געוואָלט בעגעהן אַ פערברעכען געגען איהר אייגענער עהרע.

„בעסער ליידען, איידער נאַרען אַן אַלטען מאַן, וואָס איז צו מיר גוט און געטריי," האָט זי צו זיך געזאָגט.

צעהן יאָהר — צעהן שרעקליכע יאָהר! די טהירען פון דעם געפענגניס זיינען פּלוצים געעפענט געוואָרען. ער איז געשטאָרבען און זי איז פריי געוואָרען — פריי צו לעבען און צו ליעבען. יאָ, זי וועט נאָך ליעבען, ליעבען מיט דער גאַנצער היץ פון איהר פערבאָרגענעם פייער. און דעם וואָס זי וועט ליעבען, וועט זיין אַן אידעאַל פון גוטסקייט, טרייהייט און איבערגעבענהייט — אַ מאַן אין פולען זין פון דעם וואָרט.

איהר אַלטער מאַן האָט איבערגעלאָזען אַ גרויסען־פערמעגען, אבער בעפאָר זי האָט געזאָלט בעקומען די גרויסע ירושה האָט זיך געמעלדעט נאָך אַ פרוי וואָס האָט געמאָנט אַ חלק פון דעם גרויסען פערמעגען.

דיזע פרוי האָט בעוויעזען, אַז דער פערשטאָרבענער איז געוועזן איהר מאַן אויך, און אַז ער האָט זי געליעבט ביז דער צייט פון זיין טויט, אָבוואָהל ער האָט זי אין זיין צוואה פערגעסען.

און ווען די יונגע אַלמנה האָט אין געריכטסהויז דערזעהען די פרוי, וועמען איהר מאַן האָט אויך געאַרמט און געקוסט, האָט איהר

גאַנצער קערפּער אַ ציטער געטהאָן. „איך בין איהם איבערגעבען געוועזן מיט מיין פרישער יוגענד, און ער האָט געזוכט ליעבע ביי אַן אַלטער, פער׳שכור׳טע מכשפה!“

די יונגע אַלמנה האָט יעצט פערלאָרען איהר צוטרויען אין מענער. זי קען מעהר ניט ליעבען.

יעצט פערשטעה איך דעם פיין וואָס זעהט זיך אַרוים פון איהרע אויגען.

# דער מאַן מיט'ן בוך

שוין מעהר ווי א יאָהר אז מיך האָט פּעראינטערעסירט א זעלטענע פּערזאָן. עס טרעפט אמאָל פילייכט אויך אנדערע מענשען אז זיי פּעראינטערעסירען זיך אין א פּערזאָן וואָס זיי זעהען יעדען טאָג אויף דער קאַר, יעדען טאָג אין דער זעלבער צייט. די פּערזאָן, אין וועלכע איך האָב זיך פּעראינטערעסירט, איז געווען א מיטעל־יעהרי־גער מאַן, פון אויסזעהען אן איינפאכער מענש, אָהן בילדונג, אָהן אינ־טעליגענץ. אָבער יעדען פריהמאָרגען וואָס איך פלעג איהם זעהן אויף דער קאַר, האָט ער געהאַט א דיקען בוך אונטערן אָרעם.

איך בין פון יענע מענשען וואָס אז זיי זעהען א בוך ווערען זיי אזוי ווי אין א פיבער. עס ווילט זיך זיי וויסען וואָס פאַר א בוך דאָס איז. אין דיזען הינזיכט געה איך אמאָל אריבער די גרעַ־נעצען פון עטיקעט. למשל, איך קען אָנכאַפּען א פרעמדען מענשען אין א קאַר און פרעגען: „ערלויבט מיר, סער, איך בין זעהר א ניי־געריגער מענש. מעג איך אייך פרעגען וואָס פאַר א בוך האָט איהר?“ און אזוי האָב איך געטהאָן מיט דעם אונבעקאַנטען. איינמאָל, ווען עס איז מיר אויסגעקומען צו זיצען נעבען איהם, האָב איך איהם אזוי געפרעגט וועגען דעם בוך.

אָנשטאָט אן אנטוואָרט האָט ער אויף מיר געוואָרפען א בייזען בליק און האָט זיך פון מיר אָבגעקעהרט, אזוי ווי איך וואָלט איהם בעליידיגט. איך האָב שוין מעהר איהם קיין פראַגען ניט געשטעלט, אָבוואָהל דער חשק צו דערגעהן דעם אינהאַלט פון זיין בוך איז נאָך געוואָרען שטאַרקער ביי מיר.

איבער א גאַנצען יאָהר צייט פלעג איך איהם כמעט יעדען טאָג טרעפען אויפ'ן קאַר, ענטוועדער פאָהרענדיג צו דער ארבייט, אָדער פון דער ארבייט. און אימער האָט ער געטראָגען דעם זעלבען בוך, מיט די זעלבע רויטע טאָוולען. ווי איז דאָס א מענש ניט מיעד צו לעזען דעם זעלבען בוך א יאָהר כסדר? האָב איך זיך געפרעגט. עס מוז זיין עפּעס א געהיימניס.

איינמאָל, אין דער פריה, ווען איך בין געפאָהרען צו דער אר־בייט, איז מיר אויסגעקומען צו זיצען גראדע געגענאיבער דעם מאַן מיט'ן בוך. ער איז געווען שלעפעריג. יעדע ווייל פלעגט ער איינשלאָפען. זיין קאָפּ פלעגט זיך ארונטערבויגען אויף זיין ברוסט און ער פלעגט אפילו א כראָפּע טהאָן. אָבער יעדען מאָל וואָס די קאר פלעגט זיך אָבשטעלען אָדער זיך פּלוצלונג א ריהר טהאָן, פלעגט ער זיך אויפכאַפּען. איך האָב אויף איהם געקוקט און פון איהם מיינע אויגען ניט אראָבגענומען.

און אָט אזוי ווי ער איז איינמאָל איינגעשלאָפען איז דאָס בוך ארויסגעפאַלען פון אונטער זיין אָרעם און האָט זיך גענומען ארונ־טערקייקלען. מיין הארץ האָט אין מיר אָנגעהויבען שפּרינגען פאַר אויפרעגונג. אָט־אָט עפענט זיך דאָס בוך און איך וועל זעהן וואָס דאָס איז! — — —

נו, דאָס בוך האָט זיך טאַקי געעפענט — און פון דעם האָבען אָנגעהויבען צופאַלען שטיקלעך ברויט, בייגעל, וואורשט, א לעבע־ריל און זויערע טאָמייטאָס. עס איז ניט געווען א בוך, נור א קעס־טעל אין דער פאָרמע פון א בוך, אין וועלכע דער אונבעקאַנטער פלעגט מיטנעהמען זיינע אָנבייסענס, פאָהרענדיג צו דער ארבייט.

# נאך א מעשה מיט א בוך

אין האַרלעם קען מען איהם גוט. ער האָט דאָרט אַ גרויסען געשעפט, אַ גרויסען קרעדיט און אַ גרויסע ווייב. נור אליין איז ער אַ קליינינקער, זעהר קורץ געוואקסען.

קומט ער איינמאָל ארונטער דאַון טאַון און געהט אַריין אין אַ ביכער־געשעפט.

„ציינט מיר אַ גרויסען דיקען בוך", האָט ער געזאָגט.

„וואָס פאר א בוך", האָט דער מוכר ספרים געפרעגט. „אין לשון קודש, אידיש, ענגליש, אָדער רוסיש?"

„עס מאכט ניט וואָס פאר א בוך און אין וואָס פאר א שפראך עס זאָל זיין", האָט דער האַרלעמער ביזנעס־מאַן געענטפערט. „אבי עס זאָל זיין גרויס און דיק."

„ווילט איהר דאָס? דאָס איז אַ יאָהרגאַנג „צוקונפט", ווילט איהר דאָס? דאָס איז פּרץ'ס שריפטען. אפשר ווילט איהר דיזען סעט מחזורים מיט ענגלישע איבערזעצונג? וואָס, איהר ווילט דוקא איין בוך? גרעסער און דיקער זאָל ער זיין ווי דיזע? טאָ נעהמט וועבסטער'ס ווערטערבוך, דעם גרויסען, אָט גיט אַ קוק."

דער מוכר ספרים האָט ארויסגעשלעפּט פון אונטער א טיש דעם גרויסען אונגעקירצטען וועבסטער'ס ווערטערבוך, וועלכער איז צוועלף מאָל אזוי גרויס ווי אַ מנורת המאור, להבדיל.

„אָט דאָס איז דער ריכטיגער בוך וואָס איך דארף האָבען!" האָט דער סוחר אויסגערופען, האָט בעצאָהלט און איז אַוועק.

דער מוכר ספרים קען זיך עד היום ניט אָבוואונדערען אויף דעם קונד וואָס קויפט ביכער אויפ'ן מאָס.

יענעם אבענד איז אין מעטראָפּאָליטאַן אָפּערא הויז אריין א גרויסע, הויכע, דיקע ווייבעל צוזאמען מיט אַ קליינעם מאַן. זיי וואָלטען אפשר ניט צוגעצויגען קיין בעזונדערע אויפמערקזאמקייט, ווען דער מאַן וואָלט ניט געטראָגען אונטער זיין אָרעם אַ גרויסען דיקען ווערטערבוך. אָט דיזער ווערטערבוך האָט איבערראשט דעם

טיהר־שטעהער, האָט פערוואונדערט די בעדיענער און האָט ארויס־
גערופען א שמייכעל (און ביי מאנכע אַ געלעכטער) ביי די מענשען
וואָס זיינען שוין געזעסען אויף זייערע פלעצער.

אָבער דער מאן איז זיך רוהיג געגאַנגען מיט זיין פלונית'טע
צו זייערע פלעצער. דעם גרויסען ווערטערבוך האָט ער אַוועקגע־
לייגט אויף זיין זיץ און נאָכדעם ווי ער האָט זיך אויף דעם בוך
אַוועקגעזעצט, האָט ער געזאָגט צו זיין פרוי:

„יעצט זיץ איך העכער און איך קען זעהן ווי מען שפיעלט."

# די אַמעריקאַנער צדקה־פּושקע

דאָס האָט פּאַסירט אין א גרויסע געביידע אויף קאַנעל סטריט. אין דער געביידע געפינען זיך אָפיסעס און אויך א שאַפּ פון מענער־קליידער.

אין דעם שאַפּ ארבייט אַן אַלטער איד ביי רעק. ער איז שוין זעהר אַלט און זיין באָרד איז גרוי. מען האָט מיר דערצעהלט, אז ער האָט קינדער וואָס ווילען איהם אויסהאַלטען, נור דער אַלטער וויל ניט קיינעמס הילף. ער ארבייט און קלייבט געלד, א דאָללער צו א דאָללער.

וואָס דארף דער אַלטער געלד? א נו טרעפט! דער אַלטער קלייבט געלד אום צו קענען פאָהרען אין ארץ ישראל, אויסלעבען דאָרט זיין ביסעל יאָהרען אָהנע אָנצוקומען צו לייטען, שטאַרבען אין ירושלים און ליגען אויפ'ן הר הזתים.

געלד קלייבט זיך לאַנגזאם. דער ארבייטס־פּרייז אין קליין, צו די עלטערע יאָהרען ארבייט זיך ניט אזוי שנעל און די קינדער מוז מען דאָך אמאָל עפּעס צו־ווארפען א פּרעזענט, די אייניקלעך איבערהויפּט. ער איז דאָך א זיידע און אזוי בעליעבט ביי זיי.

און דער אַלטינקער האָט געמאַכט א מסחר מיט גאָט. אַלע טאָג האָט ער בעשלאָסען צו געבען א סענט צדקה און דערפאר זאָל איהם גאָט געבען כחות צו ארבייטען און א סך פּרנסה.

יעדען טאָג פלעגט דער אַלטער, באַלד ווי ער פלעגט אריינקו־מען אין קאָרידאָר פון דער געביידע, אריינוואַרפען אין א גרויסע פּושקע, וואָס איז געהאַנגען אויפ'ן וואַנד, איין איינציגען סענט.

זעקס ארבייט־טעג אין וואָך — זעקס סענטען.

און אזוי איז אָנגעגאַנגען וואָכען לאַנג, מאָנאַטען לאַנג.

א קליינער אינגעל, וואָס האָט געארבייט אין אַן אָפיס פון דער הויז, פלעגט ארונטערקומען יעדען פריהמאָרגען עפענען די גרויסע פּושקע און ארויסנעהמען פון דאָרט די בריעף וואָס דער בריעפען־טרעגער פלעגט דאָרט אריינוואַרפען.

איינמאָל האָט ער דאָרט געפונען אַ סענט. ווי אַן אָרענטלי־כער אינגעל, האָט ער דערפון דערצעהלט זיין בעל־הבית און יענער האָט איהם געהייסען האַלטען דעם סענט פאַר זיך.

אַזוי איז עס געווען יעדען טאָג. זעקס טעג אין וואָך פלעגט דער אינגעל געפינען אַ סענט אין דעם פּריוואַט בריעף־קאַסטען פון זיין בעל־הבית.

אין אָפּים האָט מען זיך געוואונדערט איבער דעם געהיימען בעל־צדקה וואָס וואַרפט צו דעם אינגעל יעדען טאָג אַ סענט צום נאַשען. ביז דער בעל הבית אַליין האָט זיך ענטשלאָסען אויסצוגע־פינען, ווער דער בעל צדקה איז. ער האָט אָבגעוואַרט איין פריה־מאָרגען אין קאָרידאָר און זיין מיהע איז בעלוינט געוואָרען.

דער אַלטער איד האָט אָנגענומען דעם בריעפקאַסטען פאַר אַ צדקה־פּושקע. אָבער זיין צדקה איז ניט אוועק אין גאָרנישט. עס איז דאָך אָנגעקומען אין די הענד פון אַן אָרימען אידישען אינגעל.

# א קמיעה

ווען איהר געהט אין אַן אונבעקאַנטען געגענד און איהר ווילט וויסען וואָס פאַר אַ זאָרט מענשען עס וואוינען אין דעם קוואַרטאַל קענט איהר עס לייכט אויסגעפינען, ווען איהר זאָלט צוגעהן צו אַ צייטונג סטענד און אַ קוק טהאָן וואָס פאַר אַ זאָרט צייטונגען דאָרט ווערען פערקויפט. יעדע צייטונג האָט איהר בעזונדערען קלאַס לעזער. דאָרט וואו איהר זעהט אַ סך „טריביונס", „סאָנס", „הע־ראַלדס", און „איוונינג פּאָסטס" זייט איהר זיכער אַז דאָרט וואוינען רייכע לייט. דאָרט וואו איהר זעהט אַ סך ענגלישע צייטונגען און אַ פּאָאר אידישע זיינען פעררוקט אין אַ זייט, קענט איהר זיין זיכער אַז דאָס איז אַ געגענד וואו אידען האָבען ערשט אָנגעהויבען אריינצוציהען, און אַז אין אַ יאָהר אַרום וועלען אויפ'ן סטענד זיין אויסגעשפּרייט גאַנצע בערג אידישע צייטונגען און די ענגלישע וועלען זיין פעררוקט אָן אַ זייט. וויטער זיינען די סמנים גאַנץ דייטליך. זעהט איהר די „הערא־לדאָ" אָדער „די בולעטינא דע לאַ סעררא" ווייסט איהר אַז איהר זייט אין איטאַליענישען קוואַרטאַל. זעהט איהר דעם „קוריער דע זעטאַט אוני", ווייסט איהר אַז דאָ געפינען זיך פראַנצויזען. און אַזוי ווייטער.

דער אידישער קוואַרטאַל פון דאַון טאַון איז דער איינציגער וואָס איז אויסגעשלאָסען פון דעם רעגעל. דאָס אידישע אונגאָרמאַלע לעבען צייגט זיך אַרוים אפילו אין די צייטונגען וואָס ווערען פער־קויפט אין אידישען קוואַרטאַל. שטעלט זיך פּאַר אַז אין עסעקס סטריט, אין לודלאָוו און אין אָרטשאַרד סטריטס האָט דער „מאָר־נינג טעלעגראַף" אַ היבשע סירקולייישאָן. דיעזע ענגלישע צייטונג וועלכע קאָסט פינף סענט אַ נומער איז די אָפיציעלע ספּאָרטינג צייטונג פון ניו יאָרק. עס איז אַ צייטונג וואָס גיט איבער אַלע נייעס פון טעאַטער און פון אַלע אַטלעטישע ספּאָרטס. קיין אַמערי־קאַנער אַקטיאָר אָדער ספּאָרט, וועט זיך בעגעהן אָהן אַ „מאָרנינג טעלעגראַף". זעהענדיג אַז דיעזע צייטונג האָט אַ ניש'קשהדיגען

גאנג אין דעם אידישען קווארטאל, בין איך נייגעריג געוואָרען צו וויסען ווער זיינען די ספּאָרטס פון אונזער קווארטאל. איך האָב גענומען אויפפּאַסען אויף איינעם פון די סטענדס. און ווי איבער־ראשט בין איך געוואָרען צו זעהן ווער עס קויפט די ספּאָרטישע צייטונג! דאָס זיינען געווען צוויי אידען, איינער מיט אַן ארומ־געשויירענער בערדעל, דער אַנדערער מיט אַ פולער באָרד. יעדער איינער פון זיי האָט געקויפט אַ „טעלעגראַף", האָט עס אַריינגע־שטעקט צו זיך אין קעשענע, אַזוי אַז דער נאָמען פון דער צייטונג זאָל זיך אַרויסזעהן, אוןביידע זיינען אַוועק צוזאַמען.

ספּאָרטס! אידישע ספּאָרטס! טראַכט איך מיר און פרעה זיך. אַז אַזעלכע אידען אינטערעסירען זיך שוין אין ספּאָרטס איז אַ צייכען אויף משיח צייטען. איך יאָג זיי אָן ביידען, שטעל זיי אָב, און בעט ביי זיי מיר צו זאָגען וואָס איז געווען די סקאור פון די בייז באָל גיים וואָס איז געסטערען געשפּיעלט געוואָרען צווישען „שיקאַגאָ" און די „דזשייענטס".

„פרעגט מיך בחרם", האָט איינער געענטפערט. „איך פער־שטעה ניט וואָס איהר פרעגט מיך."

„ער מוז מיינען אַז מיר זיינען ספּאָרטס ווייל מיר טראָגען דעם צייטונג אין קעשענע", האָט איהם ערקלערט דער אַנדערער.

נאָכדעם האָט דער אַנדערער זיך געווענדעט צו מיר און גע־זאָגט:

„דיעזע צייטונג טראָגען מיר אַלס אַ שמירה געגען לויפערס. מיר זיינען ביידע קאָלעקטאָרס פאַר אַ פירמאַ וואָס גיט זאַכען אויף אויסצאָהלען, און אונזערע קונדען וואוינען אין אַ געגענד וויאו עס געפינען זיך געפעהרליכע לויפערס. מיר פלעגען פון זיי אויסשטעהן גרויסע צרות. זיי פלעגען אונז רייסען די בערד און אָפּטמאָל מכבד זיין מיט אַ שטיין. מיר פלעגען אַלץ בעטען גאָט ער זאָל אונז שיקען עפּעס אַ ישועה און אויף די לויפערס אַ מגפה. איינמאָל, פאָהרענדיג אין אַ קאַר, זונטאָג איז דאָס געווען, האָב איך געפונען אַ נומער פון דיעזער צייטונג. זונטאָג געהט עס אַרויס מיט בילדער. קלער איך מען דאַרף דאָס מיטנעהמען אַהיים פאַר מיינע קינדער. איך געה אין גאַס, און וואו איך זעה עטליכע לוי־פערס צוזאַמען פאַלט מיר איין דאָס האַרץ פאַר שרעק. אָבער איך

זעה אַז זיי קוקען אויף מיר מיט רעספּעקט און טשעפּען מיך ניט. אויף איין אָרט האָט מיך איינער, אַ יונגער איירישמאַן אָבגעשטעלט און געבעטען איך זאָל איהם ערלויבען פעררויכערען זיין סיגאַרעטעל אָן מיינעם. ער האָט מיך גערופען „ספּאָרט“ און מיר געזאָגט „טהענקס“ פאַר דער טובה. איך האָב זיך באַלד אָנגעשטויסען אַז דאָס האָט עפּעס צו טהאָן מיט דער צייטונג וואָס איך האָב געטראָ־גען ביי זיך אין דער קעשענע. איך האָב דאָס דערקענט נאָך זיינע בליקען וואָס ער האָט אויף דער צייטונג געוואָרפען. דאַן איז ביי מיר געבליבען איך זאָל די צייטונג כסדר טראָגען ביי זיך אין קעשענע אום עס זאָל מיך היטען פון בייז. און, בנאמנות, איך האָב געטראָפען! די צייטונג האָט געווירקט אַזוי ווי אַ קמיעה. אַז די לויפערס פלעגען דאָס דערזעהן פלעגען זיי פאַר מיר בעקומען דרך ארץ. איך האָב די צייטונג אַזוי אָבגעטראָגען ביז עס איז געל געוואָרען פון אַלטקייט. אָבער איינמאָל, געהענדיג אין גאַס, כאַפּט מיך אָן אַן איירישער און בעט מיך, „העי, ספּאָרט! לעט מי לוק עט יור פּייפּער“. נעהם איך און דערלאַנג איהם די צייטונג. ווי נור ער גיט אַ קוק אויף דעם, ווערט ער אַן אָנגעצונדענער פאַר כעס, ער דרעהט צוזאַמען די צייטונג אין זיינע הענד און דערלאַנגט מיר מיט דעם אַ זעטץ אין היטעל, אַ זעטץ איבער'ן נאָז, אַ זעטץ אין איין אויער, און אַ זעטץ אין דעם אַנדערען. און ער רופט מיך נאָך דערביי עטליכע שעהנע נעמען, און זאָגט מיר אַז דאָס וועט זיין פאַר מיר אַ לעהרע פאַר מאַכען מענשען צו נאַרען און זיי געבען צו לעזען צייטונגען וואָס זיינען דריי וואָכען אַלט. זייט דאַן בין איך שוין פאַר־זיכטיג צו קריגען יעדען טאָג אַ פרישען נומער און אַזוי האָב איך אָנגעזאָגט די אַנדערע פּעדלער זיי זאָלען אויך אַזוי טהאָן.“

## צוויי שכנות

א לאנגע צייט איז מיסעס גאָלדבלאַט געווען זעהר אומעטיג. די וואוינונג וואָס איז געווען אויבען, איבער איהר וואוינונג אויף דעם צווייטען שטאָק, איז געשטאַנען ליידיג. אז איהר מאַן פלעגט אוועק צו דער ארבייט און די קינדער אין סקול פלעגט זי בלייבען איינע אַליין אין דער צוויי־פאַמיליען פריוואַט הויז און ניט האָבען מיט וועמען א וואָרט צו כאַפּען.

ענדליך האָט זיך דער אויבערשטער מרחם געווען און עס האָט אריינגעצויגען א יונג פּאָאר פאָלק, מיסטער און מיסעס זאַנענפעלד. די מיסעס זאַנענפעלד איז געווען זעהר א פריינדליכע פּערזאָן און זי האָט ליעב בעקומען די געזעלשאַפט פון מיסעס גאָלדבלאַט. די שכנות פלעגען פערברייגען צוזאַמען. אמאָל פלעגט מיסעס זאַנענ־פעלד ארונטערקומען אונטען זיך צוקוקען ווי מיסעס גאָלדבלאַט קאָכט אויס א באָרשץ, אָדער מאַכט א קוגעל, אָדער א פלאָדען, און אמאָל פלעגט מיסעס גאָלדבלאַט ארויף אויבען און זיך צוהערען ווי מיסעס זאַנענפעלד שפּיעלט פּיאַנאָ.

זייערע מענער האָבען אויך געלעבט זעהר פריינדליך צווישען זיך, נור אין די הערצער האָבען זיי איינע די אנדערע מקנא געווען.

„ווען דו וואָלסט געקענט שפּיעלען פּיאַנאָ אַזוי ווי מיסעס זאַנענפעלד!“ האָט מיסטער גאָלדבלאַט איינמאָל געזאָגט צו זיין פרוי, „וואָלסטו גאָר געווען אַן אַנדער ווייבעל. און אַזוי ביזטו ניט מעהר ווי א קיך אידענע, רק מיט דעם קאָכען און מיט די געשיר!“

„נו, וועל איך זיך לערנען פּיאַנאָ שפּיעלען“, האָט געזאָגט מיסעס גאָלדבלאַט.

„אז דו וואָלסט געקענט קאָכען א באָרשץ, אָדער מאַכען א שטרודעל אַזוי ווי מיסעס גאָלדבלאַט וואָלט איך דיך נאָך אמאָל אַזוי פיעל ליעב געהאַט!“ האָט איינמאָל געזאָגט מיסטער זאַנענ־פעלד צו זיין יונגע ווייבעל.

און אזוי ווי אַ פרוי האָט ליעב צופריעדען צו שטעלען אַ מאַן אין אַלע פּרטים האָט מיסעס זאַנענפעלד בעשלאָסען זיך צו לערנען קאָכען.

צו דערזעלבער צייט האָט מיסעס גאָלדבלאַט אָנגעהויבען צו לערנען זיך פּיאַנאָ שפּיעלען.

די מענער האָבען זיך געפרעהט.

אָבער עס האָט ניט גענומען לאַנג און ביידע מענער האָבען איינגעזעהן אַז זיי האָבען געמאַכט אַ ביטערען טעות.

„מיין פרוי", האָט איינמאָל געזאָגט מיסטער גאָלדבלאַט צו זיין מיסעס, ווען זיי זיינען געזעסען ביים טיש און געגעסען, „דיין היינטיגע קאשע מיט בעבלעך איז אויסגעצייכענט און דיין פלוימען־צימעס אַ מאכל מלכים. ווען דו וואָלסט נאָר געלאָזט די פּיאַנאָ צו רוה, ווען דו וואָלסט נור ניט געליטען פון דער איינבילדונג אַז דו קענסט שפּיעלען."

כמעט צו דער זעלבער צייט האָט מיסעס זאַנענפעלד פון אויבען געשפּיעלט אויף דער פּיאַנאָ אַ שעהן שטיק מוזיק.

„ווי גרויסאַרטיג! ווי ערהאַבען!" האָט מיסטער זאַנענפעלד אויסגערופען שטאַרק ענטציקט. „מיין ענגעל, ווי גוט דו וואָלסט געווען און ווי ליעבליך ווען דו וואָלסט זיך ניט איינגערעדט אַז דו קענסט קאָכען!"

# די מאַמע און איהר קדיש

דער בחור איז געקומען אהיים שפּעט נאָך האַלבע נאַכט, אַ מיעדער אַ געבראָכענער, שטאַרק נערוועז פון טהעע, סיגאַרעטס און קאָרטען שפּיעלען.

ער האָט אָנגעקלאַפּט אין טהיר. עס האָט גענומען אַ פּאָאָר מינוטען און די טהיר האָט זיך געעפענט. אין דער דונקעלער שיין פון די קליינע גאַז־ליכט האָט ער דערזעהן פאַר זיך זיין מוטער, אַ הויכע, מאָגערע אידענע, מיט גרויע האָאָר אונטער איהר טשעפּיק. ער האָט אַרונטערגעלאָזען זיין קאָפּ און איהר ניט געקענט קוקען גלייך אין די אויגען.

„ווילסט עפּעס עסען, מיין זוהן?“ — האָט געפרעגט די אַל־טעטשקע מיט אַ ציטעריגע שטימע. „איך האָב פאַר דיר אָנגע־גרייט מילך מיט קוכען. ווילסטו איך זאָל דיר געבען אַ שטיקעל קאַלטע פיש?“

„מען דאַרף נישט, מאַמע, געה שלאָפען!“

די מוטער האָט אָנגעקוקט איהר איינציגען זוהן, איהר קדיש, אַ שעהנער יונג מיט אַ שוואַרצע פראַנצויזישע בערדעל. זי איז איהם נאָכגעגאַנגען אין עס־צימער, וואו ער האָט שטעהענדיג אַ זופּ געטהאָן אַ ביסעל מילך פון אַ קריגעל.

דאַן האָט ער געזאָגט „גוטע נאַכט“ און איז אַריין אין זיין שלאָפצימער.

ער האָט אָנגעצונדען די גאַז, אַראָבגענומען דעם ראָק און זיך אוועקגעזעצט ביי אַ קליינעם טישעל. ער האָט געוואוסט אַז ער וועט ניט קענען איינשלאָפען. ער איז געווען שטאַרק נערוועז פון דעם אַבענד. דאָס געשטאַלט פון דער אַלטער מאַמען האָט איהם שטאַרק געקוועלט. אַמאָל פלעגט ער דעם פרייטאג אַבענד צו־ברייגגען אין דער היים און וויסען וואָס שבת איז ביי אידען. ער פלעגט פאָרלעזען דער מאַמען עפּעס פון אַ אידישע צייטונג, אָדער עפּעס אַ מעשה. יעצט האָט ער זיך אַריינגעלאָזען אין שפּיעלען.

ער מאַטערט זיך, ער מאַטערט זיין קראַנקען פאָטער און זיין אַלטע מוטער. ער פערליערט זיין יוגענד, זיין געזונד און זיין געלד.

ער האָט גראַדע היינט געהאַט גליק. ער נעהמט אַרויס פון זיינע טאַשען פּאַפּיער־געלד און זילבער און צעהלט. ער האָט גע־וואונען 18 דאָלער. לעצטען פריייטאָג האָט ער פערשפּילט 22! אַ קריינק איז איהם אַריין אין די ביינער — ער קען ניט אויפהערען צו שפּיעלען! ער פערשילט זיך די יאָהרען. ער פּראָבירט אַלע מיטלען, ער פערשווערט זיך מעהר ניט צו שפּיעלען — אָבער עס העלפט ניט.

פּלוצלונג הערט ער אין צווייטען צימער אַ שאָרך. די מאַמע איז די גאַנצע צייט געזעסען אין עס־צימער און געוואַרט ביז ער וועט זיך לייגען שלאָפען. ער הערט איהר שלוכצען מיט אַן איינ־געהאַלטענעם געוויין. אַן אונבעגרייפליכער שרעק כאַפּט איהם אָן. ער גיט אַ ריס פון זיך די האָאָר, גיט אַ ביס די ליפּען, וואַרפט פון זיך שנעל אַראָב די קליידער, לעשט אויס די געז און וואַרפט זיך אַריין אין בעט. ערשט דאַן האָט ער געהערט ווי די אַלטע האָט פערלאָזען דעם צימער און איז אַוועק שלאָפען.

אָבער ביידע האָבען די נאַכט ווייניג געשלאָפען.

# אליץ דער באַרדער

בעטסי, אַ יונגע מיידעל וואָס אַרבייט ביי פּאַפּירענע שאַכטלעך, האָט געהענדיג אַהיים פון דער אַרבייט געזעהן אויף אַ האַנדוועגעלע שעהנע גרויסע באַרנעס, און אַזוי ווי דער פּעדלער האָט געשריען רחמים אַז דאָס איז זיין לעצטע ביסעל סחורה און ער פערקויפט אוים די לעצטע ביסעל באַרנעס צו סענט אַ שטיק, האָט זי געקויפט איינע פון זיי אום צו ברייגגען אַ מתנה איהר קליינעם ברודערל וואָס האָט ערשט אָנגעהויבען צו געהן אין סקול.

מאַקסי, דער קליינער ברודערל, האָט זיך זעהר דערפרעהט מיט דער באַרנע וואָס זיין גוטע שוועסטער האָט איהם געבראַכט, און ער האָט בעשלאָסען זיך צו טהיילען מיט זיין עלטערן ברודערל סעמקע; זיך אַ האַלבע באַרנע און איהם אַ האַלבע. אָבער סעמקע, דער עלטערער האָט געזאָגט צו מאַקסי׳ן:

„פּאַפּאַ איז סיק. ער האָט אַ פּיין אין דהי סטאָמעק. גיוו איט טו הים.“ (פּאַפּאַ איז קראַנק. ער האָט אַ וועהטאָג אין מאָגען. גיב דאָס צו איהם!)

און מאַקסי האָט באַלד געזעהן די לאָגיק פון דעם, אַז ווי באַלד דער טאַטע איז קראַנק קומט איהם די באַרנע. ווען דער טאַטע איז געקומען אַהיים מיט זיין קעסטעל טהעע, האָט איהם מאַקסי דערלאַנגט די באַרנע און געזאָגט אין זיין קינדערשען אַמעריקאַנישען אידיש.

„פּאַפּאַ! מיר דאָס בעטסי געגעבען. דו דאָס עסען. דו ביזט סיק.“

דער פאָטער איז געוועזען שטאַרק גערירט פון זיין זוהנ׳ס אָפּפערוויליגקייט, און ער האָט ביי איהם צוגענומען די באַרנע און איהם געקושט. ווען אַ קינד שיינקט אייך עפּעס נעהמט עס ביי איהם צו, ווייל דאָס געוואוינט איהם צו טהאָן גוטעס מיט אַן אמת׳ן האַרצען, אַלע קלוגע מענשען ווייסען דאָס.

דער קראַנקער טהעע־פּעדלער האָט דערנאָך גענומען די באַרנע און דאָס דערלאַנגט צו זיין פרוי:

„נאַ, עס דו די באַרנע. ווי קען איך עסען באַרנעס אַז מיין מאָגען איז אַזוי שלעכט?“

די פרוי האָט צוגענומען די באַרנע, האָט דאָס שעהן צושני־טען אויף אַ קליינעם טעלער׳ל און נאָכדעם ווי אַלע האָבען אָבגע־געסען אַבענד־ברויט האָט זי די טעלער׳ל מיט דער צושניטענע באַרנע דערלאַנגט דעם באָרדער.

דער באָרדער האָט געגעסען, און אַלע האָבען איהם געקוקט אין די אויגען און געטראַכט ווי גוט עס איז אַ באָרדער אויף דער וועלט!

# די גרויסע „פּיקצע"

נעבען דעם אריינגאַנג צו אַ פאָטאָגראַף־גאַלערע אין קאַנאַל סטריט זעהט מען פיעלע מענשען שטעהען און בעטראַכטען די בילדער וואָס זיינען אויסגעשטעלט אין די גלעזערנע שוי־קאַסטענס פון דרויסען און אין קאָרידאָר פון אינוועניג.

די געהען אוועק און עס קומען אנדערע, זיי בייטען זיך, די מענשען, און דער האָל איז אימער פול, און אַרום די שוי־קאַסטענס שטעהען אימער פרויען און בעטראַכטען די בילדער.

מיידלעך שטודירען די פּאָזעס אויף די בילדער און טראַכטען, אויב ווען גאָט וועט זיי העלפען, זאָלען זיי זיך אַרונטערנעהמען מיט אַ בוך אין האַנד אָדער אָדער מיט אַ בלויע וויסטעל און אַ רויטען האַלזטוך, טאַקי מיט די קאָלירען ווי די מוסטערן אין די שאָו־קאַסטענס. מיט אויגען פון קנאה קוקען זיי אויף מאַנכע בילדער, וואו עס שטעהען צוזאַמען פּאָרלאַך, אָרעם אין אָרעם. זי אין אַ חופּה־קלייד און ער אין אַ שוואַרצען פראַק. וואָס פאַר אַ גרויסער גליק עס איז צו שיקען אַזאַ בילד נאָך דעם אַלטען היים.

יונגע לייט בעטראַכטען אויך די בילדער און קלעהרען ביי זיך איבער אויב עס איז בעסער זיך אַרונטעצונעהמען „אין גאַנצען" מיט דער זייגער־קייטעלע אין האַנד, אָדער זיצענדיג נעבען אַ טיש מיט אַ בלומען־טאָפּ און אַ בוך אין האַנד.

אפילו עלטערע מענשען און אויך גאַנץ אַלטע לייט קענען זיך ניט איינהאַלטען ניט אָבצושטעלען זיך אַ ווײַלע, אין מיטען זייער גאַנג, צו בעטראַכטען די פערשיעדענע בילדער וואָס זיינען אויסגעשטעלט געוואָרען מיט דער אבזיכט צו כאַפּען קונדען.

אַנדער דענקען גאָר ניט פון אַרונטערנעהמען זיך בילדער, נור זיי שטעלען זיך אָב בלויז אויס נייגיערדע בעטראַכטען די „פּיקצעס" פון די אַקטיאָרען און אַקטריסעס וואָס זיינען אַרונטערגענומען געוואָרען אין זייערע קאָסטיומען.

נעבען דאָס בילד פון איין אַקטיאָר, וועלכער איז געקליידעט אין אַ קאָסטיום פון אַ פּאַסטוך, מיט בלויע הויזען און אַ רויטען

גאַרטעל, קען מען צו יעדער צייט זעהן עטליכע פּוילינס קוקען אויף איהם מיט בעוואונדערונג.

נור מעהר פון אלע בילדער ציהט צו די אויפמערקזאמקייט דאָס בילד פון אַ שעהנע דאַמע, מיט אַן אויסגעשניטענעם בוזים און אַ בוקעט בלומען צוגעטשעפּעט צו דעם. די דאַמע איז בעהאַנגען מיט דזשולערי: אַ שווערע קייט מיט מעדאַליאָנען לאָזען זיך אַרונטער פון איהר האַלז. איבער דעם בוקעט זעהט זיך אַרויס אַ גרויסער בראַסלעט מיט גרויסע דיימאָנדס. אויף די איידעלע אויסגעטאָקטע פינגער פוןביידע הענד זיינען אָנגעזעצט פיעלע רינגען.

אַן אַלטע, אָרים־געקליידעטע אידענע, מיט אַ פאַרוק אויפ׳ן קאָפּ, קומט יעדען טאָג צו דער שאָו־קאַסטען און בעטראַכט „די גרויסע פּיקצע" פון דער רייך־פערפּוצטע דאַמע. די אַלטע קוקט זי אָן אַ היבשע ביסעל צייט, שטעהט נעבען דעם בילד און טראַכט. נאָכדעם שאָקעלט זי מיט׳ן קאָפּ, גיט אַ זיפץ און געהט ווייטער.

אין דעם געגענד קען מען די אידענע. מען קען אויך די יונגע דאַמע וועמעס בילד די אַלטע קומט יעדען טאָג זעהן. די יונגע דאַמע איז די איינציגע טאָכטער פון דער אַלטער. זי האָט געאַרבייט אויף אַ שרייב־מאַשין אין אַ געשעפטס הויז און פלעגט איהרע קליינע פערדיענסטען אימער איבערגעבען צו איהר מוטער. איינמאָל האָט זי איהר איבעררּאַשט מיט דער נייעס אַז מען האָט איהר געהע־בערט איהר געהאַלט. אויף דער נעכסטער וואָך האָט מען איהר נאָך מעהר געהעכערט און איהר נאָך געשיינקט די נייע קליידער און ציערונג. אויף דער דריטער וואָך האָט די טאָכטער פערטרויט די מוטער אַ סוד, אַז דער פּרינציפּאַל האָט איהר פערזאָרגט אַז זי זאָל שוין מעהר גאַר ניט אַרבייטען און זיי וועלען יעצט קענען אַרויסציהען נאָך אַ שעהנערע וואוינונג. די מוטער׳ס געבעט, געוויין און טרעהרען האָבען ניט געהאָלפען. די טאָכטער איז שוין געווען ניעדריג געזונקען.

זיי האָבען זיך צושיידט. די אָרעמע מוטער האָט ניט געוואָלט געניסען פון איהר טאָכטער׳ס שאַנדע־געלד. זי האָט איהר אויך מעהר ניט געוואָלט בעגעגענען. נור יעדען טאָג קומט די אַלטעטשקע צו דער גרויסער „פּיקצע", בעטראַכט גוט דאָס בילד, גיט אַ זיפץ און קומט אַהיים און וויינט זיך אויס...

# א נייע מעשה אָהן אן עק

אין פּראָנט־צימער איז געזעסען די באָרדערקע מיט א יונגען־מאַן וואָס האָט זיך גע׳שדכנ׳ט צו איהר. דער יונגער מאַן איז גע־וואָרען אַן אָפטער בעזוכער אין דער לעצטער צייט, און יעדען מאָל וואָס ער פלעגט קומען, פלעגט די מיסעס מיט איהר מאַן זיך אַוועק־זעצען אין קיך אום ניט צו שטערען די יונגע מענשען אין זייערע ליעבעס־חלומות.

ערשט מיט א פּאָר יאָהר צוריק איז די מיסעס אַליין געווען א באָרדערקע. און אַז דער יעצטיגער מאַן איהרער פלעגט איהר קו־מען בעזוכען, פלעגט דאַן די מיסעס ביי וועלכע זי האָט געוואוינט, אויך אַוועק מיט׳ן מאַן אין קיטשען אום די יונגע מענשען זאָלען קענען רעדען און פערברענגען פריי און אונגעשטערט.

די מיסעס טראַכט וועגען איהר פערגאַנגענהייט, און די באָר־דערקע וועגען איהר צוקונפט.

„וואָס טראַכסטו?" פרעגט א מענער־שטימע אין קיך.

„איך טראַכט", ענטפערט א פרויען־שטימע אין דער זעלבער קיך, „פון דער צייט ווען מיר זיינען געווען חתן־כלה, און מיר פלעגען זיצען אין פּראָנט־צימער און מיין מיסעס פלעגט אונז צו־ליעב טהאָן און זיצען אין קיך. געדענקסטו יענע גליקליכע צייט?"

„וואָס טראַכסטו?" פרעגט א מענער־שטימע אין פּראָנט־צימער.

„איך טראַכט", ענטפערט א פרויען־שטימע אין דעם זעלבען פּראָנט־צימער, „איך טראַכט וועגען דעם אַז עס וועט אמאָל קומען א צייט ווען איך און דו וועלען זיצען אין קיך, און אין אונזער פּראָנט־צימער וועט זיצען א באָרדערקע מיט א פרעמדען יונגענמאַן."

די נבואה איז שפּעטער מקוים געוואָרען. די יונגע פּאָאר האָבען חתונה געהאַט און אריינגענומען א באָרדערקע, דאַן פלעגען זיי א דריי אָדער פיער אבענדען אין וואָך מוזען צוברענגען אין קיך

כדי די באָרדערקע זאָל זיך קענען רוהיג אמוזירען מיט איהר חתן אין פראָנט־צימער.

און אזוי ציהט זיך די מעשה אָהן אַן עק. באָרדערקעס האָבען חתונה און ווערען מיסעסען און טרעטען אָב די פראָנט־צימערען פאר נייע באָרדערקעס, און די נייע באָרדערקעס ווערען אויך מי־סעסען און זיי טרעטען אָב דעם פראָנט־צימער פאר ווידער נייע באָרדערקעס — אַן אַלטע מעשה, אַ מעשה אָהן אַן עק.

# אָבגעקומען פאר זיין גוט הארץ

א יונגער מאן פון הארלעם וואס האט ערשט געענדיגט דאָק־טאָר און זוכט אַנצוקומען אַלס הויז־דאָקטאָר אין א דאון טאונער האָספּיטאַל, האט איינמאָל, ווער ער איז דורכגעגאנגען הענרי סטריט, זיך בעגעגענט מיט אַן אַלטע אידישע פּעדלערקע, וועלכע האט איהם געבעטען עפּעס ביי איהר צו קויפען. דער יונגער דאָק־טאָר האט א קוק געטהאָן אויף דער פּעדלערקע'ס סחורה, וועלכע איז געווען איינגעפּאַקט אין א קליינע קעסטעלע, אַט אזא אין וועל־כע עס ווערען געפּאַקט וויינטרויבען. אין דיזער קעסטעלע איז גע־ווען א גאַנצער כל בו: דאָרט זיינען געווען עטליכע פלוימען, עט־ליכע פּעקלעך שטעך־נאָדלען, עטליכע בלייפעדערס, צוויי באַנאַנאַס, א פּעקעלע קאָנווערטען, צוויי שווארצע שקאַטולקעס פּאָדים, א פּאָאר רויטע קינדער־זעקעלעך, א פארצעל־יענע פּופּע און אַן אונ־טערגעלעגענע בארנע, וועלכע איז געלעגען מיט'ן וויי‌כען אייט ארויף. דער דאָקטאָר האט זיך אויסגעקליבען א בלייפעדער, דער־לאַנגט די אידענע א דאָללער און געפרעגט אויב זי האט „טשענדזש" (רעשטע).

„אָט שוין די מינוט. איך לויף אריין אין גראָסערי, וועל איך קריגען", האט די פּעדלערקע געזאָגט.

זי האט אָוועקגעשטעלט איהר קעסטעלע סחורה אויפ'ן טראָ־טואַר ביי דעם דאָקטאָר'ם פיס און איז אָוועקגעלאָפען צום קאָרנער וואו עס געפינט זיך א גראָסערי סטאָר.

דער דאָקטאָר איז געבליבען שטעהן מיט די סחורה נעבען איהם. ער האט געדענקט, אז דאָס וועט זיין בלויז אויף א מינוט אָדער צוויי, אָבער די פּעדלערקע האט זיך געזאמט. פינף מינוטען זיינען אריבער, זי איז נאָך ניטאָ. באַלד איז זי ארויסגעקומען פון גראָסערי. „נישטאָ קיין טשענדזש", האט זי געשריען פון קאָר־נער.„ איך געה אויפ'ן נעקסטען בלאָק."

דער יונגער מאן איז שוין געוואָרען שטארק אונגעדולדיג, דען

אין מיטען דערינען האָט אָנגעהויבען צו גיסען אַ רעגען. ער האָט שנעל געעפענט זיין רעגענשירם, אויפגעהויבען די קעסטעלע מיט די סחורה און געהאַלטען אונטער'ן רעגענשירם.

מענשען וואָס זיינען געגאַנגען פערביי האָבען זיך געוואונדערט און געשמייכעלט, זעהענדיג ווי אַ רייך געקליידעטער יונגער מאַן מיט אַ בריליאַנטענע שפּילקע אין זיין שניפּס שטעהט און פעדעלט מיט אַ קאָרב אין גאַס. אַ יונגע ווייבעל איז צו איהם צוגעגאַנגען און געפרעגט וואָס קאָסטען די פלוימען. „איך פערקויף ניט", האָט ער געענטפערט אַ ביסעל גראָבליך און מיט כעס.

עס זיינען אריבער גאַנצע צעהן מינוטען ביז די אידענע איז צוריקגעקומען.

„עס איז יעצט אַ געלאַף אין אַלע סטאָרס. קוים וואָס מען שטופּט זיך צו. קוים געקראָגען אָבצובייטען אייער דאָללער.

דער דאָקטאָר האָט איהר געגעבען אַ גאַנצען קוואָדער און איז ענטלאָפען, זיך פערגעסענדיג מיטצונעהמען די בלייפעדער.

„גוט וואָס קיינער פון מיינע בעקאַנטע האָט מיך ניט געזעהן", האָט ער געזאָגט צו זיך.

אויף מאָרגען, ווען דער יונגער דאָקטאָר איז אין האָספּיטאָל, וואו ער האָט געזוכט אָנצוקומען, פאָרגעשטעלט געוואָרען פאר אַ פּראָפעסאָר, האָט דער פּראָפעסאָר בעמערקט:

„איהר שיינט מיר צו זיין בעקאַנט. איך האָב אייך נעכטען געזעהן פעדלען אין הענרי סטריט. איך האָף, אז איהר וועט שוין באַלד קענען אוועקוואַרפען די פעדלעריי."

דער יונגער דאָקטאָר האָט שיער ניט גע'חלש'ט אויפ'ן אָרט.

# דער טייוועל

מאשע איז א יונגע ווייבעל וואָס האָט שוין דריי קינדערלעך זאָלען געזונד זיין. פון פריהמאָרגען ביז שפּעט אין אבענד איז זי זעהר בעשעפטיגט און זי האָט ניט קיין צייט צו ברענגען די הויז אין אָרדנונג, און ארומצואוואשען די קינדער.

בעטסי איז א מיידעל, א לאנדסמיידעל וואָס שטעהט איין אויף קעסט און קווארטיר אין דער זעלבער הויז ביי אַן אנדער לאנדס־מאַן. און בעטסי איז א מויד א טייוועל. קומט זי אריין צו מאשען קעהרט זי איבער א וועלט.

„דער טייוועל קומט שוין, א קלאָג צו איהר!" רופט אויס מאשע ווען זי הערט בעטסי'ס קלאפּען אין טהיר. „אפילו אַן איהר קלאפּען דערקענט מען אז דאָס קלאפּט עפּעס א שד, ניט א מענש. האָט איהר געהערט אזא קלאפּען? די הארץ פאַלט איין ווען זי גיט א קלאפּ אין טהיר!"

בעטסי קומט אריין, גיט א קוק איבער דער הויז, און הויבט זיך אָן ארומצודרעהען איבער די צימערן. דאָ קעהרט זי אָב דעם טיש, דאָ ברייננגט זי די שטוהלען אין אָרדנונג, און דאָ נעהמט זי זיך צו וואשען די געשיר וואָס איז געבליבען אונגעוואשען נאָך פון געסטערען.

„דאָס איז טאקע מיידעלשער כח", זאָגט מאשע.

„א גרויסע ווערדע האָט עס!" רופט אויס בעטסי. „אין צוואנ־ציג מינוטען קלייב איך אייך צו די גאנצע הויז." און זי פליהט אוועק אין שלאָפצימער רעכט צו מאכען די בעטען.

„אוועק, טייוועל!" שרייט איהר נאָך מאשע, „וועסט מיר איבערפיהרען מיין בלאט לאָקשען!"

בעטסי נעהמט דעם בלאט לאָקשען און לייגט עס אוועק אויפ'ן טיש. אין פינף מינוטען ארום איז זי ארויס און געזוכט נאָך ארבייט. זי האָט ארומגעווישט די שטוהלען און דעם קאמין אין פראָנט־צימער און האָט זיך דערנאָך אוועקגעזעצט זינגען.

אין מיטען איז אריינגעקומען פון גאַס מאַשע'ס קלענסטער איינגעלע, אַ פערשמירטער, אַ פערשמוצטער, אַ וויינענדיגער. בעטסי האָט איהם אַ כאַפּ געטהאָן און איהם גענומען איינוואַשען. דער איינגעלע האָט זיך פון אָנהויב אַ ביסעל געוועהרט און געשריען, אָבער צולעצט האָט ער זיך אונטערגעגעבען.

„דו האָסט געדאַרפט זיין פערהייראַט אַזוי ווי איך", האָט געזאָגט מאַשע, „און האָבען אויף זיך אַ הויז מיט קינדער, וואָס מען דאַרף פאַר זיי קאָכען און געבען עסען, דאַן וואָלסטו ניט געווען ביי זיך אַזוי לינדעפּענדענטען."

„אינדעפּענדענט, מיינט איהר", האָט איהר בעטסי פערריכט.

„נו, נו, טאָמער וואָלסטו מיר שוין געלערענט ווי צו ריידען, מיין בריה?"

בעטסי האָט ווידער גענומען זינגען. זי האָט געזונגען און ניט אויפגעהערט אפילו ווען עס איז אריינגעקומען מאַשע'ס מאַן.

„בראַוואָ, בעטסי!" האָט דער מאַן געזאָגט. „דו זינגסט דאָך עפּעס גאָר פיין! טאָמער וואָלסטו אויסגעלערענט מיין מאַשע'ן אַ ביסעל זינגען?"

„נאָך וואָס פעהלט דיר?" האָט מאַשע געזאָגט. „זינגען — מעהר פעהלט איהם ניט. אַז די ווייב ווערט אויסגעריסען אין הויז, און ווערט פערשוואַרצט פון אַזאַ גרויסער ווירטשאַפט, דאָס קימערט איהם ניט!"

בעטסי האָט גענומען זינגען נאָך העכער, אום צו שטערען זייער קריעג. מאַשע האָט זיך צוגעהערט, און געקוקט ווי איהר מאַן הערט זיך אויך צו בעטסי'ס זינגען, און אין האַרצען האָט זי זיך גע־טראַכט: „הלואי שאַרט איהר שוין צו דער טייוועל אַ חתן, ווער איך פון איהר פּטור!"

# וואָרום ער איז געלאָפען

א מערקווירדיגע סצענע האָט מען איינמאָל געזעהן אויף ריווינגטאָן סטריט. די סצענע האָט זיך פערצויגען אַזש קיין הענרי סטריט און פערבייגעהער האָבען זיך אמוזירט און געוואונדערט.

פון אַ גרויסע טענעמענט־הויז איז ארויסגעלאָפען אַ הויכע־דארער יונגער־מאַן אָהן אַ קראַגען און אָהן אַ שניפּס. נאָך איהם איז געלאָפען אַן אַלטע קורצע אידענע מיט אַן אַטלעסענעם האַאַרבאַנד, אָבער זי האָט דעם יונגען מאַן ניט געקענט אָניאָגען. דער יונגער מאַן איז געווען נערוועז, אָנגעשראָקען. די אידענע האָט געסאָפּעט, דער אָטהעם האָט איהר פערכאַפּט אין איהר אנשטרענגונג אָנצויאָגען דעם יונגען מאַן. מענשען אין גאס האָבען זיך איינע די אנדערע געפרעגט וואָס דאָס בעדייט.

„אַ באָרדער אַנטלאָפען פון דער מיסעס און איהר ניט בעצאָהלט.“

„אַ גנב געכאַפּט אַ פּאַקעט בוק ביי דער אַלטער.

„אַן איידעם אַנטלויפט פון זיין שוויגער.“

אַזעלכע און אַנדערע מיינונגען האָבען ארויסגעזאָגט די פערבייגעהענדע, אָבער קיינעם איז ניט איינגעפאַלען צו פרעגען די אַלטע וואָס עס איז געשעהן, אָדער אָבצוהאַלטען דעם יונגען מאַן ער זאָל ניט אַנטלויפען.

אויפ'ן ערשטען קאָרנער האָט זיך דער יונגער מאַן אָבגעשטעלט אויף אַ מינוט. אָבער זעהענדיג אַז די אַלטעטשקע איז שוין נאָהענט נעבען איהם, האָט ער דאַן ווידער גענומען מאַכען האַסטיגע שריט. עס האָט אויסגעזהען אַזוי ווי ער האָט זיך גערייצט מיט איהר. אויפ'ן נעקסטען קאָרנער האָט ער זיך ווידער אָבגעשטעלט. און דאַן, ווען זי איז ווידער געווען נאָהענט נעבען איהם, האָט ער דער יונגער מאַן געמאַכט פּיס און ווייטער געלאָפען.

אָט אַזוי זיינען זיי געלאָפען פון ריווינגטאָן סטריט, דורך

עסעקס טריט, אריבער־געשפּרייזט דעם טאגעבלאט־פּארק, אריינגע־גאנגען אין דזשעפערסאָן סטריט און פון דאָרט זיך פערקירעוועט אין מעדיסאָן סטריט.

ווען דער יונגער מאַן איז אריינגעקומען אין מעדיסאָן סטריט, האָט ער אָנגעהויבען צו לויפען האסטיגער. די אַלטעטשקע האָט אויך גענומען לויפען שנעלער. פּלוצלונג האָט איינער פון די מענ־שען אין גאס אַ געשריי געטהאָן „כאַפּט דעם גנב!“ דער יונגער מאַן איז דערווייל אריינגעלאָפען אין אַ קאָרידאָר, אָבער אַ פּאָליס־מאַן, וועלכער איז געקומען צו לויפען אויף די געשרייען פון די מענשען אין גאס, האָט דעם יונגען מאַן אָנגעכאַפּט פאר'ן קאָלנער, ארויסגעשלעפּט פון קאָרידאָר און צוגעהאַלטען, ווארטענדיג ביז די אַלטעטשקע וועט אָנקומען און מאכען אַ קלאַגע. דער יונגער מאַן איז געווען רויט און בלאַס פאר אויפרעגונג. „לאָזט מיך! לאָזט מיך!“ האָט ער זיך געבעטען ביים פּאָליסמאַן. „איך בין ניט קיין גנב! לאָזט מיך ארויסגעהן, דאָ אויבען וואוין איך. מיין פרוי געהט צו קינד און די אַלטע — דאָס איז די הייבאם וואָס איך האָב קוים געבראכט צושלעפּען פון ריווינגטאָן סטריט.“

די אַלטעטשקע האָט צוגעשאָקעלט מיט'ן קאָפּ אז דער יונגער מאַן זאָגט דעם אמת. דער פּאָליסמאַן האָט איהם אָבגעלאָזט און דער געזעמל מענשען וואָס האָט זיך פערקליבען ביי דער הויז איז זיך צוגאנגען מיט אַ געלעכטער.

# געראָטען אין דער מאמען

די „דזשעניטערקע" איז קראַנק געוואָרען, און אַלע שכנים פון דער טענעמענט הויז האָבען זיך געפרעהט.

„קריינקען זאָל זי ביז משיח וועט קומען!" האָט געזאָגט ציפּע גרונע פון פינפטען שטאָק, פראָנט, רעכטס.

„קריינקען זאָל זי און ניט אויפהערען!" האָט געזאָגט דבורה דוואָשע פון פינפטען שטאָק, לינקס, צום הויף.

„זעהר רעכט אויף דער מרשעת!" האָט געזאָגט מאַשע פון דריטען שטאָק. „דאָס איז פאַר די בלוט וואָס זי צאַפּט פון אונז, פאַר די בזיונות וואָס זי פערטיילט אונז, פאַר שרייען אויף אונזערע קינדער, און פאַר שילטען זיי."

„אַזאַ מרשעת, אַזאַ מכשפה!" האָט אויסגערופען אסתר די פעדלערקע, פון צווייטען שטאָק. „אימער מיט בלבולים, אימער מיט מסירות פאַר דעם לענדלאָרד, אימער געהאַט מיט אונז צו טהאָן: דאָס געלאָזען די טהירען פון האָל אָפען ביי נאַכט, דאָס ניט ריכטיג אָבגעוואַשען די טרעפּ פון האָל, דאָס געוואָרפען עפּעס אין יאַרד, דאָס האָט אַ קינד געשריען צו הויך. שרייען זאָל זי שוין אויף די געדערים."

„מיט איהר מאַן דעם שכור צוזאַמען", האָט צוגעלייגט נאָך איינע.

„אמן!" האָט געזאָגט ציפּע גרונע.

„דער דאָקטאָר זאָגט אַז זי איז זעהר קראַנק", האָט געזאָגט דבורה דוואָשע.

„נעוועער מיינד", האָט געענטפערט די פעדלערקע, „זי האָט אַ כח, די מרשעת, פון צעהן געזונדע סאָלדאַטען. זי וועט זיך נאָך אָבלעבען און געזונד ווערען, און אונז ווייטער דערגעהן די יאָהרען!"

„ניט דערלעבען וועט זי דאָס!" האָט אויסגערופען ציפּע גרונע. „איך מוף גלייך אַרויס אויב זי ווערט געזונד."

„זאָל זיך דער לענדלאָרד האַלטען מיט איהר", האָט געזאָגט די פעדלערקע. „ער איז אַזוי פערקאָכט אין דער גראָבער דייטשקע,

אַז זי איז ביי איהם טייערער פון אַלע טענערקעס. דאַכצעך אזא אַנטיסעמיטקע, האָט פיינד אַ אידישען פּנים, און אַז עס קומט דער לענדלאָרד, פערגעסט זי גאָר אַז ער איז אַ איד און ווערט מיט איהם אַ גאַנצער מחותן.״

די ווייבער האָבען זיך אַריינגעלאָזט אין אַ שטילען געשפּרעך, און יעדע האָט דערצעהלט וואָס זי ווייס און וואָס זי שטויסט זיך אָן וועגען די פערהעלטניסע צווישען דעם לענדלאָרד מיט דער דזשעניטערקע, די דייטשקע.

דריי טעג זיינען אַריבער און די דזשעניטערעס וועמעס פּליכט עס איז געווען צו האַלטען די הויז ריין און אין אָרדנונג איז געוואָרען בעסער, אָבער זי האָט נאָך געמוזט ליעגען אין בעט, אונטערגעשפּאַרט מיט קישענס. און ווי נאָר זי האָט בעקומען כח צו ריידען, האָבען שוין די שכנים געהאַט פון איהר צרות ווי פריהער.

די דזשעניטערעס האָט געהאַט אַ קליינע מיידעלע, האָט זי זי געשיקט זעהן וועלכע קינדער עס שפּיעלען זיך אין האָל, די מיידעלע האָט איהר רעפּאָרטעט, אַז די קינדער פון דריטען שטאָק שפּיעלען זיך אויפ׳ן ערשטען, און די פון ערשטען שטאָק שפּיעלען זיך אויפ׳ן „טאָפּ״, ביי דעם אַריינגאַנג צום דאַך.

„קלאַפּ אָן אין יעדע הויז״, האָט די מאַמע געזאָגט צו דער טאָכטער, „און זאָג זיי אָן אויב זיי וועלען ניט אַוועקנעהמען פון האָל זייערע קינדער וועל איך דערצעהלען דעם לענדלאָרד.״

די טאָכטער האָט געפאָלגט.

אין אַ פּאָאַר שטונדען אַרום האָט די זעלבע מיידעלע אָנגעקלאַפּט ביי ציפּע גרונע׳ן אין טהיר און איהר געזאָגט: „מיין מאַמע האָט געזאָגט, אַז איהר זאָלט מעהר ניט אַריבערשיטען די מיסט־פּעסעל״. זי איז אַריין צו דבורה דוואָשען און איהר פערזאָגט דער מאַמע׳ס אָרדער אַז זי זאָל ניט וואַרפען קיין פּאַפּיר אין הויף. אסתר די פעדלערקע׳ן האָט זי אָנגעזאָגט אַז עס איז געקומען דער טאָג ווען זי דאַרף וואַשען די טרעפּ נעבען איהרע צימערען. אָט אַזוי האָט די „דזשעניטערקע״, די הערשערין פון דער טענעמענט הויז, געקעניגט איבער די טענענטס דורך איהר קליינער טאָכטער. און אַלע טענענטס זיינען געווען איינגשטימיג אַז די טאָכטער איז „אַ הונד געגען דער מאַמען״.

# אַ מאָרנע גאַס

אין ניו יאָרק איז דאָ אַ גאַס — אַ זעהר מערקווירדיגע גאַס — מעדיסאָן סטריט הייסט זי. ווילט איהר שטודירען די פעלקער פסי־כאָלאָגיע פון דער קאָסמאָפּאָליטאַנישער ניו יאָרק, דאַן געהט זיך דורך, אָדער בעסער פאָהרט זיך דורך אויף דער קאַר דורך מעדיסאָן סטריט.

די קאַר וואָס לויפט דאָרט איז איינע פון די אַלטע, קלאָגעדיגע, צרה׳דיגע, חושך׳דיגע פּאַוואָליע קאַרס וועלכע זיינען אונזער גרויסע שטאָדט פערבליבען ירושה פון די אַלטע צייטען, ווען אויף דעם פּלאַץ פון דער קאָכעדיגער בראָדוויי זיינען געוואַקסען אוגערקעס, קירבעס און קרויט. פון ביידע זייטען גאַס שטעהען הויכע, גרויסע טענעמענט הייזער, און יעדען פון די פענסטער לופטערען זיך קישענס מיט פּערינעס פון פערשיעדענע קאָלירען, אַזוי אַז די גאַס זעהט אויס ווי דעקאָרירט מיט פאָהנען לכבוד אַ גרויסען אינטערנאַציאָ־נאַלען יום טוב. קינדער זיינען פול אויף די טרעפּ פון די קאָרידאָרען, אויף די טראָטואַרען און אויפ׳ן מיטען וועג — איין גאָט וויים ווי זיי ווערען דאָס ניצול פון די שווערע וועגען וואָס לויפען דאָרט דורך איינע נאָך די אַנדערע. אידישע שילדען פון מוהלים און דאַמען־שניידער וועלכע זיינען אין דיעזער גאַס זעהר פיעל צייגען אַז דאָס איז אַ אידישע גאַס. אַזוי איז דאָס טאַקע ביז איהר דערגרייכט מאַרקעט סטריט. דאָרט הויבט זיך אָן צו ענדערען די לאַנדקאַרטע. די רייהען פון הויכע גרויסע טענעמענט הייזער ווערען אין מיטען אָבגעהאַקט. עס פאַנגען זיך אָן צוויי רייהען פון אַלטמאָדישע פּריוואַט הייזער, צו צוויי שטאָק מיט אַ בוידעם. קינדער זיינען שוין דאָ וויינינגער און די בעפעלקערונג איז אַ געמישטע פון גריכען און אירלענדער.

געהט אַרויף אויף אַ פּאַוואָליע קאַר און מאַכט די גאַנצע רייזע פון איין עק מעדיסאָן סטריט ביז דער ענדע און איהר וועט פיהלען דעם טעם פון מאַכען אַ רייזע דורך פערשיעדענע לענדער.

ווי נור איהר פאָהרט אריין אין מעדיסאָן סטריט וועט איהר פיהלען, אז איהר זייט צווישען אידען. דאָ וועט איהר ניט געפינען א גוי אויף א רפואה. דער לעצטער איירישער דזשעניטאָר האָט ארויסגעצויגען מיט דריי יאָהר צוריק. אויב איהר האָט ניט א דייטליך אידישען פּנים וואָלט איך אייך ניט ראָטהען צו שטעהן אויף דער פּלאַטפאָרמע און אויך ניט זיצען ביי אן אָפענעם פענס־טער. איהר וועט זיכער קריגען עפּעס אין קאָפּ: א באַנאַנא־שאָלעכץ, א שטיינדעל, א העלצעל, אָדער סתם א הויפען בלאָטע. א אידישער קאָנדוקטאָר וועלכער זעהט אוים ווי אן איטאַליענער האָט געמוזט אויפגעבען זיין שטעלע. קומענדיג איינמאָל מיט זיין קאַר אין דער קאָמפּאַני׳ס אָפּיס האָט ער אוועקגעלעגט ביים קאַסירער אויף׳ן טיש: 16 פינף סענט שטיקע, 14 באַנאַנא־שאָלעכץ, 13 קליינע שטיינדלעך, פיער גרעסערע, א צופוילטע בארנע, 8 שטיקער קאַווענע שאָלעכץ און א קעפּעל פון א הערינג. ער האָט דאָס אַלץ בעקומען אויף דער רייזע. ווי אן עהרליכער קאָנדוקטאָר האָט ער דאָס אַלעס אָבגעגעבען צו דער קאָמפּאַניע און יעצט, האָט ער געזאָגט, איז ער קוויט! ער געהט זיך זוכען אן אַנדער שטעלע.

נאָך מארקעט סטריט ענדערט זיך דער צושטאַנד. דאָרט קריגט מען אויך באַנאַנא־שאָלעכץ און שטיינער אין קאָפּ, אָבער ניט די גוים קריגען עס נור די אידען.

די קאָנדוקטאָרען און אָנטרייבער פון יענער ליניע ליידען גרויסע צרות. אויב זיי זיינען גוים ווערען זיי בעוואָרפען בעפאָר זיי גרייכען מארקעט סטריט, אויב זיי זיינען אידען ווערען זיי בעוואָר־פען נאָך מארקעט סטריט.

עס טרעפט אמאָל אז עס פאָהרען צוזאמען א אידישער קאָנ־דוקטאָר און אן איירישער אָנטרייבער. דאַן זעהט זיך ארוים די טראַגי־קאָמעדיע פון ראַסען זעהר דייטליך. איידער די קאַר קומט ביז מארקעט סטריט פאַלען אַלע באַנאַנא־שאָלעכץ אויף דער פראָנט פּלאַטפאָרמע. נאָך מארקעט סטריט פאַלען זיי אויף דער הינטער־סטער פּלאַטפאָרמע.

און ביידע — אי דער אָנטרייבער, אי דער קאָנדוקטאָר — פערשילטען דעם טאָג וואָס זיי האָבען אָנגענומען אזא שטעלע.

# ער ווייס עפּעס וועגן אידען

דאָס איז געשעהן אין קראָטאָנאַ פּארק איינמאָל שבת נאָכ־מיטאָג.

אַן אַלטער אירלענדער איז געזעסען אויף אַ קליינעם ליינוואַנד בעצווינגענעם שטוהל, וואָס ער האָט מיטגעבראַכט פון דער היים, אונטער אַ בוים און געלעזען אַ צייטונג.

אַ פּאָאר קליינע קונדסים זיינען געקומען פון הינטען און אַ זעץ געטהאָן דעם איירישמאַן אין קאָפּ.

מיט כעס איז דער אַלטער אויפגעשפּרונגען און זיך געלאָזט לויפען נאָך די קליינע באַנדיטען. ער האָט זיי ניט געכאַפּט, אָבער ווען ער איז צוריקגעקומען האָט ער געפונען אַז אַנדערע חברה האָבען זיין שטוהל אַוועקגענומען.

ער האָט זיך ארומגעקוקט אויף אַלע זייטען און זעהענדיג אַ אידישע פאַמיליע, פאָטער, מוטער און קינדער, זיצען צוזאַמען אויף אַ ביינקעל, האָט ער אויף זיי בעקומען אַ פערדאַכט אַז זיי האָבען בעהאַלטען זיין שטוהל.

„גיט מיר מיין שטוהל“, האָט ער צו זיי געזאָגט.

„מיר האָבען ניט“, האָט געזאָגט דער פאָטער, וועלכער איז געוועזען אַן עלטערער מענש.

„איהר האָט צוגענומען מיין שטוהל“, האָט דער איירישמאַן זיך איינגעשפּארט. „איך בין זיכער אַז איהר האָט עס צוגענומען און ערגעץ בעהאַלטען.“

דאַן האָט זיך אויפגעהויבען אַ מיידעלע פון אַ יאָהר 15 וועלכע האָט געקענט בעסער זיך אויס׳טענה׳ן אין ענגליש און האָט געזאָגט:

„לוק היער, מיסטער! מיר זיינען אידען. היינט איז שבת און אונז אידען איז פערבאָטען צו טראָגען זאַכען פון איין אָרט צום אַנדערען, ניט אַפילו אַ שטיקעל פּאַפּיר. יעצט גלויבט איהר אַז מיר האָבען ניט גענומען אייער שטוהל?“

„דאָנ'ט טעל מי דהאַט!“ האָט דער אַלטער איירישמאַן אויס־גערופען. „איך האָב אַן איידים אַ אידען, אַ בריפּ־טרעגער, און איך זעה איהם אויסטראָגען בריעף יעדען שבת!“

און דער איירישמאַן איז אוועק דראָהענדיג מיט'ן פויסט.

# רעאַליסטישע הערינג אויף דער ביהנע

וואָס עסען די אַקטיאָרען ווען זיי זיינען אויף דער ביהנע? אין פיעלע פיעסען קומט פאָר אויף דער סצענע ווי די העלדען פון דער דראַמאַ זעצען זיך אַוועק ביי אַ געגרייטען טיש עסען אַ מאָהלצייט. מען פאַנגט אָן מיט הערינג אַלס פאָרשפייז, און מען לאָבט זיך דערנאָך מיט זופּ און מיט בראַטען, און מען פערטרינקט נאָך מיט עפּעס צו דעם — אָפּטמאָל איז דאָס ביער און מאַנכעסמאָל שאַמפּאַניער. דער עולם וואָס זיצט פון וויטען איז טשיקאַווע צו וויסען אויב די אַקטיאָרען זיינען טאַקע הונגעריג און זיי עסען ריכטיגע אכילות, אָדער זיי שפּיעלען בלויז, און די הערינג מיט די בראַטען זיינען בלויז אויסגעמאָלט אויף שטיקלעך טאָוועל, וועלכע די אַקטיאָרען נעהמען צום מויל און פערשטעקען דאָס אין אַרבעל.

אַמאָל, מיט יאָהרען צוריק, האָט אַ טהעאַטער דירעקטאָר גערעכענט פאַר אַן איבעריגע הוצאה צו געבען די אַקטיאָרען אַ ריכטיגען מאָהלצייט. אַ פּאַפּירענע הוהן אָדער אַ לייווענטענע קאַטשקע איז געווען גענוג. אָנשטאָט וויין און שנאַפּס טרינקט מען נאָך יעצט אויך סאָדאַ וואַסער. אָבער שפּעטער, ווען דער איינפלוס פון רעאַליזם האָט גענומען שטאַרק ווירקען אויף דער ביהנע, האָבען זיך אָנגעהויבען צו בעווייזען אמת'ע הערינג, אמת'ע זעמעל און פּאָמפּערניקעל, אויך רעאַליסטישע היהנער און קאַטשקעס. ווען אין די אַקטיאָרען יוניאָן איז איינמאָל געמאַכט געוואָרען דער פאָרשלאַג אַז מען זאָל אַריינשטעלען אין זייער קאָנסטיטושאָן אַ פּאַראַגראַף אַז אין יעדען פאַל מוז דער דירעקטאָר געבען אמת'ע הערינג און אמת'ע טשיקענס, איז דער פאָרשלאַג דורכגעפאַלען, איינפאַך דערפאַר ווייל אַזאַ פּאַראַגראַף אין דער קאָנסטיטושאָן איז גאָר ניט נויטיג. קיין אַנשטענדיגער דירעקטאָר וועט עס אויפפאַלען צו געהן צוריק צו די אַלטע מעטהאָדען.

ביי מאַנכע אַקטיאָרען און כאָריסטען איז אַזאַ פּיעסע ביי וועלכע מען גיט אַ סעודה אַ גאַנצער געווינס. אַזאַ אָבענד איז ביי זיי אַ יום טוב. די אידישע טהעאַטער דירעקטאָרען זיינען אין דער לעצטער צייט געוואָרען זעהר ליבעראַל מיט די מאָהלצייטען. זיי סצענירען רייך געדעקטע טישען, מיט פרישע געבראָטענע קאַטש־קעס פון וועלכע עס געהט אַזש נור אַ פּאַרע. און דערצו שטעלט מען אָן פרוכטען, אמת'ע אָראַנזשען, אמת'ע עפּעל, און אמת'ע באַנאַנאַס, דאָס איז אַ חוץ וויין, שנאַפּס (עס הייסט סאָדאַ וואַסער) און ניסלעך צום קנאַקען.

„היינט האָב איך ניט געקאָכט קיין סאַפּער", האָט מיט אַ קורצע צייט צוריק געזאָגט אַ בעוואוסטע אַקטריסע צו איהר מאַן, וועלכער איז אויך אַ בעוואוסטער אַקטיאָר.

„שור!" האָט ער געענטפערט. „אויף וואָס דאַרפען מיר סאַפּער? מיר וועלען דאָך היינט עסען אין טעאַטער. מען האָט מיר געזאָגט אַז עס וועט זיין גענוג צו עסען, כאָטש ווער צולאָפּעט."

„זאָל דער דירעקטאָר בעסער צולאָפּעט ווערען", האָט די אַק־טריסע בעמערקט. „הלואי זאָלען זיי נור ניט פערגעסען געבען חריין און זענעפט. יעדען מאָל פערגעסען זיי אוועקשטעלען חריין און זענעפט. זיי האָבען געדאַרפט איינפיהרען זויערע אוגערקעס אויך. דאַן וואָלט דער עסען געוועזען אַ סך מעהר רעאַליסטיש."

די פּאָאַר פּאָלק זיינען אוועק אין טעאַטער, מיטנעהמענדיג זייער אַפּעטיט. אָבער ווי ערשטוינט זיינען זיי געוואָרען ווען ביי זייער אָנקומען האָט זיי דער דירעקטאָר ערקלערט, אַז ער האָט געענדערט די פּראָגראַמע, און מען וועט שפּיעלען גאָר אַן אַנדער שטיק.

די אַנדער שטיק איז אָהן אַ מאָהלצייט. הונגעריגערהייט האָבען די פּאָאַר פאָלק געמוזט דורכמאַכען צוויי שווערע ראָלען. ער האָט געדאַרפט פיער מאָל שטאַרבען, און זי — זינגען פרעהליכע קופּ־לעטען און דערביי טאַנצען — און דאָס אַלעס אויף אַ ניכטערען מאָגען!

# די ביזנעס ליידי

אז באראנאָוויטש האָט חתונה געהאַט האָט ער זיך געפּיהלט זעהר גליקליך וואָס צו אַלע מעלות וואָס זיין פרוי בעזיצט איז זי אויך אַ ביזנעס ליידי, אַ געשעפטס פרוי. שעהן איז זי אויך געווען: אַ הויכע, שעהן ענטוויקעלטע ברונעטין, מיט אַ פּאָאר גרויסע בלויע אויגען. דערצו איז זי געווען קלוג, ריידעוודיג, לעבעדיג, און מיט די פרייע מאַניערען פון אַן אמעריקאַניזירטע פרוי וואָס איז ערצויגען אין דעם קרייז פון סוחרים.

באראנאָוויטש איז געווען אַ פאַבריקאַנט פון מאַנטלען, און ער האָט געמאַכט גלענצענדע געשעפטען. אָבער זיינע געשעפטען האָבען אָנגעהויבען צו געהן פיעל בעסער נאָך זיין חתונה מיט סיידי שוואַרצשטיין, ווען זי איז אַריין אין געשעפט מיטברייענגענדיג איהר לאַנג יעהריגע ערפאַהרונג אין דיעזען פאַך, איהר גרויסען פליים, און אַ צעהן טויזענד דאָלאַר נדן. זי האָט גלייך זיך בעקענט מיט אַלע איינצעלהייטען פון געשעפט, און באַלד האָט באראנאָוויטש אָנגעהויבען פיהלען אַז ער ווערט קלענער, און קלענער, און קלענער, ביז זיין אַנוועזענהייט אין געשעפט איז געוואָרען קוים בעמערקבאַר.

די „ביזנעס ליידי" האָט בעוויזען אַ גרויסען חשק צו טהאָן די אַרבייט אַליין. פון אָנפאַנג האָט באראנאָוויטש געהאַט אַ פערדאַכט, אַז דאָס פלעגט זי אויס פאַר איהם אַ פּאָאר לייצעס אום דערנאָך צו קענען אויף איהם רייטען און מאַכען איהם אונטערטהעניג צו איהר ווילען. און דאַרום האָט ער געזוכט אָנצוהאַלטען זיך אָן דעם געשעפט מיט אַלע מעגליכקייטען, אַזוי ווי ביזנעס וואָלט געווען די פעסטונג פון זיין אונאָבהענגיגקייט. אָבער שפּעטער האָט ער איינגעזעהן אַז ער האָט ניט וואָס מורא צו האָבען, זיין פרוי האָט זיך אַריינגעטהאָן אין געשעפט אויס ריינער ליעבע צו דער קאַריערע פון אַ געשעפטס פרוי.

ער האָט זיך אָנגעהויבען פיהלען ווי אַ פינפטער ראָד צום וואָגען. אין הויז איז געווען ניט בעסער. דען אויך צו הויז האָט זיין

פרוי זיך אָבגעגעבען מיט לעזען געשעפטס קאָרעספּאָנדענץ, מיט שרייבען און רעכענען. זעלטען ווען אַז זי האָט צייט געהאַט צו געהן מיט איהם אין טהעאַטער, אָדער ערגעץ אויף אַ שמחה.

„ווילסט געהן אין טהעאַטער?" פלעגט זי זאָגען, „טאָ געה, ווער לאָזט דיך ניט? איך האָב קיין חשק צום טהעאַטער. איך דארף שרייבען אַ פּאָאר בריעף צו אונזערע קונדען. די צייט איז ניט זעהר גוט, און מען מוז דעם געשעפט אַ ביסעל אונטערשטופּען."

באַראַנאָוויטש האָט זיך געפיהלט איינזאַם, עלענד. קיינער האָט מיט איהם געהאַט קיין ברעקעל סימפּאַטהיע. זיינע אייגענע אַרבייטער האָבען אויף איהם געקוקט ווי אויף אַ פרעמדען מענשען, וואָס בעלאַנגט גאָר ניט אין געשעפט.

די איינציגע פּערזאָן וואָס האָט מיט איהם געהאַט סימפּאַטהיע איז געווען די בוכהאַלטערין פון זיין געשעפט, אַ בלאַסע, מאָגערע, שוואַכע מיידעל מיט אַ פּאָאר ברוינע אויגען אין וועלכע עס האָט געפלאַמט אַ בעהאַלטענער פייער. באַראַנאָוויטש האָט געהאַט די אַרבייט אונטערצושרייבען טשעקס, וועלכע די בוכהאַלטערין פלעגט אויסמאַכען. דאָס איז געווען די איינציגע אַרבייט וואָס איז איהם פערבליבען.

איינמאָל ווען זיין פרוי, די ביזנעס לידי, איז אַריינגעקומען אין „פּריוואַט אָפּיס" וואו איהר מאַן מיט דער בוכהאַלטערין האָבען אויסגעמאַכט טשעקס, האָט זי געפונען זייערע שטוהלען צוגערוקט איינע צו די אַנדערע. דער קאָפּ פון דער בוכהאַלטערין איז געלעגען ביי איהר מאַן אויפ'ן שולטער.

די מיידעל האָט אַרויסגעלאָזען אַ קוויטש און האָט גענומען ברעכען די הענד. אָבער באַראַנאָוויטש האָט געפּאַסט מוטה, און צוגעהענדיג צו זיין פרוי האָט ער געזאָגט:

„סיידי, איך בין ניט גליקליך. איך מוז האָבען גליק אום יעדען פּרייז. האַלט זיך דיר דעם געשעפט און לאָז מיך הייראַטהען דיעזע מיידעל."

„טעלעפאָניר נאָך אַ לאָיער און מיר וועלען דאָס אָבשרייבען געשעפטסמעסיג", האָט געזאָגט די ביזנעס לידי מיט אַ קאַלטען טאָן.

אַלעס איז אָבגעשריבען געוואָרען און אָבגעמאַכט געוואָרען אויף

א פריעדליכען אופן. די ביזנעס לײדי איז צופריעדען מיט איהר געשעפט װעלכען זי האָט אױפגעאַרבײט זעהר גרױס. באַראַנאָװיטש איז גליקליך װאָס ער האָט א פרוי מיט װעלכע ער קען רײדען עט־ליכע פרײנדליכע װערטער װאָס זײנען ניט נוגע צום געשעפט.

מאָראַל: די גרעסטע ביזנעס לײדי איז די, װאָס פערשטעהט װי צו האַלטען א מאַן.

# די גזרה אויף וואַסער

אמאָל, אמאָל, מיט יאָהרען און יאָהרען צוריק, האָט אין סטאַמבול געקיניגט אַ מלך, און דער מלך איז געווען אַ גוטער און געדעכטער. ער האָט געזוכט די טובה פון זיין פאָלק און האָט רעגיערט מיט יושר און מיט ליעבע. ער האָט אליין אויפגעפאַסט אויף אַלע פראַגען און פאָלקס־אינטערעסען פון לאַנד, און ער האָט געהאַט איין צוועק אין לעבען, און דאָס איז, צו זעהן זיין פאָלק געזונד, גליקליך און גוטהערציג איינע צו די אַנדערע.

אבער טראָץ דעם קעניג׳ס אונערמיעדליכע אַרבייט האָט ער איינגעזעהן, אַז דאָס פאָלק איז ניט גליקליך, אַז זיינע בירגער לעבען ניט ריכטיג, אַז זיי זיינען אונטערוואָרפען אונטער פיעלע קראַנק־הייטען און אַז מאַסען מענשען שטאַרבען פאַר דער צייט.

דער קעניג האָט פעררופען אַלע זיינע מיניסטאָרען, אום זיך מיט זיי צו בעראַטהען, צו דערגעהן די אורזאַכען פון דעם אונגליק־ליכען לעבען, און וואָס צו טהון, אום צו ערהאַלטען די געזונדהייט פון זיין פאָלק און זיי צו מאַכען גליקליך. אָבער קיינער פון די מיניסטאָרען האָט ניט געקענט צופריעדענשטעלען דעם קעניג. עס האָט געשיינט אַז די מיניסטאָרען האָבען ניט געקענט דאָס לעבען פון פאָלק, און אַז קיינער פון זיי האָט זיך ריכטיג אינטערעסירט אין דאָס לעבען פון די בירגער.

אין דעם הויף פון דעם קעניג האָט זיך געפונען אַ אידישער דאָקטאָר, אבן אמת האָט ער געהייסען, און אויסערדעם וואָס ער איז געווען אַ גרויסער דאָקטאָר, איז ער אויך געווען אַ גרויסער פילאָזאָף און מיט זיין חכמה האָט געקלונגען אפילו אין ווייטע מדינות. צו דיזען דאָקטאָר האָט זיך דער סולטאַן געווענדעט, איהם פאָרגעלעגט אַלע טרויעריגע אומשטענדען און איהם געבעטען ער זאָל אויסגעפינען אַן עצה און אַ מיטעל, ווי צו פערבעסערען די געזונדהייט פון פאָלק, פערלענגערען זייערע יאָהרען אויף דער ערד, און זיי צו מאַכען גליקליך.

און אבן אמת האָט געטראַכט און געטראַכט, און דאַן האָט ער געעפּענט זיין מויל מיט חכמה און געזאָגט:

„גרויסער הערשער!“ האָט אבן אמת אָנגעפאַנגען. „דיינע בירגער פיהרען זיך ניט ריכטיג און שטאַרבען ניט אין דער נאַטיר־ליכער צייט. דער גלויבען פון דיין פאָלק פערבאָט זיי צו טרינקען וויין און אנדערע שטאַרקע משקה. און וואָס זעהען מיר איז דער רעזולטאַט? דער ביטערער טראָפּען, ווען ער איז פערבאָטען, שמעקט עס זעהר זיס. די רייכע לייט טרינקען אוים וואוילטאָג, און די אָרימע טרינקען אוים צרות, און וואָס מעהר זיי טרינקען, אַלץ שטאַרקער ווערט זייער דורשט נאָך די שטאַרקע משקה, וועלכע פער־גיפטעט ביסלעכווייז זייערע געדערים און געהירן, וועלכע ערוועקט אין זיי אַלע שלעכטע נאַטורען, און מאַכט זיי אויסגעלאַסען און אויך פיינדליך איינע צו די אַנדערע. יעדערער זוכט צו בעפרידיגען נור זיין אייגענע לוסט און קוקט ניט וואָס דער אַנדערער ליידעט דורך איהם. פון דעם איז ארויסגעקומען אז די אָרימע ווערען אַלץ אָרימער, און די רייכע ווערען ערגער, און זייערע הערצער ווערען אַלץ הארטער און הארטער. בכן, אדוני קעניג, אויב איך האָב גע־פונען לייטזעליגקייט אין דיינע אויגען, האָב איך דיר פאָרצושלאָ־גען דיזע עצה: דו זאָלסט ארויסגעבען אַ בעפעהל, דאָס פון יעצט אָן איז יעדען מאַהמאַדאַנער ערלויבט צו טרינקען וויין און אַנדערע שטאַרקע געטרענקע, וויפיעל זיין הארץ גלוסט, און ווען דו וועסט מבטל זיין דיזען גרויסען איסור, וועלען דיינע בירגער אויפהערען צו שיכור'ען. דען יעדער מענש האָט לוסט צו דעם וואָס איהם איז פערבאָטען; אָבער אז עס וועט מעהר ניט זיין דער פערבאָט, וועלען זיי אָנהויבען טרינקען ריינע וואסער, זייער פערדייהונג וועט זיין גוט און די צירקולאַציאָן פון זייער בלוט אין אָרדנונג, און ממילא וועלען זיי זיין געזונד, זייערע הערצער און געדאַנקען וועלען זיך אָבריייניגען, און זיי וועלען אָנהויבען צו לעבען גליקליך.“

„דיין עצה געפעהלט מיר!“ האָט דער קעניג אויסגערופען. „אָבער, ליעבער אבן אמת! וואָס וועל איך טהאָן מיט די פרומע מאַהמאַדאַנער און זייערע פּריסטער? אויב איך וועל ארויסגעבען אַ מאַניפעסט, וואָס וועט אָבשאַפען דאָס אַלטע געזעץ פון קאָראַן, וועלען זיי גענען מיר אויפהויבען אַ גרויסען פּראָטעסט. זיי וועלען

זאָגען, אז ״ ך וויל אָבשאַפען דעם גאַנצען גלויבען פון אונזער נביא, און אַז איך גלויב ניט מעהר אין דעם אַללאַה.“

„גנעדיגער קעניג! גרויסער סולטאַן!“ האָט אבן אמת גע־טענה׳ט. „איך גלויב, אַז דיינע פּריסטער און דיינע פרומע לייט זיינען •פערשטענדיגע מענשען, און אז דו וועסט זיי ערקלערען די טרויעריגע אומשטענדען וואָס הערשען אין לאַנד, וועלען זיי אויך צוגעבען, אז עס איז געקומען די צייט, דאָס מען מוז טהאָן עפּעס וואָס זאָל אָנגרייפען דעם אונגליק ביי׳ם וואָרצעל. ווען מאחאמעד אַליין וואָלט יעצט געלעבט, וואָלט ער זיכער מיט דיר איינשטימען. פּעררוף אַהער, אין דיין פּאַלאַסט, די פּריסטער און די פרומע לייט און איך וועל זיי ערקלערען, אַז דורך דעם וואָס דו וועסט מתיר מאַכען אַלעמען צו טרינקען וואָס זיי ווילען, וועלען זיי אויפהערען צו טרינקען, און זיי וועלען ווערען בעסערע מענשען, און זיי וועלען אָנהויבען צו געהן אין די וועגען פון אַללאַה און זיין הייליגען נביא. איך וועל זיי איבערצייגען, אז דאָס אידישע פאָלק איז אַ ניכטערע נור דארום, ווייל עס איז אונז, לויט אונזער רעליגיאָן ניט פערבאָ־טען צו טרינקען. אָט דאַרום האָבען מיר קיינע שכורים, און אָט דאַרום עקזיסטירען מיר אלס שטאַרקע נאַציאָן, אָבוואָהל מיר האָ־בען זאָגאַר קיין לאַנד.

„דו רעדטסט זעהר קלוג, מיין ליעבער אבן אמת“, האָט דער קעניג געזאָגט. „אָבער איך קען מיינע פרומע לייט בעסער. זיי זיינען מענשען מיט קרומע קעפּ און קרומע אויגען. זיי זעהען ניט גלייך און דענקען ניט גלייך. זייערע אויגען זיינען פערקלעפּט און זייערע אויערן זיינען פערשטאָפּט. עס וועלען זיי ניט העלפען קיין קלוגע רייד און קיין קלאָהרע בעווייזע, דען זיי זיינען מענשען וואָס ליעבען פינסטערנים און זיי בוקען זיך פאר יעדע דומהייט. זיי ווי־לען ניט לעבען נאָך דעם גייסט פון דער צייט, נור לויט די לעהרען פון טויטע מענשען.“

אבן אמת האָט זיך פערטראַכט און דער קעניג האָט געוואַרט ביז דער אידישער חכם וועט עפּעס זאָגען. נאָך אַ לאַנגען שטיל־שווייגען איז דער פּנים פון אבן אמת געוואָרען ליכטיג און זיינע אויגען האָבען אַ שיין געטהאָן מיט דעם בליטץ פון זיין פערשטאַנד.

„מיין קעניג! איך האָב אַ מיטעל!“

„זאָג, מיין ליעבער אבן אמת, עפּעז דיינע ליפּען און זאָלען טריפען דיינע רייד ווי דער טהוי פון דעם שעהנעם פריה־מאָרגען."

„גרויסער הערשער!" האָט אבן אמת געזאָגט מיט גרויס אי־בערליינונג. „איך בין איבערצייגט, אז אויסער דעם וואָס ווייז און אנדערע שטאַרקע געטרענקע זיינען זעהר שעדליך ווען מען טרינקט זיי צופיעל און אָפט, בין איך אויך איבערצייגט, אז וואסער האָט אין זיך אַ גרויסע ברכה, דען עס רייניגט דעם מענשליכען קער־פּער פון אינוועניג, אזוי ווי פון אויסוועניג, און ווען אַ מענש טרינקט אַ סך וואַסער, פערטרייבט ער פון זיך פיעלע קראנקהייטען. עס איז דאַרום מיין עצה, אז דו זאָלסט ארויסגעבען אַ שטרענגען בע־פעהל וואָס זאָל פערבאָטען מענשען צו טרינקען מעהר ווי צוויי גלאָז וואסער אַ טאָג, און דאָס ווער עס טרינקט אויס אַ דריטע גלאָז וואַ־סער, זאָל דארפען צאָהלען אַ קליינע שטראָף; און ווער עס טרינקט אויס אַ פיערטע גלאָז וואסער, זאָל מוזען צאָהלען אַ גרעסערע שטראָף; פאַר אַ פינפטע, נאָך אַ גרעסערע שטראָף; און אזוי הע־כער און העכער, אזוי דאָס דער וואָס טרינקט אויס צעהן גלעזער וואסער אַ טאָג, זאָל פערשיקט ווערען אין געפענגניס. ווען אזאַ בעפעהל וועט ארויסגעגעבען ווערען, וועלען זיך אַלע נעהמען צו טרינקען וואסער; און דו, גרויסער קעניג, וועסט זעהן וואָס פאַר אַ גוטעס דאָס וועט ברענגען דיין פאָלק."

„געבענשט זאָלסטו זיין פון אַללאַה!" האָט אויסגערופען דער סולטאַן ווען ער האָט געהערט די עצה פון אבן אמת. „נאָך הייטע וועל איך ארויסגעבען דעם בעפעהל, און איך בין זיכער, אז דאָס וועט האָבען אַ גוטע ווירקונג."

און דער קעניג האָט ארויסגעשיקט דעם בעפעהל איבער זיין גאַנצער מדינה, צו אַלע פּאַשאַס, און צו די קאַימאַקאַמס פון יעדער שטאָדט, און דער בעפעהל איז געווען, אז יעדען בירגער, סיי מאַן, סיי פרוי, סיי יונג, סיי אַלט, סיי רייך און סיי אָרים — איז פערבאָטען צו טרינקען מעהר ווי צוויי גלאָז וואסער אין מעת־לעת.

ווען די בירגער האָבען זיך פון דעם דערוואוסט, זיינען זיי גע־וואָרען ערשטוינט. זיי האָבען גאַר ניט געקענט פערשטעהן, וואָס האָט זייער גוטען און קלוגען קעניג בעוואויגען צו מאַכען אזאַ נאַ־רישען און שלעכטען געזעץ. באַלד איז די ערשטוינונג פון די ביר־

גער פערוואַנדעלט געוואָרען אין אויפרעגונג.

„מיר ווילען דוקא טרינקען וואַסער!" האָבען אַלע בירגער מיט איין מויל געזאָגט. „מיר זיינען ניט געוועהנט צו אַזעלכע שלעכטע און נאַרישע געזעטצע. מיר ווילען אויפהערען צו טרינקען וויין, שנאַפּס, און אפילו קאַפּע, און מיר ווילען טרינקען דוקא וואַסער, נור וואַסער, און קיין אַנדער זאַך ווי וואַסער!"

אָבער ווען די בירגער האָבען געוואָלט טרינקען וואַסער, האָבען זיי געפונען אַלע ברונעמס און אַלע וואַסער־קוועלען פערזיעגעלט מיט דעם זיגעל פון דער רעגיערונג, און ארום די טייכען זיינען געווען אויסגעשטעלט שומרים. וואַסער האָט מען נור געקענט בעקומען פון די רעגיערונגס־בעאַמטע, און נור צו צוויי גלעזער אויף יעדע פּערזאָן. פיעלע האָבען זיך בעקלאָגט, אז די גלעזער זיינען זעהר קליינע און ניט פולע.

אין די קאַפּע־הייזער, וועלכע זיינען אויך געווען וויין־שענקען, האָט מען אויפגעהערט צו לייזען געלד. דער עולם האָט נור געוואָלט וואַסער. דאַן האָבען די אייגענטהימער פון די קאַפּע־הייזער און וויין־שענקען אָנגעהויבען צו פערקויפען אין געהיים ריינע וואַסער, און דער עולם האָט געצאָהלט גרויסע מקחים פאר וואַסער און געטרונקען וואַסער אויף וואָס די וועלט שטעהט.

די אייגענטהימער פון די טרינק־הייזער און די בירגער האָבען זיך אויסגעלערענט אונטערצוקויפען די רעגיערונגס־וועכטער און זיי פלעגען בעקומען וואַסער אין עמערס און אין פעסער. „באַקשיש" איז אימער, אפילו אין די בעסטע צייטען, געווען די הערשענדע מאַכט פון לאַנד, און דורך „באַקשיש" האָבען די בירגער אימער גע־בראָכען דעם ווילען פון זייערע קעניגע.

דער פּלאַן האָט געווירקט. די בירגער האָבען אויפגעהערט צו שכור'ען, און זיי זיינען געוואָרען געזינדער, איידעלער, גוטהערצי־גער איינער צום אַנדערען, און האָבען געלעבט שעהן, און געלעבט לאַנג. די גזירה האָט אָנגעהאַלטען ביז דער גרויסער און קלוגער סולטאַן איז געשטאָרבען. דאַן איז זיין מלוכה איבערגעגאַנגען צו זיינעם אַ זוהן, וועלכער איז ניט געגאַנגען אין די וועגען פון זיין פאָטער, און דער נייער קעניג האָט די גזירה אָבגעשאַפט.

זייט דאַן איז דאָס לאַנד ווידער אונגליקליך.

# די פּאַטריאָטישע טאַרבע

אַ איד אין באָסטאָן, וועלכער איז אַריבערגעקומען פון דער פינסטערער פערשקלאַפּטער „היים" אין דער ליכטיגער און פרייער אַמעריקאַ מיט דער האָפנונג צו מאַכען געלד פון בלאָטע, האָט זיך גענומען צו האַנדלען מיט שמאַטעס און איז געוואָרען אַ „רעגס-פּעדלער". שמאַטעס קויפט מען ביליג. פון אַ שמאַטע זוכט יע-דער פּטור צו ווערען, אַ שמאַטע בעקומט מען אָפטמאָל אומזיסט ווען מען מאַכט נור אַ נעבעך-פּנים'ל און מען שמייכלט ווען יענער רופט „שיני".

אַזוי איז דער קליין דאָר אידעל, וועלכער האָט אין זיין יוגענד געשטרעבט אין הויכע דרכים, אידעאַלען און פאַנטאַזיעס, געוואָרען אַ פּראַקטישער שמאַטע-הענדלער. מיט שמאַטעס האָט ער גע-האַנדעלט, מיט שמאַטעס איז איהם געווען פול זיין קאָפּ און שמאַ-טעס האָט ער געזעהן אין חלום און אויפ'ן וואָהר. נייע זאַכען, פרישע און ריינע האָבען פאַר איהם קיין רייץ ניט געהאַט. שעהנע קליידער, ריינע און נייע, האָבען איהם ניט בעגייסטערט. פלעגט ער בעגעגענען רייך-געקליידעטע דאַמען, אין זיידענס, מיט בלומען און פליטערלאַך, פלעגט ער אָנהויבען טראַכטען פון דעם סוף, פון דעם תכלית — ווען פון דעם אַלעם וועט ווערען שמאַטעס און ער וועט זיי אויפקויפען ביליג, זעהר ביליג. ער שטעלט שוין ביי זיך אין דער מחשבה אַ פּרייז אויף דעם.

אָבער ניט אימער איז איהם געלונגען אָבצונאַרען די יענקים און כאַפּען ביי זיי מציאות. ווען ער איז אין אַ שעהנעם נאָכמיטאָג געקומען צו אַן איירישע גויה פרעגען אויב זי האָט עפּעס שמאַטעס צו פערקויפען, האָט איהם די איירישע גויה געציינט אַ צורישענע גרויסע פאָהן. דער פּעדלער האָט די פאָהן בעטראַכט, זי איז געווען פון טהייערע זייד, מיט ווייסע און רויטע שטרייפען און שטערענד-לאַך אויף אַ בלויען הימעל-קאָלירדיגען ווינקעל. ער האָט דערפאַר גענעבען אַ פּענדעל צו פרעגלען פיש, וועלכע האָט איהם געקאָסט

זעקס סענט. אָבער דער פּעדלער האָט זיך אָבגענאַרט, זעהר מיאוס אָבגענאַרט. דאָס האָט ער געזעהן שפּעטער.

ער האָט געבראַכט די פאָהן מיט אַנדערע רעגס צו א סוחר פון אַלטוואַרג. יענער האָט אויסגעקליבען אַלע אַלטע פּאַרטיכער, אַלע אַלטע רעקלאַך און קאַפּעלושען און בעצאָהלט דערפאַר גוטע געלד. די פאָהן האָט ער צוריקגעקעהרט, זאָגענדיג: „ניין, דאָס איז פאַר מיר קיין סחורה."

דער רעגס־פּעדלער האָט אַוועקגעטראָגען די פאָהן מיט א בינ־טעל שמאַטעס צו אַן אַנדער סוחר. יענער נעהמט די אַלע צוריסענע טראַנטעס, אַלע אַלטע שיך און לעבערדיגע פּאַנטאָפעל, די זיידענע פאָהן גיט ער צוריק, ער קען פון איהר קיין געברויך ניט מאַכען.

און דער איד פּעדעלט אַרום מיט דער „אָלד־גלאָרי", אַמערי־קא'ס שטאָלץ, פאַר וועלכע קיין שמאַטע־הענדלער וויל א פּעני ניט געבען.

„וואָרום", האָט ער געפרעגט, „וואָרום איז דאָס ניט אַזוי גוט ווי אַנדערע רעגס?"

„מיר קענען עס ניט געברויכען", דאָס איז די תשובה וואָס ער האָט בעקומען איבעראַל. קורץ און שאַרף.

ער האָט דאַן בעשלאָסען אַליין צו מאַכען א געברויך פון דער זיידענער פאָהן. ער האָט זיך פון דעם אויפגענעהט א גרויסען זאַק, א טאָרבע, צו טראָגען אין דעם די שמאַטעס אויף זיינע קרומע פּלייצעס.

און ער איז אַרומגעגאַנגען מיט דער זיידענער טאָרבע איבער די גאַסען פון דער גאָלדענער מדינה און געזונגען מיט א ניגון פון איכה:

„רעגס, רעגס!!" — שמאַטעס, שמאַטעס!

ער פלעגט אויפהויבען זיינע אויגען אין דער הויך. ער האָט געזעהן גרויסע פאָהנען פלאַטערען מיט שטאָלץ איבער די רייכע הייזער און גליקליכע פּאַלאַסטען און ער האָט דאַן געטראַכט ביי זיך אין האַרצען: „עה, איהר שטאָלצע פאָהנען, וועלכע שוועבען אין די וואָלקענס, איך גיב ניט איין אַלטע שמאַטע פאַר אייך אַלע־מען. איך וועל זיך פון אייך שוין מעהר ניט לאָזען אָבנאַרען. איך בין שוין ניט מעהר גרין!"

איין טאָג, ווען דער רעגס־פּעדלער איז אזוי אומגעגאַנגען מיט זיין זיידענע טאָרבע אויף די פּלייצעס, האָט איהם א פּאָליסמאַן גע־פּאַקט און ארעסטירט פאר בעליידיגען די פאָהן פון די פעראייניגטע שטאַאַטען, מאכענדיג דערפון א געברויך פאר א פּריוואט־געשעפט. דאָס איז לויט דעם געזעץ פערבאָטען, און דער פּעדלער איז פון א ריכטער שטראַפירט געוואָרען מיט 20 דאָלאַר.

דאָס געלד האָט דער פּעדלער געהאַט אָנגעגרייט צו שיקען צו זיין פרוי אין רוסלאַנד. אָנשטאָט געלד האָט ער איהר יעצט געשיקט א ביטערען בריעף, אין וועלכען ער האָט אויסגעלאָזט אַלע קלאָגען צו קאָלומבוסען מיט זיין פאָהן.

דער שמאַטע־פּעדלער האָט יעצט בעקומען א האַס צו יעדע זאָרט פאָהן, א נייע אָדער אַן אַלטע. ער קוקט אויף זיי אַלע מיט א געפיהל צוזאַמענגעמישט פון שפּאָט און מורא. אָבער ווען ער דערזעהט אַן אמת'ע שמאַטע, איז ער זיך מחיה.

# דעם נגיד'ס מזל

.1

דער רייכער מיסטער אייברעם סילווערמאַן, פּרעזידענט פון דער קאָנגרעגיישאָן אנשי גלופּסק, איז געווען זעהר קראַנק. דאָקטוירים האָבען איהם שוין אָבגעזאָגט דאָס לעבען. און יעדע מינוט האָט מען זיך געריכט אז אָט־אָט קומט די ענדע. די ברידער פון דער חברה אנשי גלופּסק האָבען שוין געמאַכט הכנות, גערעדט וועגען אויסקלייבען פאר זייער פּרעזידענט דעם בעסטען פּלאַטץ אויף זייער בית עולם, דען מיסטער סילווערמאַן איז געווען אַ שעהנער בעל־הבית, אַ גוטער ביזנעס־מאַן אין זיין געשעפט און אַ טרייער ארבייטער אין דער קהלה. ער איז געווען אַזאַ מענש וואָס האָט ניט געוואָלט אַז קיינער זאָל האָבען גענען איהם קריוודעס. געצאָהלט פּראָמפּט זיינע חובות, „געסעטעלט" שנעל אַלע סכסוכים, ליעב געהאַט צו זיין „קליר ענד איווען" — ריין און אויסגעגלייכט — מיט יעדערען. אויב ניט על פּי יושר, איז כאָטש נאָך דעם דין, נאָך דער „לאָא".

אַז ער האָט געזעהן, דאָס די לעצטע מינוט קומט, האָט ער אָנגעהויבען טראַכטען ווי אַזוי קומט מען אין הימעל „קליר ענד איווען", אַז קיינער זאָל צו איהם קיין קריוודעס ניט האָבען. עס איז דאָך בעוואוסט, אַז דער גרעסטער צדיק האָט דאָך אויף זיך זינד, וועלכע זיינען פערשריבען אויף זיין רעכנונג אין הימעל און פאר וועלכע ער מוז אָבקומען זיין שטראָף.

„איך וועל פערקויפען אַלע מיינע עברות צו אַן אַנדערען", האָט מיסטער סילווערמאַן געזאָגט, „איך וועל געבען וויפיעל מען וועט פון מיר פערלאַנגען, אַבי צו קומען אין הימעל אַ ריינער, מיט אַ ריינעם רעכנונג און קענען גלייך געהן אין גן־עדן."

אין זיין קאָנגרעגיישאָן האָט זיך געפונען אַן אָרימער מלמד, וועלכער האָט געהאַט איין גרויסען אידעאַל אין לעבען, און דאָס

איז אָנצוקלייבען טויזענד דאָלאַר, קויפען א פאַרם, ווערען אַ פאַר־מער און פּטור ווערען פון דער וויסטער פּרנסה, די מלמדות. לייי־דער האָט ער פון זיין פּרנסה ניט געקענט אָבשפּאָרען אפילו טויזענד סענטעז. אָבער דאָך האָט ער ניט אויפגעהערט צו טרוימען און צו ריידען פון א פאַרם.

אָט דיזען מלמד האָט דער גביר געלאָזט רופען און האָט צו איהם געזאָגט: „ר׳ זלמן! ווילט איהר ווערען אַן אויפגעריכ׳טער־מענש, דאַן וועל איך אייך געבען די געלעגענהייט."

„הונדערט מיט צוואַנציג יאָהר זאָלט איהר לעבען, מיסטער פּרעזידענט!" האָט דער מלמד אויסגערופען. „איך וועל אייך קיינ־מאָל ניט פערגעסען. איך וועל נאָך אייך לערנען משניות יעדען טאָג. איך וועל זאָגען תהלים נאָך אייער נשמה."

די האלב־טוידטע ליפּען פון דעם גביר האָבען געשמייכעלט אי־בער דעם מלמד׳ס רייד.

„הערט אויס", האָט מיסטער סילווערמאַן געזאָגט. „איך וועל אייך געבען טויזענד דאָלאַר, מזומן געלד, בתנאי איהר זאָלט ביי מיר אָבקויפען מיינע עברות. איך וויל קומען אין הימעל א ריינער."

„אייערע עברות זיינען ניט ווערטה אפילו קיין צעהן סענט", האָט דער מלמד געזאָגט. „איהר, אזא שעהנער איד, אזא גרויסער בעל צדקה, אזוי פיעל ש׳נדר׳ט פאַר דער שוהל, אזוי פיעל עליות, מפטיר, מצוות אָהן א שיעור — ווי קומט צו אייך עברות? אפשר פאַר א האלבען דאָלאַר קען מען אָבקויפען אלע אייערע עברות, אסור אויב זיי זיינען ווערטה אפילו א סענט מעהר."

„אָבער איך גיב אייך טויזענד דאָלאַר ווען איהר נעהמט אויף זיך אלע מיינע עברות. לאָמיר דאָס שנעלער ענדיגען. די צייט איז קורץ. לאָמיר דאָ אָבמאַכען א תקיעות כף און איהר קריגט דאָס געלד."

דער מלמד האָט זיך געריבען די אויגען, ווען מיסטער סיל־ווערמאַן׳ס געשעפטס־פערוואַלטער, וועלכער איז דערביי געווען, האָט איהם אָבגעצעהלט צעהן גאָלדענע הונדערטער.

„לאַנג לעבען זאָלט איהר", האָט ער געזאָגט שטאַרק געריהרט. „איך וועל נאָך אייך זאָגען קדיש ווי נאָך אַן אייגענעם טאַטען."

„הערט צו", האָט מיסטער סילווערמאַן געזאָגט. „איך וועל

איך געבען נאָך אַן עקסטרא הונדערט דאָלאר איהר זאָלט שוין אויך נעהמען אויף זיך די עברות וואָס איך וועל בעגעהן ביז מיין טוידט. איך האָב ניט פיעל צו לעבען. איך וויים דאָס, אָבער אַ מענש קען זינדיגען אין דער לעצטער מינוט. ער קען זינדיגען מיט׳ן מויל, אָדער מיט׳ן געדאַנק. אַלזאָ, איך גיב אייך נאָך אַ הונדערטער און איהר זאָלט נעהמען אויף אייך אַלע עברות וואָס איך וועל נאָך זינדיגען ביז מיין לעצטע סעקונדע וועט קומען. כ׳לעבען, וויפיעל קען איך נאָך זינדיגען?“

דער מלמד האָט בעקומען נאָך אַ הונדערטער און איז אוועק אַהיים אַ פרעהליכער, אַ גליקליכער.

.2

קומענדיג אַהיים, האָט דער מלמד דערצעהלט פון זיין שמחה צו זיין פרוי און אין הויז איז געוואָרען ששון ושמחה. „באַשע!“ האָט ער געזאָגט, „אויס מלמד און דו ביזט אויס פעדלערקע. ניט מעהר וויל איך דארפען קנעלען מיט די אמעריקאנער קונדסים און ניט מעהר וועסטו דארפען פערקויפען הייסע ארבעס אין גאַס. פאַר אונזערע קינדער לאָז איך מאַרגען מאַכען נייע פלודערקעס, און שיך וועל איך זיי קויפען, נייע שיך און פון בעסטען לעדער. און דערוויל, מיין אידענע, מאַך אַ פיינעם מאָהלצייט, קויף אַ צונג, גענזענע לעבערלעך, פופיקלעך, גריבענעס. קויף איין אַלעס פון די שעהנסטע און דאָס בעסטע. זשאַלעווע ניט קיין געלד. אַ גאַנצען לעבען אָבגעהונגערט. טאָ לאָמיר זיך היינט גוט אָנעסען. מאַך דו דעם מאָהלצייט און איך וועל געהן נאָך וויין.“

דריי שטונדען שפעטער איז דער מלמד מיט זיין פאַמיליע געזעסן ארום טיש און געגעסען אַ סעודה וואָס זיי האָבען פריהער אפילו אין חלום ניט געזעהן. דער מלמד האָט אין זיך אַזוי פיעל אַריינגעפּאַקט און אַריינגעגאָסען, דאָס ער האָט קיין כח ניט געהאַט אויפצושטעהן. ער איז איינגעשלאָפען זיצענדיג ביים טיש. אויף מאָרגען האָט ער זיך אויפגעכאַפּט אַ קראַנקער מענש און האָט ניט געקענט אַרויסקריכען פון בעט. מען האָט גערופען אַ דאָקטאָר און ער האָט ערקלעהרט, אַז דער מלמד האָט זיך איבערגעגעסען און

ליידעט פון א געפעהרליכען מאַגען. אַלערליי מיטלען האָט דער דאָקטאָר אָנגעווענדעט, אָבער דער מלמד איז וואָס וויטער געוואָרען אַלץ ערגער ביז דער דאָקטאָר האָט אויפגעגעבען אַלע האָפנונגען און דער מלמד האָט שוין גענומען טראַכטען וועגען זאָגען וידוי.

* * *

צו דערזעלבער צייט איז מיט מיסטער סילווערמאַן, דער גרויסער גביר און פּרעזידענט פון דער „חברה אנשי גלופּסק", פּאָרגעקומען א גרויסע ענדערונג. נאָך דעם ווי ער האָט פערקויפט אַלע זיינע עברות צו ר' זלמן דער מלמד, האָט ער אָנגעהויבען פיהלען בעסער. עס קען זיין, אז די שמחה וואָס ער איז ריין געוואָרען פון אַלע זיינע חטאים האָט איהם געהאָלפען זיך שטאַרקען. די דאָקטוירים האָבען בעמערקט אז זיין צושטאַנד ענדערט זיך צום גוטען, און ער ווערט וואָס וויטער אַלץ בעסער. אזוי האָט דאָס אָנגעהאַלטען א גאַנצע נאַכט, און אויף מאָרגען אין דער פריה האָבען די דאָקטוירים ערקלעהרט, אז מיסטער אייברעם סילווערמאַן איז אויסער געפאַהר.

וואָס א טאָג איז דער גביר געוואָרען שטאַרקער.וואָס א טאָג איז דער מלמד געוואָרען ערגער. אזוי איז דאָס געגאַנגען ביז דער גביר איז ארויסגעקראָכען פון בעט און אין דעם זעלבען טאָג איז דער מלמד אויסגעגאַנגען און מען האָט איהם געלייגט שערבלעך אויף די אויגען.

.3

קומענדיג אויפ'ן עולם האמת האָט מען דעם מלמד געבראַכט פאַר'ן בית דין של מעלה און מען האָט איהם געזאָגט, אז עס איז דאָ געגען איהם א גרויסע רעכנונג: ערשטענס, זיינע אייגענע עברות און צווייטענס, די עברות פון דעם גביר מיסטער אייברעמס סילווערמאַן.

ווען דער מלמד האָט דערזעהן זיינע אייגענע עברות, האָט ער א שמייכעל געטהאָן. אזוי לאַנג זיך געמוטשעט אויף דער זינדיגער וועלט און אזוי ווניג געזינדיגט. אָבער אז ער האָט א קוק געטהאָן אויף די עברות וואָס ער האָט אָבגעקויפט פון דעם גביר

מיסטער סילווערמאַן, דער גרויסער בעל צדקה, דער שעהנער מענש, דער אָרענטליכער סוחר און פּרעזידענט פון די אנשי גלופּסק, איז ער פּאַר שרעק שיער נאָך אַ מאָל געשטאָרבען. עברות זיינען דאָ גע־ווען גאַנצע פּעק, אויף הונדערטע בלעטער פערשריעבען. ווער וואָלט דאָס גלויבען אויף אַזא שעהנעם אידען! און וואָס פאַר אַן עברות! — אַזעלכע וואָס אויף דער זינדיגער וועלט מאַכט מען גאָר קיין ווע־זען פון דעם, נור אין הימעלשען בוך זיינען זיי געווען פערשריבען מיט רויטע און שווארצע פלאַמען. אַן אָרענטליכער סוחר, אמת, געצאָהלט זיינע בילס רעגעלמעסיג, ניט גע'גנב'עט אין וואָג אָדער אין מאָס, אָבער ער האָט ניט געצאָהלט זיינע מענשען גענוג אום זיי זאָלען קענען מאַכען אַ לעבען. ער האָט זיי אויך געצוואונגען צו ארבייטען אין זיין געשעפט פון זיבען אוהר אין דער פריה ביז עלף אוהר ביינאַכט און האָט זיי אָבגעפּרעמדט פון זייערע פאַמיליען. די קינדער פון די ארבייטער זיינען צוליעב דעם ערצויגען געוואָרען אָהן השגחה און זיינען אַוועק אויף שלעכטע וועגען. און דערפאַר זיינען אַלע זינד פון די קינדער פערשריבען געוואָרען אויף דעם רעכ־נונג פון זייערע עלטערענס ברויט-געבער. אַ חוץ דעם זיינען דאָ געווען פערשריבען טויזענדער עברות פאַר ערנידריגען מענשען אין שוהל, ניט צולאָזענדיג זיי צו אַן עליה אָדער אַן אַנדער כבוד, טרע־טענדיג אויף זייערע היהנער־אויגען און געבענדיג זיי אימער צו פיהלען, אַז זיי זיינען ניט קיין מיוחסים ביי גאָט. און אָבוואָהל דיזע אַלע עברות זיינען בעגאַנגען געוואָרען אָהן אַ כונה, אָהן דעם בעוואוסטזיין, אַז ער האָט געטהאָן מענשען שלעכטס, זיינען דאָך די עברות פערעכענט געוואָרען אויף זיין חשבון.

„פינף הונדערט יאָהר כף הקלע", האָט דער מלאך, דער הויפּט־ריכטער צוגע'פּסק'ענט דעם אָרימען מלמד." און נאָכדעם ווי איהר וועט ענדיגען אייער טערמין פון כף הקלע, זאָלט איהר פערשיקט ווערען אויף הונדערט מיט פינף און זיבציג יאָהר שאול תחתיה, דער אונטערשטער עטאַזש פון גיהנום. נאָכדעם זאָלט איהר אָבקור־מען די שטראָף פאַר אייערע אייגענע עברות. די שטראָף פאַר איי־ערע אייגענע זינד איז, אַז איהר זאָלט שטעהן באָרפוס אויף גאָגע־לעך דרייצעהן מינוטען מיט צוואַניג סעקונדען."

און ווי דער משפּט איז אויסגעשפּראָכען געוואָרען, האָט מען דעם מלמד גלייך פּערשיקט אין כף הקלע.

.4

אַז דער גביר איז אראָב פון זיין קראנקען־בעט, האָט ער די ערשטע זאַך זיך נאָכגעפרעגט אויף זלמן דעם מלמד. און אַז מען האָט איהם געזאָגט, אַז ער איז געשטאָרבען, האָט ער אויפגעהויבען די הענד צום הימעל און געזאָגט: „ברוך דין אמת! עס איז טאַקי פאַר איהם בעסער וואָס ער איז געשטאָרבען, ווייל ער וועט קענען פריהער אָנפאַנגען אָבצוקומען די שטראָף פאַר מיינע עברות און ער וועט פריהער אויסגעלייטערט ווערען.“

עס ליגט שוין אין דער טבע פון א ביזנעס־מענשען, אַז נאָכ־דעם ווי ער מאכט אַ גוט געשעפט, האָט ער ליעב נאָכצוזעהן אויב מען קען פון דעם גוט געשעפט מאכען נאָך אַ בעסערען. מען שניידט, למשל, די הוצאות, אָדער מען פערגרעסערט די פּראָפיטען, אָדערביידע זאכען צוזאמען. אונזער גביר, מיסטער אייברעם סיל־ווערמאן, האָט איינגעזעהן, אַז ער האָט געמאַכט אַ פיעל בעסערען געשעפט ווי ער האָט געדענקט. און ער האָט געזוכט דעם געשעפט צו פערגרעסערען און ארויסצונעהמען פון איהם דעם גאַנצען בענע־פיט וואָס איז דאָ אין דעם. ער האָט זיך דערמאָנט, אַז זיין אָבמאַך מיט דעם מלמד איז געוועזן, אַז דער מלמד זאָל אויף זיך נעהמען אויך אלע עברות וואָס ער, מיסטער סילווערמאן, וועט בעגעהן ביז ער וועט שטאַרבען. הייסט עס, אַז ער מעג יעצט זינדיגען פיעל ער וויל און פאַר די עברות וועט מען שטראָפען דעם מלמד. מיס־טער סילווערמאן האָט דאָ געזעהן אַ גוטע געלעגענהייט צו געניסען אַ ביסעל עולם הזה, הנאה האָבען און קיין עברה ניט פערדיענען.

און אונזער שעהנער גביר האָט אָנגעהויבען צו לעבען אַ גוטען טאָג און אַ גוטע נאכט. און אַז די מיטגליעדער פון די אנשי גלופּסק האָבען געשריען: „גוואַלד, ברודער פּרעזידענט, איהר טהוט דאָך כל דבר אסור! איהר עסט טרפות, איהר טרינקט יין נסך, איהר רוי־כערט אום שבת, איהר זייט דאָך ווערטה מען זאָל אייך פון דער חברה ארויסוואַרפען“, האָט דאַן מיסטער סילווערמאַן זיי געענט־

פערט: „איך קען טהאָן אלעם אין דער וועלט און מיר וועט קיין שטראָף ניט קומען דערפאר. מיין נשמה איז פערזיכערט. מ י ך וועט מען ניט שמייסען."

.5

מיט א טרויעריגע הארץ האָט זלמן דער מלמד אויף יענער וועלט אָנגעפאנגען זיין 500 יעהריגען טערמין כף הקלע און מיט ביטערנים אין זיין הארצען האָט ער געטראכט פון די 175 יאָהר גיהנום וואָס ער וועט מוזען ליידען פאר פרעמדע זינד. אָבער נאָכ־דעם ווי ער האָט ערשט אָבגעדיענט איין טאָג, האָט מען איהם וויע־דער גערופען צום בית דין של מעלה און מען האָט איהם געזאָגט:

„פאר פערפעהלען דאוונען מעריב און עסען א מאָהלצייט מיט אן אַקטריסע אין א טרפה'ן רעסטאָראַן ליינט מען אייך צו נאָך 15 יאָהר כף הקלע."

„ווי אזוי? ווען?" האָט דער אונגליקליכער מלמד געפרעגט. און דאָס איז די אנטוואָרט וואָס ער האָט בעקומען פון בית דין:

„דער מאַן, ביי וועמען איהר האָט אָבגעקויפט אלע זיינע חטאים וואָס ער האָט געזינדיגט צוזאמען מיט די וואָס ער וועט זינדיגען, האָט זיך יעצט גענומען אויף א שלעכטען וועג און איהר וועט מוזען ליידען זיין שטראָף, ר' זלמן. פערגעסט ניט, אז איהר האָט מיט איהם געמאכט א תקיעת כף."

אויפ'ן דריטען טאָג האָט מען דעם מלמד גערופען צום בית דין און מען האָט איהם אָנגעזאָגט:

„פאר שפיעלען קאָרטען א פרייטאג צו נאכט און אויסרויכענ־דיג פיער סיגארען און פאר אויפעסען צוויי חזיר וואורשטלעך וועט צו אייער שטראָף צוגעלייגט נאָך פערצעהן יאָהר מיט דריי מאָנא־טען גיהנום."

און זייט דאן, ווי ביי נאָט איז א טאָג, פלעגט מען דעם מלמד ברייננגען צום בית דין של מעלה און איהם פאָרלעזען עפעס א שפּאָ־געל נייעם חטא, און יעדען מאָל איז דער חטא געווען א גרעסערער, א שווערערער, א העסליכערער. „רבונו של עולם!" האָט דער מלמד אויסגערופען, „איך וועל דאָך גאָר קיינמאָל ניט אויסגעליי־

טערט ווערען. האָט רחמנות אויף מיר, הייליגער בית דין! מיין גאַנצען לעבען האָב איך געהאַט כף הקלע מיט גיהנום, קיינמאָל ניט געהאַט אַ זאַטען טאָג, בין איבערגעקומען די גרעסטע צרות, און נאָכ־דעם אַז איך האָב בעקומען עטליכע דאָלאַר און האָב געמיינט, אַז לסוף ווער איך שוין פּטור פון מיינע צרות, האָט זיך ארויסגעוויזען אַז דאָס געלד האָט מיך געבראַכט נאָך אין אַ גרעסערען אונגליק. איבער דאָס פערפלוכטע געלד לייד איך און וועל נאָך ליידען טויזענדער יאָהרען כף הקלע אין גיהנום. האָט רחמנות! אפשר וואָלט געווען אַ סברא, אַז איהר זאָלט דעם גביר אהערצו וואָס שנעלער צונעהמען? אויב ער וועט בלייבען לעבען, דאַן גאָט ווייס וואָס איהם קען נאָך איינפאַלען צו טהאָן און איך וועל פאַר דעם מוזען ליידען. ערבאַרימט זיך, הייליגער בית דין, נעהמט איהם צו אהער!“

„ניין“, האָט דער בית דין געזאָגט. „ער איז נאָך ניט אַלט גענוג. ער קען נאָך לאַנג לעבען. בלויז צדיקים שטאַרבען יונג, אַזוי איז ביי אונז איינגעפיהרט און אַ מנהג ברעכט דעם דין און אויף דעם יושר.“

אַ נגיד האָט מזל! — האָט זיך דעם מלמד׳ס נשמה געטראַכט — ער האָט די וועלט און יענע וועלט!

# ווער עס אַרבייט פאַר׳ן טייפעל

דער אשמדאַי, דער מלך פון אַלע שדים, איז געזעסען אין זיין קאַנצעלאַריע אין גיהנום און פאר איהם זיינען געשטאַנען אייניגע פון זיינע שלוחים, וועלכע זיינען ערשט געקומען פון דער ווייסער וועלט איהם אָבצוגעבען אַ בעריכט וועגען דעם אויב זיין פינסטערע מאַכט ווערט שטאַרקער, אָדער שוואַכער.

די שלוחים, אמת׳ע טייוואָלים מיט קעלבערנע עקלעך און היה־נערשע פיסלעך, זיינען געקומען איינציגווייז און אָבגעגעבען זייערע בעריכטען צום אשמדאַי.

„איך קום פון אַ שפּאַציער איבער דער ערד“, האָט געזאָגט דער ערשטער, „וואו איך בין פיעל ארומגעגאַנגען, און איך האָב דאָרט געזעהען, אז מענשען זיינען ניט אָרענטליך. אונזער גרויסער שונא, דער יושר, איז כמעט ווי אין גאַנצען פערשוואונדען געוואָרען. אויפ׳ן ערד־קוגעל הערשען נור שווינדעל און בעטרוג. דער שטאַרקער דריקט דעם שוואַכען, און דער שוואַכער דעם וואָס איז שוואַכער פון איהם. אונעהרליכקייט בעהערשט די גאַנצע וועלט“.

„דאָס איז שוין אַן אַלטע מעשה“, האָט געזאָגט דער קעניג פון די טייוואָלים. „איך הער דאָס שוין זייט טויזענדער יאָהר. עס האָט מיר שוין זיך צוגעגעסען צו הערען אימער דאָס זעלבע. אפשר האָסטו עפּעס נייעס?“ האָט ער זיך געווענדעט צו אַ צווייטען.

דאַן האָט דער צווייטער גענומען דאָס וואָרט.

„איך קום פון אַ שפּאַציער איבער דער ערד, וואו איך בין פיעל אַרומגעגאַנגען, און איך האָב דאָרט געזעהען, אַז אונזער גרויסער שונא דער אמת עקזיסטירט שוין ניט מעהר. זיין פּלאַטץ האָבען פערנומען ליגען און פאַלשקייט. עס איז זעלטען יעצט צו געפינען אַ מענשען וואָס זאָל וועלען זאָגען אַן אמת אויף אַן אַנדערען, אָדער וואָס זאָל וועלען הערען אַן אמת וועגען זיך. דער סוחר זאָגט לי־גענס, דער גייסטליכער זאָגט ליגענס; ליגענס ווערען פערשפּרייט

דורך וואָרט און שריפט. עלטערע קאָרמענען זייערע קינדער מיט ליגענס נאָך פון זייער קינדהייט אָן, און די קינדער לערנען זיך שנעל אויס צו בעלוינען זייערע עלטערן מיט בעסערע און גרעסערע ליגענס. דער מאַן זאָגט ליגענס צו זיין פרוי און די פרוי צום מאַן. מיט איין וואָרט: דער שקר איז יעצט דער איינציגער הערשער אויפ'ן ערד־קוגעל."

„זאבאָבענעס!" האָט אויסגערופען דער אשמדאי. „אַלץ די זעלבע אַלטע מעשה!" ער האָט צוגערופען א דריטען פון זיינע משולחים, און איהם געפרעגט וואָס האָט ער געזעהן. דער דריטער האָט אָנגעפאַנגען בזה הלשון:

„איך קום פון א שפּאַציער איבער דער ערד וואו איך בין פיעל אַרומגעגאַנגען, און איך האָב דאָרט געזעהן, אז מענשען האָבען פערלאָרען זייערע קעפּ און זיינען געוואָרען פאַנאַטיקער. יעדער איז פערגלויבט אין זיינע אייגענע השגות און ער קעמפּפט מיט פייער און שווערד געגען יעדען וואָס איז ניט איינפערשטאַנדען מיט איהם. קיין מענש וויל ניט פערשטעהן זיינע מיטמענשען. זיי זיינען אַלע טויב געוואָרען צום פערשטאַנד, צו איבערלייגונג. דער פריידענקער פערפאָלגט דעם גלויביגען נאָך מעהר ווי דער גלויביגער איהם. טאָלעראַנץ איז אין גאַנצען פערטריבען געוואָרען פון דער וועלט. עס הערשען נור די היטץ־קעפּ מיט זייער פאַנאַטיזם."

„אַלט, אַלט, אַלט!" האָט אויסגערופען דער אשמדאי. „אימער די זעלבע! מיינע טייוואָלים האָבען זייט די לעצטע עטליכע טויזענד יאָהר גאָרנישט אויפגעטהאָן אויף דער ווייסער וועלט. אַלץ די זעלבע שווינדלער, ליגנער, און פאַנאַטיקער! עפּעס נייעס האָט איהר, טייוואָלים, געדאַרפט ענטדעקען. דיזע זאַכען זיינען געוועזען גוט פאַר די אמאָליגע דורות, אָבער יעצט לעבען מיר דאָך עפּעס אין צוואַנציגסטען יאָהרהונדערט! — נו, לאָמיר זעהן וואָס דו האָסט צו זאָגען!" האָט ער אויסגערופען צו א פיערטען פון זיינע שלוחים.

„איך קום פון א שפּאַציער אויף דער ערד, וואו איך בין פיעל אַרומגעגאַנגען", האָט דער פיערטער אָנגעפאַנגען מיט דער זעלבער הקדמה." און איך האָב דאָרט געזעהן, אז די מענשען זיינען געזונקען אין אונוויסענהייט. אין אמעריקא, וועלכע רעכענט זיך אַלס איינע פון די פּראָגרעסיווע לענדער אין דער וועלט, האָב איך גע-

זעהן נייע רעליגיעזע סעקטען שפּראָצען ארויס יעדען יאָהר, און דער גלויבען אין מכשפים און וואהרזאגערס איז שטאַרק פערברייט. די ערד איז פול מיט דומהייט אַזוי ווי דער ים איז פול מיט וואסער."

„דומהייט, חאַ־חאַ־חאַ!" האָט דער אשמדאי זיך צולאַכט. „וואָס איז דאָס פאַר א נייעס? דומהייט איז אַזוי אַלט ווי די וועלט! גוואלד, איך האַלט ניט אויס! האָט ווירקליך קיינער מיר קיין נייעס ניט געבראַכט, כאָטש עטוואָס א ברעקעלע גוטע נייעס?"

דאַן האָט א פינפטער גענומען דאָס וואָרט:

„איך קום יעצט פון א שפּאַציער איבער דער ערד, וואו איך בין פיעל ארומגעגאַנגען, און איך האָב דאָרט געפונען א נייעם זאָרט מענשען, וואָס ווילען אויסבעסערען די וועלט. זיי רופען זיך ר ע־פ אָ ר מ ע ר און זייער צוועק איז אריינצורוקען דעם נאָז אין פרעמדע געשעפטען, זוכען חטאים, און צווינגען מענשען צו זיין גוט און פרום. די רעפאָרמער גלויבען, אז דער עיקר איז צו מאַכען, אז אַנדערע זאָלען זיין גוט און פרום. זיי גלויבען, אז זיי טהוען אויף אַזוי פיעל פאר דער וועלט, דאָס זיי אַליין זיינען פריוועליגירטע פערזאָנען, און זיי ערלויבען זיך דאָס וואָס זיי פערבאָטען אַנדערע. דער עיקר איז ביי זיי דער איינפלוס אויף אַנדערע, ניט די אייגענע אויפפיהרונג. אָפטמאָל מאכען זיי א ליארם, טרייבען ארויס חטאים פון זייער מיטע, און דער עולם רוהט זיך דערווייל אָב א ביסעל, אום צו קענען נאָכדעם בעגעהן גרעסערע חטאים מיט מעהר לעבעדיגקייט און מעהר פרישקייט. די רעפאָרמער זיינען אונזערע ריכטיגע פריינדע, וועלכע העלפען אויפצוהאַלטען די מאכט פון דיין מאַיעסטעט, גריסער אשמדאי, אויף דעם ערד־קוגעל."

„בראַוואָ!" האָט אויסגערופען דער אשמדאי. „דו האָסט מיך ניי בעלעבט. יעצט ווייס איך, ווער עס ארבייט פאַר מיר געטריי!"

# דריי שעהנע פרויען

מאָנט־קאַרלאָ איז גוט בעריהמט אין דער וועלט. אהין קומען זיך צוזאמען די גרעסטע שפּיעלער פון גאַנצען ערד־קוגעל. דאָרט ווערען געוואונען און פערשפּיעלט פערמעגענס. דאָרט ווערען פון בעטלער מיליאָנערען און פון מיליאָנערען — בעטלער אין עטליכע מינוטען צייט. בעריהמט איז אויך מאָנט־קאַרלאָ צוליעב איהר מערקווירדיגען בית־עולם, וואו עס ליגען דורכאויס אזעלכע מענשען, וואָס האָבען זיך גענומען דאָס לעבען מיט זייערע אייגענע הענד, נאָכדעם ווי זיי האָבען פערלאָרען זייערע פערמעגענס.

אָבער נאָך מעהר בעריהמט איז מאָנט־קאַרלאָ צוליעב די שעה־נע פרויען וואָס קומען אהין פון דער גאַנצער וועלט — די שעהנסטע פון יעדען לאַנד. געלינגט עס איינעם אז דער מזל שמייכעלט צו איהם, שמייכלען אויך צו איהם די שעהנהייטען.

צווישען די שעהנע פרויען זיינען דריי געווען בעריהמט אלס די קעניגינס פון מאָנט־קאַרלאָ. און צווישען דיזע דריי איז אָנגע־גאַנגען א שטאַרקע און א שטענדיגע קאָנקורענץ. יעדע איינע פון זיי האָט געוואָלט זיין די איינציגע קעניגין, עס הייסט, אנערקענט צו ווערען אלס די שעהנסטע פון די שעהנסטע.

אין דעם שטענדיגען קאַמפּף צווישען זיך האָבען די דריי שעהנ־הייטען זיך בענוצט מיט די שעהנסטע קליידער און מיט די רייכסטע ציערונג. מאָדיסטען און יואוועלירער האָבען שווער געאַרבייט אָנ־ווענדענדיג זייער גאַנצע קונסט צו פערגרעסערען די נאַטירליכע שעהנקייט פון די דריי פרויען, און צו העלפען זיי איבערצושטייגען איינע די אַנדערע מיט קאָסטיומען און ציערונג. די געסט פון דיזער שטאָדט האָבען גענומען א לעבהאַפטען אנטהייל אין דיעזען שעהנהייטס־קאַמפּף.

עס איז ענדליך בעשלאָסען געוואָרען, אז אלע דריי שעהנהיי־טען זאָלען אין א געוויסען טאָג ערשיינען פאַר א פּובליקום, אָנגע־טהאָן און צוגעפּוצט אין זייער בעסטענס, און דאָס פּובליקום זאָל

ענטשיידען דורך א מעהרצאָהל פון שטימען וועלכע פון די דריי שעהנהייטען פערדיענט דעם נאָמען „קעניגין פון מאָנט־קארלאָ“.

דער בעשטימטער טאָג איז געקומען. מאָנט־קארלאָ האָט אוועקגעלייגט אַלע אנדערע זאָרטען וועטעס און האָט גענומען וועטען אויף די דריי פרויען. יעדער איינער האָט געשטעלט גרויסע סומען געלד אין קאָן, דער האָט געוועט אויף דיזער פרוי, און יענער אויף אַן אנדערער.

די דריי שעהנהייטען זיינען איינציגווייז ערשיענען אויף א פּלאַטפאָרמע און די פערזאמעלטע האָבען זיי אָנגעהויבען נייגיעריג צו בעטראַכטען.

צוערשט איז ארויסגעטראָטען א פרוי, וועלכע איז געוועזען בע־האנגען פון קאָפּ ביז די פיס מיט ברילִיאַנטען. זאָגאר דעם זיים פון איהר קלייד איז געוועזען בעזעצט מיט טהייערע שטיינער. די אנוועזענדע זיינען געבליבען ווי פערשטיינערט. מיט אזוי פיעל ציערונג, אראנזשירט אין אזא אָרדנונג, האָט די שעהנהייט אויסגעזעהן ווי א מלאך וואָס האָט זיך ערשט אָבגעבאָדען אין דער זון.

„זי געווינט, זי געווינט!“ האָט זיך געלאָזט הערען איבער'ן גאנצען זאל.

„ווארט“, האָט אויסגערופען דער פּאָרזיצענדער פון דער אויס־שטעלונג, „עס דארפען פאָרקומען נאָך צוויי.“

נאָכדעם איז ערשיענען די צווייטע. דער עולם איז ביי איהר ערשיינונג געוואָרען איבערראַשט און געעפענט די מיילער. די צווייטע שעהנהייט איז ערשיענען אין א דעליקאַטען, כמעט דורזיכטיגען קאָסטיום וואָס האָט ארויסגעצייגט דעם שעהנעם געבוי פון איהר קערפּער. זי האָט אויף זיך ניט געהאט קיין איינציגע שטיקעל ציערונג, אפילו ניט קיין רינג. איהר איינציגע ציערונג איז געווען א רויטע ראָזע אויף איהרע שווארצע האָאר. נאָך איהר איז געגאנגען א דיענסט און די דיענסט איז געווען בעהאנגען גראדע מיט אזוי פיעל גאָלדווארג, פערל, דיאמאנטען און ברילִיאַנטען, ווי די שעהנהייט וואָס איז ערשיענען צוערשט.

„איך וויל אייך צייגען“, האָט די שעהנהייט נומער צוויי געזאָגט, „אז איך האָב ציערונג, אָבער איך בין שעהן אָהן דעם, די ציערונג פּאַסט זיך זעהר צו מיין דיענסט.“

„זי געווינט! זי געווינט!“ האָט דער פערזאמעלטער עולם געשריען. „זי איז קעניגין!“

„וואַרט אוים!“ האָט אויסגערופען דער פאָרזיצענדער. „עס קומט נאָך די דריטע.“

און אז די דריטע איז ערשיענען, האָט דאָס גאַנצע פּובליקום אויסגעשאָסען מיט א געלעכטער. איהרע קליידער זיינען געווען פערשמירט אין בלאָטע, איהר האאר צואוואָרפען, און איהר געזיכט איז געווען אזוי פערפלעקט, אז מען האָט זי קוים דערקענט.

„לאכט ניט!“ האָט זי געזאָגט מיט א שטאָלצע שטימע. „צו־ערשט הערט מיך אויס, נאָכדעם וועט איהר אורטהיילען. איך בין אהער געפאָהרען אָנגעטהאָן אין מיינע בעסטע קליידער און רייכ־סטע ציערונג. איך האָב אויף זיך געהאט אזעלכע ציערונג וואָס זיינען מיר געגעבען געוואָרען פון פּרינצען און פון קעניגע. אָבער ווען איך האָב פערלאָזען מיין ווילא האָב איך פּלוצלונג דערזעהן ווי א יונגער מאן טרינקט זיך. איך בין אין מיינע קליידער אריינגע־שפּרונגען און איהם ארויסגעשלעפּט פון וואסער. ער האָט מיך גע־בעטען איך זאָל איהם לאָזען שטארבען, ווייל ער האָט פערשפּיעלט דעם גאנצען פערמעגען פון זיין מוטער, וועלכע איז אַן אלמנה. איך האָב פון זיך אראָבגענומען מיין גאַנצע ציערונג און דאָס איהם אוועקגעגעבען מיט דעם בעדינג, אז ער זאָל דאָס אלעס פערקויפען און צוריקקעהרען זיין מוטער איהר פערלאָרענעם פערמעגען. רע־טענדיג איהם פון וואסער האָב איך זיך אזוי אויסגעשמירט און אָט דארום זעה איך אוים אזוי לעכערליך.“

„זי געווינט!“ האָט דער עולם געשריען. „זי האָט געוואונען! הורראה!“

**און די דריטע איז פערבליבען „קעניגין“ פון מאָנט־קארלאָ.**

# די לעגענדע פון אַן אַלטען מלך

אַמאָל איז געווען אַ מלך. האָט ער געקיניגט איבער פיעלע לענדער און איבער פיעלע פעלקער. ער האָט געהאַט די גרעסטע אַרמעען, פון וועלכע ער אַליין איז געווען דער אנפיהרער. אַליין פלעגט ער רייטען אויף זיין מלחמה־פערד פאָראויס, אין די ערשטע רייהען. גרויסע, מעכטיגע פעלקער האָט ער בעזיעגט מיט זיין שווערד. שטאָלצע, מוטהיגע קעניגע האָבען זיך געבוקט צו איהם און געקוסט דעם שטויב פון זיינע פיס. און די גאַנצע וועלט האָט געציטערט פאַר זיין נאָמען.

אַזוי זיינען אַוועק יאָהרען. יעדער יאָהר האָט געבראַכט אונטער דעם מלך'ס הערשאַפט נייע פּראָווינצען און נייע אונטערטהאַנען. יעדער יאָהר האָט איהם געבראַכט פרישען גלאַנץ און אַ פערגרעסערטע מאַכט, און דער מלך איז געוואָרען שטאָלץ, זעהר שטאָלץ. און אין זיין גרויסען שטאָלץ האָט ער אויסגערופען:

„אני ואפסי עוד! איך בין דער איינציגער הערשער און אויסער מיר גיבט עס קיינער ניט.“

נאָך יאָהרען זיינען אַריבער, פיעלע יאָהרען. דעם קעניג'ס קאָפּ איז געוואָרען ווייס ווי שנעע, נור זיין פּנים איז געבליבען יונג, זיין קערפּער גלייך און זיין אויג שאַרף. ער איז געוואָרען אַלט אין יאָהרען, אָבער אין קראַפט איז ער געבליבען יונג.

„איך וועל לעבען אייביג!“ האָט דער קעניג אויסגערופען מיט שטאָלץ.

אָבער באַלד נאָכדעם איז עטוואָס געשעהן.

דער קעניג איז קראַנק געוואָרען. די גרעסטע דאָקטוירים פון לאַנד זיינען גערופען געוואָרען. זיי האָבען דעם קעניג בעטראַכט און נאָך אַ בעראַטהונג צווישען זיך, האָבען די דאָקטוירים ערקלערט, אַז דער קעניג האָט שוין אויסגעלעבט זיינע יאָהרען און דער טויט, די ענדע פון אַלע שטערבליכע, מוז קומען.

„איך וועל ניט שטאַרבען!“ האָט דער קעניג אויסגערופען.

„איך האָב אַזוי פיעל מאָל בעגעגענט דעם טויט אין שלאַכטפעלד און איך האָב איהם אימער בעזיעגט. ניין, ניט איך וועל שטאַר־בען, ניט איך וועל זיך לאָזען בעזיעגען פון׳ם טויט. איך וועל קעמפּפען!"

און וועהרענד ער האָט אויסגעשריען די לעצטע ווערטער האָט ער פּלוצלונג דערפיהלט, אז די ערד זינקט אונטער איהם. ער האָט זיך איבערגעשראָקען. צום ערשטען מאָל אין זיין לעבען אז ער האָט געפיהלט שרעק. ער האָט זיך אריינגעוואָרפען אין א גרויסען ווייכען שטוהל. ניין, די ערד איז ניט געזונקען אונטער זיינע פיס. נור זיינע קנעכלעך האָבען זיך אונטערגעבויגען פון א פּלעצליכען אָנפאַל פון שוואכקייט.

„איך וועל ניט שטאַרבען!" האָט דער קעניג מיט פעסטער ענטשלאָסענהייט אויסגערופען, פיהלענדיג א מאָדנע קעלט אין זיינע פיס.

„דעקט מיך ארום! מיר איז קאַלט!" האָט דער מלך געזאָגט צו זיינע דיענער.

די דיענער האָבען דעם קעניג ארומגעדעקט די פיס, איהם אונ־טערגעשפּאַרט דעם קאָפּ מיט ווייכע קישענס און געוואַרט אויף זיינע ווייטערע בעפעהלען.

„רופט מיר צוזאמען מיינע גענעראַלען!" האָט דער קעניג בעפוילען.

די גענעראלען זיינען געקומען אין זייערע גלענצענדע מלחמה יוניפאָרמען מיט שווערדען ביי די זייטען.

„רופט מיר צוזאמען די שטאַרקסטע סאָלדאַטען פון מיין ארמעע", האָט דער קעניג ווייטער געזאָגט. „זאָלען זיי זיך ארומ־שטעלען ארום מיין פּאַלאַסט."

די סאָלדאַטען האָבען זיך ארומגעשטעלט ארום דעם קעניג׳ס פּאַלאַסט מיט זייערע אָפיציערען און פּאָלקאָווניקעס. די גענעראַ־לען זיינען געבליבען שטעהן ארום דעם קעניג׳ס שטוהל אין פּאַלאַסט.

„רופט צוזאמען די מוזיקאַנטען פון מיין ארמעע. זאָלען זיי קומען מיט אַלע זייערע אינסטרומענטען, מיט זייערע פויקען און טראָמפּעטען."

די מוזיקאַנטען זיינען געקומען און זיך אויסגעשטעלט נעבען די גענעראַלען.

„מיר איז קאַלט", האָט דער קעניג געזאָגט און זיין שטימע האָט געציטערט. „דעקט מיך ארום בעסער. הייסט געבען דעם סיגנאַל צו מלחמה. זאָלען די טראָמפּייטען בלאָזען און די פּויקען קלאַפּען. דער קעניג געהט מלחמה האַלטען מיט'ן טויט. זאָל די מוזיק שפּיעלען דעם מלחמה־מאַרש!"

שוואַכער און שוואַכער איז דער קעניג געוואָרען. די דיענער האָבען איהם אונטערגעשפּאַרט מיט מעהר קישענס. ער האָט קוים געקענט האַלטען גלייך זיין קאָפּ.

בלאַס ווי דער טויט איז געווען דעם קעניג'ס פּנים, ווייס אזוי ווי די האָאַר פון זיין קאָפּ, נור זיינע אויגען האָבען אויפגעשיינט, ווען ער האָט דערהערט זיין בעליעבטען מלחמה־מאַרש.

„מיין שווערד, מיין שווערד גיט מיר אהער!"

די דיענער האָבען דעם קעניג דערלאַנגט זיין שווערד, אָבער אין זיין האַנד איז ניט געווען גענוג קראַפט דעם שווערד אָנצו־נעהמען.

„העכער! העכער! זאָל די מוזיק שפּיעלען העכער! זאָלען די טראָמפּעטען בלאָזען שטאַרקער, זאָלען די פּויקען קלאַפּען מיט דער גאַנצער מאַכט, ער קומט! דער שונא קומט! מיר איז קאַלט, קאַלט, קאַלט, דעקט מיך איין, ווארימער, ווארימער, גענעראַלען! רינגעלט מיך ארום, אייערע שווערדען ציעהט ארויס פון זייערע שיידען!"

די גענעראַלען האָבען זיך אויסגעשטעלט מיט די בלויזע שווערדען אין זייערע הענד. די פּויקען און טראָמפּעטען האָבען גע־קלאַפּט און געבלאָזען. די מוזיק האָט געשפּיעלט הויך און פון דרויסען האָבען זיך געהערט דונערענדע געשרייען:

„יחי המלך! עס לעבע אונזער קעניג!"

„העכער! העכער!" האָט דער קעניג געשפּעצעט ווען זיינע לעצטע קרעפטען האָבען שוין אָנגעהויבען איהם צו פערלאָזען. „ווארום זיים איהר שטיל געוואָרען? ווארום הער איך אייך ניט? ווער האָט אויסגעלאָשען די ליכט פון טאָג? עס איז מיר פינסטער.

עס איז שטיל געוואָרען. איך זעה קיינעם ניט. אַלע צולאָפּען און איבערגעלאָזען מיך אליין מיט'ן שונא אין דער פינסטער."

די גענעראַלען האָבען א וואָרט ניט געהערט פון דעם וואָס דעם קעניג'ס ליפּען האָבען שוין קוים, קוים געשעפּצעט. די מוזיק, די טראָמפּעטען און די פּויקען האָבען געמאַכט א רעש ביז'ן הימעל. אין דרויסען האָבען די סאָלדאַטען און דאָס פּאָלק ניט אויפגעהערט צו שרייען: „יחי המלך! עס לעבע אונזער גרויסער מעכטיגער קעניג!" און אינוועניג אין פּאַלאַסט איז געלעגען א בר מנן, ארומגערינגעלט מיט בעוואפענטע גענעראַלען און מיט מיליטערישע מוזיקאַנטען, וועלכע האָבען געשפּיעלט דעם מלחמה־מאַרש פון א קעניג וואָס האָט שוין ניט מעהר געהערט.

# פון למד׳ס טאגעבוך

(קאָפּירט פון אַן אַלטען מאַנוסקריפּט וואָס מען האָט געפונען אין וואַטיקאַן)

זאָנטאג, דעם....טען אלול. מזל טוב! איך האָב נעכטען חתונה געהאַט. אין אלול איז זעהר גוט חתונה צו האָבען. מיט מיין צלה׳ן האָב איך אויך חתונה געהאַט אין אלול. מיין נייע פרוי, עדה, איז גאָר אַן ענגעל! זי וועט זיין די „בעל״ פון גאַנץ נוד.

א צייט לאַנג האָב איך געזוכט פאַמיליען־גליק מיט א פרוי. אָבער פרויען זיינען האַלבע מענשען, ניט פאָלקאָמען. אויב א פרוי איז שעהן אין געזיכט און ענטוויקעלט אין איהר קרעפּער, איז זי געוועהנליך זעהר וועניג ענטוויקעלט אין אינטעלעקט. זי קען ניט צופריעדענשטעלען דעם גייסט, מען קען מיט איהר קיין לאַנגען גע־שפּרעך ניט פיהרען. מען קען זיך מיט איהר ניט ווייזען אין גע־זעלשאַפט. זי פערשטעהט קיין אָפּערא און איז פרעמד פון פּאָ־עזיע. א מאַן מיט א הויך־ענטוויקעלטען געשמאַק און מיט אַר־טיסטישע געפיהלען ווי איך קען מיט שעהנהייט אליין ניט לעבען גליקליך. אָבוואָהל מען מוז צוגעבען, אז א שעהנע און געזונדע פרוי מאכט אויך א שעהנעם, ריינעם היים און שעהנע געשמאַקע מאכלים. אָבער אַן אַרטיסט לעבט ניט בלויז פאַר׳ן מאָגען.

דאַגעגען, א פרוי וואָס איז געבילדעט און מיט וועלכע מען קען רעדען און פערברענגען, וועלכע קען אמוזירען א קאָמפּאַניע און מען דאַרף זיך ניט שעהמען מיט איהרען א וואָרט, אָט אַזאַ פרוי איז געוועהנליך ניט שעהן און ניט חנ׳עוודיג. מתושלח האָט מיר א מאָל אין א קאַפע־סאַלון געזאָגט א קלוג־וואָרט: „שעהנהייט און קלוגהייט״, האָט ער געזאָגט, „זיינען א מאָל געווען שוועסטער, נור זיי האָבען זיך צוקריעגט און געהן מעהר ניט צוזאַמען.״ דער אַל־טער פוקס! ער זאָגט אימער קלוגע זאכען, און אז אפילו אן אַנ־דערער מאכט א מאָל א גוטען וויטץ, זאָגט מען, אז דאָס שטאַמט פון מתושלח׳ן. מתושלח׳ס וויטצען וועלען בלייבען אונשטערב־ליך. מען וועט זיי זאָגען און איבערזאָגען אפילו צעהן טויזענד

יאָהר שפּעטער. אַלזאָ, ווען איך האָב געזעהען, אז שעהנהייט מיט קלוגהייט קענען ניט זיין צוזאמען אין איין פּערזאָן, האָב איך בעשלאָסען חתונה צו האָבען מיט א שעהנער בעזונדער, און מיט א קלוגער בעזונדער.

איך האָב איינגעפיהרט, אז מיינע צוויי ווייבער זאָלען איינע פון די אנדערע ניט וויסען, ווייל עס איז שווער, אז צוויי ווייבער פון איין מאַן זאָלען לעבען גוט צווישען זיך. מיין עדה מיט איהר ענטוויקעלטען געשמאַק, מיט איהר ארטיסטישען טעמפּעראמענט, וועט קיינמאָל ניט קענען האָבען קיין רעספּעקט פאַר צלה'ן, וועלכע איז אונגעבילדעט. און מיין צלה, וועלכע איז אַן איינפאַכע אונשולדיגע נשמה, וועט קיינמאָל ניט קענען פערשטעהן עדה'ן מיט איהר הויכע בילדונג און קוליטיווירטע מאַניערען. איך האָב דאַרום אָבגעמאכט ביי זיך צו האַלטען זיי אָבגעזונדערט איינע פון די אַנדערע. עס וועט מיר שפּאָרען צרות, און אפשר אויך אַ פּראָצעס.

מיטוואָך, דעם...טען. איך האָב געמאַכט אַ קורצע „האָניג־מאָנאַט"־רייזע מיט מיין עדה'ן נאָך חנוך, די שטאָדט וואָס מיין פרומער עלטער־עלטער זיידע האָט געבויט און א נאָמען געגעבען נאָך זיך. נאָכדעם האָב איך אַריינגעפיהרט מיין עדה'ן אין דער שעהנער וואָוינונג וואָס איך האָב פאַר איהר איינגעריכטעט, אין אַ נייער ברוינשטיין הויז מיט אלע בעקוועמליכקייטען. עדה איז געווען איבעררַאשט, ווען זי האָט געפונען אונזער וואָוינונג אזוי פּראַכטפאָל אויסגעמעבלירט. אָבער דער גרעסטער סורפּריז איז געווען פאַר איהר, ווען זי האָט אין איהר בודואַר געפונען אַ נייעם גאַרטעל פון פייגען־בלעטער, געמאַכט נאָך דער לעצטער מאָדע פון שנער. אפילו געבילדעטע פרויען, וואָס רעדען אימער געגען דער מאָדע, האָבען דאָך אליין אויך ליעב צו זיין אין דער מאָדע. מיין עדה איז אין דיזען היגזיכט פונקט ווי אונזער מוטער חוה. עדה האָט פאַר מיר געשפּיעלט פּיאַנאָ, געזונגען עטליכע סאָלאָס און אַ פאָלקס־ליעד וואָס קומט פון כוש. זי האָט מיט מיר גערעדט פון ליטעראַטור און פילאָזאָפיע, מיר פאָרגעלעזען א קריטישע סטודיע, וואָס זי האָט געשריבען איבער „רזיאל המלאך" — און איך בין אַוועק זאַט אין קאָפּ און הונגעריג אין מאָגען.

איך האָב גענומען א שיפעל און אריבער דעם טייך חדקל און

בין געקומען צו מיין צילה'ן. אין הויז איז געווען ווארם און ליכ־טיג און פון קיך האָט געשמעקט בראטען און געווירצען, און דאָס האָט זיך געמישט מיט דעם ריח נחוח פון גן־עדן־קאפּע. ווי איך בין אריין, האָט מיין צלה מיך ארומגענומען, און באלד האָב איך גע־פיהלט איהרע פולע שטארקע ארעמס ארום מיינע שולטערן און איך בין געווען גליקליך.

איך האָב געגעסען מיט גרויס אפּעטיט און מיט גרויס כונה. אין יעדען געריכט האָב איך געזעהען א שטיק פילאָזאָפיע און א פּאָעמא, וואָס איז העכער פון אלע „קריטישע סטודיען". איך האָב פערבראכט א שעהנעם אבענד.

דאָנערשטאג, דעם....טען. איך האָב מורא, אז מיין קורצזיכ־טיגקייט און מיין פעהלער זיך צו פערטראכטען וועט מיר א מאָל פערפיהרען אין א צרה. היינט ווען איך בין געקומען צו עדה'ן, האָט זיך מיר אויסגערעדט: „אי, צלה, דיין נעכטיגע צימעס־פלייש ליגט מיר נאָך אין מאָגען!" איך האָב דערנאָך פערביסען די ליפּען. עדה האָט געמאכט א שווייג, אָבער איך האָב געזעהן, אז מיינע ווערטער זיינען איהר אריין אין נאָז. מען דארף זיין זעהר פּאָרזיכטיג.

שבת־צו־נאכט, דעם...טען. מיר האָט נעכטען געטראָפען א סבה. די הארץ האָט מיר געזאָגט, אז פריהער אָדער שפּעטער וועט דאָס מיר טרעפען. די מעשה איז אזוי געווען: איך האָב צוגעמאכט מיין אָפּיס שפּעטער ווי אימער. איך בין יעצט אזוי פערנומען מיט מיינע לאנד־ספּעקולאציאָנען איבער דעם שטייגען פון לאנד־מקחים פון יענער זייט חדקל. ווען איך בין ארויס פון אָפּיס, האָב איך זיך דערמאָנט, אז איבער מיין גרויס צוטראָגענהייט האָב איך זיך פערגעסען עסען מיטאָג. מיין מאָגען האָט אָנגעהויבען שטארק מאָהנען זיין חוב און מיך צופּען פאר'ן לעבער. בקיצור, איך בין ארויפגעשפּרונגען אויף דער ערשטער טראמוויי און גענו־מען פאָהרען אהיים.

אין מיין צוטראָגענהייט האָב איך ניט גענומען די ריכטיגע ליניע, און אָנשטאָט צו קומען צו צלה'ן בין איך געקומען צו עדה'ן. איך האָב זיך געכאפּט מיין טעות ערשט נאָכדעם ווי איך בין גע־ווען אין הויז. איך האָב ערשט דאן געזעהן מיין אונגליק, דען וואָס

קען איך ערוואַרטען פון עדה'ן? קיין קעכין איז זי קיינמאָל ניט געווען און זי האָט סתם ניט פון עסען. די ערשטע זאַך האָט זי פאַר מיר פאַרגעלעזען אַ געדיכט אין בלאַנקע פערזען, וואָס זי האָט פערפאַסט, דערנאָך האָט זי פאַר מיר געשפּיעלט אויסציגע פון דער נייער אָפּערא „דער עפּעל און דער פייגענבלאַט". אויפ'ן טיש האָט זי דערלאַנגט שאָקאָלאַדע מיט אינגבערלאַך. איך ווייס, אַז פאַר אַ לעדיגען מאָגען זיינען דיזע זאַכען זעהר געפעהרליך, אָבער איך האָב זיך ניט געקענט העלפען און געמוזט עפּעס געניסען. עס האָט זיך מיר זעהר געוואָלט אַוועקגעהן ערגעץ און אָפּעסען, אָבער עס איז שוין געווען צו שפּעט. יעדען מאָל ווען איך בעוויין זיך ניט אַ פּאָר טעג, מיינט מייע עדה, אַז איך בין אין חנוך וועגען געשעפט. און ווי האָב איך געקענט מאַכען יעצט אַזאַ תירוץ? ווי הייסט עס? ערשט געקומען און שוין צוריקפאָהרען? בקיצור, איך האָב זיך געמוזט לעגען שלאָפען אַ הונגעריגער. עדה איז קיינמאָל ניט געווען אַ שעהנהייט, אָבער יענעם אבענד האָט זי ביי מיר אויסגעזעהען מיאוס'ער ווי אימער.

מאָנטאַג, דעם...טען תשרי. מיינע געשעפטען געהען אויסגע־צייכענט, אָבער מיינע אויגען ווערען שוואַכער. איך האָב מורא, אַז צו דער עלטער זאָל איך ניט ווערען שטאָק־בלינד. נור דער־ווייל האָב איך ניט אויף וואָס זיך צו בעקלאָגען. מען רעדט שטאַרק פון בויען אין בבל אַ טהורם וואָס זאָל גרייכען ביז צום הי־מעל. עס האָט זיך זיי פערוואָלט האָבען אַ מלחמה אויפ'ן הימעל. וועניג בלוט פערגיסען זיי דאָ אויף דער ערד! עס קען זיין, אַז איך וועל בעקומען דעם קאָנטראַקט אויף צוצושטעלען ציעגעל און אַרבייטער פאַר דעם טהורם, און וועל מאַכען אַ שעהן ביסעל געלד.

דיענסטאַג, דעם ...טען תשרי. וויעדער אַריינגעפאַלען אין אַ צרה! איך האָב מורא, אַז מיין צוטראַגענהייט וועט מיר אַ מאָל אַריינברענגען אין אַזאַ אונגליק, פון וועלכען איך וועל זיך ניט קע־נען אַרויסדרעהען. איך האָב נעכטען אבענד געוואָלט געהן מיט עדה'ן צום קאָנצערט פון די כדרלעומר סימפאָניע קאָמפּאַניע. מען רעדט פון די זינגער אין אַלע צייטונגען פון נוד. מיט עדה'ן איז זעהר גוט צו געהן אין טהעאַטער אָדער צו אַן אָפּערא. זי בעגרייפט אַלעס אַזוי טיעף און ווערט בעגייסטערט פון דער קונסט. ווען צלה

וואָלט געוואוסט אַזוי פיעל ווי עדה, וואָלט דאָך געווען אַ דאָפּעלטער פערגניגען צו קומען אין אָפּערא הויז מיט אַזא בילד שעהנע פרוי. אָבער צלה איז נאָר שעהן אין הויז, ארויסגעהן מיט איהר קען איך ניט. זי איז קינדערש אונשולדיג און רעדט זיך אוים אָפט זעהר נאַאיווע נאַרישקייטען. זי איז ניט געבאָרען פאַר געזעלשאַפט.

איך האָב געקויפט צוויי קאַרטען. בין אוועק פון מיין אָפּיס אַ ביסעל פריהער און אריין אין רעסטאָראַן עסען. איך האָב אין זיך געפּאַקט אויף וואָס די וועלט שטעהט, דען איך האָב געוואוסט, אַז ביי עדה'ן קריג איך גאָר ניט צו עסען.

ווען איך בין אריין אין הויז האָב איך זיך פערשאָלטען דעם לעבען. איך האָב פערטראַכטערהייד געמאַכט אַ טעות, און אַנ־שטאָט צו עדה'ן בין איך גאָר געקומען צו מיין צלה'ן. מיר איז איינגעפאַלען אין הארצען, ווען איך האָב איינגעזעהען מיין טעות, דען מיט צלה'ן צו געהן אין אָפּערא איז גאָר קיין רייד ניט געווען. זי האָט אפילו קיין אָפּערא קלייד ניט, דען זי האָט דאָס קיין מאָל אין זינען ניט געהאַט. צלה האָט זיך אָבער דערפרעהט, ווען זי האָט מיך דערזעהן. זי האָט אימער אַ פערטיגען שעהנעם מאָהל־צייט אין הויז, סאַי איך קום, סאַי איך קום ניט. אין אַ פּאָר מינו־טען צייט איז געוואָרען אַ געגרייטעטער טיש, און מיר האָבען זיך אוועקגעזעצט עסען.

אָבער ווי האָב איך געקענט עסען, אַז איך האָב ערשט פריהער אַ ביסעל זיך אַזוי פיעל אָנגעפּאַקט? איך האָב אויפגעגעסען אַ ברעקעל געפילטע פיש און האָב איינגעזעהען, אַז מעהר קריכט מיר אין האלז ניט. צלה האָט בעמערקט, אַז איך עס ניט, האָט זי אויף מיר אָנגעשטעלט איהרע צוויי שעהנע אויגען מיט גרויס וואונדער.

„צלה מיין לעבען", האָב איך געזאָגט מיט אַ ציטעריגער שטימע. „איך קען ניט עסען, איך פיהל קראנק. איך האָב קאַליע געמאַכט דעם מאָגען מיט שאָקאָלאַ און איינגעבערלעך."

אָט אַזוי האָב איך זיך ארויסגעדרעהט. אויף ווייטער מוז איך זיין פאָרזיכטיג.

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

אָט ביז דאַן ציהט זיך למך'ס טאגעבוך. דאָס איבעריגע איז שווער צו לעזען.

# צוויי פּלוימען

איך וועל אייך דערצעהלען אַ מעשה. עס איז אַ מעשה פון צוויי פלוימען.

אָבער איך רעד מיט אייך אָב אַז איהר זאָלט ביי מיר קיין קשיות ניט פרעגען, ניט פרעגען וועמען איך האָב געמיינט, און אויב די מעשה איז אַן אמת'ע, אָדער עס איז בלויז אַ משל.

אויף אַ מעשה פרעגט מען קיין קשיא. געדענקט־זשע!

אַמאָל איז געווען אַ אידישער גביר. די וואַנד מיין איך, ניט אַניער דאגה ווער דער גביר איז געווען.

דער גביר האָט געהאַט אַ סך געלד, ניט ווי אונזערע ניו יאָרקער גבירים וועלכע מען שאַצט זיי אין תרפ"ט אלפים און האָבען — האָבען זיי תרפ"ט פּענים.

האָט זיך דעם גרויסען גביר פערוואָלט עפּעס טהון אַ גוטע זאַך פאַר אידען.

דאָס אַליין איז שוין געווען אַ גוטע זאַך. אַז אַ אידישער גביר וויל טהון אַ גוטע זאַך פאַר אידען, איז שוין דער ווען אַליין אַ גרויסע זאַך.

איז איהם איינגעפאַלען צו מאַכען קאָלאָניעס פאַר אידען.

האָט ער געקויפט ערגעץ אַ שטיקעל לאַנד, אין אַ ווייטען טעריטאָריע — אין אַמעריקאַ, אין אויסטראַליע, אין די הרי חשך, עס איז ניט אייער ביזנעס וואו. דאָרט האָט ער געגרינדעט אַ אידישע קאָלאָניע מיט צוועלף פאַמיליען.

— דער אָנפאַנג איז קליין, — האָט ער זיך געטראַכט — אָבער פון אַ קליינעם אָנפאַנג קען אַרויסקומען אַ גרויסע צוקונפט. פון אַ קליינע קעסטעלע פון פּימסען־האָלץ איז אַרויס משה רבינו, און פון צוועלף קאָלאָניסטען קענען אַרויסקומען נייע צוועלף שבטים.

און דער גרויסער אידישער גביר האָט אויף די צוועלף קאָלאָ־ניסטען נאַזנאַטשעט אַ סופּעראינטענדענט מיט אַן אַסיסטענט

סופּעראינטענדענט, מיט בוכהאַלטערס און קאָרעספּאָנדענטען, מיט אַן אַגראָנאָם, מיט אַן אַסיסטענט אַגראָנאָם, מיט אַ דאָקטאָר פאַר די מענשען, אַ דאָקטאָר פאַר די פערד און קיה, און נאָך אויבער־הערנען און אונטער־הערנען, אַלערליי בעאַמטע און קנאַקער.

א חוץ דעם האָט דער גביר, דער גרויסער וואָהלטהעטער, געגרינדעט אַ ספּעציעלע ביורא וואָס זאָל זיין דער פערמיטלער צווישען איהם און זיין קאָלאָניע. די ביורא פלעגט ערהאַלטען רעפּאָרטען פון די משגיחים פון דער קאָלאָניע, און דעם עסענץ פון דיזע רעפּאָרטען פלעגט די ביורא איבערגעבען צו דעם גביר. די ביורא פלעגט אויך ארויסגעבען רעפּאָרטען צו די צייטונגען, און יעדען יאָהר אַרויסגעבען אַ שעהן געדרוקטען בוך וואָס האָט ענט־האַלטען אַ בעריכט וועגען דער קאָלאָניע.

און עס האָבען געקרעכצט די קינדער פון ישראל אונטער דעם יאָך פון די אידישע אדונים, וועלכע האָבען געשיקט וועגען זיי רעפּאָרטען, אַז אַלעס געהט גוט, אין בעסטער אָרדנונג. און די אדונים האָבען געוועלטיגט איבער די קאָלאָניסטען מיט אַ שטאַרקער האַנד און מיט אַ גרויסע בייטש.

איינמאָל האָבען זיך די קאָלאָניסטען צוזאַמענגענומען און אָנגעשריבען אַ קלאַגע צו זייער וואָהלטהעטער, דעם גרויסען גביר. די קלאַגע האָט דעם גביר׳ס סעקרעטער אָבגעשיקט צו דער ביורא, די ביורא האָט עס דורכגעלעזען און אָבגעשיקט צום סופּעראינטענ־דענט פון דער קאָלאָניע. דער סופּעראינטענדענט האָט פעררופען אַלע קאָלאָניסטען, האָט זיי גוט אָנגעזידעלט, און דאָס איז געווען דער סוף פון דער קלאַגע.

צוויי יאָהר האָט מען זיך געפּלאַגט מיט דער קאָלאָניע. עס איז זעווען אַ וויסטעניס, און געוואַקסען זיינען דאָרט בלויז שטיינער און ד׳ערנער. ענדליך — נאָך צוויי יאָהר מיהע האָט מען דאָרט אויף אַ בוים דערזעהען צוויי פלוימען.

„פלוימען! פלוימען!“ האָבען די קאָלאָניסטען געשריען מיט דער זעלבער שמחה ווי קאָלאָמבוס האָט געשריען „ערד! ערד!“

דער סופּעראינטענדענט איז געקומען צו לויפען מיט זיין אַסיסטענט, מיט די צוויי אַגראָנאָמען. זיי האָבען בעטראַכט די

צוויי פּלוימען: די פּירות זיינען נאָך געווען קליין און אונצייטיג, אבער דאָס זיינען געווען זיכער פּלוימען.

דאַן האָט דער סופּעראינטענדענט געקלאַפּט אַ דעפּעשע צום גרויסען גביר, דעם וואָהלטהעטער, און איהם אָנגעזאָגט די שמחה: „אונזער קאָלאָניע האָט געבוירען צוויי פּלוימען".

אין אַ וואָך אַרום איז אַראָבגעקומען אַ ספּעציאַליסט פון פּלוי־מען, וועמען דער גביר האָט געשיקט. דער ספּעציאַליסט האָט אַראָב־גענומען אַ מאָס פון די פּלוימען, האָט זיי פאָטאָגראַפירט, און געמאַכט אַן אויספיהרליכען רעפּאָרט צו דעם גביר, צו דער ביוראָ און צו אַלע אידישע צייטונגען.

אַ מאָנאַט שפּעטער, ווען די פּלוימען זיינען געוואָרען צייטיג, האָט מען געמאַכט אַ גרויסען יום טוב אין דער קאָלאָניע.. עס איז אַראָבגעקומען דער גביר מיט די מיטגליעדער פון דער ביוראָ. עס זיינען אויך געקומען דעלעגאַטען פון פערשיעדענע אידישע פער־איינען פון דער גאַנצער וועלט.

דער גאָווערנאָר פון דער טעריטאָריע וואו די קאָלאָניע האָט זיך געפונען, האָט געהאַלטען די פעסט־רעדע ביי דעם גרויסען יום טוב, און ער האָט געלויבט די צוויי פּלוימען, און בעוויזען זייער וויכטיגע בעדייטונג פאַר אידען בפרט און פאַר דער גאַנצער מענש־הייט בכלל.

און דער גביר, דער גרויסער וואָהלטהעטער האָט פערגאָסען פריידענטרעהרען ווען ער האָט געהערט די רעדע פון דעם גאָווערנאָר. ער האָט אויפגעהויבען זיינע אויגען צו די פּלוימען, און האָט דאַן געזאָגט צום סופּעראינטענדענט:

„די אָרעמע מענשען האָבען פיעלע יאָהרען שווער געאַרבייט אויף דיעזע פּלוימען. זיי פערדיענען אַ מתנה. בויט זיי אויס אַ נייע שטאַל."

תשר"ק'ס בעסטע ערצעהלונגען

III.

# מענער און פרויען

טראגעדיעס און קאָמעדיעס
פון פאמיליען לעבען

פון

ישראל י. זעווין
(תשר"ק, יודקאָוויטש)

פערלאג תשר"ק נו יאָרק

# אינהאַלטס-פערצייכנים:

## די שטראָף פון ליגנער



## די אייביגע רעטענים



## אַה, די ווייבער!

## אַך, די מאַנסביל!



## קאָמעדיעס און טראַגי־קאָמעדיעס



## פון מיסעס צו מיסעס

# די שטראף פון ליגנער

(אַ ראָמאַן אין אַכט טהייל מיט אַ מאָראַל)

.1

## צוויי בחורים.

פידעלמאַן און פייפעלמאַן זיינען געווען צוויי בחורים. צוזאַמען האָבען זיי געוואוינט, צוזאַמען פלעגען זיי ארומגעהן זוכען פּלעזשור, און צוזאַמען אין איין קול פלעגען זיי זאָגען, אז קיין בעסערע לעבען, קיין פרייערער לעבען ווי דאָס לעבען פון אַ בחור איז אויף דער וועלט ניטאָ. אַ בחור פיהלט, אַז דאָס גאַנצע וועלט איז זיינס. ער קען געהן וואו איהם געפעהלט, ווען איהם געפעהלט, קען קומען אהיים ווען עס פּאַסט איהם איין, און ער קען מאַכען פריינדשאַפט מיט יעדע שעהנע מיידעל און מיט יעדע שעהנע ווייבעל, וועלכע קומט איהם אין וועג.

„מיר וועלען אימער בלייבען פריי, קיינמאָל ניט הייראַטהען, קיינמאָל זיך ניט פערבינדען אויף'ן לעבען צו איין פרוי, קיינמאָל נעהמען אויף זיך דעם יאָך פון אַ פאַמיליע. מיר וועלען פערבלייבען פרייע מענשען אויף'ן גאַנצען לעבען!" אַזוי האָבען די צוויי בחורים, פידעלמאַן און פייפעלמאַן, צווישען זיך אָבגעמאַכט.

.2

## איינער ברעכט דעם נדר.

עס האָט ניט לאַנג גענומען און פייפעלמאַן האָט געבראָכען זיין נדר.

לאַנג האָט ער געקעמפּפט צו האַלטען זיך ביי זיין נדר, אָבער דאָס מיידעל האָט געפאַנגען זיין האַרץ, האָט איהם ווי בע'כשופ'ט, און פייפעלמאַן איז געקומען צו יענעם גראַד ליעבע אָדער משוגעת (איהר קענט עס רופען ווי איהר ווילט) ווען אַ מענש פערגעסט זיין עהרענוואָרט און אפילו זיין פערשטאַנד; ווען ער פערגעסט אַלעס

אויף דער וועלט און אפילו די וועלט אליין, און פאר זיינע אויגען טראָגט זיך אימער בלויז איין בילד — דאָס געזיכט פון דער ליעבענ־דער פרויענצימער.

„וועסט חרטה האָבען!" האָט איהם פידעלמאַן געוואָרענט.

„פאָלג מיך, האָב ניט חתונה, מאַך זיך ניט אונגליקליך. דו מאַכסט א שריט וואָס דו וועסט דיין גאַנצען לעבען בעדויערן. פערקויף ניט דיין גליק צוליעב א פרוי."

און פייפעלמאַן האָט געלאַכט פון איהם. „נאַר איינער! ווי קען זיין גליק אָהן אַמאַליע'ן?" האָט ער געפרעגט. „וואַרט, וועסט אויך אַמאָל טרעפען איינע וואָס דו וועסט ליעבען, וועסטו ענדערען דיין מיינונג."

„קיינמאָל ניט!" האָט פידעלמאַן אויסגערופען.

און די צוויי פריינד האָבען זיך געשיידט.

.3

## די ערשטע ליגענס.

נאכדעם ווי פייפעלמאַן האָט חתונה געהאַט איז פידעלמאַן געבליבען אליין.

ער האָט זיך נאָך מעהר אריינגעלאָזען אין פערגניגענס, אין וואָוילטאָגען זיך, אין געניסען די פולע פרייהייט פון א מענשען וואָס האָט אויף זיך קיין יאָך, קיין פעראַנטוואָרטליכקייט, און וואָס דאַרף קיינעם ניט אָבגעבען דין וחשבון פון דעם וויפיעל אוהר ער איז אהיים געקומען, מיט וועמען ער איז געגאַנגען, ביי וועמען ער איז געוועזען און דאָס גלייכען.

אָבער יעדען מאָל וואָס ער פלעגט זיך דערמאָנען אָן זיין פריינד פייפעלמאַן און אָן זיין פרוי, פלעגט איהם ווערען אומעדיג. עס פלעגט זיך איהם פאָרשטעלען ווי פייפעלמאַן און זיין פרוי געהען צוזאַמען געאָרמט, און ריידען זיך שטיל מיט ליעבשאַפט, מיט היימ־קייט, א נשמה אָן א נשמה צוזאַמענגעקניפט.

עס פלעגט איהם דאַן אָנגעהמען א שמערצליכע בענקענעס, א פערלאַנגען נאָך א חבר פאר זיין נשמה.

עלענד האָט ער זיך געפיהלט אין דער גרויסער וועלט מיט איהרע פיעלע פערגניגענס און צייט־פערטרייבונגען.

און ווי האָט פּייפּעלמאַן זיך געפיהלט?

די ערשטע צייט איז ער געווען זעהר גליקליך, אָבער באַלד האָט ער אָנגעהויבען צו פיהלען וואָס ער האָט פערלאָרען. ער האָט זיך געמוזט אָבשניידען פון דער גאַנצער וועלט, פון אַלע זיינע פריהער־דיגע גוטע פריינד, פון אַלע זיינע פריהערדיגע פערגניגענס. יעדע פרייע שטונדע האָט ער געמוזט אָבגעבען זיין פרוי. און די צייט וואָס ער איז ניט געווען פערשקלאַפט ביי דער ארבייט איז ער געווען פערשקלאַפט אין הויז.

ער האָט זיך געפיהלט געבונדען אויף שריט און טריט, ווי אַ געפאַנגענער וואָס איז שטענדיג אונטער דער אויפזיכט פון אַ וועכטער.

אָבער אַז ער פלעגט געהן מיט זיין פרוי אין גאַס שפּאַצירען און פלעגט פון וויטען דערזעהען פידעלמאַנען, פלעגט ער אָנשטעלען אַ פרעהליכען פּנים.

זאָל כאָטש יענער ניט וויסען.

און אַז די פריינד פלעגען זיך בעגעגענען און זיך פרעגען איינע ביי די אַנדערע וואָס זיי מאַכען, פלעגט פידעלמאַן זאָגען:

„וואָס זאָל איך מאַכען? דו ביזט דאָך אויך געווען אַ בחור, ווייסטו דאָך. מען לעבט אַ גוטען טאָג, מען געהט אַמאָל אין טהע־אַטער, מען קיבעצט אַ ביסעל אין קאַפע־הויז, מען פאָהרט אין קוני־איילאַנד, אַמאָל מיט דער מיידעל, אַמאָל מיט יענער. מען לעבט זיך ווי אַ פרייער מענש אין אַ פרייער לאַנד."

„דאָס איז נאָך אַלץ גאָרנישט געגען דעם גליקזעליגקייט פון אַ פער־הייראַטען לעבען", פלעגט איהם פּייפּעלמאַן ענטפערען, „אַן איי־גענע היים איז אַ גן־עדן און דו קענסט גאָר קיין בעגריף ניט האָבען וואָס עס הייסט אַ גוטע היים־ליעבענדע פרוי, אַ טרייער חבר אין לעבען" — — —

און אַזוי ווייטער און אַזוי ווייטער פלעגט פּייפּעלמאַן ריידען, און ענדיגען זיינע רייד מיט די ווערטער: „פאָלג מיך, פידעלמאַן, האָב חתונה!"

## 4.

## פידעלמאַן פאָלגט.

די ווערטער „האָב חתונה" האָט פידעלמאַן געהערט אַזוי אָפט,

דאָס זיי זיינען איהם גוט אריין אין קאָפּ. און ווען עס איז געקומען די שעהנע זומער־צייט, און פידעלמאַן האָט זיך איינמאָל געפונען אין א העלע לבנה־נאכט ביים ברעג ים מיט א שעהן מיידעל, וואָס האָט ביי איהם אין יענעם מאָמענט אויסגעזעהן שעהנער ווי אלע פרויען פון דער וועלט, האָט ער זיך אויסגערעדט יענע עטליכע ווער־טער וואָס פערבינדען און פערשקלאַפּען א מאַן אויפ׳ן גאַנצען לעבען.

„יא“, האָט זי געענטפערט שעהמעדיג. „איך ליעב אייך אויך.“

פידעלמאַן האָט אויף מאָרגען טעלעגראַפירט די פרעהליכע בשורה צו זיין פריינד. און אז פייפעלמאַן האָט די טעלעגראַמע געלעזען האָט ער זיך געפרעהט. „נקמה!“ האָט ער זיך געטראַכט. „מעגסט אויך פערזוכען א ביסעל צרות ווי איך.“

.5

## נייע ליגענס און נייע קנאה.

פידעלמאַן האָט נאָך ערגער געטראָפען מיט זיין זיווג. דאָך איז ער ניט געווען קיין נאַר דאָס ארויסצוזייגען פאַר זיין פריינד פייפעלמאַן. אין הארצען האָט ער טאַקי מקנא געווען זיין פריינד וואָס ער האָט אזאַ גוט לעבען מיט זיין פרוי, אָבער מיט׳ן מויל האָט ער דאָס איהם ניט ארויסגעוויזען. און יעדען מאָל וואָס ער פלעגט זיך טרעפען מיט פייפעלמאַן פלעגט ער זאָגען:

„פייפעלמאַן! איך וועל דיר קיינמאָל ניט פערגעסען די גוטע עצה וואָס דו האָסט מיר געגעבען איך זאָל חתונה האָבען. איך האָב זיך קיינמאָל ניט פאָרגעשטעלט צו לעבען אזוי גליקליך. מיין פרוי איז אַן ענגעל און צו לעבען מיט איהר איז א גן־עדן.“

פייפעלמאַן, דער חכם, וואָס האָט זיין פריינד אריינגענאַרט אין זאַק, האָט איהם געגלויבט. און פייפעלמאַן האָט זיין פריינד שטאַרק מקנא געווען. ער האָט געמיינט, אז ער וועט אין יענעם האָבען א שטיקעל נקמה, אָבער אַנשטאָט דעם האָט ער איהם גע־מאַכט נאָך גליקליכער.

דאַן האָט צווישען די פּאָרלאַך זיך אָנגעהויבען אָבשפּיעלען יענע טראַגי־קאָמעדיע וואָס עס שפּיעלט זיך אָב ביי פיעלע אַנדערע פּאָרלעך.

יעדען פון די צוויי מענער האָט זיך געדאַכט, אַז יענער לעבט גליקליכער, ווייל יענעמס פרוי איז שעהנער, פריינדליכער, און ווייס ווי בעסער זיך צו בענעהמען אין געזעלשאַפט.

און יעדע פון די צוויי פרויען האָט זיך געדאַכט, אַז די אנדער פרוי איז גליקליכער, ווייל איהר מאַן איז בעסער, טרייער, און מעהר איבערגעגעבען.

אָבער דיזע זאָרט קנאה געפינט איהר איבעראַל.

.6

## אַמאַליע פערלאָזט איהר מאַן.

איינמאָל איז צווישען פייפעלמאַן און זיין פרוי אַמאַליע פאָרגעקומען אַן ערנסטע קריעג.ביידען האָט זיך אָנגעקליבען אַ סך גאַל, און ביידע האָבען דאָס איינמאָל ארויסגעלאָזען אויף אַמאָל. מיסעס פייפעלמאַן איז אוועק צו איהרע עלטערן און האָט איבערגעלאָזט איהר מאַן אליין.

פידעלמאַן און זיין פרוי האָבען דאַן אויף זיך גענומען שלום מאַכען צווישען די פּאָאָר פאָלק.

„זי איז אַן עלענדע פרוי, אַ פאָלקאָמענע ליידי, אַן אידעאַלעס ווייזען“, האָט געזאָגט מיסטער פידעלמאַן צו זיין פרוי, „איך פערשטעה גאָר ניט וואָס פייפעלמאַן האָט געהאַט וועגען איהר אויסצורזעצען.“

„און איך פערשטעה ניט וואָס זי האָט געהאַט צו איהם“, האָט זיך אָבגערופען מיסעס פידעלמאַן. „ביי מיר קומט אויס, דאָס אַזאַ דזשענטעלמאַן ווי פייפעלמאַן איז זעלטענס צו געפינען.“

„ווייסטו וואָס“, האָט פידעלמאַן געזאָגט, „דו געה רייד מיט איהם און איך וועל ריידען מיט איהר, און מיר וועלען מאַכען שלום.“

.7

## אַ דאָפּעלטער שלום.

לאַנג איז מיסעס פידעלמאַן ארומגעגאַנגען מיט מיסטער פייפעלמאַן און איהם געבעטען, גערעדט צו זיין הארצען, ער זאָל מאַכען שלום מיט זיין פרוי.

לאנג איז מיסטער פידעלמאַן ארומגעאַנגגען מיט מיסעס פיי־פעלמאַן און געזוכט צו ערוועקען אין איהר די אַלטע ליעבע צו איהר מאַן.

אזוי לאַנג זיינען זיי ארומגעגאַנגען, אזוי לאַנג האָבען זיי גע־טענה'ט ביז עס זיינען געוואָרען צוויי גט'ן און צוויי חתונות. מיסעס פייפעלמאַן איז געוואָרען מיסעס פידעלמאַן און מיסעס פידעלמאַן איז געוואָרען מיסעס פייפעלמאַן.

.8

## ענדליך אויסגעפונען.

אַ מאָנאַט איז פאַר ביידע פּאָארלעך אוועק אין העכסטען גליק.

אַ צווייטער מאָנאַט אין צופריעדענהייט.

דער דריטער מאָנאַט איז שוין געווען האַלבער גליק.

און אויף דעם פיערטען מאָנאַט האָט מען שוין געהערט שאַר־פע דבורים.

„מיין ערשטער מאַן איז געווען אַ דזשענטעלמאַן געגען אָט דיזען באָד־יונג, אָט דעם באַנדיט!" האָט געזאָגט די יעצטיגע מי־סעס פייפעלמאַן.

דאָס זעלבע האָט געזאָגט די יעצטיגע מיסעס פידעלמאַן.

„מיין ערשטע פרוי איז געווען אַן ענגעל געגען אָט דיזען טייד־פעל, צו וועלכען איך בין יעצט פערקויפט!" האָט געזאָגט מיסטער פייפעלמאַן.

דאָס זעלבע האָט געזאָגט מיסטער פידעלמאַן.

און אַז די פּאָארלעך בעגעגענען זיך, ריידען זיי שוין ניט מעהר. יעדערער האָט ענדליך אויסגעפונען, אַז ער ליידעט פאַר זיינע ליגענס.

## מאָראַל.

אַ ליגנער בעקומט זיין שטראָף אויף דיזער וועלט.

# פאר זיין ווייב און קינדער

ווען אדאלף זילבערמאן האט פערלארען זיין שטעלע אלס בוכהאלטער אין דער פירמע פון גראסקאפ און קליינקאפ איז דאס פאר איהם ניט געווען קיין איבערראשונג. ער האט עס ערווארטעט זייט א היבשע צייט. ער האט געוואוסט, אז זייט א פאאר יאהר האט מען געקוקט אויף איהם מיט קרומע אויגען, און ביי יעדער געלעגענהייט האט מען איהם געגעבען אנצוהערענעסען אז ער איז שוין צו אלט פאר דער שטעלע,, און אז פאר אזא אלטען מאן, וואס האט שוין קינדער וועלכע קענען איהם ערנעהרען, וואלט געווען פיעל גלייכער, אז ער זאל שוין אויפגעבען די ארבייט.

דיעזע אנצוהערענעסען האבען זילבערמאנען געשטאכען אזוי ווי מיט שפיזען. ער האט ניט געוואלט צולאסט פאלען אויף זיינע קינדער. זיין פרוי האט געפיהרט א שעהנע הויז און פון די פערדיענסטען וואס זיינע צוויי זיהן און א טאכטער פלעגען אריינברייננגען פלעגט זעהר ווייניג בלייבען. זילבערמאן האט אין די לעצטע פאאר יאהר געמאכט אן ענערגישען קאמפף געגען די עלטער. זיינע האאר און וואנצעס האט ער געהאלטען שווארץ און ניט געלאזט א גרויע האאר זיך ארויסזעהן. צוויי מאל א וואך פלעגט ער זיך לאזען מאסאזשירען זיין געזיכט אום צו פערטיליגען יעדען קנייטש וואס פלעגט זיך בעווייזען אויפ'ן פנים. געקליידעט האט ער זיך אויך ווי א יונגער מאן א ספארט. אבער דיעזע מיטלען האבען ניט געהאלפען צו בעהאלטען די שרייענדע צייכענס פון עלטער. די הענד וואס האבען געציטערט, דער רוקען וואס איז געווען געבויגען, און די אויגען וואס זיינען שוין געווארען מאט האבען געזאגט עדות, אז די עלטער איז שוין געקומען, אז זילבערמאן איז שוין אן אלטער מאן.

און טראץ דעם וואס ער האט ערווארטעט, אז ער וועט פריהער אדער שפעטער פערלירען זיין פלאץ, האט דאך זיין הארץ אין איהם געבלוטיגט ווען דאס ערווארטעטע איז געקומען. ער האט געפיהלט

אזוי ווי די מענשליכע געזעלשאפט האט איהם ארויסגעוואָרפען פון זיך. אַן אָבגעלעבטער, א נוצלאָזער. אמאָל פלעגט מען אזעלכע אַלטע נוצלאָזע מענשען קוילען און אויפעסען. היינט איז א ציוויליזירטע וועלט. מען קוילעט מעהר קיין אַלטע לייט, נור מען לאָזט זיי אַליין אויסגעהן פון הונגער.

אזוי האָט זילבערמאַן געפיהלט ווען ער האָט פערלאָזען דעם פּלאַץ ביי גראָסקאָפּ און קליינקאָפּ.

„ניין!“ האָט ער אויסגערופען געהענדיג אהיים. „איך וועל זיך ניט אונטערגעבען. איך וועל נאָך קעמפּפען פאר מיין רעכט אויף דער וועלט. איך בין נאָך ניט אַלט — עס איז א ליגען! איך בין יונג און וועל נאָך ארבייטען.“

ער האָט זיין פרוי און זיינע קינדער גאָר ניט געזאָגט פון דעם וואָס ער האָט פערלאָרען זיין פּלאַץ. יעדען טאָג פלעגט ער אוועקגעהן אין דער פריה, ווי עס איז געווען זיין געוואוינהייט זייט יאָהרען, און פלעגט צוריק קומען אום האלב נאָך זעקס אבענדס, ווי אימער. אין הויז פלעגט מען מיינען אז ער געהט צו זיין ארבייט.

זילבערמאַן איז ארומגעגאנגען זוכען א נייע שטעלע. געשריבענע רעקאָמענדאציאָנען האָט ער געהאט די בעסטע, אָבער זיין אייגענע פערזאָן איז געווען א שוואכע רעקאָמענדאציאָן.

קיינער האָט ניט געוואָלט אַן אַלטען מאַן.

נור דאָ האָט זיך געמאכט אַן אונערוואַרטעטער גליק. עס האָט זיך ערגעץ געעפענט א גרויסע דעפּארטמענט סטאָר און מען האָט געזוכט מענשען. זילבערמאַן האָט געמאכט אַן אפּליקיישאָן און ער איז אָנגענומען געוואָרען.

דאַן האָט ער געזאָגט זיין פאמיליע, אז ער האָט געביטען זיין פּלאַץ, און אז פון יעצט אָן ארבייט ער אין דער פירמע פון רייסער ענד שינדער קאָמפּאַניע.

„האָב מוטה, זילבערמאַן“, האָט ער געזאָגט צו זיך. „לאָז זיך ניט פערעלטערען. בלייב יונג טראָץ דיין עלטער“.

צום באַרבער האָט ער אָנגעהויבען צו געהן נאָך אָפטער, מאַסאַזש אויף'ן פּנים האָט ער אָנגעהויבען צו נעהמען דריי מאָל א וואָך, און יעדען פריהמאָרגען האָט ער מיט גרויס פּאָרזיכטיגקייט

זיך בעטראַכט אין שפּיגעל אויב עס איז דאָ ערגעץ ביי איהם אַ גרויע האָאָר וואָס מען דאַרף אָבשוואַרצען.

אין דעם נייעם פּלאַץ, אין וועלכען ער האָט געאַרבייט, זיינען געווען דורכאויס יונגע לייט — אַזעלכע וואָס האָבען אויסגעגעבען זייערע גאַנצע פערדינסטען אויף שעהנע קליידער, ספּאָרטישע שניפּ־סען, שיך פון פּאַטענטירטען לעדער, און אויף טראַקטירען מיידלעך מיט טהעאַטער און קאָנפעקטור. זילבערמאַן איז מיט די יונגע־לייט געוואָרען אויפגעטראָגען. ער האָט גענומען נאָכמאַכען זייער שפּראַך, זייערע תנועות, און האָט אויך גענומען דערצעהלען פּי־קאַנטע מעשה׳לעך, אַזעלכע וואָס יונגע מענער דערצעהלען ווען פרויען זיינען דערביי ניטאָ. פון אָנפאַנג איז דאָס איהם געגאַנגען שווערליך, עס האָט איהם געעקעלט. אָבער ביסלעכווייז האָט דער איינפלוס פון זיינע מיטאַרבייטער אויף איהם געווירקט. דער אַל־טער זילבערמאַן האָט זיך אויך אָנגעהויבען טשעפּען צו די מיידלעך וואָס האָבען געאַרבייט אין דעם געשעפט, און פלעגט בשתיקה אונ־טערקנייפּען די קעשיר, אַ פעטע דייטשקע, וואָס איז געזעסען ניט ווייט פון איהם.

„דהי אָלד מען איז אָל־ראַיט!“ האָבען געזאָגט די יונגע לייט וואָס האָבען געאַרבייט אויף דעם פּלאַץ. „הי איז סוויט אַן דהי גאָירלס!“ (דער אַלטער איז אַ וואוילער. ער האָט ליעב מיידלעך).

און זילבערמאַן האָט געוואוסט, אַז וואָס די יונגע לייט דער־צעהלען ווי זיי האָבען געהאַט אַ פרעהליכען אבענד מיט אַ מיידעל אָדער אַ ווייבעל, איז דאָס מעהר ניט ווי אַ פּוסטע בעריהמעריי, „בלאָפס“. און ער האָט גענומען קאָנקורירען מיט די יונגע לייט אין דעם ענין פון בלאָפען. ער האָט זיי בסוד מגלה געווען אַז ער פיהרט מיט דאָס מיידעל וואָס זיצט ביי דער קאַסע אַ גאַנצען ראָמאַן, אָבער ער וויל ניט אַלעם דערצעהלען. „עס איז מיינע ביזנעס“, פלעגט ער אויסרופען ווען די יונגע לייט פלעגען צו איהם צושטעהן. „סיידי (אַזוי האָט די דייטשקע געהייסען) האָט פיינד אַזעלכע יונגע שנעקעס ווי איהר זייט. מיר, אַלטע לייט, נעהמען אוים בעסער ביי די לײדיעס. זעהט איהר, מיסס האַמערמאַן וויל אייך ניט אָנקוקען, אָבער אַז איך געה צו איהר צו שמייכעלט זי. איך האָב מיט איהר שוין אָבגעמאַכט וואו מיר זאָלען זיך טרעפען

אין אבענד. קיין וואָרט מעהר. איהר יונגע שנעקעס וועט דאָס פאַרנאַנדערטראָגען. ביי אייך איז קיין סוד ניטאָ. דארום וויל איך אייך קיין לײדי ניט פערטרויען.״

„הי איז איי סליק דאָג!״ (ער איז א ביטרער כלב) האָבען די יונגע לייט געזאָגט מיט גרוים דרך ארץ פאַר דעם אלטען לעבע־יונג.

אָפטמאָל, ווען דער אַלטער זילבערמאַן פלעגט אַזוי ריידען און אמוזירען די יונגע לייט, פלעגט איהם זיין געוויסען אָנהויבען צו קוועלען. ער האָט געוואוסט אז ווען ער וואָלט פון זיין אייגענעם זוהן געהערט אַזעלכע ווערטער, ווי ער אַליין רעדט, וואָלט ער איהם גוט אויסגעפּאַטשט. אָבער ווען ער האָט זיך דערמאָהנט אז ער מוז דאָס טהאָן צוליעב זיין ווייב און קינדער, האָט ער די נאַרישע קאָמעדיע ווייטער פאָרטגעזעצט.

אין אַלע דעפּאַרטמענטס פון דעם גרויסען געשעפט האָט מען שוין געוואוסט אז דער אַלטער זילבערמאַן איז א לעבע־יונג. דער הויפּט־פערוואַלטער (אַליין א גרויסער שאַרלאַטאַן) האָט פאַר איהם געהאַט גרוים רעספּעקט און פלעגט קומען איהם אָבדערצעהלען יעדען נייעסטען ציני‍שען וויטץ וואָס ער האָט געהערט אין די בראָדוויייער קאַפעס. און ווי נור די קאָמים און די קלוירקס פלעגען זעהן דעם פערוואַלטער ריידען מיט דעם בוכהאַלטער, פלעגען זיי שוין וויסען, אז זילבערמאַן וועט באַלד האָבען צו דערצעהלען ווידער עפּעס א וויטץ מיט א סך פעפער אין דעם. דעם פערוואַלטער אַליין האָט עס ניט געפּאַסט צו וויטצלען זיך מיט א קלוירק, אָדער א קאָמי.

די מיידלעך פון געשעפט האָבען שוין געוואוסט, אז מען וויל האָבען א „פול״ דאַרף מען זיין גוט מיט זילבערמאַנען. זיי האָבען זיך צו איהם געשמייכעלט, געזוכט יעדע געלעגענהייט צו איהם צו קומען און ריידען, און די קלוירקס האָבען דערביי געוואונקען מיט די אויגען.

„דאָס זיינען אַלץ שמאַטעס״, פלעגט זילבערמאַן זאָגען און א מאַך טהאָן מיט דער האַנד. „סיילס־לײדיס זיינען ניט נאָך מיין געשמאַק. איך האָב ליעב קאָהר־מיידלעך. זיי זיינען פול מיט לעבען, צוקער זים!״ און דערביי פלעגט ער זיך אָבקושען זיינע רעכטע פינף פינגער, איינע נאָך די אַנדערע.

„זילבערמאַן זאָגט אַז קאָרוס־גאַירלס זיינען פול מיט לעבען און צוקער־זים", פלעגט זיך באַלד צוטראָגען די נייעס פון איין קלוירק צום אַנדערען.

* * *

קיין סוד איז ניטאָ. עס האָבען זיך געפונען גוטע מענשען, וואָס האָבען אַלעס אָבגעבראַכט צו מיסעס זילבערמאַן, די פרוי פון אונזער העלד.

און זי האָט דאָס געגלויבט. זי האָט געהאַט אַן אורזאַכע צו גלויבען. זי האָט טאַקע געזעהן אַז זייט איהר מאַן איז אויפ'ן נייעם פּלאַץ פּוצט ער זיך זעהר פיעל, פאַרבט יעדען טאָג די האָאָר, און מאַכט אַ גרויסע אָנשטרענגונג צו בעקעמפּפען די אַלטקייט.

צוליעב וועמען טהוט ער עס, אויב ניט צו געפעלען אַנדערע פרויען?

זי האָט איהם אָפען פאָרגעהאַלטען פאַר דעם. זילבערמאַן האָט איהר גענומען ערקלעהרען פון וואַנען אַזעלכע קלייניגקייטען אויף איהם נעהמען זיך. ער האָט איהר ערקלעהרט, אַז דאָס איז נויטהיג צו זיין ראָליע, אַז ער איז געצוואונגען אויסצוטראַכטען אויף זיך אַליין די אַלע זאַכען אום צו בעוועהרען דעם איינדרוק פון זיין עלטער.

„און דיך האָט גאָר ניט געקימערט וואָס צוליעב דיר ליידעט דער נאָמען פון דיין פרוי און דיינע קינדער!" האָט די פרוי גע־טענה'ט. „שעהם זיך! איך גלויב דיר ניט! דו ביזט פאַלש!"

זייט דאַן פלעגען פאָרקומען קריעג יעדען טאָג. די קינדער האָבען אָנגענומען זייער מוטער'ס צד. און דער סוף איז געווען, אַז דער אַלטער זילבערמאַן האָט געמוזט פערלאָזען זיין היים, זיין פרוי און זיינע קינדער און איז אַוועק וואוינען אין אַ האָטעל — איינער אַליין.

ווי שרעקליך זיינען געווען זיינע מאָמענטען, איינער אַליין אין זיין צימער, פערטריבען, פערהאַסט און פעראַכטעט פון די, פאַר וועמען ער האָט זיך אַזוי שטאַרק געאָפּפערט, מיט דאָס בעסטע פון לעבען געאָפּפערט, מיט זיין רעפּוטאַציע, מיט זיין עהרליכען נאָמען.

ער האָט מורא בעקומען, אַז ער וועט צוליעב דעם פאַמיליען־

סקאנדאל פערלירען זיין שטעלע, אָבער זיין שרעק איז געווען אַן אומזיסטער. צוליעב דעם סקאנדאל האָט ער נאָך א גרעסערען חן בעקומען ביי די קלוירקס, די קאָמים און די מיידלעך. דער פער־וואלטער איז מיט איהם געוואָרען א גאנצער גוטער ברודער, און ער פלעגט איהם עטליכע מאָל אין טאָג פאטשען אין פלייצע און אויסרופען:

„יו אר אָלל ראיט, אָלד מען!“ (ביזט א וואוילער אלטער!).

אָבער זילבערמאַן האָט שוין פערלאָרען זיין גאנצע לעבעדיג־קייט, זיין גאנצען מוטה. ער פלעגט שוין װעניג ריידען מיט די סיילס־לייטע, זיי װעניג דערצעהלען, און פלעגט נור טהאָן זיין ארבייט. זיינע מיטארבייטער האָבען בעטראכט זיין ענדערונג מיט אויפמערקזאמקייט, געשאָקעלט מיט די קעפ, געוואונקען איינע צו די אנדערע און געזאָגט:

„דער אלטער פוקס איז יעצט זעהר פאָרזיכטיג. ער האָט געהאט א גוטע לעקציאָן!“

און יעדען נייעם קאָמי, וואָס פלעגט אָנקומען ארבייטען אין געשעפט, פלעגט מען אָנצייגען אויף זילבערמאַנען און זאָגען:

„זעהסט יענעם אלטען? זיין ווייב האָט איהם פערקלאָגט אויף שיידונג. די מיידלעך וואָס זיינען דאָ געפעלען איהם ניט. ער זאָגט, אז קאָרוס־גאָירלס זיינען בעסער. זיי זיינען לעבעדיג און צוקער־זים!“

# אן אומזיסטער על חטא

.1

יעדען ערב יום־כפור, ווען עס קומט מיר אוים צו זאָגען דעם לאַנגגען על־חטא, זיך צו קלאַפּען אין הארצען אויף זינד, וועלכע איך האָב ניט בעגאַנגען, דערמאָן איך זיך אָן מיין פריינד בערל באָנדאַר, וועלכער האָט זעהר פיעל בעצאָהלט פאר זאָגען „על חטא" אויף א חטא וואָס ער האָט ניט געזינדיגט.

און וויפיעל זיינען דאָ — טראַכט איך מיר דאַן, שטעהענדיג אין שוהל — וויפיעל זיינען דאָ עהרליכע אידען וואָס האָבען ניט דעם מינדעסטען פלעק אויף זייערע נשמות און זיי קלאַפּען זיך אין הארצען דעם על חטא נומער פינף און דעם על חטא נומער עלף. מיר דאכט, אז מיט דעם אליין וואָס זיי זיינען זיך מודה אויף פער־ברעכענס פון וועלכע זיי זיינען אונשולדיג, בעגעהען זיי א זינד, וועלכע ווערט אויסגערעכענט אין דעם „על חטא שחטאנו לפניך בודוי פה". מילא אזעלכע על חטאים ווי בחילול השם, בלשון הרע, בשנאת חנם — דאָס זיינען אַלץ אזעלכע חטאים וואָס א סך קענען קלאַפּען זיך אויף זיי אין הארצען. און אפילו דעם גרויסען על חטא פון „בפלילות, וואָס קיינער וויים ניט דעם ריכטיגען טייטש דערפון, קען מען שוין אויך דערלאָזען. אזוי ווי מיר ווייסען ניט, אזוי וועט אונז ניט שאדען. אָבער, דבונו של עולם! אָט יענע חטאים וואָס עס קומט אויף זיי סקילה, שרפה, הרג וחנק — אָט יענע שווארצע, פינסטערע זינד שרעקען אונז אָב, ווארפען אויף אונז ארויף אַן אימה. ווארום ווער וויים, א קשיא אויף א מעשה, א מלאך קען זיך פערגע־סען, אַז דאָס זאָגען מיר פון א מחזור און ער קען דאָס פערשרייבען אין ספר הזכרונות אויף אונזער חשבון. און דאַן — ווער וויים וואָס פאַר א צעטעל מען וועט אונז ארויסגעבען!

אָבער גענוג ריידען וועגען דעם וואָס עס קען זיין. איך וועל אייך דערצעהלען א מעשה וואָס איז געשעהן.

---

מיין פריינד בערל באַנדאַר איז אַ שטילער מענש, וואָס זיין גלייכען איז ניט צו געפינען אין דער גאַנצער וועלט. ניט נור וועט ער ניט טשעפּען אַ פליעג אויף דער וואַנד, נור אפילו אז די פליעג זאָל זיך זעצען ביי איהם אויף דער נאָז, וועט ער אויף איהר אַ האַנד ניט אויפהויבען, נור פּאַוואָלינקע, מיט אַ פינגער, וועט ער איהר אָבסטראַשען, אז זי זאָל אַליין אַוועק. ווער רעדט שוין וועגען זיין בענעהמען זיך מיט זיין פרוי בעקי. קיין הויך וואָרט האָט ער פאַר איהר קיינמאָל ניט אַרויסגערעדט, קיין קרומע מינע אַרויסגעצייגט. יעדען מאָנטאָג, ווען ער פלעגט קומען פו דער פאַבריק, וואו ער האָט געאַרבייט, פלעגט ער דערלאַנגען בעקי'ן זיין גאַנצע פערדיענסט. און בעקי פלעגט איהם יעדען טאָג געבען 10 סענט אויף רייזעקאָסטען. (זיי האבען געוואוינט אין בראַנזוויל און געאַרבייט האָט ער אין ניו יאָרק). פינף סענט אויף סיגאַרעטס און פייף סענט אויף פלעזשור, אויף וואוילטאָגען זיך. זיין מיטאָג פלעגט זי איהם מיטגעבען פון דער היים. די פינף סענט, וואָס זי פלעגט איהם געבען אויף פלעזשור, פלעגט באַנדאַר שפּאָרען. און אז עס פלעגט זיך ביי איהם אַנקלייבען אַ היבשע סומע, פלעגט ער איהר קויפען אַ פּרעזענט.

אַנדערע אַרבייטער פון פאַבריק, מיט וועלכע בערל באַנדאַר האָט געאַרבייט, האָבען געהאַט אַ געוואוינהייט צו מאַכען פון איהם חוזק און זיך צו וויצלען איבער זיין גרויסע אונטערטעניגקייט פאַר מיסעס באַנדאַר. סעמי, דער לץ פון פאַבריק, אָט דער סעמי, וואָס פלעגט בסדר זינגען טהעאַטער־לידלעך און מאַכען חוזק פון דעם באַהעבאָס אין די אויגען, האָט אין בערל באַנדאַר געפונען אַ סך רייכע מאַטעריאַל פאַר זיינע איינפעלע. אַלע אַלטע מעשיות, וואָס מען דערצעהלט וועגען פאַנטאָפּעל־מענער, האָט ער איבערגעמאַכט אויף בערלען. ער האָט אויף איהם געמאַכט נייע מעשיות און חכמות. איינע פון די חכמות איז געווען אויסרופען אין דער הויך צו אַלע אַרבייטער דיזע פראַגע (אין גראַמען):

ברידער, שוועסטער, הערט אַלע,<br>
איך האָב צו אייך אַ שאלה:<br>
וואָס איז בערל באַנדאַר? —

„ער איז אַ חכם! הע־הע, אַ חכם!" פלעגען די אַנדערע אַר־בייטער ענטפערען, און דערביי בכיון אונטערהוסטען.

„אמת", פלעגט דער לץ פון דער פעקטאָרי זאָגען. „חכם גראמט זיך טאַקי מיט באַנדאָר."

בערל באַנדאָר פלעגט אין אָנפאַנג די אַלע וויצען צונעהמען אין גוטען מוטה. ער פלעגט אפילו מיטלאַכען. עס האָט איהם טאַקע הנאה געטהאָן צו זעהן ווי מענשען אמוזירען זיך מיט איהם. אָרימע מענשען — האָט ער זיך געטראַכט — זיי ארבייטען נעבעך שווער גענוג. זאָלען זיי האָבען אַ ביסעל שפּאַס. עס העלפט צו דער ארבייט.

ווען עס איז אָבער אַוועק אַ היבשע צייט, האָבען די וויצען אויפגעהערט צו געפעהלען בערלען. ער האָט אויסגעפונען, אַז ער איז צוליעב די וויצען ביסלעכווייז פערוואַנדעלט געוואָרען אין דעם שעיר המשתלח פון דער פעקטאָרי. ער האָט ביסלעכווייז פערלאָרען זיינע מענשענרעכטע. יעדער איינער פלעגט איהם קריכען אויפ'ן קאָפּ, איהם אָבטהאָן אַלערליי שפּיצלעך: מען פלעגט איהם אונ־טערשטעלען אַ בלעכענע שיסעל מיט וואַסער, ווען ער האָט זיך גע־וואָלט אַוועקזעצען, מען פלעגט בעשמירען זיינע סענדוויטשעס מיט גומי־אַראַביק, אָנפילען זיין העט מיט אַש און נאָך אַזעלכע שטוקעס, וועלכע אפילו בערל'ס שטילע נאַטור האָט ניט געקאָנט פערטראָגען. בערל האָט באַלד אויסגעפונען, אַז דער פאַבריקאַנט ערלויבט זיך אָפט ביי איהם אראָבנעהמען עטליכע סענט און עקספּלואַטירט איהם ווי נור מעגליך. אויב בערל האָט זיך געקלאָגט, האָט איהם קיינער ניט געהערט. אַלע האָבען איהם פערשריען פאַר אַ שלים־מזל, און אַ שלים־מזל האָט קיין רעכט זיך צו בעקלאָגען. אַלעס וואָס מען טהוט איהם, האָט ער כשר וישר פערדיענט, זעהר רעכט אויף איהם. זאָל ער ניט זיין קיין שלים־מזל.

## .2

אין דער פאַבריק האָט געאַרבייט איינער מאַקס פעשקין. דיזער מאַקס פעשקין האָט אויך געוואָוינט אין בראָנזוויל, אין דעם זעלבען בלאָק וואו בערל באַנדאָר האָט געוואָוינט. אין בראָנזוויל קענען זיך די שכנים פון דעם זעלבען בלאָק און יעדער איינער פון זיי ווייס

וואס עס קומט פאר ביים צווייטען. פעשקין האט פיינד געהאט בערל באנדאר, אזוי ווי א פאנאטישער „פריידענקער“ האט פיינד אן עהרליכען אידען, — אזוי ווי א שלעכטער מענש האט פיינד א גוטען. עס איז אמת, בערל האט איהם קיינמאל קיין שלעכטעס ניט געטהאן, אבער דער פאקט, דאס אויף דער וועלט עקזיסטירט אזא מענש ווי בערל באנדאר, איז ביי פעשקינען געווען גענוג אורזאכע איהם פיינד צו האבען. און שולדיג אין דעם איז געווען מיסעס פעשקין, וועלכע האט ביי יעדער געלעגענהייט דערמאנט איהר מאן אן בערל באנדאר און אן דעם ווי ער בעהאנדעלט זיין פרוי.

„זעה, בערל באנדאר איז דאך אזא רזשענטעלמאן! ער זאגט דאך קיינמאל זיין ווייב ניט א שלעכטווארט.“

„בערל באנדאר האט נעכטען גענומען זיין ווייב אין קאני־איילענד.“

„מענסט זיך נעהמען א ביישפיעל פון בערל באנדאר. ער גיט אוועק דעם ווייב זיין גאנצע „פיידע“ און ער קויפט נאך איהר פרע־זענטען פון די געלד וואס זי גיט איהם אויף סאדע וואסער.“

„א קרום ווארט זאגט ער איהר קיינמאל ניט, און אז זי שרייט — שווייגט ער. אט דאס הייסט א גוטער מאן.“

„דעם לעבען לעגט בערל באנדאר אוועק פאר זיין ווייב — און דיך קימערט ,גאר־ניט!“

אט אזעלכע רייד פלעגט מאקס פעשקין הערען פון זיין פרוי ביי טאג און ביי נאכט, און די רייד פלעגען איהם אזוי גריזשען דאס האר , אז עס איז געווען גענוג זיין פרוי זאל בלויז דערמאנען דעם נאמען בערל באנדאר און אין מאקס פעשקין'ס הארץ פלעגט זיך אנהויבען צו קאכען די בלוטען.

„ביזט ניט קיין מענש, ביזט א ווארים!“ פלעגט ער זאגען בערלען ביי יעדער געלעגענהייט. „א ווייב דארף מען לערנען דרך ארץ. א ווייב דארף מען א מאל ארייגפאהרען אין באק. וואס הייסט נאכגעבען א אידענע? א מאן וואס גיט נאך דער אידענע, איז א שמאטע, א קופע מיסט, אויף וועלכער אלע טרעטען. אט דערפאר, ווייל אלע וויסען, אז דו ביזט א לעמעשקע, קריכען דיר אלע אויפ'ן קאפ.“

ביי דיזע ווערטער פלעגט מאקס פעשקין געבען א זעץ בערלען

איבער׳ן קאַפּעלוש און אַרונטערגערוקען דעם קאַפּעלוש איבער בערל׳ס אויגען. אַלע „הענד" פּלעגען זיך צולאַכען, און בערל פּלעגט בלייבען אַ פערשעהמטער, אַן ערנידריגטער, אַ דערשלאָגענער. ער האָט געפיהלט, אַז ער איז אונמעכטיג געגען פּעשקין׳ען. שטילערהייט, אין הארצען, האָט ער איהם אַנגעהויבען מקנא צו זיין, ווי די טבע איז פון דעם שוואַכען וואָס איז מקנא ניט נור די גבורה פון דעם שטאַרקען, נור אויך זיינע מאַניערען און געוואָוינהייטען. מיט אַן אָפּענעם מויל פלעגט ער זיך צוהערען ווי מאַקס פּעשקין פלעגט דערצעהלען ווי ער איז זיך נוהג מיט זיין ווייב.

„ביי מיר איז מיין ווייב גאַנץ ליעב. זי איז בעסער און שעהנער פאַר אַלע ווייבער אין דער וועלט. אָבער צופיעל לאָסקע איהר ארויסצייגען, ווייס איך, אַז דאָס איז געפעהרליך. דאָס וועט איהר קאַליע מאַכען. פערקעהרט, וואָס מעהר איך שריי אויף איהר, אַלץ מעהר בין איך ביי איהר אָנגענומען. ווער רעדט שוין, אַז איך קלאַפּ איהר אַ מאָל אונטער אַ ביסעל, דאַן קושט זי מיינע טריט. זי ווערט מיר אונטערטהעניג ווי אַ קאַץ. טאַמער געהט אַריבער אַ צייט און איך קלאַפּ איהר ניט אָן אַ ביסעל די ביינער, זעה איך ווי זי געהט ארום אַ נערוועזע, אַ צורייצטע, זוכט עפּעס פאַר וואָס צו פערפיהרען אַ קריעג, און זי גיט מיר אליין אין האַנד אריין עפּעס אַ פּריטשעפּקע פאַר וואָס זי צו שלאָגען. זי האָט זיך איינגעוועהנט אין קלעפּ, אַזוי ווי אַ שכור אין שנאַפּס. עס ציהט איהר צו דעם. און נאָך די קלעפּ הענגט זי זיך מיר פּשוט אויפ׳ן האַלז. אָט אַזוי, ברודער, איז מען זיך נוהג מיט אַ ווייב, אויב מען איז אַ מענש, און ניט קיין שמאַטע."

בערל האָט געשלונגען יעדעס וואָרט.

„עס קען זיין איהר האָט רעכט", האָט ער איינמאָל געזאָגט אין אַ גאַנץ שטילען טאָן, ווען ער איז אַהיים געפאָהרען מיט פּעשקין׳ען, אין איין קאַר. „איך פערשטעה גראַדע דעם שכל פון דעם, אָבער איך וועל אייך זאָגען דעם אמת, אַז איך וואָלט קיינמאָל דעם מוטה ניט געהאַט צו געבען מיין פרוי אַ פּאַטש. פאַר וואָס פּאַטשען? פאַר וואָס שלאָגען? זעקס יאָהר אָבגעלעבט און קיינמאָל אַ וואָרט ניט פערביטען. און פּלוצלונג — נאַ דיר! ווי קומט אַ פּאַטש צו גוט־שבת?"

„מען דאַרף נור אָבמאַכען ביי זיך א הסכם, און אַלעס וועט געהן ווי געשמירט," האָט פעשקין געענטפערט. „אָט, למשל, דו קומסט היינט אריין אין שטוב, גיסטו דעם שטוהל א שטויס פון זיך און זאָגסט, אז קיין זאך שטעהט דאָ ביי דיר ניט אויף אַן אָרט. דיין ווייבעל וועט זיך וואונדערען און פרעגען וואָס איז דער מעהר מיט דיר, זאָג איהר: „מאַך צו דאָס מויל!" גיב א וואָרף דיין קאַפעלוש אויפ'ן טיש און פרעג וואָס איז דאָ צו עסען. קאָכט זי בולבע, טאָ הויב אַן שרייען, וואָס עפּעס אַלע טאָג בולבע. קאָכט זי אַרבעס, שריי, ווארום עפּעס אַרבעס! וואָס? זי קאָכט ניט אַלע טאָג אַר־בעס? א דאגה דיר, שרייען מעגסטו דאָך. זי וועט דיך מסתמא ווידער פרעגען וואָס איז מיט דיר היינט דער מעהר, זאָג איהר, אז דו קענסט שוין פון איהר מעהר ניט אויסהאַלטען, די גאַל פּלאַצט ביי דיר. איך בין זיכער, אז דיין ווייבעל וועט זיך שוין ניט איינ־האַלטען און זי וועט מסתמא זאָגען: „פערפּלאַצט זאָלסטו שוין טאקע ווערען, רבונו של עולם." אָט דאָ נעהם גלייך, מאַך קיין שאלות, און פאָהר איהר אריין אין באַק. זי וועט זיך א ביסעל צו־וויינען, אָבער נאָכדעם וועט זי דיר ווערען א גוטער פריינד, זי וועט דיך אָנהויבען אַזוי ליעב האָבען — א גוואַלד ווי זי וועט דיך ליעב האָבען!"

„איך — איך — על פּרובירען", האָט בערל באָנדאַר ארויסגע־שטאַמעלט.

מאַקס פעשקין איז שיער ניט אויפגעשפּרונגען פון זיין פּלאַץ פאַר שמחה. עס איז איהם געוועזן אַזאַ איבערראַשונג צו הערען פון בערל באָנדאַר, אז ער וועט פּרובירען! אָבער פעשקין האָט זיך איינגעהאַלטען און זיין פרייד ניט ארויסגעוויזען, זאָנסט, האָט ער געוואוסט, קען ער קאַליע מאַכען דעם גאַנצען געשעפט.

„געדענק, ברודער, האָסט צוגעזאָגט פּרובירען. זיי א מענש, און דאַן וועלען אַלע האָבען פאַר דיר רעספּעקט."

בערל באָנדאַר האָט געפיהלט, אז אום זיך צו עמאַנציפּירען, אום זיך צו שטעלען אויף א גלייכען פוס מיט מענשען, מוז ער פאָל־גען פעשקין'ס עצה. ער מוז צייגען, אז ער איז א מענש און דאַן קען ער צוריק קריגען זיינע „מענשענרעכטע."

אַ לאַנגע צייט האָט ער געטראַכט וועגען דעם. מסתמא אז

פּעשקין זאָגט, אַז ווייבער האָבען ליעב צו זעהען אַ ביסעל רשעות פון מאַן, מסתמא ווייס ער וואָס ער זאָגט.

און ער האָט ביי זיך בעשלאָסען איין מאָל פאַר אַלע מאָל צו ווערען אַ מענש. פון דער טראַמוויי האָט ער געדאַרפט צוגעהן אַ פינף בלאָק ביז זיין הויז, און דיזען גאַנצען וועג האָט איהם פּעשקין געלערענט ווי צו רעדען און ווי צו האַנדלען. די גאַנצע ראָלע האָט ער מיט איהם איינגעלערענט. און צום סוף האָט ער געזאָגט:

„געדענק, באָנדאַר! זיי אַ מענש. מאָרגען זאָלסטו אָבגעבען אַ בעריכט ווי דאָס איז צוגעגאַנגען.“

„געוויס, מיט אַלע איינצעלהייטען. איך וועל אייך שוין צייגען, אַז איך בין ניט אַזא שלומיאל ווי איהר מיינט.

מיט אַ האַרץ אָנגעלאָדען אַזוי ווי אַ רעוואָלווער צום שיסען, איז בערל באָנדאַר ארויף זיך אַהיים. אָבער ער איז געבליבען ווי אַן אָבגעשמיסענער, ווען זיין פינף־יעהריגער זוהן האָט איהם געזאָגט, אַז די מאַמע איז ניטאָ אין הויז. זי איז ארונטערגעגאַנגען אין מילך־סטאָר און וועט באַלד צוריק ארויפקומען. בערל האָט אַראָבגענומען פון זיך זיין נאַסען ראָק (עס האָט איהם געכאַפּט אַ רעגען אין מיטען וועג) און איהם אויפגעהאַנגען אויף אַ שטוהל. דעם איינגעלע האָט ער געהייסען געהן זיך שפּיעלען אין קאָרידאָר און אַליין האָט ער זיך אַוועקגעזעצט וואַרטען אויף בעקי'ן. ער האָט געפיהלט פיבעריש און האָט עפּעס מורא געהאַט. ער האָט מורא געהאַט פאַר זיך אַליין. ער האָט זיך ניט געוואָלט טרויען.

.3

בעקי'ס טריט האָבען זיך באַלד געלאָזט הערען. ער האָט זאָגאַר געהערט איהר שטימע ווי זי האָט געפרעגט זייער איינגעלע, אויב פּאַפּאַ איז שוין געקומען. אָט האָט ער זיך פון אַלטער געוואָוינהייט, געוואָלט אויפהויבען, לויפען בעקי'ן אנטקעגען און העלפען איהר ארויפטראָגען די זאַכען וואָס זי האָט איינגעקויפט, אָבער ער האָט זיך איינגעהאַלטען. „זיי אַ מענש, בערל!“ האָט ער געזאָגט צו זיך אַליין. „גערה ארויס מיט לשון, בערל! צייג, אַז דו ביזט אַ מאַנסביל!!“

„דו ביזט דאָ, בערל?" האָט בעקי געפרעגט שמייכלענדיג מיט א פולען פּנים.

„איך בין דאָ, יא!" האָט בערל געענטפערט אין א גראָבען טאָן. „זאָג מיר, איך פרעג דיך, וואָס טראַכסטו זיך, אה? וואָס מיינסטו, איך וועל דיר שווייגען? מיינסט איך בין טאַקע א לעמעש־קע? מיין געדולד פּלאַצט שוין!"

„וואָס איז מיט דיר, בערל, וואָס איז געשעהן?" האָט בעקי געפרעגט פערוואונדערט. זי האָט קיינמאָל ניט געהערט בערלען ריידען אזעלכע ווערטער און נאָך אין אזא טאָן.

בערל אליין האָט זיך דערשראָקען פאר דעם טאָן און ער האָט זיך צומישט, פערפלוטעט און צודרעהט די יוצרות. גוואלד — האָט ער זיך געטראַכט — איך האָב פערלאָרען. רבונו של עולם, ווי דרעהט מען זיך דאָ ארויס?

„וואָס איז מיט דיר, בערל?" פרעגט בעקי, וועלכע ווייס גאָר ניט וואָס דאָ טהוט זיך אָב. „וואָס איז געשעהן, מיין טהייערער? זאָג, מיין לעבען!"

„מיינסט איך וועל דיר שווייגען?" האָט בערל אויסגערופען, און זיך געסטאַרעט אויסצוקוקען ווי א גזלן. „מיינסט איך וועל דיר שווייגען, אה איך קען שוין מעהר ניט, די גאל פּלאַצט אין מיר!"

„ביי אונזערע שונאים זאָל פּלאַצען די גאל, רבונו של עולם", האָט בעקי אויסגערופען. „איך בעט דיר, בערעלע, הארצינקער, גור־טינקער, זאָג מיר, וואָס איז געשעהן?"

„דו פרעגסט נאָך?" האָט בערל געזאָגט, אראָבגעלאָזען דעם טאָן א ביסעל נידעריגער. „אָט אין אזא וועטער, ווען עס רעגענט, געהסטו ארויס אין די אַלטע שיך! וועסט זיך נאָך פערקיהלען!"

„אָט דאָס אַלעס!" האָט בעקי אויסגערופען און זיך צולאַכט. „איך האָב געמיינט מי יודע וואָס, אפשר עפּעס א בלבול, אָדער וואָס. נאַרעלע ווי ווייט איז די מילך סטאָר פון דאַנען? א האַלבער בלאָק. און די שיך זיינען נאָך ניש'קשה."

און בעקי האָט ארומגענומען זיין האלז מיטביידע הענד און געמורמעלט אין דער שטיל: „ביזט א מלאך, מיין מאַן, דער בעס־טער מאַן אין דער וועלט."

און אין דער מינוט האָט בערלען אָנגעכאַפּט א שמערץ פון

חרטה. אַט דיזע פרוי האָט ער היינט געוואָלט זידלען און שלאָגען! און פאר וואָס? אום צו געפעלען זיין אַ פּאָאר חברים אין פאבריק!

ער האָט געוואָלט גלייך אין דער מינוט זיך פאר איהר אַלעס מודה זיין און ביי איהר בעטען מחילה. ער האָט זיך אָבער גע־שעהמט. ווי דערצעהלט מען דאָס אזא זאך בעקי'ן? ווי וועט ער איהר דערנאָך קענען קוקען גלייך אין די אויגען?

ביי דעם אבענד־מאָהלצייט איז ער געזעסען שטיל. ער האָט זיך דערמאָנט, אז מאקס פּעשקין וועט ביי איהם מאָרגען אָבנעהמען דין וחשבון, און ווי וועט דאָס פון איהם פּעשקין לאַכען ווען ער וועט איהם דערצעהלען וואָס עס איז פאָרגעקומען צווישען איהם און בעקי'ן נאָך אַלע לעקציעס און רעפּעטיציעס וואָס ער האָט גענומען ביי פּעשקין'ען.

דער שלאָף איז איהם פערוואָגעלט געוואָרען ביי נאַכט. מיט'ן טאָג איז ער ערשט איינגעשלאָפען.

## 4.

מאקס פּעשקין איז אזוי געווען זיכער אז בערל באָנדאר וועט איהם דיעזען מאָל פאָלגען, דאָס ער האָט גאָר קיין צווייפעל ניט געהאט וועגען דעם. און אז פּעשקין האָט געזעהן דאָס באָנדאר האָט פערשפּעטיגט אויף מאָרגען אין שאָפּ און איז געקומען אַ האַל־בע שטונדע שפּעטער ווי געוועהנליך (ער האָט פערשלאָפען), האָט ער געשמייכעלט אזוי ווי מעפיסטאָפעלעס. פּעשקין האָט זיך אין זיין פאַנטאַזיע שוין פאָרגעשטעלט די גאַנצע קאָמישע סצענע ווי בערל באָנדאר, דער לעמעשקע, דער שלומיאל, האָט געמאַכט אַ בונט געגען זיין ווייב.

בערל האָט אויסגעזעהן אַ צוטראָגענער. ער האָט צו קיינעם געוואָלט רעדען.

דער גולם! ער מוז געוויס חרטה האָבען! — האָט זיך פּעשקין געטראַכט. עס איז איהם אַן ערשטער מאָל. מען דאַרף ביי איהם צוגעהן פרעגען ווי דאָס איז ביי איהם צוגעגאַנגען.

„נו, באָנדאר, ווי איז דאָס געגאַנגען?"

„ווי זאָל עס געהן?" האָט באָנדאר פּרובירט זיך אויסדרעהען מיט אַ פראַגע.

„אהא, דו ווערסט ש ו י ן בײ זיך א יחסן? אפילו געגען מיר, דײן רבי, ביזטו שוין א בעל גאוה! נײן, ברודער, דאס געהט ניט. איך וועל דיך ניט אבלאזען. דערצעהל מיר אלעס. אז דו ביזט אריין האסטו גלײך זיך פערטשעפעט אן א שטוהל און דעם שטוהל א שטויס געטהאן, אה?"

„נו, יעס".

„וואס נוקעסט דו? דו ענטפער מיר אויף מײנע פראגען. וועסט זיך בײ מיר ניט ארויסדרעהען. און נאכדעם האסטו זיך צושריען וואס קײן זאך שטעהט ניט אין הויז אויף אן ארט? — רעד ווערטער! יעס?"

„יעס".

„אי גוט! און נאכדעם האסטו א ווארף געטהאן דײן קאפעלוש אויפ'ן טיש מיט כעס און געפרעגט וואס איז דא צו עסען? נו, וואס איז געוועזען: בולבע אדער ארבעס?"

„בארשץ".

„נו, האסטו זיך מסתמא צושריען, וואס עפעס אלע טאג בארשץ — האסט געשריען, יעס?

„יעס".

„זעה, זעה, ווי ער רעדט דאס גאר מיט מיר געצעהלטע ווערטער. א ווארט בײ איהם ארויסצוקריגען איז אזוי ווי א צאהן ארויסצונעהמען!"

„יעס".

„וואס יעסקעסט דו מיר?"

„איך האב געמײנט איהר האט מיך עפעס געפרעגט".

„זעה, זעה, ווי צודרומשקעט דו ביזט היינט געווארען. נו, אן ערשטען מאל. וועסט זיך אײנגעוועהנען, וועסטו ניט מאכען אזעלכע האוואיעס! נו, זי האט דאך מסתמא אויך ניט געשוויגען. בקיצור, מיך אינטערעסירען ניט די אלע קלײניגקײטען ווי איהר האט דארט בײדע זיך געווערטעלט אײנע מיט די אנדערע. איך וויל וויסען נור אײן זאך, וואס דאס איז דער עיקר: האסט איהר ארײנגעפאהרען אין באק, אדער ניט?"

א קאלטער שווײס האט בעדעקט באנדאר'ס שטערן. ער האט ניט געוואוסט וואס צו ענטפערען.

„אהאַ, שעהמסט זיך“, האָט פּעשקין לאַכענדיג אויסגערופען, און גענומען טורכען מיט די פינגער באַנדאַר'ן אין די זייטען. פון דעם קיצלען האָט באַנדאַר אָנגעהויבען צו שמייכלען.

„אהאַ, איך זעה דו שמייכעלסט. ס'איז אַ גוטער סימן. זאָג מיר נור — איין פּאַטש?“

באַנדאַר האָט געשוויגען.

„צוויי?“

באַנדאַר האָט געשוויגען.

„דריי?“

באַנדאַר האָט ווידער געשוויגען.

„פיער?“

באַנדאַר האָט זיך איבערגעשראָקען. צו לאָזען פּעשקין'ען געהן ווייטער האָט ער מורא געהאַט, דאַרום האָט ער ביי דער לעצטער פראַגע אַ נייג געטהאָן מיט'ן קאָפּ.

„יעס“.

„בראַוואָ, ביזט אַ וואוילער יונג! יעצט ביזטו אַ מענש. פון יעצט אָן און ווייטער וועל איך זיין דיין פריינד. גיב אַהער דיין האַנד, איך גראַטוליר דיך!“

און באַלד האָבען אַלע „הענד“ געוואוסט, אַז בערל באַנדאַר, דער לעמעשקע, דער שלומיאל, דער שעיר המשתלח פון גאַנצער פאַבריק, האָט נעכטען געפּאַטשט זיין ווייב — ער האָט זיך עמאַנ־ציפּירט!

5.

עס איז אמת, אַז אַ ליגען האָט קיין פיס ניט, אָבער ער דאַרף קיין פיס ניט האָבען. אַ ליגען לויפט מיט'ן דראָטלאָזען טעלעגראַף.

מאַקס פּעשקין איז יענעם אבענד געקומען אַהיים מיט אַ שמחה און דערצעהלט זיין פרוי:

„דו הערסט? בערל באַנדאַר האָט נעכטען זיין ווייב געגעבען פיער פּעטש, און געזידעלט האָט ער זי כאחד הריקים. ער האָט שיער אַלע טעלער צובראָכען ביים טיש. און בלויז דערפאַר וויילזי האָט געקאָכט באָרשץ, און ער האָט ניט געוואָלט קיין באָרשץ“.

„איך גלויב דאָס ניט“, האָט מיסעס פּעשקין געזאָגט. „עס

זאָל אפילו קומען דער מלאך גבריאל פון הימעל און מיר דערצעהלען אזא זאך, וואָלט איך ניט געגלויבט. וואס רעדסטו! בערל באַנ־דאר וועט געגען זיין ווייב א בייז וואָרט ניט רעדען".

„און ווי איז אָבער אז בערל באַנדאר האָט דאָס אליין דער־צעהלט היינט ביי דער ארבייט פאר אלע ארבייטער? עס האָט דאך היינט געקאָכט מיט איהם, מיט ד י י ן דזשענטעלמאן, וועל־כען צייגסט מיר אימער אָן פאר א מוסטער."

„ער האָט געמוזט פון זינען אראָב!" האָט מיסעס פעשקין אויסגערופען, ברעכענדיג מיט די הענד.

פון מויל צו מויל, פון הויז צו הויז און פון בלאָק צו בלאָק איז די נייעס געגאנגען, אז בערל באַנדאר האָט געשלאָגען זיין ווייב. אזוי איז די נייעס געגאנגען ביז עס איז צוגעקומען צו די אויערען פון זיינע שוועגער און זיין ווייב'ס גאנצע משפחה.

„וועה איז מיר! אָן אונגליק איז געשעהן!" האָט אויסגערופען בעקי באַנדאר'ס מוטער. „ווער וואָלט דאָס געגלויבט אז אזא שטילער מענש, אזא גוטער, אזא עהרליכער מאן זאָל שלאָגען א ווייב. מיין אָרימע טאָכטער נעבעך! איך געה שוין זעהן וואָס דאָרט טהוט זיך".

עס איז געוועזן ארום דריי אוהר נאָכמיטאָג. בעקי באַנדאר האָט געהאלטען אין שאָבען בוריקעס אום צו מאכען פון דעם א באָרשט. פלוצלונג איז אריינגעקומען איהר מוטער.

„וואָס איז געשעהן, מיין טאָכטער?" האָט זי געפרעגט גלייך ביים אריינקומען.

„וואָס זאָל געשעהן?" — בעקי באַנדאר איז געוועזן שטארק פערוואונדערט פון איהר מוטער'ס פראגע.

„ער האָט דיך געפאטשט?"

„מיך געפאטשט? ווער?"

„בערל".

„בערל? מיך? מאמע, וואָס רעדסטו זיך איין?"

„הער, בעקי, פערענטפער איהם ניט. איך וויים די גאנצע מעשה. עס איז איהם ניט געפעלען געווען וואָס דו האָסט געקאָכט באָרשט, האָט ער געמאכט א סקאנדאל ביים טיש און דיר געגעבען פיער פעטש".

„ווען, וואו, וואָס, ווער וועמען? וואָס האָסטו זיך איינגערעדט, מאַמע? אָט קאָך איך דאָך באָרשץ פאַר היינטיגען אבענד. ווער האָט עס דיר געבראַכט אזאַ משוגענע פּאָטשט?"

"גאַנץ בראָנזוויל וויים פון דעם. מסתמא, אז דו ווילסט ניט אויסזאָגען, צייגט עס אז דו ווילסט ניט אויסזאָגען, צייגט עס אז דו האָסט מורא פאַר איהם. איך וועל שפּעטער קומען מיט'ן טאַטען".

„ווען מיר אַלע האָבען א ביסעל שפּאַס", האָט די ווייבעל געענטפערט.

.6

דריי טעג נאָך דעם ליגען האָט בערל שטאַרק חרטה בעקומען אויף דער גאַנצער געשיכטע. זיין „גרויסקייט" איז באַלד פער־שוואונדען געוואָרען, וויל די ראָלע פון זיין היימישע העלדענטהאַט האָט ניט האַרמאָנירט מיט זיין אונטערטהעניגקייט אין פאַבריק. ער האָט אויסגעזעהן אזוי ווי א קאַטשערינשטשיק וואָס האָט זיך אָנגעטהאָן א צילינדער־הוט. דעם ערשטען טאָג האָט מען איהם בעוואונדערט, דעם צווייטען האָט מען איהם געדולדעט, אָבער דעם דריטען טאָג האָט מען שוין געזאָגט: „אָט אזאַ שטיק שלומיאל — ער שלאָגט שוין אויך די ווייב. ער דאַרף זיך שעצען גליקליך, אז זי שטעהט מיט איהם אין איין הויז".

און ווידער האָט מען איהם אָנגעהויבען אָבצוטהאָן אַלערליי שפּיצלעך און דערגעהן די יאָהרען. אפילו מאַקס פעשקין, וועלכער האָט איהם געשוואָרען אייביגע פריינדשאַפט, האָט זיך פון איהם אָבגעקעהרט.

„אזאַ שלים־מזל!" האָט מאַקס פעשקין געזאָגט. „איך האָב געמיינט איך מאַך איהם פאַר א לייט — ערשט איז דאָס דערזועלבער לעמעשקע ווי געווען. ער שלאָגט די ווייב און געהט דערנאָך ארום מיט א פערקרימטען פּנים, א פערוויינטען. ער האָט חרטה, דער יאָלד. פון איהם וועט שוין קיין לייט ניט זיין".

און אויף דעם פערטען טאָג, אז בערל באָנדאַר איז געקומען אהיים, א צוטראָגענער און א געקרענקטער, האָט ער געפונען ביי זיך אין הויז א גאַנצען מאַסמיטינג. דאָ זיינען געווען: זיין שוועגער

און שוויגער, זיין פרוי׳ס דריי ברידער מיט זייערע ווייבער, זיין פרוי׳ס פיער שוועסטער מיט זייערע מענער און אן אלטער איד, א לאנדסמאן, וואס איז געווען א פריינד פון דער פאמיליע.

„גוט אבענד אייך!“ האט בערל באנדאר געזאגט גוטמוטהיג, זעהענדיג פאר זיך זיין ווייב׳ס גאנצע משפחה. „איז דאס פון א שמחה אדער צו א שמחה?“

„אוי, אזעלכע שמחות ווינש איך אלע מיינע שונאים“, האט איהם די שוויגער געענטפערט. „געהערט א שמחה? און ער מאכט זיך גאר ניט וויסענדיג!“

„הער וואס דא טהוט זיך, בערל“, האט בעקי געזאגט. „עס געהט ארום א קלאנג איבער גאנץ בראנזוויל אז דו האסט מיך געפאטשט. פיער פעטש, זאגען זיי, האסטו אליין דערצעהלט, אז דו האסט מיר געגעבען“.

„איך האב דאס אליין געהערט פון מאקס פעשקין“, האט דער לאנדסמאן געזאגט. „פעשקין האט מיר דערצעהלט אז ער האט דאס געהערט פון אייער אייגענעם מויל. איהר האט איהם אליין דערצעהלט, אז איהר האט געגעבען אייער פרוי פיער פעטש“.

„נו, וואס זאגסטו צו דעם?“ האט דער שווער געפרעגט.

„עס איז אן אמת“, האט באנדאר געזאגט, אראבלאזענדיג דעם קאפ.

„ס׳איז ניט אמת!“ האט אויסגעשריען בעקי. „בערל, וואס רעדסטו? וואס איז דיר איינגעפאלען צו זאגען אזוינס?“

„עס איז אמת“, האט באנדאר געזאגט מיט א ריהרענדער שטימע. „איך האב דאס טאקע אליין דערצעהלט.“

„בערל, בערל, גוטינקער, ליעבינקער!“ האט בעקי אויסגערו־פען, זיך ווארפענדיג איהם אויפ׳ן האלז. „וואס האסטו געזאגט? וואס האסטו דערצעהלט?“

„אז איך האב דיך געשלאגען, געפאטשט, האב איך דער־צעהלט“. בערל האט געוויינט אויפ׳ן קול. „איך האב דיך גע־שלאגען, געפאטשט, זיי מיר מוחל“.

„ניין, ניין! זאג דאס ניט!“ האט בעקי אויסגערופען. „דו האסט מיך ניט געפאטשט“.

„אלזא, קינדער“, האט זיך אבגערופען בעקי'ם פאטער. „איך זעה אז איהר האט שוין געמאכט א שלום צווישען זיך, והראיה, איהר ווילט די זאך אין גאנצען פערשטיקען. בכן, מיין טאכטער, איז די גלייכסטע זאך אז דו זאלסט איהם טאקע מוחל זיין, און דו, מיין איידעם, דיר דארף איך ניט זאגען, אז אויף להבא זאלסטו אזעלכע זאכען ניט טהאן, ווייל איך זעה אז דו האסט שוין חרטה. און איהר, קינדער, קומט אלע אוועק. לאמיר זיי איבערלאזען מיט זיך אליין“.

א האלבע שטונדע צייט, נאכדעם ווי אלע זיינען אוועק, זיינען בערל און בעקי געזעסען יעדער פערטיעפט אין געדאנקען.

בערל האט איהר אין דער צייט דערצעהלט דעם גאנצען אמת, ווי אזוי ער איז געקומען ארויפצונעהמען אויף זיך אזא שווערע זינד. ער האט איהר דערצעהלט פון זיין לעבען אין שאפ, ווי ער ווערט דארט אויסגעריסען און אלץ בלויז צוליעב זיין גוטסקייט צו איהר.

„אבער ווארום האסטו מיינע עלטערען ניט דערצעהלט דעם גאנצען אמת? ווארום האסטו זיי געזאגט, אז דו האסט מיך טאקע געשלאגען?

„ווייל זיי וואלטען מיך ניט פערשטאנען, און זיי וואלטען מיר ניט געגלויבט. איך וואלט בלייבען אי א ליגנער, אי א שוועכ־לינג, אי א רשע. יעצט בין איך ביי זיי בלויז א רשע וואס האט תשובה געטהאן“.

בעקי האט זיך א ווייל'ע פערטראכט. נאכדעם האט זי געזאגט:

„וואס איז דא געשעהן, בערל? איך פערשטעה נאך אלץ ניט. עס קלינגט עפעס ווי א שרעקליכער חלום“.

„לאמיר דאס פערגעסען“, האט בערל געזאגט. „מיר איז היינט אנגעקומען א בריעף פון מיין ברודער אין דזשערזי סיטי. ער וויל מיך צונעהמען אין זיין געשעפט. איך האב בעשלאסען צו פאהרען. די ארבייט האט שוין מיך קראנק געמאכט“.

„איך פערשטעה שוין“, האט בעקי געענטפערט. „ווען דו וועסט נאך לענגער בלייבען ארבייטען, קענסטו זיך נאך איינרעדען

מי יודע וואָס. איך זעה שוין אז דו קענסט אין דער פאַבריק מעהר ניט פערבלייבען".

---

און יעדען יום כפור ווען מיין פריינד בערל זאָגט דעם על חטא און ער קומט צו „ועל חטא שחטאנו לפניך בודוי פה", גיט ער זיך אַן עקסטרא קלאַפּ אין האַרצען.

# דער פאַלשער

## אַ מעשה וואָס מיידלעך דאַרפען ניט לעזען.

אַדאָלף וויינשטיין איז געזעסען אין אבענד אין פראָנט רום און געטראַכט. ער האָט געהאַט פיעל צו טראַכטען. דיעזען אבענד האָט ער גערארפט בענעהן דעם וויכטיגסטען שריט אין זיין לעבען: ער האָט געדאַרפט שרייבען אַ בריעף צו אַ מיידעל מיט וועלכער ער איז אַרומגעגאַנגען צוויי יאָהר צייט און אין דיעזען בריעף האָט ער איהר געדאַרפט ענדליך מאַכען דעם פאָרשלאָג זי צו הייראַטהען.

דערפאַר איז ער געווען אביסעל פערטראַכט און אויפגערעגט. ער האָט זיך אויפגעהויבען פון שוהל און אָנגעהויבען אַרומגעהן איבער'ן צימער. צייטענווייז האָט ער געוואָרפען אַ בליק אויף דעם טיש, וואו עס איז געלעגען אַן אויפגעעפענטער בריעף און דערביי אַ קליינער קאָנווערט.

אין טהיר האָט זיך בעוויזען אַ יונגע פרויענצימער מיט אַ לאַכעדיגען פנים, די האָאר אביסעל צוואוואָרפען און די האַלז אָפען, מעשה קאָקעטקע. דאָס איז געווען די מיסעס, ביי וועמען וויינשטיין איז איינגעשטאַנען לאָזשי.

זי האָט זיך אַוועקגעשטעלט אין טהיר און מיט ביידע הענד האָט זי גענומען איינציהען די טאַליע.

וויינשטיין האָט אַ שמייכעל געטהאָן ווען ער האָט זי דערזעהן.

„אייער מאַן איז דאָ?“ האָט ער געפרעגט.

„ער איז ערשט אַוועק“, האָט די ווייבעל געענטפערט.

וויינשטיין איז צו איהר צוגעגאַנגען, זי אַרומגענומען פאַר דער טאַליע און איהר אַ קוש געטהאָן אין מויל.

„קומט אין פראָנט־רום טרינקען טהעע“, האָט די ווייבעל געזאָגט.

„ניין, איך קען יעצט ניט“, האָט וויינשטיין געענטפערט מיט אַ ווייכער שטימע, אין וועלכער עס האָט זיך געהערט ווי ער קעמפפט מיט זיך אליין. „איך מוז יעצט שרייבען אַ נויטהיגען בריעף“.

„אַ ליעבע בריעף?"

„יאַ!"

„פאַלשער מענש! איהר ווערט חתונה האָבען מיט אַ מיידעל און זיך אָן מיר פערגעסען. נישטאָ קיין טרייהייט אויף דער וועלט. אַ מיסעס איז דאָכצעך בעסער צום באָרדער ווי צו איהר מאַן, אָבער דער באָרדער אָנערקענט דאָס גאָרניט!"

„איך וועל דאָס אימער אָנערקענען", האָט געזאָגט וויינשטיין אַרומגעהמענדיג זי מיט ביידע הענד. „טייבעלע מיינע! מיר וועלען אימער קענען בלייבען גוטע פריינד ווי געוועזען און זיך זעהן גאַנץ אָפט, און נאָך פאָהרען אַמאָל צוזאַמען אין קאָני איילאַנד. אַזאַ מיסעס וועל איך קיינמאָל פערגעסען".

די ווייבעל האָט איהם געגעבען אַ לייכטען זעטץ אין פּלייצע און איז אַוועק נאָך די אַנדערע צימערען.

וויינשטיין האָט זיך געזעצט ביים טיש און גענומען לעזען דעם בריעף וואָס ער האָט היינט ערהאַלטען פון זיין בעטסי'ן. זי שרייבט צו איהם: „שוין צוויי יאָהר אַז מיר זיינען בעפריינדעט און פון אייער לעצטען געשפּרעך פערשטעה איך אַז איהר האָט מיך ליעב. אויב אַזוי, ווארום זאָגט איהר מיר ניט אַרוים דייטליך? איך האָב בעת מעשה ניט פערשאַנען אייערע רייד, אָבער נאָכדעם ווי איהר זייט אַוועק פון מיר און איך האָב אייערע ווערטער איבערגעדענקט, האָב איך אין זיי פערשטאַנען ווערטער וועלכע איך האָב נאָך ביז יעצט פון אייך ניט געהערט".

ווי זיס די ווערטער האָבען געקלונגען אין זיינע אויערען! ער מוז זיי גלייך בעאַנטוואָרטען. ער האָט גענומען די פעדער אין האַנד און האָט אָנגעהויבען צו שרייבען.

„ליעבסטע בעטסי!

„דו פרעגסט אויב איך ליעב דיך? — זעהסטו, איך בין שוין מיט דיר אויף „דו" — יאַ איך ליעב דיך מיט דעם גאַנצען פייער פון מיין הערצען, איך ליעב דיך מיט דער גאַנצער קראַפט פון מיין יוגענד, מיט דעם ערשטען פלאַם פון מיין ליעבע, דען, ביז איך האָב דיך דערקענט האָב איך קיין פרוי געליעבט" — — —

דאָ האָט ער זיך אָבגעשטעלט. זיינע ליפּען האָבען זיך פאַר־קרימט אין אַ מאָדנעם שמייכעל. צו וואָס דאַרף ער זאָגען אַ ליגען? ווער בעט איהם דערצעהלען, אַז דאָס איז זיין ערשטע ליעבע? אָבער פערפאַלען, ער האָט שוין דאָס אָנגעשריעבען און איבערשרייבען ווילט זיך איהם ניט, דארום שרייבט ער ווייטער:

„קיין מאָל אין מיין לעבען האָב איך געאָרמט אַ פרויענ־צימער, קיינמאָל האָב איך געקוסט דאָס געזיכט פון אַ פרוי אויסער מיין זעליגע מוטער" —

דאָ האָט זיין האנד אַ ציטער געטהאָן. צו וואָס דאַרף ער נאָך אריינשלעפּען דעם נאָמען פון זיין פערשטאָרבענע מוטער אין דיעזען נאַרישען ליגען? ער האָט אַ וויילע אַוועקגעלייגט די פעדער און גענומען ווייעדער טראַכטען. עראינערונגען פון זיין פערגאַנגענעם לעבען זיינען פערבייגעגאַנגען אין זיין קאָפּ. צו דערזעלבער צייט וואָס ער האָט זיך צוערשט בעקענט מיט בעטסי'ן פלעגט ער אַרומ־געהן מיט דער שוועסטער פון אַ יוגענד פריינד. יענע מיידעל האָט אויף איהם געלייגט גרויסע האָפנונגען. ניט איין מאָל האָט ער איהר געשוואָרען עוויגע ליעבע און זיינע שבועות בעשטעטיגט מיט פייערדיגע קוסען. בעטסי איז אָבער געווען אַ שעהנערע מיידעל, אַ קליגערע און אַ רייכערע. ער האָט די שוועסטער פון זיין יוגענד־פריינד פערלאָזען, און זי, די געבראָכענע הארץ, האָט געליטען אין דער שטיל און קיינעם ניט געזאָגט קיין וואָרט.

ער האָט גענומען ווייטער שרייבען:

„ליעבסטע בעטסי! ווען דו וואָלסט וויסען וואָס פאר אַ שעהמעדיגער יונגער מאַן איך בין, וואָלסטו לאַכען. פיעלע מאָל האָב איך דיר געוואָלט זאָגען אַז איך ליעב דיך, אָבער איך האָב עס אַלץ אָבגעלייגט. איך האָב מורא געהאַט טאָמער וועסטו מיר ענטזאָגען. דו ביזט צו מיר געווען אַפּילו זעהר פריינדליך, אָבער איך האָב מורא געהאַט טאָמער איז דאָס ניט מעהר ווי די פריינדשאַפט פון אַ שוועסטער צו אַ ברודער. יאָ, איך בין זעהר אַ שעהמעדיגער" —

„ליגנער!" האָט אויסגעשריען אַ שטימע הינטער וויינשטיין'ס פּלייצע. ער איז געווען אַזוי פערטיעפט אין זיין שרייבען, דאָס

ער האָט ניט געפיהלט ווי די מיסעס שטעהט פון הינטען און לעזט זיין בריעף.

וויינשטיין האָט זיך דערשראָקען. ער האָט אָבער באַלד גע־פאַסט מוטה. ער האָט אָנגעקוקט די ווייבעל מיט אַ גנב'ישען שמייכעל און האָט זי אַ שלעפּ געטהאָן פאַר'ן האַנד. זי איז געווען אָנגעטהאָן אין אַ לייכטען קייפּ און אַ הוט, פערטיג צום ארויסגעהן.

„לאָזט מיך, איך דאַרף אַוועקגעהן", האָט זי געזאָגט. „דאָ דאַרף קומען מיסעס טאַרשיט. איך האָב מיט איהר אָבגעמאַכט צו פאָהרען צו דער הוט־מאַכערין, אָבער זי איז ניט געקומען צו דער צייט און איך קען אויף איהר לייננער ניט וואַרטען. אויב זי קומט באַלד, זאָגט איהר אַז איך וועל ביי איהר זיין מאָרגען. אָבער איהר זאָלט זי דאָ ניט פלוירטען. זי איז אַ גרויסע קאָקעטקע".

„אַ כפּרה הונדערט טויזענד מיסעס טאַרשישעס פאַר אייער מינדעסטען נאָגעל!" האָט אויסגערופען וויינשטיין, ארויפגעזעצט די מיסעס ביי זיך אויפ'ן שויס און גענומען בעדעקען מיט קושען איהר פּנים און איהר האַלז".

„לאָזט מיך! לאָזט מיך! איהר וועט דורכברעכען מיין העמד און וועט מיר צוקנייטשען די קייפּ. לאָזט מיך, איך דאַרף געהן. מיר וועלען זיך נאָך זעהן, שעהמעדיגער יונגער מאַן, איך ענטלויף ניט נאָך יוראָפּ".

די ווייבעל איז אַוועק. וויינשטיין האָט גענומען שרייבען ווייטער, אָבער זעהר לאַנגזאַם:

„בעטסי! דו האָסט פאַר מיר געעפענט אַ נייע וועלט. ביז איך האָב דיך בעגעגענט האָב איך גאָר ניט געוואוסט וואָס גליק איז. איך בין זיכער אַז ווען איך וואָלט דיך ניט בעגעגענט וואָלט איך קיינמאָל קיין אַנדער פרוי געליעבט" — — —

אין טהיר פון קיך האָט זיך געהערט אַ קלאַפּען. וויינשטיין איז ארוים עפענען די טהיר און איז גלייך אריינגעקומען מיט אַ קורצע ווייבעל, פעט און בלאָנד ווי אַ דייטשקע, מיט אַ פערריסענעם נעזעל.

„די מיסעס איז ערשט אַוועק", האָט וויינשטיין געזאָגט, „זי האָט זיך אויף אייך ניט געקענט דערוואַרטען. זי וועט ביי אייך זי"ן מאָרגען".

„עס טהוט מיר לייד“, האָט געזאָגט די ווייבעל צוגעהענדיג צום שפּיגעל און בריינגענדיג אין אָרדנונג איהר העט. דערווייל איז ביי איהר אַרויסגעפּאַלען אַ טאַשענטוך.

וויינשטיין האָט מעשה קאַוואַליער שנעל אויפגעהויבען דעם טאַשענטוך און דערלאַנגט צו דער ווייבעל.

„טהענק יו“, האָט געזאָגט די ווייבעל, „איהר מענער זייט גליקליכע מענשען, איהר האָט אַזוי פיעל טאַשען און איהר פערליערט גאָרנישט. איך האָב בלויז איין טאַש“.

„וואו איז ער?“ האָט וויינשטיין געפרעגט.

„איהר זייט טשיקאַווע צו וויסען? אַ נו, טרעפט, געפינט אַליין אויס מיין טאַש“.

וויינשטיין האָט זיך ניט געלאָזט בעטען.

„אָט דאָ!“ האָט ער אויסגערופען, לייגענדיג זיין האַנד אויף איין זייט פון איהר קלייד.

„ניין!“

„אָט דאָ!“

„ניין!“

„אָט דאָ!“

„ניין!“

„אָט דאָ!“

מיטביידע הענד ווילט איהר טרעפען? לאָזט מיך! אייער מיסעס נעהמט איהר אויך אַזוי אַרום?“

„ניין! איך האָב צו איהר קיין חשק ניט“, האָט וויינשטיין געזאָגט אַביסעל הייזעריג. איהר זייט מיר געפעלען געוואָרען ביים ערשטען בליק, נור איך האָב קיינמאָל ניט געהאַט די געלעגענהייט מיט אייך אַליין זיך דורכצוריידען. זאָגט מיר, איהר קענט אפשר מאָרגען מיט מיר אַרויספאָהרען אין קאָני איילאַנד?“

„מאָרגען ניט, זאָנטאַג וועל איך קענען“.

„זעהר גוט. איך וועל אייך אָבוואַרטען צוועלף אוהר מיטאָג־צייט ביים ברוקלין בריק. דערווייל אַ קוס!“

„גענוג! איהר האָט שוין געהאַט מעהר ווי 20“, האָט מיסעס טאַרשיש געזאָגט. „עס קען נאָך ווער אָנקומען“.

„זיסער לעבען מיינער! טהייערסטע מיינע! איך בין אזוי גליקליך!“

„אי איהר בלאפט!“ האט מיסעס טארשיש געזאגט. „אלע מענער בלאפען. איך וועל מיט אייך פאהרען, אבער אייך זאל זיך ניט אויסריידען פאר אייער מיסעס!“

„ווער קעהרט פאר איהר? איך האב מיט איהר קיין מחזקות ניט. געהט געזונד, טהייערער לעבען מיינער!“

„געננג, לאזט מיך געהן!“

ווען מיסעס טארשיש איז אוועק, האט וויינשטיין זיך אוועקגעזעצט ענדיגען זיין בריעף. ער האט געענדיגט מיט די ווערטער:

„עס טהוט מיר לייד וואס נעכסטען זונטאג וועל איך מיט דיר ניט קענען אויספאהרען, ווייל איך האב זעהר א וויכטיגע ביזנעס אפאינטמענט. דערפאר וועל איך ביי דיר זיין פרייטג אבענדס און מיר וועלען געהן שפאצירען אין פארק. איך האף, אז דו וועסט מיר דאן ערלויבען דיר צו געבען דעם ערשטען קוש. דאס וועט זיין דער ערשטער קרבן וואס מיינע ליפען וועלען בריינגען אויף דעם שעהנעם געזיכט פון א פרויענצימער.

„דיין עוויג-ליעבענדער,

„אדאלף וויינשטיין.“

וויינשטיין האט דערנאך דעם גרויסען ליגען פערזיגעלט אין א קאנווערט, אנגעשריעבען די אדרעסע, ארויפגעקלעפט א מארקע און ארויס מיט דעם אין גאס.

ווען די טהירעל פון בריעפקאסטען האט זיך פערמאכט, האט וויינשטיין געהערט ווי אין זיינע אויגען קלינגט א שטימע:

„ליגנער! ליגנער!“

# דער אמת איז דער גרעסטער שווינדעל

מאַקס און דזשייק זיינען געווען צוויי גוטע פריינד, גוטע ברי־דער, חברים. ווארום זיי זיינען געווען פריינד — אַט דאָס האָט גע־וואונדערט יעדערען וואָס האָט זיי ביידען געקענט. יעדען מאָל וואָס די צוויי גוטע פריינד פלעגען זיך צוזאַמענטרעפען, פלעגט צווי־שען זיי אויסברעכען אַ קריעג. און דאָך פלעגט מען זיי אימער זעהן צוזאמען.

דער טראָבעל האָט געשטאַמט פון דעם וואָס דזשייק איז געווען אַ געפהרליכער ליגנער, אַ בלאָפער וואָס געפינט ניט זיין גלייכען אין גאַנץ הארלעם. מאַקס איז געווען פונקט פערקעהרט; ער האָט אַ ליגען ניט געקאָנט פערטראָגען, און ווי נור ער פלעגט הערען פון דזשייק'ען עפּעס וואָס איז ניט גאָר ריכטיג, פלעגט ער גלייך איהם כאַפּען ביים ליגען, און ניט אַכטען דארויף וואָס ער פערשאַפט זיין פריינד גרויסע בזיונות.

דזשייק האָט געהאַט אַ נאַטור צו בלאָפען, ניט אַכטענדיג דאַ־רויף וואָס מאַקס פלעגט איהם היטען, זיין יעדען וואָרט אויפפּאַסען. דזשייק, צום ביישפּיעל, דערצעהלט איינמאָל אין אַ געזעלשאַפט, אַז ער איז געווען מאָנטאַג אין טהעאַטער, און האָט זיך דאָרט גע־טראָפען מיט אַ שעהנע מויד, פּשוט אַ ליאַלקע, און ער האָט זי אָב־געפיהרט אַהיים, און זי האָט איהם געבעטען צו קומען אויף אַ בעזוך און אַז ער האָט ערפאַהרען, אַז איהר פאָטער איז זעהר רייך. דערביי ווינקט דזשייק צו די יונגע לייט וואָס הערען זיך צו.

„דו בלאָפסט, דזשייק", שפּרינגט ארויס מאַקס. „איך האָב געזעהן די נקבה. עס איז אַ פערציג יעהריגע אידענע, זי האָט אַ מאַן מיט פינף קינדער, און זי זוכט אַ באָרדער. וואָס בלאָפסטו אונז?"

„דו האָסט געזעהען?" פרעגט דזשייק. „ווען איז דאָס געווען?"

„מאָנטאַג", ענטפערט מאַקס. „איך האָב דיך געזעהן ארויס־

געהן מיט איהר פון טהעאטער. איך קען זי. איהר מאַן איז אַ פיש־פּעדלער, און מיין מאַמע קויפט ביי איהם פיש."

„מאָנטאג, זאָגסטו, האָסטו מיך געזעהן?" פרעגט איבער דזשייק. „עס איז אמת. אָבער מיט דער מיידעל בין איך גאָר גע־גאַנגען דינסטאג."

„האָסט דאָך פריהער געזאָגט, אז מאָנטאג, בלאָפער איינער!"

„איך האָב געמאַכט אַ מיסטייק, עס איז געווען דינסטאג."

„אָבער דינסטאג ביזטו דאָך גאָר אין טהעאטער ניט געווען. דינסטאג זיינען מיר ביידע געגאַנגען אויף אַ חתונה."

„מסתמא איז דאָס געווען מיטוואָך. איך בין יעצט זיכער, אז דאָס איז געווען מיטוואָך."

„אי, ביזט אַ בלאָפער!"

פיעלע מאָל האָט דזשייק געפיהלט, אז ער מוז זיך איין מאָל פאר אלע מאָל בעפרייען פון דעם „שלאַק" וואָס לאָזט איהם אַ וואָרט ניט אויסריידען צווישען מענשען. ער האָט אָפטמאָל געפיהלט זאָ־גאר אַ שטאַרקען האס צו מאַקס'ען וואָס האָט זיך צו איהם „אָנגע־טשעפּעט", און פערפאָלגט איהם, און גיט איהם קיין רוה. ער האָט פּרובירט איהם אויסמיידען, זיך בעהאלטען פון איהם, אָבער מאַקס פלעגט איהם אויסזוכען. צו וואָס מאַקס האָט אַזוי געבענקט נאָך זיין געזעלשאַפט, איז שווער צו ערקלעהרען. עס קען זיין, אז אין פריינדשאַפט הערשט דאָס זעלבע נאַטור־געזעץ ווי אין דעם פער־הייראַטהען לעבען. יעדען מענשען ציהט צו דעם וואָס איז פונקט דער היפּך פון זיין אייגענע נאַטור. אַ חוץ זיין טבע צו בלאָפער איז דזשייק געווען אַ גאַנץ אנגענעהמער יונגער מאַן, לעבעדיג, וויציג, גוט בעלעזען, און אַ מבין אויף דראַמא און אָפּערא. מען האָט מיט איהם געקענט פערברייננגען דען אפילו זיינע ליגענס און בלאָפס זיי־נען געווען אינטערעסאַנט, און מאַקס פלעגט אָפטמאָל איבערפיהרען אַ גוטען וויץ מיט דעם וואָס ער פלעגט זיך אריינבראָקען זיינע גע־וועהנליכע ווערטער:

„ס'אַ ליגען, דזשייק! דו בלאָפסט."

עס איז איינמאָל געקומען אַ צייט ווען מאַקס האָט אָנגעהוי־בען אויסצומיידען דזשייק'ען. ער פלעגט איהם זעהן בלויז איין מאָל אַ וואָך, אין קלאָב, ער פלעגט זיך האלטען פון ווייטען. פון

אָנפאַנג האָט זיך דזשייק דערפרעהט וואָס ער ווערט פּטור פון דעם „שטן“, אזוי ווי עס פרעהט זיך איינער וואָס איז ארויס פון תפיסה וואו ער איז שטענדיג געווען אונטער א שטרענגער שמירה. אָבער שפּעטער האָט עס איהם אָנגעהויבען צו פערדריסען. פּילייכט האָט ער עס אליין געבראַכט דערצו, אז מאַקס זאָל זיך מיט איהם אָנהויבען צו שעהמען, מיט אַזאַ ליגנער, אזא בלאָפער. וואָס מעהר ער האָט געטראַכט פון דעם, אַלץ זיכערער איז ער געווען, אז מאַקס האָט איהם אַוועקגעוואָרפען צוליעב זיין מיאוס'ער געוואָהנהייט. געפיהלען פון חרטה האָבען אָנגעהויבען צו צופּען און בייסען זיין געוויסען. ער האָט זיך אָנגעהויבען צו שעהמען פאַר זיך אליין. ער האָט אזוי לאַנג געטראַכט וועגען דעם, דאָס ער האָט אליין אָנ־געהויבען זיך צו פערראַכטען.

זיין לעבעדיגקייט איז פערשוואונדען. אין גאַנצען איז ער מעהר ניט געווען דער זעלבער לעבעדיגער יונג פון פריהער. ער האָט גערעדט ווייניג, און וואָס ער האָט גערעדט, האָט ער פריהער גוט איבערגעקלעהרט, אויב עס איז ריכטיג אַזוי, אויב עס שטימט פּינקטליך מיט דער וואהרהייט. עס האָט זיך אָנגעהויבען צו ענט־וויקלען אין איהם א נייער דזשייק. פון דעם גרויסען ליגנער האָט ביסלעכווייז זיך ענטוויקעלט א גרויסער אמת־זאָגער, א פּינקטלי־כער מענש מיט אלע ברעקלעך — זיינע בעקאַנטע האָבען ניט גע־וואוסט וואָס מיט איהם איז געשעהן. ווען מאַקס וואָלט זיך צו איהם צוהערען ריידען א גאַנצע שטונדע, וואָלט ער איהם ניט גע־כאַפּט אין איין ליגען. אָבער מאַקס איז גאָר ניט געווען צו זעהן אין דער לעצטער צייט. און באַלד איז די גאַנצע זאַך קלאָר גע־וואָרען.

מאַקס האָט בעקומען א כלה, און אז א יונגער מאַן קריגט א כלה, האָט ער זעהר ווייניג צייט פאַר זיינע פריינדע. דזשייק'ען איז לייכטער געוואָרען אויפ'ן הארצען ווען ער האָט ערפאַהרען, אז דאָס איז די ריכטיגע אורזאַכע. הייסט עס, אז מאַקס איז אויף איהם ניט ברוגז, נור פּשוט, דער קאָפּ איז איהם פערדרעהט מיט זיין כלה, און ער האָט קיין צייט צו זעהן זיך מיט זיינע פריינדע. „וואַרט“, טראַכט זיך דזשייק, „וואַרט, ליעבינקער, נאָך דער חתונה וועסטו צוריק קומען צו דיינע גוטע ברידער.“ פאַר שמחה האָט

דזשייק יענעם טאָג גענומען בלאָפען און האַקען ליגענס אויף וואָס די וועלט שטעהט. אָבער עס האָט ניט לאַנג געדויערט און דזשייק איז ווידער געוואָרען א בעל תשובה.

א פּאָאר וואָכען שפּעטער נאָכדעם ווי דזשייק האָט ערפאהרען די אורזאכע ווארום מאקס לאָזט זיך ניט זעהן אין זיין אַלטען קרייז, האָבען א סך פון זיינע פריינדע בעקומען איינלאַדונגען צו מאקס'עס האָכצייט. דזשייק איז געווען דער איינציגער צווישען אַלע פריינדע וואָס האָט קיין איינלאַדונג ניט בעקומען.

ער האָט איינגעזעהען, אז מאקס וויל איהם ניט האָבען אויף דער חתונה.

ווידער האָט ער זיך גענומען די זאַך שטאַרק צום הארצען, און ווידער האָט ער אָנגעהויבען צו ריידען וועניגער, און צו זיין פּינקטליכער אין וואָס ער רעדט.

די חתונה איז אַריבער. דזשייק האָט געהערט, אז די פּאָאר פּאָלק זיינען אָוועקגעפאָהרען אויף א האָכציימס־רייזע. דריי וואָכען נאָך דער האָכצייט האָט דזשייק בעגעגענט מאקס'ען אין גאַס.

„העלאָו", האָט מאקס געזאָגט. „דיך זוך איך טאַקע. איך האָב מיר דיך געוואָלט עפּעס ריידען."

„צוערשט לאָמיך דיר אָבגעבען מזל טוב", האָט דזשייק געזאָגט מיט א געמאַטערטען שמייכעל.

„מיט מזל זאָלסטו לעבען", האָט מאקס געענטפערט. „איך ווייס, אז דו ביזט אויף מיר ברוגז. א ביסעל רעכט האָסטו. אָבער איך האָב געהאַט אַן אורזאכע דיך די גאנצע צייט אויסצומיידען און ניט איינצולאַדען דיך אויף מיין חתונה. מיין רייטשעל איז אַן אונשולדיגער מלאך, א ריינע זעעלע וואָס האָט קיינמאָל געהערט א גראָבען וואָרט. איך בין געווען זיכער, אז דו מיט דיינע בלאָפס און דיינע גראָבע ליגענס וואָלסט אויף איהר געמאַכט א שרעקליכען איינדרוק. און וואָס וואָלט זי דענקען פון מיר ווען איך וואָלט דיך בעטען, אז דו זאָלסט קומען צו מיר היינט אויף סאַפּער. אָבער איך בעט דיך, דזשייק, האַלט איין דיין צונג, בלאָף ניט, זאָג ניט קיין ליגענס, האַק ניט מיט גראָבע רייד. זאָלסט וויסען, אז מיין רייטשעל איז א ליידי. זי קען ניט פערטראָגען א וואָרט וואָס איז ניט אַזוי ווי עס דאַרף צו זיין."

„מאַקס!“ האָט דזשייק געזאָגט אהם אָננעהמענדיג פאַר׳ן האַנד. „מעגסט מיר אויך אָבגעבען אַ מזל טוב. איך האָב אויפגעהערט צו זאָגען ליגען. איך בין געוואָרען אַן אמת׳ער מאַן.“

„דו בלאָפסט!“

„ניין, איך בלאָף ניט!“ האָט דזשייק אויסגערופען מיט פייער. „איך שווער דיר ביי אַלעס, וואָס איז היילינ, אז איך בין געוואָרען אַ בעל תשובה.“

„וואָס איך הער!“ האָט מאַקס אויסגערופען. „זייט ווען איז דאָס געוואָרען?“

„וועל, וואָס מאַכט עס אויס, יעצט בלאָף איך שוין ניט מעהר. איך זאָג נור אמת.“

* * *

אין אבענד איז שוין דזשייק געזעסען ביי זיין פריינד מאַקס צום טיש און געגעסען. רייטשעל איז ווירקליך געוועזען גוט און אונשולדיג ווי אַ מלאך, אַ חוץ איהר שעהנקייט וואָס לאָזט זיך גאָר ניט בעשרייבען. איידעלקייט און גוטסקייט איז געלעגען אין יעדען שטריך פון איהר שעהנעם פנים.

עס איז געוועזען אַ גרויסאַרטיגער מאָהלצייט. דזשייק האָט געפיהלט זעהר גוט. ער איז געוואָרען לעבעדיגער און לעבעדיגער. מאַקס האָט אָנגעהויבען מורא צו האָבען — טאָמער פאַנגט אָן דזשייק זיין אַלטען דרך צו בלאָפען און האַקען מיט ליגענס ווי אין קרוים. אָבער דזשייק איז געוועזען פאָרזיכטיג מיט יעדען וואָרט.

„איהר קענט זיך שוין לאַנג מיט מיין מאַן?“ האָט געפרעגט די יונגע ווייבעל, רייטשעל.

„שוין צוועלף יאָהר“, האָט דזשייק געענטפערט: „אימער געווען די בעסטע גוטע פריינד. אימער צוזאַמען פערבראַכט די צייט.“

„איהר מוזט וועגען מיין מאַן וויסען אַ סך זאַכען“, האָט רייטשעל געזאָגט מיט אַ שמייכעל.

„האַ־האַ־האַ!“ האָט זיך דזשייק צולאַכט. „איך וואָלט געקענט אָנשרייבען אַ גאַנצען בוך וועגען דעם וואָס איך מיט מאַקס׳ען פלעגען אַ מאָל אויפטהאָן. זומער־צייט, אז מיר פלעגען פאָהרען אויף וועקיישען אין דער קאָנטרי, פלעגט מאַקס פערדרעהען אַלע מיידלעך די קעפ. איהם איז געוועזען גענוג צו קענען זיך מיט אַ מיי־

דעל דריי טעג און ער פלעגט זיך שוין ערקלעהרען אין ליעבע, אי, איז דאס געווען א גוד־באי! האַ־האַ־האַ!"

דזשייק האָט אזש נור צוגעמאכט די אויגען פון תענוג. ער האָט ניט געזעהן ווי רייטשעל איז געוואָרען בלאס און ווי מאקס'עס אויגען האָבען געשפריצט פייער.

„מאקס", האָט דזשייק זיך אָבגערופען. „דו געדענקסט ווען מיר האָבען אין קאָני איילאנד זיך בעקאנט מיט די צוויי קאָריסט־קעס. דו האָסט גענומען די רויטע, די גראָבע, און איך די שווארצע, די קליינע?"

„דו בלאָפסט!!!" האָט אויסגעשריען מאקס זיך אויפהויבענדיג פון זיין שטוהל. „דו ביזט א געמיינער ליגנער!"

„גאָט אין הימעל! וואָס טהוט זיך דאָ?" האָט אויסגערופען רייטשעל. זי איז געווען בלאס און האָט געציטערט מיט'ן גאנצען קערפער.

„רייטשעל, גלויב איהם ניט! דאָס איז דער געמיינסטער ליגנער וואָס איז ווען געווען אויף דער וועלט."

„טאָ ווי קומט ער צו דיר? ווארום האָסטו איהם אהער גע־בראכט? איך האָב קיינמאָל ניט געהאט ביזנעס מיט ליגנער."

„מאדאם!" האָט דזשייק געזאָגט. „איך האָב אייך געזאָגט א נארישקייט, אָבער קיין ליגען איז דאָס ניט. עס איז א שלעכטע וועלט. מיין גאנצען לעבען האָב איך געזאָגט ליגען און אייער מאן פלעגט מיר דערפאר אָנטהאָן גרויסע צרות. יעצט, אז איך האָב אָנגעהויבען צו זאָגען אמת, איז נאָך ערגער. ניט מען גלויבט מיר, ניט איך קריג דערפאר גוטע פריינד. א גוטע נאכט. מעהר וועט איהר מיך דאָ ניט זעהן."

מאקס און זיין פרוי האָבען זיך גע'גט. דזשייק בלאָפט וויע־דער אזוי ווי געווען. ער זאָגט, אז דער אמת איז דער גרעסטער שווינדעל.

# ער האָט זיך מודה געווען

סערעה און סאָלאָמאָן האָבען חתונה געהאַט. א האַלב יאָהר האָבען זיי געלעבט אין נחת און אין פריעדען, ווי א פּאָאַר טויבען. זיי זיינען געווען אַזוי צוגעבונדען און אַזוי אָנפערטרויט איינע צו די אַנדערע, דאָס מענשען האָבען אויף זיי געזאָגט אַז זיי זיינען איין נשמה נור מיט צוויי קערפּערס, און נאָך אַזעלכע מליצה.

א האַלב יאָהר נאָך זייער חתונה האָט זיך דער מזל געענדערט. סערעה האָט בעקומען א חשד, אַז סאָלאָמאָן איז איהר ניט געטריי. ניט מיט איין מאָל איז איהר אריין אין קאָפּ דיעזער שרעקליכער געדאַנק. עס איז געקומען ביסלעכווייז. צוערשט האָט זי בעמערקט אַז סאָלאָמאָן פערטראַכט זיך אָפּט. ווען זי האָט איהם איינמאָל געפרעגט וועגען וואָס ער טראַכט, האָט ער מיט א שמייכעל גע־ענטפערט „נאַרישקייטען!“ און ווען זי האָט זיך איינמאָל אויף איהם שטאַרק אָנגעזעצט, האָט ער אין שפּאַס געענטפערט: „איך טראַכט וועגען א שעהנע ווייבעל!“ סערעה האָט איהם אָנגעקוקט פערוואונדערט און פערדייסענדיג דעם נעזעל מיט כעס דאָט זי געפרעגט: „ווער איז די ווייבעל? איז זי שעהנער פון מיר?“

סאָלאָמאָן האָט זיך צולאַכט און געענטפערט:

„זי איז זעהר א שעהן ווייבעל, אַזאַ שעהנעם מזל זאָלען מיר ביידע האָבען!“

„און דו זעהסט זי אָפּט?“ האָט סערעה געפרעגט מיט א ציטערנדע האַרץ.

„יעדען טאָג“.

סערעה האָט זיך איינגעהאַלטען ניט צו פאַלען אין אָהנמאַכט.

„און איהר ליעבט זיך איינע די אַנדערע?“ האָט זי געפרעגט.

„געוויס ליעבען מיר זיך איינע די אַנדערע“.

סערעה וואָלט דאָ זיכער געפאַלען אין אָהנמאַכט, ווען זי וואָלט ניט געזעהן סאָלאָמאָן'ס לאַכעדיגען פּנים.

„ווער איז זי? איך קען זי?“ האָט סערעה געפרעגט.

„געוויס קענסטו זי“, האָט סאָלאָמאָן געענטפערט. זי איז דיין מאמע׳ס א טאָכטער“.

סערעה האָט זיך צולאַכט. ווען איך וועל אויסזאָגען די לעזער אז סערעה איז געווען א בת יחידה ביי איהר מוטער, וועלען זיי אויך לאַכען.

סאָלאָמאָן האָט אָבער ניט געוואוסט פון דעם כלל, אז מיט ווייבער טאָר מען ניט שפּאַסען אין אזעלכע זאכען. דער שפּאַס וואָס ער האָט געמאַכט מיט סערעה׳ן האָט איהם שפּעטער טהייער געקאָסט. כאָטש דער שרעק וואָס ער האָט איהר געמאַכט איז געווען אויף א מינוט, דאָך איז די ווירקונג פערבליעבען אויף א לאַנגע צייט. סערעה האָט בעקומען א פערדאַכט אז דער שפּאַס וואָס איהר מאַן האָט מיט איהר געמאַכט מוז אין זיך האָבען א גרויסען טהייל וואַרהייט. ווען ניט, האָט זי געדענקט, טאָ וואָרום וואָלט איהם איינגעפאַלען גראָדע אזא שפּאַס? זיין צוטראָגענהייט מוז אויך עטוואָס בעדייטען. און וואָס לענגער זי האָט פון דעם געטראַכט, אַלץ גרעסער איז געוואָרען איהר פערדאַכט און אַלץ פעסטער איז זי געוואָרען אין דער איבערצייגונג, אז איהר סאָלאָמאָן האָט ערגעץ א געליעבטע.

עס איז געקומען אזוי וויית, דאָס סערעה האָט איהם אָנגע־הויבען אָפּט ארויסזאָגען וואָס זי טראָגט אין הארצען און איהם פירהאַלטען פאַר זיין אונטרייהייט. סאָלאָמאָן פלעגט מיט איהר טענה׳ן מיט גוטען און איהר געבען צו פערשטעהן אז איהר פער־דאַכט איז געגרינדעט אויף איינבילדונג. אָבער דאָס פלעגט ניט העלפען. סערעה׳ן פלעגט דאָס צורייצען און זי פלעגט אריינפאַלען אין היסטעריקע. איהרע טרעהרען פלעגען איהם ארויסברענגען פון געדולד און ער פלעגט זיך אָפּט צובייזערען.

איינמאָל, נאָך סאַפּער, האָט סערעה זיך אוועקגעזעצט נעבען איהם און צו איהם אזוי געזאָגט:

„הער, מיין מאַן, איך האָב זיך בעדענקט, אז עס איז פיעלייכט פון מיר אן אונרעכט דיך צו האַלטען געבונדען צו מיר, ווערענד דו ליעבסט מיך ניט מעהר. זאָג מיר דעם אמת, אויב דו ליעבסט אן אנדערע און ווילסט מיט איהר חתונה האָבען, וועל איך פון דיר נעהמען א גט“ — — —

זי האָט זיך צובליפּעט און מעהר ניט געקענט ריידען. סאָלאָ־מאָן איז ערשטוינט געוואָרען. איהרע טרעהרען האָבען איהם גע־בראכט אין דער העכסטער פערצווייפלונג.

„אום גאָטעס ווילען!“ האָט ער אויסגערופען. „וואָס טהוט זיך מיט דיר? וואָס פאר אַ שטן האָט זיך צווישען אונז אריינגע־מישט און צושטערט אונזער פּריעדען? איך ליעב קיין פרויענ־צימער אויסער דיך. איך וועל זיך פון דיר ניט שיידען ווען מען זאָל מיר אַפילו געבען מיליאָנען. זאָג מיר, ערקלעהר מיר, איך בעט דיך, וואָס האָסטו געזעהן אין מיר אָדער אין מיין אויפפיהרונג וואָס גיט דיר איין אַ פערדאכט אז איך בין דיר ניט געטריי?“

סערעה האָט געשוויגען, אָבער זי האָט זיך ניט געטרייסט.

„ווייסטו וואָס“, האָט זי געזאָגט, „זיי זיך מודה און איך וועל דיר מוחל זיין“.

„וואָס זאָל איך דיר מודה זיין?“

„דערצעהל מיר אַלעס וועגען דער פרוי וואָס האָט דיר פער־דרעהט דעם קאָפּ. אַלעס, אַלעס דערצעהל מיר, וועל איך דיר מוחל זיין און וועל דיר אויפהערען צו גריזשען. זיי זיך מודה און שווער מיר אַז דו האָסט חרטה און דו וועסט מיר זיין געטריי, וועל איך ווידער זיין דיין גוטע, שטילע און ליעבענדע סערעה ווי אַמאָל“.

אזוי ווי די מאָדע איז, דאַרף אין דיעזען העכסט־דראַמאַטישען מאָמענט פון פאַמיליען־לעבען אָנקומען אַ בעקאַנטע פּאָאָר פאָלק צו גאַסט, גאָר אונגעריכטערהייד. סערעה און סאָלאָמאָן האָבען גע־מוזט צייגען אַ פרעהליכען פּנים און זיי האָבען עמפּפאַנגען די פּאָאָר פאָלק מיט גרויס פריינדליכקייט.

עס האָט זיך אָנגעפאַנגען אַ לעבעדיגער געשפּרעך, אין וועלכען אַלע פיער האָבען גענומען אַן אנטהייל. אין אַ 15 מינוטען ארום איז סערעה ארויס מיט דער פרוי אין אַן אַנדער צימער איהר צייגען נייע מציאות וואָס זי האָט איינגעקויפט אין דעפּאַרטמענט סטאָר. די צוויי מענער זיינען געבליעבען אַליין און האָבען פעררויכערט ציגאַרען.

„נו, ווי געהט עס דיר?“ האָט געפרעגט דער מאַן, וועלכער האָט געהייסען דזשייקאָב און איז געווען סאָלאָמאָן'ס אַן אַלטער פריינד.

„איך בין אויף גרויסע צרות, מיין פריינד", האָט סאָלאָמאָן געענטפערט. „גוט וואָס דו ביזט געקומען, איך האָב ביי דיר געוואָלט פרעגען אַן עצה".

„אויף עצות בין איך אַ גרויסער מאַדים", האָט געזאָגט דזשיי-קאָב מיט שטאָלץ.

„הער צו, דו ביזט דאָך שוין פערהייראַטה ביי זעקס יאָהר און דו האָסט געהאַט מעהר ערפאַהרונג אין פאַמיליען לעבען. דאַרום דענק איך, אַז דו קענסט מיר געבען אַן עצה. אָבער פריהער וויל איך דיר פרעגען אַ שאלה: זיינען אַלע פרויען אייפערזיכטיג אויף די מענער?"

„ענטדעקט אַמעריקא! געוויס זיינען די ווייבער די אייפער-זיכטיגסטע ברואים אויפ'ן ערד-קוגעל. אַנדערע זיינען אייפער-זיכטיג אַביסעל און אַנדערע מעהר. אַנדערע ציינען אַרויס זייער אייפערזוכט אָפען און אַנדערע בעהאַלטען עס ביי זיך אין האַרצען. איך האָב געזעהן פרויען וואָס האָבען ניט געקענט ליידען אַז די דיענסט פלעגט דערלאַנגען זייער מאַן אַ גלאָז וואַסער. איך האָב געזעהן פרויען וואָס האָבען ניט געקענט ליידען ווען זייער מאַן האָט גערעדט אַ פריינדליכען וואָרט אַפילו צו אַ מאַמען אָדער אַ שוועס-טער. און איך האָב געזעהן פרויען וואָס האָבען ניט געקענט ליידען ווען זייער מאַן פלעגט אַ קוש טהאָן אַן אייגענע טאָכטער. עפּעס שפּיעלסטו זיך מיט די ווייבער! זיי זיינען אַ געפעהרליכע גע-זינדעל אין דיעזען ענין".

„הער, אָבער מיט מיינער איז גאָר אַ מאָדנע זאַך, אַ זעלטענ-הייט. זי האָט זיך איינגערעדט אַז איך האָב ערגעץ אַ געליעבטע. זי איז שוין מרוצה מיר מוחל זיין מיין זינד, אָבער זי פאָדערט אַז איך זאָל זיך מודה זיין. זי וויל איך זאָל איהר אַלעס דערצעהלען ווען זי מיר מוחל זיין".

„טאָ זיי זיך מודה און אַ סוף!" האָט דזשייקאָב געזאָגט.

„משוגענער! וואָס רעדסטו? וואָס זאָל איך זיך מודה זיין, אַז איך בין אונשולדיג?"

„הער צו, סאָלאָמאָן, קאָך זיך ניט און בעטראַכט מיינע רייד מיט אַ קאַלטען קאָפּ און איבערלייגונג. דיין ווייב האָט זיך איינ-גערעדט אַ משוגעת, זאָלסט מיר ענטשולדיגען. און אַז אַ אידענע

רעדט זיך עפּעס איין וועסטו דאָס פון איהר קאָפּ ניט ארויסנעהמען מיט טויזענדער ארגומענטען. וואָס מעהר דו וועסט מיט איהר טענה'ן, אַלץ ערגער וועט עס זיין פאַר אייך ביידען. בעסער זיי זיך מודה, עס הייסט: טראַכט עפּעס אויס פון קאָפּ אַ מעשה וועגען אַ שעהנע מיידעל, אָדער אַ ווייבעל, וואָס האָט דיר פערדרעהט דעם קאָפּ. זאָג אַז זי האָט דיך פערפיהרט, אַז דו האָסט ניט געקענט וויעדערשטעהן דעם איינפלוס פון יענער נקבה. זאָג אַז דו האָסט יעצט פאַלקאָמען חרטה און וועסט פון יעצט אָן ווערען גוט און פרום".

סאָלאָמאָן האָט געשוויגען. ער האָט זיך ניט געקענט בע־שליסען אבזיכטליך צו פערפלעקען זיין נאָמען פאַר זיין אייגע־נער פרוי.

„זאָלסט וויסען זיין", האָט דזשייקאָב ווייטער געזאָגט, „אַז פרויען האָבען בטבע ליעב מענער וואָס זיינען אביסעל צולאָזען. איך האָב געזעהן מיידלעך, שעהנע און אנשטענדיגע, וועלכע האָבען זיך פערליעבט אין געמבלער, שכורים און סתם הולטאַיעס. יעדע פון זיי האָט געטראַכט אַז ווען זי וועט הייראַטהען אַ צולאָזענעם מאַן וועט זי איהם מאַכען פאַר אַ לייט. דער מוטערליכער געפיהל וואָס די פרויען בעזיצען עקזיסטירט ניט לגבי קינדער, נור אויך געגען מענער וואָס האָבען עפּעס אַ שוואַכקייט. די ווייבער ווילען דיענען די מענער ניט נור אין דער ראָלע פון אַ פרוי, נור אויך אין דער ראָלע פון אַ מוטער, אָן אויפזעהערין, אַן ערציהערין. ביי דיין פרוי וועט עס זיין אַ בעזונדערער פערגניגען צו מיינען, אַז איהר ליעבע האָט דיך דאָך בעהערשט, אַז דו ביזט איהר געוואָרען אונ־טערטהעניג ווי אַ קינד, אַז דו האָסט זיך צו איהר אַליין מודה געווען. זי וועט דיר פערצייהען מיט'ן פולען הארצען און זי וועט דיך נאָך מעהר ליעב בעקומען. זי וועט דיך אָנהויבען צו ליעבען נאָך מעהר ווי זי האָט דיך ווען געליעבט. זיי ניט קיין נאַרר. פון דרך שלום וועגען מעג מען זאָגען די גרעסטע בלאָפס. פאָלג מיין עצה און דו וועסט מיר דאַנקען".

* * *

עס איז שוין געווען עלף אוהר ביי־נאַכט, ווען דזשייקאָב מיט זיין פרוי האָבען פערלאָזען די הויז. סערעה און סאָלאָמאָן זיינען

שוין געווען שלעפעריג און זיי זיינען אריין אין זייער שלאָפצימער.

סערעה האט זיך אוועקגעזעצט אויפ׳ן בעט. סאַלאָמאָן האט זיך געזעצט אויף א שטוהל איהר אנטקעגען.

„הער, סערעה, וואס איך וועל דיר זאָגען", האָט ער אָנגעפאנגען. „איך האָב זיך בעשלאָסען דיך צו פאָלגען און זיך פאר דיר מודה זיין. אָבער דו דאַרפסט האַלטען וואָרט און מיר מוחל זיין".

„געוויס. איך בין דיר שוין מוחל, נאָר דערצעהל אַלעס. בעהאַלט פון מיר קיין זאך". סערעה׳ס אויגען האָבען געלויכטען פון זיעג, ווען זי האָט די ווערטער ארויסגעזאָגט.

„נאָך איידער איך האָב מיט דיר חתונה געהאט, האָב איך זיך געקענט מיט א מיידעל. איך פלעג מיט איהר אָפט ארומגעהן, אָבער איך האָב פאר איהר שטארק ניט געקעהרט. ווען איך האָב חתונה געהאט מיט דיר, האָט זי חתונה געהאט מיט אַן אנדערען. פיער מאָנאטען נאָך דעם ווי איך האָב מיט דיר חתונה געהאט, האָב איך זי בעגעגענט אין גאַס. זי איז געווען פערפוצט ווי א ליאַלקע. זי האָט מיר דערצעהלט, אַז זי האָט חתונה געהאט פאר אַן אַלטען מאַן, וועלכער איז זעהר רייך און גיט איהר אַלע פערגעניגענס. זי האָט מיט מיר גענומען קאַקעטירען און איך וויים ניט וואס מיט מיר איז געווען, עפּעס א טייוועל איז אין מיר אריין און איך האָב זיך פון איהר געלאָזט פערדרעהען א קאָפּ. זייט דאַן פלעג איך זי זעהן זעהר אָפט".

„וואו פלעגט איהר זיך זעהן און אין וועלכער צייט".

„ביינאַכט, ווייסטו דאָך, בין איך ענטוועדער מיט דיר אין דער היים, אָדער איך געה מיט דיר ערגעץ אויס. נו, פלעג איך זיך מיט יענער טרעפען בייטאָג. איך פלעג זי בעזוכען ביי איהר צו הויז, ווייל איהר מאַן איז קיינמאָל בייטאָג ניטאָ אין דער היים".

„און ווי האָסטו קיין מורא געהאט טאָמער קומט אָן איהר מאַן פּלוצלונג?"

„נו, דארויף בין איך דאָך אַן אגענט פון לעבענס־אסעקוראַנץ. מיר האָבען שוין געהאט א פערטיגען אויסרייד".

„אַי, דו צולאָזענער!" האָט סערעה געזאָגט אביסעל אָנגע־

בלאָזען. „אַלע מענער זיינען צולאָזען און פאַלש. יעצט זעהסטו זי ניט מעהר?“

„יעצט ווייך איך איהר אויס. זי האָט מיר דערעסען. איך האָב בעקומען צו איהר אַן עקעל און איך האָב דאָס איהר שוין געזאָגט“.

„איז זי שעהנער פון מיר?“ האָט סערעה געפרעגט.

„גאָה, נאַר, זי קומט ניט אפילו צו דיר אויף אַ האָאָר. זי איז ניט ווערטה דיין מינדעסטען נאָגעל. איך קען גאָר ניט בעגרייפען ווי אזוי איך האָב זיך געלאָזט פון איהר בעאיינפלוסען. עס איז געווען אַ מין משוגעת פון מיר. איך רייס זיך יעצט די האָאָר פון קאָפּ. איך קען זיך דאָס גאָר ניט פערצייהען“.

„זאָל זיין געגנוג, סאָלאָמאָן, איך פערצייהע דיר. קום נעהם אַרום דיין סערעה׳ן און פערגעס אַלעס וואָס עס איז געווען“.

און אין צימער האָט געהערשט אַ גליקליכער פריעדען.

# די אייביגע רעטענים

עס טרעפט אַמאָל אַ מענשען, אַזאַ שטימונג קומט איהם אָן, דאָס ער וויל אויסדערצעהלען זיין גאַנצע פערגאַנגענהייט, אויפדעקען די בעהאַלטענע בלעטלעך פון זיין לעבענס־געשיכטע און זיי פערטרויען זיין אייגענע ווייב. דאָס איז אָן אָנפאַל פון פערטרויליכקייט וואָס איז גראַדע אַזוי שווער איינצוהאַלטען ווי אַן אָנפאַל פון משוגעת. מען וויים ניט ווי אַזוי דאָס קומט אָן, נור אין מח הויבען זיך אָן טראָגען בילדער פון דער יוגענדליכער פערגאַנגענהייט, עס נעהמט אָן אַ חשק די עראינערונגען אָבצופרישען, אין האַרצען הויבט אָן צו רופען און די נאַרישע צונג הויבט אָן צו פּלאַפּלען זאַכען וועלכע עס וואָלט בעסער געווען צו פערגעסען, און מען האָט דערנאָך חרטה דאָס גאַנצע לעבען.

מיין פריינד יונה קוקורוזע האָט איינמאָל בעקומען אַזאַ אָנפאַל פון פערטרויליכקייט און זיין נאַרישע צונג האָט אָנגעהויבען ארויסצוגעבען סודות פון זיין פערגאַנגענהייט ווען ער איז נאָך געווען אַ פרייער בחור. ער האָט זיין ווייבעל פערצעהלט וואָס פאַר אַ ווילדער חברה מאַן ער איז געווען און וואָס פאַר אַ מעשים ער פלעגט אָבטהאָן אויף פּיקניקס און עקסקוירשאָנס; ראָמאַנסען וואָס ער האָט געפיהרט מיט מיסעסען און מיט באָרדערקעס; און נאָך אַ סך זאַכען האָט ער איהר דערצעהלט, וואָס ער האָט ניט בעדאַרפט דערצעהלען.

און זי, ראָזע, מיין פריינד'ס יונגע ווייבעל, האָט די זאַכען אויסגעהערט מיט בעוואונדערונג און מיט שטוינען. „דאַכצעך אַזאַ שטילינקער האָסטו אימער געשיינט צו זיין!“ האָט זי אויסגערופען. „ווער וואָלט דאָס גלויבען אז דו ביזט געווען אַזאַ צולאָזענער יונג!“

א ווײַלע איז געווען שטיל. מיין פריינד יונה (ווי ער האָט מיר שפּעטער אַליין דערצעהלט) האָט שוין אָנגעהויבען חרטה צו האָבען אויף זיין אונבערעכענטען שריט. אָבער פּלוצלונג איז גע־

שעהן עטוואס אונערוואַרטעטעס: ראָזע, זיין ווייבעל, איז איהם געפאַלען אויפ׳ן האַלז און האָט אויסגערופען:

„טהייערער מיינער! גאָלד מיינער! לעבען מיינער! ביזט ביי מיר יעצט נאָך טויזענד מאָל טהייערער ווי געוועז. איך ווייס אַז דו ליעבסט מיך ווייל דו האָסט דאָס מיר אַלעס פערטרויט. צוליעב מיר וועסטו יעצט זיין גוט און עהרליך. זאָג, יע? צו־ליעב מיר?“

„יע“, האָט יונה געענטפערט.

„זאָג מיר נאָך א מאָל, גאָלד מיינער, ווארום האָסטו מיר דיעזע אַלע זאַכען דערצעהלט? הא? דאָס איז ווייל דו ליעבסט מיך שטארק, דו האָסט ניט געוואָלט אַז עס זאָל קיין זאַך זיין פערבאָרגען פון מיר, אה?“

„יע“.

„איך פערשטעה דיך גוט, טהייערער מאַן מיינער, עס האָט דיך געפּלאָגט דיין געוויסען, א שווערער שטיין איז דיר געלעגען אויפ׳ן הארצען און דו האָסט געוואָלט דאָס הארץ זיך לייכטער מאַכען. קיין אַנדערען אויסער מיר וואָלסטו אַזעלכע זאַכען ניט פערטרויט, אה?“

„ניין“.

„און איך וועל דיר זאָגען, מיין מאַן, אַז איך בין דיר אַלעס מוחל מיט׳ן פולען הארצען. און איך זאָג דיר אַז דו האָסט גוט געטהאָן, וואָס דו האָסט זיך פערטרויט אין מיר. קענסטו געפינען א בעסערען פריינד אין דער וועלט? ווער קענסטו אַזוי פער־טרויען ווי דיין אייגענער פרוי?“

„קיינעם ניט“, האָט ער געענטפערט, א ביסעל שרעקענדיג.

* * *

פון דאַן אָן האָט די יונגע ווייבעל אָנגעהויבען צו נעהמען א טיעפע אינטערעסע אין איהר מאַן׳ס פרעהליכע פערגאַנגענהייט. יעדען אבענד, אין די זיסע מינוטען פון ווארימע צערטליכקייט פלעגט מיין פריינד יונה, אויף דעם פערלאַנגען פון זיין יונגע ווייבעל ראָזע, זיך גריבלען אין זיינע עראינערונגען און פאַנאַנדערלייגען פאַר איהר אַלע זיינע אַמאָליגע שטיפערייען און לעבעדיגע הוליאַנקעס מיט אַלע איינצעלהייטען. זי פלעגט זיך צוהערען מיט א ברענענדען

דאָרשט און פלעגט שלינגען יעדעס וואָרט וואָס איז ארויס פון זיין מויל. און ווען ער פלעגט ענדיגען וועגען עפּעס אַ סקאַנדאַלכעלע, וועגען עפּעס אַ מיאוסע מעשה׳לע, פלעגט זי איהם מיטביידע הענד ארומנעהמען און אויסרופען:

„אַך, ווי שרעקליך צולאָזען! האָסט מיך אין גאַנצען אָבגע־נארט. איך האָב געמיינט אַז איך האָב חתונה געהאַט מיט אַ מלאך. ערשט ביזטו ערגער ווי צעהן טייוואָלים. אָבער, מיין גאָלד, מיין לעבען, ביזט מיר דערפאַר נאָך אַ מיליאָן מאָל טהייערער!"

און מיין פריינד יונה האָט אויף איהר געקוקט און זיך גע־וואונדערט. און אין הארצען האָט ער זיך געטראַכט: ווער קען פערשטעהן אַ פרוי? זי איז דאָך אַן אייביגע רעטענעס!

נור בעמערקט האָט מיין פריינד יונה, אַז זיין ווייבעל ווערט עפּעס איינגעצויגען. טאָג צו טאָג איז זי געוואָרען מאָגערער און בלאַסער, און וואָס טיעפער איהרע אויגען זיינען אריינגעפאַלען אין זייערע לעכער, אַלץ העלער האָבען זיי געלויכטען. ער האָט ניט געקענט פערשטעהן פאַר וואָס און פאַר ווען. קערפערליך האָט מען געזעהן אַז זי געהט אויס ווי אַ ליכט; גייסטיג איז זי אָבער געווען פריש און מונטער און איהר אינטערעסע אין איהר מאַן׳ס פערגאַנ־גענהייט האָט זיך נאָך פערשטאַרקט.

אזוי איז דאָס געגאַנגען ביז די פרוי איז געוואָרען שוואַכער און שוואַכער. דאָקטוירים האָבען ניט געקענט פערשטעהן איהר קראַנקהייט און זיי האָבען איהר געהייסען פאָהרען אין אַ סאַני־טאַריום פאַר נערווען־קראַנקע. דאָרט איז זי אַוועקגעשטאָרבען.

* * *

אַ יאָהר איז אריבער און אַ ביסעל מעהר. מיין פריינד יונה האָט איינגעזעהן אַז עס איז ניט גוט פאַר אַ מענשען צו זיין אַליין.

עס איז איהם איינגעפאַלען אַ געדאַנק צו הייראַטען זיין פרוי׳ס בעסטע פריינדין, אַמאַליע האָט זי געהייסען. אַמאַליע איז געווען אַ מיידעל פון אַ יאָהר 28, אַן אידעאַליסטקע, וועלכע האָט אַלץ געוואָרט אויף דעם ריכטיגען מאַן וועלכען עס זאָל ווערטה זיין צו ליעבען, און אויב ניט צו ליעבען, איז כאָטש צו אַכטען. ווען ראָזע האָט געלעבט איז אַמאַליע געווען אַן אָפטע גאַסט ביי זיי אין הויז.

איך בין זיכער אַז זי וועט מיך הייראַטען — האָט ער זיך

געטראכט. — זי האָט אימער מיר אַרויסגעצייגט אַ גוטע מאָאָס פריינדשאפט. זייענדיג מיין פרוי׳ס בעסטע פריינדין וועט זי ביי מיר אין הארצען קענען פערנעהמען דעם פּלאַץ פון מיין זעליגער פרוי.

אזוי האָט זיך מיין פריינד יונה געטראכט. נור ווען ער איז געקומען צו אמאליען און האָט איהר געמאכט דעם פאָרשלאַג, האָט זי איהם גאנץ געלאסען געענטפערט:

„לײדער קען איך אייער פאָרשלאַג ניט אָננעהמען“.

„מעג איך פרעגען ווארום?“ האָט ער געפרעגט.

„ווייל“, האָט זי געענטפערט, זאָגענדיג איהם אַ סוד אין אויער, „ווייל איך ווייס אַלעס וועגען אייער פערגאנגענהייט“.

ווי אַ פייל פון בויגען איז מיין פריינד יונה ארויסגעלאָפען פון אמאליע׳ס הויז. אזוי האָט עס איהם זיין אייגענע פרוי פער־ראטהען. די סודות פון זיין לעבען וואָס ער האָט איהר פערטרויט, האָט זי אַרויסגעגעבען צו אַן אַנדערער!

אַ ווילדער כעס האָט זיך אויפגעקאָכט ביי איהם אין הארצען געגען זיין פערשטאָרבענער פרוי און ער איז געווען בערייט צו טהאָן עפּעס שרעקליכעס: ער וועט הייראטהען איהר ערגסטען שונא, מאדאם שפּרינגער.

דיעזע מאדאם שפּרינגער איז געווען אַ יונגע אַלמנה און איז אויך געווען בעפריינדעט מיט זיין פרוי. אָבער דאָס איז געווען פון יענע זאָרט פריינדשאפט וואָס אין די אויגען קוסט מען זיך און הינטער די אויגען שילט מען זיך איינע די אַנדערע מיט טויטע קללות. מען בעזוכט איינע די אַנדערע בלויז אום צו שטעכען די אויגען מיט אַ נייע קלייד, אָדער אַ נייעם הוט.

מאדאם שפּרינגער וועט מיך געוויס הייראטהען — האָט ער זיך געטראכט. זי פלעגט אימער מאכען צו מיר אויגעלאַך און מיין פרוי פלעגט אָפטמאָל ווערען אייפערזיכטיג צוליעב איהר. אַ גוטער פּלאַן!

ער איז געקומען צו דער יונגער אַלמנה און געמאכט זיין פאָרשלאַג.

„וואָס???“ האָט זי אויסגערופען אַ בעליידיגטע, אַ צוקאָכטע.

„איהר מיינט אז איך בין אויך אזא נאר זיך צו לאָזען פערדרעו..ן דעם קאָפּ פון אזא ווי איהר? ניין, איך קען אייך. אייער פרוי האָט מיר אלעם דערצעהלט וועגען אייך!“

מיין פריינד יונה איז ארוים פון מאדאם שפּרינגער׳ס הויז זיך האלטענדיג דעם קאָפּ מיטביידע הענד.

„אכט יאָהר געלעבט מיט א פרוי“, האָט ער געזאָג ט צו זיך, „און איך האָב זי ניט געקענט און זי איז נאָך פאר מיר יעצט פער־בליבען א רעטענים!“

# אייפערזוכט

זונדעלמאַן איז געקומען מיט זיין פרוי אַהיים פון טהעאַטער. עס איז געווען די הונדערטע פאָרשטעלונג פון דער מעלאָדראַמאַ „דער מוזיקאַלישער היישעריק“, און צוליעב דעם האָט יעדער פון פובליקום בעקומען אַ סואוועניר — אַ ביכעל מיט בילדער פון די אַקטיאָרען און די אַקטריסעס.

„סעם“, האָט געזאָגט מיסעס זונדעלמאַן, ווען זי האָט אָנגעצונדען די געז אין זייער קיך. „דו האָסט מיטגעבראַכט דעם ביכעל? אויף וואָס דאַרפסטו דאָס? איך האָב מיין ביכעל אַוועקגעוואָרפען אויפ׳ן וועג. אַ טהייערע מציאה! איך האָב געמיינט זיי וועלען געבען עפּעס רעכטס! אַ ביכעל מיט פיקטשורס! איך קען דאָס קריגען ביים אַפּטייקער יעדען טאָג. וואָס, דו זעצסט זיך נאָך לעזען דעם ביכעל? וואָס איז דאָרט דאָ וואָס צו לעזען?“

„שעהנע בילדער“, זאָגט סעם. „גיב אַ קוק, עני. אָט דאָס איז אַ בילד פון דער פרימאַדאָנאַ מיסס טראַלאַלייקע. זעה, וואָס פאַר אַ פיגור זי האָט! זעה די שולטערען, די אָרעמס, די הענד, די פינגער — אַזוי ווי אויסגעטאָקט פון אַ סקולפּטאָר! איך דענק מיר וועלען דאָס בילד אַריינטהאָן אין אַ ראַמקע און אויפהייגען אין פראָנט צימער.“

„נאָך וואָס! געפונען אויף וואָס געלד אויסצוגעבען! עס לוינט זיך טאַקע! וואָס איז זי מיט דיר געווען פאַר אַ מחותנת׳טע?“

„אַי, עני, ביזט גאָר אַ נאַר. וואָס הייסט וואָס פאַר אַ מחותנת׳טע? זי איז אַן אַרטיסטין, אַ קינסטלערין, טאָ וואַרום זאָל איהר בילד זיך ניט געפינען אין פראָנט צימער? דאָרט האָבען מיר אַ סך בילדער פון גרויסע לייט. אַזאַ בילד איז אַ ציערונג. זי האָט אַ קלאַסישע פיגור. מען דאַרף דערצו נור קריגען די ריכטיגע ראַמקע. גיב נור אַ קוק — קוק זיך איין: זעה די ליניען פון די שולטערען. זעה די הענד, די פינגער — אַ מייסטערווערק וואָס די נאַטור שאַפט נור איינמאָל אין טויזענד יאָהר.“

סעם איז געווען אזוי בעגייסטערט פון זיינע רייד, דאָס ער האָט גאָר ניט בעמערקט ווי עני איז געוואָרען בלאַסער ווי אימער און ווי איהר קערפּער האָט אַ ציטער געטהאָן.

„סעם!“ האָט זי געזאָגט און אין איהר שטימע האָט זיך געהערט אַ גרויסע אַנשטרענגונג. „סעם, דו מיינסט אַז זי איז טאַקע אַזוי שעהן? די פּיקטשור איז פון איהר גענומען געוואָרען אפשר מיט דרייסיג יאָהר צוריק. זי איז שוין אַן אַלטע. ניט מעהר — זי פּאַרבט זיך, זי שמירט זיך. ווען איך וואָלט געהאַט אָט די מיטלען וואָס די אַקטריסעס האָבען, וואָלט איך אויסגעזעהן אַזוי שעהן. איך האָב אויך געהאַט אַזאַ פיגור. פונפצעהן יאָהר פערהייראַטער לעבען איז ניט קיין קלייניגקייט, און נאָך קינדער געדאַרפט ניאַנטשען, אַזוי פיעל אויסגעשטאַנען ביז איך האָב דערלעבט אַז איך קען שוין איבערלאָזען די קינדער אַליין און אַמאָל געהן אין אַ טהעאַטער“ —

„וואָס האָסטו זיך צוואוויינט, נאַר איינע?“

„געה שוין שלאָפען, מיין טהייערע“, האָט סעם געזאָגט. „ביזט מיעד“.

מיט אַ זיפץ האָט עני פערלאָזען די קיך. סעם האָט זיך געמאַכט טהעע פון ווארימע וואַסער וואָס ער האָט געפונען אויפ׳ן אויווען, און זיך אַוועקגעזעצט טרינקען, קוקענדיג אויף דעם ביכעל מיט די בילדער.

ער האָט ניט בעמערקט אַז עני האָט שטילערהייד אַריינגערוקט איהר קאָפּ דורכ׳ן טיהר און געקוקט אויף איהם, געקוקט ווי ער נעהמט די אויגען ניט אַראָב פון דעם ביכעל.

פּלוצלונג האָט ער זי דערזעהן.

„וואָס איז, עני?“ האָט ער געפרעגט. „איך האָב געמיינט דו שלאָפסט שוין“.

„איך קען ניט איינשלאָפען, סעם, איך פיהל עפּעס ניט גוט. איך בין נערוועז. דער ווינד קלאַפּט אין די שויבען. איך האָב מורא.“

סעם האָט אַוועקגעלייגט דעם ביכעל, אויסגעלאָשען די גאַז אין קיך און איז אַוועק פיקסען אַז די שויבען זאָלען זיך ניט קלאַפּען. נאָכדעם האָט ער זיך געלייגט שלאָפען.

* * *

אויף מאָרגען איז עני אויפגעשטאַנען פריהער פון איהר מאַן. און ווען זי האָט געפונען אין קיך יענעם ביכעל מיט די בילדער, האָט איהר אָנגענומען א חשק דאָס ביכעל צו פערניכטען, אויף פיצלעך צורייסען.

„מאַמא, גיב מיר דאָס!" האָט געבעטען דזשייקי, איהר מיזי־ניקעל, דריי יאָהר אַלט. „גיוו מי דהי פיקטשערס!"

זי האָט איהם געגעבען דאָס ביכעל. אין עטליכע מינוטען ארום האָט עס דזשייקי צופליקט און פון דער פרימאַדאָנא, מיסס טראַלאַלייקא, זיינען געבליבען בלויז שטיקלעך און ברעקלעך.

„אַן עברה!" האָט אויסגערופען סעם, ווען ער האָט שפּעטער געזעהן די צוואָרפענע שטיקלעך פון דעם ביכעל. „א שאָדען! מיך פערדריסט ניט אזוי אויף דעם ביכעל ווי אויף דער פיקטשור פון מיס טראַלאַלייקע".

און עני האָט געפיהלט אז אין הארצען האָט איהר א שטאָך געטהאָן אזוי ווי מיט א שפּיז.

# עס איז גאָר אַן אַנדער סערעה

עס איז געווען שבת און מאַקס האָט ניט געאַרבייט.

נאָכמיטאָג האָט ער געוואָלט גען א ביסעל שפּאַצירען אין פּאַרק. געוועהנליך, אז מען געהט, דאַרף די ווייב אויך געהן.

„סערעה!" האָט ער געזאָגט, „טהו זיך אָן, לאָמיר געהן א ביסעל אין פּאַרק."

„וואָס איז? איך בין דען ניט אָנגעטהאָן?" האָט סערעה געפרעגט.

„איך מיין, ווילסט זיך אפשר א ביסעל צוקלייבען?" האָט מאַקס געשטאַמעלט.

„וואָס זאָל איך זיך צוקלייבען?" האָט סערעה געפרעגט. „וואָס איז? איך געפעהל דיר ניט אזוי?"

„דו געפעהלסט מיר אזוי, אָבער..." מאַקס האָט ניט געענדיגט.

„וואָס אָבערסטו מיר? קענסט געהן אַליין, אויב איך געפעהל דיר ניט."

„ווער האָט דיר געזאָגט, אז דו געפעהלסט מיר ניט? וואָס רעדסטו זיך איין, דו נאַר?"

„נו, איך וויל ניט געהן אין פּאַרק," האָט סערעה געזאָגט אָנגעבלאָזען.

„נו, געה איך אויך ניט," האָט מאַקס געענטפערט.

„נו, געה ניט, איך עסס זיך אָב די האַרץ!"

מאַקס האָט געשוויגען און געקוקט אויף סערעה'ן, וועלכע האָט זיך אוועקגעזעצט אין א וויעג־שטוהל און גענומען זיך וויעגען ווי מיט להכעיס. עס איז דאַכט זיך די זעלבע סערעה. אָבער זי איז געוואָרען גאָר אַן אַנדערע! דער זעלבער נאָז, די זעלבע אויגען, דער זעלבער פּנים, אָבער פאַר דער חתונה איז זי גאָר געווען אַנדערש.

וועמעס שולד איז דאָס? זיינע אָדער איהרע? ער הויבט אָן זי פערגלייכען פון א מאָל ביז היינט. דער א מאָל איז געווען ערשט

מיט א יאָהר צוריק, עטוואָס מעהר ווי א יאָהר. סערעה האָט שוואַרצע האָאָר, די זעלבע האָט זי דאַן אויך געהאַט, נור דאַן זיינען זיי געווען שעהן פערקאַמט, אין אַזאַ אָרדנונג, וואָס האָט זיך גע־פּאַסט צו איהר לענגליכען געזיכט. עס האָט זיך גאָר דאַן ניט אַרויסגעזעהן ווי דאַר זי איז אויפ׳ן פּנים. אויף איהרע ליפּען איז אימער געווען א שמייכעל און זי פלעגט זיצען אַזוי גלייך, דעם קאָפּ געהאַלטען אין דער הויך, ניט ווי יעצט איינגעבויגען, אַזוי ווי א האָרב וואָלט איהר געלעגען אויפ׳ן רוקען. איהרע אויגען האָבען דאַן געלעבט, געקוקט אויף יעדע זאַך מיט לעבען און אינטערעסע, ניט ווי יעצט, פערשלאָפען און פעראומערט.

ער געדענקט דאַן, ווען זיי זיינען דעם לעצטען מאָל פאַר זייער חתונה אויסגעפאָהרען אין פּראָספּעקט פּאַרק. סערעה האָט געהאַט א בלויע קלייד און א יאַקעל ווייס ווי שנעע. אין איהרע האָאָר האָט זי געטראָגען עפּעס א רויטע ליענטע, זי איז געווען אַזוי ריין און ציכטיג אַרום זיך, לוסטיג און לעבעדיג און האָט אַזוי געלאַכט און געפרעהט זיך פון זיין יעדען וואָרט. אין פּראָספּעקט פּאַרק זיי־נען זיי געזעסען אויף א ביינקעל, ביים טייכעל, פאַר־נאַכט. קאַטש־קעס זיינען געשוואומען אין וואַסער, זיך געפּליוסקעט און גע׳חנ׳־דעלט זיך מיט די פליעגלען, און די זשאַבעס האָבען געמאַכט חוזק אויפ׳ן קול. א פערשלאָפענע פויגעלע האָט געפּיפּצעט קריאת־שמע מיט איהרע קינדערלעך אין א נעסט איבער זייערע קעפּ. ער, מאַקס, איז געזעסען און אַרונטערגעקוקט אין וואַסער. „וואָס קוקסטו?“ האָט איהם דאַן סערעה געפרעגט. „איך קוק אויף דיר“, האָט ער געענטפערט. „זעה, אין וואַסער איז דאָ אויך אַזאַ סערעה ווי דו.“ סערעה האָט דאַן געזאָגט: „אָבער יענע סערעה איז אין בלאָטע. קוק בעסער אויף מיר.“ און ער האָט אויף איהר געקוקט און זיי האָבען צוגעלייגט א קאָפּ צו א קאָפּ און מאַקס האָט זיך געפיהלט אין זיעבעטען הימעל פון גליק.

וואָרום קען ער יעצט ניט האָבען דעם זעלבען פערגעניגען? ער וואָלט וועלען נאָך א מאָל אַרויסגעהן אין פּאַרק, ווידער זיצען נעבען סערעה׳ן, אַזוי ווי א מאָל, ריידען, פערברייינגען, קוקען אויפ׳ן וואַסער און געניסען די נאַטור און דאָס לעבען.

„סערעה, קום אַהער, איך וויל מיט דיר עפּעס רייד ן," האָט מאַקס געזאָגט מיט אַ ווייכען טאָן.

סערעה האָט זיך געזעצט נעבען איהם.

„סערעה, דו ווייסט, אז דו האָסט זעהר שעהנע האָאר", און ער האָט איהר אַ גלעט געטהאָן איבער'ן קאָפּ. „נישט מעהר דו האָלסט זיי ניט אין אָרדנונג. אַ מאָל, געדענקסטו, אַ מאָל פלעגסטו זיך פערקאַמען אזוי שעהן, אַז אַלע פלעגען קוקען אויף דיר...."

סערעה האָט געשמייכעלט.

„הער, סערעהלע, דו האָסט נאָך יענעם ווייסען יאַקעלע? עס פּאַסט דיר זעהר, שבת האָסטו דאָס געדאַרפט טראָגען."

„דאַרטען פעהלען קנעפּלעך. איך פערגעס זיך איינצונעהען."

„אַן עברה אַזאַ יאַקעל. הער צו, סערעה, וואָס איך וויל דיר זאָגען", און ער האָט ווידער אַרויפגעלייגט די האַנד אויף איהר קאָפּ. „דו ביזט זעהר אַ שעהנע, נור דו לאָזט זיך אָב, דו קעהרסט ניט מעהר פאַר זיך, אַזוי ווי דו וואָלסט זיין בייז אויף מיר.... הער, סערעהלע, טהו אָן דעם ווייסען יאַקעל און די בלויע קלייד, פאַרקעם די האָאר און פּוצע זיך אויס אַזוי ווי אַ מאָל, ווי פאַראַיאָהרען, אין פּאַרק, געדענקסטו? אַי, ביסטו דאַן געוועזן שעהן!...."

„און אַזוי געפעהל איך דיר ניט?"

„יעס, דו געפעהלסט מיר, דו ביזט מיר ליעב, אָבער איך וויל דיך זעהן ווי אַ מאָל, ווען דו ביזט געוועזן מיין כלה, מיין זיסע ליעבע כלה."

„נו, דאַן בין איך געוועזן אַ כלה, וואָס האָב איך זיך יעצט צו פּוצען? וועמען דאַרף איך געפעהלען? נאַרישער מאַן! אַזאַ גולם האָב איך נאָך ניט אָנגעזעהען. וואָס בין איך עפּעס אַ קאָקעטקע וואָס איך וועל זיך געהן פּוצען און שטעהן פאַר'ן שפּיעגעל. איך האָב אַ הויז צו אַטענדען! נאַרישער מאַן! רעדסט ווי אַ אינגעל! אַ ליאַלקע האָט זיך איהם פערוואָלט!"

מאַקס האָט געשוויגען און געקוקט אויף סערעה'ן — עס איז גאָר אַן אַנדער סערעה געוואָרען.

# די לעצטע נאַכט

(אַ פּאַסירונג)

געשעהן איז דאָס אזוי. אין ניו יאָרק איז פון איירּאָפּא אָנגע־
קומען אַ פרישער גדול, אַ בעוואוסטע פּערזאָן, און עס האָט זיך גלייך
געגרינדעט אַ קאָמיטע איהם צו מאַכען אַ גרויסען רעספּעקשאָן און
איהם פערטיילען כבוד אויף'ן טאָן. דיזע קאָמיטע האָט זיך פער־
טהיילט אין סאָב־קאָמיטעס, וועמעס אויפגאַבע עס איז געווען צו
אַמוזירען דעם געעהרטען גאַסט, איהם ארויסצופיהרען איבער פער־
שיעדענע קווארטאַלען, און איהם צו ציינען דאָס טאָג־לעבען און
דאָס נאַכט־לעבען פון ניו יאָרק. צווישען די סאָב־קאָמיטעס איז
אויך געווען אַ „טשייניטאָון קאָמיטע", מיט דעם צוועק צו פיהרען
דעם געעהרטען גאַסט אין כינעזישען קווארטאַל פון ניו יאָרק און
איהם צו צייגען די דאָרטיגע מערקווירדיגקייטען.

אַ בעוואוסטער אַפּטאונער דאָקטאָר און איך, דער שרייבער
פון דיזע צייל‍ען, זיינען געווען די גאַנצע סאָבקאָמיטע. איך וועל
אייך יעצט אויסזאָגען אַ סוד, אַז איך האָב וועגען טשיינאַטאון גע־
וואוסט ניט פיעל מעהר פון אונזער געעהרטען גאַסט, דען אין די
צוואַנציג יאָהר וואָס איך וואוין אין ניו יאָרק, האָב איך נור איינמאָל,
מיט 10 יאָהר צוריק, דורכגעשפּאַציערט די דריי הויפּט־געסלעך פון
כינעזישען קווארטאַל, אָבער איך האָב מורא געהאַט אריינצוגעהן
איננוועניג אפילו אין איינעם פון די פערשיעדענע און מערקווירדי־
גע עס־און־טרינק־הייזער און פערדעכטיגע אַלעען. אין יענער צייט
איז דער קווארטאַל געווען זעהר אונזיכער פאַר אַן אונבעקאַנטען.
אָבער אַז די קאָמיטע האָט מיך ערנאַנט, און איך האָב געזעהן, אַז
דער דאָקטאָר האָט דעם אַמט אָנגענומען מיט גרויס צופריעדענהייט,
איז ביי מיר גאָר קיין צווייפעל ניט געווען, אַז דער דאָקטאָר איז
דאָרט גוט בעקאַנט, און ער וועט זיין אונזער וועג־ווייזער.

שבת־צו־נאַכט, האָבען מיר משער געווען, דאַרף זיין לעבעדיג
אין כינעזישען קווארטאַל. און מיר זיינען טאַקע אהין געגאַנגען

אין דעם אבענד. צוערשט האָבען מיר געמאַכט אַ קורצען שפּאַציר איבער די ענגע קרומע געסלעך. מיר האָבען בעטראַכט די שמוציגע טענעמענט־הייזער, אריינגעקוקט אין די קרעמלעך, אין וועלכע עס זיינען געווען אויסגעשטעלט פערשיעדענע כינעזיש סחורות. דאָ זיינען ארומגעגאַנגען אָרימע, אָבגעריסענע „טרעמפּס" און אויך רייך־געקליידעטע מענער און פרויען, וועלכע זיינען געקומען אין אָטאָמאָ־בילס. די וואָס שטעהען אויף דער שפּיצע פון׳ם לייטער און די וואָס זיינען שוין אראָבגעפאַלען אין טיעפען אָבגרונד קומען זיך צוזאמען אין טשייניטאָון.

אַ שילד מיט דעם אויפשריפט „שאַנגהאַי" האָט אונז אריינ־געגעבען אַ חשק אריינצוגעהן און זעהן וואָס דאָרט טהוט זיך. אריינקומענדיג האָבען מיר געזעהען, אז דאָס איז אַ גרויסע האַלע הינטער אַ ביער־סאַלאָן. אין דער האַלע זיינען געווען אַ גרויסע צאָהל טישלעך, ארום וועלכע עס זיינען געזעסען מענער און פרויען פון פערשיעדענע ראַסען און קלאַסען. אַזאַ ערב רב, אַזאַ צוזאַ־מענגעמיש פון מענשליכע געשטאַלטען האָב איך קיינמאָל ניט געזעהן זעהן אונטער איין דאַך.

בלויז אַ האַלב דוצענד כינעזער האָבען זיך געפונען צווישען די זעכציג אָדער זיבציג ווייסע מענשען וואָס זיינען דאָרט געווען. די מייסטע זיינען געווען מענשען וואָס זיינען געקומען זעהן דעם קוואַרטאַל, פיעלייכט צום ערשטען מאָל אין זייער לעבען. מען האָט לייכט געקענט דערקענען וועלכע פרוי איז דאָ געקומען אַלס אַ גאַסט און וועלכע בעלאַנגט צום קוואַרטאַל. דעם צווייטען סאָרט האָט מען לייכט געקענט מערקען דורך זייערע פרייע מאַניערען און זיי־ערע אויגען, וועלכע האָבען אין זיך געהאַט דעם פרשלאָפּענעם קוק פון אָפּיום רויכערס.

מיר האָבען זיך צוגעזעצט. אונזער געעהרטער גאַסט האָט פערפיהרט אַ געשפּרעך מיט אַ הויכע בלאָנדין, אַ דייטשקע, וועלכע האָט איהם גלייך געגומען רופען „שאַטץ". צום דאָקטאָר איז צוגע־קומען אַ לעבעדיגע, לאַבעדיגע, איירישע מיידעל, וועלכע האָט גע־רויכערט אַ סיגאַרעטעל. איך האָב ניט געוואוסט וואָס אָנפאַנגען צו טהאָן. זייענדיג בטבע זעהר אַ שעהמעדיגער האָט די סצענע אויף מיר געמאַכט אַ שלעכטען איינדרוק. עס האָט מיר אָנגעהוי־

בען צו שווינדלען דער קאָפּ. איך האָב זיך פעררוקט אין אַ ווינקעל און מורא געהאַט אַ קעהר צו טהאָן דעם קאָפּ.

„אייער ערשטער בעזוך?" הער איך אַ פרויען־שטימע נעבען מיר. זי האָט גערעדט אַ היימישען אידיש.

„יאָ", זאָג איך, און איך בעקום אַ ביסעל קוראַזש הערענדיג אַ אידיש וואָרט.

„ביי מיר איז דאָס דער לעצטער בעזוך", האָט זי געזאָגט. „עס איז מיין לעצטע נאַכט אין טשיינעטאָון".

„ווי קומט איהר אַהער?" האָב איך איהר געפרעגט אָהן הקדמות, אַזוי ווי עס איז גאָר קיין צווייפעל ניט, אַז דער פּלאַץ, וואו איך האָב זי געפונען, איז ניט געווען אַנגעמאָסטען פאַר איהר.

„עס איז זעהר אַ טרויעריגע געשיכטע", האָט זי געזאָגט אַרונטערלאָזענדיג דעם קאָפּ. „אָבער וואָס מאַכט עס אויס? איך פאָהר דאָך היינט אַוועק. עס איז מיין לעצטע נאַכט אין דיזען גיהנום. איך בין געקומען געבען אַ לעצטען בליק אויף דעם אָרט, וואו איך האָב פערבראַכט באַלד צוויי יאָהר".

„וואָס וועט איהר טרינקען?", האָט אונז געפרעגט אַ קעלנער וואָס איז צוגעקומען.

„זעלצער פאַר מיר", זאָג איך.

„פאַר מיר אויך זעלצער", האָט זי געזאָגט.

„איהר האָט מיין פראַגע ניט פערענטפערט", האָב איך זי דערמאָנט. „איך האָב אייך געפרעגט ווי קומט איהר אַהער? דורך וואָס פאַר אַ צופאַל?"

„איך וועל אייך צוליעב טהאָן", האָט זי אָנגעפאַנגען, נעה־מענדיג אַ טרונק זעלצער. „מיין אונגליק נעהמט זיך פון דעם, וואָס מיינע עלטערן האָבען מיך פון אָנפאַנג געהאַלטען צו שטרענג, און נאָכדעם, אַז איך בין אַראָב פון וועג, האָבען זיי זיך אין גאַנצען אָבגעטרייסעלט פון מיר. מיינע עלטערן האָבען מיר ניט ערלויבט מיט אַ פרעמדען יונגען מאַן אַ וו רט אויסצוריידען. איך האָב ניט געטאָרט אַרויסגעהן פון הויז אָהן אַן ערלויבנים. דיזע שטרענגקייט האָט אויף מיר אַזוי שלעכט געווירקט, דאָס איך האָב געזוכט יעדע געלעגענהייט מיינע עלטרן אָבצונאַרען. איך פלעג אָבשטעהן גאַנצע

שטונדען אין קאָרידאָר און אין גאַס, אום צו כאַפּען א געלעגענהייט צו ריידען מיט יונגע לייט. ביסלעכווייז בין איך אראָב פון וועג. עס האָט זיך צו מיר צוגעטשעפּעט איינער פון די באַנדע קאַדעטען, האָט מיך פערפיהרט און געבראכט אין דיזען זומפּ."

„מיינט איהר צו זאָגען, אז צופיעל שטרענגקייט איז ניט גוט פאַר מיידלעך?" האָב איך געפרעגט.

„געוויס ניט", האָט זי געענטפערט. „אָט די אַלע, וואָס איהר זעהט דאָ, האָבען זיך ערצויגען ביי עלטערן וואָס האָבען זיי געהיט אויף שריט און טריט, און זיי ניט געגעבען די מינדעסטע פרייהייט."

זי האָט זיך א ווײַלע אָבגערוהט. נאָך דעם האָט זי ווייטער דערצעהלט:

„איך קען אייך גאָר ניט אָבשילדערען וואָס פאַר א שרעקליכען לעבען איך האָב דאָ געפיהרט. אַן ארבייטער מיידעל איז געוועהנליך שטאָלץ אויף דעם וואָס זי איז עהרליך. אָפטמאָל ווען איך בעגעג־גען זיך מיט אַרבייטער מיידלעך אין גאַס, פאַרנאַכט, ווען זיי געהען פון דער אַרבייט, דאכט זיך מיר, אז איך לעז אין זייערע בליקען, ווי זיי זאָגען: „מיר זיינען העלדינס. מיר ארבייטען שווער און מאַטערען זיך מיט אונזערע אָרימע פערדיענסטען, אבי צו בלייבען ביי אונזער עהרע. מיר וואָלטען אפשר אויך געגאַנגען אין זיידענס, געטראָגען בריליאַנטען, און געטרונקען שאַמפּאַניער ווען אונזער עהרע וואָלט ביי אונז ניט געווען טייער. אָבער די אַרבייטער מייד־לעך וואָס דענקען אז מיר געהען אין זיידענס, טראָגען בריליאַנטען, און טרינקען שאַמפּאַניער, האָבען א טעות. עס האָט מיר פיעל מאָל געטראָפען, אז עס האָט מיר אויסגעפעהלט צעהן סענט אויף א טאַסע קאַפע מיט זעמעל. די אַלפאָנסען רויבען ביי אונז אַוועק יעדען דאָלאַר, און זיי טהיילען זיך מיט די פּאָליציי און מיט די פּאָ־ליטישענס. אויב מיר פּראָטעסטירען, קריגען מיר קלעפּ. אָט דאָס איז דער לעבען, וואָס מיר פיהרען. קיין אָרענטליכע מיידעל, אפילו די וואָס פערדיענט קוים דריי דאָלאַר א וואָך, האָט אונז ניט וואָס מקנא צו זיין. אונזער לעבען שיינט צו זיין א פרעהליכער נור פאַר די וואָס זעהען אונז פאַר א ווײַלע. דער אמת איז, אז מיר

אליין קוקען אויף אונזער לעבען ווי אויף א גיהנום. ווען מיר זעד העון אן ארבייטער מיידעל געהן פון דער ארבייט אהיים, זיינען מיר איהר מקנא פון גרונד פון אונזער הארצען."

זי האט ווידער ארונטערגעלאזען דעם קאפ.

„גענוג!" האט זי אויסגערופען. „עס איז די לעצטע נאכט פאר מיר. איך פאהר אוועק נאך באסטאן. צו מיינע עלטערן אין ניו יארק וועל איך ניט געהן."

„ווארום?" האב איך געפרעגט.

„זיי וועלען מיך אויפ'ן שוועל ניט ארויפלאזען", האט זי געד זאגט. „איך וויים עס. זיי האבען דאס געזאגט מיין קאזין, א דענד טיסט, וואס וויל מיט מיר חתונה האבען."

דא בין איך געווארען פעראינטערעסירט פון דאס ניי. איך האב געוואלט הערען וועגען דעם קאזין.

„דער קאזין", האט זי מיר צוליעב געטהאן און דערצעהלט, „דער קאזין האט זיך אין מיר געליעבט נאך ווען איך בין געווען א קליינע מיידעל, אבער איך האב פאר איהם ניט געקעהרט, איך וויים ניט פאר וואס. פיעלייכט ווייל מיינע עלטערן האבען איהם געד וואלט, און אלעם וואס איז געווען געפעלען מיינע עלטערן, האט מיר ניט געקענט געפעלען זיין. אז איך בין ארייגעפאלען אהער, איז מיין קאזין מיר נאך געבליבען טריי. ער האט מיך אויפגעזוכט און געוואלט מיך צוריקברייינגען צו די עלטערן. נאכדעם האט ער פארד געשלאגען איך זאל מיט איהם חתונה האבען, און ער וועט מיר אלעם מוחל זיין, פערגעסען, און גאר ניט אכטען אויף דעם וואס מיינע עלד טערן ווילען ניט מוחל זיין און ניט פערגעסען. אבער איך האב זיין פארשלאג ענטזאגט."

„ווייל איהר ליעבט איהם ניט?"

„ניין, ניט דאס אליין", האט זי געזאגט. „אזא ווי איך האב קיין רעכט צו ריידען פון ליעבע. איך דארף ליעבען א מענשען שוין דערפאר אליין וואס ער ליעבט מיך. אבער איך האב מורא פאר אן אנדער זאך. איך בין איבערצייגט, אז מיין קאזין וועט שפעטער חרטה האבען. ער וועט צוליעב מיר מוזען א סך פערלירען זיינע פריינד און זיין רעפוטאציע, און אז עס וועט איהם אנהויבען צו געהן

שלעכט, וועט ער אָנהויבען זוכען וועמעס שולד דאָס איז, און די שולד וועט ער געפינען אין מיר.״

איך האָב פּרובירט זיין אַ שדכן און זי צוריידען צום קאָזין, אָבער זי האָט אַ מאַך געטהאָן מיט דער האַנד, און געזאָגט:

„עס איז אומזיסט אייערע רייד. איך וועל מיין בעשלוס ניט ענדערען. איך מוז נאָך היינטע אָבפאָהרען. מיין צוג געהט אָב אום האַלבע נאַכט.״

— — —

עס האָט מיר ווידער אָנגעהויבען צו שווינדלען אין קאָפּ. איך האָב געפיהלט אַזוי ווי איך בין פּלוצלונג פערטראָגען געוואָרען אין אַ פרעמדער וועלט, אין אַ וועלט פון חלומות, די כינעזישע לאָמפּען און די אָריענטאַלישע דעקאָראַציע פון דעם פּלאַץ האָט געהאָלפען צו פערשטאַרקען דעם איינדרוק. איך האָב געפיהלט, אז איך בין עפּעס אַ פּרינץ פון די מזרח־לענדער וואָס איז פערטראָגען געוואָרען אין צויבערלאַנד, האָט זיך בעגעגענט מיט אַ בת־מלכה און זי האָט איהם דערצעהלט וואונדערליכע מעשה׳לעך וואָס זיינען חלומות מיט וואהרהייט צוזאַמענגעמישט.

אָט דאָ האָב איך פאַר זיך געזעהן איינע פון די גרעסטע דראַמאַס אין מענשליכען לעבען. אַ שוואַכע מיידעל, וועלכע האָט צוויי יאָהר פערבראַכט אין דעם ערגסטען מאַראַלישען זומפּ, בעקומט קוראַזש זיך צו בעפרייען און אויף אימער פערלאָזען דעם לעבען וואָס זי האָט געפיהרט. זי ענטזאַגט די הילפע פון דעם מאַן וואָס ליעבט זי, און מיט איהרע אייגענע הענד וויל זי אויפבויען פאַר זיך אַ נייעם לעבען, אַ נייע וועלט.

„און וואו איז דער״ — פרעג איך איהר, „אָט דער, וועלכער האָט אייך די גאַנצע צייט געהאַלטען אונטער זיין מאַכט?״

„אָט דער אַלפאָנס״— האָט זי געענטפערט. „ער האָט מיך די לעצטע צייט אויפגעהערט צו היטען. ער מיינט, אז ער איז שוין זיכער מיט מיר. דערצו איז ער יעצט קראַנק און איז געצוואונגען צו ליגען אין בעט. איך בענוץ זיך מיט דער געלעגענהייט. אָבער, ענטשולדיגט מיר, אייערע פריינד רופען אייך.״

איך האָב זיך אומגעזדרעהט און האָב געזעהן, אז דער געעהר־

טער גאַסט מיט דעם דאָקטאָר הויבען זיך אויף צו געהן. די דייטשע בלאָנדין און די לאַכעדיגע איירישע זיינען שוין ניט געווען אין דער האַלע.

איך האָב געדריקט די האַנד פון דער אונגליקליכער און האָב איהר געוואונשען, אז דאָס זאָל טאַקע זיין איהר לעצטע נאַכט פון טרויער און ליידען. זי האָט מיר געדאַנקט מיט אַזאַ טאָן, וואָס האָט אַרויסגערופען טרעהרען פון מיינע אויגען.

אַרויסגעהענדיג בין איך געווען אַזוי פערטראַכט, דאָס איך האָב פערגעסען איבערצוגעבען מיינע בעגלייטער פון מיין מערקווירדיגע ערפאַהרונג, אָבער ווען מיר זיינען שוין געווען אויפ'ן וועג, וואָס האָט אונז געפיהרט אַפּטאַון, האָב איך געהערט ווי דער געעהרטער גאַסט האָט גערעדט צום דאָקטאָר:

„אַ זעלטענער טיפּ איז דיזע דייטשע פרוי. זי האָט מיר דער־צעהלט איינע פון די מערקווירדיגסטע געשיכטען. זי איז אַ נאָ־בעלע זעעלע וואָס איז אַריינגעפאַלען אין דיזען זומפּף גראַדע צו־ליעב די נאָבעלסטע צוועקען. עס זיינען דאָ העלדען וואָס אָפּפערען זייער לעבען פאַר אַנדערע מענשען. דיזע פרוי האָט געאָפּפערט איהר נשמה. שטעלט זיך פאָר, אַז די ערשטע זאַך וואָס האָט איהר גע־צוואונגען אַריינצוגעהן אין אַזאַ זאָרט לעבען איז דאָס זי האָט גע־דאַרפט האָבען געלד אום צו קורירען איהר מאַן פון שווינדזוכט. דער מאַן איז אַוועקגעשטאָרבען און יעצט האָט זי דריי קינדער צו ערנעה־רען. זי איז אַ צווייטע „מיסעס וואָררען“, אויב איהר זייט בעקאַנט מיט דער פּיעסע. זי זאָגט, אַז זי וועט קיינמאָל ניט לאָזען איהרע קינדער וויסען וואָס פאַר אַ לעבען זי פיהרט, אום זיי צו געבען אַ גוטע ערציהונג מיט אַלע בעקוועמליכקייטען. עס איז אַ זעהר ריה־רענדע געשיכטע.“

„זי, מיט וועלכע איך בין געזעסען“, האָט זיך דער דאָקטאָר אָבגערופען, „איז אויך אַן אונגעוועהנליכער טיפּ צווישען אַזעלכע פרויען. זי רעדט אַזוי שעהן, מיט אַזוי פיעל חן און סימפּאַטהיע, דאָס עס ווילט זיך גאָר ניט גלויבען, אַז זי בעלאַנגט צו דעם קלאַס. אַז איך האָב איהר געפרעגט, ווארום זי וואַרפט ניט אַוועק דיזען זאָרט לעבען, האָט זי מיר געענטפערט, אַז זי פיהלט זיך אַזוי דער־

שלאָגען, דאָס זי דענקט זי וועט בעסער מאַכען אַז ענדע מיט אַ רעד־וואָלווער אָדער מיט גאז. נאַטירליך, איך האָב אָנגעווענדעט מיין גאַנצע רעדנער־קונסט זי אָבצורויידען פון אזא שריט. אָבער וועמען וואָלט דאָס איינגעפאַלען, אז די הארץ פון אזא לעבעדיגע, לאַכעדיגע מיידעל ווערט ביסלעכווייז אויפגעגעסען פון פערצווייפלונג?"

„מערקווירדיג!" האָט דער ווערטהער גאַסט אויסגעריפען. „איך האָב אין דיזען אַבענד ערפאַהרען זיצענדיג אויף איין פלאַץ מעהר וויפיעל מען קען ערפאַהרען ארומרייזענדיג מאָנאַטען לאַנג איבער דער גרויסער וועלט. אייער אמעריקא איז ווירקליך אַן אינ־טערעסאַנטע לאַנד."

„וואַרט אויס", זאָג איך, „ביז איך וועל נעהמען דאָס וואָרט. איך גלויב, אז איך האָב צו דערצעהלען נאָך אינטערעסאַנטערעס פון דעם וואָס איהר האָט געהערט."

און איך האָב זיי גענומען דערצעהלען מיין געשיכטע, וואָס איך האָב אין דעם אַבענד ערפאַהרען.

דער געעהרטער גאַסט און דער דאָקטאָר האָבען מיך אויסגע־הערט מיט דער גרעסטער אויפמערקזאַמקייט. זיי האָבען געשלונ־גען יעדעס וואָרט, און ווען איך האָב געענדיגט, האָט דער געעהרטער גאַסט אויסגערופען:

„נו, דאָס איבערשטייגט שוין אַלעס וואָס איך האָב ביז יעצט געהערט. איך וואָלט פון דעם געקענט אָנשרייבען אַ גאַנצע דראַמא וואָס זאָל הייסען „די ערוואַכונג". ניין, מיר דאַכט זיך, אז עס איז שוין דאָ אַ פיעסע מיט דיזען נאָמען. איך וואָלט דאָס טאַקע בעסער גערופען „די לעצטע נאַכט". דאָס איז אָריגינעל. איך דענק, אַז איך וועל האָבען צו שרייבען און שרייבען."

דאָס וואָס אונזער געעהרטער גאַסט האָט פערשפּראָכען צו שרייבען וועגען דעם אַ דראַמא איז מיר גראָדע ניט געפעלען געוועזן, ווייל איך אַליין האָב פון דעם געדענקט צו שרייבען אַ גאַנצען ראָ־מאַן. איך האָב שוין געוועזן אָבגעמאַכט ביי זיך אין קאָפּ אַ גאַנצען פּלאַן וועגען דעם. אָבער פערפאַלען! מען קען זיך ניט העלפען. אַלס אַ גאַסט וואָס קומט אין אַ פרעמדער לאַנד צו שטודירען דעם לעבען קומט איהם די טהעמאַ.

דערוויל זיינען מיר אָנגעקומען ביז דעם האָטעל וואו אונזער געעהרטער גאסט איז איינגעשטאנען. מיר האָבען איהם בעגלייט ביז צום טיהר, און געוואָלט שוין אוועקגעהן; אָבער ער האָט אונז גע־בעטען אריינצוגעהן מיט איהם אין קאפע פון האָטעל, עפּעס צו טרינקען.

„עס איז נאָך פריה", האָט ער געזאָגט, רוקענדיג די האנד צו זיין זייגער־קעשענע.

און פּלוצלונג האָט ער זיך אַ כאפּ געטהאָן מיט שרעק און אויס־געשריען:

„מיין זייגער!"

„אייער זייגער?" האָט דער דאָקטאָר געפרעגט און דערביי האָט ער אַ טאפּ געטהאָן זיין אייגענע זייגער־קעשענע.

„מיין זייגער אויך!" האָט אויסגערופען דער דאָקטאָר.

אַ קאַלטער שוידער איז מיר דורכגעגאנגען דורך דעם גאנצען קערפּער. איך האָב שוין מורא געהאט אַ זוך צו טהאָן ביי זיך אין קעשענע. דער געדאנק איז געווען צו שרעקליך.

„און איהר?" פּרעגט מיך דער געעהרטער גאסט. „איהר האָט געהאט אַ זייגער?"

„מיין זייגער אויך", האָב איך געזאָגט מיט אַ קרעכץ, טאפּענ־דיג מיין קליינע קעשענע. איך קען אייך גאָר ניט אָבשילדערען, ווי איך האָב דאן געפיהלט. איך וואָלט בעסער פערלירען צעהן זייגערס איידער צו פערלירען דעם צוטרויען וואָס איך האָב געהאט צו דער געשיכטע פון דער מיידעל.

„יעצט פערשטעה איך וואָס מען זאָגט ביי אונז אין אייראפּא אמעריקאנער „בלאָפּס"", האָט דער געעהרטער גאסט געזאָגט מיט אַ היבשע ביסעל כעס. „לאָמיר פאָהרען צוריק און זיי ארעסטען."

„איהר וועט זיי דאָרט זיכער ניט געפינען", האָט דער דאָקטאָר געזאָגט. „און אויב יאָ, וואָס קענען מיר זיי טהאָן? מיר האָבען ניט קיין בעווייזע. און ווען מיר זאָלען שוין אפילו האָבען בעווייזע, פּאסט אונז דאָך סתם ניט די עפענטליכקייט פון דער געשיכטע. זייט זיכער, אז אויב מיר זאָלען פון דעם מעלדען די פּאָליציי, וועלען מאָרגען זיין אַלע צייטונגען פול מיט דעם, און מען וועט נאָך דרוקען

אונזערע פיקטשורס צוזאמען מיט די פיקטשורס פון די דריי חברה'טעס. עס איז א ביטערער עסק! מיר מוזען שווייגען. עס איז ביי אונז אן ערשטעס מאָל און א לעצטעס מאָל."

פון זיינע לעצטע ווערטער האָב איך פערשטאַנען, אז דער דאָקטאָר איז געווען „גרין" אין טשיינינטאַון גראדע אזוי ווי איך און דער געעהרטער גאַסט.

# אָה, די ווייבער

נאָך אַ לאַנגע צייט סלעק האָט שטיינמאַן אָנגעהויבען צו אַר־בייטען, און נאָכדעם ווי ער האָט אָבגעאַרבייט דריי וואָכען האָט ער געזאָגט צו זיין פרוי:

„מיני, יעצט דענק איך קענען מיר אָנהויבען אויסצאָהלען חובות. פריהער פון אַלעמען טראָג אָב די צעהן דאָלאַר וואָס דו האָסט גענומען ביי דיין קוזינע, מיסעס הערשקאָוויטש.“

„וואָס איילסטו זיך, סאָלאָמאָן?“ האָט מיני געפרעגט. „זיי קענען וואַרטען נאָך אַ פּאָאַר וואָכען. פּיליײַכט — דעם בוטשער“ —

„דער בוטשער וועט וואַרטען“. איך האָב מיט איהם גערעדט. ער איז צופריעדען צו וואַרטען. לאָמיר בעסער פריהער אָב'פּטר'ן די חובות פון דער משפחה. איך האָב אַזוי פיינד שולדיג צו זיין אייגענע מענשען!“

„און איך אויך“, זאָגט מיני. „ביזט גערעכט, מיין טייערער.“

סאָלאָמאָן איז אַוועק צו דער אַרבייט און מיני האָט גענומען בעטראַכטען דעם צעהן דאָלער ביל וואָס ער האָט איהר געגעבען. עס איז געוועזען אַ נייע אַסיגנאַציע. עס האָט געקנאַקט אין איהרע הענד. פּאַראַיאָהרען אין דיזער צייט (עס איז געוועזען דריי מאָנאַטען נאָך זייער חתונה) האָט איהר סאָלאָמאָן געגעבען דריי אַזעלכע אַסי־גנאַציעס, און האָט איהר געזאָגט: „נאַ, קויף זיך עפּעס אויף יום טוב און פּערניץ געזונדערהייט.“ זי האָט דאַן געקויפט שטאָף אויף אַ קלייד, אַ הוט, שיך, און אַז עס איז געקומען פּסח האָט זי שפּאַ־צירט מיט איהר סאָלאָמאָן איבער גרענד סטריט, און עס האָט זיך איהר געדאַכט, אַז אַלע קוקען אויף איהר.

ניין, דיזען סיזאָן וועט זי זיך גאָר־נישט קויפען. מען טאָר גאָר ניט טראַכטען פון דעם. חובות אויסצאָהלען — דאָס איז די ערשטע זאַך. סאָלאָמאָן האָט פיינד חובות — זי האָט עס אויך פיינד. פרעמדע מענשען איז נאָך נישט־קשה'דיג, אָבער אייגענע שולדיג זיין איז ערגער ווי ערגער. סאָלאָמאָן האָט רעכט. זי

געדענקט ווי שווער עס איז איהר געוועזן צו געהן צו איהר קוזינע בעטען לייהען צעהן דאָלער. זי וועט איהר יעצט אַבטראָגען דעם חוב, וועט איהר אראָב א יאָך פון די פּלייצעס.

מיני געהט אַרויס. איהר קוזינע, מיסעס הערשקאָוויטש, וואָהנט אפּטאון. זי האָט דורכצוגעהן גרענד סטריט ביז זי קומט צו א מעדיסאָן עוועניו טראַמוויי.

זי שטעלט זיך אָב ביי א מאַגאַזין פון דאַמען היטע. אין פענס־טער זיינען אויסגעשטעלט די לעצטע מאָדע פריליגגס היטע.

א מיידעל וואָס איז געשטאַנען אין דרויסען, ביי דער טיהר, רופט איהר אַריין:

„קומט, מיסעס, ווילט איהר זעהן א שעהנע העט. קומט, איך וועל אייך צייגען אַזאַ וואָס וועט אייך זעהר פּאַסען.“

„ניט יעצט“, זאָגט מיני, „פּיליכט אַן אנדערס מאָל. וואָס דאַרף קאָסטען אַזאַ העט ווי יענע?“ מיני האָט אָנגעצייגט אויף איינע וואָס האָט אויסגעזעהן ווי אַ דייזשע אָנגעפּילט מיט גרינסען.

„פאַר אייך בלויז זעכס דאָלער. מיר האָבען נאָך אַזאַ פּאַר פיער. קומט אַריין אָנמעסטען.“

„אָבער בלויז אָנמעסטען“, זאָגט מיני, „איך קען יעצט ניט קויפען.“

די מיידעל האָט א קלעהר געטהאָן, נאָכדעם האָט זי געזאָגט:

„עס מאַכט ניט. איהר קענט עס אָנמעסטען יעצט און קויפען אַן אנדער מאָל.“

אַריינקומענדיג אינוועניג האָט שוין מיני ניט אַזוי גיך זיך גע־קענט אָברייסען פון די העטס. א ווילדער חשק האָט איהר אָנגענומען. א העט פון פיער דאָלער האָט איהר ווי בעצויבערט. עס האָט זיך אַזוי געפּאַסט פאַר איהר! אָבער זי האָט זיך געשטאַרקט. זי האָט איהר יצר־הרע בייגעקומען. זי איז אַוועק מיטנעהמענדיג א קאַר־טעל מיט דער אַדרעסע פון דער סטאָר, פערשפּרעכענדיג צו קומען אַן אנדערש מאָל.

„כ'וועל זי שוין מעהר ניט אָנזעהן“, האָט די מיידעל פון מאַ־גאַזין געזאָגט אין דער שטיל. „אַבי זי האָט מיך אָבגעהאַלטען צוואַנציג מינוטען אויפ'ן זייגער.“

מיני איז געגאַנגען ווייטער. זי האָט זיך אָבגעשטעלט ביי א

קלייט פון וואָלענע שטאָף. דאָ האָט זי פאַראיאָהרען געקויפט שטאָף אויף אַ קלייד.

עס פאַלט איהר איין אַ געדאַנק אַריינצוגעהן זעהר די נייע פעטערנס וואָס זיינען דאָ. ניט קויפען, בלויז זעהן. אפשר וועט זי קענען קויפען אין עטליכע וואָכען אַרום.

זי געהט אַריין און הייסט זיך ווייזען סחורה. דער אייגענטהימער פון געשעפט דערקענט איהר. ער געדענקט, אַז זי האָט ביי איהם געקויפט און אַז זי האָט איהם געבראַכט איינמאָל אַ קונדין. זי זאָגט, זי וויל ניט קויפען, זי וויל בלויז זעהן.

„איך האָב געגוג צייט“, זאָגט דער אייגענטהימער. „היינטיגען סיזאָן, ברוך השם, איז מען צופריעדען, אַז מענשען קומען אַריין כאָטש אָנקוקען סחורה, העהעהע“

מיני'ן געפעהלט זעהר אַ העל־גרויע שטאָף וואָס וואָלט זיך איהר זעהר געפאַסט פאַר אַן אַנצוג. זעכס דאָלער וואָלט איהר בעטראָפען די שטאָף. אויף פאַטשערקעס וואָלט זי שוין אָבגעשפּאָרט פון עפּעס אַנדערש. דאָס קלייד וואָלט זי אַליין אויפגענעהט, און פיער דאָלער וואָלט איהר געבליבען אויף יענער העט.

אין מיטען שרעקט זי זיך איבער פאַר איהר אייגענעם געדאַנק. וואָס הייסט? זי וועט נעהמען די צעהן דאָלער וואָס איהר מאַן האָט איהר געגעבען צו בעצאָהלען אַ חוב, און דאָס אויסגעבען אויף אַ קלייד מיט אַ העט?

זי פערשפּרעכט דעם אייגענטהימער אַריינצוקומען אַן אַנדערש מאָל. און געהט זיך ווייטער.

שיך זעהט זי. אין דעם פענסטער פון אַ שוך־קלייט זיינען אויסגעשטעלט אַלע זאָרטען שיך, געלע און שוואַרצע — אַ דאָלער מיט 98 סענט אַ פּאָאָר.

נו, און ווי איז אַז זי וואָלט אויף אַ ווײַלע אָבגעלייגט דעם חוב, סאָלאָמאָן זאָל ניט וויסען.

די קוזינע וועט ביי איהר ניט מאָהנען, ביי סאָלאָמאָן'ען געוויס ניט. נישט'קשה, זי קען וואַרטען — אויף וואָס דאַרף זי עס? און זי קען דערוויילי זיך אַ ביסעל אויסקליידען, כאָטש אָרעם, אָבער דאָך עפּעס נייעס אויף זיך, אום צו קענען זיך ווייזען פאַר לייטען, אום יום טוב.

פאר סאָלאָמאָן'ען קען זי מאכען א תירוץ. די העמ, וועט זי איהם זאָגען, קאָסט 98 סענט. א מאנסביל — וואָס וויים ער? — ער וועט איהר גלויבען. און די שטאָף, וועט זי איהם זאָגען, האָט זי גענומען אויף באָרג. שיך וועט זי יעצט ניט קויפען. נור אַז סאָלאָמאָן וועט איהר זעהן אין דער נייער העמ, און אין דער נייער קלייד, וועט ער איהר אליין הייסען קויפען שיך.

זי וויל זיך שוין צוריקקעהרען און געהן קויפען די שטאָף. אָבער דאָ דערזעהט זי א מאגאזין פון פערשיעדענע וואארען.

האנדשוהה! קאָרסעטען! זאָקען! טאשענטיכער! אלעס אונ־טערר'ן פרייז. מציאות!

זי געהט אריין. אין אזא געשעפט דארף מען קיין תירוצים געבען. מען קען אָנקוקען וואארע, טאפען, שמעקען, פרעגען א מקח און קיינער האָט קיין טענות אויב מען קויפט ניט.

א פערטעל שטונדע האָט זי פערבראכט אין דעם געשעפט און איז אוועק מיט גאָר־נישט.

זי איז געבליבען שטעהן אין מיטען גאס. געהן, אָדער ניט געהן? קויפען, אָדער ניט קויפען?

זי האָט זיך אומגעקעהרט מיט'ן פנים צום מאגאזין, און האָט זיך דערזעהן אין דעם גרויסער שפיגעל, וואָס האָט זיך געפונען אן שוי־פענסטער. ווי פעראַרימט זי זעהט אויס! זי שעהמט זיך פשוט צו געהן צו איהר קוזינע.

„וואָס עס וועט זיין, וועט זיין!" זאָגט זי צו זיך. „איך מוז יום טוב אויסזעהן ווי א מענש!"

זי געהט צוריק צו דער הוט־מאכערין. זי ערוואַרטעט צו טרע־פען די זעלבע מיידעל ביים טיהר. זי געפינט אָבער, אז דאָרט שטעהט יעצט גאָר אן אנדערע. וואהרשיינליך איז יענע אוועק עסען און די איז געקומען צו פערנעהמען איהר פלאץ.

„ווילט איהר קויפען א שעהנע העט, מיסעס? מיר האָבען עכטע פאריזער העטס, ביליגער ווי איבעראל!"

„וואָס קאָסט יענע העט?" פרעגט מיני אָנצייגענדיג אין שוי־פענסטער.

„אכט דאָלער!" ענטפערט די מיידעל. „מיר האָבען נאָך איינע אזא א ביליגערע פאר זעכס. קומט אריין!"

מיני האָט עפּעס אַ שעפּצע געטהאָן מיט די ליפּען און איז מיט שנעלע טריט אוועק.

„ס'אַ חוצפּה פון איהר צו פערלאַנגען פון מיר אזוי פיעל געלד!" זאָגט זי צו זיך. „אַ שרעקליכע יקר'נטע! יענע מיידעל האָט פערלאַנגט אַ סך ביליגער!"

שוין ניט אָבשטעלענדיג זיך ביי קיין קלייט איז זי געגאַנגען גלייך צו דער באוערי. דאָרטען איז זי ארויף אויף אַ מעדיסאָן עוועניו קאַר.

אויפ'ן וועג הויבט זי אָן צו פיהלען אַ נייע פרייד, אַזוי ווי זי וואָלט איבערגעקומען עפּעס אַ שווערען קריזיס, אַ דראָהענדען אונגליק. „ווי גוט עס איז" — טראַכט זי זיך — „דאָס איך האָב ניט אויסגעגעבען די צעהן דאָלער. ווי וואָלט איך געקענט סאָלאָמאָן'ען קוקען גלייך אין די אויגען?"

פאַר גרויס פרייד, פיהלט זי, אז זי וואָלט זיך אליין ארומגענומען.

זי האַלט פעסט איהר קליינעם פּאַקעט־בוק, אין וועלכען עס ליגט דאָס שטיקעל פּאַפּיער, וועלכעס וועט איהר באַלד בעפרייען פון אַ לאַסט.

עס איז שווער צו זיין שולדיג געלד, ובפרט צו אַ קוזינע!

עס נעהמט איהר זאָגאר אָן אַ מין שרעק, ווען זי הויבט אָן צו דענקען ווי וואָלט געווען, אז זי וואָלט די צעהן דאָלאר אויסגעגעבען. זי איז זיכער, אז זי וואָלט זיך דאן געפיהלט זעהר אונגליקליך. די חרטה וואָלט איהר גענומען גריזשען, טאַקי באַלד ווי זי וואָלט קומען אהיים.

שרעקליכע בילדער שטעלען זיך איהר פאַר ביי דעם „וואָס־וואָלט־געווען".

אָט איז זי שוין ביי דער גאַס, וואו זי דאַרף אויסשטייגען. אָט איז זי שוין ביי מיסעס הערשקאָוויטש.

די צוויי קוזינעס צוקושען זיך.

„וואָס איז דער מעהר, מיני? אַ לאַנגע צייט, אז מען זעהט אייך ניט, ניט דיך, ניט דיין מאַן!"

„דער קאָפּ איז געווען אַ ביסעל פערדרעהט," ענטפערט מיני. „איך האָב געהערט, אז דיין מאַן ארבייט שוין."

„יעס, ער ארבייט שוין, און מיר צאָהלען שוין אוים חובות. איך האָב דיר געבראכט דיינע צעהן דאָלער, מיט א גרויסען דאנק דערצו.“

מיני האָט אוועקגעלייגט די צעהן דאָלער אויפ׳ן טיש.

„וואָס איז דאָס פאר אזא איילע?“ פרעגט מיסעס הערשקאָ־וויטש. „עס וועט גאנץ זיין שפּעטער א מאָנאט, צוויי, כאָטש א האַלב יאָהר — וואָס איז די איילע? נעהם דאָס צוריק, מיני, איך קען ווארטען.“

„ניין, סיידי, איך דארף דאָס ניט. איך וויל בעסער לויז ווערען פון חובות.“

„איך נעהם ניט, מיני. אויף מיין וואָרט, איך נעהם ניט.“

„זיי ניט קיין נאר! נעהם! בנאמנות, איך דארף דאָס ניט. מיין מאַן ארבייט שוין יעצט רעגולער.“

„עס פרעהט מיך זעהר“, זאָגט מיסעס הערשקאָוויטש. זי נעהמט דעם צעהן דאָלער ביל פון טיש, און בעהאַלט עס אין א קליי־נעם בייטעלע וואָס זי שלעפּט ארוים פון בוזים.

„מיני, הער וואָס איך וועל דיר בעטען“, זאָגט מיסעס הערש־קאָוויטש, אין א שטילער שטימע, ארומנעהמענדיג מיסעס שטיינ־מאַן׳ס קאָפּ מיטביידע הענד.

„וואָס, סיידי?“

„ווערסט מיר טהאָן א טובה?“

„געוויס, סיידי, וואָס פרעגסטו? איך וועל טהאָן וואָס נור איך קען.“

„הער צו, מיני“, זאָגט איהר מיסעס הערשקאָוויטש אויפ׳ן אויער. „מיין מאַן האָט מיר געגעבען צעהן דאָלער אויף א העט, אָבער איך האָב געזעהן איינע פאר צוואנציג — איז דאָס א שעהנס, א צאַצקע! פערלאנג איך פון דיר א טובה“ —

„וואָס?“ פרעגט מיני.

„דו זאָלסט זיך ניט אויסריידען פאר מיין מאַן, אז דו האָסט מיר שוין בעצאָהלט די צעהן דאָלער. זאָל ער מיינען, אז דו ביזט מיר דאָס נאָך שולדיג. איך וועל דערוויייל קויפען די צוואנציג דאָ־לערדיגע העט, און אין פיער וואָכען ארום וועל איך שוין אָבשפּאָ־

רען אַנדערע צעהן דאָלער, און איהם דאָס אָבגעבען פון דיינסט־ווענען.“

„פּ־־פּ־פּיער וואַ־אָ־כען?“ שטאַמעלט מיסעס שטיינמאַן.

„פּיער וואָכען, דאָס אַלעס!“ ענטפערט מיסעס הערשקאָוויטש.

„גוט!“ זאָגט מיסעס שטיינמאַן, און מאַטערט זיך אויסצוזעהן פרעהליך.

„ביכי־בי!“ צולאַכט זיך מיסעס הערשקאָוויטש פון איהר בימ־רען איינפאַל, און זי כאַפּט קושען איהר אָרימע קוזינע.

# אַן אומזיסטער חשד

זי איז געווען אַ קלוגע ווייבעל, נור אָפטמאָל פלעגען איהר איינפאַלען נאַרישע געדאַנקען. זי האָט געוואוסט, אַז איהר מאַן איז צו איהר געווען אימער און אימער טריי, נור יעצט, ווען זי איז געווען אויף אַ דאַטשע און ער איז פערבליבען אין שטאָדט, פלעגען איהר אָפט איינפאַלען אונרוהיגע געדאַנקען: אַ מאַן, איינער אליין, און „גוטע פריינטלעך“, צולאָזענע יונגע־לייט, וואָס האָבען ליעב אראָבצופיהרען פערהייראַטע אָרענטליכע מענער פון גלייכען וועג זיינען דאָ פיעל.

— ווער ווייס? ווער ווייס —

פון שטאדט פלעגען איהר אָנקומען בריעף און אויך צייטונגען. די בריעף פלעגען קומען פון איהר מאַן, אין וועלכע ער פלעגט איהר שרייבען ווי ער בענקט נאָך איהר. און אין די צייטונגען פלעגט זי לעזען דעם הומאָר פון דעם סיזאָן, וועגען דעם ווי די מענער אַמוזי־רען זיך אין שטאדט, ווען זייערע ווייבער זיצען אויף די בערג אָדער ביים ברעג ים.

„מיין ליעבע ענגעלע,“ שרייבט איהר דער מאַן, „איך האָב קיינמאָל געוואוסט ווי ליעב איך האָב דיר. אַ גאַנצען טאָג טראַכט איך פון דיר“ — און אזוי ווייטער, און אזוי ווייטער.

די גוטע ווירקונג פון אזא בריעף פלעגט באַלד פערשווינדען, ווען זי פלעגט לעזען אַ פעליטאָן אין אַ צייטונג פון אַ בעוואוסטען הומאָריסט, אַ בחור, וואָס האָט כסדר ליעב זיך צו וויצלען איבער דעם פאַמיליען־לעבען. די הויפט־טהעמא פון יענעם הומאָריסט איז געווען פאָרצושטעלען ווי פערהייראַטע מענער האָבען אין שטאדט פרעהליכע הוליאַנקעס, ווען זייערע ווייבער לאַנג־ווייל

עון זיך אויף די דאַטשעס.

איינמאָל האָט די ווייבעל בעשלאָסען צו פאָהרען אהיים כאָטש אויף איין טאָג און זעהן ווי איהר מאַן פיהרט זיך.

זי האָט איהם ניט געשריבען אַז זי קומט אהיים. זי האָט

איהם געוואָלט איבעררעשען. זי האָט אויסגערעכענט די צייט, אַז זי זאָל אַהיים קומען אַרום צעהן בייַנאַכט. אויב זי וועט געפינען איהר מאַן צו־הויז, וועט זי איהם זאָגען אַז זי איז איהם געקומען זעהן כאָטש אויף איין טאָג, און האָט איהם געוואָלט מאַכען אַן איבעררעשונג. אויב איהר מאַן וועט ניט זיין צו־הויז, וועט זי וויסען אַז אַלעס וואָס יענער הומאָריסט שרייבט וועגען די מענער, איז אמת.

עס איז געווען אַ פערטעל פאַר צעהן ווען זי איז אָנגעקומען אין הויז. אונבעמערקט איז די ווייבעל אַריינגעקומען אין איהר וואוינונג, מיט אַן עקסטרא שליסעל וואָס זי האָט געהאַט. שטיל, אויף די שפּיצען פינגער, איז זי אַריין אין קיך, וואו עס איז שוין געווען פינסטער. פון דאָרט האָט זי געקענט זעהן איהר מאַן זיצען אין עס־צימער, שטאַרק אַריינגעטהאָן אין שרייבען אַ בריעף.

„דאָס שרייבט ער צו מיר, דער טהייערער מיינער," האָט די ווייבעל געזאָגט צו זיך. „ער ווייס גאַר ניט אַז איך בין אַזוי נאָהענט צו איהם."

זי האָט בעמערקט אַז אויפ'ן טיש וואו איהר מאַן האָט געשריבען, איז געלעגען אויסגעשפּרייט אַ ווייס פּאַפּיער, און אויפ'ן פּאַפּיער זיינען געווען שטיקלעך קעז, ביסקיטס און אַ לעדיגע קעסטעל פון סאַרדינס.

„אפילו אין אַ רעסטאָראַן פערגינט ער זיך ניט אָבצועסען," האָט די ווייבעל געזאָגט צו זיך. „אַזוי ליעב האָט ער אונזער היים, אַז אפילו ווען איך בין ניטאָ, קומט ער דאָך אַהיים און געהט ניט עסען ערגעץ־אַנדערש."

נאָך דעם ווי דער מאַן האָט געענדיגט שרייבען דעם בריעף, האָט ער אַראָבגענומען אַ בילד פון דער וואַנד, האָט אויף דעם געקוקט אַ פּאָאַר מינוטען, און נאָכדעם האָט ער דאָס בילד בעדעקט מיט הייסע קוסען.

„אָט אַזוי ליעב האָט ער מיך!" האָט די ווייבעל געזאָגט צו זיך. „דאַרף איך נאָך צווייפלען אין .זיין טרייהייט?"

זי האָט זיך מעהר ניט געקענט איינהאַלטען, איז אַרוים פון איהר בעהעלטעניס אין קיך, און פאַלענדיג איהר מאַן אויפ'ן האַלז, האָט זי אויסגעשריען:

„איך בין דאָ, טהייערער נעבען דיר, מיין ליעבער, געטרייער מאַנעלע !“

און זייט דאַן האָט זי קיינמאָל געצווייפעלט אין איהר מאַן.

(נאָטיס. — אויב אייער ווייב איז יעצט אויף א דאטשע, נעהמט און שניידט אוים דיזע אויסגעטראַכטע מעשה'לע און שיקט עס אריין צו איהר. זי וועט עס גלויבען.)

# ווען דער מאַן קומט אַהיים

ווען אַ מאַן קומט פון דער אַרבייט, אָדער פון ביזנעס, אַהיים, איז ער זיכער, אַז ער וועט ביים טהיר טרעפען די ווייב, און זי וועט איהם מקבל פנים זיין מיט אַ שטיקעל דרשה, לויט די אומ־שטענדען, אָדער ריכטיגער געזאָגט: לויט די שטונדען אין וועלכע דער לייב קומט צוריק צו זיין נאָרע.

אַז ער קומט שפּעט:

„וואָס האָסטו זיך געאיילט? האָסט שוין געקענט דאָרט זיצען וואו דו ביזט געזעסען נאָך אַ פּאָאר שטונדען, שוין סאַי ווי סאַי די זופּ קאַלט געוואָרען, קאַלט זאָלסטו שוין ווערען אין גיכע צייטען. עס האָט אַזאַ טעם ווי מיין לעבען. נו, אַ לעבען! מען שטעהט אָב אַ גאַנצען טאָג ביים אויוועז היטען אַז דער טעפּעל זאָל ניט אויסלויפען, און ער לויפט דאָרט אַרום, דער שוואַרץ יאָהר ווייס איהם וואו. האָסט געמוזט זעהן דזשייק׳ן וועגען ביזנעס? וואַרט, וואַרט, מיינסט דאָך איך נעהם דיין וואָרט און לעג עס אַריין גלייך אין קעשענע? איך ווייס די מאַנסבילשע ביזנעס: אַ קאָרטעל מסתמא, אָדער געגאַנגען טרינקען טהעע און באָלבען. אבי אייערע מאַנסביל שרייען דאָס מיר ווייבער האָבען ניין מאָאס רייד. איהר האָט ניין און ניינציג. שלאָג מיר ניט איבער די רייד! דו האָסט געפּלוידערט אַ גאַנצען טאָג און איך בין דאָ מיט די לעדיגע פיער ווענד און האָב צו קיינעם אַ וואָרט אויסצורעדען. צו וואָס געהט מען דאָס טרינקען טהעע אין אַ רעסטאָראַן? משוגע דאַרף מען זיין צו צאָהלען פינף סענט אַ גלאָז טהעע. פאַר פינף סענט מאַך איך דיר אַ גאַנצען טשייניק מיט טהעע, כאָטש פּופּציגהן גלעזער אַז דו ווילסט, און דו דאַרפסט ניט טרינקען אין דער פרעמד און פּאַיען פרעמדע מענשען. קענסט זיצען אין דער היים און טרינקען טהעע מיט דיין ווייב, מיט די קינדער. מסתמא האָסטו נאָך געצאָהלט פאַר יענעם אויך. קאָסט דיך שוין מעהר ווי איין ניקעל. אויף פרעמדע איז ביי דיר אַלעס רעכט. וואָס? דו זאָגסט יענער האָט

פאר דיר געצאהלט? נו, מסתמא מיינט ער עפעס דערביי, עס וועט דיך שוין טהייער קאסטען? וואס דען? משוגע דארף ער זיין צו צאהלען געלד פאר דיר!... וואס? ער קען דען ניט טרינקען טהעע צו־הויז? ער האט דען ניט קיין ווייב, קיין היים? אז דו וואלסט געהאט שכל, וואלסטו איהם געזאגט, אז דו האסט אויך א ווייב מיט א היים, און דו דענקסט טרינקען טהעע צו־הויז. וואס שרייסטו? עסען ווילט זיך דיר, הא? אז דיר וואלט זיך ניט געוואלט עסען, וואלסטו דארט געטרונקען טהעע ביז האלבע נאכט, ביז איבער־א־יאהר. אהא, דו ווילסט עסען, אז עס פערווילט זיך דיר עסען, דערמאהנסטו זיך אז דו האסט א ווייב און א היים. ווארט א ווייל׳ע, איך האב פערגעסען צושטעלען די קאמפאט, באלד וועט עס פערטיג ווערען וועסטו עסען.“

אז ער קומט פריה.

„דו ביזט דא, מאקס? זעהר גוט וואס דו ביזט היינט געקומען אביסעל פריהער. וועסטו מיר העלפען ארויסטראגען דעם טעפיך פון פראנט־צימער און ארויפטראגען אויפ׳ן דאך און איהם אביסעל אויסקלאפען. מאקס, האסט מיר שוין אפשר אמאל צעהן צוגעזאגט, אז דו וועסט אויפהענגען מיין מאמע׳ס גרויסע פיקטשור אויפ׳ן וואנד. טהו דאס טאקע היינט. איך האב פאר דיר שוין אנגעגרייט טשוועקעס. פריהער הענג אויף מיין מאמען און נאכדעם וועסטו ארויפטראגען דעם טעפיך. מאקס, וואס איז טאקע דער מעהר וואס דו ביזט היינט געקומען עפעס אזוי פריה? וואס ווערסטו אין כעס? איך טאר ניט פרעגען? איך בין דאך עפעס דיין ווייב, מאקס, אונזער בעקי׳ס נעזעלע, האב איך מורא, ווערט אנגעשוואלען. זי איז פריהער געפאלען אויף די טרעפ און זיך צושלאגען. סעמקע, האב איך מורא, וועט באלד קריגען מאזלען — ער האט היץ. פון סאלי׳ן איז גאר ניט אויסצוהאלטען. מיט צוויי וואכען צוריק איהם געקויפט א פאאר שיך, און יעצט דארף ער וויעדער שיך. זיי צוקריכען אויף איהם. וואס? זאגסט איך האב ניט געזאלט קויפען קיין שמאטעס? וואס פאר א שיך האב איך געזאלט קויפען פאר אזא קליין קינד? צו פינף דאלאר א פאאר? עס לוינט זיך טאקע! אז דו צעהלסט יעדען סענט וואס דו גיסט מיר. איך קען קוים אויסקומען מיט דער הוצאה. אזא יקרות היינט. אבער דו

ווילסט פון דעם יקרות גאָר ניט וויסען. ביי דיר איז אַלץ איינס
היינט, פאַר־אַ־יאָהרען, פאַר צוויי יאָהרען? וואָס? דו זאָגסט,
דו וועסט שוין מעהר ניט קומען אַזוי פריה אַהיים? מיינע דאגות!
איך וועל זיך אודאי צורייסען וויינענדיג. פון מיינטוועגען קענסטו
גאָר ניט קומען. איך מיין דאָס טאַקע מיט'ן גאַנצען הארצען. עס
טהוט זיך מיט איהם — ער איז געקומען פריה אַהיים אַמאָל אין
אַ נאָווינע, מיינט ער אַז ער האָט מיך גליקליך געמאַכט ווי די
ראָבע קאַץ! פון מיינטוועגען האָסטו געקענט קומען שפּעט. היינט
איז סאַי ווי סאַי מילכיגס. שווייג שוין בעסער! עס געפעלט איהם
שוין ניט דעם ווייב'ס ווירטהשאַפט! הענג. ניט אויף די מאַמע'ס
פיקטשור, מיינע דאגות! איך וועל בעטען דעם דזשעניטאָר, וועט
ער מיר אויך אויסקלאַפּען דעם טעפּיך. וואוהין געהסטו? געה זיך
דיר, מיינע דאגות!

# צוויי מאָל ענטלאָפען

עללא ריוווקין איז געקומען אויף איהר לאָזשי שפעט, אוב איינס אוהר נאָך האַלבע נאַכט. זי איז גלייך אריין אין איהר סעפּ־רעט רום, אָנגעצונדען די געז און זיך גענומען גרייטען צום שלאָף.

אויפ׳ן טיש האָט זי געפונען אַ בריעף. די האַנדשריפט אויף דעם קאָנווערט איז איהר געווען בעקאַנט. דאָס איז פון דזשיי־קאָבסאָן.

זי האָט עס גאָר ניט געדאַרפט עפענען. זי האָט דעם אינ־האַלט שוין געוואוסט. ער אליין האָט איהר הייטע אויסגענומען אין אָפּערא און האָט איהר בעגלייט אהיים. אויפ׳ן וועג האָט ער איהר דערצעהלט אַלעס וואָס ער האָט איהר געשריבען. עס איז געווען אזוי זיין געוואָוינהייט צו שרייבען איהר פריינדליכע בריעף אַ טאָג איבער אַ טאָג.

זי איז געווען שטאָלץ אויף דיזע בריעף און זי פלעגט זיי ער־וואַרטען מיט אונגעדולד. דאָך ווען זיי פלעגען איהר אָנקומען, פלעגט זי זיך ניט איילען זיי צו לעזען. די בריעף זיינען ביי איהר ניט געווען וויכטיג. זיי זייען במעט אַלע געווען פון איינעם און דעם זעלבען אינהאַלט. אַ ביסעל האַרץ אויסגיסעניש, אַ ביסעל פּאָעזיע, אַ ביסעל פילאָזאָפיע און אַ ביסעל פריינדשאַפט. די גע־פיהלען פון פריינדשאַפט זיינען אָבער געווען אויסגעדריקט זעהר פאָרזיכטיג, אזוי ווי דער שרייבער וואָלט וועלען זיך פערזיכערען פון אַ „בריטש אָוו פּראָמיס“ פּראָצעס. דער אינהאַלט איז איהר פאָר־געקומען מאָנאָטאָן, נודנע. אָבער דער געדאַנק, דאָס דזשייקאָבסאָן, אַ יונגער מאַן פון רייכע עלטערען וואָס האָבען זייער אייגענעם אָטאָ־מאָביל און וואוינען אין דעם מיליאָנערסקען קווארטאל פון ניו יאָרק, שרייבט צו איהר די בריעף — דיזער געדאַנק האָט איהר געמאכט פיהלען זעהר שטאָלץ.

„עס איז דאָ עפּעס אזוי קאַלט,“ האָט זי געזאָגט צו זיך. „אה, איך מוז פון דאַנען ארויסציהען. פאַר מיין געלד קען איך וואוינען

אין א שעהנערען הויז, צווישען מענשען וואָס פערקלאָגען ניט דעם קאָפּ מיט זייערע צרות".

ביי די לעצטע ווערטער האָט זי זיך אָבגעשטעלט.

„אמאָל האָב איך ביי די מענשען געהאט א גוטע היים. האָב זיך געפֿיהלט ווי צוגעוואקסען צו זיי. היינט קומען זיי מיר פֿאַר פרעמד, און אזוי ווי א לאַסט ליגען זיי מיר אויפֿ'ן קאַרק. און איך טראַכט נור ווי אוועקצוגעהן פֿון זיי."

עללא האָט דעם בריעף געעפֿענט, א קוק געטהאָן און אוועקגע־לייגט. „אלץ די זעלבע נאַרישקייטען", האָט זי בעמערקט. „פֿון ליעבע היט ער זיך א וואָרט צו רעדען. ער איז פֿאַרזיכטיג. און אלע מיידלעך מיינען, אז מיר זיינען שוין אזוי גוט ווי פֿערלאָבט. ער איז זעהר ווייט פֿון דעם געדאַנק מיך צו הייראַטען. אָבער איך דאַרף זיך שעצען גליקליך, דאָס ער איז מיין פֿריינד. דורך איהם בין איך אריינגעקומען גאָר אין די הויכע פֿענסטער."

עללא האָט לאַנג ניט געקענט איינשלאָפֿען. זי איז געווען שטאַרק נערוועז דעם אבענד. עס האָט איהר אויפֿגערעגט יעדע קלייניגקייט. די ציכלעך פֿון די קישענס, האָט זי בעמערקט, זיינען שוין א פּאָאר וואָכען ניט איבערגעביטען, די קאָלדרע איז געווען א פֿערלאַטעטע, די בעט האָט שטאַרק געסקריפּעט, און אין צימער האָט פֿון ערגעץ געיאָגט א ווינד.

„איך וועל מוזען ארויסציהען", האָט זי געזאָגט צו זיך. „איך מוז ביי זיך מאַכען א פֿעסטען בעשלוס און ארויסציהען. בין איך דען מחויב צו ליידען צוליעב זייער אָרימקייט? שוין גענוג זיך געפּלאָגט. איך מעג יעצט וואוינען א ביסעל לייטישער."

דער זייגער אין עס־צימער האָט געשלאָגען איין מאָל. עללא האָט ניט געוואוסט, אויב דאָס איז געווען האלב נאָך צוויי אָדער האלב נאָך דריי. זי האָט אָנגעצונדען א שוועבעלע און איז אויף די שפּיצען פֿינגער ארויס אין יענעם צימער. עס איז געווען בלויז האלב נאָך איינס. אזוי לאַנגזאַם האָבען זיך געצויגען די מינוטען.

זי איז אין די לעצטע פּאָאָר יאָהר פֿיעל פֿערענדערט געוואָרען. זי איז אריבערגעוואקסען די מענשען, מיט וועלכע זי האָט גע־וואוינט. דער קרייז איז איהר געוואָרען צו ענג. מיט פֿינף יאָהר

צוריק, אז זי איז אָנגעקומען צו די שענקערמאַנס, איז זי געווען אַ שווער־ארבייטענדע מיידעל און זי האָט געדאַנקט דעם צופאַל וואָס ער האָט איהר געבראַכט אין דער הויז פון אַן אָרענטליכע, רוהיגע אַרבייטער־פאַמיליע, וואו ליעבע און פריעדען האָבען געהערשט אין יעדען ווינקעלע און וואו מען האָט זי געהאַלטען ווי אַן אייגענע. די צוויי קליינע מיידעלעך וואָס די שענקערמאַנס האָבען געהאַט, פלעגען זי רופען „טאַנטע עללא" און יעדען מאָל, ווען זי האָט געהערט דאָס וואָרט „טאַנטע", האָט זי געפיהלט אַ זיסע ווארימקייט זיך צוגיסען איבער איהר הארצען. יעצט אינטערעסירען איהר ניט די קינדער. זיי דערעסען איהר מיט זייער לאַשצען זיך, מיט זייער צודרענגליכע פאָדערונג אויף צערטליכקייט. זי טרייבט זיי פון זיך אזוי ווי מען טרייבט א פרעמדע קאַץ וואָס טשעפּעט זיך אָן און זוכט אַ לאַסקע.

עללא ארבייט שוין ניט מעהר אויף דער נעה־מאַשין. זי האָט זיך אויסגעלערענט צו ארבייטען אויף אַ שרייב־מאַשין און זי זיצט שוין יעצט אין אַ ריינעם ליכטיגען אָפיס, וואו זי ארבייט זיבען שטונדען אין טאָג, לייכטע ארבייט און גוטען געהאַלט. זי האָט יעצט שעהנע קליידער, פערגינט זיך א סך לוקסוסען און די הויפּט־זאַך איז: זי האָט יעצט בעקאַנטשאַפט מיט רייכע און געבילדע־טע יונגע לייט און צווישען זיי דיזער דזשייקאָבסאָן. זי איז גע־וואָרען גאָר אַן אַנדער מיידעל. זי האָט זיך אויסגעלערענט גרויס־ארטיגע מאַניערען, האָט גערעדט גאָר אַן אַנדער לשון, אפילו איהר לאַכען איז שוין געווען אנדערש. מיט איין וואָרט: זי איז יעצט געוואָרען אַ ליידי.

אַ חוץ דעם וואָס די שענקערמאַנס, ביי וועלכע זי האָט גע־וואוינט, האָבען ביי איהר יעצט אויסגעזעהען ווי מענשען ניט פון איהר גלייכען, מענשען וואָס קענען זי ניט פערשטעהן: אַ חוץ דעם וואָס זי האָט מעהר ניט געקענט פערטראָגען זייער פאַמיליאַריטעט, האָט זיך נאָך געמאַכט, אַז שענקערמאַן האָט פערלאָרען זיין שטעלע און די פאַמיליע איז געבליבען אין גרויס נויטה.

עללא האָט געפיהלט, אַז זי בעגעהט אַן אונרעכט מיט דעם וואָס זי ווארפט אוועק דיזע פאַמיליע אין אַזאַ שלעכטע צייט. אָבער

זי האָט זיך שוין געפּאסט אַ בעשלום ארויסצוציהען פון זיי. מיט דעם בעשלוס איז זי איינגעשלאָפען.

אַ פּאָאר טעג שפּעטער האָט עללא איינגעפּאקט איהר זאכען, האָט איבערגעלאָזען אויפ׳ן טיש אַ צעטעלע מיט צעהן דאָלער. אין דעם צעטעל איז געשטאנען פאָלגענדעס:

„ליעבע פריינדין מיסעס שענקערמאַן!

עס טהוט מיר זעהר לייד, אָבער איך מוז פערלאָזען אייער הויז. מיין רענט האָב איך אייך שוין בעצאָהלט. איך לאָז אייך איבער צעהן דאָלער אַ פּרעזענט. ווען אַ מאַן פון דער עקספּרעס קאָמפּאַני וועט קומען, לאָזט איהם צונעהמען מיינע זאַכען.

מיט פיעל דאַנק פאַר אייער פריינדליכקייט,

עללא.“

עס איז ניט אריבער אַ וואָך צייט און עללא׳ן האָט אָנגעהויבען צו פערדריסען איהר ראַשער שריט. וואָס ווייטער איז דער פערדרוס געוואַכסען און די חרטה האָט אָנגעהויבען צו עסען איהר הארץ וואָס אַ טאָג מעהר אַלץ גרעסער איז אין איהרע אויגען געוואָרען דער אונרעכט וואָס זי האָט בעגאַנגען געגען דער פאַמיליע, וועלכע האָט איהר אַמאָל פעררעכענט ווי אַן אייגענע.

זי האָט געפיהלט אַ שטארקען בענקען נאָך דעם אַלטען ווינקעל, נאָך איהר אָרימען צימער, און איבערהויפּט נאָך די צוויי מיידעלעך, בערטהא און ליוסי, פינף און זיבען יאָהר אַלט, די טעכטער פון די שענקערמאַנס. זי האָט קיינמאָל ניט געוואוסט, אַז זי איז צו זיי אַזוי שטארק צוגעבונדען.

איהר נייער פּלאַץ, אויף וואשינגטאָן הייטס, האָט איהר גע־שיינט צו זיין פרעמד און קאַלט און עס האָט איהר געצויגען צוריק צוריק צו די שענקערמאַנס.

צוויי וואָכען נאכדעם ווי זי האָט ארויסגעמופּט פון די שענ־קערמאַנס איז זי ווידער געווען אויפ׳ן וועג אין הארלעם צו דעם אַלטען אָרט וואו זי האָט פריהער געהאַט איהר היים.

„ווער ווייס“ האָט זי זיך געטראַכט „אפשר איז שוין מיין צי־מער פערמיטעט צו אַן אַנדערע.“

קומענדיג אין איהר בלאָק האָט זי בעמערקט ווי מענשען קוקען

אויף איהר שטארק איבערראשט. דער פרוכט־הענדלער, א שכן פון דער פאמיליע שענקערמאן, וועלכער איז געשטאנען אין דרויסען, האט איהר בעגריסט:

„העללאו, לידי מיינע! און וואו האסטו אהינגעטהאן דעם פיינעם יונגען מאנטשיק?"

„וואס פאר א יונגען מאן?" האט זי געפרעגט פערוואונדערט. „וואס רעדט איהר?"

„מען וויים, מען וויים, שעהנע לידי מיינע, דארפסט זיך ניט בעהאלטען. נעהמסט און ענטלויפסט מיט א פערהייראטען מאן און קומסט נאך צוריק אין דעם געגענד, אזוי ווי דו ווייסט פון קיין מעשה ניט?"

„איך בעט אייך, מיסטער גאלדשטיין", האט עללא געזאגט, איהם אננעהמענדיג פאר זיינע ביידע הענד. „זאגט מיר, וואס איז געשעהן? איז שענקערמאן ענטלאפען פון זיין פרוי?"

דער פרוכט־הענדלער האט זי אנגעקוקט א ביסעל מיט פער־דאכט און געזאגט.

„געוויס איז ער ענטלאפען. ער איז אוועק א טאג נאך דיר און האט איבערגעלאזען א צעטעל אז ער לאזט זיך וואו די אויגען וועלען איהם טראגען, ווייל ער קען ניט צוזעהן דעם צער פון דער פאמיליע. מען וויים שוין אז דאס איז אן אנשטעל, אז דאס איז ביי אייך געוועזען אן אבגעמאכטע זאך. אלע זאגען, אז ער איז אנטלאפען מיט דיר".

„מיין גאט!" האט עללא אויסגערופען, זיך ארייענשטופענדיג אין קלייט און מיטשלעפענדיג דעם אייגענטהימער מיט זיך. „האט רחמנות, גיט מיר א גלאז וואסער."

„אפשר ביזטו טאקע גאר אונשולדיג", האט דער פרוכט־הענד־לער געזאגט דערלאנגענדיג איהר א ביסעל וואסער. „אבער איך גיב דיר אן עצה זאלסט זיך בעסער ניט ווייזען פאר מיסעס שענ־קערמאן. זי וועט דיך זיכער לאזען ארעסטען. איך זעה שוין אז דו ביסט אונשולדיג. קום אריין צו מיר אין דעם הינטער־צימער. דא וועט דיך וועד דערזעהן און אנשיקען אויף דיר די אונגליקליכע עגונה".

„איך מוז געהן פון דאנען“, האָט עללא געזאָגט און עס האָט איהר געקלאַפּט א צאָהן אָהן א צאָהן.

קוים, קוים וואָס זי האָט זיך דערשלעפּט צום עק גאַס, און קוים קוים וואָס זי האָט דערלעבט, אַז טראַמוויי זאָל אָנקומען און זי צוריק אָבפיהרען אויף איהר נייע וואוינונג.

א פּאָאָר טעג שפּעטער האָט זי פערלאָזען ניו יאָרק און איהרע פריינדע ווייסען ניט וואו זי איז אהינגעקומען.

# אַ גוטע רפואה

זי איז געווען איינע פון יענע פלייסיגע אַרבייטסזאַמע פרויען וואָס זייער אייגענער געזונד און זייער אייגענער פערזענליכער אויסזעהן קימערט זיי קיינמאָל. זיי האָבען נור אין אויג צוערשט די קינדער, דערנאָך דעם מאַן, דערנאָך די הויז. דער אייגענער איך ווערט אין גאַנצען פערגעסען.

אזוי איז געווען זי, די העלדין פון דיזען קלייענם כאַראַקטער־שטריך. אין איהר אַרבייט פאַר איהרע פיער קינדערלעך, פאַר איהר מאַן און פאַר דער הויז האָט זי וועגען זיך קיינמאָל געדענקט. איהר קליידונג האָט זי פערנאַכלעסיגט און פלעגט אַרומגעהן אין שמאַטעס. און איהר געזונד איז מיט דער צייט אויך געווען ניט מעהר ווי אַ שמאַטע.

און עס פלעגט ניט העלפען דעם מאַן'ס טענות, וועלכער פלעגט זיך ביי איהר בעטען, מיט טרעהרען זיך בעטען, אַז זי זאָל אַ ביסעל שוינען איהר געזונד און אויך איהר אויסזעהן, זיך אַ ביסעל מעהר אויפפאַסען, זיך אַ ביסעל שעהנער קליידען, ריינער, לייטישער.

„עה," פלעגט זי זאָגען און דערביי אַ מאַך טהון מיט'ן האַנד, „ווענען דאַרף איך געפעלען זיין? ווער האָט דאָס צייט אויף די נאַריש־קייטען?"

עס איז געקומען אַזוי ווייט דאָס די פרוי איז ענדליך געפאַלען אין יאַך און האָט זיך געמוזט לעגען אַ קראַנקע אין בעט.

דער מאַן, אַ גוטער מענש, האָט ניט געזשאַלעוועט צו רופען די בעסטע דאָקטוירים. אָבער וואָס האָבען די דאָקטוירים געקענט העלפען? די פרוי איז שוין געווען אַ שאַרבען. זי האָט לאַנגזאַם, ביסלעכווייז זיך אויסגעצעהרט, און יעצט האָט זי געהאַט אַ גאַנץ שוואַכע האָפנונג אויף צו בלייבען לעבען.

איהר מאַן האָט אַראָבגעבראַכט איהרע אַ אינגערע שוועסטער, זי זאָל זיצען ביי דער קראַנקער'ס בעט. אַ שוועסטער, האָט ער געזאָגט, איז בעסער ווי אַ פרעמדע נוירז. די שוועסטער איז געווען

א גוטע, א הייסע, זי האָט פיעל געהאָלפען צו לינדערן די שמערצען פון דער שטערבענדער.

איינמאָל, אין אבענד איז דאָס געווען, האָט די קראַנקע פרוי בעמערקט ווי איהר מאַן קוקט אויף איהר אינגערער שוועסטער, און זי האָט אין זיינע אויגען געלעזען א גדאַנק וואָס האָט אין איהר הארצען אָנגעצונדען א פייער פון אייפערזוכט.

אויסגעטריקענטע שפּענער וועלכע האָבען שוין אין זיך קיין לעבענסזאַפט ברענען שנעלער. דאָס פייער פון אייפערזוכט האָט ביי דער קראַנקער שטערבענדער פרוי אָנגעצונדען אלע חושים.

„ניין!" האָט זי אויסגערופען צו זיך אין איהרע געדאַנקען, „דאָס טאָר ניט געשעהן! איך מוז אָנווענדען מיין לעצט ביסעל חיות אז דאָס זאָל ניט געשעהן!"

צוזאַמענגעהמענדיג איהרע לעצטע קרעפטען, האָט זי ביי זיך געמאַכט א פעסטען בעשלוס געזונד צו ווערען.

אויב איהר, לעזער, ווייסט ניט ווי אזא פעסטער בעשלוס קען ווירקען אויף א קראַנקען, דאַן פרעגט א דאָקטאָר וועט ער אייך זאָגען. עס איז אָבער גאָר ניט נויטיג איהר זאָלט פרעגען. אָט זעהט איהר, דיזע פרוי האָט איהר בעשלוס אויסגעפיהרט.

זי האָט אָנגעהויבען צו נעהמען רעגעלמעסיג איהר מעדיצין און איהר שפּייז. זי האָט פון קאָפּ ארויסגעשלאָגען אלע דאגות און האָט נור געהאַלטען איין געדאַנק אין קאָפּ — געזונד צו ווערען.

נאַטירליך, די דאָקטוירים האָבען בעקומען קרעדיט פאַר א וואונדער וואָס זיי האָבען ניט אויפגעטהאָן. פיער וואָכען צייט נאָך איהר בעשלוס איז די פרוי ארומגעגאַנגען אויף איהרע פיס.

נאָכדעם האָט זי זיך גענומען גוט אויפפּאַסען, עסען און טרינקען פון דאָס בעסטע. אלע האָבען זי בעוואונדערט. זי איז געוואָרען פעט און דיק, איז געוואַקסען אין דער ברייט. פון 112 פונט איז זי ארויף אויף 150, און זי איז נאָך געוואַקסען.

זי האָט אָנגעהויבען זוכען אלערליי פערגניגענס. זי האָט געזומערט אויף די בערג און געווינטערט אין לייקוואוד. זי האָט בעקומען א רויטען פּנים, פעטע גראָבע באַקען און זי איז געוואָרען ווי א קיילעכדיג פאַס אָנגעפילט מיט פעטס.

נור איין זאַך: אין איהר קליידונג איז זי פערבליעבען נאַכ-

לעסיג ווי אמאָל. די זעלבע שמאטעס מיט לאַטעס, נור פון אַ גרעסערע מאָאס. זי האָט זיך ניט געקימערט וועגען אויסזעהען שעהנער, נור ווי צו ווערען געזינטער און שטאַרקער. און יעדעס מאָל ווען זי פלעגט אַ קוק טהון אויף איהר מאַן, פלעגען איהרע אויגען אזוי ווי זאָגען:

„נאַ, זעהסטו, איך לעב! דיר צו־להכעים וועל איך נאָך לעבען און לעבען!“

# אַן אשת חיל אַ־לאַ־מאָד

עס זיינען דאָ פרויען — אמת׳ע אשת חיל׳ען — וואָס שיקען אוועק זייערע מענער זומער־צייט אויף אַ דאַטשע, און אַליין בלייבען זיי אין שטאָדט צו בעזאָרגען די געשעפטען און היטען די הויז. זיי פאָהרען ניט מיט די מענער צוזאַמען, כדי די מענער זאָלען טאַקע דאָרט האָבען מעהר פערגניגען, דען וואָס פאַר אַ וואַקיישאָן מיט ווייב און קינדער צוזאַמען?

„בענדזשעמין!" האָט אַזאַ פרוי געזאָגט צו איהר מאַן. „דו זאָלסט זיך גאָר ניט זאָרגען וועגען מיר מיט די קינדער. מיר וועלען זיך פערברענגען גאַנץ גוט דאָ, אין ניו יאָרק, דו פאָהר זיך אין דער קאַנטרי און פערברענג דאָרט געזונדערהייט דיינע פאַאר וואָכען וואַקיישאָן, דו דאַרפסט נעבעך האָבען אַ ביסעל רוה. רוה זיך אויס און זשאַלעווע זיך ניט קיין פערגניגענס. דאַרפסט מיר אפילו קיין בריעף אויך ניט שרייבען. פערגעס זיך אַז דו האָסט גאָר אַ ווייב אויף דער וועלט. לעב זיך אַזוי ווי דו וואָלסט געוועזען אַ בחור."

עס פערשטעהט זיך אַז דער מאַן האָט דעם פאָרשלאַג אָנגענומען. דריי טעג נאָכדעם ווי ער איז אָבגעוועזען אויף דעם באַדעפּלאַץ האָט ער בעקומען פון דער ווייב אַ גרויסען פּעקעל, אַ מתנה. דאָרטען האָבען זיך געפונען אַ קעסטעל סיגאַרען, אַ פלאַש קאָניאַק און פינף פונטיגע קעסטלעך פון די בעסטע קענדי. „די סיגאַרען מיט די קאָניאַק איז פאַר דיר," האָט איהם זיין ווייבעל געשריעבען, „און די קענדי איז פאַר די מיידלעך מיט וועלכע דו וועסט דאָרט בעקאַנט ווערען. זאָלסט זיי טראַקטירען ווי אַ דזשענטלמאַן און גאָר פערגעסען אַז דו ביזט אַ פערהייראַטהער מאַן."

דער מאַן איז געוועזען אַזוי גערירט פון זיין ווייב׳ס מתנה, דאָס ער האָט איהר געוואָלט גלייך שיקען אַ בריעף מיט אַ דאַנק, אָבער ער האָט זיך דערמאָנט אַז ער האָט איהר פערשפּראָכען ניט צו שרייבען. טאַקע — האָט ער זיך געטראַכט — אויף צוויי וואָכען

צייט מעג איך פערגעסען אז איך בין א בעוויבטער. נישטאָ קיין וויב, נישטאָ קיין פאַמילע. איך בין א בחור, א פרייער פויגעל.

אַן אַנדער ווייבעל איז געגאַנגען נאָך ווייטער. נאָכדעם ווי זי האָט איינגערעדט איהר מאַן צו נעהמען א וואַקיישען אויף גאַנצע פיער וואָכען, איז זי אַוועק צו צוויי שעהנע מיידלעך, בעקאַנטע, וועלכע האָבען אויך גערארפט אָבפאָהרען אויף א וואַקיישען און זי האָט זיי צוגערעדט אַז זיי זאָלען פאָהרען אין דעם זעלבען פּלאַץ וואו איהר מאַן שטעהט איין.

צום מאַן האָט זי דעם זעלבען טאָג געשריבען פאָלגענדעס:

„מיין טהייערער סאַלאָמאָן! — פלאָרענס צימערמאַן און קיידי שוואַרץ פאָהרען מאָרגען אַרוים אויף דריי וואָכען וואַקיישען. זיי וועלען איינשטעהן אין דעם זעלבען האָטעל וואו [illegible] ג'זפינסט זיך. איך האָב זיי געבעטען זיי זאָלען דיך אַמוזירען. טאָ הער־זשע, ליעבער סאַלאָמאָן, זיי א דזשענטלמאַן און געה זיי אָבנעהמען ביי דער סטאַציאָן, זיי קומען מיט דעם ערשטען נאָכמיטאָג צוג. זשאַלעווע זיי ניט קיין קענדי און קיין אייז־קרים. האָב זיך א גוטע פרעהליכע צייט, און זאָלסט גאָר ניט דענקען, אַז איך וועל עפּעס האָבען דעם קלענסטען פערדאַכט וועגען דיר. איך בין קיינ־מאָל ניט אייפערזיכטיג. עס איז א נאַרישקייט צו זיין אייפער־זיכטיג. אַז דו ווילסט קענסטו פלאָרענס'ן בעקאַנט מאַכען מיט אַן אַנדער יונגענמאַן און דו געה אַרום מיט קיידי'ן אַליין. קיידי איז א שעהנערע און א לעבעדיגערע. איך ווייס, אַז דו גלייכסט זי א סך מעהר פון פלאָרענס'ן. איך וויים אויך, אַז בעפאָר דו האָסט חתונה געהאַט מיט מיר, האָסטו געהאַט אַן אויג אויף איהר. אבער מיך אַרט דאָס ניט. איך בין קיינמאָל ניט אייפערזיכטיג.

פון מיר דיין הייס־ליעבענדע פרוי, סערעה."

א פּאָאָר טעג שפּעטער האָט דער זעלבער מאַן ערהאַלטען פון זיין פרוי א האַלבען דוצענד מאָדישע שניפּסען מיט פיער שעהנע אויבער־העמדער און א פּאָאָר ווייסע טענים שיך. מיט די זאַכען איז געקומען א בריעף אין וועלכען זיין ווייבעל האָט געשריבען:

„מיין טהייערער סאַלאָמאָן! איך שיק דיר אַרוים שניפּסען, אויבער־העמדער און ווייסע שיך. איך גלויב, אַז דו האָסט ניט מיטגענומען גענוג אויף איבערצוביטען. איך וויל אַז דו זאָלסט

אַלעמען געפעלען זיין. ווי מיסעס ליאַבעץ האָט מיר דערצעהלט, שטעהען איין יעצט אין דיין האָטעל זעהר שעהנע מיידלעך. הייג־טיגע מיידלעך קוקען אויף דער מאָדע, וויל איך אז דו זאלסט זיין מאָדיש. מיסעס ליאַבעץ האָט דאָס מיר אפילו דערצעהלט מיט אַן אַנדער מיין. זי האָט געמיינט מיך צו מאַכען אייפערזיכטיג. נור מיך אַרט דאָס ניט. אז מיין מאַן קען האָבען הנאה, איז דאָס אַליין פאַר מיר דער גרעסטער פערגניגען. זעה, מיין מאַן, אַמוזיר זיך נור ווי דו קענסט. זאָל דיך ניט אַרען פאַר מיר. איך מיט די קינדער זיינען גאָט צו דאַנקען אין בעסטען געזונד."

אָט אַזוי זאָרגען זיך דיזע ווייבלעך וועגען זייערע מענער.

נאַטירליך, דאָס אַלעס איז די פאַנטאַזיע פון אַ שרייבער, אבער וואָס פאַר אַ שעהנע וועלט אונזערע וואָלט געווען ווען אַזעלכע ווייבער וואָלטען טאַקע עקזיסטירט אויף אַן אמת!

# פאַלשע וואָג

לינאַ איז געווען אַ שעהן מיידעל און אַ געראָטענע. זי האָט געקענט שעהן זינגען און שפּיעלען פּיאַנאָ ווי אַ קינסטלערין. אימער מיט אַ זיסען שמייכעל אויף די ליפּען, אימער מיט אַ פריינדליכען בענעהמען צו יעדען איז זי געווען, און עס איז קיין וואונדער דאָס אַ סך יונגע לייט האָבען געזוכט איהר האַנד מיט איהר האַרץ צוזאַמען.

נאַטירליך, לינאַ האָט געקליבען. זי האָט געוואָלט דעם בעסטען. צווישען די אַלע וואָס האָבען געזוכט לינאַ'ן צו געווינען, זיינען געווען צוויי צווישען וועלכע זי האָט ענדליך געמוזט מאַכען איהר לעצטען בעשלוס.

איינער איז געווען אַ יונגער מאַן, אַ שעהנער, אַן אידעאַליסט, אַ פּאָעט, וועלכער האָט אָנגעבאָטען לינאַ'ן צו בויען פאַר איהר אַ קליינעם נעסט פון דריי צימערליך, ערגעץ אויף אַ בוידעם, נאָהענט צום הימעל און צו זונענשיין. „דאָרט," האָט ער איהר געזאָגט, „וועלען מיר לעבען ווי פויגעלעך. דו וועסט מיך ליעבען און איך וועל דיך ליעבען. ווי פיעל איך וועל פערדיענען וועט זיין גענוג. ברויט מיט פּוטער און אַ גלעזעלע טהעע וועט אימער זיין. פון פּוטער מיט ברויט ווערט מען רויט און ווען צוויי מענשען ליעבען זיך, איז אַ וואוינונג פון דריי צימערלעך אַ פּאַלאַסט."

דער אַנדערער איז געווען אַ רייכער אַלמן. צוויי קינדער זיינען איהם געבליבען פון זיין ערשטער פרוי. אבער ער איז נאָכ־געגאַנגען לינאַ'ן מיט דעם פייער און דער צודרינגליכקייט פון אַ יונגען פערליעבטען. „פאַר מיר וועסטו לעבען גליקליך," האָט ער געזאָגט. „קיין זאַך וועט דיר ניט פעהלען. מיין גאַנצער פער־מעגען איז אין דיינע הענד. וואָס דיין אויג וועט דערזעהען, וואָס דיין האַרץ וועט גלוסטען און וואָס דיין מויל וועט אַרויסרעדען וועסטו קריגען."

לינאַ׳ס קאָפּ האָט אָנגעהויבען צו אַרבייטען ווי אַ וואָגשאָל. אַרויף און אַראָב, אַראָב און אַרויף. ניט איין מיידעל׳ס קאָפּ האָט זיך געוויעגט ביי דעם וואָגשאָל! רייכטהום אָדער ליעבע? די פריידען פון דער זעעלע אָדער די בעקוועמליכקייטען פון קערפּער? ליעבע אויף אַ בוידעם, אָדער אַ גראַמע וואוינונג מיט אַ דיענסט און פּיעליייכט צוויי? אַ קאַליקאָ דרעס פאַר אכט־און־ניינציג סענט, אָדער זיידענס און בריליאַנטען?

אַ לאַנגע צייט האָבען זיך די וואָגשאָלען געוויעגט: די העכער, די ניעדריגער, ביז זיידענס און בריליאַנטען האָבען אַריבער־געוואויגען.

אפשר וואָלטען זיך די צוויי וואָגשאָלען נאָך געוויעגט עד היום, אפשר וואָלט די אכט־און־ניינציג סענטיגע קאַליקאָ־דרעס אַריבער־געוועגט די זיידענס און בריליאַנטען, אפשר וואָלט לינאַ גענומען דעם וואָס זי האָט געליעבט, אבער איהרע עלטערן האָבען אונטער־געוואָרפען געוויכט, געמאַכט, אַז די וואָג פון דעם רייכען אַלמן זאָל זיך אַריבערציהען.

צו שוואַך איז לינאַ געווען צו וועהרען זיך געגען דעם ווילען פון איהרע עלטערן. צו שוואַך איז זי געווען צו וועהרען זיך געגען איהר אייגענע שוואַכהייט.

אַ טאָג נאָך דער חתונה איז לינאַ׳ס מאַן אַוועק אויף אַ פּאָאַר שטונדען פון הויז, און איז צוריקגעקומען מיט פינף קינדער.

„ווער זיינען די?" האָט לינאַ געפרעגט.

„טהייערע מיינע," האָט ער געענטפערט, „דאָס זיינען א ו נ ז ע ר ע קינדער."

„וואָס האָסטו מיט מיר געטהאָן?" האָט זי געפרעגט, ברעכענ־דיג מיט די הענד. „דו האָסט מיר געזאָגט, אַז דו האָסט בלויז צוויי קליינע קינדער."

„איך האָב דיר געזאָגט, אַז איך האָב צוויי קליינע קינדער? מעהר ווי צוויי קליינע האָב איך ניט. זעהסט דאָך, די איבריגע זיינען שוין אויסגעוואַקסען, וועסט האָבען וועניג וואָס צו טהון מיט זיי."

לינאַ האָט זיך שנעל אַרומגעזעהן, אַז די וואָג איז געווען אַ פּאַלשע. פון די זיידענע קליידער און בריליאַנטען האָט זיך אויס־

געלאָזען אַ גרויסער שווארצער פארטוך, וועלכען זי האָט פון זיך ניט אראָבגענומען ניט בייטאָג און ניט ביינאַכט. אימער האָט זי געמוזט ארבייטען אין הויז, ארום די קינדער, וועלכע זיינען געווען שלעכט און ניט געהאָרכזאַם. רייך איז איהר מאַן געווען, אבער אַ קאַרגער וואָס האָט זיך ניט פערגונען דעם ברויט וואָס ער האָט געגעסען — — — עס איז געווען אַ שמאַלץ־גרוב מיט צעהן שלעסער אויף איהם.

אין די שטילע נעכט, אין איהרע שלאָפלאָזע שטונדען, טראַכט נאָך לינא פון איהר אַמאָליגען אידעאַל: דריי צימערען אויף בוידעם, ברויט מיט פוטער און — ליעבע.

# פינקע נעבעך

זיי זיינען געווען א יונג פּאָר פאָלק. א פּאָאר וואָכען נאָך דער חתונה האָט די פרוי בעמערקט, אז דער מאַן איז קורץ אין געלד.

„נעכטען האָסטו דאָך געהאַט צעהן דאָלאר מיט קליינגעלד", האָט די פרוי געזאָגט.

„איך האָב דאָס געמוזט אוועקגעבען פינקען", האָט דער מאַן געענטפערט.

„ווער איז ער — פינקע?" האָט די פרוי געפרעגט.

„ער איז א שלומיאל. א חבר נאָך פון דער היים. זייט איך בין אין אַמעריקא, ווער איך פון איהם אויסגעריסען. ער האָט שוין מיך אָבגעקאָסט אַן אייגענס."

„צו וואָס דארפסטו איהם געבען? ביזט דען א מיליאָנער?"

„איך קען זיך ניט העלפען, טייערע. עס איז א גרויסע רחמנות אויף איהם. ער איז די גאַנצע צייט אָהן ארבייט. אז איך וואָלט איהם ניט אויסגעהאָלפען מיט צעהן דאָלאר, וואָלט מען איהם ארויסגעוואָרפען פון זיין וואָוינונג."

„ווארום האָסטו איהם מיר קיינמאָל ניט פאָרגעשטעלט?" (די פרוי איז שוין געווען שטארק פעראינטערעסירט).

„בעסער, אז דו זאָלסט איהם ניט קענען", האָט דער מאַן געענטפערט. „איך וויל איהם ניט צייגען א וועג צו קומען צו אונז אין הויז. פאַר פינקע'ן איז דאָס קיין אָרט ניט."

און זייט דיעזען געשפּרעך פלעגט ניט פערבייגעהן א וואָך וואָס „פינקע" זאָל ניט צונעהמען עטליכע דאָלאר. דאָס איז ביי פינקען קראַנק געוואָרען איין קינד, דאָס א צווייטע, דאָס איז קראַנק געוואָרען מאדאַם פינקע, דאָס האָט מען געדארפט האָבען וויעדער אויף צו בעצאָהלען פאַר זיין וואָוינונג, דאָס האָט מען פינקען געדארפט סתם אויסהעלפען מיט עטליכע דאָלאר, אויף שיך, אויף קליידער, אויף עסען. א מאָל פלעגט עס טרעפען, אז ווען ביי

דעם יונגען באלעבעסעל פלעגט פעהלען עטליכע דאָלאר פון זיין געד־האלט און ער האָט געגומען ערקלעהרען צו וואָס פאר א צוועק ער האָט דאָס פינקען געגעבען, פלעגט די פרוי איהם איבערהאַקען די רייד מיט די ווערטער: „איך בעט דיך, מיין מאַן, הער מיר אויף צו דערצעהלען. איך פערשטעה שוין אליין, אז מסתמא איז ביי פינקען וויעדער א קינד קראַנק אויף סקארלאטין. אָדער אויף לונ־גען־ענטצינדונג, אָדער מען וואַרפט איהם ארויס פון זיין וואָהנונג, אָדער עס איז עפּעס אזוי אַן אונגליק".)*

אַט אזוי האָט די אונשולדיגע ווייבעלע געגלויבט אין איהר מאַן און אין זיינע ליגענס וועגען פינקע.

איינמאָל איז דער מאַן נאָך אבענד־ברויט אוועק פון הויז זאָ־גענדיג אַז ער מוז געוואָהר ווערען וועגען פינקען. און אז ער איז צוריקגעקומען, איז ער געווען שטארק פערזאָרגט.

„מיין גאַנצע געלד, 30 דאָלאר, האָב איך איהם געמוזט אוועק־געבען", האָט ער געזאָגט צו דער פרוי, „און נאָך 20 דאָלאר האָב איך געמוזט צובאָרגען ביי א פריינד און דאָס אוועקגעבען פינקען."

„וואָס איז דער מעהר?" האָט די ווייבעל געפרעגט, „וואָס איז יעצט געשעהן? ער וועט דאָך דיך אליין, גאָט בעהיט, אונגליקליך מאַכען."

„ס'איז שלעכט", האָט דער מאַן געזאָגט. „פינקע'ס ווייב ליגט א געשוואָלענע. מען האָט געדאַרפט רופען צוויי פּראָפעסאָ־רען. זי האָט געהאַט א צווילינג. מעהר האָט דעם קבצן ניט גע־

*) אין געמבלינג־הייזער, וואו קאָרטען איז די הויפּט־שפּיעל, איז איינגעפיהרט דאָס א געוויסער פּראָצענט ווערט אָראָבגענומען פון יעדען קאָן פאר דעם אייגענטהימער פון דער הויז און דאָס הייסט „פינקע־געלד". דער מאַן וואָס קריגט די געלד הייסט דארום „מיסטער פינקע". די אונ־שולדיגע ווייבעל האָט קיינמאָל ניט געהערט פון פינקע־געלד און דארום האָט זי ניט פערשטאַנען, אז דער מיסטער פינקע, וועגען וועמען איהר מאַן האָט גערעדט, איז געווען קיין אַנדערער ווי דער אייגענטהימער פון דער געמבלינג־הויז, ביי וועמען איהר מאַן פלעגט פערשפּיעלען זיינע פערדיענסטען.

פעהלט ! פינקע געהט ארום אָהן א קאָפּ. איך האָב מורא, אז ער זאָל פאר צרות ניט בעגעהן זעלבסטמאָרד."

די ווייבעל האָט פערבראָכען מיט די הענד און אויסגערופען:
„אָי, אַן אונגליק איז מיר!"

איהר הארץ האָט שטארק וועה געטהאָן אויף דער אונגליקליכער פּריי פינקע. זי האָט געבעטען, אז דער מאַן זאָל אהר ערלויבען אוועקצוטראָגען פאר איהר א פלעשעל וויין, אָדער א היהנדעל.

„איך וויל ניט דו זאָלסט זיי קענען„ האָט דער מאַן שטרענג געענטפערט. „זיי וועלען זיך דערנאָך אָן דיר אזוי אָנטשעפּען — אין די ביינער וועלען זיי דיר אריינגעהן. מיט די פינקעס טאָר מען זיך ניט אָנפאנגען.

אָבער די פרוי האָט בעשלאָסען נאָכצושפּירען איהר מאַן און אליין אויסגעפינען וואו פינקע געפינט זיך. נאָך אבענד־ברויט, ווען דער מאַן איז אוועק צו פינקען, איז זי אויך ארוים פון הויז און האָט איהם נאָכגעשפּירט א פינף בלאָק פון זייער הויז.

אויף מאָרגען, נאכמיטאג, ווען זי האָט געוואוסט, אז זי וועט איהר מאַן דאָרט ניט טרעפען, איז אוועק נאָך יענער הויז, מיטנעהמענדיג א פלעשעל קאָניאק. ביי דער טיהר האָט זי געטראָפען דעם דזשעניטאָר פון הויז און זי האָט איהם געפרעגט: „וואו וואוינט מיסטער פינקע?"

דער דזשעניטאָר האָט א לאַך געטהאָן, אזוי ווי די ווייבעל וואָלט געזאָגט א גוטען וויטץ, און האָט געענטפערט:
„צוויי טרעפּ ארויף, לינקס."

זי האָט אָנגעקלאַפּט. די טהיר האָט זיך געעפענט א ביסעלע, בלויז אויף וויפיעל א קייטעלע האָט ערלויבט. א קאָפּ האָט זיך ארויסגעשטעקט און געפרעגט:
„וועמען דארפט איהר?"
„מיסטער פינקע וויל איך זעהן".

די פרוי איז געוואָרען צומישט. אויף וויפיעל די קליינע עפענונג אין דער טיהר האָט איהר ערלויבט אריינצוקוקען, האָט זי געזעהן עטליכע מענער אָהן רעק, מיט קאָרטען אין די הענד, און ארומגעוויקעלט מיט א געדיכטען רויך. א הויכער, געזונטער, אָבגעפרע־

סענער בחור, מיט א פנים פון א שפּאַנישען אָקסען־קעמפּפער האָט זיך בעוויזען פאר איהר און געפרעגט:

„וואָס ווינשט איהר, מאַדאַם?“

די ווייבעל האָט זיך אין גאַנצען פערלאָרען. זי האָט איהם דערלאַנגט די פלאַש קאָניאַק, אויסגעשעפּצעט: „דאָס איז פאר מי־סעס פינקע“, און איז אַרונטערגעלאָפען די טרעפּ.

לאָמיר יעצט לאָזען די ווייבעל לויפען און מיר וועלען אריינ־בליקען אינווענינג.

דער הויכער, געזונדער, אָבגעפרעסענער מאַן מיט'ן פנים פון אַן אָקסען־קעמפּפער, איז געוועזען גראַפּמאַן, דער אייגענטהימער פון דער געמבלינג־הויז, וועלכער האָט געהאַט א שעהנע פרנסה פון דער „פינקע“. דער אונערוואַרטעטער בעזוך פון א פרעמדע ווייבעל, וועלכע ער האָט קיינמאָל אין לעבען ניט געזעהן, איהר פריינדשאַפט צו „מיסעס פינקע“, וועלכע איז נאָך אויף דער וועלט ניט געוועזען, האָט איהם צומישט דעם מח און ער האָט זיך געפיהלט ווי אין א הינער־פּלעט. ער האָט אויפגעוויקעלט די פּאַפּיער, אין וועלכע די פלאַש איז געלעגען, און געצייגט די חברה שפּיעלער.

„קאָניאַק!“ האָבען זיי אַלע אויסגערופען.

גראַפּמאַן האָט זיי דערצעהלט פון דעם בעזוך וואָס די אונבע־קאַנטע ווייבעל האָט געמאַכט.

„דאָ מוז עפּעס זיין“, האָט געזאָגט איינער טאַעשנדיג די קאָרטען.

„עס איז א דעטעקטיוו פון די רעפאָרמער, די חטאים־זוכער, וואָס ווילען רייניגען די שטאָדט“, האָט געזאָגט אַן אַנדערער, וועל־כער האָט געהאַט א בארג מיט רונדע, קאָלירטע רעדעלאַך אויף זיין זייט. „לאָמיר בעסער סטאָפּען די שפּיעל. דאָ וועט באַלד זיין אַן אָבלאַווע.“

מעהר ווי דאָס וואָרט „אָבלאַווע“ האָט מען ניט געדאַרפט. די קאָרטעזשניקעס האָבען געוואָרפען די קאָרטען, געכאַפּט זייערע רעק און קאַפּעלושען און זיינען ארויסגעלאָפען.

גראַפּמאַן האָט אוועקגעראַמט די קאָרטען און געשלאָסען דעם פּלאַץ.

יעצט לאָמיר געהן צוריק צו דער ווייבעל.

קומענדיג אהיים, האָט זי געפיהלט זעהר שפּעט. דער קאָפּ האָט איהר שטארק וועה געטהאָן פון דעם וואָס זי האָט אין דעם טאָג דורכגעלעבט. דעם דזשעניטאָר'ס געלעכטער, די קאָרטען־שפּיע־לער, דער געדיכטער רויך, און „פינקע נעבעך" אַליין — אַלעס צוזא־מען האָט זיך געדרעהט אין איהר קאָפּ און זי האָט געזוכט אַן ער־קלעהרונג. איז דאָס געוועזן דער ריכטיגער פינקע? אָט דער געזונ־טער, אָבגעפרעסענער יונג, מיט'ן רויטען קארק? און ווי קומט צו איהם אַ ברילִיאַנטענע שפּילקע? די שפּילקע אין זיין שניפּס האָט זיך געפּאַסט פאר אַ מיליאָנער, און אפשר האָט זי פערבלאָנדזשעט און האָט איהר מתנה אָבגעגעבען גאָר אַן אַנדער פערזאָן?

נאָך אבענד־ברויט, ווען דער מאַן איז אוועק אויף זיין רעגעל־מעסיגען בעזוך צו „פינקען", איז זי איהם וויעדער נאָכגעגאַנגען. זי האָט געזעהען ווי ער איז אריין אין קאָרידאָר און איז באַלד צוריק ארויס, ריידענדיג מיט'ן דזשעניטאָר אין הויז. זי האָט זיך אוועק־געשטעלט הינטער אַ גרויסען וואָגען, אום דער מאַן זאָל זי ניט בע־מערקען. נאכדעם האָט זי געזעהען ווי ער איז אוועק אויף דעם וועג צוריק אהיים.

ער איז געקומען אַ פינף מינוטען פריהער פון איהר.

„שוין אזוי גיך צוריק?" האָט זי געפרעגט. „וואָס מאכט מיסעס פינקע?"

„זי איז שוין בעסער", האָט ער געענטפערט.

„דאנקען גאָט", האָט די פרוי געזאָגט.

מאַן און פרוי האָבען זיך שארף אָנגעקוקט. ער האָט געפיהלט, אַז די פרוי ווייס עפּעס מעהר וויפיעל זי וויל ארויסזאָגען. און זי האָט דאָס זעלבע געזעהן אָן איהם. אָבער זיי האָבען געשוויגען.

ענדליך האָט ער זיך אויפגעהויבען און געזאָגט:

„קום, לאָמיר געהן אַ ביסעל שפּאַצירען."

זיי זיינען געגאַנגען שטיל, ניט ריידענדיג אַ וואָרט, אַ דריי בלאָק פון זייער הויז האָבען זיי בעגעגענט אַ בעקאַנטען יונגען מאַן. זיי האָבען זיך אָבגעשטעלט ריידען.

„האָט איהר געהערט די נייעס?" האָט דער בעקאַנטער געזאָגט. „די פּאָליציי האָט זיך גענומען צו גראפּמאַן'ס פּלאַטץ. היינט איז

דאָרט געווען אַ יונגע פרוי, האָט אַ פרעג געטהאָן אויף מיסעס פינקע און אַז גראפמאַן האָט זיך בעוויזען, האָט זי איהם אריינגעשפּאַרט אַ פלעשעל קאָניאַק, געזאָגט אַז דאָס איז פאַר מיסעס פינקע און איז אַנטלאָפען. פון אָנפאַנג האָט ער געמיינט, אַז דאָס איז אַ משוגענע. אָבער באַלד האָט מען זיך אָנגעשטויסען אַז דאָס איז געווען אַ דע־טעקטיוו פון דער פּאָליציי, אָדער פון די שטאָדט־רעפאָרמער. גראַפּ־מאַן האָט גלייך אויסגעליידיגט דעם פלאַץ, האָט געגעבען אַ ידיעה צו אַנדערע פלעצער, און יעצט איז ניטאָ וואו אַ קערטעל צו מאַכען. אַלעס איז געשלאָסען.

די גאַנצע צייט וואָס דער בעקאַנטער האָט גערעדט, האָט דער מאַן איהם געמאַכט סיגנאַלען מיט די אויגען, אַז ער זאָל ניט ריי־דען, אָבער דער בעקאַנטער האָט זיי אויגען ניט אַראָבגענומען פון דער פרוי אין וועמעס געזיכט עס האָבען זיך געביטען אַלע קאָלירען.

„איך פיהל ניט גוט, נעהם מיך אהיים", האָט זי געזאָגט צום מאַן.

און קומענדיג אהיים האָט זי איהם גענומען פאַר ביידע הענד און געזאָגט:

„איך בין דאָס די פרוי וואָס האָט געבראַכט די פלעשעל קאָניאַק פאַר מיסעס פינקע. איך בין דאָס די נאַר וואָס האָב גע־גלויבט דיינע נאַרישע ליגענס." און זי האָט איהם דערצעהלט די גאַנצע געשיכטע פון דעם ווי זי האָט איהם נאָכגעשפּירט און פון איהר בעזוך צו „פינקען".

גראַפמאַן'ס פלאַץ און אַנדערע געמבלינג־הייזער ארום זיינען יעצט ווידער אָפען, אָבער דער יונגער באַלעבעסעל געהט ניט מעהר אהין. „פינקע" מוז זיך בעגעהן אָהן איהם.

# אַ שטילער מענש

אין דעם אָפּיס וואו ער האָט געאַרבייט אַלס בוכהאַלטער איז ער געווען דער שטילסטער מענש. אַ קליין מענשעל איז דאָס געווען, מיט אַ קליין קעפּעלע און אַ שפּיציגע געלע ציגען־בערדעלע. אַ פּנים האָט ער געהאַט אָהן פאַרב, אָהן אויסדרוק. מען האָט ניט געקענט וויסען אויב ער איז אַ שלעכטער מענש, אָדער אַ גוטער. דאָס קליינע מויל איז געווען אימער שטיל, גערעדט נור וואָס אנבעלאַנגט צו דעם געשעפט, פאַר וועלכען דער שטילער מענש האָט געאַרבייט. וועגען זיך — קיין מאָל אַ וואָרט.

אויגען האָט ער גראָדע געהאַט גרויסע, עס הייסט אין פּראָ־פּאָרציאָן מיט זיין קאָפּ און מיט זיינע געזיכטסציגע, אָבער אויך די אויגען זיינען געווען אָהן אויסדרוק. גרוי און גלייכגילטיג האָבען זיי געקוקט אויף דער וועלט און די מענשען אַרום.

זאַיטשיק האָט ער געהייסען. טאָג־טעגליך איז ער געזעסען ביי זיין שרייב־טיש, איינגעגראָבען אין די גרויסע ביכער, בריעף, בעשטעלונגען און רעכנונגען, און עס האָט אויסגעזעהען אַז קיין אנדער זאַך אין דער וועלט האָט איהם אינטערעסירט. ווען די מענשען וואָס האָבען געאַרבייט אין דעם זעלבען געשעפט און וואָס זיינען געזעסען אַרום איהם פלעגען צווישען זיך עפּעס דערצעהלען, פלעגט ער זיך כמעט ווי גאָר ניט צוהערען. זייער לאַכען פלעגט פון איהם קיינמאָל אַרויסרופען דעם מינדעסטען שמייכעל. ער איז געווען ווי אָבגעשניטען פון זיין אייגענער וועלט.

„אַ שטילער מענש!“ פלעגען די אַנדערע אַרבייטער פון דעם געשעפט זאָגען צווישען זיך. „אַ מאָדנער מענש, אַ שטילער מענש!“

קיינער האָט ניט געוואוסט וואו זאַיטשיק וואוינט, ווי ער לעבט און מיט וואָס ער גיט זיך אָב אין זיין פריע צייט. מען האָט נור געוואוסט, אַז ער איז אַ בחור, אַן אַלטער בחור, וואָרום ער איז געווען נאָהענט צו פערציג. זיינע מיטאַרבייטער האָבען

ליעב געהאַט איהם אין שפּאַס צו רעדען שדוכים, זיך אַנזעצען אויף איהם וואָרום ער האָט ניט חתונה. דערביי פּלעגען זיי מאַכען אויף איהם אַלערליי וויצען און זיך אָפּטמאָל האַלטען ביי די זייטען לאַכענדיג. אָבער ער, זאַיטשיק, פּלעגט אפילו ניט ארויסווייזען אויב דער שפּאַס איז איהם צום הארצען, אָדער עס פערדריסט איהם. ווען־ניט־ווען פּלעגט זיך אויף זיינע ליפּען בעווייזען אַ ספק־שמייכעל, אַ ספק־פערקרימען־זיך.

איינמאָל האָט פּאַסירט אַ זאַך וואָס האָט די ארבייטער פון געשעפט געגעבען אַ געלעגענהייט צו האָבען אַ היבשע ביסעל שפּאַס מיט זאַיטשיקען. עס איז געשעהן אַזוי: אין אַ מיטען טאָג, אין מיטען מיטוואָך, אין אריין אין געשעפט אַ אינגעלע, געפרעגט אויף מיסטער זאַיטשיק, און ווען מען האָט איהם געצייגט אויף דעם בוכהאַלטער, האָט דער אינגעל געזאָגט: „אַ ליידי וויל אייך זעהן. זי וואַרט אין גאַס.“ אַלע זיינען געוואָרען איבערראַשט. מען האָט זיך אָנגעהויבען צו שושקען. דער בוכהאַלטער איז אַ ביסעל פערשעמט געוואָרען. עס איז געווען דאָס ערשטע מאָל וואָס די מענשען, וואָס האָבען געארבייט מיט איהם צוזאמען, האָבען געזעהן פאַרב אין זיין פּנים. ער האָט אָנגעטהאָן זיין הוט און איז ארויס־געגאַנגען נאָך דעם אינגעלע. די אַנדערע ארבייטער האָבען גלייך ארויסגעשיקט איינעם פון זייערע, ער זאָל שפּיאָנירען און זעהן וואָס דאָס איז פאַר אַ ליידי און וואָס פאַר אַ געשעפטען זי האָט מיט דעם שטילען מענשען.

דער שליח איז אָבער באַלד צוריקגעקומען שטאַרק ענטטוישט. ער האָט ערוואַרטעט עפּעס אַ מיידעל אָדער אַ יונג ווייבעל, צוגעפּוצט אַזוי ווי איינע וואָס געהט זעהן אַ געליעבטען, און מיט אַ קאָקעטישען שמייכעל אויף די ליפּען, אָבער אַנשטאַט אַזאַ מיידעל אָדער אַ ווייבעל האָט דער שליח דערזעהן אַ קורצע ברייטע אָבגעלאָזענע אידענע פון אַ יאָהר עטליכע און פערציג, מיט אַ קליין קינד, אַן עופּה'לע, אויפ'ן אָרם, און דריי קינדערלעך וואָס האָבען זיך געהאַלטען ביי איהר אַלטע פערלאַטעטע ציצענע קליידעל. די דינע האָאר אויף איהר קאָפּ, זעהר קאַרג אין צאָהל, זיינען געווען בעדעקט מיט עפּעס אַ שטיקעל צודעק פון געפלאָכ־טענע שוואַרצע שטרוי וואָס האָט דערמאָנט אַ ווייבערשען הוט.

איהרע אויגען זיינען געווען פערוויינט און זי האָט עפּעס גערעדט מיט אַן אויסדרוק פון געבעט, ווערענד זאַיטשיק האָט זי געזוכט צו בערוהיגען.

אַז דער שליח איז צוריקגעקוקען פון זיין שליחות, האָבען זיך אַלע אויף איהם אַ וואָרף געטהאָן מיט איין פראַגע:

„נו?“

„עה, פּאַראַן וואָס אָנצוקוקען!“ האָט ער אויסגערופען. „מיר האָבען זיך אַלע אָבגענאַרט. עפּעס אַ פערשלומפּערטע אידענע, מיט פּיער פּיצעלעך. מסתמא זיינע אַ שוועסטער, אָדער זיין מיסעס ביי וועמען ער וואוינט.“

און באַלד איז דער בוכהאַלטער אַליין צוריק אַריינגעקומען, שטיל, רוהיג אָהן אַ שום אויסדרוק אויף זיין פּנים, אַזוי ווי עס איז גאָרניט געשעהן.

אָפּטמאָל נאָכדעם פּלעגען די אַרבייטער פון דעם געשעפט מאַכען אַ וויצעל וועגן דער פרוי און איהר ראַנדעוואו מיט'ן בוכהאַלטען. זיי האָבען זי בעטיטעלט אַלס „זאַיטשיק'ס מיסעס“, און דער שליח וואָס האָט זי געזעהן האָט ערקלערט אַז דאָס קליינינטשקע וואָס זי האָט געהאַלטען אויף איהרע הענד איז געווען ענליך צו זאַיטשיק'ען. אַלע פּלעגען דערביי לאַכען. און אפילו די מיידעל וואָס האָט געאַרבייט אויף דער שרייב־מאַשין, פּלעגט זיך פערשטעלען דעם פּנים מיט'ן „דזשוירנאַל“ און אויך לאַכען.

אָבער זאַיטשיק פּלעגט אפילו מיט די אויגען ניט אַ פּינטעל טהון. אַ שטילער מענש, אַ מאָדנער מענש, אַ לעבעדיגע רעטענים איז דאָס געווען!

* * *

איינמאָל האָט געטראָפען אַז זאַיטשיק איז ניט געקומען צו דער אַרבייט.

דער בעל הבית און די אַרבייטער פון דעם געשעפט האָבען זיך ניט געקענט אָבוואונדערען. אין די צעהן יאָהר וואָס זאַיטשיק האָט געאַרבייט אין דעם געשעפט, איז ער אימער געווען פון די ערשטע וואָס פּלעגען קומען צו דער אַרבייט און האָט קיינמאָל ניט פערפעהלט אַ טאָג.

„זאָל דזשייקי געהן צו איהם אהיים און זעהן אפשר איז ער קראַנק." האָט דער בעל־הבית געזאָגט.

עס האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזען, אַז קיינער האָט ניט געוואוסט וואו זאַיטשיק וואוינט. קיינער האָט אפילו קיין אהנונג געהאַט אויב ער וואוינט אפטאַון, דאַון־טאַון אָדער אין בראָנזוויל.

עס איז געבליבען אַז מען זאָל וואַרטען.

אַ טאָג איז אַריבער. אויפ׳ן צווייטען טאָג איז אַריינגעקומען אַ יונגע שעהנע ווייבעל, הויך און פעסט געבויט און האָט מיט אַ בעזאָרגטער שטימע געפרעגט אויף מיסטער זאַיטשיק.

ווען זי האָט ערפאַהרען אַז ער איז שוין צוויי טעג ניט געווען אין דעם געשעפט, האָט זי פערבראָכען מיט די הענד און אויסגערופען:

„יעצט פערשטעה איך. ער איז טאַקע אַנטלאָפען. ער האָט מיך אונגליקליך געמאַכט. מיין גאַנצע געלד האָט ער צוגענומען און מיך האָט ער איבערגעלאָזען אַן עגונה."

דאָס האָט געטראָפען אַלעמען ווי אַ דונער אין אַ שעהנעם וועטער. די ווייבעל האָט דערצעהלט אַז זי איז געווען פערהייראַט מיט זאַיטשיק׳ן באַלד אַ יאָהר צייט און אַז די גאַנצע צייט פון זייער פערהייראַטען לעבען האָט ער זיך אויפגעפיהרט זעהר פערדעכטיג. ער פלעגט פערשוואונדען ווערען פון דער היים אויף גאַנצע נעכט. מיט אַ טאָג צוריק האָט זי אויסגעפונען, אַז ער האָט אַרויסגענומען זייער גאַנצע געלד פון באַנק, און עס איז איהר דאַן איינגעפאַלען אַז ער איז אַנטלאָפען מיט אַן אַנדערער.

זי איז אַוועק וויינענדיג. טויזענד דאָלאַר קעש האָט ער מיט גענומען און אויך אַ פּאָאַר שטיקלעך ציערונג וואָס זי האָט געהאַט.

נאָך צוויי טעג זיינען אַריבער. אויפ׳ן דריטען טאָג איז אין דעם געשעפטס־הויז אַריינגעקומען אַ אידענע פון עטליכע און פערציג, אַן אָבגעלאָזענע און מיט אַ שלומפּער. אויפ׳ן האַנד האָט זי געהאַלטען אַ פּיצעלע און דריי קינדער האָבען זיך נאָכגעשלעפּט נאָך איהר צוריסענע, פערלאַטעטע קלייד.

„וואו איז מיין מאַן?" האָט זי געפרעגט סאַפּענדיג, אָהן אַן אָטהעם, קענטיג זי האָט אַ לאַנגען וועג זיך געשלעפּט צו־פוס.

„מיין מאַן, מיסטער זאַיטשיק זוך איך!" האָט זי אויסגערופען,

זעהענדיג אז אלע זיינען צומישט און פערשטעהען ניט וואס זי רעדט.

דאן האט זי איינער פון די ארבייטער דערקענט. „דאס איז זי," האט ער געזאגט שטיל, ווינקענדיג צו די אנדערע ארבייטער. „דאס איז זי וואס האט איהם אמאל ארויסגערופען און גערערט מיט איהם אין גאס."

„ענטשולדיגט מיר, ארימע פרוי," האט דער בעל־הבית פון געשעפט געזאגט, „אייער מאן האט געארבייט ביי מיר צעהן יאהר, און ער האט זיך אימער אויסגעגעבען פאר א בחור".

„א שעהנער בחור איז ער!" האט די אידענע יאמערליך אויס־גערופען. „א מלאך המות איז ער! צוועלף יאהר אז מיר זיינען פערהייראטה און די גאנצע צייט האט ער מיך אויסגעהונגערט מיט די קינדער צוזאמען. פלעגט זיך ארומשלעפען גאנצע נעכט מיט מיידלעך, מיט שיקסעס און מיט גוי'עס. מיט אונזער דזשעניטארקע האב איך איהם איינמאל געזעהן פון א סאלון ארויסגעהן. אה, דער שארלאטאן, א מיתה משונה אויף איהם. האט מיר אנגעפלאדיעט פיער קינדער און יעצט דארף איך זיך האלטען מיט זיי".

די ארבייטער פון דעם געשעפט האבען געמאכט א קאלעקשאן. דער בעל הבית האט די קאלעקשאן געמאכט דאפעלט און צוגעזאגט עפעס צו טהאן פאר דער ארימער עגונה. אבער מיט דעם האט זיך די געשיכטע ניט געענדיגט.

גראדע אויף מארגען איז געקומען אין דעם געשעפט א הויכער, דארער יונגער מאן און האט געפרעגט אויב עס ארבייט דא א מיסטער זאיטשיק.

„עס איז שוין באלד א וואך אז ער איז צו דער ארבייט ניט געקומען".

„יעצט איז שוין ביי מיר קיין צווייפעל ניט", האט דער מאן געזאגט.

„וואס איז ער מיט אייך געוועזן?" האט דער בעל הבית פון געשעפט געפרעגט.

„ער האט מיט פיער מאנאטען צוריק ארייגעמופט צו מיר אלס באָרדער. ער איז מיר באלד פארגעקומען זעהר פערדעכטיג. א מענש דינגט א צימער און צייגט זיך בלויז איין מאל אין דריי

טעג. די לעצטע צייט האָט ער אָנגעהויבען צו קומען אָפטער און איז געוואָרען אַ גוטער ברודער מיט מיין פרוי. ער פלעגט זי נעהמען אין טהעאַטער און אין אָפּערא. לעצטע וואָך זאָגט מיר מיין פרוי אַז זי וויל פאָהרען אין פילאַדעלפיא צו איהר שוועסטער. האָב איך איהר געגעבען אויף אַ טיקעט און נאָך אַ פּאָאר דאָלאַר דערצו. יעצט האָב איך זיך אַרומגעזעהן אַז זי איז גאָר אין פילאַדעלפיא ניט געפאָה־רען, נור זי איז ענטלאָפען מיט׳ן באָרדער. אַזאַ שטילינקער איז דאָס געווען — ווער זאָל זיך דאָס ריכטען אויף איהם!"

„יע, אַזאַ שטילינקער!" האָבען די אַרבייטער פון געשעפט נאָכגעזאָגט.

# די נקמה פון אַ באַרבער

די געשיכטע וואָס איך דערצעהל אייך איז ניט קיין אויסגע־טראַכטע און איך גיב דאָס אייך איבער אין כמעט דיזעלבע ווערטער ווי דער מאַן מיט וועמען עס האָט פּאַסירט, האָט מיר אַליין דער־צעהלט.

עס איז געווען אַ הייסער זומער טאָג, איינער פון יענע ברע־נענדיגע טעג אין וועלכע דער מענש פיהלט, אז די גאַנצע וועלט ליעגט ביי איהם אויפ׳ן קאַרק און דריקט איהם די נשמה. איך בין דאַן געגאַנגען זיך זעהן מיט אַ ביזנעס־מאַן מיט וועמען איך האָב געהאַט אָבגעמאַכט צו טרעפען זיך אין אַ בעשטימטער צייט. דער ביזנעסמאַן האָט זיין אָבמאַך ניט געהאַלטען. ער איז אוועק פון זיין אָפיס איידער איך בין געקומען און האָט דורך זיין בוכהאַלטער מיר אָנגעזאָגט, אַז איך זאָל אויף איהם וואַרטען אַ האַלבע שטונדע.

אין דער געשעפטס־הויז איז געווען שרעקליך היים, פּשוט דערשטיקט צו ווערען, האָב איך זיך אַ טאַפּ געטהאָן די באַקען און געפיהלט, אַז איך דאַרף שוין זיך אַרומראַזירען. די האַלבע שטונדע — האָב איך זיך געטראַכט — וועל איך פערברענגען אין באַרבער־שאַפּ. נאָך דעם ווי איך וועל זיך אַרומראַזירען, וועל איך זיך פיה־לען קיהלער און בעקוועמער. אַלץ בעסער ווי צו זיצען אין דיזען פערשטיקטען אָפיס.

און איך בין געגאַנגען זוכען אַ באַרבער־שאַפּ.

ניחאַי וואָלט איך ניט געגאַנגען!

אַ באַרבער־שאַפּ האָב איך געפונען אין דער זעלבער גאַס און רוקאַ אַ גרויסאַרטיגען. מען האָט דאָס געקענט זעהן פון דעם גרויסען פענסטער, וועלכער איז געווען פון דעם טייערסטען גלאָז, און פון די בעקאַנטמאַכונג, אַז דאָ ווערט געגעבען עלעקטרישע־געזיכטס מאַסאַזש און אַז אַ מאַניקיור און דאָקטאָר פון היהנער אויי־גען געפינט זיך אימער אויפ׳ן פּלאַץ.

איך בין אַריין, און ווי נור מיין פוס האָט אַריבערגעטראָטען

דעם באַרבער־שאַפּ האָבען זיך אויפגעהויבען זעכס אָדער זיבען מע־
נער אין ווייסע רעק, און ווי מושטירטע סאָלדאַטען, האָט זיך יע־
דער איינער פון זיי אַוועקגעשטעלט נעבען זיין בעזונדער שטוהל.

עס איז מיר געווען אַ ביסעל ניט אנגענעהם וואָס צוליעב אַ
צעהן סענטיגען לייזונג זאָלען זיך אַזוי פיעל מענשען דאַרפען בע־
אונרוהיגען. איך בין צוגעגאַנגען צו דעם נאָהענטעסטען שטוהל.
האַלטענדיג די אויגען אַרונטערגעלאָזען. איך האָב ניט געוואָלט
זייגען, דאָס איין באַרבער געפעלט מיר בעסער ווי דער אַנדערער,
אום קיינער זאָל זיך ניט געפינען פערשעהמט. איך האָב פון זיך
אַראָבגענומען דעם ראָק, זיך אין דעם שטוהל אַריינגעזעצט און גע־
טראַכט: אָט יעצט וועל איך זיך קענען אַ ביסעל אָברוהען.

אין דעם גרויסען שפּיגעל וואָס איז געווען אַנטקעגען מיר, האָב
איך אַ כאַפּ געטהאָן אַ בליק פון דעם באַרבער, וועלכער האָט זיך גע־
עסק'ט אַרום מיר, צוריכטענדיג מיין צוקאָפּענס. און ווי נור איך
האָב דערזעהן זיין געזיכט, איז מיר קאַלט געוואָרען אין אַלע גליע־
דער. איך וואָלט אויפגעשפּרונגען, ווען מיינע פיס וואָלטען
ניט געוואָרען ווי אָבגעשטאָרבען.

ווער איז דאָס געווען? עס איז אַ גאַנצע היסטאָריע, נור איך
וועל דאָס מאַכען אין קורצען. דער באַרבער (אַ גאַליציאַנער) האָט
זיך אַ מאָל געליעבט אין אַ מיידעל, די טאָכטער פון דער פרוי, ביי
וועלכע איך בין געווען אַ באָרדער. איך האָב דעם שדוך קאַליע
געמאַכט און האָב אַליין חתונה געהאַט מיט דאָס מיידעל. דער
באַרבער האָט מיך אין דעם טאָג פון מיין חתונה אָבגעוואַרט אין
גאַס און האָט מיר געזאָגט: „געדענק, דו ליטוואַק! וועסט אַ מאָל
מיט דיין לעבען בעצאָהלען פאַר דיינע לומפּעריי!“ און ער איז
באַלד פערשוואונדען געוואָרען.

זיינע ווערטער האָבען מיר איבערגעשראָקען און זייער וויר־
קונג איז געהאַנגען אויף מיין זכרון ווי דער איינדרוק פון שרעקלי־
כען חלום. פיער יאָהר זיינען אַריבער זייט יענעם סטראַשונאַק און
דער איינדרוק איז נאָך געבליבען פריש און שטאַרק.

יעצט קענט איהר זיך פאָרשטעלען ווי איך האָב געפיהלט זע־
הענדיג אַז דער בלינדער צופאַל האָט מיך געבראַכט אין די הענד פון
דעם שונא וואָס האָט געזוכט מיין לעבען.

און ווי לייכט עס איז יעצט פאַר איהם צו נעהמען זיין שרעק־ליכע נקמה! אַט זוכט ער פאַר מיר צווישען די ראַזיר־מעסערס אַן אָבגעשאַרפטען, אַ גלאַטען, און זוכט עס אַזוי קאַלטבלוטיג, אַזוי גע־שעפטס־מעסיג. זיין קאַלטקייט מאַכט מיין שרעק נאָך גרעסער. ער מוז טראַכטען אַ מורא'דיגע נקמה, ער וויל דאָס מסתמא דורכפיה־רען מיט אַן עפעקט. אין מיטען דערינען, ווען ער איז שוין געווען גרייט מיר צו זייפען דעם פּנים, האָט ער מיר ארויפגעלייגט די האַנד אויפ'ן קאָפּ, דורכגעפיהרט זיינע פינגער צווישען מיינע האָאר און געפרעגט:

„האָאר שניידען?"

איך גלויב ניט, אז אַ פער'משפּט'ער צום טויט פיהלט אויפ'ן עלעקטרישען שטוהל דעם אונבעשרייבליכען שרעק וואָס איך האָב געפיהלט ווען דעם באַרבער'ס פינגער זיינען דורכגעגאַנגען מיינע האָאר. איך האָב גאָר לכתחילה אין זינען ניט געהאַט זיך צו לאָזען שניידען די האָאר, אָבער איך האָב ניט געהאַט דעם מוטה צו זאָ־גען אַ וואָרט. איך האָב אַ שאָקעל מיט'ן קאָפּ אויף יא. איך האָב זיך געטראַכט: אפשר דערקענט ער מיך ניט, איז טאָקי בעסער ער זאָל מיין שטימע גאָר ניט הערען.

ער האָט זיך גענומען צום שערען. און יעדעס מאָל ווען די שפּיצען פון זיין שער האָבען אָנגעריהרט די הויט פון מיין נאַקען, האָב איך אינערליך אויפגעציטערט.

איך האָב זיך געבאָדען אין קאַלטען שווייס. איך האָב גע־מיינט, אז איך וועל שטאַרבען פון שרעק אַליין. צו וואָס מוטשעט ער מיך? האָב איך זיך געטראַכט. ניחאָ וואָלט ער שוין נעהמען זיין ראַזיר־מעסער, געבען אַ שניט און — אויס מיט מיר! דער שרעק פאַר'ן טויט איז דאָך ערגער פאַר'ן טויט אַליין.

איך קען דאָס גאָר ניט אָבשילדערען וואָס איך האָב געפיהלט די גאַנצע צייט וואָס ער האָט איבער מיר געאַרבייט מיט'ן שער. איך האָב זיך געפיהלט ערלייכטערט, ווען ער האָט מיך געפרעגט:

„שאַמפּו?" (קאָפּ וואַשען?)

איך האָב אַ שאָקעל געטהאָן מיט'ן קאָפּ אויף יא, אַלץ מורא האָבענדיג ער זאָל ניט דערקענען מיין שטימע. דער שוואַכער שיין

פון א האַפנונג, אז ער דערקענט מיך ניט, האָט נאָך אַלץ געגליהט פאר מיינע אויגען.

ער האָט מיר אַנגעריבען א פולען קאָפּ מיט זייף. די זייף האָט מיר אריינגעטריפט אין מיינע אויגען און איך בין געוועזן געצוואונגען זיי האַלטען צוגעמאכט. ווען איך האָב נור געוואָלט כאַפּען איין בליק, האָב איך אין די אויגען געפיהלט א שאַרפען, ביטערען שמערץ. מיט צוגעמאכטע אויגען בין איך איהם נאָכגעגאַנגען, אויף זיין בעפעהל, צום עק צימער. ער האָט מיר אונטערגעפיהרט. אָט דאָ, טראכט איך, וועט ער מיר מאכען א סוף צו מיין לעבען.

איך האָב געפיהלט ווי ער האָט אַריבערגעבויגען מיין קאָפּ איבער א באזין און באַלד האָב איך געפיהלט א שטראָם וואַרימע וואַסער לויפען איבער מיין קאָפּ. דאָס וואסער איז געוואָרען היים, נאכדעם איז דאָס ביסלעכווייז אָבגעקיהלט געוואָרען, און צולעצט איז דאָס געוואָרען גאַנץ קאַלט. מיין שרעק איז א ביסעל פערשוואונדען, איך האָב געעפנט די אויגען און געווארט ביז ער וועט מיר אָבטריקענען דעם קאָפּ.

אפשר וואָלט איך יעצט ענטלויפען? האָב איך זיך געטראַכט. לאָמיך גלייך כאַפּען מיין ראָק און מיין הוט און ארויסלויפען. אָבער וואָס וואָלט איך דאָ אויסגעפיהרט? אויב דער באַרבער איז ענטשלאָסען צו נעהמען זיין נקמה, וועל איך שוין פון איהם ניט ענטלויפען. און אפשר וואָלטען מיר אַלע באַרבערס נאָכגעיאָגט און געכאַפּט. ניין, לויפען איז גאָר קיין פּלאַן ניט.

ער האָט מיר העפליך אָנגעצייגט איך זאָל זיך זעצען אויף׳ן שטוהל און האָט מיך גענומען פּאָרבערייטען צום ראזירען. דעם גאַנצען פּנים האָט ער מיר אָנגעריבען מיט זייף און אכדעם האָט ער גענומען שאַרפען זיין ראזיר־מעסער.

איך האָב געזעהן, אז ער טהוט דאָס מיט חשק. ער האָט בעטראַכט דעם מעסער, אזוי ווי א שוחט בעטראַכט זיין חלף, עס זאָל אויף איהם קיין פּגימה ניט זיין. אָט יעצט וועט ער זיכער אויספיהרען זיין נקמה, און דער פריהערדיגער שרעק האָט מיך ווידער דורכגענומען דורך דעם גאַנצען קערפּער.

ער האָט אָנגעפאַנגען צו גאָלען פון די באקען, איז ארונטער צו די ליפּען און דערנאָך צום האַלז. איך האָב געמיינט אָט־אָט און

איך וועל פיהלען די וואָרימקייט פון מיין אייגענע בלוט. איך האָב אַ ציטער געטהאָן, ער האָט אַ כאַפּ געטהאָן זיין ראַזיר־מעסער. ער האָט זיך, הפּנים, אויך דערשראָקען. ער האָט מיר לייכט איינגע־שניטען, נור דאָס איז געווען מיין אייגענע שולד. איך האָב אַ וואָרט ניט געזאָגט, וואָס מאכט עס יעצט אויס, אַ שניט מעהר, אַ שניט ווענינער, באַלד קומט דער גרויסער, דער לעצטער שניט.

די גאַנצע צייט וואָס ער האָט מיך ראַזירט, בין איך געלעגען אַזוי אין אָהנמאַכט. און ווען ער איז פערטיג געוואָרען מיט'ן ראַזי־רען און האָט מיך געפרעגט, אויב איך וויל האָבען אַ מאַסאַזש אויפ'ן פּנים, איז מיין האָפנונג, דאָס ער דערקענט מיך ניט, געוואָ־רען שטאַרקער. אָבער פּלוצלונג האָב איך געכאַפּט אַ בליק אויף זיין פּנים אין שפּיגעל און איך האָב געזעהן ווי אויף זיינע ליפּען שפּיעלט דער שמייכעל פון אשמדאי.

ער וויל מיך שיקען אויף יענער וועלט אַ צוגעפּוצטען, איך זאָל זיין אַ שעהנער בר מנן, האָב איך זיך געטראַכט.

„מאַסאַזש?" האָט ער מיך געפרעגט צום צווייטען מאָל, ווייל אויף דעם ערשטען האָב איך ניט געענטפערט.

איך האָב ווידער אַ שאָקעל געטהאָן מיט'ן קאָפּ.

דער הוזשען פון דער עלעקטרי האָט מיר געמאַכט אַ האַרץ־קלאַפּענעס, אפשר וועט ער מיך טויטען דורך עלעקטרי? אפשר וועט ער דעם דעם טויטליען שטראָם אריינלאָזען אין מיינע גליעדער און וועט אויסברענען דאָס לעבען אין מיר? איך האָב אַ פּאָאר מאָל געוואָלט אויסשרייען: „גוואַלד, ראַטעווועט מיך!" אָבער עפּעס האָב איך זיך געשעהמט, איך האָב זיך געשעהמט פאר איהם אַליין, צו צייגען דאָס איך בין אַזאַ פּייגלינג.

ווען ער האָט געענדיגט דעם מאַסאַזש, האָט ער זיך העפליך פערנייגט. דאָס איז געווען אַ סיגנאַל, אַז זיין דזשאָב האָט זיך געענדיגט. איך האָב מיינע אויגען ניט געגלויבט, אַז איך זעהר זיך אַ לעבעדיגער. איך האָב אומיסטנע זיך אָבגעטראָטען אַ פּוס צו זעהן אויב איך לעב נאָך.

און ווירקליך! איך האָב נאָך געלעבט.

וואָס וועט דער באַרבער יעצט טהאָן? האָב איך זיך געפרעגט. ער האָט מיך ניט לאַנג געלאָזט וואַרטען. ער האָט ארויסגע־

נומען אַ טיקעט, אויף וועלכען עס איז געווען דער ציפער „70“, עס הייסט אז איך דארף בעצאָהלען 70 סענט.

מיר איז פינסטער געוואָרען אין די אויגען — איך האָב ביי זיך מעהר ניט געהאַט ווי אַ קוואָדער.

איך שטעה, האַלט דעם טשעק אין האנד און קוק אויף דעם באַרבער ווי אויף אַ גזלן. איך האָב נור געוואָלט זיך אָבראזירען פאַר צעהן סענט און ער האָט מיך אריינגעטריבען אין אזעלכע גרויסע הוצאות.

מיט אַ פערפלאָמטען פּנים בין איך צוגעגאַנגען צום אייגענטהימער פון באַרבער שאָפּ און ארונטערנעהמענדיג פון זיך מיין בעגולטען זייגער, האָב איך עס שטום אריינגעלייגט אין זיין האנד. איך האָב קיין וואָרט געדארפט זאָגען. מיין פּנים האָט שוין גערעדט פאַר מיר. און ווען איך בין ארויסגעגאַנגען, האָב איך געהערט ווי די באַרבערס האָבען זיך צולאַכט. פון מיר האָבען זיי געלאַכט.

דער זייגער ליגט נאָך דאָרט עד היום, איך האָב איהם נאָך ניט ארויסגענומען, ניט האָבענדיג דעם מוטה צו ציינען זיך ווידער פאַר מיין בלוט שונא. איך גלויב ניט, אז עס לוינט זיך צו ריזיקירען דעם לעבען צוליעב אַ זייגער וואָס האָט די ווערט ביי 15 דאָלאַר.

# א נאַר האָט מזל

ווען א שעמעדיגער יונגערמאַן זעהט אַז די מיידעל וועלכע ער ליעבט, הויבט אָן ארומצוגעהן מיט אַן אַנדערען, דאַן קריעגט ער קוראַזש. ער געהט דאַן אַרוים מיט לשון און זאָגט: „מיידעלע, איך האָב דיך ליעב. ווילסטו מיך פאַר אַ חתן?“

מיט באָרים לופקין איז געוועזן כמעט די זעלבע זאַך. צוויי יאָהר כסדר איז ער געווען אָן אָפטער אריינגעהער ביי סיידי וויינ־שטיין, אָבער ער האָט קיינמאָל ניט געקראָגען דעם מוטה איהר צו זאָגען אַז ער ליעבט זי. ער איז ניט געווען זיכער אַז זי ליעבט איהם מעהר ווי אַ גוטען פריינד און ער האָט מורא געהאַט טאָמער ענטזאגט זי איהם.

א שעמעדיגער בחור זאָל גאָר ניט געבוירען ווערען. האָפנונג און ענטטוישונג בייטען זיך אין זיין האַרצען יעדען טאָג. ער געהט אַרום פער'חלום'ט און די ערד שאָקעלט זיך אונטער זיינע פיס. ציייגט די ליעבע איהם אַ שיין פון האָפנונג איז ער אַ ווייל גליקליך, צייגט זי איהם אַ ביסעל גלייכגילטיגקייט, ווערט זיין האַרץ צו־דריקט פון אַ שווערען אומעט.

אָט אַזוי האָט געפיהלט באָרים לופקין, ביז ער האָט בעמערקט אַז צו סיידי וויינשטיין קומט אריין אַן אנדער יונגער מאַן, נאָך אַ שהנערער פון איהם און סיידי נעהמט איהם אויף גאַנץ פריינדליך.

דאַן האָט ער בעשלאָסען צו פערכאַפּען דעם יונגען מאַן דעם וועג, איידער יענער וועט סיידי'ן אין גאַנצען געווינען פאַר זיך. לופקין האָט בעשלאָסען אויסצוזאָגען סיידי'ן וואָס זיין האַרץ פיהלט צו איהר, אבער אַזוי ווי ער האָט נאָך אַלץ ניט געהאַט דעם מוטה איהר דאָס צו זאָגען מיט'ן מויל, האָט ער בעשלאָסען איהר צו שרייבען אַ בריעף.

א גאַנצע וואָך האָט ער געאַרבייט אויף דעם בריעף, יעדען אבענד, ווען ער פלעגט קומען אהיים, פלעגט ער זיך זעצען „פער־פאַסען“. ער האָט געשריבען, איבערגעשריבען און צוריסען אפשר

א פערציג בריעף. איין בריעף האָט איהם געשיינט צו זיין אביסעל צו אונטערטהעניג, אַן אַנדערער ניט היים געגוג; אַ דריטער צו קאַלט, צו טרוקען, אָדער צו שטאָלץ; נאָך איינער צו אַלאַמאָדיש, צו ראָמאַנטיש; וויעדער איינער אַ ביסעל דעקאַדענטיש; דער, איבערגעזאַלצען, יענער סאַרקאַסטיש, און אין יענעם קען מען אָנגעהמען ניט אַ שעהנע אָנצוהערעניס. הקיצור, עס האָט איהם גענומען כמעט אַ גאַנצע וואָך, ביז איין מאָל, אַ זאָנטאג אבענד איז דאָס געווען, איז איהם געלונגען אָנצושרייבען אַ בריעף מיט וועלכען ער איז געווען צופריעדען.

מורא האָבענדיג טאָמער וועט ער וויעדער פערליערען דעם מוטה האָט ער דעם בריעף שנעל פערזיעגעלט, ארויסגעלאָפען אין גאַס, אזוי ווי איינער לויפט פון אַ שרפה און אריינגעוואָרפען זיין ליעבעס־ערקלערונג אין דעם ערשטען בריעפקאַסטען.

ער האָט געעפענט די טהירעל פון בריעפקאַסטען, אריינ־גערוקט דעם בריעף און זיך צוגעהערט ווי דער בריעף איז אריינ־געפאַלען און זיך אָנגעשלאָגען אָן אנדערע בריעף. דאַן האָט ער אַ קלאַפּ געטהאָן מיט דער טהירעל, אזוי ווי ער וואָלט וועלען זיין זיכער אַז דער בריעף איז אינוועניג.

„עפּעס צו אַ גוטען פריינד?“ האָט אַ פרעג געטהאָן אַ שטימע פון הינטער איהם.

הערענדיג די שטימע האָט ער אַ ציטער געטהאָן. דאָס איז געווען די שטימע פון סיידי וויינשטיין, וועלכע איז גראדע אין דעם מאָמענט אָנגעקומען. מיט איהר איז געגאַנגען סעם גרינלאַנד, דער יונגערמאַן וועלכער האָט ניט לאַנג אָנגעהויבען אריינצוקומען צו איהר.

„מיר געהען צו אַ קאָנצערט,“ האָט געזאָגט סיידי וויינשטיין, „זעהט, איהר שטעהט אָהן אַ העט און עס איז אייך קאַלט. עס קלאַפּט אייך אַ צאָהן אָן אַ צאָהן. געהט בעסער אריין אין הויז. איהר וועט אריינקומען מאָרגען?“

„אי—אי—איך וויים ניט, גוט נאַיט“, האָט לופקין געשטאַ־מעלט, און זיי האָבען זיך צושיידט. „אפשר וועל איך קומען,“ האָט ער אַ זאָג געטהאָן העכער אביסעל, נאָכדעם ווי זיי זיינען

געווען שוין אַ צוואַנציג פוס ווייט פון איהם. אבער זי האָט איהם שוין ניט געהערט.

דער גאַנצער קוראַזש האָט איהם פערלאָזען, ווען ער איז אַריינ־געקומען צוריק אין זיין צימער. וואָס ווייטער האָט ער אַלץ דייט־ליכער איינגעזעהען אַז ער האָט דאָ בעגאַנגען אַ גרויסע נאַרישקייט. ער האָט געשריעבען אַ ליעבע־בריעף צו אַ מיידעל וואָס קעהרט גאָר ניט פאַר איהם, וועלכע געהט גאָר אַרום מיט אַן אנדער יונגענמאַן. מאָרגען וועט זי דיזען בריעף, אויף וועלכען ער האָט געאַרבייט אַ גאַנצע וואָך און אין וועלכען ער האָט אַריינגעגאָסען זיינע הייליג־סטע געפיהלען פאַרלעזען פאַר יענעם, פאַר סעם גרינלאַנד, אוןביידע וועלען פון איהם לאַכען. אָה, ווי קען ער צוריק רעכט מאַכען יענע נאַרישקייט. ווי קען ער צוריק בעקומען יענעם בריעף.

ער האָט זיך דערמאָהנט וואָס ער האָט אַמאָל געהערט אַז מען געהט אין פאָסט־אָפיס און מען גיט אָן סמנים אויף אַ בריעף וואָס מען האָט געשיקט, קען מען איהם בעקומען צוריק. ער האָט זיך אָנגעהויבען שלאָגען מיט דער דעה, אויב ער זאָל געהן אין פאָסט־אָפיס, אָדער ניט. ער האָט גענומען טראַכטען וועגען דעם וואָס ער זאָל זאָגען דעם פאָסטמייסטער, און ווי ער זאָל אָנפאַנגען זיין בקשה. אבער וואָס וועט זיין אַז דער פאָסטמייסטער וועט זיך פון זיין אויסזעהן און פון זיינע רייד אָנשטויסען ווארום ער וויל האָבען דעם בריעף צוריק, און ער וועט פון איהם לאַכען? פאַר לאַכען האָט לופקין מורא געהאַט מעהר ווי פאַר פייער. און פלוצלונג איז איהם איינגעפאַלען אַ ווילדער געדאַנק. פון אָנפאַנג האָט דער געדאַנק געשיינט צו זיין זעהר שרעקליך, אָבער ביסלעכווייז האָט ער זיך צום געדאַנק צוגעוועהנט און עס איז איהם פאָרגעקומען גאַנץ מעגליך.

ער האָט גענומען אַ סיגאַר און עטליכע שוועבעלעך און איז אוועק צום בריעפקאַסטען. שטעהענדיג ביים בריעפקאַסטען, האָט ער אָנגעריבען אַ שוועבעלע, און פערשטעלענדיג דעם בריעפקאַסטען מיט ביידע זייטען פון זיין ראָק, האָט ער איינגעבויגען דעם קאָפּ אזוי ווי ער וואָלט געוואָלט פעררויכערן דעם סיגאַר אין מויל. אין גאַס זיינען דאַן געווען ווייניג מענשען, אָבער טאָמער האָט איהם ווער געזעהען האָט מען געמיינט אַז ער פעררויכערט בלויז דעם

סיגאר און ער פערשטעלט מיט'ן ראָק אז דער ווינד זאָל ניט אויס־לעשען דעם פייער. פּאָרזיכטיג האָט ער געעפענט די טהירעל פון בריעפקאַסטען, אריינגעוואָרפען די ברענענדע שוועבעלע, מיט נאָך אייניגע שוועבעלעך דערצו, די טהירעל האָט ער געלאָזט אָפען. ער האָט באלד דערפיהלט די אנדערע שוועבעלעך האָבען זיך אָנ־געצונדען. א דינינקער רויך האָט זיך בעוויעזען. דאַן האָט ער געזעהן אז עס איז צייט צו מאַכען פיס.

אז ער איז וויעדער אריין אין זיין צימער, האָט ער אליין בעוואונדערט זיין קוראַזש. אָבער צו דערזעלבער צייט האָט איהם גענומען שרעקען דער געדאנק, טאָמער האָט איהם ווער געזעהן ווארפענדיג שוועבעלעך אין בריעפקאַסטען. אפשר וועט זיך נאָך דערגעהן און מען וועט איהם ארעסטען. א קלייניגקייט אזא פער־ברעכען! עס וועט איהם קומען אפשר צעהן יאהר תפיסה. און אז די גאנצע מעשה וועט זיך נאָך דערגעהן ווארום ער האָט דאָס געטהאָן, וועט פון איהם די גאנצע וועלט לאַכען. אָט פאַר דעם לאַכען האָט ער זיך זעהר געשראָקען.

אז ער האָט ניט געשלאָפען א גאנצע נאכט, דאָס איז איבריג צו זאָגען. נאָר אין דער פריה, אז ער איז ארויס אין גאַס, און האָט פון וויטען דערזעהן א בריעפטרעגער, האָט ער זיך איבער־געשראָקען און איז אריבערגעגאנגען אויף דער אנדער זייט גאַס, אבי מיט איהם זיך ניט צוזאַמענטרעפען.

א גאנצען טאָג, מאָנטאַג, איז ער געווען אויס מענש און האָט ניט געקענט טהאָן זיין ארבייט. ער איז געווען בוכהאַלטער אין א גרויסען געשעפט. מיטאָג־צייט האָט זיין בעל־הבית בעמערקט אז ער איז קראנק, האָט ער איהם געהייסען געהן אהיים און זיך אויסרוהען.

קומענדיג אהיים האָט ער זיך אריינגעוואָרפען אין בעט. עס האָט איהם געוואָרפען ווי אין א פיעבער. טויזענדע געדאנקען האָבען זיך גענומען דרעהען אין זיין קאָפּ. שרעק, טאָמער וועט זיין פערבעכען זיך דערגעהן; חרטה אויף זיין נארישען שריט; א שטארקע בענקענים צו זעהען סיידי'ן, און א שטארקער פערדרוס אויף זיך זעלבסט, אויף זיין פייגהייט, אויף זיין דומהייט, אויף זיין לומפּעריי. אָט דיזע געפיהלען האָבען זיך געמישט ביי איהם אין

קאָפּ און אין האַרצען, און ער האָט ניט געקענט איינשלאָפען טראָץ וואָס זיינע אויגען זיינען געוועז שווער אַזוי ווי בליי.

ער האָט אַרויסגענומען פון זיין ראָק. אַ ציימונג וועלכע ער האָט געקויפט אין דער פריה און האָט נאָך אפילו ניט אַ קוק געטהאָן. זיינע אויגען האָבען גענומען וואַנדערען איבער די נייעס. פּלוצלונג האָט ער בעמערקט עטוואָס, פון וואָס עס האָט איהם אַזוי ווי אַ ריס געטהאָן פון בעט. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט און איבער־געלעזען פאָלגענדע שטיקעל נייעס:

## אַ פייער אין בריעפקאַסטען.

זאָנטאג אַבענד האָט אַ פערבייגעהער בעמערקט, אַז עס געהט רויך פון אַ בריעף־קאַסטען אויף קאָרנער ב. און ל. סטריטס. באַלד האָט ער צוגערופען אַ פּאָליסמאַן. עס זיינען אָנגעקומען מענשען מיט קעסלען וואַסער און געגאָסען אין בריעפקאַסטען. מען האָט אויך טעלעפאָנירט אין פּאָסט אָפיס. אַ בריעף־טרעגער איז געקומען, האָט געעפענט דעם קאַס־טען און געפונען אַז אַלע זעקס בריעף וואָס זיינען געלעגען אינוועניג זיינען פערברענט אויף קויהל. מען ווייס ניט ווער עס זאָל האָבען גע־מאַכט דעם פייער, אָבער מען גלויבט, אז דאָס איז די אַרבייט פון אַ פער־ליעבטען, וועלכער האָט געקראָגען חרטה אויף אַ הייראַטס־פאָרשלאַג וואָס ער האָט געמאַכט אין אַ בריעף און האָט געזוכט דעם בריעף צו פערניכ־טען. אויב אַזוי, איז דאָס איהם געלונגען. פון זיין בריעף ווי אויך פון די אַנדערע איז קיין שפּור געבליבען.

באָרים לופקין האָט זיך געפיהלט פרייער. בּיסלעכווייז איז איהם אפילו פרעהליכער געוואָרען, און ער איז איינגעשלאָפען.

ער איז אָבגעשלאָפען ביז האַלב נאָך זיעבען. דאַן, אַז ער האָט זיך אויפגעכאַפּט, האָט איהם די מיסעס, ביי וועלכער ער האָט געוואויהנט, דערלאַנגט אַ בריעף. דאָס איז געוועזן פון סיידי'ן. אָט וואָס זי האָט איהם געשריבען:

ליעבסטער!

ווי גליקליך דו האָסט מיך היינט געמאַכט מיט דיין פאָרשלאַג! דיין בריעף האָט מען מיר איבערגעגעבען אַכט אוהר אין דער פריה, ווען איך האָב שוין געהאַלטען אין געהן צו דער אַרבייט. האָב איך שוין ניט געקענט געהן צו דער ארבייט וואו איך זאָל דיר ניט אָנשרייבען דיזען בריוועלע, אויסדריקענדיג מיין פריידע.

מיין טייערער! דו פרעגסט מיך אויב איך ליעב דיך! א שאלה אַ ביסעל! איך האָב דיך ליעב ווי מיין לעבען. איך האָב דיך געליעבט די גאַנצע צוויי יאָהר וואָס מיר קענען זיך, אָבער איך האָב אלץ געצווייפעלט אויב דו ליעבסט מיך.

קום הייטע אבענד וואָס פריהער.

**דיין סיידי.**

איינליגענד טויזענד קוסען.

* * *

נו, לעזער, אויב איהר שטויסט זיך ניט אָן וואָס פאַר א נס דאָ איז געשעהען, וועל איך אייך זאָגען: דאָ איז גאָר קיין נס געשעהן, נור דער פאָסטמאַן האָט אויסגעלעדיגט דעם בריעף־קאַסטען צוזאַמען מיט לופקין'ס בריעף אַ האַלבע שטונדע בעפאָר לופקין האָט דאָרט געמאַכט אַ שרפה.

# אַז אַ מאַן וויל איינשפּאָרעז

(אַן ערצעהלונג פון דער נאָהענטער פערגאַנגענהייט, אין פיער טייל).

## ערשטער טייל.

אין וועלכען באָרים גאַלקין ליגט אויס זיין טעאָריע פון הויזליכע עקאָנאָמיע.

„שלעכטע צייטען קומען", האָט געזאָגט באָרים גאַלקין אוועק־לייגענדיג די צייטונג וואָס ער האָט געלעזען.

בערטהאַ, זיין פרוי, האָט זיך געוויעגט אין וויעג־שטוהל און האָט געשוויגען.

„שלעכטע צייטען קומען", האָט זיך באָרים ווייטער געזאָגט. „ראקפעלער זאָגט אַזוי. ראקפעלער הייסט שפּאָרען. ער האָט רעכט. אַז מען שפּאָרט ניט אין גוטע צייטען, האָט מען ניט אין שלעכטע."

„אַז עס איז דאָ פון וואָס צו שפּאָרען, שפּאָרט עס זיך שוין אַליין", האָט זיך אָבגערופען בערטהאַ. „אַזעלכע מענשען ווי מיר, וואָס לעבען פון האַנד אין מויל, וואָס קענען מיר שוין אָבשפּאָרען?

„נו", האָט באָרים געזאָגט, „אין ניו יאָרק זיינען דאָ טויזענדער פאַמיליען, וואָס וואָלטען זיך געשעצט גליקליך צו האָבען צוואַנציג דאָלאַר א וואָך רעגעלמעסיג דורכ'ן יאָהר. א פאַמיליע מיט בלויז דריי קינדער קענען אויף דעם לעבען גאַנץ גוט און נאָך עפּעס אָב־שפּאָרען אויף א שלעכטע צייט."

בערטהא האָט א לאַך געטהאָן, אַזוי ווי איהר מאַן וואָלט געזאָגט א גרויסע נאַרישקייט. באָריסען איז דער געלעכטער ניט געפעלען געוועזען.

„די צרה מיט אונזערע אידישע פרויען", האָט ער געזאָגט, „איז וואָס זיי האָבען ניט דעם מינדעסטען בעגריעף פון עקאָנאָמיע אין הויז־ווירטשאַפט. די אמעריקאַנער פרויען ווייסען שוין בעשטימט ווי צו פיהרען א ווירטהשאַפט. זיי שטודירען דאָס אַלס אַ וויסענ־שאַפט. האָסט געדאַרפט לעזען כסדר די אַרטיקלען וואָס ווערען

אין דיזער ציימונג געשריבען וועגען הויז־ווירטהשאפט פאר פרויען. אן אמעריקאנער פרוי קויפט שבת א קאטשקע און דאָס איז גענוג אויף א גאנצער וואָך. ווארום? ווייל זיי זיינען ניט מיר! וואָס טהוען מיר מיט א קאטשקע? מיר בראָטען עס אָב, עסען אויף די פלייש אויף איין מאָל און די ביינער ווארפען מיר ארוים — א גרויסע חכמה!"

„און ווי טהוען די אמעריקאנער?" האָט בערטהא געפרעגט.

„זיי טהוען דען פערקעהרט? די עסען די ביינער און ווארפען ארוים די פלייש!"·

„אי ביזטו א קלוגע פרוי!" האָט געזאָגט באָרים מיט א ביסעל כעס. „פששש — ס'א חכמה! ווילסטו וויסען וואָס די אמעריקא־נער טהוען מיט א קאטשקע? נא, איך וועל דיר פאָרלעזען. ניין, איך וועל דאָס פאר דיר איבערזעצען אין אידיש, וואָרט פאר וואָרט, ווי עס שטעהט אין דעם ענגלישען פייפער. מען קויפט די קאטשקע אויף זונטאג, און מען בראָט עס אָב. זאָנטאג צו דינער שניידט מען אוים די וויים־פלייש און מען עסט דאָס מיט די דרעססינג. מאָנ־טאג מאכט מען פריקאסע פון דער קאָפּ, די פיסלעך, די העלזעל, און די פליעגלען. דינסטאג צוהאקט מען די פּאָלקעס מיט ברויט און מען מאכט קאָטלעטען און מען סערווירט זיי אויף טאָוסט. מיט־וואָך שניידט מען אוים די רויט־פלייש און מען מאכט פון דעם א זופּ־פלייש. דאָנערשטאג סקראָבעט מען אוים מיט א שארפען מע־סער אלעס וואָס איז נאָך פערבליבען און מען מאכט פון דעם א פלאָ־דען. די ביינער וואָס פערבלייבען קאָכט מען אוים אין א טאָפּ מיט וואסער און עס ווערט פון דעם א פיינער בוליאָן וואָס איז גענוג אויף פרייטאג און שבת. זעהסטו? אָט וואָס די אמעריקאנער טהוען מיט א קאטשקע."

„און דו גלויבסט עס אלעס?" האָט אויסגערופען בערטהא. „און דו ווילסט מיר איינריידען, אז א ברעקעל קאָטלעט וואָס איז געמאכט פון א פּאָלקע, וואָלט דיר זיין גענוג אויף א מאָהלצייט? עס וואָלט דיר געוועזען אויף איין צאָהן. פון די אמעריקאנער האָבען מיר זיך ניט וואָס צו לערנען. די אמעריקאנער עסען כמעט גאָר־נישט. אז איך בין געוועזען ביי מיין קוזינע וואָס וואוינט אין פלעט־בוש, האָב איך געזעהען וואָס זיי עסען. די קוזינע פיהרט אן אמע־

ריקאַנישע ווירטהשאַפט. צום טיש האָט מען דערלאַנגט א געבראָ־
טענע הוהן, האָב איך געמיינט אז עס וועט זיין וואָס צו עסען. ערשט
זעה איך, אז מען שניידט אָב יעדערען צו צוויי שטיקלאַך, גרויס אזוי
ווי לאַטקעלעך — נאָך קלענער, זאָג איך דיר — און מעהר האָט מען
ניט געגעבען! און אפילו ברויט גיט מען ניט גענוג. די אמעריקאַ־
נער עסען וועניג ברויט. איך וויים טאַקי ניט פון וואנען ציהען זיי
כחות צום לעבען.“

באָרים האָט געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ און געזאָגט:

„וואָס טויגען די טענות? אז אונזערע אידישע ווייבער הויבען
גאָר ניט אָן צו פערשטעהן וואָס עקאָנאָמיע איז און וואָס הויז־
ווירטהשאַפט איז.“

באָרים האָט א ווײַלע געשוויגען, האָט זיך אויפגעהויבען און איז
ארומגעגאַנגען איבער'ן צימער.

„הער צו, בערטהאַ“, האָט ער געזאָגט נאָך דעם קורצען שוויי־
גען. „עס איז ארויסגעוואָרפענע ארבייט מיט דיר צו פיהרען דע־
באַטען. וואָס וועל איך מיט דיר טענה'ן? איך וועל דיר צייגען,
אז א מענש וויל שפּאָרען געלד, אז ער אונטערנעהמט זיך דאָס צו
טהאָן. קען ער דאָס אויספיהרען! איך וועל דיר צייגען א ביי־
שפּיעל פון זיך אליין. איך אליין וועל אָנהויבען צו שפּאָרען פון
מיינע הוצאות און דיר טאַקע צייגען, אז ווען מען וויל, קען מען.

באָרים האָט אָנגעהויבען צו זוכען אין א קליינעם ביכער־שראנק
און ער האָט פון דאָרט ארויסגענומען א בייגעלע פּאַפּיער, נאכדעם
האָט ער זיך געזעצט צום טיש, גענומען רעכענען און ריידען דער־
ביי אזוי:

דריי מאָל אין וואָך זיך ראַזירען קאָסט מיך 45 סענט. נו, אז
איך וועל קויפען א סייפטי רייזאָר און וועל זיך ראַזירען אליין, וועלען
מיר קאָסטען אלע דריי מאָל העכסטענס פינף סענט. עס הייסט, אז
ווען איך וועל זיך אָנהויבען אליין צו ראַזירען, וועל איך שפּאָרען 40
סענט א וואָך. יעצט לאָמיר זעהן ווייטער: סיגאַרעטען קאָסט מיך
צעהן סענט א טאָג. ווען איך זאָל אָנהויבען רויכערען א פּאַיפּ,
וועט מיך קאָסטען דריי סענט א טאָג — העכסטענס פיער. לאָמיך
זאָגען, אז צום וועניגסטען וועל איך שפּאָרען ביי 35 סעט אויפ'ן
רויכערען. לאָמיך דאָ אוועקשטעלען 35. וואָס נאָך האָב איך וואָס

איך קען שפּאָרען? יא, די קראַגענס. איך מוז האָבען יעדען טאָג א ריינעם קראַגען. איך שוויץ זעהר פיעל און איך קען ניט טראָגען דעם זעלבען קראַגען צוויי מאָל. נו, וועל איך זיך קויפען צוויי גומענע קראַגענס. אזעלכע דאַרף מען אין דער וועשעריי ניט שיקען. מען וואַשט אויס אַזוי ווי אַ טעלער. און שניפּסען זיינען דאָ אויך אזעלכע וואָס מען קען טראָגען אויפ'ן לינקען זייט אַזוי גוט ווי אויפ'ן רעכטען. אויף קראַגענס מיט שניפּסען קען איך שפּאָרען ביי אַ 25 סענט אַ וואָך. לאָמיך דאָ אַוועקשטעלען 25. וואָס נאָך קען איך איינשפּאָרען?"

באָרים האָט גענומען קנייטשען דעם שטערען און טראַכטען. „45 און 35 און 25 איז שוין אַ דאָלאַר מיט פינף סענט אַ וואָך געשפּאָרט. עס הייסט ביי 55 דאָלאַר אַ יאָהר. וואַרט, איך וועל דיר ציינגען, אַז איך קען מיינע אייגענע הוצאות פערקלענערען אויף הונדערט דאָלאַר אַ יאָהר און נאָכדעם זאָלסטו צייגען וואָס דו קענסט."

„מיר וועלען זעהן", האָט די פרוי געזאָגט.

## צווייטער טייל.

### אין וועלכען ער נעהמט זיך דורכצופיהרען זיין טעאָריע אין דער פּראַקטיקע.

און טאַקע אויף מאָרגען האָט באָרים גאַלקין גענומען איינפיהרען די עקאָנאָמיע אין זיינע אייגענע טעגליכע אויסגאַבען. ער איז אריין אין אַ גרויסען אפּטייק און זיך געהייסען צייגען אַ גאַנצען „אָוטפיט", אַ ראַזיר־מעסער וואָס איז בעשיצט געגען איינשניידען זיך, אַ בערשטעל אָנצוזייפען זיך, אַ טאַסע פאַר די זייף, און אַלע אַנדער מכשירים, מיט זייף, מיט ביי־ראָם און אַ מיטעל איינצושטעלען דאָס בלוט אין פאַל אַז מען שניידט זיך איין. „האָב איך שוין אַלעס?" האָט באָרים געפרעגט דעם אפּטייקער ווען יענער האָט שוין געהאַלטען ביים איינפּאַקען. „נו", האָט דער אַפּטייקער געזאָגט, „איך קען אייך פערקויפען אַ שפּיגעלע, וואָס מאַכט אייער געזיכט אויסזעהען פיעל גרעסער און עס איז לייכטער ביי דעם זיך צו ראַזירען. איהר קענט אויך קויפען אַ קרים צו מאַסאַזשירען אייער פּנים. עס קאָסט ניט פיעל און עס וועט אייך גוט טהאָן."

„אָלל רייט“, האָט באָרים געזאָגט, און האָט ארויסגענומען אַ צעהן דאָלאר גאָלדשטיק און געוואַרט אויף רעשטע.

„עס קומט מיר ארוים נאָך פיער סענט“, האָט דער אפּטייקער געזאָגט.

באָרים האָט ארויסגענומען אַ פינף סענט שטיק און דער אפּ־טייקער האָט איהם דערלאַנגט אַ סענט.

פון אפּטייק איז באָרים אוועק אין אַ סיגאַר־סטאָר, און ארייג־קומענדיג האָט ער געזאָגט צום איינגענטהימער:

„ציינט מיר די בעסטע פּייפּ וואָס איהר האָט. פון בערנשטיין זאָל עס זיין. און טאַבאַק זאָלט איהר מיר געבען די בעסטע. ביים פונט איז דאָך ביליגער, אה?“

פאַר אַ ליולקע־ציבעק מיט אַ פונט טאַבאַק האָט ער בעצאָהלט 5 דאָלאַר מיט צעהן סענט. פאַר אַ פּעקעל דראָטען צו רייניגען די פּאַיפּ האָט ער בעצאָהלט נאָך צעהן סענט. נאָכדעם איז איהם איינ־געפאַלען צו קויפען אַ בייטעלע אין וואָס צו האַלטען די טאַבאַק.

„אַלעס וואָס ביליג קאָסט טהייער,“ האָט ער געזאָגט צום סטאָר־קיפּער. „גיט מיר אַ גוטע בייטעלע פון פיינסטען לעדער.

אַ דאָלאַר מיט אַ קוואָדער איז אוועק אויף אַ בייטעלע.

„גיט מיר צוויי גומענע קראַגענס.“ האָט ער געזאָגט, ארייג־געהענדיג אין אַן אַנדער סטאָר.

„פינף־און־צוואַנציג סענט אַ שטיק און פינף פאַר אַ דאָלאַר.“ האָט געזאָגט דער סוחר.

באָרים האָט גענומען פינף.

„שאַין, באָס?“ האָט איהם געפרעגט אַן איטאַליענער שטיוועל־פּוצער וואָס איז געשטאַנען אויפ'ן ראָג.

באָררים איז געווען אין אַ גוטער לוינע, און ער האָט זיך אוועקגעזעצט אויף דעם איטאַליענער'ס שטוהל מיט זיינע פּעקלעך. וועהרענד דער איטאַליענער האָט געריבען, געשמירט, געבלאָזען און ווידער געריבען, און געשמירט, און געריבען זיינע שיך, איז באָררים'ן איינגעפאַלען אַ נייער געדאַנק.

ער וועט אָנהויבען אַליין צו פּוצען זיינע שיך! ער וועט זיך קויפען אַ שטיוועל־פּוצער'ס קעסטעל, מיט בערשטלעך, מיט אַלע מכשירים, און וועט אויף אַזאַ אופן אַליין קענען האַלטען זיינע שיך

אין אָרדנונג. ער האָט אויסגערעכענט אז ער וועט קענען דורך דעם שפּאָרען נאָך פינף דאָלאר א יאָהר.

אָנגעלאָדען מיט פּעקלעך איז ער געקומען אהיים. ער האָט אלעם אויסגעלעגט אויפ'ן טיש און אָנגעזאָגט זיינע דריי אינגלעך, — איינער אַכט, איינער זעקס, איינער פינף — אז זיי זאָלען זיך ניט דערוועגען צו טשעפּען, ניט דערוועגען זיך אפילו א האנד ארויפלעגען אויף די זאכען. נאָך וועטשערע האָט ער זיך פער־שפּארט אין זיין שלאָפצימער און גענומען צום ערשטען מאָל זיך אליין ראזירען.

עס איז ניט געווען אזא לייכטע ארבייט דעם ערשטען מאָל פאר א נערוועזען מענשען. אז ער איז שוין פערטיג געוואָרען, האָט ער איינגעזעהען, אז די ארבייט איז ארויס זעהר ניט געראָטען. דאָרט וואו ער האָט זיך ניט געמאכט קיין וואונדען איז פערבליבען די האָאר, און דאָרט וואו די האָאר זיינען אראָב, זיינען געבליבען וואונדען. איין שניט אויפ'ן ליפּ האָט געבלוטיגט א פּאָאר מינוטען נאָכאנאנד, און עס האָט ניט געהאָלפען קיין מיטעל, ביז עס האָט אליין אויפגעהערט צו בלוטען אָהן א מיטעל.

דאָס ערשטע מאָל ראזירען האָט ביי איהם גענומען פּונקט א האלבע שטונדע.

„פּופצעהן סענט איינגעשפּאָרט," האָט ער געזאָגט צו זיך, „די ערשטע פּופצען סענט. איך פיהל עס אזוי ווי אין קעשענע."

נאָכדעם האָט ער זיך אװעקגעזעצט אין עס־צימער און פער־רויכערט זיין לולקע.

„באָריס, וואָס רויכערסטו אזוינס?" האָט בערטהא געפרעגט. „זעה, די גאנצע הויז איז דאָך פול מיט רויך. מען קען דאָך אפילו ניט זעהן דעם זייגער. אוי, עס ווערגט מיך אין האלז — אהא! זעהר רעכט אויף דיר. זעהר רעכט!"

באָרים האָט פּלוצלונג אָנגעהויבען צו הוסטען, און ער האָט זיך פערהוסט אויף א פולע מינוט. בערטהא האָט געקוקט אויף איהם און אלץ געזאָגט: „זעהר רעכט, זעהר רעכט אויף דיר!"

„האָב קיין דאגה ניט, איך וועל זיך צוגעוועהנען," האָט געזאָגט באָררים. „דו מיינסט, עס איז עפּעס א פּראָסטע פּייפּ? דאָס איז אמת'ע בערנשטיין. יעצט איז דאָס ווייס, שפּעטער ווערט דאָס

ברוין, דונקעלער און דענקעלער ביז עס ווערט שווארץ, דאַן איז די פּייפּ ווערטה צוויי מאָל אַזוי פיעל וויפיעל זי קאָסט יעצט."

„אוי, אוי, דו נאַר! דיר קען מען אַלעם איינרעדען!" און בערטהאַ האָט געעפענט אַ פענסטער, דער רויך זאָל אַביסעל אַרויס.

„בערטהאַ, איך וועל דיך נאָך איבערראשען! מאָרגען וועסטו זעהן! דאַן וועסטו צוגעבען, אַז ווירטהשאַפט דאַרף מען זיך לערנען ביי מענער. וואַרט ביז מאָרגען!"

## דריטער טייל.

אין וועלכען עס ווערט דערצעהלט ווי באָרים גאַלקין בעסערט אויס זיין טעאָריע און אויך זיין פּראַקטיקע.

בערטהאַ האָט שוין געוואַרט מיט אונגעדולד וואָס דער מאָרגענ־דיגער טאָג וועט ברענגען. זי האָט קוים דערלעבט די צייט ווען באָררים איז אויף מאָרגען געקומען אַהיים, און געקומען אַהיים איז ער מיט נייע פּעקלעך.

„דו מיינסט," האָט ער געזאָגט צו איהר, „אַז איך וועל טאַקע זיצען און וואַרטען ביז דו וועסט אַליין קומען צום שכל און אויך איינפיהרען עקאָנאָמיע אין דיינע הוצאות? יא, איך וואָלט געדאַרפט וואַרטען ביז משיח וועט קומען. איך האָב זיך אַליין גענומען צו דער אַרבייט. אָט האָב איך דיר געקויפט אַ מאַשין צו שיילען קאַרטאָפעל. די מאַשין שיילט אַראָב זעהר דין, און עס שפּאָרט איין אַ היבשען טהייל פון די קאַרטאָפעל. אָט דאָס איז אַ נייער ברענער פאַר די גאַז. עס שפּאָרט איין צוויי־דריטעל פון די גאַז..."

„מיר האָבען שוין פּרובירט אפשר צוואַנציג אַזעלכע ברענערס," האָט בערטהאַ געזאָגט, „אַבער אונזערע גאַז־בילס ווערען אַלץ ניט קלענער."

„דאָס איז שולדיג דער גאַז־טראַסט, אַבער ניט די ברענערס. נור עס מאַכט ניט, וואָס יענע ברענערס זיינען געוועזן. אָט דאָס איז אַ ריכטיגער, ניט אַ בלאָף."

בערטהאַ האָט געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ. זי איז געוועזן ענט־טוישט. זי האָט ערוואַרטעט עטוואָס וויכטיגערעס.

„איך האָב בעשטעלט א קעסטעל צו פוצען די שיך,“ האָט ער געזאָגט, „איך וועל שוין מעהר ניט דארפען צאָהלען דעם איטאַליענער פינף סענט פאר א „שאַין“. איך וויל אליין פוצען מיינע שיך און דיינע אויך.“

„און מיינע אויך, פאַפּאַ!“ האָט זיך אָבגערופען דער עלטסטער פון די אינגלעך.

„און מיינע אויך! און מיינע אויך!“ האָבען מיט א וויינענדיגער שטימע זיך געבעטען די אינגערע צוויי.

„איך וועל אייך געבען איבער די הענד, אז איהר וועט זיך מיר צוריהרען צו דער קעסטעל!“ האָט אָנגעשריען באָררים. „מאָדנע קינדער! אַלעס ווילט זיך זיי. נאָך איידער די קעסטעל איז אָנגעקומען, וואָלטען זיי שוין דאָס צוברעכען און צונומען שטיקלעכווייז.“

„באָררים!“ האָט בערטהאַ געזאָגט מיט אַן ערנסטען טאָן „דו האָסט אין דער לעצטער צייט אויסגעגעבען א סך געלד.“

„ביי א פינף־און־צוואַנציג דאָלאר“, האָט ער געזאָגט „עס וועט זיך שפּעטער בעצאָהלען. פערגעס ניט אז דער בארבער שאַפּ אליין פלעגט ביי מיר אוועקנעהמען 25 דאָלאר א יאהר.“

„דאָס פערשטעה איך,“ האָט זי געזאָגט „אבער וואו האָסטו גענומען דאָס געלד? האָסטו ווידער גענומען ביים באָס דיין געהאַלט אין פאָראויס?“

„יא,“ האָט ער געענטפערט „איך האָב גענומען ביים באָס פינף־און־צוואַנציג דאָלאר אין פאָראויס, און ער וועט מיר אָבּרעכענען פינף דאָלאר א וואָך.“

בערטהאַ האָט א זיפץ געטהאָן.

„ביזט א נאר,“ האָט ער געזאָגט. דאָס איז געווען אַן אַנטוואָרט אויף איהר זיפץ.

## פיערטער טייל.

**אין וועלכען באָרים זעהט איין, אז טעאָריע איז פיעל לייכטער ווי פּראַקטיק.**

א מאָנאט איז אריבער — דרייסיג טעג מיט דרייסיג נעכט! וויפיעל מאָל די וועלט האָט זיך איבערגעקעהרט ביי פיעלע מענשען

און וויפיעל גרויסע פּלענער זיינען אויסגעמאַכט געוואָרען, און וויפיעל גרויסע האָפנונגען זיינען געוואָרען צו גאָרנישט!

באָררים ראַזירט זיך יעצט יעדען טאָג און די אַרבייט געהט שוין ביי איהם ווי געשמירט. יעדען מאָל וואָס ער ראַזירט זיך אָב שטעלט ער זיך אוועק געגען בערטהאַ'ן און זאָגט:

„זעה, אַזוי גלאַט ווי דאָס ראַזירט, אַזוי פיין, ניט איין קראַץ! און עס קאָסט מיך אונגעפעהר אַ סענט אַ מאָל. פיערצעהן סענט געשפּאָרט יעדען טאָג."

„אָבער וואָס איז מיט דיין נאַקען?" האָט בערטהאַ געזאָגט, „זעה וואָס פאַר אַ ביילען עס זיינען דיר אָנגעוואַקסען אויף דיין נאַקען. דאָס איז פון די גומענע קראַגענס דיינע. דאָס זיינען קאַרבאָנקלס. געה צו אַ דאָקטאָר, ער זאָל זיי דיר אויסשניידען."

„עס וועט אַליין איבערגעהן," האָט ער זי געטרייסט. „איך וועל געהן צוויי וואָכען אָהן אַ קראַגען וועט עס איבערגעהן. מען דאַרף נור דאָס האַלטען ארומגעבונדען מיט אַ טיכעל און מיט וואַטע, און מיט אַביסעל וואַזעלין."

באָררים האָט גענומען צורעכט מאַכען זיין לולקע.

„זעה, זעה, באָררים, פון דיין פּיפּקע איז ניט אויסצוהאַלטען. איבעראַל איז פול מיט אַש. האָסט מיר נעכטען איבערגעפיהרט אַ טישטוך מיט דיין פּיפּקע. און דיין שטיוועל-פּוצער-קעסטעל, זאָג איך דיר, באָררים, איז נאָך פיעל ערגער! איז מיין נאָמען ניט בערטהאַ אויב איך וועל דאָס ניט ארויסוואַרפען. האָסטו געהערט אַזאַ מעשה? איך וואַש אויס דעם פוסבאָדען און ווער אויסגעריסען אַרבייטענדיג, און ער קומט און פערשמירט מיר אַלעס מיט די שוה-וואַקס."

„וואו שוה-וואַקס? ווען שוה-וואַקס?"

„אָט דאָס וואָס איך זאָג דיר. קוּם, גיב אַ קוק. אָט — דאָ! זעהסטו? דאָס איז אַז דו רייבסט די שיך מיט'ן בערשטעל פאַלט דער שטויב פון די שוה-וואַקס איבעראַל. נאָכדעם צוטרעטסטו דאָס, און עס ווערט שוואַרץ, און עס פערשמוצט די הויז."

„נו, נו, גוט," האָט ער געזאָגט, „איך וועל שוין זיין פאָרזיכטיג. זעהסטו אָט דאָס האָב איך דיר נעכטען געקויפט, אבער דו ביזט שוין געשלאָפען אַז איך בין געקומען אַהיים. דאָס איז אַ

יאַקעל וואָס מען קען טראָגען פון ביידע זייטען. אַז איין זייט ווערט שמוציג, קעהרט מען דאָס איבער און מען טראָגט עס אויף דער אַנדער זייט. עס שפּאָרט צייט צו וואַשען, און מען קען עס טראָגען צוויי מאָל אַזוי לאַנג ווי אַן אנדער יאַק.“

— „וואָס האָסטו בעצאָהלט פאַר דעם?“ האָט געפּרעגט בערטהאַ נעהמענדיג דעם יאַק אין האַנד.

„דריי דאָלאַר מיט זיעבצעהן סענט.“

„אוי! אַז אַ נאַר געהט אין מאַרק, פרעהען זיך אַלע קרעמער. איך קען קויפען דריי ווייסטלעך פאַר אַזוי פיעל געלד. און טאָמער ווילסטו, קען איך קריגען פיער אויך.“

„מען קען שוין אייערע מציאות — ווייבערשע מציאות! איהר געפעלט נאָך ניט דער יאַקעל!“

„הער, באָררים, טהו מיר שוין אמאָל אַ טובה און הער אויף צו שפּאָרען. פון דיין עקאָנאָמיע איז מיר געוואָרען אַזוי ענג אין געלד. דער בוטשער מאָהנט, דער גראָסערימאַן מאָהנט. עס קומט זיי נאָך פון פריהער. הער שוין אמאָל אויף צו זוכען גליקען. און פאַר איין וועג מעגסטו אריינגעהן צו אַ באַרבער ער זאָל דיך אביסעל ארומשערען. דיינע האָאר זיינען שוין צו לאַנג.“

באָרים האָט זיך פערטראַכט. נאָך אַלעמען וועט ער דאָך מוזען אָנקומען צום באַרבער, וואָרום שערען זיך אַליין — דאָס קען ער ניט.

זייט ער האָט אָנגעהויבען אַליין זיך צו ראַזירען, האָט ער מיט אַלע מעגליכקייטען געזוכט אויסצומיידען זיין שטענדיגען באַרבער מיסטער שמולקין. עס איז ניט געווען אַ קלייניגקייט אויפ־צוגעבען שמולקין'ס באַרבער־שאַפּ אויפ'ן קאָרנער, וואוהין ער פלעגט אַריינקומען רעגעלמעסיג יעדען דיענסטאַג, דאָנערסטאַג און שבת־צו־נאַכט „נעהמען אַ שייוו“ און אַ ביסעל שמועסען. דער באַרבער־שאַפּ איז געווען זיין קלוב. דאָרט פלעגט ער געניסען אַ ביסעל געזעלשאַפטליכען לעבען. שמולקין האָט שוין געוואוסט דעם אבענד און די שטונדע פון זיין קומען. באָררים פלעגט אַריינקומען אַזוי ווי אַן אייגענער מענש, פלעגט זיך בעגריסען מיט יעדען פון די באַרבערס, און יעדען גערופען ביים ערשטען נאָמען. ער האָט זיך געפיהלט היימיש, און איז געווען שטאָלץ אויף דעם וואָס מען

לאָזט איהם זיך פיהלען היימיש. דאָ ווייס ער אַז ער איז אַ קאָס־טאָמער, אַ מענש וועלכען מען זוכט געפעלען צו זיין, וועמען מען רעספּעקטירט. אין דעם אָפיס וואו ער האָט געאַרבייט איז ער געווען אַן אַסיסטענט ביים בוכהאַלטער, און זיי בעל־הבית איז געווען אַזוי שטאָלץ געגען איהם, דאָס אַז ער פלעגט דאַרפען אויף איהם אָנשרייען, פלעגט ער אָנשרייען אויפ'ן הויפּט־בוכהאַלטער. און דאָ טאַנצט מען אַרום איהם, אַזוי ווי אַרום אַ גרויסען שררה. זאָל ער נור זאָגען, אַז דאָס ראַזיר־מעסער איז אַביסעל טומפּ, אַזוי שנעל כאַפּט דער באַרבער אַן אַנדער מעסער און רייבט עס אָן דעם רימענעם פּאַס, און קראַצט פּאַוואָליע איבער זיין געזיכט זעהר פאָרזיכטיג, און דערביי דערצעהלט איהם דער באַרבער עפּעס, איהם פרעהליך צו מאַכען, אום צו געפינען חן אין זיין אויגען. ער איז דאָך ניט אַזוי אַבי ווער אַ קאַסטאָמער — ער שענקט דאָך אַ „טיפּ“ יעדען מאָל, און אַז ער וועַרט פאַרטיג העלפט איהם דער באַרבער אָנטהאָן זיין ראָק, און פּוצט איהם אָב אַביסעל מיט אַ בערשטעל, אַזוי ווי ער וואָלט געווען אַ רייכער מאַן, דער פּרעזידענט פון די יונייטעד סטייטס.

און אַמאָל פלעגט ער זיך אין דיזען באַרבער־שאַפּ טרעפען מיט אַ בעקאַנטען. מען פלעגט זיך אַוועקזעצען רעדען נייעס, פּאָליטיקס: דעבאַטירען איבער ציוניזמוס, סאָציאַליזמוס, פרייע ליעבע און טהעאַטער־קונסט. און זייט ער האָט אָנגעהויבען אַליין זיך צו ראַזירען, האָט ער געוויינט פון דאָרט. ער איז אפילו געווען פאַרזיכט ניט פאַרבייצוגעהן יענע הויז. טרעפט עס טאַקע איינמאָל אַז ער בעגעגענט זיין באַרבער אין גאַס, מאַכט ער זיך אַז ער זעהט איהם ניט. זאָגט יענער „העלאָו“, מאַכט ער זיך אַז ער הערט ניט. שרייט איהם יענער נאָך: „סעי, מיסטער גאָלקין!“ רוקט ער אויף זיך אָן די טויבע היטעל און געהט זיך ווייטער.

אָבער יעצט האָט ער איינגעזעהען, אַז ער מוז געהן צו אַ באַרבער. ער קען זיך ניט העלפען, ער מוז צו איהם אָנקומען. אבער צו שמולקינען וועט ער ניט געהן. ניין, פאַר קיין געלד ניט! שמולקין וועט איהם געוויס פירהאַלטען פאַר וואָס ער קומט ניט, פאַרוואָס ער האָט זיך אָבגעפרעמדעט פון איהם. און ווי וועט דאָס איהם אָנשטעהן צו זאָגען שמולקינען אַז ער האָט אָנגעהויבען

אליין זיך צו ראזירען, אום צו שפארען פערציג סענט א וואך? ווי וועט ער קענען קוקען שמולקינען גלייך אין די אויגען?

בארים האט גענומען זוכען אן אנדער בארבער־שאפ אין זיין געגענד. צוויי בלאק ווייטער האט ער געפונען א נייעם בארבער־שאפ, וואס האט זיך ערשט מיט א פאאר טעג צוריק געעפענט.

בארים איז אריינגעקומען מיט ברייטקייט, און ניט קוקענדיג אויף די בארבערס האט ער פון זיך אראבגעצויגען זיין ראק מיט זיין הוט און אויפגעהאנגען אויפ׳ן וואנד.

„העלאו, מיסטער גאלקין!" האט ער דערהערט א בעקאנטע שטימע.

פאר איהם איז געשטאנען שמולקין דער בארבער. בארים האט ברייט געעפענט זיין מויל. א צומישטער איז ער געווארען.

„ווי — קומט — איהר — אהער?" האט ער געפרעגט שטאמלענדיג.

„גאנץ נאטירליך." האט שמולקין ערקלערט. „איך האב געקריגען א יאלד וואס האט מיר געגעבען א גוטען מקח פאר מיין בארבער־שאפ, האב איך איהם פערקויפט, און האב מיר דא געמאכט אן אנדער בארבער־שאפ. דער יאלד האט זיך פערגעסען אבצושרייבען, אז איך טאר אין דעם געגענד ניט פערבלייבען. הע־הע!"

בארים האט געשוויגען. עס האט זיך איהם געוואלט זאגען אז שמולקין האט געהאנדעלט אונעהרליך, אבער ער האט איהם ניט געוואלט איינ׳רוגז׳ן.

„שערט מיר אונטער די האאר," האט ער געזאגט צו שמולקין.

שמולקין האט א פיהר געטהאן מיט זיינע פינגער איבער בארים׳עס באקען.

„ווער האט אייך די גאנצע צייט ראזירט?" האט ער געפרעגט, „עס איז עפעס ניט די ארבייט פון א נאש־בראט."

„איך האב זיך ראזירט אליין," האט בארים געענטפערט, ארונטערלאזענדיג די אויגען, „א דאקטאר האט מיר פערבאטען זיך צו ראזירען אין א בארבער־שאפ. איהר זעהט די קארבאנקעלס וואס איך האב אויפ׳ן האלז. דער דאקטאר האט מיר געזאגט, עס קומט פון א בארבער׳ס ראזיר־מעסער."

„זאָגט אייער דאָקטאָר ער זאָל—" און שמולקין האָט עפּעס געזאָגט, וואָס מען קען ניט שרייבען.

נאָכדעם אַז ער איז פערטיג געוואָרען מיט'ן ארומשערען די קאָפּ, האָט באָרים געזאָגט:

„אה, איהר קענט מיר געבען אַ שאַמפּו."

„איך האָב אַן עלעקטרישע מאַשין צו מאַכען מאַסאַזש — ווילט איהר עס פּראָבירען?" האָט שמולקין געפרעגט.

„נו, יאָ." האָט געזאָגט באָררים.

„וועל איך אייך פריהער געבען אַ שייוו," האָט געזאָגט שמול־קין. „עס וועט אייך ניט שאַדען, אויף מיין אחריות."

„איהר ווייסט," האָט שמולקין געזאָגט, פיהרענדיג מיט'ן ראַזיר־מעסער איבער באָררים'עס אויבערשטע ליפּ. „איך האָב אייך איינמאָל גערופען אין גאַס, איך האָב געוואָלט אייך געבען מיין נייע אדרעסע, אָבער איהר האָט מיך ניט געהערט. איך האָב געשריען „העלאָו" און „סעי" — אבער איהר האָט ניט געהערט. אהאַ? אַ באַרבער'ס שייוו איז דאָך בעסער. הערט איהם ניט אייער דאָקטאָר! אַי, זייט איהר אַ בריה אויף צושניידען זיך! אייער גאַנצער פּנים איז פול מיט ר' יהודה'ס סמנים. איהר האָט זיך צוקוילעטביידע באַקען, הע־הע־הע! אַ שעהנע זאַך וועט עס זיין, ווען אַלע מיינע בעסטע קונדען וועלען אָנהויבען זיך צו ראַזירען אַליין. וואָס וועל איך דאַן טהון? הע־הע־הע־הע!"

ארויסעהענדיג האָט באָררים דערלאַנגט שמולקינען אַ דאָלאַר.

„שייוו, 10 סענט; האָאר־שניידען, 20 סענט; מאַסאַזש, 25 סענט; העיר־טאָניק, האָב איך שיער פערגעסען — איז ווי־פיעל? 10, 20 און 25 און אַ ניקעל איז — זעכציג סענט. נאָט אייך פערציג סענט רעשטע און נאָט אייך מיין קאַרטעל איהר זאָלט קיין תירוץ ניט האָבען אַז איהר האָט פערגעסען דעם נומער. איך וועל אייך שוין דאָ ערוואַרטען."

דאָס איז געווען דיענסטאַג. דאָנערשטאַג נאָך אבענד־ברויט האָט באָררים געזאָגט צו זיין פרוי:

„בערטהאַ איך געה אין באַרבער־שאָפּ. איך קום באַלד צוריק."

„וואָס? אין באַרבער־שאָפּ? וואָס דאַרפסטו דאָרט?

„איך בין געווען ביים דאָקטאָר פרעגען וועגען די קאַרבאַנקלס אויפ׳ן האלז, האָט ער מיר געזאָגט אז איך זאָל אויפהערען צו ראזירען זיך אליין.“

באַרים האָט געשיקט זיך ארויסגעכאַפּט דורכ׳ן טהיר, און ניט געגעבען בערטהא׳ן אַ געלעגענהייט אויסצושפּרעכען איהר פּריוואַט מיינונג וועגען דיזער אנגעלעגענהייט.

און וואָס זי האָט געוואָלט זאָגען, איז געבליבען ביי איהר אויפ׳ן שפּיץ צונג.

# מייטע די רויטע

עס איז געווען אַן עיבור־יאָהר און אַז דער חודש ניסן איז אָנגעקומען האָט ער שוין געפונען דעם פריהלינג וואַרטענדיג אויף איהם, פיקס און פערטיג, צוגעפוצט אין גרינס און פול מיט דער פאַרפומע פון דער ערוואַכענדער נאַטור.

אין איין שעהנעם טאָג פון דיעזען פערשפעטיגטען חודש ניסן בין איך געקומען אויף דעם בית עולם פון סייפּרעס היל צו בע־זוכען דעם קבר פון אַ יוגענד־פריינד. די לופט איז געווען בע־טעם׳ט אזוי ווי אַ זיסער וויין. די קברים און די מצבות האָבען זיך געבאָדען אין זונענשיין, און עס האָט אויסגעזעהן אַז אויך דער בית־עולם לעבט אויף אין דער אַלגעמיינער ערוואַכונג. פויגעלעך וואָס זיינען ניט לאַנג צוריק געקומען פון אַ ווייטער רייזע האָבען זיך אָבגעשטעלט אויף די צווייגען פון די הויכע בית־עולם־בוימער און געזונגען אַ לויב־ליעד צום לעבען וואָס האָט געוויזען זיין איי־בערמאַכט איבער׳ן טויט.

„מיסטער, ווילט איהר מאַכען אַ מלא רחמים?“

דער מאַן וואָס האָט מיר איבערגעשלאָגען מיינע פריהלינגס־געדאַנקען איז געווען אַ איד פון עטליכע און פערציג, מיט אַ לאַנגער באָרד און שטאַרק אָבגעלאָזען אין זיין קליידונג און אין זיין גאַנצען מהלך. די האָאָר פון זיין באָרד און פון זיי קאָפּ זיינען געווען אָהן אָרדנונג, צושויבערט. זיין פּנים האָט אויף זיך געטראָגען אַ שמייכעלע, דער שמייכעלע פון אַן אונטערטהעניגען שנאָרער וואָס איז בערייט פאַר עטליכע סענט זיך צו ערנידריגען און זיך צו שטעלען פאַר יענעם אַפילו אויפ׳ן קאָפּ. דערפאַר האָט ער געהאַט אַ פּאָאָר קלוגע אויגען וואָס האָבען עדות געזאָגט אַז דער מאַן איז ניט דאָס וואָס ער זעהט אויס.

„ניין“, האָב איך געענטפערט. „איך דארף קיין אל מלא רחמים“. איך האָב געוואָלט וואָס שנעלער פּטור ווערען פון דעם

פראפעסיאנעלען אל־מלא־רחמים־זאגער, אום איך זאל רוהיג קענען שפאצירען איבער דעם פעלד פון פריערען.

איך בין געגאנגען ווייטער דעם וועג וואס פיעלע געהען און קומען ניט צוריק. פוןביידע זייטען גרויסע, ברייטע פעלדער מיט קברים און מצבות. א גרויסע שטאדט מיט מתים. און דא שפא־ציר איך איינער אליין און שטער די רוהע פון די וואס שלאפען שוין.

מיין פריינד׳ס קבר איז נאך געווען ווייט. געהענדיג שטעל איך זיך אב און בעטראכט דעם קבר פון א קינד. אין דער מצבה איז געווען איינגעפאסט א בילד וואס האט פארגעשטעלט א שעהנעם אינגעלע פון א יאהר זעקס מיט שעהנע געקרייזעלטע לאקען און מיט א פנים פון א קליין מלאך־ל.

„אן איין איינציגער זוהן געווען ביי טאטע־מאמען. ווי דעם שווארצאפעל פון אויג האבען זיי איהם געהיט. געשטארבען פון סקארלאטינע. די מאמע איז משוגע געווארען פאר צרות. איז אין א סאניטאריום“.

דאס האט מיר אריינגערעדט אין אויער דער זעלבער איד מיט דער לאנגער בארד וואס האט מיר אנגעבאטען מאכען „אל מלא רחמים“ פאר מיין פריינד. ער איז מיר נאכגעגאנגען שטילערהייד און איך האב איהם גאר ניט בעמערקט.

איך בין געגאנגען ווייטער. דער איד איז מיר אלץ נאכגע־גאנגען, און אפטמאל צוגעווארפען אווארט, א בעמערקונג. ער האט מיר ערקלעהרט אין עטליכע ווערטער די היסטאריע פון מאנכע קברים. עס איז געווען דייטליך אז דער בית־עולם איז זיין שטאדט און ער האט גוט געקענט יעדע געסעלע, יעדע אלעע. קיין איינ־ציגער ווינקעל איז איהם געווען פרעמד. ער האט געקענט יעדען קבר אזוי ווי איינער וואס וואוינט אב אין א שטעדטעל א לאנגע צייט און קען יעדע הויז.

„איהר זעהט, אט דאס איז אן אפענער קבר. עס איז אנגע־גרייט פאר א פרוי, אן אויסגעלאסענע, א גאסען־פרוי. באלד וועט מען זי אהער ברענגען. דיעזע פרויען האבען דא זייער אייגענעם ווינקעל. זיי האבען זייער אייגענעם קברות־מאן. ער אליין מאכט פאר זיי אל מלא רחמים און לאזט קיין אנדערען מאכען א סענט. אוי, ווי דערלעבט מען שוין א מאל זיין לויה!“

מיין איד האָט גערעדט און איז געגאַנגען גלייך מיט מיר, ווי איך וואָלט איהם איינגעלאַדען צו געהן מיט מיר.

„דאָס איז דער קבר פון דעם — — — חזן. געשטאָרבען פשוט פאַר הונגער. ער איז געוואָרען אַלט און די שוהל האָט איהם אויפגעהערט צו צאָהלען. יענער שעהנער אוהל קאָסט צעהן טויזענד דאָלער. דאָס האָט אַ מאַן געבויט פאַר זיין פרוי. ער איז ווערט אַ האַלבען מיליאָן דאָלער. קיינמאָל אין זיין לעבען האָט ער געגעבען אַ דאָלער פאַר צדקה. און אַז זיין ווייב איז געשטאָרבען האָט ער פאַר איהר געבויט אָט דיעזען אוהל. דאָרט — זעהט איהר? צוויי קברים איינע נעבען דעם אַנדערען. חתן־כלה זיינען זיי געווען. ביידע זיך דערטרונקען פאַהרענדיג אויף אַ שיפעל אַ וואָך פאַר דער חתונה. דאָרט זעהט איהר? אַ בערגעל אָהן אַ מצבה. דאָס איז דער קבר פון דעם גרויסען אידישען פּאָעט“.

אַזוי זיינען מיר אָנגעקומען ביז דעם קבר פון מיין פריינד. איך בין געבליבען שטעהן אַ ווײַלע פערטראַכט, פערטיעפט אין די עראינערונגען פון מיין יוגענד: אונזערע טעגליכע שפּאַציר־גאַנגען אויסען שטאָדט, אין דער אַלטער היים, אונזערע טרוימען און האָפנונגען, אונזערע אידעאַלען און שטרעבונגען. און ענדליך זיין פריהצייטיגער טויט נאָך עטליכע יאָהר שווערען ליידען פון דער בלאַסער פעסט.

„זאָל איך מאַכען אייער פריינד אל מלא רחמים?“

„מאַכט“, האָט זיך מיר אַרויסגערעדט, ווייל איך האָב שוין קיין מוטה געהאַט צו ענטזאָגען. עס האָט זיך מיר געוואונדערט פון וואַנען ווייס דער איד אַז דער טוידטער איז מיינער אַ פריינד און ניט קיין פערוואַנדטער. אָבער יעדער סוחר קען די פּסיכאָלאָגיע פון זיינע קונדען און לעזט זייערע מחשבות פון זייערע בליקען.

„ווי האָט אייער פריינד געהייסען?“ פרעגט דער איד.

„זלמן“, ענטפער איך.

„ר׳ זלמן ברבי ווי?“ פרעגט ער.

„ר׳ זלמן בר׳ אברהם“, ענטפער איך.

ער האָט זיך אַוועקגעשטעלט מיט׳ן פּנים צו דער מצבה און

האָט אין דעם בעוואוסטען סקאַרבאָווען נגון אָנגעהויבען צו זינגען דעם „אל מלא רחמים“.

איך האָב זיך עראינערט אַז מיין פריינד איז געווען אַ פריי־דענקער. האָב איך אַ רעכט געהאַט זיך צו בענוצען מיט דעם וואָס ער איז טויט און טהאָן אַ זאַך וואָס איז געגען זיינע איבערצייגונגען? אָבער עס איז שוין געווען צו שפּעט. איך האָב זיך גע־שעהמט פאַר זיך אַליין. עס האָט זיך מיר אויסגעדאַכט אַז דער איד אַליין לאַכט פון מיר אין הארצען, און אַז אפילו די מצבות שפּאָטען פון מיר, אַזוי ווי זיי וואָלטען זאָגען: הא, הא, מיר זיינען שטאַרקער פון דיר, מיר האָבען די דעה! ביים לעבען קענט איהר זיך אַלע זיין פריידענקער. נאָכ׳ן טויט זיינט איהר אונזערע — קדיש וועט מען זאָגען נאָך אייך און אל מלא רחמים וועט מען מאַכען פאַר אייערע נשמות! עס איז די מאַכט פון גלויבען, וועל־כער איז שטאַרקער פון דענקען!“

אַז דער איד איז פערטיג געוואָרען מיט זיין תפלה פאַר דעם טויטענ׳ס נשמה, אין לשון קודש, האָט ער גענומען אַדרעסירען דעם טויטען אַליין, אין פּראָסט אידיש:

„גוטער פריינד זלמן! דאָ איז געקומען דיין פריינד ישראל דיך צו בעזוכען און צו בעטען פאַר דיין כשר׳ע ריינע נשמה אַז זי זאָל האָבען אַ ליכטיגען גן עדן. ער בעט דיך אַז דו זאָלסט זיין פאַר איהם אַ מליץ יושר אין הימעל, און זאָלסט פאַר איהם דאָרט בעטען אַז גאָט זאָל איהם צושיקען אַ לייכטע פרנסה, און געזונד פאַר איהם מיט זיין ווייב און קינדער, און אַז ער זאָל ניט דאַרפען אָנקומען צו לייטען, און אַז ער זאָל אויסלעבען זיינע יאָהרען אין נחת און אין פריידען, אָמן.“

איך האָב זיך דערפרעהט ווען דער איד האָט שוין געענדיגט, האָב איהם געגעבען זיין פערטעל דאָלער (דאָס איז ביי די אל מלא רחמים־זאָגער דער רעגעלער יוניאָן־פּרייז) און גענומען געהן צום אַרויסגאַנג. דער טויטען־פעלד איז מיר איבערדריסיג געוואָרען. עס האָט מיר געשיינט אַז דאָ אויף דעם בית־עולם, דער אַריינגאַנג צום עולם האמת, ווערען אָבגעזאָגט מעהר ליגענס ווי אויף דער לעבעדיגער וועלט, דער „עולם השקר“.

ווען איך בין שוין געווען ניט ווייט פון דעם אַרויסגאַנג האָב

איך דערזעהן א לויה. „אַט איז עס!" האָט אויסגערופען דער איד וואָס איז מיר אַלץ נאָכגעגאַנגען.

איך האָב זיך פעררוקט אָן א זייט, און דער איד נעבען מיר, און מיר האָבען גענומען בעטראַכטען די פּראָצעסיאָן. עס איז געווען אַן אונגעוועהנליכע לויה. מיט אַן אונגעוועהנליכען עולם. מענער זיינען געווען קוים א דוצענד, פרויען — איבער זעכציג. און וואָס פאַר א זאָרט פרויען! אין גאַס ווען מען זעהט זיי איינ־ציגווייז אָדער פּאָארווייז מאַכען זיי ניט אַזא איינדרוק ווי אַז מען זעהט זיי אין אַזא צאָהל און נאָך פערוויינטע, י־מעדיג, כליפּענדיג.

דאָס זיינען געווען פון יענעם זאָרט אונגליקליכע בעשעפּעניסען וואָס שפּאַציערען ביז אין די שפּעטע שטונדען פון דער נאַכט, זו־כענדיג בעלנים אויף זייערע געפאַרבטע באַקען, אויף זייערע קראַנ־קע, האַלב־אויסגעצעהרטע קערפּערס; וואָס קוקען אַרוים מיט זשעד־נע אויגען אויף יעדען שיכור'ען מאַטראָז. אין מיין לעבען האָב איך נאָך ניט געהערט אַזא וויינען ווי דיעזע אונגליקליכע פרויען האָבען געוויינט. די גאַנצע ביטערקייט פון זייער לעבען, די גאַנצע טראַגעדיע פון זייער עקזיסטענץ, זייער וועהטאָג איבער דער פער־גאַנגענהייט, זייער ערנידערונג אין דער געגענוואַרט, און זייער פערצווייפלונג אין דער צוקונפט האָבען זיי אַרויסגעגעבען אין דיעזען וויינען. די שרעקליכע ענדע פון דער טויטער האָט זיי געבראַכט צו בעדענקען זיך, וואָרום דענקען איז א זעלטענע זאַך ביי דיעזע פרויען, וועלכע האַלטען כסדר אין בעטויבען זייערע געפיהלען דורך וויסקי און אַנדערע מיטלען. אַז די ענדע איז גע־ווען א שרעקליכע איז ביי מיר גאָר קיין צווייפעל ניט געווען. דיעזע שטאַרבען זעלטען מיט א געוועהנליכען טויט.

איך בין נאָכגעגאַנגען, און דער איד נאָך מיר. „איינגעזונקען זאָלען זיי ווערען!" האָט ער געזאָגט. „וואָס פאַר א יאָמער זיי מאַכען די חצופות! אי, אין דער ערד זאָלען זיי שוין ליעגען מיט מיינער צוזאַמען".

„ווער איז אייערע?" פרעג איך ביי איהם.

„מיינע איז אויך געוואָרען אָט איינע פון די" — ערקלעהרט ער מיר. „איך האָב מיט איהר חתונה געהאַט נאָך אין רוסלאַנד, מיט א יאָהר אַכטצעהן צוריק. מען האָט אויף איהר גערעדט ווען

זי איז נאָך געווען א מיידעל. איך האָב אָבער אויף איהר רחמנות געהאט — זי איז געווען א יתומה. אויב זי איז געווען שעהן, פרעגט איהר. וואָס זאָל איך אייך דאָ לייקענען? איהר שעהנ־קייט איז דאָך געווען איהר גאַנצער אונגליק. נו, איך האָב זי טאַקע ליעב געהאט. איך פלעג ארבייטען שווער אום איהר זאָל קיין זאַך ניט פעהלען. געהאַנדעלט, געלאָפען, געכאַפּט, געבאָרגט, אבי זי זאָל האָבען וואויילטאָג. מענשען פלעגען קומען און מיר דערצעהלען וועגען איהר מעשים, פלעג איך פערשטאָפּען די אויערען און ניט הערען. נאָכדעם איז זי אנטלאָפען פון מיר קיין אמעריקא. איך בין געקומען קיין ניו יאָרק. דריי יאָהר האָב איך זי געזוכט. נאָכ־דעם האָב איך זי געפונען שטעהן ביי א טיהר און רופען צו זיך מענער פון גאס". —

„און איהר האָט פּרובירט זי צו בעקעהרען צום גוטען וועג?" פרעג איך איהם.

„זי האָט מיט מיר אפילו צוויי ווערטער ניט געוואָלט רעדען. זי האָט מיר אין פּנים אָנגעשפּיגען ווען איך האָב זיך פאר איהר געצייגט. עפּעס א געזונדער רויטער ערל האָט מיך דורך דער טיהר ארויסגעשטופּט און מיר נאָך גוט אָנגעבריקעט. א קלאָג צו איהר אז דיעזער ערל איז יעצט איהר בעשיצער!"

א ווײַלע איז דער איד געבליבען שטיל.

„און מעהר האָט איהר זי ניט געזעהן זייט דאַן?"

„יעס, נאָך איינמאָל האָב איך זי געזעהן. דאָס איז געווען אין עסעקס מארקעט פּאָליס קאָורט מיט א פּאָאָר יאָהר צוריק. א פּאָליסמאַן האָט מיך ארעסטירט פאר פעדלען אָהן לייסענס. א נאַכט האָב איך געמוזט נעכטיגען אין סטיישאָן־הויז מיט גנבים און שכורים, אויף מארגען האָט מען מיך געבראַכט פאר א ריכטער. א נכפּה אויף איהם — איז דאָס געווען אַן אנטיסעמיט! די בלוט פלעגט ער פערגיסען פעדלער. דער פּאָליסמאַן רעדט און רעדט צו איהם, און איך שטעה און טרעהרען גיסען מיר זיך פון די אויגען. „פּאַיוו דאָלערס!" גיט דער ריכטער א געשריי, און עס געהט מיר דורך א קעלט דורך די ביינער. איך האָב ביי זיך א גאַנצען דאָלער ניט געהאט, און עס האָט אויסגעזעהן, אז איך וועל מוזען געהן

זיצען פינף טעג אין תפיסה פאר די פינף דאָלער. איך קוק זיך ארום, טאָמער איז דאָ א מענש וואָס וועט מיר וועלען אויסהעלפען און דאָ זעה איך — טרעפט וועמען? טאַקע זי אליין, די חצופה, די מרשעת. זי איז געשטאַנען מיט א פּאָליסמאַן. איך האָב באַלד פערשטאַנען, אַז זי איז ארעסטירט. זאָג איך צו איהר אין אידיש: „טאָמער וואָלסטו מיר אויסהעלפען?" זי זאָגט קיין וואָרט ניט, נור זי נעהמט ארוים פינף דאָלער און דערלאַנגט מיר. און אַז דער ריכטער דערזעהט עס, גיט ער אויף מיר א געשריי, ער וויל וויסען וואָס פאר א שייכות איך האָב מיט דער פרוי. זאָג איך צו איהם — יור האנער! עס איז מיין ווייב! — און אַז דער ריכטער דערהערט עס, הייסט ער ברענגען פאר איהם די פרוי, ער פרעגט דעם פּאָליס־מאַן פאַר וואָס זי איז ארעסטירט, און די פרוי פרעגט ער אויב עס איז אמת אַז איך בין איהר מאַן. זאָגט זי, אַז עס איז אמת. אָט דאָ ווערט דער ריכטער אַן אָנגעצונדענער און הויבט אָן צו דונערען אויף מיר: אוי — זאָגט ער — אַזעלכע ביזנעס מאַכט איהר? אייער פרוי צווינגט איהר צו פיהרען א לעבען פון שאַנדע און אליין פעדעלט איהר אָהן לייסענס! איך וועל אייך פערשיקען אויף צוויי יאָהר! — און אַז איך דערהער דאָס, האָב איך געמיינט איך חלש אויפ'ן אָרט. איך האָב ערשט איינגעזעהן אין וואָס פאַר אַן אונ־גליק שונא ציון איך האָב זיך אליין אריינגעשלעפּט. איך האָב אָנגעהויבען צו בעטען מען זאָל מיר געבען א דאָלמעטשער, ווייל איך האָב עפּעס צו דערצעהלען, און דעם דאָלמעטשער האָב איך דערצעהלט די גאַנצע געשיכטע, דעם גאַנצען אמת מיט אלע פּרטים. עס האָט זיך באַלד געפונען אַן אדוואָקאַט וואָס האָט אָנגענומען מיין פּראָצעס. צוויי מאָל בין איך געבראַכט געוואָרען פאַר'ן ריכטער ביז עס איז מיר געלונגען צו בעווייזען דורך לאַנדסלייטע, אַז איך האָב יעצט גאָרניט צו טהאָן מיט דער חצופה. ערשט דאַן האָט מיך דער ריכטער פרייגעלאָזען און זי האָט עס פערשיקט אויף דריי מאָנאַטען".

„און נאָכדעם?"

„ניט מעהר זי געזעהן, ניט מעהר געהערט פון איהר. איך האָב אפילו מורא געהאַט זיך מיט איהר צו בעגעגענען. איך האָב שוין געזעהן וואָס מען קען טהאָן אין אמעריקא איינעם וואָס האָט

א מגע ומשא מיט אזא ווייב. איינגעזונקען זאָל זי ווערען וואו זי איז!"

דער איד האָט ארויסגענומען א סיגארעטעל און פערדרויכערט.

דערווייל האָט מען שוין דעם קבר בעשאָטען. דער יאָמער פון די פרויען איז געוואָרען נאָך גרעסער. דער קבר פון זייער חבר'טע איז פערגאָסען געוואָרען מיט טרעהרען.

„ווער איז זי געווען?" פרעג איך איינע פון די פרויען.

„מייטע די רויטע", האָט זי געענטפערט.

„מייטע?" האָט אויסגערופען מיין איד. „מייטע, זאָגט איהר, אה? מייטע פון אָרשא?"

„יעס, יעס אַן אָרשער איז זי געווען", האָט די פרוי געענט־פערט. „איהר זייט אודאי א לאנדסמאַן?"

דער איד האָט זיך געכאפט מיטביידע הענד פאר'ן קאָפּ. „געשטאָרבען!" האָט ער געשעפטשעט אין דער שטיל. „זאָל זי זיין א כפרה פאר איהרע זינד", און לויפענדיג צום קבר, האָט ער עפּעס ערקלעהרט איינעם פון די מענער, און זיך שטעלענדיג ביים קבר האָט ער גענומען זאָגען מיט א ציטעריגע שטימע:

„יתגדל ויתקדש שמיה רבא" — און אזוי ווייטער, ביז צו דער ענדע, ווערענד אלע האָבען געקוקט איינע אויף די אנדערע און זיך גע'סוד'עט.

„עס איז איהר מאַן. זי האָט געהאט א מאַן".

# ווען די יאָהרען רוקען זיך

ראָזאַליע האָט אוועקגעלעגט דאָס טיכעל, מיט וועלכען זי האָט אָבגעווישט דעם שטויב פון די מעבעל, אין איהר פראָנט פּארלאָר צימער, און האָט מיט די פינגער גענומען טאַפּען די סאַמעט בעדעקטע סאָפאַ. די סאַמעט איז געווען ערטערווייז צוריבען און אין מיטען האָט זיך אַרויסגעוויזען אַ געוואַלד־ריס.

וואָלט דער ריס געווען ביי די זייטען פון דער סאָפּא, וואָלט זי דאָס געקענט פערשטעלען מיט אַ קישעלע. נור דאָ, צום שלימזל, איז דער ריס געווען אין רעכטען מיטען, און האָט אונפערשעהמט געוויזען אויף זיך: „נאַט, זעהט, קוקט מיך אָן. אָט דאָ בין איך.“

געסטערן האָט זי מיט איהר מאַן פעררופען געסט. די געסט זיינען געקומען מיט קינדערלעך. יעדען מאָל ווען עס קומען געסט מיט קינדערלעך, לאָזען זיי איבער אין הויז עפּעס אַ היזק.

די זון האָט אין דעם טאָג געשיינט עפּעס מעהר ווי אימער און בעלויכטען דעם צימער מיט אַ העלע, פרישע ליכט. און פאַר דעם ליכט פון דער זון האָט ראָזאַליע גענומען איבערקוקען און איבערטאַפּען איהר „סעט“ מעבעל. מיט אַכט יאָהר צוריק, ווען זי האָט דעם סעט בעקומען צו איהר חתונה, איז זי געווען אַזוי גליקליך. אַלעס איז דאַן געווען אַזוי פריש, אַזוי נייַ.

זי האָט שוין פריהער אָנגעהויבען צו מערקען ווי די סאָפּא ווערט אָבגעריבען, ווי דער גלאַנץ פון די שטוהלען ווערט פערשוואונדען, און ווי די ספּרינג קישעלעך זינקען איין אויף אַ זייט. נאָר היינט האָט זי דאָס געזעהן מעהר ווי אימער. די לעכלעך, די געוואַלד־ריסען, און די פגימות האָבען געקוקט מיט אַזא שפּאָטישען צו־להכעיס, אַזוי ווי אַן אָרימאַן וואָס לאַכט פון זיין אייגענעם דלות.

ראָזאַליא האָט געפיהלט אַ שמערצליכען אומעט ווען זי האָט צולעצט איינגעזעהען, אַז איהר מעבעל איז שוין אַלט, און אַז זי ועט שוין באַלד זיך שעהמען צו פערבעטען מענשען אין פּאַרלאָר. און

אויף א נייעם סעט וועט איהר מאן איהר ניט אזוי גיך וועלען געבען. ער איז געוואָרען אזוי קאַרג!

זי האָט אָנגעצויגען אויף די מעבעל זייערע „העמדלעך“, און איז אַוועק צוקלייבען איהר שלאָף־צימער. דאָרט אויף א טישעל איז געלעגען איהר שעהנסטע קלייד וואָס זי האָט אָנגעטהאָן געס־טערן צוליעב איהרע געסט.

זי האָט בעטראַכט די קלייד — ערטערווייז איז עס אָבגעריבען; ערטערווייז שוין עטליכע מאָל צוגענעהט און איבערגענעהט. דאָס קלייד וועט שוין לאַנג ניט קענען פערטראָגען דאָס ביגעל־אייזען, און דאָס איז איהר בעסטער אנצוג.

זי האָט אויפגעעפענט דעם וואָרדראָב. איהר האָט זיך היינט פערוואָלט מאַכען א גענעראַל באַלאַנס פון איהרווירטהשאַפט. עס איז אזא ליכטיגער טאָג און מען קען זעהען אפילו אין די הינ־טער־צימערען. איין קלייד נאָך דער אַנדערער האָט זי ארויסגענו־מען, אויסגעלעגט אויף דער פערבעטער בעט און בעטראַכט יעדע פון זיי ווי א שאַרפער קריטיקער. דער שמערצליכער אומעט איז געוואָרען אַלץ שטאַרקער און זי האָט געפיהלט, אז עס ווערט איהר שווערער און שווערער אויפ'ן האַרצען, אזוי ווי איינער וואָלט איהר אָנגעלעגט א שטיין אויף א שטיין.

זי האָט די קליידער גענומען צוריק אויפהענגען אין וואָרדראָב. און יעדע קלייד וואָס זי האָט אויפגעהאַנגען, האָט זי בעגלייט מיט א זיפץ. ווען זי איז פערטיג געוואָרען מיט דעם שלאָף־צימער, איז זי אריין צוריק אין עס־צימער. זי האָט זיך אָבגעשטעלט ביי דעם בופעט, אויף וועלכען עס איז געווען אויסגעשטעלט איהרע שעהנ־סטע געשיר און קאָלירטע טעלער. זי האָט זיי בעטראַכט. פון א קליינער גאָלד־קאָלירטער טאַסע האָט געפעהלט א הענטעל. איין וואַזע האָט געהאַט א זייט צוגעקלעפּט מיט צעמענט. גאַנץ אויבען איז געשטאַנען א קליינע בראָנזענע סטאַטוע פון א געטשקע מיט א צוגעבויגטען פיילענבויגען אין האַנד. און דאָ האָט געפעהלט א קע־לעשיקעל צו א גאַנצען סערוויז.

ווען אַלעס איז שוין געווען אין אָרדנונג, האָט ראָזאַליע גענו־מען זיך איינוואַשען. זי האָט זיך פערקאַמט און גענומען בע־טראַכטען איהר געזיכט אין א קליין האַנד־שפּיגעלע. אָבער אין

דעם באַדע־צימער, וואו זי האָט זיך איינגעוואַשען, איז געווען דונ־קעל. זי איז אַריין אין פראָנט־פּאַרלאָר, מיט'ן האַנדטוך אין האַנד, און זיך בעטראַכט אין דעם גרויסען שפּיעגעל. די צייט, וואָס האָט איבערגעלאָזען איהרע צייכענס אויף די מעבעל, אויף די קליידער און אויף די געשיר, האָט ניט געשוינט דאָס געזיכט פון דער פרוי, וועלכע איז געווען בלויז אַכט יאָהר פערהייראַטה. זי האָט בע־טראַכט די קנייטשען אַרום די אויגען און אויף דעם שטערן, וועלכע האָבען אין דעם טאָג זיך אריינגעקנייטשט נאָך טיעפער, נאָך בע־דייטענדער. זי האָט פּרובירט אַ שמייכעל טהאָן, אָבער דער שמיי־כעל האָט אין שפּיעגעל בעקומען אַזאַ אום־חן, אַזוי ווי זי וואָלט זיך אַ קרים געטהאָן. זי האָט זיך דערמאָהנט, אַז ווען מען וויל זיין אימער יונג, מוז מען זיך היטען פון זאָרג — אָבער ווי קען מען זיך היטען ?

זי האָט אָנגעטהאָן אויף זיך אַ רויטע יאַפּאַנעזישע קימאָנאָ און אַריינגעשטעקט אַ קינסטליכע בלום אין איהרע האָר. נאָכדעם האָט זי אָנגעריבען אויף איהר געזיכט און האַלז אַ ביסעלע פּוידער. די רויטקייט פון דער קימאָנאָ האָט אָבגעשלאָגען אין איהר געזיכט אַ ביסעלע קאָליר. נאָך אַ קריטישער בליק אין שפּיעגעל האָט זי איבערצייגט, אַז זי איז נאָך אַ שעהנע פרויענצימער, אָבער ניט מעהר יונג.

ניטאָ מעהר דער יוגענדליכער חן. אוועקגעגאַנגען, און וועט מעהר ניט צוריקקומען. פערפאַלען ! און לעבען ווילט זיך נאָך שטאַרקער ווי אימער. עס ווילט זיך איבערלעבען איבער אַ נייעס אַלעס, אפילו מיט די צרות צוזאַמען.

דאַן האָט זי אָנגעהויבען צו טראַכטען וואָס צו קאָכען. צייט איז נאָך געווען גענוג, אָבער מען מוז עפּעס אויסטראַכטען אַ נייעס. דעם מאַן איהרען געפעהלען עפּעס ניט מעהר איהרע געריכטען. איהר קאָכען איז אַלט־מאָדיש, זאָגט ער, אַלץ די זעלבע אַלטע פּאַ־טראַוועס. זיין געשמאַק האָט זיך הפּנים אויך געעלטערט.

און זי טראַכט וואָס קאָכט מען אום צו געווינען איהר מאַן'ס אַמאָליגען גוטען געמיטה און אַמאָליגע ליעבע.

אַ מאָל איז ער געווען אַ יונגער מאַן אַ פייער, און גערעדט האָט ער מיט אַ ברען. גרויסע אידעאַלען האָט ער געהאַט, און גע־

שטרעבט האָט ער הויך. ער האָט גערעדט פון מאַכען די מענשהייט גליקליך, פיינער, עדעלער און פרייער. ער האָט געטרוימט פון אַ וועלט אָהן טרעהרען און אָהן צער; פון אַ צייט, ווען אַלע מענשען וועלען לעבען ווי ברידער, און קנאה־שנאה וועלען פערשווינדען. געליבט האָט ער דאַן מיט די גאַנצע וואַרימקייט פון זיין יוגענד, און אַז ער פלעגט נעהמען ריידען, איז געווען אַ מחיה צו הערען, אַזוי זיס, אַזוי בעגייסטערענד. און די וועלט האָט דאַן געהאַט אַן אַנדער פנים, און דאָס לעבען אַן אַנדער בעדייטונג. דעם גן־עדן אויף דער וועלט האָט זי דאַן געזעהן.

זיינע אידעאַלען האָבען זיך ביסלעכווייז אָבגעריבען, זייער גלאַנץ איז פערשוואונדען. עס איז פערבליבען בלויז אַ ביזנעס־מענש, וואָס דרעהט זיך דעם קאָפּ מיט ספּעקולאַציעס, וואָס זוכט רייך צו ווערען טראָטץ זיינע כחות און פעהיגקייטען. און פון זיין גאַנצער מיה האָט ער זיך דערלעבט גראָהע האָאָר אויפ'ן קאָפּ.

אכט יאָהר נאָך דער חתונה און שוין אַזוי פערעלטערט געוואָרען — אַזוי ווי די מעבעל אין זייער פראָנט־פּאַרלאָר.

ראָזאַליע האָט ארויסגעקוקט דורכ'ן פענסטער. אין דרויסען איז געווען נאָך ליכטיגער ווי אין הויז. זי האָט געזעהען אין גאַס מענשען געהן אַהין און אַהער, מיט פערשיעדענע דאגות אויפ'ן פנים, מיט קנייטשען וואָס דערצעהלען פערשיעדענע היסטאָריעס. זי האָט געזעהען אַלטע מענשען, און יונגע מענשען וואָס האָבען זיך שוין בעקענט מיט דעם עלטער. „אַלעס איז אַלט, אָבגעניצט און אָבגעבליאַקעוועט," האָט איהר אַ שטימע געקלונגען אין אויער — —

אַ קינדערשער געלעכטער האָט איבערגעהאַקט איהרע געדאַנקען. פון ארום קאָרנער האָבען זיך אַ לאָז געטהאָן איינגלעך מיט ביכער אונטער זייערע אָרעמס. די קינדערשע פנים'לעך זיינען געווען פול לעבענס־פרייד, און זיי האָבען געטאַנצט, געשפּרונגען, און די גאַנצע גאַס האָט מיטגעטאַנצט און מיטגעשפּרונגען. די עלטערע מענשען האָבען זיך אָבגערוקט אָן אַ זייט און געמאַכט אַ וועג פאַר די מאַרשירענדע יוגענד. צווישען די קינדער האָט ראָזאַליע ערבליקט צוויי קליינע מיידעלעך, אויך מיט ביכער אונטער זייערע אָרעמס. דער מאַמעס האַרץ איז אָנגעפילט געוואָרען מיט פריידע.

עפּעס האָט זיך דאָרט דערוואַרעמט. און דיזע וואַרעמקייט האָט זיך צוגאָסען איבער אַלע גליעדער.

ראָזאַליע איז צוגעגאַנגען צום טהיר אום צו עמפּפאַנגען איהרע צוויי קינדער וואָס זיינען צוריקגעקומען פון דער שולע. און ווען זי האָט יעדען קינד געגעבען אַ מוטערליכען קוש אין פּנים'ל, האָט זי געפיהלט אַ פרישקייט, אַ נייעס לעבען אַרום זיך.

זי האָט אַראָבגענומען פון די קינדער זייערע מאַנטעלעך און האָט זיך צוגעהערט צו זייער קינדערשע פּלוידעריי, וואָס זיי האָבען דערצעלט פון דער לעהרערין און די לעסאָנס וואָס זיי האָבען געמאַכט.

די קינדערשע שטימען האָבען געקלונגען איבער די צימערען, און אַרויסגערופען אַן עכאָ פון סימפּאַטיע פון אַלע ווינקעלעך. די הויז האָט אַנאַנדער פּנים בעקומען. די זון האָט נאָך בעסער גע־שיינט ווי פריהער — פריינדליכער, ליעבליכער.

די מוטער האָט פאַר די קינדער אויסגעשפּרייט אַ קליין טיש־טוכעל ביים ברעג טיש, זיי געגעבען מילך און סענדוויטשעס און זיי בעטראַכט.

יעדעס קינד פּונקט צוויי טראָפּען ווי די מאַמע. איהרע אויגען, איהרע האָאר, איהר נאָז, איהר אנבליק, איהרע תנועות — זיי עסען, אַזוי ווי זי אַליין וואָלט געגעסען.

און ראָזאַליען ווערט אויפ'ן הארצען בעסער און פרעהליכער, און עס אַרט איהר שוין ניט אַזוי שטאַרק וואָס די מעבעל איז אַלט, וואָס די קליידער זיינען אָבגעניצט, וואָס איהר געשיר איז ניט אין גאַנצען, וואָס זי האָט קנייטשען אונטער איהרע אויגען און אויף איהר שטערן. איהר אַרט נור וואָס איהר מאַן איז אַ „פּערטהאָנע־נער" מענש און דאָס ער קען דעם נחת פון די קינדער ניט פיהלען, אַזוי ווי זי.

# קנאה און רחמנות

סערעה איז געקומען אין שאפ שפעטער ווי געוועהנליך און פערפוצט. זי איז ניט געקומען ארבייטען, נור אָבנעהמען די ביסעל געלד וואָס איהר האָט ארויסגעקומט פון איהר אַרבייטס־געבער און זיך געזעגענען מיט איהרע חבר׳טעס.

סערעה איז אַ כלה און אין אַ פּאָאַר טעג ארום דאַרף זיין איהר חתונה.

די מיידלעך קוקען אויף איהר מיט בענייִדונג. מען בעגריסט איהר מיט אַ פרעהליכען פּנים און ניט ווילענדיג רייסט זיך ארוים אַ זיפץ פון מאַנכע הערצער.

ווער ווייס? ווען וועלען זיי שוין דערלעבען אויסגעלייזט צו ווערען פון שאפ? ווען וועלען זיי שוין קענען פערלאָזען דעם אָרט וואו די יוגענד ווערט פערוועלקט, וואו די ראָזע פון די באַקען ווערט פערגעלבט און וואו דער לעבענס־שיין אין די אויגען ווערט פער־דונקעלט?

זיי בעטראַכטען סערעה׳ן ווי זי שטעהט יעצט מיט׳ן באָס, און ער שמייכעלט און רעדט צו איהר פריינדליך. ער צעהלט איהר אָב עטליכע דאָלאַר און פערשפּרעכט צו קומען צו איהר אויף דער חתונה מיט דער פרוי און די קינדער. ער ווינשט איהר גליק און זי דאַנקט איהם, און זיי דריקען זיך די הענד, ווי גלייכע מענשען.

נאָכדעם געהט סערעה צו די מענער־אַרבייטער פון שאפ און הויבט אָן צו זעגענען זיך כסדר. דער פּרעסער מיט׳ן צושניידער און די מאַשין־אַרבייטער זיינען צו איהר העפליך און זאָגען איהר קיין גראָבע וויצען. אַלע ווינשען איהר גליק און אַלל־דאָס־גוטס און אייניגע פון די מיידלעך צוכליפּען זיך אויפ׳ן קול.

וואָס וויינען זיי? וואָס סערעה געהט אוועק? ניין, זיי וויינען אויף זייער אגענעם ביטערען מזל...

* * *

מאַקס איז געקומען אין שאפ מיטאָג־צייט, גראַדע ווען די

מאשין־ארבייטער האָבען געהאַלטען אין עסען א מיטאָג בקאַמונע. אויפ׳ן טיש איז געשטאַנען ביער און וואורשטלעך און הערינג מיט ציבעלעס, קעז און פּאָמפּערניקעל.

„חתן דמה למלך!״ רופט אויס א פּרעהליכער מאשין־ארביי־טער, ווען מאקס קומט אריין.

„ער שיינט גאָר״, רופט זיך אָב א צווייטער.

„סיי, דו אייזעל!״ זאָגט גוט־ברידערליך איינער פון די אר־בייטער, א בעווייבטער, צו מאקס׳ן. „זאָג מיר, חמור, צו וואָס האָסטו חתונה?״

„צו וואָס האָסטו חתונה געהאַט? דו פערד, חאמולע!״ פרעגט איהם מאקס צוריק, אויך אויפ׳ן גוט־ברידערשען לשון.

„נו, ריים איך זיך טאקע דערפאר די האָאר פון קאָפּ עד היום״, ענטפערט דער בעווייבטער. „איך ווייס טאקע ניט וואָס האָט מיר געפעהלט ווען איך בין געווען א בחור, א פרייער מענש. אי, ברודער, וועסטו א מאָל קלאָגען אויף דיין חורבן!״

„סיי, דו״, זאָגט אַן אנדער בעווייבטער. „אז דו ווערסט מיט מזל א באַלעבעסיל, טאָ מעגסטו שיקען נאָך א קעסל ביער, לאָמיר טרינקען אויף דיין מפּלה״.

מען האָט אויסגעטרונקען נאָך א קעסל ביער און מאקס האָט פערלאָזען דעם שאָפּ, נאָכדעם ווי ער האָט זיך אָבגעבעטען ביים באָס אויף א גאַנצע וואָך. ארויסגעהענדיג, האָט ער געפיהלט אביסעל קאַלט, אויב דאָס איז געווען די ביער, אָדער דער שפּאָט פון זיינע חברים, האָט ער ניט געקענט ענטשיידען. פּלוצלונג האָט ער זיך בעגעגענט מיט סערעה׳ן. איהרע אויגען זיינען געווען אָנגעוויינט.

„וואָס האָסטו געוויינט?״ האָט מאקס געפרעגט.

„איך האָב זיך געזעגענט מיט די מיידלעך אין שאָפּ... און מיר האָבען זיך א ביסעל אויסגעוויינט. אזא לאַנגע צייט געארבייט צוזאמען, עס טהוט דאָך באַנג זיך צו שיידען... דו קענסט דיעזע געפיהלען ניט פערשטעהן, ווייל דו בלייבסט אין שאָפּ אויף ווייטער אויך״.

מאקס האָט אראָבגעלאָזען דעם קאָפּ און זיך פערטראַכט. ווארום האָט מען ביי איהר געזעגענען געוויינט, און ביי זיינעם האָט מען געלאַכט?...

## צווישען אונז גערעדט

### וואָס מענער רעדען ווען ווייבער זיינען דערביי ניטאָ.

פיער זיינען זיי געווען — פיער פערהייראַטע מענער — אַלע אין עלטער פון 25 ביז 35 יאָהר. געזעסען זיינען זיי אין אַ רעסטאָראַן אויף איסט בראָדוויי, און געטרונקען. איינער האָט געטרונקען טהעע מיט לעמאָן, דער צווייטער — טהעע מיט מילך, דער דריטער—שווארצע קאפע, און דער פערטער—זעלצער וואסער.

גערעדט האָט מען וועגען ווייבער, און גערעדט האָט מען הויך, פריי, ווי עס ריידען מענער ווען קיין ווייבער זיינען דערביי ניטאָ. מען האָט דערצעהלט פיקאַנטע, שאַרפע וויצען, אַביסעל גראָבליך, אָבער פיין, צוגעשפיצט; מעשה'לעך וואָס געהען פון מויל צום אויער, צווישען מאַנסבילען אליין, און מען האָט געלאַכט, שטאַרק הנאה געהאט און געקליבען נחת.

„אַז יעדער איינער פון אונז וואָלט דערצעהלען ווי אַזוי ער האָט חתונה געהאט, וואָלט מען פון דעם געקענט מאַכען זעהר אַ קאָמישען בוך“, האָט געזאָגט דער מאַן וואָס האָט געטרונקען זעלצער־וואַסער.

„איהר מיינט צו זאָגען ווי אַזוי יעדער איינער פון אונז איז אריינגעפאַלען“, האָט זיך אָבגערופען דער מאַן וואָס האָט געטרונקען שווארצע קאַפע.

„ווי די ווייבער האָבען אונז אריינגעכאַפּט אין נעץ“, האָט צוגעגעבען דער מאַן וואָס האָט געטרונקען טהעע מיט לעמאָן.

„איך דערצעהל אייך מיין געשיכטע שוין“, האָט זיך אָנגעבאָטען דער מאַן וואָס האָט געטרונקען טהעע מיט מילך.

די אַנדערע דריי האָבען זיך נעהענטער צוזאַמענגערוקט אום ניט צו פערלירען אַ וואָרט.

„אַלע וואָס קענען מיך און מיין ווייב“, האָט אָנגעפאַנגען מיסטער טהעע־מיט־מילך“, וואונדערען זיך ווי אַזוי איך קום צו א־הר. איך דאַרף אייך ניט דערצעהלען מיין ווייב'ס מעלות —

הע־הע־הע. איהר קענט. מילא, וואָס זי איז ניט שעהן, דאָס איז א קליינינקייט. ווייבערשע שעהנקייט איז ווערטה א ציבעלע. עס זיינען ניטאָ קיין אמת׳ע שעהנע ווייבער אויף דער וועלט. עס איז אַלץ קאָרסעטען, וואטע, פארב, פודרע, פאַלשע צייהן, פאַלשע האָאר און אזוי ווייטער. א שעהנע פרוי איז א שווינדעל. וואָס שעהנער די פרוי דאָס גרעסער דער שווינדעל. מיין פרוי איז אָבער דערצו אזא נאר וואָס אפילו צווישען פרויען איז דאָס א זעלטענ־הייט. אזא שלימזלניצע איז דאָס — נו! — לאָמיר געהן צום עיקר. די פראַגע איז ווי אזוי איך קום צו איהר. אָט דאָס וועל איך אייך דערצעהלען:

„דאָס איז געווען מיט א יאָהר פערצעהן צוריק, ווען איך בין נאָך געווען אין רוסלאַנד. אין מיין שטעדטעל איז שווער געווען צו בעקומען א צייטונג, אָדער א בוך צום לעזען. אין שטעדטעל האָט זיך געפונען א פּאָדריאַדטשיק צו וועמען עס פלעגען אָנקומען א פּאָאָר רוסישע צייטונגען און א העברעאישע. אזוי ווי מיר זייי־נען געווען אין שכנות, האָב איך ביי איהם גע׳פועל׳ט ער זאָל מיר ערלויבען איבערצוקוקען זיינע צייטונגען ביי איהם אין הויז.

„איך פלעג אריינקומען כמעט יעדען טאָג, און פלעג אמאָל פערבלייבען דאָרט אויף א גלאָז טהעע. די פאַמיליע איז געווען א קליינע. דער פּאָדריאַדטשיק מיט זיין פרוי אָהן קינדער, און זיינע א שוועגערין, וועלכע איז געווען נאָך אונפערהייראַט. יעדען מאָל ווען איך פלעג זעהן די מיידעל פלעגט מיר פערקוועטשען דאָס הארץ. יעדען מאָל וואָס איך פלעג א קוק טהאָן אויף איהר, פלעג איך זיך טראַכטען: דער מאַן וואָס וועט הייראטהען דיעזע מיידעל וועט פערדיענען די גרעסטע מצוה אין דער וועלט און ער וועט זיין א העלד. אַליין איז מיר קיינמאָל ניט איינגעפאַלען צו זיין דער העלד און אויך ניט צו פערדיענען די מצוה.

„איינמאָל, שבת, ווען איך בין געזעסען אין יענער הויז און געלעזען דעם „המליץ“, רופט מיך אָב דער פּאָדריאַטשיק אָן א זייט און זאָגט צו מיר: „הער צו, אנשיל, איך וויים דאָך אז דאָס וואָס דו קומסט אהער יעדען טאָג איז עס בלויז אָן אָנשטעל. דו קומסט ניט לעזען די צייטונגען, דו קומסט צוליעב מיין שוועגערין. דו ביזט פערליעבט אין איהר, שעהם זיך ניט. זי האָט דאָס מיר

אליין נעכטען פערטרויט, און איך האָב דאָס אליין אויך בעמערקט אָן דעם ווי דו קוקסט אויף איהר. היינט ווארום זאָלסטו זיך שעה־מען? מיר זיינען דאָך אייגענע מענשען, טאָ לאָמיר מאַכען א תנאָים, כאָטש היינט ביינאַכט.

„אז איך האָב דאָס דערהערט, האָב איך געמיינט אז איך חלש. איך האָב געוואָלט עפּעס זאָגען, אָבער ווי נור איך האָב געעפענט מיין מויל האָט ער מיר פערכאַפּט די רייד און אויסגערופען: „אַי, ביזטו א נאַר! שעהמסט זיך! וואָס איז דאָ וואָס זיך צו שעהמען און וואָס איז דאָ וואָס צו ריידען? דו ווילסט מיין שוועגערין און זי וויל דיך, טאָ זאָל זיין מיט מזל! שצערע, קום אהער!“

„שצערע — דאָס איז געווען דער נאָמען פון זיין שוועגערין. יעצט הייסט זי סיידי. שצערע איז אריינגעקומען און איהר ברודער האָט גענומען איהר רעכטע האנד און אריינגעלייגט אין מיין רעכטע האנד, און האָט צוגעשטופּט מיין קאָפּ צו איהר קאָפּ. „צוקושט זיך!“ האָט ער אויסגערופען. שצערע האָט געפאָלגט און איך בין געשטאַנען ווי א לעמעשקע. פערפאַלען! יעצט דערצעהלט איהר“.

מיסטער טהעע־מיט־לעמאָן האָט גענומען דאָס וואָרט.

„איך בין מיט אייך איינפערשטאַנדען אז פרויען זיינען ניט שעהן, עס הייסט אז עס גיבען ניט קיין אמת שעהנע פרויען אויף דער וועלט, אָבער איך בין מיט אייך ניט איינפערשטאַנדען אז פרויען זיינען נאַריש. ווייבער זיינען קליגער, כיטרער פון אונז. די נאַרישסטע פרוי קען אריינגנאַרען דעם קליגסטען מאַן אין זאַק. איך האָב זיך געוואָלט קליגען איבער א מיידעל, אָבער זי האָט מיך אבערגעקליגט. אָט הערט:

„מיט צעהן יאָהר צוריק אז איך בין אוועק פון רוסלאַנד, האָב איך דאָרט איבערגעלאָזען א מיידעל מיט וועלכע איך בין געווען גוט בעקאַנט. מיר האָבען נאָך ניט געהאַלטען ביי ווערען חתן־כלה. עס הייסט, א י ך האָב ניט געהאַלטען ביי דעם. ווייבער האָבען פיינד אריינצוקוקען ווייט אין דער צוקונפט. שאָפּענהויער זאָגט אז זיי קענען ניט. א מיידעל אז זי וואַרפט אַן אויג אויף א יונגען מאַן פרעגט זי שוין ניט וועגען דער צוקונפט, אויב ער קען מאַכען א לעבען, אויב זיי קענען לעבען גליקליך, נור זי נעהמט זיך גלייך צו די וואַפען און זוכט איהם צו פאַנגען אין נעץ.

„איך קען ניט זאָגען אז איך בין געווען גלייכגילטיג צו מיין רחל. איך האָב זי גאַנץ ליעב געהאַט ווען איך בין געווען אין דער היים. ניט פערליעבט, נור סתם, עס איז מיר געווען גאַנץ אַנגע־נעהם צו זיצען מיט איהר און פערברייננגען, אמאָל געהן שפּאַצירען, אמאָל כאַפּען אַ קוש. אָבער אז איך בין געקומען נאָך אַמעריקאַ, האָב איך זי אָנגעהויבען צו פערגעסען. דאָ האָב איך זיך בעקאַנט מיט אנדערע מיידלעך, גאָר פון אַ נייעם פאַסאָן: מיידלעך וואָס לעזען, וואָס דענקען, מיט וועלכע מען קען ריידען ערנסט, און ניט נור וועגען קלייניגקייטען, נאַרישקייטען. אָבער מיין רחל פלעגט מיך פערוואַרפען מיט בריעף, און ווי ענטפערט מען איהר ניט? אַ יאָהר נאָך מיין קומען אין אמעריקא האָט זי מיר אַריינגעשיקט איהרם אַ בילד. דאָס בילד האָט אין מיר ערוועקט דעם אַלטען חשק אַ קוש צו טהאָן אָט יענע ליפּען. איך האָב איהר אָנגעהויבען שריי־בען בריעף מיט מעהר פריינדשאַפט, מיט מעהר וואַרימקייט. איך האָב זי אָנגעהויבען צו רופען „מיין ליעבע כלה“, עס הייסט אין מיין בריעף פלעג איך זי אזוי רופען, און האָב איהר דייטליך גע־שריבען אַז איך דענק זי אמאָל אַראָבצובריינגען קיין אַמעריקאַ, ווי נור איך וועל פערדיענען גענוג אויף אַ לעבען פאַר אונז ביידען.

„איינמאָל קומט מיר אָן פון איהר אַ בריעף, אין וועלכען זי שרייבט מיר אַזאַ געשיכטע: מען רעדט איהר זעה אַ פיינעם שידוך מיט אַ וואַוילען יונגען מאַן. איהרע עלטערען ווילען זעהר דעם שידוך און זיי ריידען איהר צו שטאַרק צו דעם. די עלטערען האָבען זעהר ווענינ אמונה אין מיר, אַז איך וועל זי אַמאָל אַראָבברייננגען קיין אַמעריקאַ. אום יוצא צו זיין פאַר די עלטערען האָט זי מיר פאָרגעשלאָגען אַזאַ פּלאַן: איך זאָל איהר שיקען אַ שיפס־קאַרטע. דיעזע קאַרטע וועט זי מיר גלייך צוריקשיקען, מיט אַ בריעף אַז זי וויל פערבלייבען נאָך אַ יאָהר ביי די עלטערען ביז איך וועל זיך בעסער אַרויפאַרבייטען. די שיפסקאַרטע, האָט זי מיר געשריבען, דאַרף זי בלויז אַלס אַ בעוויי׳ז פאַר די עלטערען אַז איך מיין טאַקע ערנסט מיט איהר חתונה צו האָבען, נור זי וויל בעסער וואַרטען.

„איך האָב ניט לאַנג געטראַכט, געקויפט אַ שיפסקאַרטע און איהר אַרויסגעשיקט. נו, דעם סוף קענט איהר שוין פערשטעהן

אליין. אין דריי וואָכן אַרום קומט מיר אָן אַ טעלעגראַמע פון עלים איילאַנד אַז זי איז דאָ — און מעהר דאַרף איך אייך ניט דער־צעהלען. ווער איז נעקסט?"

„איך בין נעקסט", האָט געזאָגט מיסטער שוואַרץ־קאָפּע. „מיין געשיכטע איז זעהר אַ קורצע, דאַרום וויל איך עס אָב'פּטר'ען. מיר האָט געטראָפען די זעלבע זאַך וואָס עס האָט געטראָפען טויזענדער, צעהנדליגע טויזענדער אַנדערע יונגע לייט. מען האָט מיך אַריינ־גענאַרט מיט פינף טויזענד דאָלער נדן. פון די פינף טויזענד האָט זיך אויסגעלאָזען צוויי, און פון די צוויי האָט ביי מיר דער שווער באַלד נאָך דער חתונה געכאַפּט אַ גמילות חסד 500 דאָלער, און פערפאַלען, ווי אין וואַסער אַריין."

„נו", האָט זיך אָבגערופען מיסטער זעלצער־וואַסער, "די וואָס זוכען נדן איז זעהר רעכט אויף זיי. איך האָב אָבער געזוכט ליעבע, און מיין ליעבע איז געווען פון דעם העכסטען, נאָבעלסטען אידעאַל. אַזוי איז דאָס געווען אויף מיין זייט. אויף איהר זייט איז דאָס געווען דער העכסטער, נאָבעלסטער בלאָף.

„איך האָב אויך געלעזען וואָס שאָפּענהויער האָט געשריבען וועגען פרויען. אָבער ער האָט ניט געזאָגט אַ צעהנטעל פון דער ריכטיגקייט. פון וואַנען האָט ער דען געקענט וויסען, אַז ער האָט קיינמאָל ניט געהאַט אַ ווייב און איז געשטאָרבען אַ בחור? ער וואָלט געהאַט אַ ווייב וואָלט ער געשריבען צעהן מאָל אַזוי פיעל.

„איך האָב געליעבט אַ מיידעל מיט דעם גאַנצען פייער פון מיין זעעלע. איך ווייס ניט וואַרום, אָבער איך האָב זי געליעבט. ליעבע פרעגט קיין קשיות ניט. מיר פלעגען אָפט אַרומגעהן צו־זאַמען. בייטאָג פלעג איך נור טראַכטען ווי דערלעבט מען שוין אָבענד צו זעהן מיין כלה. און אין אָבענד האָב איך געשלונגען די זיסע מינוטען. איינמאָל, אין אַ פרייעם טאָג, זעה איך מיין טהייע־רע געליעבטע געהט מיט אַן אַנדער בחור. זיי זיינען געווען אַזוי פערטיעפט איינער אין דעם אַנדערען, אַזביידע האָבען מיר ניט בעמערקט. אהא, טראַכט איך מיר, יעצט זיינען מיינע אויגען גע־עפענט געוואָרען. דעם זעלבען אָבענד בין איך געווען ביי איהר צו הויז, און האָב איהר גלייך אין די אויגען געזאָגט מיט וועמען איך האָב זי געזעהן.

„איך האָב געמיינט, אַז זי וועט זיך איבערשרעקען, פאַלען אין חלשות, וויינען, קוויטשען, קריגען היסטעריקע, אָבער זי איז זיך געזעסען גאַנץ רוהיג און געשמייכעלט. זי האָט אָנגעהויבען צו ריידען רוהיג און געלאַסען און האָט מיר דערצעהלט אַ מעשה, אַז דער יונגער מאַן, מיט וועמען איך האָב איהר געזעהן געהן, איז שטערבליך פערליעבט אין איהר, און אויב זי וועט איהם פערלאָזען וועט ער זיכער בעגעהן זעלבסט־מאָרד. זי וויל איהם דארום ביס־לעכווייז אָבגעוואוינען פון זיך, כדי זיין אונשולדיגע בלוט זאָל ניט פאַלען אויף איהר קאָפּ.

„דיזע ווערטער האָבען מיר ניט נור בערוהיגט, נור איך האָב אָנגעהויבען צו פיהלען אַ סימפּאַטיע צו דעם אונגליקליכען יונגען מאַן, וואָס איז אַזוי שטאַרק פערליעבט אין מיין מיידעל. איך האָב אַזוי לאַנג געטראַכט וועגען דעם, דאָס עס איז ביי מיר צולעצט בע־שלאָסען געוואָרען צו אָפּפּערען מיין אייגענעם גליק פאַר דעם לעבען פון דעם יונגען מאַן. איך האָב דערצעהלט פון מיין בעשלוס צו מיין געליעבטער, אָבער זי האָט געזאָגט, דאָס זי וועט מיך ניט אומ־בייטען פאַר קיינעם, און אויב איך וועל מיט איהר ניט הייראַטהען, דאַן עקט זיך איהר אייגענער לעבען. אַ מאָנאַט נאָך דיזען געשפּרעך האָבען מיר חתונה געהאַט.“

„אַ וואָך נאָך דער חתונה איז מיר אויסגעקומען צו טרעפען זיך מיט יענעם יונגען מאַן. איך האָב נאָך אַלץ מורא געהאַט, אַז ער וועט בעגעהן זעלבסטמאָרד, און איך האָב גענומען אריינגעהן מיט איהם אין אַגעשפּרעך. מיר זיינען באַלד געוואָרען פערטרויט איי־נער צום אַנדערען, און דאָ האָב איך ערפאַהרען דעם שרעקליכען אמת. זי האָט אונז געהאַלטען אויף דעם זעלבען שנירעל, אויף דעם זעלבען בלאָף. יענער יונגער מאַן האָט מיר פערזיכערט, אַז ער איז גאַנץ צופריעדען וואָס איך האָב מיט איהר געהייראַטה, אבי איך האָב קיין זעלבסטמאָרד ניט בעגאַנגען.

„זיי זיינען אַלע בלאָפערקעס!“ האָט אויסגערופען מיסטער שוואַרצע־קאַפּע.

„ליגנערקעס!“ האָט צוגעגעבען מיסטער טהעע־מיט־לעמאָן.

„אַ וואָרט טאָר מען זיי ניט גלויבען“, האָט געזאָגט מיסטער טהעע־מיט־מילך.

# צווישען זיי גערעדט

## וואָס ווייבער ריידען ווען מענער זיינען דערביי ניטאָ.

פיער ווייבער זיינען זיי געווען. איינע אַ גאַנץ יונגע ווייבעל, אַ פּאָאָר מאָנאַטען נאָך דער חתונה, די אנדערע דריי זיינען געווען: איינע שוין אַן עלטערע פרוי מיט אַ היבשע ביסעל גרויע האָאָר אויף איהר קאָפּ; איינע אַ געזונדע מיטעל־יעהריגע פעסט געבויטע פרוי מיט רויטע באַקען; און איינע אַ יונגע, אַ דאַרע, אַ מאָגערע, אַ הויכע מיט אַ בלאַסען פּנים, אָבער מיט אַ שטענדיגען שמייכעל אויף די ליפּען.

די לעצטע דריי זיינען געקומען אויף אַ בעזוך צו דער יונגע, ווייבעל און ווי דער שטייגער איז, אַז עלטערע ווייבער טרעפען זיך אָן מיט אַן ערשט פערהייראַטע יונגע ווייבעל, אַ „ספּרינג־טשיקען“, הויבען זיי אָן מיט איהר צו קנעלען און איהר צו געבען דעם בענע־פיט פון זייערע ערפאַהרונגען.

זיי האָבען צוערשט ארומגעקוקט דעם מעבעל און די גאַנצע הויז־ווירטשאַפט, קריטיקירט און געזאָגט מיינונגען איבער יעדען אַרטיקעל.

„אייער מאַן האָט זיך אויסגעפּאָרנישד מיט אַ ברייטער האַנד“, האָט בעמערקט די מאָגערע. „איהר דאַרפט נור זעהען, האַרץ מייי־נע, אַז ער זאָל ניט ווערען קאַרג. נאָך דער חתונה ווערען זיי קאַרג, די מענער.“

„נאָך דער חתונה הערט מען זיי ווי דעם קאָטער“, האָט זיך אָב־גערופען די דיקע. „איך האָב אַ רול, אַז מיין מאַן דאַרף ניט ווי־סען דעם ריכטיגען פּרייז פון וואָס איך קויף. איך נעהם ביי איהם נעכטען 20 דאָלער צו געהן איינקויפען פערשיעדענע זאַכען. האָב איך געקויפט אַ העט פאַר 14 דאָלער, אַ טישטוך פאַר 4 דאָלער, האַנדטיכער פאַר אַ דאָלער מיט 90 סענט, און פאַר 10 סענט האָב איך איהם געקויפט אַ שניפּס. אַז ער איז געקומען אהיים, האָב איך

איהם אָבגעגעבען אזא רעכנונג: א העט 4 דאָלער, א טישטוך 9 דאָלער מיט 50 סענט, די האנדטיכער האָב איך איהם אָנגעגעבען אין 5 דאָלער מיט 50 סענט און דעם שניפּס אין א דאָלער. ער האָט זיך אזוי געפרעהט וואָס איך האָב אזוי וועניג אויסגעגעבען אויף זיך און מעהר געהאַט אין זינען די הויז־ווירטהשאַפט, דאָס ער האָט מיר מוחל געווען וואָס איך האָב איבערגעצאָהלט אויפ'ן שניפּס. דער שניפּס, האָט ער מיר געזאָגט, איז נאָך פון דעם פּאר צוויי יאָהריגען סטייל. איך האָב איהם געבעטען, אז ער זאָל עס דאָך טראָגען צוליעב מיר, צוליעב זיין טייערע פרוי. ער האָט געזאָגט, ער שעהמט זיך פאר זיינע פריינד. האָב איך געזאָגט ער זאָל זאָגען זיינע פריינד, אז דאָס האָב איך איהם געקויפט, און אז דערמיט האָט ער וועט עס טראָגען, וועט ער צייגען ווי ליעב ער האָט מיך. ער טראָגט עס יעצט דוקא שבת און זונטאג."

די אַנדערע האָבען זיך צולאכט. די יונגע ווייבעל איז געווען די איינציגע וואָס האָט ניט געלאכט. זי האָט צוערשט אראָבגעלאָזען די אויגען פערשעהמט, נאכדעם האָט זי געזאָגט:

„דענקט איהר ניט, אז עס איז א רחמנות אויף אייער מאַן?"

„וואָס? רחמנות?" האָט זיך אָבגערופען די עלטערע פרוי. „איהר זייט נאָך גאָר א קינד! איך האָב שוין באַלד איינִיקלעך אין אייערע יאָהרען און איהר מעגט אויסהערען פון מיר א גוטע עצה. א מאַן דארף מען ליעבען, דאָס איז אמת, אָבער מען דארף איהם צו פיעל זיך ניט אָנטרויען. אויב איהר וועט זיין צו גוט צו אייער מאַן, וועט ער צו אייך זיין שלעכט. וואָס קאַרגער איהר וועט זיין, אַלץ מעהר וועט ער זוכען איינצושפּאָרען. וואָס מעהר טרייהייט און צוטרויען איהר וועט איהם ארויסצייגען, אַלץ מעהר וועט ער בעטריגען, אַלץ מעהר פאַלש וועט ער זיין. א מאַנסביל איז ניט דאַנקבאַר. דער בעסטער מאַנסביל איז א דבר אחר".

„בראַוואָ! גוט געזאָגט", האָט אויסגערופען די בלאַסע, די מאָגערע. „איך וועל אייך עפּעס דערצעהלען."

„ניין. איך וועל פריהער עפּעס דערצעהלען," האָט זיך אָבגערופען די עלטערע.

„ענטשולדיגט מיר וואָס איך האַק אייך איבער די רייד", האָט

זיך אָבגערופען די דיקע. „לאָזט מיך, איך וועל אייך עפּעס דער־צעהלען.“

„אז איך האָב שוין אָנגעפאנגען“, האָט זיך אָבגערופען די על־טערע, „וויל איך שוין ענדיגען. לאָזט מיר, קינדער, פריינדלעך, איך בין עלטער פון אייך. ביי וואָס האָב איך געלאָזען? יעס, יעדער מאַנסביל איז פאַלש. וועט איהר גלויבען, אז מיין אַלטען דאַרף מען נאָך היטען? איך האָב נאָך לאַנג צוריק געמיינט, אז איך בין שוין מיט איהם זיכער. ערשט האָב איך אויסגעפונען, אז איך האָב א טעות. ביי מיר אין הויז האָט געדיענט א פּוילישע שיקסע, קאַ־טערינא רינא, האָט זי געהייסען. איך האָב בעמערקט א פּאָר מאָל, אז מיין אַלטער קוקט אויף איהר. „וואָס קוקסטו?“ פרעג איך. „גלאַט אזוי“, ענטפערט ער מיר. „זי האָט עפּעס להבדיל א אי...ר שען אנבליק. עס קען זיין זי קומט ארויס פון אידען. „נארישקיי־טען“, ענטפער איך איהם. זי איז א ריכטיגע פּאָליאַטשקע מיט די ביינער. וואו זעהסטו אויף איהר א אידישען אנבליק?“ איינמאָל קומט ער אהיים אין אבענד, געה איך ארונטער איהם עפענען די טיהר, וויל קאַטערינא'ן האָב איך אָבגעלאָזט אויף א טאָג. אין זאָל איז געווען פינסטער, און ווי איך עפען די טיהר און ער זעהט א ווייסען פארטוך אויף מיר, דאכט זיך איהם, אז איך בין די שיק־סע, גיט ער מיר א שלעפּ צו זיך און בעט מיך איך זאָל שטעהן א ווײַלע אין זאָל, ער וויל מיר געבען א קוש. אין דעם איז אָנגעקומען די דזשענישטערעס פון הויז מיט א ליכט אין האַנד אָנצוצינדען די גאַז. דאָ האָט מיין אַלטער דערזעהן זיין טעות“. —

„חא־חא־חא!“ האָבען די דיקע און די מאָגערע געלאַכט. די יונגע ווייבעל האָט שוין געשמייכעלט.

„מיינט איהר“, האָט די עלטערע פרוי פאָרטגעזעצט, „אז מיין אַלטער האָט זיך עפּעס איבערגעשראָקען? א האָאר ניט! ער איז אריין אין הויז מיט א געלעכטער און געזאָגט: „אהא, פעסל, איך האָב דיך גוט איבערגעשראָקען? דו מיינסט, אז איך האָב ניט גע־וואוסט, אז דאָס ביזטו געווען און ניט די שיקסע? דו מיינסט, אז אין דער פינסטער זעה איך ניט?“ נו, נו, שוועסטערלעך, קרוינעלעך, וואָס זאָגט איהר צו אזא חוצפה? אז אן אַלטער איז אזא מנובל, טאָ וואָס זיינען שוין די יונגע?“

„נו“, האָט זיך אָבגערופען די מאָגערע ווייבעל. „מיינער איז ניט קיין יונגער און ניט קיין אַלטער, און איז ניט בעסער און ניט ערגער פון אנדערע. ער האָט אָבער איין מעלה: ער היט זיך פאַר מיר. ניט ווייל ער האָט מורא, נור ווייל ער וויל שוינען מיין געזונד און שפּאָרען דאָקטאָר־בילס. ער ווייס, אז איך וויל, קען איך זיך אוועקלייגען קראַנק צו יעדע צייט, און אז איך ווער קראַנק, פּאַסט איהם שוין צו זיין ראַלע צו רופען א דאָקטאָר, אָדער צוויי, און צייגען וואָס פאַר א טרייער מאַן ער איז. מיט גוטסקייט צו א פרוי זוכען מענער צו פערדעקען א סך נידערטרעכטיגקייטען. איינ־מאָל געהען מיר צוזאַמען צו א באָל. איך זעה, אז מיין מאַן עסט יעדע פרוי מיט די אויגען. איהר האָט ווען זיך צוגעקוקט ווי א מאַן קוקט אויף א פרוי? מען זעהט ווי ער שלינגט זי איין א לעבעדיגע. מיר פרויען, אז מיר קוקען אויף א מאַנסביל, ווייסען מיר ווי דאָס צו טהאָן, אז מען זאָל אונז ניט בעמערקען. אָבער אז א מאַנסביל קוקט אויף א פרויענצימער, טהוט ער דאָס אַזוי אומגע־לומפּערט, אז מען לעזט אַלע זיינע געדאַנקען ביי איהם אויפ'ן פּנים.“

„איהר זייט דאָך א גאַנצע פילאָזאָפקע“, האָט בעמערקט די דיקע.

„האָקט מיר ניט איבער די רייד, קרוינעלעך, טייערע“, האָט פּאָרטגעזעצט די בלאַסע ווייבעל. „לאָזט מיך דערצעהלען. אָט אַזוי ווי מיר שטעהען און ער קוקט און עסט מיט די אויגען אַלעמען, בע־מערקט ער, אז איך קוק אויף, הויבט ער אָן צו פערגלעטען די זאַך, און אויף יעדע ווייבעל וואָס ער קוקט אָן, מאַכט ער צו מיר א בע־מערקונג: „אי, איז דאָס א מיאוס'קייט, אי, איז דאָס א פערזעהע־ניש. חלשות. עס ווערט מיר ניט גוט. זעה ווי דאָס איז אָנגעטהאָן ווי א ליאַלקע. גיב א קוק אויף יענע קאַטשקע. חלשות, עס ווערט מיר ניט גוט. אָט מיט דיזע ווערטער האָט ער גענומען מיך בלאָ־פען, אָבער איך לאָז זיך ניט בלאָפען, און באַלד זאָג איך צו איהם, אז איך פיהל ניט גוט, און אז איך מוז געהן אַהיים. יענע נאַכט האָט ער געמוזט ברייגנען צוויי דאָקטוירים. זיי האָבען מיר פער־שריבען צוויי רעצעפּטען. די מעדיצין האָב איך ארויסגעוואָרפען מיט די מיסט פון הויז.“

„דאָס איז א גוטער ביישפּיעל פאַר אייך“, האָט די עלטערע פרוי געזאָגט צו דער יונגער ווייבעל. „זיך צו מאַכען קראַנק אָפּט־מאָל איז זעהר גוט. א יונגער מאַן איבערהויפּט ווערט זעהר ווייכ־הערציג ווען די פרוי ווערט קראַנק. ער טהוט דאַן אַלעס אום איהר צופריעדען צו שטעלען. ער וועט איהר דאַן דערלאַנגען אפילו דעם טעלער פון הימעל.

„אָבער ווי לאַנג קענען אַזעלכע פּאָליטיקס אָנהאַלטען?“ האָט געפרעגט די אונשולדיגע יונגע ווייבעל.

„אָה, אז מען האָט שכל“, האָט זיך אָבגערופען די דיקע, „קען מען א מאַן האַלטען אין צאַם א גאַנצען לעבען. מען דאַרף איהם נור פון צייט צו צייט מאַכען א ביסעל אייפערזיכטיג. אָה, ניין, איך מיין ניט חלילה קיין שלעכטע זאַכען. איך בין א ליידי! איך מיין, אז עס איז גוט אָפּטמאָל צו מאַכען א מאַן א ביסעל אייפער־זיכטיג אָהן אַן אורזאַכע. עס איז גוט א מאָל צו דערצעהלען א מאַן, אז ווען איהר זייט געגאַנגען אין גאַס, האָט אויף אייך געקוקט א שעהנער דזשענטעלמאַן, און ער איז אייך נאָכגעגאַנגען און געבע־טען ערלויבניס אייך צו בעגלייטען א ביסעל. מען דאַרף איבער־הויפּט בלאָפען, אז דער אונבעקאַנטער איז געווען זעהר א העפליכער דזשענטעלמאַן און א שעהנער.“

„א מאָל, אז איך בין געווען א ביסעלע יונגער, פלעג איך דאָס אויך טהאָן“, האָט בעמערקט די עלטערע פרוי מיט א זיפץ.

„און איבערהויפּט“, האָט די דיקע געזאָגט, „זשאַלעוועט ניט דעם מאַן'ס געלד. וואָס מעהר איהר וועט פערלעבען, אלץ מעהר וועט ער זיך בעמיהען צו פערדיענען. ער וועט קריכען אויף די וועגד, עס וועט אייך ניט פעהלען. די מענער רעגיערען די וועלט, אָבער מיר רעגיערען די מענער. עס איז אונזער וועלט און די מע־נער מוזען בלייבען אונטער אונזער הערשאַפט.“

אָט דאָס איז געווען דער ערשטער לעסאָן וואָס א יונגע ווייבעל, ערשט צוויי מאָנאַטען נאָך דער חתונה, האָט בעקומען פון עלטערע און מעהר ערפאַהרענע פרויען.

# אַז גאָט העלפט אַן אַרבייטער

אַז גאָט העלפט אַן אַרבייטער, איז — נור לעזט די מעשה וועט איהר שוין וויסען.

מיט אַ האַרץ פול פרײדע איז סעם טאַפּרינסקי געלאָפען אַהיים אָנצוזאָגען זיין ווייב די בשורה, אַז ער האָט בעקומען אַ נייעם דזשאַב מיט פינף דאָלאַר אַ וואָך מעהר.

סעם איז געוועזען אַ צושניידער ביי מענער־קליידער.

און אַזוי ווי ער איז געלאָפען, האָט ער זיך אין מיטען אָבגע־שטעלט, און זיך געפרעגט: למאי לויף איך אַזוי? ער האָט אָנגע־הויבען צו געהן לאַנגזאַמער און טראַכטען ווי אַזוי ער זאָל אָנזאָגען דיעזע בשורה צו דער ווייב.

סעם איז געוועזען אַ שטיקעל לץ און ער האָט ליעב געהאַט דראַ־מאַטישע עפעקטען. אַזאַ זאַך ווי בעקומען אַ נייעם פּלאַץ מיט פינף דאָלאַר אַ וואָך מעהר טרעפט ניט יעדען טאָג, און אַז דאָס האָט שוין יאָ געטראָפען, האָט ער דערפון געוואָלט מאַכען אַ שטי־קעל צימעס. אגב, האָט סעם געהאַט אַן אַלטען חשבון מיט זיין בעקי׳ן. זי, בעקי, פלעגט איהם אימער מאַכען פאַר אַ שלומיאל, פאַר אַ גאָרנישט, וואָס האָט זיך בעגראָבען אויף אימער אין איין פּלאַץ ביי קאָהן דעם שניידער, און וויל קיינמאָל ניט פּרואווען זוכען עפּעס בעסערעס. זי פלעגט איהם אימער מאַכען צו גאָר נישט און זאָגען אַז ער איז גאָר קיין מענש ניט, און נאָך אַזעלכע טענות וואָס זיינען בעקאַנט צו יעדען מאַן וואָס איז געבענשט מיט אַ ווייב.

דאָ איז געוועזען פאַר איהם אַ געלעגענהייט צו צייגען זיין פרוי ווער ער איז! און ער האָט בעשלאָסען די געלעגענהייט אויסצו־ניצען אַלס אַ מאָראַל פאַר זיין פרוי, אַז זי זאָל פאַר איהם האָבען דרך ארץ.

ער האָט זיך צולאַכט איבער דעם געדאַנק, וואָס עס איז איהם איינגעפאַלען. ער וועט אָבטהאָן זיין פרוי אַ גוטען „טריק“ — זי וועט שוין וויסען ווער ער איז.

ער וועט אריינקומען און זאָגען בעקי'ן, אז ער האָט שוין מעהר קיין פּלאַץ ניט, און בעקי וועט דאָך איהם מסתמא נעהמען עסען דעם לעבער, און איהם פירהאַלטען וואָס פאַר א שלים־מזל ער איז, וואָס פאַר אַן אונגליק עס איז צו האָבען אזא מאַן ווי ער איז. ער וועט איהר אַזוי לאָזען טענה'ן ביי א האַלבע שעה, און נאָכדעם וועט ער איהר אויסזאָגען וועגען דעם נייעם פּלאַץ, און אַז אַנשטאָט 18 דאָלאַר א וואָך ביי קאָהן'ען קריגט ער יעצט 23 דאָלאַר ביי אַן אנדערען.

דאַן וועט ער זיך מיט איהר רייצען, און ער וועט האָבען א שטיקעל נקמה.

און ער געהט, און ער לאַכט פון זיין אייגענער המצאה, און מענשען וואָס בעגעגענען איהם אין גאַס מיינען אַז ער איז שכור אָדער משוגע. האָט איהר ווען געזעהן א קלאָרען מענשען געהן אין גאַס און לאַכען צו זיך אַליין?

סעם האָט זיך בערעכענט, אַז ער מוז זיך מאַכען א האַרץ און ניט לאַכען, וואָרום אַז ער וועט אריינגעהן אין הויז און וועט אָנ־הויבען צו לאַכען, וועט ער איבערפיהרען דעם גאַנצען פּלאַן.

ער איז אריינגעקומען אין הויז מיט אַן אַראָבגעלאָזענעם קאָפּ, מיט א פערצוויגענעם פּנים, אַזוי ווי ער האָט אָנצוזאָגען א שלעכטע בשורה. בעקי האָט איהם דערזעהן און אויסגערופען:

„וואָס איז געשעהן?"

„איך האָב פערלאָרען מיין פּלאַץ", האָט ער געזאָגט און אָב־געקעהרט דעם פּנים אָן א זייט, זי זאָל ניט מערקען ווי עס לאַכט זיך איהם.

„געה שוין, געה!" האָט בעקי געזאָגט מיט שפּאָט. „אפילו זאָגען א ליעגען קענסטו אויך ניט. מיינסט איך ווייס ניט? קאָהן איז דאָ געוועזען און איך זאָג דיר, אַז דו בלייבסט ווידער ארבייטען ביי איהם".

„וואָס הייסט איך בלייב ווידער ארבייטער ביי איהם?" האָט סעם געפּרעגט פיהלענדיג ווי עס ציטערט אין איהם יעדער אבר. ער האָט אָנגעהויבען פיהלען זיין קליינליכקייט און זיין שוואַכקייט געגען דעם אייזערנעם ווילען פון זיין פרוי.

„אָט אזוי האָב איך מיט איהם אָבגעמאכט“, האָט בעקי געזאָגט.

„אָבער איך האָב שוין אָנגענומען א נייעם דזשאָב ביי פינ־קעלשטיינען און ער גיט מיר 23 דאָלאר א וואָך“, פערגעסענדיג זיין גאַנצע דיפּלאָמאַטיע.

„און איך האָב אָגעמאכט מיט קאָהן'ען אויף 25“, האָט בעקי געזאָגט מיט א טאָן פון נצחון.

איהרע ווערטער „איך האָב אָבגעמאכט מיט קאָהן'ען“ האָט זי ארויסגעזאָגט מיט אזא טאָן, וואָס האָט געצייגט, אז זי האָט צו זאָגען איבער איהר מאַן און וועגען דעם ביי וועמען ער זאָל אר־בייטען. סעם האָט זיך געפיהלט אזוי ערניעדריגט, אזוי ווי זיין ווייב וואָלט איהם גענומען און פערקויפט, ווי א קעלבעל, אָדער א היהנדעל.

קאָהן, דער רויטער ממזר, האָט געוואוסט וואָס ער האָט צו טהאָן! ער האָט איהם געוויזען אז ער איז גאָר קיין בעל הבית איבער זיך, און אז ער קען איהם צוריק אָבקויפען פון זיין ווייב. ווען קאָהן וואָלט זיך אין דער מינוט בעוויזען פאַר איהם וואָלט סעם אויסגעשניטען א פּאַקעט פון זיין האַלז.

„זעהסטו“, האָט בעקי געזאָגט, „דו מיינסט דאָך אַלץ אז דו ביסט א בריה, און האָסט נאָך מיט מיר געוואָלט אָפּשפּיעלען א טהעאַטער־שטיק. דיין ווייב איז אָבער קליגער פאַר דיר. מענער ריידען זיך איין, אז זיי זיינען די חכמים. א פרוי קען פערקויפען איהר מאַן אין א זאַק אז ער זאָל גאָר ניט וויסען. דו האָסט דאָך געמיינט, אז מאָרגען געהסטו טאַקע ארבייטען ביי פינקעלשטיינען. זאָג איך דיר אז דו ארבייטסט ביי קאָהנען. זאָג, ווער האָט בעסער אויסגעפיהרט די ביזנעס, איך אָדער דו? הא?“

סעם איז ביי זיך געפאַלען נאָך טיעפער. ער האָט גאָר ניט געזאָגט, נור געזעסען שטיל און זיך צוגעקוקט ווי זיין פרוי גרייט צו דעם עסען. ער איז געווען זעהר הונגעריג, און זיך ניט קע־נענדיג דערוואַרטען האָט ער גענומען א שטיק ברויט, אָנגעריבען א קנאָבעל אויף דעם און גענומען עסען.

„פרעס זיך ניט אָן!“ האָט זי א קאָמאַנדעווע געטהאָן. „איך האָב היינט א גוטען בראַטען“.

איין מעלה האָט בעקי געהאַט אַלס פרוי. זי האָט געקענט גוט קאָכען און האָט ליעב געהאַט אַ פולען טיש. זי האָט גע־שטאָפּט איהר מאַן מיט דער זעלבער אויפמערקזאַמקייט, ווי מען שטאָפּט אַן אינדיק אויף פסח. ביים עסען איז זי געווען צו איהם פריינדליכער. זי האָט איהם דערצעהלט, אַז זי האָט בדעה יעצט צו נעהמען אַ בעסערע וואָהנונג. געגוג צו פּלאָגען זיך אין פיער פינסטערע לעכער און צאָהלען אַזאַ געלדערייי — 16 דאָלאַר אַ מאָנאַט. זיי וועלען יעצט נעהמען אַ וואָהנונג אין אַ שעהנעם געגענד, און לעבען אַביסעלע לייטישער.

„דאַכט זיך וואָס פעהלט דאָ?" האָט סעם געזאָגט. „נור אַז דו ווילסט אַזוי, זאָל זיין געזונדערהייט. אַז מופען איז מופען. וואוהין דענקסטו צו מופען?"

„אין בראָנזוויל".

„אַזוי ווייט?"

„נו, וועסטו אויפשטעהן מיט אַ שטונדע פריהער צו דער ארבייט".

געגען בעקי׳ס אוקאַז איז שווער געווען צו טענה׳ן. דאָס איז געווען אַ שווערע וואָך פאַר סעם׳ען. יעדען אָבענד האָט ער געהאַט עפּעס אַן ארבייט אין דער הויז. ער האָט געדאַרפט ארומגעהן זוכען פעסלעך און קעסטלעך און איינפּאַקען אין דעם געשיר, קליי־דער, שמאַטעס, און אַנדערע הויז־ווירטהשאַפט. די פסח׳דיגע כלים האָט מען געפּאַקט צוזאַמען מיט די אונטערוועש, און די חמץ׳דיגע מיט אַלטע שמאַטעס, וועלכע האָבען זיך אָנגעקליבען אונטער דער בעט זייט זייער חתונה, וואָס איז שוין באַלד צוויי יאָהר.

די וואָהנונג אין וועלכע זיי האָבען אריינגעמופט, האָט געהאַט פינף צימערען, אַלע ליכטיגע, אין אַלע פלעגט אריינקומען די זון. נור אַז זיי האָבען שוין אהין אריינגעמופט האָבען זיי זיך געפיהלט פרעמד, ניט ווי ביי זיך אין דער היים. אין זייער פריהערדיגע וואָהנונג, וועלכע איז בעשטאַנען פון פיער קליינע צימערען, דריי פון זיי האַלב־פינסטערע, האָט עס אויסגעזעהן, אַז יעדע זאַך שטעהט אויף אַן אָרט, און אַז זייער וואָהנונג איז פאַלקאָמען אויסגעפּאַר־

נישט. אָבער אין דער נייער דירה האָט אַלעס אויסגעזעהן קליין און אָרים, און די צימערען האָבען אויסגעזעהן ליידיג.

סעם האָט דאָס געפיהלט, אָבער אַז ער האָט געזעהן אַז בעקי שווייגט האָט ער אויך געשוויגען.

אין װאָך אַרום נאָכדעם ווי זיי האָבען אַריינגעמופט אין זייער נייע דירה איז סעם איין מאָל געקומען אַהיים און געפונען די טהיר געשלאָסען. ער האָט די טהיר געעפענט מיט אַן עקסטרא שליסעל וואָס ער האָט ביי זיך געהאַט, און ווי איבערראַשט איז ער געוואָרען ווען ער איז אַריין אין הויז —

נייע מעבעל! נייע טישען און נייע שטוהלען אין קיך און אין עס־צימער. ער האָט פון אָנפאַנג זיך דערשראָקען — געוויס האָט ער געמוזט פערקריכען אין אַ פרעמדער וואָהנונג, אָבער עס זיינען פּאָרט זיינע צימערען, דען ער דערקענט אַ היבשע ביסעל פון זיינע אַלטע מעבעל איבעראַל.

ער האָט זיך ניט געקענט אָפּוואונדערען פון דעם וואָס ער האָט געזעהן. באַלד איז אָנגעקומען בעקי און מיט אַ שטאָלצען שמייכעל אויף די ליפּען האָט זי איהם דערצעהלט, אַז זי האָט געקויפט פאַר 200 דאָלאַר נייע מעבעל אויף קרעדיט, אויסצוצאָהלען זעקס דאָלאַר אַ וואָך.

„זעקס דאָלאַר אַ וואָך!“ האָט סעם אויסגערופען ערשטוינט.

„מיר ווילען אָבער האָבען אַ שעהנע הויז!“ האָט בעקי איהם געטרייסט, „און אַז מיר ווילען אויסצאָהלען, וועט די פּאָרניטשור זיין אונזערע. אַז גאָט האָט אונז געהאָלפען, טאָ וואָרום זאָלען מיר ניט לעבען ווי ביי לייטען?“

סעם האָט ביי זיך אין קאָפּ גענומען מאַכען אַזאַ חשבון: זעקס דאָלאַר אַ וואָך קאָסט איהם די פּאָרניטשור, צוויי דאָלאַר אַ וואָך מעהר קאָסט איהם די נייע וואָהנונג, ביי אַ דאָלאַר מעהר קאָסט איהם קאַר־פעיר; הייסט עס, אַז די זיעבען דאָלאַר אַ וואָך מעהר ווײדזשעס וואָס ער בעקומט יעצט, געהען אַוועק אין ניוועטש, און ער איז נאָך הינטערשטעליג מיט צוויי דאָלאַר אַ וואָך. עס וואָלט זיך שוין בעסער געלוינט צו ארבייטען ווי פריהער פאַר 18 דאָלאַר אַ וואָך, לעבען ווי געווען, און ניט אַריינקריכען אין חובות.

אָבער מיט דעם האָבען זיך נאָך סעם׳ס צרות ניט געענדיגט.

די צרות האָבען זיך ערשט אָנגעפאַנגען. יעדען טאָג פלעגט זיך בעקי אַרומזעהן, אַז עס פעהלט איהר עפּעס אין הויז. צו די נייע מעבעל האָט זי געדאַרפט האָבען נייע פאָרהאַנגען אויף די פענ־סטער, און צווישען דעם פראָנט־צימער און דעם עס־צימער האָט זי געדאַרפט האָבען אַ פאַרטיער, און יעדע וואָך האָט זי זיך מיט עפּעס בענייט אויף אַ דאָלאַר אַ וואָך אויסצוצאָהלען.

און אַז סעם פלעגט בעקומען אַביסעל מוטה און אָנהויבען צו טענה'ן מיט איהר, פלעגט זי זאָגען:

„אַז גאָט העלפט, טאָ וואָרום זאָלען מיר ניט קענען לעבען אַביסעל לייטישער?"

באַלד האָט בעקי אָנגעהויבען פיהלען אַ שטאַרקע ענגשאַפט אין געלד. זי האָט זיך, נאַטירליך, שטאַרק פערשולדיגט ביי די קרעמער. זי האָט אָנגעהויבען צו נעהמען וועניגער, איהר טיש איז געוואָרען מאָגערער פון טאָג צו טאָג, און סעם פלעגט עסען הערינג מיט אַלטע ברויט.

„אַז גאָט העלפט אַן אַרבייטער", פלעגט סעם זאָגען, דאַן איז אָך און וועה צום אַרבייטער!"

# דער צעהנטער צום מנין

.1

אין איינע פון די נומערירטע גאַסען פון האַרלעם, ניט ווייט פון לענאָקס עוועניו, זיינען געשטאַנען איינינע אידען נעבען דעם אַריינגאַנג פון אַ גרויסע הויז. זיי האָבען אַזוי ווי אויף וועמען געוואַרט. יעדען פערבייגעהער האָבען זיי בעטראַכט, נאַכדעם האָבען זיי אַ רייד געטהאָן צווישען זיך אין דער שטיל.

דאָס זיינען געשטאַנען זעכס אידען וואָס האָבען געוואָלט מאַכען אַ מנין, און עס האָט זיי געפעהלט נאָך מיער צום מנין. יענער געגענד איז גראַדע אַ אידישער. אויסער איין קריסט זיינען דאָ ניין מיט דריי פערטעל אידען. און דאָך איז די ארבייט צו קריגען נאָך פיער אידען צו אַ מנין צוגעגאַנגען אַ ביסעל שווערליך.

„אידען זיינען דאָ אָהן עין הרע אַ סך", האָט איינער פון דער גרופּע בעמערקט, אָבער דאַווענען ווילען זיי שוין ניט."

עס איז אָנגעקומען אַ אידישער יונגער מאַן מיט אַ רייזע־זאַק אין האַנד.

„מיסטער, פּליעז," האָט איהם איינער פון דער גרופּע געזוכט אָבצושטעלען. „ווילט איהר אפשר זיין אַזוי גוט און בלייבען דאָ מיט אונז אויף אַ מנין, מנחה דאַווענען? עס איז דאָ אַן אבל."

„איך האָב שוין אָבגעדאַווענט", האָט דער יונגער מאַן געענטפערט. „נאָך מיט זעכצעהן יאָהר צוריק האָב איך אָבגעדאַווענט." און ער האָט זיך אָבגעטראָגען.

די זעכס אידען זיינען געוואָרען אונגעדולדיג.

„דאַכצעך דאָרט געהט אַ איד", האָט איינער פון זיי געזאָגט.

ער איז צוגעגאַנגען צו דעם פערבייגעהענדען. דאָס איז אָבער ניט געווען אַ איד, נור אַ דייטשער דזשעניטאָר. ער האָט נאָך גוט אָנגעזידעלט ווארום מען האָט איהם אָנגענומען פאַר אַ „פערדאַמטען יודען".

א געזונדער, שעהנער יונגער מאַן, נעט געקליידעט, און מיט א גלייכען, פעסטען גאַנג איז דורכגעגאַנגען.

„עס איז א קריסט", האָט איינער פון די זעכס בעמערקט.

„ווער איז א קריסט?" האָט דער נעט געקליידעטער יונגער מאַן געפרעגט אין איינפאַכע אידיש. „איך בין א איד און טראָג אַן ארבע כנפות".

„אויב אזוי, בלייבט דאָ מיט אונז א ווייל׳ע", האָט געזאָגט דער אָנפיהרער פון דעם אונפאָלקאָמענעם מנין. „מיר מאכען א מנין פאר אַן אבל, דאָ אויבען. זעכס זיינען מיר דאָ. איהר וועט זיין א זיעבטער."

„און דער אבל?" האָט געפרעגט דער יונגער מאַן.

„עס איז אַן אלמנה מיט צוויי קליינע יתומים", האָט מען איהם ערקלעהרט.

א ווייל׳ע איז געווען שטיל. עס זיינען דורכגעגאַנגען א פּאָאר פרויען מיט קינדער־וועגעלעך, עטליכע מיידלעך, און א פּאָאר פּאָלק. נאָכדעם איז אָנגעקומען א קליינער אינגעל פון א יאָהר פיערצעהן.

„קום אהער, שעהנער בחור, קענסטו דאַווענען?"

„איך זוך דיזע אדרעסע. איך בין נאָך א גרינער."

דער אינגעל האָט זיי דערלאַנגט א שטיקעל פּאַפּיער, אויף וועל־כען עס איז געווען עפּעס פערשריבען מיט א פּענסיל.

„דאָס איז אויף דעם נעקסטען בלאָק", האָט דער נעט געקליי־דעטער יונגער מאַן געזאָגט.

„איך וועל דיר געבען א קוואָדער דו זאָלסט ביי אונז בלייבען אויף א מנין", האָט געזאָגט אַן אנדערער פון דער גרופּע.

„גוט!" האָט געזאָגט דער אינגעל.

„דאַנקען גאָט", מיר האָבען שוין אכט!" האָט איינער אויס־גערופען מיט שמחה.

צוויי מיטעל־יעהריגע מענשען, קענטיג זעהר גוט אָב, זיינען פערבייגעגאַנגען.

„מיר האָבען קיין צייט", האָבען זיי געענטפערט אויף דער איינ־לאַדונג צום מנין.

א ווייל׳ע האָט עס אויסגעוויזען זעהר טרויעריג.

„זאָל ווער אריבערגעהן אין יענער בעקעריי“, האָט דער נעט געקליידעטער יונגער מאַן געזאָגט.

איינער פון דער גרופּע איז אריבער אויף דער אַנדער זייט, און האָט באַלד זיך צוריקגעקעהרט מיט אַ אידען אָהן אַ ראָק און אָהן אַ קראַגען, מיט דער באָרד און די העט איינגעשטויבט אין מעהל.

„מיר האָבען שוין ניין“, האָט ער געזאָגט.

„אָט געהט אַ צעהנטער“, האָט געזאָגט דער אַנדערער און אָב־שטעלענדיג אַ יונגען מאַן פון אַ יאָהר דרייסיג וואָס איז געגאַנגען אין גאַס און געלעזען אַ אידישע צייטונג, האָט ער צו איהם געזאָגט:

„קומט, מיסטער, צו אַ מנין. איהר זייט גראדע דער צעהנטער.“

„ליידער קען איך ניט“, האָט דער יונגער מאַן געענטפערט. „איך בין אַן אַטהעאיסט. איך גלויב נישט אין דעם.“

„וואָס הייסט איהר גלויבט ניט?“ האָט אויסגערופען דער עלטעסטער פון דער גרופּע, אַ הויכער איד מיט אַ גרויער בערדיל, און מיט זעהר אַ פריינדליכען געזיכט. „מאַכט זיך ניט קינדעריש, יונגער מאַן! איהר קענט זיך זיין וואָס איהר ווילט, אָבער אין קדיש זאָגען גלויבט דאָך די גאַנצע וועלט — אפילו די רעפאָרמער גלויבען אין דעם. קומט, פאָלגט אַן עלטערען.“

דער ניט ווילענדער יונגער מאַן האָט זיך מיט אַ שמייכעל אונ־טערגעגעבען. אַ ברירה האָט ער געהאַט! דער אַלטער איד האָט איהם גענומען אונטערן אָרעם און געפיהרט ארויף די טרעפּ אַזוי ווי מען פיהרט אַ חתן צו דער חופּה. די איבעריגע זיינען נאָכגע־גאַנגען.

„וואָס האָט ער געזאָגט איז ער?“ האָט געפרעגט אין דער שטיל איין איד ביי דעם אַנדערען.

„עפּעס אַן אַטעניסט, איך וויים ניט, איך האָב ניט גוט גע־הערט. וויים איך וואָס דאָס איז! ער וויל סתם ניט דאַוונען — טראַכט ער אויף זיך אוים מי יודע וואָס!“

יעצט, מיינע ליעבע לעזער, לאָמיר לאָזען די אידען געהן דאַוו־נען און מיר וועלען זיך אומעהרען מיט צעהן יאָהר צוריק, איידער דיזע פּאַסירונג איז פאָרגעקומען.

.2

מיט צעהן יאָהר צוריק, אין אַ שעהנעם אבענד איז דאָס געווען, זיינען אין דזשעקסאָן סטריט פּארק געזעסען אַ יונגער מאן מיט אַ יונגע מיידעל און צווישען זיך אזוי גערעדט:

„סאלאָמאָן", האָט געזאָגט די מיידעל, „דו ווייסט דאָך, דאָס אזוי ווי דו זאָגסט, קען ניט זיין. מיינע עלטערען זיינען זעהר אונ־צופריעדען וואָס איך געה ארום מיט דיר."

„אָבער, בעססי, וואָס האָבען דיינע עלטערן צו זאָגען איבער דיר? דו אליין האָסט צו זאָגען איבער דיין אייגענע צוקונפט, אי־בער דיין אייגענער הארץ."

אזוי האָט גע'טענה'עט דער יונגער מאָן.

„זעהסטו, סאלאָמאָן", האָט די מיידעל געענטפערט, „איך האָב זיי געזאָגט, אז איך ליעב דיך, און אז קיין אנדערן וועל איך ניט הייראטהען. און איך וועל האלטען מיין וואָרט, אויב דו וועסט מיט מיר חתונה האָבען אויף אַ אידישען שטייגער, מיט חופּה און קדושין."

„דומהייטען!" האָט דער יונגער מאן געענטפערט. „איך בין אַ פרייידענקער און איך וועל ניט איינגעהן אויף דיזע אלטע בארבאַ־רישע צערעמאָניעס. איך האָב דאָס דיר געזאָגט פיעלע מאָל, און ביי דעם וועל איך בלייבען."

„האָט ביי דיר מיין ליעבע ניט אזוי פיעל ווערטה, דאָס דו זאָלסט פאר דעם עפּעס אָפּפערן דיינע עקשנות? דו ביזט דאָך אַ פריידענקער, ווארום גיבסטו מיר ניט די פרייהייט צו טהאָן אזוי ווי איך פערשטעה?"

„איך קען מיט דיר ניט דעבאַטירען", האָט סאלאָמאָן געזאָגט. „פרויען האָבען אַ קנאַפּען בעגריעף פון לאָגיק. איך וועל פון מיינע איבערצייגונגען ניט אָבשטעהן."

אין דיזען זין האָבען זיי גערעדט אַ לאנגע צייט. ענדליך האָ־בען זיי זיך אויפגעהויבען צו געהן אהיים.

אַ צייט זיינען זיי געגאנגען צוזאמען שטיל, ניט רעדענדיג קיין וואָרט. ווען זיי האָבען זיך געדאַרפט צושיידען, האָט בעססי געזאָגט:

„יעצט מוזען מיר זיך זעגענען אויף אימער, סאלאמאן! עס איז דיין עקשנות, דו קענסט עס נאך העלפען.“

„איך וועל מיין ווארט ניט ענדערן“, האט סאלאמאן געענט־פערט. „איך וויל לעבען לויט מיינע איבערצייגונגען, ווי א פריי־דענקער.“

צעהן יאהר זיינען אריבער זייט דיעזע שיידונג, און זיי האבען זיך מעהר ניט געזעהן. סאלאמאן האט ארויסגעצויגען ווייט פון דעם געגענד, און שפעטער האט ער געהערט אז בעססי האט חתונה געהאט מיט א יונגען ביזנעס־מאן.

.3

יעצט לאמיר נאכגעהן דעם מנין און ארויפגעהן אין דער הויז פון טרויער.

ניין אידען האבען געדאווענט מנחה. דער צעהנטער איז געזעסען שטיל און ניט בעוועגט זיינע ליפען. אין דעם צימער זיינען אויך געווען צוויי אינגלעך, ניין און זיעבען יאהר אלט. דאס זיינען געווען די קדישים.

אין דעם צווייטען צימער זיינען געזעסען אייניגע פרויען, און צווישען זיי די אלמנה אנגעטהאן אין שווארצען. זי איז געזעסען אויף א ליידיגער קעסטעל.

דער „צעהנטער“ וואס האט ניט געדאווענט און וואס האט אפילו זיינע ליפען ניט בעוועגט, האט געהאלטען זיינע בליקען גע־ווענדעט צום צווייטען צימער. דאס געזיכט פון דער אלמנה האט איהם עפעס דערמאהנט. אין דער פינסטערקייט האט ער ניט געקענט זעהן ווער זי איז. נור עפעס איז איהם פארגעקומען בע־קאנט און ער האט געפיהלט, אז איבער זיין הארצען צוגיסען זיך אי הייסע, אי קאלטע בלוטען.

„יתגדל ויתקדש שמיה רבא“... דער הויכער אלטער איד, מיט דער גרויער בערדעל און מיט'ן פריינדליכען געזיכט האט געזאגט דעם קדיש און די צוויי קליינע יתומים האבען איהם נאכגעזאגט.

דער צעהנטער האט געפיהלט, אז די בליקען פון דעם אלטען זיינען געווענדעט צו איהם, און ווען עס איז געקומען צו זאגען

„אָמן", האָט זיך דער צעהנטער ניט איינגעהאַלטען און האָט אויך געזאָגט „אָמן".

און ווען ער האָט געזאָגט דעם לעצטען „אָמן" פון קדיש, האָט ער דערזעהן אז אין טהיר שטעהט די יונגע פרוי אין טרויער־קליי־דער און קוקט אויף איהם. ער האָט זיך דערשראָקען, פערשעהמט, און אַראָבגעלאָזען דעם קאָפּ.

„סאָלאָמאָן!" האָט אויסגערופען די פרוי.

„בעססי!" האָט אויסגערופען דער צעהנטער צום מנין.

# אַרויסגעוואָרפענע געלד

א מעשה פון צוויי יונגע לייט און איין מיידעל.

מאַקס שפּיטץ און לואי גראָס זיינען געוועזן צוויי פריינד, און ביידע זיינען געוועזן בעקאַנט מיט אַ מיידעל וועלכע האָט געהייסען לילי שוואַרץ.

ביידע יונגע לייט האָבען פערדיענט שעהנע געלד, אָבער מאַקס איז געוועזן אַ ספּאָרט, האָט געלעבט זעהר ברייט און פערשווענדעט כמעט זיין גאַנצען פערדיענסט און לואי איז געוועזן אַ קאַרגער, האָט געלעבט זעהר עקאָנאָמיש און געקליבען אַ דאָלאַר צו אַ דאָלאַר. עס פערשטעהט זיך, אַז לילי האָט זיך מעהר אינטערעסירט מיט מאַקס׳ן, דען וועלכע מיידעל האָט דאָס פיינד אַ יונגענמאַן וואָס ברענגט איהר אָפט צוקערווערק, קאָלאָן, אמאָל עטליכע זיידענע טאַשענטיכער און אָפטמאָל נעהמט ער זי אין טהעאַטער און טראַקטירט זי נאָך מיט אַ שעהנעם מאָהלצייט אין גרענד סטריט? מיט לואי׳ן איז זי געוועזן פון וויטען, דען ער פלעגט איהר זעלטען ווען עפּעס ברענגען, און ווען ער פלעגט אמאָל אין אַ נאָווינע געהן אין טהעאַטער, פלעגט ער זי ניט מיטנעהמען. אַלעס וואָס ער פלעגט טהאָן איז, וואָס ער פלעגט איהר דערצעהלען באריכות וואָס ער האָט געזעהן, דעם גאַנצען אינהאַלט פון דער פּיעסע. אמאָל פלעגט לואי אויך וועלען זיין אַ גוטער און ברענגען איהר אַן אָרענדזש, אָדער אַ פינף־סענטיגע קעסטעל פייגען.

אָפטמאָל פלעגט זי פאַר מאַקס׳ן מאַכען חוזק פון לואי׳ן און זיין קאַרגקייט. זי פלעגט אָבלאַכען פון זיין אַלטען הוט, זיין אָבגעריבענעם רעקעל און פון זיינע פּרעזענטען. איינמאָל האָט זי מאַקס׳ן געצייגט אַ ביליגע קעסטעל צוקערווערק וואָס לואי האָט איהר געבראַכט, דאָס איז געוועזן פון יענע קעסטלעך, וואָס קינדער קויפען אין קליינע סטאָרס פאַר אַ פּעני. זי האָט אויסגעשאָטען די צוקערווערק אויפ׳ן טיש און גענומען פאַר איהם אויסלעגען אַ צוקער־מאַלפּע מיט אַן אָבגעבראָכענעם עק און אַ לאָך אין קאָפּ,

א שטיקעל קיי־גומי, א קאָנפעקטעל און א שטיקעל לאַקערעץ, גרויס ווי א כזית.

מאַקס האָט זיך שטאַרק אַמוזירט.

„אָבער אַזעלכע חברה האָבען געלד!" האָט מאַקס אויס־געררופען ניט־ווילענדיג מיט א זיפץ. דערביי האָט ער זיך דערמאָנט אַז ער דאַרף דיזע וואָך בעצאָהלען דעם שניידער דרייסיג דאָלאַר פאַר אַן אויבעררראָק און ער האָט פערשפּראָכען לילי'ן אין אָפּערא הויז. דאָס וועט איהם קאָסטען נאָך א פינף—זעקס דאָלאַר.

„האָט ער פיעל געלד, דער חזיר?" האָט לילי געפרעגט נייגיעריג.

„איך ווייס?" האָט מאַקס געזאָגט פערטראַכט. „איך גלויב אַז ער האָט א דריי אָדער פיער טויזענד דאָלאַר אין באַנק."

„זאָרגט ניט!" האָט לילי לאַכענדיג אויסגערופען „עס וועט נאָך אַמאָל קומען אויף איהם א מפּלה. ער וועט קריגען א ווייב א פערשווענדערין וואָס וועט פון איהם רייסען די הויט פאַסענווייז."

„איך גלויב דאָס ניט," האָט מאַקס געענטפערט, „ער וועט זיך בעסער אויפהענגען איידער געבען א ווייב אַן איבריגען סענט אויף דער הוצאה."

„ער וועט שוין כאַפּען א מפּלה," האָט לילי געזאָגט, „ער זאָל זיך אָנטרעפען עפּעס מיט אַן אַמעריקאַנער מיידעל וועט זי מאַכען א תכלית פון זיין געלד אין א גאַנץ קורצער צייט. ווען איך וואָלט זיך נעהמען צו איהם שטאַרק, וואָלט איך איהם אויסגעטרייסעלט זיין פּאַקעטבוך זעהר שנעל."

„אַנו, לאָמיך זעהן ווי איהר קענט עס טהאָן," האָט מאַקס געזאָגט מיט א טאָן, ווי איינער געהט אויף א וועטע, „איהר וועט פון מיר קריגען דעם בעסטען פּרעזענט."

„אָלל־רייט," האָט לילי געזאָגט צופריעדען.

לילי האָט גענומען מעהר מאַכען פריינדשאַפט מיט לואי'ן זייט יענעם געשפּרעך מיט מאַקס'ן. זי פלעגט מיט איהם פערברענגען לענגער ווי אימער און עמפּפאַנגען זיינע ביליגע פּרעזענטען, זיינע פייגען און זיינע קענדי מיט גרויסע דאַנקען. איינמאָל האָט ער איהר געבראַכט א צעהן־סענטיגע פלעשעלע קאָלאָן.

מאַקס האָט צוגעקוקט דיזע פריינדשאַפט און געלאַכט ביי זיך אין האַרצען.

איינמאָל, ווען לילי איז געווען שטאַרק פעראינטערעסירט מיט לואי'ן, האָט זי איהם גאַנץ נאַאיוו געפרעגט אַ פראַגע:

„איהר זאָלט מיר ענטשולדיגען, מיסטער גראָס, איך וויל אייך פרעגען אַ פערזענליכע פראַגע. איהר זייט דאָך אַ גאַנץ קלוגער יונגערמאַן, עס איז גאַנץ אנגענעהם מיט אייך צו רעדען, אָבער וואָרום זייט איהר אַזוי קאַרג און פערגינט זיך ניט אויס־צוגעבען אַן איבריגען סענט אויף זיך. דענקט איהר דען, אַז דער גאַנצער צוועק פון אַ מענשען איז געלד, געלד און געלד? מען דאַרף דאָך אַמאָל הנאה האָבען פון דער וועלט."

„איהר האָט רעכט," האָט לואי געזאָגט. „איך ליעב די וועלט זעהר און האָב ליעב צו לעבען. אָבער דאָס געלד וואָס איך פער־דיען וויל איך פערלעבען מיט מיין פרוי צוזאַמען ווען איך וועל הייראַטהען וועל איך שוין מעהר ניט זיין קאַרג. יעדער סענט וואָס איך שפּאָר יעצט אָב וועט מיר אַריינברענגען מעהר פערגעניגען ווען איך וועל עס פערלעבען מיט איהר צוזאַמען."

„ווער איז זי? האָט איהר שוין אַ כלה?" האָט לילי געפרעגט מיט אַ שמייכעל.

„דערווייל האָב איך נאָך ניט," האָט לואי געענטפערט, „אָבער עס וועט זיין אַ כלה. עס וועט זיך אַמאָל מאַכען אַ שעהנע, קלוגע מיידעל, וועל איך איהר מאַכען אַ פּאָרשלאַג. איך זוך עפּעס אַ רעכטעס, ניט צופיעל פון דער אַלטער וועלט און ניט צופיעל יענקי, אַ אידישע מיידעל, מיט אַ גוטע האַרץ, אַזוי ווי איהר..."

ביידע זיינען רויט געוואָרען. לילי האָט אַראָבגעלאָזען דעם קאָפּ, און לואי האָט ווייטער גערעדט:

„הערט צו, לילי, איך האָב נאָהענט צו פינף טויזענד דאָלאַר אין באַנק. איך מאַך אַ שעהנעם לעבען, און ווען איהר ווילט מיט מיר הייראַטהען, פערשפּרעך איך אייך, אַז עס וועט אייך ניט פעהלען קיין זאַך. איך בין קאַרג אויף זיך און אויף פרעמדע. ווען איהר ווערט מיינע, וועל איך שוין מעהר ניט זיין קאַרג."

אויף מאָרגען האָט לילי דערצעהלט מאַקס'ן אַז „עס געהט אויף

א לאד", און ער וועט באלד דארפען בעצאהלען די וועטע וואס ער האט פערשפּראָכען.

„איך האב איהם געכאפּט," האט זי געזאָגט, „איך וועל איהם מאכען פאר א לייט. ער איז שוין מיינער!"

„וואס הייסט אייערער?" האט מאקס געפרעגט.

„ער האט מיר געמאכט א פאָרשלאָג מיר זאָלען חתונה האבען, און איך האב איהם אָנגענומען. ער האט מיר פערשפּראָכען גילדערנע בערג."

„און איהר האט איהם אָנגענומען? אויף שפּאס אָדער אין ערנסט?"

„וואס הייסט פאר א שפּאס?" ווי לאנג נאך איז מיר א שיעור צו זיצען און ארבייטען אין פאבריק? לואי האט פינף טויזענד דאָלאר אין באנק. נאך דער חתונה, זאָגט ער, וועט ער שוין ניט זיין קארג. ער וועט מיר קויפען שעהנע קליידער און ציערונג, ער איז א גאָלד" און לילי האט א קוש געטהאָן די שפּיצען פון איהרע פינגער.

מאקס האט עפּעס געוואָלט זאָגען, נור דער האלז איז איהם געוועזען פערלעגט. ער האט א הוסט געטהאָן, זיך געשטארקט און געזאָגט:

„נו, איך ווינש אייך גליק."

אין הארצען האט ער זיך געטראכט: „אזוי פיעל געלד אויס־געגעבען אויף איהר און זי האט חתונה מיט'ן חזיר! אזוי פיעל געלד ארויסגעוואָרפען!"

# ביידע האָבען געוויינט

חתונה האָבען אָדער ניט חתונה האָ־
בען — ווי אַ מענש זאָל טהאָן, וועט
ער אַלץ חרטה האָבען.
(סאָקראטעס).

אַז אַ יונגער מאַן איז פערליעבט דאַכט זיך איהם אַז די גאַנצע וועלט איז זיינע. אַז אַ יונגער מאַן פערליערט זיין ליעבע דאַכט זיך איהם אַז ער האָט פערלוירען די גאַנצע וועלט. אַזוי איז אויך געוועזן מיט בארני בינשטאָק. ער האָט געליעבט אַ מיידעל מיט'ן גאַנצען הארצען, מיט'ן גאַנצען פלאַם פון אַ יונגען מאַן וואָס איז ניט קיין אינגעל און ניט קיין אַלטער בחור — נור אין די רעכטע צייטיגע יאָהרען: זעקס—זיעבען־און־צוואַנציג. כל זמן פלאָרענס דייווים פלעגט צו איהם שמייכלען און איהם שענקען פריינדליכע בליקען, פול מיט וואַרימקייט און צערטליכקייט, האָט באַרני געפיהלט אַז די גאַנצע וועלט איז זיינע, אַז די זון איז בעשאַפען, כדי עס זאָלען זיין שעהנע טעג פאַר איהם מיט איהר צו שפּאַציערען אין גאַס, און די לבנה מיט די שטערען זיינען בעשאַפען געוואָרען פאַר איהם מיט איהר צו בעלייכטען זייער וועג ביי נאַכט, ווען זיי געהען אין פאַרק און פערטרויען זייער גליק צו די שאָטענס פון די בוימער.

אָט אַזוי לעבט אַ פערליעבטער! אָט אַזוי האָבען מיר אַלע געלעבט אַמאָל, ווען מיר זיינען געוועזן יונג.

נור אַז פלאָרענס האָט איהר זיסען שמייכעל מיט איהרע פריינדליכע בליקען אַריבערגעצויגען צו אַן אַנדער יונגענמאַן, אויף פּראָסט אידיש געזאָגט, אַז זי האָט באַרני'ן אומגעביטען אויף אַן אַנדער חתן, האָט באַרני געפיהלט אַ'ז די וועלט איז שוין מעהר ניט זיינע, אַז ער איז מעהר קיין מחותן ניט מיט דער זון, ניט מיט דער לבנה און די שטערען. אַ פרעמדער איז ער, אַן איינגעבעטענער גאַסט אויף דיזען גרויסען ערד־קוגעל. איז ער געגאַנגען אין גאַס,

האָט זיך איהם געדאכט אז מענשען קוקען אויף איהם און וואונדערן זיך: ווי קומט ער אהער? ער איז דאָך א פרעמדער! איז ער געזעסען אין הויז, האָט ער פאַר זיך קיין אָרט ניט געפונען. די ווענד פון זיין אייגענער וואוינונג זיינען איהם פרעמד געווען.

א לאַנגע צייט האָט ער זיך אזוי געפּלאָגט מיט זיינע ביטערע געדאַנקען. „שטאַרקט ווי דער טויט איז די ליעבע", האָט געזאָגט דער פערפאַסער פון שיר השירים. אָבער די אייפערזוכט איז נאָך שטאַרקער, ביטערער, שמערצליכער — עס איז ווי א גיהנם. באַרני איז געוואָרען מעלאַנכאָליש און זיין מעלאַנכאָליע איז געוואָרען אימער שטאַרקער און געפעהרליכער.

און דער סוף איז געווען, אז צוליעב זיין אייגענער זיכערהייט האָבען איהם זיינע משפּחה־לייט אַריינגעגעבען אין א משוגעים־הויז.

אין משוגעים־הויז איז איהם געווען ניט שלעכט. מען האָט איהם געהאַלטען צווישען די „מילדע" און ער האָט געהאַט א געוויסע מאָאס פרייהייט, זיין מעלאַנכאָליע פלעגט איהם אָנכאַפּען נור אין געוויסע צייטען. א דריי—פיער טעג פלעגט ער זיין קלאָר, אזוי ווי אַלע געזונדע מענשען, און נאָכדעם פלעגט ער אריינפאַלען אין א מעלאַנכאָליע וואָס פלעגט אָנהאַלטען א טאָג, אָדער צוויי. אין דער צייט פון דעם אָנפאַל פלעגט מען איהם האַלטען בעזונדער, אונטער א שטרענגע וואך, כדי ער זאָל זיך ניט אָנטהאָן עפּעס א מעשה.

אין זיינע „קלאָרע טעג" פלעגט בינשטאָק נעהמען א גרויסע אינטערעסע אין זיינע שכנים וואָס זיינען געווען מיט איהם אין דעמזעלבען משוגעים־הויז. דאָ זיינען געווען פערשיעדענע מענשען. יעדער מיט א בעזונדער משוגעת וואָס איז איהם געקומען פון א בעזונדער אונגליק. בינשטאָק פלעגט זיך צוקוקען צו זייערע בעוועגונגען און גרימאַסען. ער פלעגט זיך צוהערען צו זייערע מאָנאָלאָגען וואָס זיי פלעגען רעדען פאַר זיך. אָפטמאָל פלעגט ער פערפיהרען מיט איינעם א געשפּרעך, אויספרעגען זיין טראַבעל, און אַריינגעהן אין זיין לאַגע. ער האָט איינגעזעהען אז ניט ער אַליין, נור אַלע משוגעים זיינען געזעלשאַפטליך און ליעבען צו שמועסען.

אָט איז זיך געזעסען אַ מיטעל־יעהריגער מאַן, אבער שוין מיט אַ האַלב־גרוי בערדעל, און האָט כסדר געשריבען מיט אַ בלייפעדער אין אַ ביכעל. קענטיג איז געווען אז ער האָט געמאַכט חשבונות. זיין שרייבען איז געוואָרען האסטיגער און האסטיגער. און פּלוצלונג האָט ער זיך אויפגעהויבען און אָנגעהויבען צו שרייען: „גוואַלד, גזלנים! ווארום צאָהלען זיי ניט? זיי מיינען אז אַ גראָסערי־מאַן איז אַ מיליאָנער. זיי נעהמען אויפ'ן ביכעל, נעהמען און נעהמען, און פון צאָהלען הערט מען ניט און מען זעהט ניט. גוואַלד, איך קען ניט אויסהאַלטען. איך וועל מוזען צומאַכען די גראָסערי, און נאָך פערלירען מיין קרעדיט אויף ווייטער."

„זעהר רעכט אויף איך!" האָט זיך אָבגערופען אַ אַנדער פּאַציענט. „ווער האָט אייך געהייסען געהן אין די גראָסערי ביזנעס? איהר האָט געדאַרפט האַנדלען מיט לאַנד און הייזער, ווי איך. דאָס איז די בעסטע ביזנעס. איך האָב שוין איינמאָל פערמאָגט האַלב ניו יאָרק מיט גאַנץ בראָנזוויל, און האָב שוין געדענקט אָבצוקויפען די אַנדערע העלפט פון ניו יאָרק, איז פּלוצלונג געקומען דער קריזיס, און די ענגשאַפט אין באַארעס געלד האָט צושטערט מיינע פּלענער און מיינע נערווען. איך בין דאָ יעצט אויף וועקיישאָן, און אַז איך וועל ענדיגען מיין וועקיישאָן, וועל איך אָבקויפען די אַנדערע העלפט ניו יאָרק, אפילו מיט דער גרויסער טריניטי קירכע."

„ריעל עסטייט איז אַן דהי באָם!" האָט זיך אָבגערופען אַ דריטער. „די בעסטע ביזנעס וואָס צאָהלט זיך גוט אין אַמעריקא איז פּעטענטס. איך האָב אַ פּעטענט אויף אַ פאונטיין־פּען וואָס שרייבט זעקס שפּראַכען מיט איין מאָל, אַ פּעטענט אויף אַ מזוזה וואָס אז מען גיט זי אַ קוש זאָגט זי: „לאָזט זיך ניט בעטען אַ צווייטען מאָל". און אַ פּעטענט אויף אַ חופּה וואָס מען קען צוזאַמענלעגען און בעהאַלטען אין אַ צילינדער־הוט. פאַר מיינע פּעטענטס פערלאַנג איך ניט מעהר און ניט וועניגער ווי צוויי הונדערט מיליאָן דאָלאַר. ניט אַ דאָלאַר ארונטער!"

„איהר זייט פעררי‌קטע מענשען!" האָט זיך אָבגערופען אַ פיערטער, נאָך גאַר אַ יונגער מאַן, מיט לאַנגע האָאר. „געלד, געלד און געלד! איז דאָס דען דער צוועק פון לעבען? איך וויל רייך

מאכען די וועלט, און ניט זיך. איך וויל די וועלט רייך מאכען מיט פּאָעזיע. איך האָב פערפאסט טויזענד דריי הונדערט און אכט און פופציג פערשיעדענע עפּישע און לירישע געדיכטע, און זיי זיינען אַלע גרויסע קונסטווערק. קיין איינציגע פון זיי איז נאָך געווען געדרוקט. אָבער אמאָל וועט די וועלט איינזעהען, אז איך בין גרעסער פון שעקספּיר און מילטאָן."

„פּאָעזיע איי שוואָץ!" האָט אויסגערופען אַן אנדער יונגערמאַן, קענטיג אַ געוועזענער בארבער. „איך האָב געווידמעט מיין לעבען צו דער ביהנע. איך בין דער גרעסטער אַקטיאָר אין דער וועלט. איך האָב איינמאָל געשפּיעלט אויף אַ פּראָבע אין אַ קאָנצערט האָל אויף פּאָרסייט סטריט, האָבען אַלע אַקטיאָרען פון ניו יאָרק געמאַכט אַ פערשווערונג מיך מעהר ניט צולאָזען צו דער ביהנע. זיי האָבען מורא פאַר מיין קונסט."

בינשטאָק האָט בעמערקט ווי איינער פון זיינע חברים אין דער אבטהיילונג פון די „מילדע" איז די גאַנצע צייט געזעסען און געשריעבען מיט דער לינקער האַנד אויף קליינע גלייך־צושניטענע שטיקלעך פּאַפּיער. דאָס איז געווען אַ פרישער פּאַציענט. בינשטאָק'ן איז ער פּאָרגעקומען בעקאַנט, אבער ער האָט זיך ניט געקענט דערמאָהנען וואו ער האָט איהם געזעהען. דער זכרון איז ביי איהם אין דער לעצטער צייט שטאַרק אָבגעשוואַכט געוואָרען.

ער איז צוגעגאַנגען נעהנטער און זיך נעבען יענעם מאַן אוועק־געזעצט.

ווי נור בינשטאָק האָט זיך נעבען איהם אוועקגעזעצט, האָט יענער אָנגעהויבען צו רעדען:

„איך דאַרף היינט אָנשרייבען אפשר אויף דריי־טויזענד דאָלאַר טשעקס צו צאָהלען פאַר מיין פרוי'ס העטס און קליידער. מיין פרוי איז זעהר מאָדיש, אונטער הונדערט דאָלאַר אַ העט טראָגט זי ניט, און יעדען סיזאָן קויפט זי אַ פינף—זעקס פער־שיעדענע. איהרע קליידער קאָסטען מיך אָב אַן אייגענס, און ווער רעדט שוין פון ציערונג און אַנדערע זאַכען. די רעכטע האַנד איז מיר אין גאַנצען פּאַראַליזירט געוואָרען פון שרייבען טשעקס צו צאָהלען פאַר איהרע לוקסוסען. איהר זעהט? איך שרייב יעצט מיט דער לינקער. מען האָט מיך אבער דאָ אריינגעגעבען, ווייל

מיינע טשעקס קומען צוריק. זיי זאָגען אז איך האָב מעהר קיין געלד. אַליץ איבער פלאָרענס און איהרע גרויסע הוצאות!"

„ווער איז פלאָרענס?" האָט געפרעגט בינשטאָק.

„פלאָרענס, דאָס איז מיין פרוי", האָט געענטפערט דער נייער פאציענט.

בינשטאָק האָט איהם גוט אָנגעקוקט — און דאַן האָט ער איהם דערקענט. דאָס איז געווען דער מאַן, וואָס האָט פון איהם אָבגענומען זיין כלה.

„האָט זי געהייסען פלאָרענס דייווים?"

„יא," האָט געענטפערט דער פרעמדער, „איהר קענט זי דען?"

„איך קען זי גוט," האָט געזאָגט בינשטאָק. „זי איז געווען מיין כלה, און צוליעב דעם וואָס זי האָט מיך אוועקגעוואָרפען, בין איך דאָ אין משוגעים־הויז."

„און איך," האָט געזאָגט דער אַנדערער, „בין אין משוגעים־הויז צוליעב דעם, וואָס איך האָב מיט איהר חתונה געהאַט."

די צוויי געוועזענע קאָנקורענטען האָבען זיך אַרומגענומען און געוויינט הויך אויפ'ן קול ביז א וועכטער האָט זיי צושיידט און אוועקגעפיהרט יעדען אין זיין צימער.

# פון מיסעם צו מיסעם

די גלגולים פון אַ באָרדער.

**אַ קורצע הקדמה: מיט אַ פּאָאר יאָהר צוריק, אין 1908, איז מיר אָנגעקומען אַ פּעקעל כתבים מיט דיזען בריוועלע:**

זעהר געעהרטער ה׳ תשר״ק!

איך שיק אייך מיט די זעלבע פּאָסט מיינע אַ בעשרייבונג וואָס הייסט „פון מיסעם צו מיסעם". אין דעם האָב איך בעשריעבען די פיער־און־פערציג פערשיעדענע באַלעבאָסטעס, ביי וועלכע איך האָב זיך אָבגעמור־טשעט ביז גאָט האָט מיר געהאָלפען איך בין געוואָרען אַ באַלעבעסיל, און בין פון די „מיתות׳ען" ניצול געוואָרען. איך שיק אייך די כתבים אום איהר זאָלט פון זיי קענען עפּעס אַרויסנעהמען און מאַכען אַ ווערק. איך וועל אייך זעהר דאַנקבאַר זיין ווען איהר וועט אָבדרוקען כאָטש אַ צעהנדליג פון זיי. עס ליעגט אין דער נאַטור פון אַ מענשען צו וועלען דערצעהלען זיינע צרות פאַר אַנדערע. און ווען ער קען דיעזע צרות דערצעהלען אין פרויידען איז אודאי גוט. איך גיב איבער מיינע כתבים אין אייערע הענד, אַז איהר זאָלט קענען מאַכען פון זיי וואָס איהר ווילט. מיין נאָמען בעט איך אייך אויסלאָזען.

.1

## די וועגעטאַריאַנער.

איך בין שוין דאַן געוועזן דריי יאָהר אין לאַנד און איך בין אויך אָנגעקומען צו אַ פאַמיליע, וועלכע זיינען געוועזן וועגעטאַריאַ־נער.

צו יענער צייט בין איך געוועזן אַ ביסעל פעראינטערעסירט אין וועגעטאַריאַניזם. אַ ביכעל „לא תרצח" געשריבען אין אידיש פון דעם זעליגען א. ה. פרענקעל האָט אויף מיר געמאַכט אַ שטאַר־קען איינדרוק. איך האָב געוואָלט אויפהערען צו עסען פיש און

פלייש, און זאכען וואָס קומען פון לעבעדיגע בעשעפעניסען, אזוי ווי אייער, מילך און דאָסגלייכען, אָבער ניט האָבענדיג די מעג־ליכקייט צו קריגען אנדערע שפייז, האָב איך געמוזט זיך האַלטען ביי מיינע אַלטע אכילות.

ווען איך האָב געהערט אז עס איז דאָ א וועגעטאַריאַנער פאמי־ליע וואָס האָבען א צימער צו פערמיטהען, האָב איך ניט לאַנג געטראַכט און זיך אריבערגעפעקעלט צו זיי. אַט יעצט, האָב איך זיך געטראַכט, וועל איך אימשטאַנדע זיין צו לעבען לויט מיין אידעאַל, און ניט מעהר עסען „נבלות“ (די וועגעטאַריאַנער רופען „נבלה“ אַלע שפייזען וואָס קומען פון לעבעדיגע זאכען).

די פאַמיליע איז בעשטאַנען פון א יונגע פּאָאר פאָלק בלויז מיט איין קינד, א אינגעלע פון א יאָהר זעקס. דער מאַן און די פרוי זיינען געווען פון איין אויסזעהן. ביידע בלאַסע, מאָגערע מענשען, און זייער בלאַסקייט האָט זיך נאָך שטארקער ארויסגעזעהן צוליעב זייערע קויל־שווארצע האאר. עפעס איז מיר די הויז ניט געפעלען געוואָרען פון אָנפאַנג, ביים ערשטען אָנבליק. צוערשט איז מיר ניט געפעלען געוואָרען א שיסעל מיט קינסטליכע פרוכטען וואָס איז געשטאַנען אין פראָנט צימער. למאי דאַרפען זיי פּאָרצעלייענע אָראַנדזשעס און באַנאַנאַס? האָב איך זיך געפרעגט. אויף א בופעט האָב איך געזעהן נאָכגעמאַכטע כלומרשט געשניצטע גלאָזוואַרג. דער טעפּיך אויפ׳ן פוסבאָדען איז געווען איבערגעדעקט מיט א ליילעך, און איך האָב בעקומען א חשד, אז ניט דערפאַר ווייל זיי ווילען בעשיצען דעם טעפּיך האָבען זיי איהם צוגעדעקט, נור ווייל זיי שעהמען זיך דעם טעפּיך צו צייגען. אויף אַלעם האָט זיך געטראָגען דער שטעמפּעל פון נאָכאהמונג, פעלשונג, פון פערדאַכט, פון מענשען וואָס זוכען צו צייגען זיך אַנדערש וואָס זיי זיינען.

„מיר זיינען וועגעטאַריאַנער נאָך פון קינדרוויז אָן“, האָט די באַלעבאָסטע, מיטעם סימפּאַטישע שמייכעל, געזאָגט. „איהר וועט זעהן, אז וועגעטאַריאַנער שפייזען זיינען די בעסטע, די געזונדסטע און געשמאַקסטע. היינט וועט איהר מיט אונז עסען אַבענד ברויט.“

צום טיש האָט מען דערלאַנגט אפשר פערצעהן פערשיעדענע געריכטען. צוערשט איז געקומען זופּ. די זופּ וועלכע מען האָט סער־ווירט אין טאַסען, אזוי ווי קאַפּע, האָט געהאַט א מאָדנעם טעם.

עס האָט זיך געהערט אין דעם טאָמייטאָס און נאָך עפּעס. דיעזער „נאָך עפּעס" וועלכער איך האָב ניט געוואוסט וואָס דאָס איז, האָט מיר גענודיעט אויפ'ן הארצען.

„דאָס איז זעהר נאַהרהאַפט", האָט געזאָגט די באַלעבאָסטע.

קוים מיט צרות בין איך פערטיג געוואָרען מיט די זופּ. נאָכ־דעם האָבען זיי מיר געגעבען צו עסען ביסקיטס געשמירט מיט פּינאַטס פּוטער. דאָס איז געווען ניט אַזוי שלעכט. עס האָט פער־טריבען דעם טעם פון די זופּ. נאָכדעם האָט מען מיר געגעבען סענד־וויטשעס פון ברויט מיט צוהאַקטע ניסלעך. צום עסען איז דאָס גע־ווען ניט שלעכט, אָבער אַ ריח האָט עס געהאַט ניט קיין אַנגענעה־מען.

„נשקשה, איהר וועט זיך צוגעוועהנען וועט איהר עס גלייכען", האָט געזאָגט די מיסעס, זעהענדיג ווי איך מאַטער זיך מיט'ן סענדוויטש.

איהרע ווערטער האָבען מיר צוגעגעבען מוטה צו עסען די וויי־טערדיגע געריכטען: סאַלאַטע, איינגעמאַכץ, עפּעס אַ קאַשע און נאָך זאַכען.

איך בין אויפגעשטאַנען אַ הונגעריגער. אַ שטונדע שפּעטער האָב איך זיך געמאַכט אַ האַרץ, אַרונטערגעגאַנגען אין גאַס, זיך אַריינגעכאַפּט אין אַ וואורשט־געשעפט און אויפגעגעסען אַ טעלער הייסע וואורשטלעך מיט ברויט און זויערע אוגערקעס.

נאָכדעם ווי איך האָב אופגעגעסען די וואורשטלעך האָב איך בעקומען חרטה. סטייטש! איך האָב ערשט אָנגעהויבען צו געהן אויף אַ ריכטיגען וועג און שוין אַזוי גיך געפּאַלען! שעהם זיך! — האָב איך געזאָגט צו זיך אַליין. — שעהם זיך צו זיין אַזוי שוואַך. האָסט בעדאַרפט קעמפּפען מיט דיין יצר הרע און איהם בייקומען, איידער זיך אונטערצוגעבען און זיך אָנשטאָפּפען מיט וואורשטלעך. אַ גאַנצע נאַכט האָב איך געפיהלט חרטה. און צו דער חרטה האָב איך נאָך בעקומען קרעמפּפען אין מאַגען. אַזעלכע קרעמפּפען בע־קום איך יעדען מאָל, ווען איך כאַפּ אריין עטליכע וואורשטלעך.

עד כאן! — טראַכט איך מיר, און גיב זיך אַליין אַ תקיעת כף. יעצט וועל איך זיין גוט און פרום.

איך האָב געהאַט אַ שווערען קאַמפּף, אָבער איך בין מיין יצר־הרע בייגעקומען. אַ גאַנצען מאָנאַט האָב איך געלעבט אויף וועגעטעריאַנער שפּייז און ניט גענומען אין מויל קיין זאַך, וואָס קומט פון אַ לעבעדיגע בעשעפּענעס. איך בין שוין אַזוי געוואוינט געוואָרען צו מיין נייעם זאָרט לעבען, דאָס איך האָב געמיינט, אַז איך וועל שוין אַזוי אָבלעבען מיין גאַנצען לעבען.

נאָך איין זאַך האָב איך געבענקט און דאָס איז געווען בלויז אַ שטיקעל הערינג. אַ גאַנצען מאָנאַט קיין הערינג ניט פערזוכט!

פּיעלע מאָל פלעגט מיך דער יצר הרע נעהמען צוריידען איך זאָל זיך אריינכאַפּען ערגעץ אין אַ רעסטאָראַן און זיך הייסען געבען אַ „געבראָטענעם ליטוואַק“.

מיט אַ מערקווירדיגע העלדישקייט, וועלכע איך האָב אַליין בעוואונדערט, האָב איך געקעמפּפט געגען דעם יצר הרע, אָבער ענדליך בין איך געפאַלען. דער חשק צו מיין פריהערדיגען בעסטען מאכל האָט זיך אין מיר אַזוי צורייצט, דאָס איך האָב שוין מעהר דעם חשק ניט געקענט בייקומען.

איך האָב בעשלאָסען איינמאָל נאָכצוגעבען מיין יצר הרע, און איך בין ביי זיך געווען זיכער, אַז ווי נור איך וועל איינמאָל שטילען מיין אַפּעטיט, וועל איך נאָכדעם קענען פאָרטזעצען מיין וועגעטעריאַנער אויפפיהרונג אונגעשטערט. איינמאָל זינדיגען און נאָכדעם וועל איך קענען זיין אַ צדיק מיין גאַנצען לעבען.

איך האָב זיך אויסגעזוכט אַ רעסטאָראַן וואָס איז געווען ווייט פון דעם געגענד וואו איך קען זיך טרעפען מיט אַ בעקאַנטען, ווייל צו יענער צייט האָבען שוין אַלע מיינע פריינד געוואוסט, אַז איך בין געוואָרען אַ וועגעטעריאַנער און זיי וואָלטען זיכער פון מיר געלאַכט און זיך מיט מיר גערייצט, ווען זיי וואָלטען מיך געפּאַקט אין רעסטאָראַן עסען „נבלה“.

אַז איך בין אריינגעקומען אין דעם רעסטאָראַן, האָב איך געפיהלט ווי איינער וואָס געהט גנב'ענען צום ערשטען מאָל. דער קעלנער האָט מיך אָנגעקוקט אַזוי ווי מען קוקט אָן אַן אונבעקאַנטען קונד, און מיר האָט זיך געדאַכט, אַז ער ווייס די גאַנצע מעשה וועגען מיר.

„וואָס ווינשען זי?“ האָט ער מיך געפרעגט.

„גיט מיר צוערשט אַ שטיקל הערינג“, האָב איך געענטפערט און גענומען לעזען די שפּייז־קאַרטע.

נאָכדעם ווי איך האָב אויפגעגעסען דעם שטיקל הערינג, האָט די וועלט ביי מיר בעקומען גאָר אַן אַנדער פּנים. עס איז מיר געוואָרען ליכטיגער אין די אויגען, פרעהליכער אויפ׳ן הארצען, און עס האָט זיך מיר געוואָלט אַרומנעהמען די גאַנצע וועלט מיט ליעבשאַפט. וואָס פאַר אַ כשוף עס ליעגט אין אַ שטיקל הערינג!

נעקסט האָט מיר דער קעלנער געבראַכט אַ באָרשץ מיט אַ גרויסען שטיק זופּען־פליייש אין דעם און מיט אַ ביינדעל. איך האָב געכליאָבעט אַזוי שטאַרק, דאָס מענשען האָבען זיך געוואונדערט פון וואַנען עס האָט זיך גענומען אַזאַ הונגעריגער. און פּלוצלונג — וואָס זעהען מיינע אויגען? עטליכע טישען ווייטער איז געזעסען מיין מיסעס און האָט געגריזשעט אַ פאָלקע פון אַ היהנדעל. איך האָב זיך שיער ניט דערוואָרגען פון גרויס איבערראַשונג, ווען איך האָב איהר דערזעהן בייסען און ברעכען אַ ביינדעל וואָס איז אַמאָל געווען די פוס פון אַ לעבעדיגע בעשעפענים, אַ מוטער פון קליינע היהנדעלעך!

עס האָט ניט לאַנג גענומען און זי האָט מיך אויך דערזעהן. זי האָט צו מיר אַ שאָקעל געטהאָן מיט׳ן קאָפּ אַלס גרוס, און זי האָט געשמייכעלט אַזוי קאַלטבלוטיג, אַזוי ווי עס וואָלט גאָרניט געשעהן.

ביים אַרויסגעהן האָט זי זיך אָבגעשטעלט נעבען מיין טיש (איך האָב דאַן געהאַלטען ביי דעם בראָטען) און זי האָט צו מיר געזאָגט:

„אַמאָל אין אַ נאָווינע כאַפּען מיר זיך אַריין אין אַ רעסטאָראַן און פערזוכען אַ שטיקל פליייש. עס גיט צו מעהר קרעפטען אום צו קענען ווייטער לעבען ווי ריכטיגע וועגעטעריאַנער. מיין מאַן זאָגט דאָס זעלבע.“

איך האָב פון דער הויז אַרויסגעצויגען אויף דער אַנדער וואָך. און זייט דאַן איז דער געטשקע „וועגעטעריאַניזם“, אין וועלכען איך האָב געגלויבט, צושמעטערט געוואָרען.

## .2

## די קאָקעטע דאַמע.

זי איז געווען אַן עלטערע פרוי, צווישען פינף און פופציג און זעכציג, און זי פלעגט אימער ערקלעהרען ביי יעדער געלעגענהייט, אַז איהר געהט שוין צו אכט און פערציג. מיט אַ זיפץ פלעגט זי דאָס ארויסזאָגען, און פלעגט שאָקלען מיט'ן קאָפּ דערביי, אַזוי ווי זי וואָלט בעדויערען די יאָהרען וואָס פליהען אַזוי שנעל און ווארטען אויף קיין מענשען.

פון דעם ערשטען טאָג וואָס איך האָב אריינגעצויגען אין איהר וואָוינונג, האָט זי מיר אָנגעהויבען ארויסווייזען גוטסקייט. זי האָט געהאַט פיער ערוואקסענע זיהן, וועלכע האָבען געהאַט אַ טבע אַוועקצוגעהן פון דער היים גלייך נאָך אַבענד־ברויט. איך בין גראַדע פון יענע מענשען, וואָס האָבען ליעב די הויז. מיין גרעסטער פערגניגען אין אבענד איז צו זיצען ביי מיר אין צימער ביי אַ גלאָז טהעע און לעזען אַ צייטונג אָדער אַ בוך. קוים האָב איך זיך דעם ערשטען אבענד אוועקגעזעצט אין מיין צימער, איז די באַלעבאָסטע אריינגעקומען דורך דער אָפענער טיהר מיט א גלאָז טהעע אויף אַ טאַץ, אויף וועלכען עס האָבען זיך געפונען צוקער, מאַלינע־סאָק און אַ פּאָאָר טערטלעך.

„פערזוכט די טערטלעך", האָט זי געזאָגט, „אייגענע געמאַכטע."

איך בין געווען געריהרט פון איהר פריינדליכע בענעהמונג און אין הארצען האָב איך זיך געטראַכט: „הלואי זאָל זי אימער זיין אַזוי גוט." די ערפאהרונג האָט מיך געלעהרענט, אַז „מיסעסען" זיינען נאָר גוט פון אָנפאַנג, ביז זיי ווערען שוין זיכער מיט'ן באָרדער. נאכדעם הערען זיי אויף איהם דערלאַנגען טהעע, זיי הערען אויף מאַכען זיין בעטעל יעדען טאָג, זיי הערען אויף צו רייניג'ען זיין צימער. מיט איין וואָרט: זיי הערען איהם ווי דעם קאָטער.

איך האָב בעמערקט, אַז מיין באַלעבאָסטע האָט אָנגעטהאָן אַן אַנדער יאקעל נאָך אבענד־ברויט, און אַז אויבען איז די קאָפּטע געווען אונטערגעלייגט און די האָריץ איז געווען ביי איהר אַ ביסעל אָפען. זי האָט זיך אַוועקגעזעצט נעבען מיר און מיר אָנגעהויבען צו דערצעהלען אַ ביסעל פון איהר לעבען. זי האָט מיר דערצעהלט,

אז זי האָט אַ מאַן וואָס איז אַוועקגעפאָהרען צוריק נאָך רוסלאַנד, ווייל אַמעריקאַ איז איהם ניט געפעלען. ער איז אַ איד פון דער אַלטער וועלט און גלויבט ניט, אז אין אַמעריקאַ קען מען פיהרען אַ כשר'ען אידישען לעבען.

זי האָט זיך צולאַכט און זיך גענומען וואַרפען אַזוי ווי עס צולאַכט זיך אַ יונגע קאָקעטקע.

„אז איך בין געווען אַ מיידעל", האָט זי מיר דערצעהלט, „בין איך געווען די שעהנסטע אין שטעדטעל. די פּריצים פלעגען פאַר מיר משוגע ווערען. געהמט דער טאַטע און מאַכט מיר חתונה פאַר אַ ישיבה בחור, אַ וואוּיל לעהרנער, אָבער אַ שלים-מזל. איך האָב איהם קיינמאָל ניט ליעב געהאַט, און ער פלעגט פאַר מיר אויך, ווי עס ווייזט אויס, ניט שטאַרק קעהרען. גאַנצענע טעג פלעגט ער אָבזיצען אין שוהל און לעהרנען. איך האָב געפיהרט אַ גרויסע אכסניא. די גרעסטע פריצים פלעגען ביי מיר איינשטעהן, דאָקטוירים, אָפּיציערען, טשינאָווניקעס, רייכע קופּצעס. זיי פלעגען אַלע פאַר מיר די כפרה זיין. זיי פלעגען מיר דערצעהלען אַלע זייערע געשעפטען און סעקרעטען. איינער, אַן אָפּיציער, איז געווען אַזוי פערליעבט אין מיר, דאָס ער פלעגט ווערען אייפערזיכטיג, אז אַן אַנדערער פלעגט מיר אָננעהמען פאַר'ן האַנד. זאָגט, איהר וואָלט דאָס געגלויבט, קוקענדיג אויף מיר יעצט? זעהט, וואָס אכט און פערציג יאָהר קענען מאַכען פון אַ מענשען — לאָזט מיר פעררייכטען אייער שניפּס, עס ליגט ניט גלייך."

זי האָט זיך איינגעבויגען צו מיר און גענומען איבערבינדען מיין שניפּס. פון איהר מויל האָט זיך געטראָגען אַ שאַרפע פּערפומע, אין איהרע באַקען האָט זיך צושפּיעלט אַ רויטקייט. איך האָב געפיהלט, אז איהרע הענד ארבייטען נערוועז און אז דער איבערבינדען פון מיין שניפּס נעהמט צופיעל צייט.

אַ קלאַפּ אין טיהר פון קיך האָט זי ארויסגערופען פון מיין צימער. אַ שכנה איז צו איהר אריינגעקומען ריידען. דערווייל האָב איך זיך בענוצט מיט דער געלעגענהייט און צוגעשפּאַרט די טיהר.

ווען די שכנה איז אַוועק, האָט זי אָנגעקלאַפּט אויף מיין טיהר און געפרעגט אויב איך וויל נאָך טהעע. איך האָב געזאָגט „ניין". זי האָט דאַן געבעטען איך זאָל עפענען די טיהר, ווייל זי וויל צו-

נעהמען דע טאַץ מיט די געשיר. איך האָב ניט געקענט גראָב זיין און האָב געעפּענט.

אַריינקומענדיג האָב איך בעמערקט, אַז איהר קאָפּטע איז גע־וועזען אין גאַנצען אָבגעשפּיעלעט, און איהרע אויגען האָבען עפּעס צו־גערעדט, איינגערעדט, געבעטען. איך האָב איהר ארויסגעצייגט, אַז איך בין ניט אויפגעלעגט צו ריידען, און זי האָט פערלאָזען מיין צימער מיט אַ מאָדנעם זיפץ. אַזוי זיפצען קען נור אַ פרוי.

פון יענעם אבענד אָן און ווייטער האָט זי זיך געצייגט פאַר מיר אין פערשיעדענע חוצפּישע פּאָזעס, און זי פלעגט מיר דערגעהן די יאָהרען מיט איהר איבערטריבענע גוטסקייט. זי האָט מיר אָנגעהויבען צו דערצעהלען פּיקאַנטע מעשה'לעך וואָס זי האָט געהערט פון פּריצים, פון אָפיציערען, און פון קופּצעס, אַלץ וועגען סקאַנדאַלען צווישען מענער און פרויען, סקאַנדאַלען מיט אַ קאָמישע זייט צו דעם. און ווען זי פלעגט דערצעהלען דיזע מעשה'לעך, פלעגען איהרע אויגעלעך זיך אָנצינדען מיט אַ פייערל וואָס פלעגט מיר דערמאָנען דעם גיהנום.

צוויי וואָכען נאָך מיין אָנקומען אין דיזער הויז איז אָנגעקומען נאָך אַ באָרדער. און זייט דיזער באָרדער איז אָנגעקומען האָט מיך די באַלעבאָסטע געלאָזט צורוה. דער אַנדער באָרדער, אַן אַגענט וואָס פלעגט פערקויפען ביכער אויף אויסצאָהלען, איז שוין געווען מעהר אויפמערקזאם צו דער אידענע. דער נייער באָרדער האָט גע־האַט דעם פראָנט־צימער. זי פלעגט דאָרט זיצען מיט איהם יעדען אבענד, ווען איהרע זיהן פלעגען זיך צוגעהן, און איך פלעג הערען פון מיין צימער זייער געלעכטער. קענטיג, אַז דער באָרדער האָט שטאַרק אָנגעקוואָלען פון איהרע מעשה'לעך.

ביסלעכווייז האָב איך אָנגעהויבען צו בעמערקען, אַז איך בין זייביידען ווי אַ דאָרן אין די אויגען. זיי האָבען געקוקט אויף מיר ווי אויף אַן איבריגען מענשען אין הויז. טהעע האָט די באַלע־באָסטע אויפגעהערט צו דערלאַנגען, די בעט האָט זי ניט אָנגעריהרט פון שבת צו שבת. מיין צימער איז געוואָרען שטאַרק פערנאַכלע־סיגט, פול מיט שטויב און שמוץ. ענדע מאָנאַט האָב איך ארויס־געצויגען צו דער צופריעדענהייט פון דער מיסעס און איהר נייעם באָרדער.

.3

## די פערשוואונדערין.

ווען איך דערמאָן זיך אויף דיזער באַלעבאָסטע, רייסט מיך דאָס הארץ אויף איהר. אזא אונגליקליכע פרוי איז דאָס געווען! איהר בלאַסער, אימער פערזאָרגטער פּנים שטעהט מיר נאָך יעצט פאַר די אויגען.

רעקאָמענדירט צו איהר האָט מיך אַ גראָסערי־מאַן'ס פרוי. יעדע שפּייז־קרעמעל איז אַ שטיקעל בערזע פאַר מיסעסען און באָר־דערס. דאַרפט איהר אַ לאָזשי, אָדער דאַרפט איהר אַ באָרדער, פערטרויט זיך אָן דער פרוי פון אייער גראָסערי־מאַן, און זי וועט שוין בעזאָרגען אַ צימער אָדער אַ לאָזשירער אין אַ גאַנץ קורצער צייט.

מיין נייע באַלעבאָסטע איז געווען אַ יונגע ווייבעל, ערשט אַ יאָהר נאָך דער חתונה. איהר מאַן איז געווען אַ דראָמער (קאָמי וואָיאזשׂ) און האָט פערדיענט דרייסיג דאָלער אַ וואָך. איך האָב שפּעטער ערפאהרען, אז ער האָט גאָר ניט געוואָלט אריינגעהמען אַ באָרדער, נור זיין פרוי האָט זיך איינגעשפּארט, אז זי האָט איבריגע צימערען און זי וויל אויסשלאָגען דערפאַר עטליכע דאָלער.

איך האָב בעצאָהלט מיין דירה־געלד פאָראויס, איך טהו אימער אזוי, אפילו דאָרט וואו מען בעט ביי מיר ניט. איך האָב בעמערקט, אז די באַלעבאָסטע איז אימער צוטראָגען, אימער פערזאָרגט, און אַז זי איז ווענינג צו הויז. אָפּטמאָל אז איהר מאַן קומט אהיים, איז זי נאָך ניטאָ. דער מאַן, ווי עס שיינט צו זיין, האָט קיינמאָל געהאַט אַ פערדאכט אויף איהר. ער האָט געוואוסט, אז זי איז ענטוועדער ביי אַ שניידערין, אָדער ערגעץ אין די מאַגאזינען. די ווייבעל איז געווען אַ געפעהרליכע פערשוועדערקע. טאָג־טעגליך פלעגען אָנ־קומען פעקלעך פון פערשיעדענע קלייטען, אַלערליי מציאות. דאָס האָט זי געקויפט אַ הוט, דאָס שטאָף אויף אַ קלייד, דאָס טישטוכער, האַנדטיכער, דאָס אַ נייע שטיקעל מעבעל, דאָס אַ צאַצקע פאַר'ן קאַמין. די הויז איז אימער געווען אָנגעוואָרפען מיט ליידיגע קעסטלעך און שטריקלעך פון די פערשיעדענע פעקלעך. אימער האָט די פרוי געהאַט חשבונות מיט זיך אַליין, מיט'ן מאַן, און אימער האָט איהר אַלץ אויסגעפעהלט געלד.

איינמאָל, דאָס איז שוין געווען אַ וואָך נאָך מיין אָנקומען אין דיזער הויז, האָט מיך די באַלעבאָסטע געפרעגט, אויב איך קען איהר לייהען פינף דאָלער. זי האָט דאָס געבעטען מיט אַזאַ טאָן וואָס האָט מיר פּשוט געשניטען דאָס הארץ הערענדיג.

דעם נעקסטען גמילת חסד וואָס זי האָט ביי מיר געכאַפּט איז געווען פופציג סענט, וואָס האָט איהר אויסגעפּעהלט ווען אַ וואָגען פון אַ גרויסען מאַגאַזין האָט איהר געבראַכט אַ פּאָאָר שיך פאַר פינף דאָלער מיט ניין און זיעבציג סענט. אזוי ווי איך האָב ביי זיך ניט געהאַט אַ האַלבען דאָלער, האָב איך איהר געמוזט געבען אַ גאַנצען.

„אָל ראַיט", האָט זי געזאָגט. „איך וועל ביי אייך נעהמען דעם דאָלער, וועל איך אייך שולדיג זיין זעקס."

דריי טעג שפּעטער האָט זי ביי מיר גענומען נאָך פיער דאָלער אום צו מאכען אַ גלייכען חשבון — צעהן. זי האָט מיר דערביי געגעבען אָנצוהערענס, אַז איהר מאַן דאַרף פון דעם ניט וויסען, און אַז זי וועט דאָס מיר אויסצאָהלען ביסלעכווייז, אָדער זי וועט דאָס מיר אָברעכענען פון מיין לאָזשי און קעסט.

דריי מאָנאַטען צייט בין איך ביי איהר אָבגעווען, און איך בין געווען צופריעדען, טראָטץ דעם וואָס זי איז מיר געווען אַ בעל חוב ביי דרייסיג דאָלער. איהר מאַן איז געווען אַן אינטעליגענטער מענש, און מיט איהר האָט מען אויך געקענט ריידען וועגען אַלעס וואָס קען אינטערעסירען אַ מענשען מיט אינטעליגענץ.

ביי דעם ענדע פון דריטען מאָנאַט האָט זי מיר פערטרויט אַז זי האָט בעשלאָסען אריינצונעהמען אַ צווייטען באָרדער, ווייל דאָס איז דער איינציגער מיטעל דורך וועלכען זי וועט מיר קענען אויסצאָהלען די דרייסיג דאָלער. איך האָב איהר פּרובירט אָברייִדען פון נעהמען אַ צווייטען באָרדער, אָבער זי איז געווען איינגעשפּאַרט און געזאָגט, אַז זי זעהט ניט דעם נוצען פון האַלטען אַ וואוינונג פון זעקס צימערן פאַר דריי מענשען.

„היינט קומט ער", האָט זי צו מיר איינמאָל געזאָגט. „איך וועל אייך בעטען, אַז איהר זאָלט איהם לאָזען היינט שלאָפען מיט אייך אין אייער צימער, ווייל איך האָב נאָך דעם אַנדער שלאָף־צימער ניט אין אָרדנונג. ער איז אַ פיינער יונגער מאַן. איהר וועט איהם גלייכען."

אין אבענד האָבען מיר געוואָרט אויפ'ן באָרדער, אָבער ער איז ניט געקומען.ביז צעהן אוהר בין איך אָבגעזעסען, און זעהענדיג, אז ער קומט ניט, האָב איך זיך געלייגט שלאָפען.

ווי נור איך בין איינגעשלאָפען, האָט מיך איינער אויפגעוועקט, מיך אָנריהרענדיג ביים שולטער.

„זייט אַזוי גוט, גיט זיך אַ רוק אַ ביסעל", האָט געזאָגט דער מאַן. „איך האָב די עהרע זיך פאָרצושטעלען. איך בין דער נייער באָרדער."

די שטימע איז מיר געווען בעקאַנט. איך האָב זיך אויפגע־הויבען, זיך אוועקגעזעצט אין בעט, און האָב פאַר דעם שיין פון די אָנגעצונדענע געז דערזעהן שטעהן פאַר מיר אין אונטערוועש מיין אַלטען בעקאַנטען, דעם באָרדער וואָס האָט מיך ארויסגעשטופּט פון מיין פריהערדיגער וואָינונג, ביי דער אַלטער קאָקעטקע.

„דאָס זייט איהר?" פרעג איך.

„אַך, וואָס פאַר אַ בעגעגענעס!" האָט ער אויסגערופען, געבענ־דיג מיר אַ ווארימען שלום עליכם.

„וואָס מאַכט אייער מיסעס?" פרעג איך איהם.

„פרעגט שוין ניט", האָט ער געענטפערט. „איך בין קוים אַנט־לאָפען פון דער אַלטער מכשפה. זי האָט זיך אין מיר איינגעגעסען ווי אַ פּיאַווקע. אַזעלכע ווייבער זיינען שדים."

פון אויסצאָהלען די דרייסיג דאָלער האָט מיין נייע באַלע־באָסטע גאָר ניט אָנגעהויבען צו דענקען. אָנשטאָט דעם האָט זי ביי מיר געליהען נאָך פינף דאָלער. איך האָב אויף דער ענדע פון דריי־טען מאָנאַט איהר געזאָגט, אז איך מוז ארויסצוהען צוליעב אַ גע־וויסע געשעפטס אורזאַכע. און איך האָב ארויסגעמופּט מיט גרויס מיטלייד אויף דער אונגליקליכער פערשוועגדערין.

.4

## אַ מאַמע מיט טעכטער.

דאָס איז געווען אַ רייכע הויז פון גאַנץ רייכע מענשען. עס האָט מיך פון אָנפאַנג געוואונדערט צו וואָס אַזעלכע מענשען דארפען

האָבען׳ אַ באָרדער, אָבער אין אַ קורצער צייט איז עס מיר קלאָר גע־וואָרען.

די באַלעבאָסטע איז געווען אַן אלמנה מיט צוויי אייגענע טענע־מענט־הייזער וואָס פלעגען איהר אריינברענגען אַ שעהנע הכנסה און מיט פינף טעכטער וואָס פלעגען די שעהנע הכנסה אויסברענגען.

„אַ דאַנק דעם אויבערשטען, מיר נויטיגען זיך ניט חלילה אין אַ באָרדער", האָט די באַלעבאָסטע געזאָגט ביי מיין ערשטען בעזוך, ווען איך בין געקומען זעהן דעם צימער וואָס איז געווען צו פער־מיטהען.

„נישט מעהר", האָט זי ווייטער געזאָגט, „ווייבער אַליין אין אַ הויז איז עפּעס ניט זיכער. אַ מאַנסביל אין הויז איז שוין גאָר אַנ־דערש. עס איז פרעהליכער און זיכערער."

דער צימער וואָס זי האָט מיר אָבגעגעבען, איז מיר זעהר שטאַרק געפעלען געוואָרען. אַ בעט ווייס אזוי ווי שנעע. אַ וואָרדראָבע פאַר קליידער, אַ שיפאָניר פון מאַהאָגאָני האָלץ מיט אַ שעהנעם שפּיעגעל, אַ טישעל מיט אַ שעהנעם לאָמפּ, מיט איין וואָרט: אַלע בעקוועמליכקייטען וואָס אַ יונגער מאַן קען זיך ווינשען. יאָ, איך האָב פערגעסען צו דערמאָנען, אַ לאַנגע פּאָליצע מיט ביכער.

ווען איך האָב שוין אריינגעצויגען מיט אַלעמען האָב איך אין מיין צימער בעמערקט אַ קופערט.

„וועמעס איז דאָס?" האָב איך געפרעגט ביי דער מיסעס.

„אָה", האָט זי ערקלעהרט, „דאָס האָט איבערגעלאָזען דער פריי־הערדיגער באָרדער. ער איז אוועק פון אונז און מיר ווייסען ניט וואוהין ער איז אַהינגעקומען. שוין דריי וואָכען, אז מיר האָבען פון איהם ניט געהערט. עס קען זיין, אז ער איז אָבגעפאָהרען נאָך פילאַ־דעלפיא, ווייל ער קומט פון דאָרט. איך גלויב, אז ער וועט נאָך קו־מען צוריק נאָכ׳ן קופערט אָדער שרייבען מיר וועגען דעם. אויב עס איז אייך אין וועג, וועל איך עס צונעהמען."

„עס מאַכט ניט!" האָב איך זי בערוהיגט. „עס איז מיר גאָר־ניט אין וועג. זאָל עס שטעהן, אָט אָ דאָ", און איך האָב גענומען דעם קופערט און אריינגערוקט צווישען דער בעט און די וואַנד.

איך האָב צוגעבראַכט אַן אנגענעהמען אבענד. די טעכטער פון מיין מיסעס האָבען געהאַט געזעלשאַפט, מען האָט געשפּיעלט פּיאַנאָ

און געזונגען. טהעע, פרוכטען, ניס און אלערליי קוכענס האָט מען ניט געזשאַלעוועט.

איך האָב בעמערקט, אז די עלטסטע טאָכטער ווערט פערנאַכלע־סיגט פון די יונגע לייט, וועלכע האָבען זיך ליעבערשט געשאַרט צו די אינגערע פיער, איבערהויפט צו דער דריטער, וועלכע איז געווען א בילד־שעהנע מיידעל. אויס ריינע מיטלייד האָב איך פערפיהרט א געשפרעך מיט דער עלטסטער, אָבער עס איז געווען מיט איהר אונ־מעגליך לאַנג צו ריידען. זי איז געווען עפּעס א פערשלאָפענע נשמה, האָט נור געקענט זאָגען: „יעס“, „נאָ“, און „איך וויים?“ די ביסעלע נאַטירליכע שעהנהייט וואָס זי האָט פערמאָגט, האָט זי אױ־בערגעפיהרט מיט איהר קאָמישען אַרט קליידונג. קיין זאַך, פון איהר פּאָמפּאַדור, ביז איהר שיך, האָט איהר ניט געפּאַסט. זי האָט געהאט אַן אנבליק פון א כינעזישע פּופּע. און כאָטש זי האָט ווע־ניג גערעדט, האָט זי דעם מויל אימער געהאַלטען אָפען און ארויסגע־וויזען זעכס גאָלדענע צייהן צווישען צוויי רייהען שווארצע.

ווען איך בין אריין אין מיין צימער זיך צו לייגען שלאָפען, זייענען מיינע אויגען וויעדער געפאַלען אויף דעם קופערט וואָס דער פריהערדיגער באָרדער האָט איבערגעלאָזען. איך האָב דעם קופערט גענומען אין האנד און בעטראַכט פון אַלע זייטען. פּלוצלונג האָט מיר אָנגענומען א חשק דאָס צו עפענען. איך האָב געפיהלט, אז עס איז ניט רעכט, אָבער איך האָב ניט געקענט ביישטעהן דעם יצר הרע. איך האָב ארויסגעשלעפּט עטליכע שליסלען פון מיין טאַש און האָב אָנגעהויבען צופּאַסען, אָבער קיין איינציגער פון מיינע שליסלען האָט געפּאַסט. פון פערצווייפלונג האָב איך גענומען רייסען, ציהען, און דער קופערט האָט זיך אליין געעפענט. ער איז גאָר ניט געווען פער־שלאָסען.

און פון אויבען אויף איז געווען א צעטעל אַדרעסירט צו דער באַלעבאָסטע. אָט וואָס אין צעטעל איז געשטאַנען:

„זעהר געעהרטע מאַדאַם!

„דריי וואָכען בין איך געווען העכסט צופריעדען פון מיין וואָוינונג ביז עס איז אייך איינגעפאַלען א פּלאַן מיר חתונה צו מאַכען מיט אייער עלטסטע טאָכטער. יעצט פערשטעה איך

שוין, אז איהר האָט מיך אריינגענומען אלס באָרדער בלויז פאַר דעם צוועק. שכנים האָבען מיר דערצעהלט, אז איך בין שוין דער זעקסטער באָרדער, וועלכען איהר האָט געוואָלט פערדרעהען דעם ספּאָדעק מיט אייער טאָכטער. אזוי ווי איך בין זעהר אַ שרעקעדיגער, דען איך האָב שוין איינמאָל געהאַט אזא צוטשעפּענעס אויף מיין לעבען, האָב איך בעשלאָסען צו פערלאָזען אייך און זיך זעגענען מיט אייך שריפטליך. זייט געזונד, און דער אויבערשטער זאָל צושיקען אייער טאָכטער א ריכטיגען זיווג.

פון מיר אייער באָרדער,

„מאַקס גרין."

„נ. ב. די ביסעל אונטערוועש און די צוויי אויבערהעמדער אין קופערט קענט איהר אוועקגעבען אַן אָרימאַן.

„דער זעלבער."

ווען איך האָב דאָס דורכגעלעזען, האָב איך אָנגעהויבען בעטראַכטען מיין צימער מיט בעדויערען, אזוי ווי איינער וואָס איז געצוואונגען צו פערלאָזען אַ גוטען פּלאַץ געגען זיין ווילען. עס איז גאָר קיין פראַגע געווען דאָס איך דאַרף מופען פון דאַנען. איך טאָר דער פרוי ניט געבען קיין אומזיסטע האָפנונג.

ענדע מאָנאַט האָב איך ארויסגעצויגען. בעפאָר איך בין אוועק האָב איך געעפענט דעם קופערט פון דעם פריהערדיגען באָרדער און צוגעשריבען צו זיין צעטעל דיזע ווערטער:

„מיסעס לעבען! איך בין פאָלשטענדיג איינפערשטאַנדען מיט אייער פריהערדיגען באָרדער."

דעם קופערט האָב איך צוגעריכט אזוי אז די באַלעבאָסטע זאָל מערקען אז ער איז אָן אָפענער. און איך בין זיכער, אז זי האָט דעם צעטעל געפונען און דורכגעלעזען.

(אמר תשר"ק: צווישען דער לעצטער מיסעס און די נעכסטע, וואָס קומט אין 5טען קאַפּיטעל, איז אריבער עטוואָס מעהר ווי אַ יאָהר צייט, אין וועלכע דער באָרדער האָט איבערגעביטען עלף וואָוינונגען. אָבער אַזוי ווי קיינע פון זיי האָט געהאַט עטוואָס בעזאָנדערס וואָס צו כאַאַקטעריזירען, האָב איך זיי אַלע אויסגעלאָזט, און וועל געבען אַ בילד פון דער צוועלפטער, וועלכע האָט אַ שטיקעל שייכות מיט דער באַלעבאָסטע וואָס איז בעשריעבען אין דעם פריהערדיגען קאַפּיטעל „אַ מאַמע מיט טעכטער").

.5

## די שדכן׳טע.

זי איז געווען נאָך אַ גאַנץ יונגע פרוי, ביי 24, ניט מעהר. פינף יאָהר נאָך דער חתונה, און האָט געהאַט בלויז איין קינד.

די הויז איז ניט געווען אַ רייכע, אָבער זעהר אַ ריינע און אַ בע־קוועמע. דאָס מעבעל איז געווען איינפאַך, אָבער מיט געשמאַק.

אָט דאָ, האָב איך מיך געטראַכט, וועל איך געפינען מיין רוהע. אַ ריינע הויז, שטילע מענשען. דער מאַן האָט געארבייט ערגעץ אין אַ גאַלאַנטערע וואארען געשעפט, וועלכער איז געווען אָפען ביז עלף אוהר ביי נאכט. די פרוי האָט זיך אָבגעגעבען מיט הויז־ארבייט און מיט איהר קינד. צייטענווייז פלעגט זי געהן צוגאַסט צו משפחה. דאַן פלעג איך בלייבען איינער אליין, און לעזען אַ בוך, אָדער אַ צייר־טונג אונגעשטערט.

איינמאָל זאָגט צו מיר די באַלעבאָסטע:

„איהר האָט בעדארפט חתונה האָבען. איך זעה אז איהר זיצט אימער צו הויז. אזא מענש ווי איהר וואָס האָט ליעב צו זיצען צו הויז האָט געדארפט האָבען אַן אייגענעם היים“.

דאָס איז געווען איהר ערשטער אריינפאָהר, פינף טעג נאכדעם ווי איך האָב אין איהר הויז זיך אריינגעקליבען.

נאָכדעם האָט זי מיר אָנגעהויבען צו ריידען שדוכים. זי האָט מיר גע׳שדכ׳ענט זעהר שעהנע מיידלעך אָהן געלד, ניש־קשה׳דיגע מיידלעך מיט געלד, אלמנות מיט געשעפטען, וואָס זיינען אמת׳ע שמאַליץ־גריבער, און גרושות מיט אייגענע הייזער. הכלל, איך האָב געזעהען, אז זי איז אַ ריכטיגע שדכן׳טע. די אַלע שדוכים האָבען מיך ניט געקענט צוציהען. איך האָב געהאָפט צו געפינען מיין בע־שערטע אָהן די הילף פון אַ דריטע פערזאָן, און איך האָב דאָס איהר געזאָגט.

„איך בין דען אַ שדכן׳טע וואָס מאכט אַ לעבען פון דעם ?“ האָט די וויבעל גע׳טענה׳ט מיט אַ בעליידיגטען טאָן. „איך טהו עס אזוי, פון פריינדשאַפט וועגען. איך ווייס, אז אזא יונגער מאַן ווי איהר וואָלט געמאכט אַ פרוי גליקליך. וואָס אַרט אייך אז איהר וועט זיך אַמאָל זעהן מיט אַ מיידעל ? איך האָב פאַר אייך איינע,

איז זי אזא גוטע, אזא שטילע — גאָר ניט ווי די אמעריקאַנער מייד־לעך. אָן איבריג וואָרט הערט מען ניט פון איהר, און זי קליידעט זיך אזוי איינפאך, אָהן די צאַצקעס מיט די פּאַטשערקעס, וואָס איהר האָט פיינד. איך האָב שוין אויסגעפונען אייער געשמאַק, איך בין זיכער, אז זי איז געבוירען פאר אייך, אזוי זיכער ווי עס איז יעצט נאַכט."

זי האָט זיך יענעם אבענד אויף מיר אזוי שטאַרק אָנגעזעצט, דאָס איך האָב איהר געמוזט פערשפּרעכען צו זעהן זיך מיט דער מיי־דעל ביי איהר אין הויז. דער פּלאַן איז געוועזן אז זי זאָל די מיידעל איינלאַדען כלומר׳שט צו גאַסט צו איהר, און איך, הייסט עס, זאָל אריינקומען צופעליג, און די באַלעבאָסטע וועט אונז פאָרשטעלען איינע פאר די אנדערע.

איך וועל אייך זאָגען דעם אמת, אז באַלד נאָכדעם האָט מיך פערדראָסען די גאנצע מעשה. איך האָב געוואָלט חרטה האָבען, אָבער די באַלעבאָסטע האָט מיר געזאָגט, אז זי האָט שוין איהר גע־הייסען קומען.

„וואָס הייסט?" פרעג איך. „נאָך איידער איהר האָט בעקו־מען מיין צושטימונג?"

„איך האָב געוואוסט, אז איהר וועט צושטימען", האָט זי גע־זאָגט. „טהוט מיר א טובה, מאכט ניט אָן קיין בזיונות דער מיי־דעל. זי איז א פיין קינד, א יתומה. אויב איהר וועט זי ניט ווע־לען, וועט אייך קיינער ניט צווינגען. וואָס קענט איהר צולייגען, אז איהר וועט זי זעהן?"

א גאַנצע נאַכט בין איך ניט געשלאָפען. די הארץ האָט מיר געזאָגט, אז עס ערוואַרטעט מיך עפּעס ניט אנגענעהמעס, אָדער עפּעס אן אונגליק. נור עס איז שוין פערפאַלען. איך האָב געגעבען מיין וואָרט.

דעם צווייטען אבענד האָב איך זיך אביסעל צוגעפּוצט. וואָרום וועלכער יונגער מאַן וויל דאָס ניט אויסזעהן שעהן, ווען ער וייס, אז א מיידעל וועט איהם קומען זעהן? איך האָב געוואַרט אין מיין צימער, און דעם אמת מוז איך זאָגען אז איך בין געווען א ביסעל אונגעדולדיג. די מיידעל האָט זיך פערשפּעטיגט.

אום האַלב נאָך אַכט, דאָס איז א שטונדע שפּעטער פון דער

בעשטימטער צייט, איז די מיסעם אריינגעקומען צו מיר אין צימער און מיר אָנגעזאָגט די גוטע בשורה:

„זי איז דאָ! קומט אריין אין פראָנט־צימער, אָבער זייט א מענש. סטאַרעט זיך איהר צו געפעלען."

איך האָב א בליק געטהאָן אין שפּיגעל צו זעהן אויב מיין נייער שניפּס איז אויפ'ן אָרט, און דאן בין איך אריין אין פראָנט־צימער, וואו די באַלעבאָסטע האָט מיך פאָרגעשטעלט פאר דער מיידעל.

איך האָב א ציטער געטהאָן מיט'ן גאנצען קערפּער — דאָס איז געווען די מיידעל פון דער רייכער הויז, וואו איך בין געווען א באָר־דער מיט א יאָהר צוריק און פון וואַנען איך האָב זיך אָבגעטראָגען נאכדעם ווי איך האָב ערפאהרען צוליעב וואָס מען האָט מיך אריינ־גענומען.

זי איז געווען צוגעפּוצט ווי א העלדין פון א קאָמעדיע. גרינע פּאַסען, און געלע פּאַסען, און רויטע פּאַסען פון קאָפּ ביז די פּיס. אונטער אַנדערע אומשטענדען וואָלט איך זיך צולאכט אויף איהר קו־קענדיג, אָבער דיזען מאָל איז מיר ניט געווען צום הארצען צו לאַכען. איך בין געזעסען א פּאָאר מינוטען, זיך עטשולדיגט און אוועק פון הויז.

דיזען מאָל האָט מיך די באַלעבאָסטע געמאכט צום ארויסציהען. זי האָט געדענקט, אז איך האָב געהאַנדעלט צו גראָב געגען דער מיי־דעל, ניט ווי א דזשענטעלמאַן. מעגליך אז זי האָט רעכט געהאַט, אָבער איך האָב זיך ניט געקענט העלפען.

6.

## די נאַשערקע.

דריי באָרדערס זיינען מיר געווען ביי דער נאַשערקע, וועלכע איז נאָך געווען א יונגע פרוי פון פינף, זעקס און צוואַנציג יאָהר. און א נאַשערקע איז זי געווען א געפעהרליכע. ביי טאָג און ביי נאכט פלעגט זי שטענדיג האַלטען אין איין קייען: צוקערקעס, קיי־גומי, ניס, שעמעטשקעס, און אז עס פלעגט איהר איבעל ווערען פון דיזע זאכען, פלעגט זי זיך נעהמען צו זויערע אוגערקעס, איינגעזייערטע עפּעל און אמאָל פלעגט זי זויגען א לימאָנע. נאָכדעם אז עס פלעגט איהר

ווערען שטארק זויער אין מויל, פלעגט זי זיך נעהמען צו פערטרייבען די זויערקייט מיט ראזשינקעס, טייטלען, און פלעגט צוריק קומען צו צוקערקעס, קיי־גומי, נים און שעמעטשקעס. ביז עס פלעגט איהר ווידער ווערען נודנע אויפ'ן הארצען און זי פלעגט זיך ווידער נעה־מען צו זויערעס — און אט אזוי פלעגט ביי איהר אוועק דער טאג אין איין קייען, אין איין ארבייטען מיט די צייהנער.

דער „מיסטער", עס הייסט דער מאן פון אונזער באלעבאסטע, האט אימער געהאט צו טהאן מיט איהר, אום צו ברעכען איהר גע־וואוינהייט. ער פלעגט איבערצעהלען יעדען סענט וואס ער פלעגט איהר געבען אויף דער הוצאה אום עס זאל איהר ניט בלייבען צום נאשען. אבער זי פלעגט זיך שוין אן עצה געבען. זי פלעגט קויפען בילינערע פלייש, בילינערע אייער, אבנארען דעם מאן אין מקחים, און עס פלעגט איהר דאך בלייבען געלד צום נאשען.

פון דיזער געוואוינהייט איהרער פלעגען מיר, בארדערס, האבען א סך אויסצושטעהן. דען ביי יעדער געלעגנהייט פלעגט זי שנא־רען ביי אונז מיר זאלען זי טראקטירען. דעם ערשטען אבענד אז מיר זיינען אהין אנגעקומען האט מיר איינער פון די אנדערע צוויי בארדערס געגעבען אנצוהערענעס אז אין דיזער הויז אין א מאדע צו טראקטירען די מיסעס, און אזוי ווי איך בין א נייער בארדער, דארף איך וויסען מיין פפליכט. עס איז געווען זומער און איך האב זיך אנגעבאטען ארונטערצוגעהן קויפען א גאנצע קווארט אייז־קרים, עס זאל זיין גענוג פאר אלעמען.

„לאזט מיך, איך וועל געהן", האט זי געזאגט צו מיר, ווען זי האט געזעהן אז איך וויל ארונטערגעהן. „עס פאסט ניט פאר אייך צו טראגען אייז־קרים אין גאס. איך וועל געהן. עס מאכט ניט, עס איז ביי מיר קיין טרחה. איך דארף סיי ווי סיי ארייננעהן אין גראסערי קויפען הערינג.

איך האב איהר געגעבען א דאלער, און האב מסתמא ערוואר־טעט צו קריגען 60 אדער 65 סענט רעשטע. ווען זי איז צוריק גע־קומען איז זי געווען אנגעלאדען מיט פעקלעך. זי האט געבראכט אייז־קרים, באנאנעס, עפעל, אראנדזשען און נים.

„איך האב אין גראסערי געזעהן אראנדזשען און באנאנאס אזוי בילינ, דאס איך האב זיך ניט געקענט איינהאלטען און אייך

אויסגעבראכט נאָך עטליכע סענט", האָט זי צו מיר געזאָגט מיט אַ גוטמוטהיגען געלעכטער. און וועהרענד זי האָט אויסגעלייגט די פעקלעך אויפ'ן טיש, איז ביי איהר פון ארבעל ארויסגעפאלען אַ פּאַפּירענער זעקעלע מיט צוקערקעס.

רעשטע, ווי עס זעהט אויס, האָט זי ניט בעקומען, און אויב זי האָט בעקומען, האָט זי דאָס פערגעסען מיר אָבצוגעבען.

זי האָט צוערשט דערלאַנגט צום טיש די אייז-קרים, ניט פערגעסענדיג צו געבען אַ ביסעל אין אַ טעצעל איהרע צוויי קינדערלעך. די פרוכטען מיט די ניס האָט זי דערלאַנגט אַלעס אין איין גלעזערנע שיסעל, אָבער איך האָב בעמערקט, אז א היבשען טהייל האָט זי אוועקגעלייגט פאר זיך, מסתמא אויף אַן אנדערם מאָל.

און זייט דאַן פּלעג איך כמעט יעדען אבענד מוזען ביישטייערען צו אַ „סקלאַדקע" און די באַלעבאָסטע פּלעגט ארונטערגעהן קויפען גוטע זאכען צום נאַשען. זי פּלעגט איינפאַך דאָס פאָדערען פון אונז.

„נייש-קשה", פּלעגט זי זאָגען, „איהר מעגט טראַקטירען די מיסעס, אז איהר וועט אלע חתונה האָבען, וועט איהר בייגקען נאָך די גוטע צייטען, ווען איהר זייט געווען ביי אַ מיסעס אויף קעסט."

פון יעדער „סקלאַדקע" פּלעגט זי עפּעס אראָבנעהמען, ענטוועדער עטליכע סענט באַארעס געלד, אָדער אַ ביסעל נאַשערייען, אָדערביידע זאכען צוזאמען.

ביים אריינציהען האָב איך זי געפונען קייענדיג אַ מאַקאַראָני און ביים ארויסציהען האָב איך זי איבערגעלאָזט זויגענדיג אַ לימאָנע.

.7

## די קינסטלער-פּאָאר.

צו דער נעקסטער באַלעבאָסטע האָב איך אריינגעצויגען גאָר אונערוואַרטעט. איך האָב צו יענער צייט געהאַט אַ גוטע, ריינע און בעקוועהמע וואָוינונג אין אַ שעהנעם געגענד. נור דער שלים-מזל האָט מיך איינמאָל אויף אַ קאָנצערט בעקאַנט געמאַכט מיט אַ פּאָאר פּאָלק, וועלכע זיינען געווען צווישען די „סטאַרס" פון דער

פראָגראַמע. זי האָט געזונגען און ער האָט געשפּיעלט אויף דער פּיאַנאָ.

איך האָב זיך פערליעבט אין איהר שטימע. עס האָט מיר גע־צויגען צו הערען ווי זי רעדט. אליין איז זי געווען א גרויסער מהלך פון שעהנהייט. אָבער אז זי האָט געזונגען האָט זי אויסגעזעהן ווי א קעניגין וואָס פּיהלט איהר גרויסקייט, איהר וויכטיגקייט.

אז איך האָב זיך מיט איהר בעקאנט, האָט זיך מיך פאַרגע־שטעלט פאר איהר מאן און ביידע האָבען מיך איינגעלאַדען צו קו־מען צו זיי אויף א בעזוך. זייער וואָוינונג האָט אויף מיר פון אָנ־פאַנג געמאכט א שלעכטען איינדרוק. אלעס איז געווען אין גרויס אונאָרדנונג, קיין זאַך ניט אויפ׳ן ריכטיגען אָרט. האָב איך נור גענומען א בוך אין האנד, האָב איך אויסגעשמירט מיין האנד אין שטויב, האָב איך זיך אוועקגעזעצט, בין איך אויפגעשטאַנען מיט שטויב און פעדערען אויף די קליידער. אָבער די געזעלשאַפט האָט מיך זעהר אינטערעסירט. ביידע זיינען געווען אמת׳ע קינסטלער, און עס איז געווען א פערגניגען צו ריידען מיט זיי.

און דארום ווען די פּאָאר פּאָלק האָבען מיך איינגעלאַדען אריינ־צוציהען צו זיי אין הויז, האָב איך זייער פאָרשלאָג אָנגענומען מיט פרייד. איך האָב זיך קיין גרעסערען פערגניגען ניט געקענט פאָר־שטעלען ווי צו וואָוינען אין דער אטמאָספערע פון קונסט און צו הע־רען דיזע פרוי זינגען נור פאר מיר.

איך האָב פערלאָזען מיין ריינע, ליכטיגע, בעקוועמע וואָוינונג און האָב זיך צופריעדענגעשטעלט מיט א קליינע הארטע בעט אין א וואָוינונג פון דריי צימערען.

אָבער איך האָב זיך געפיהלט ווי אין א גן עדן. יעדען אבענד וואָס די ווירטהין איז געווען פריי האָט זי געזונגען פאר מיר, און נור פאר מיר. מיך האָט אויך ניט געאַארט וואָס איך האָב קיינמאָל ניט געהאַט ביי איהר א ריכטיגען מאָהלצייט. איך פלעג אָפטמאָל נעה־מען די פּאָאר פּאָלק אין א נאָהענטען רעסטאָראַן און טראַקטירען זיי מיט א גוטען מיטאָג. זיי זיינען געווען מיינע קעסטניקעס.

די פרוי׳ס פריינדשאַפט צו מיר איז געוואַקסען ביז צום גראַד פון טיעפסטען צוטרויען, יעדער גראַד אין וועלכען א פרוי עפענט איהר הארץ און צייגט איהר פּעקעל צרות. זי האָט מיר דערצעהלט,

אז זי האָט זעהר אַ שלעכטע מערכה פאַר איהר מאַן, אַז ביידע לע־בען ווי פרעמדע מענשען, און דאָס איינציגע וואָס בינדט זיי צוזאַ־מען איז זייער מוזיקאַלישע פּראָפעסיאָן.

צייטענווייז פלעגט צווישען זיי פאָרקומען קריעג. יענע זאָרט קריעג וואָס מאַכען פערגעסען מענשען העפליכקייט און אַנשטענדיג־קייט. די ערשטע צייט האָבען זיי זיך פאַר מיר אָבגעהיט, אָבער ביסלעכווייז האָבען זיי זיך צו מיר צוגעוואָוינט, און מיין געגענ־וואַרט האָט זיי ניט געשטערט.

מיין סימפּאַטהיע איז געווען מיט דער פרוי. און איך האָב זי געטרייסט מיט די בעסטע ווערטער וואָס איך האָב געקענט.

און איינמאָל איז געקומען די ביטערע ענדע. דער מאַן איהרער איז אַנטלאָפען. זי איז איבערגעבליבען איינע אַליין, אָנגעוואָרפען אויף מיר.

איך האָב זיך געפיהלט אַזוי ווי אין אַ פייער. צו בלייבען וואָוינען מיט אַן עגונה איז אונמעגליך. איך האָב איהר ערקלעהרט אַז איך מוז ארויסציהען.

„איך האָב געמיינט אַז איהר זייט מיין איינציגער פריינד!“ האָט זי אויסגערופען מיט פערדרוס.

און נאָך עד היום קלינגען מיר דיזע ווערטער איהרע אין דער מוזיקאַלישער שטימע ווי זי האָט זיי ארויסגערעדט.

8.

## טשעפּע נישט!

די נעכסטע באַלעבאָסטע, צו וועמען איך האָב אריינגעצויגען, איז געווען אַ מיטעל־יעהריגע, אַ ביסעל איבער 40. זי איז געווען געזונד און שעהן. אַ יונגער מאַן וואָלט זיך נאָך געקענט פערליעבען אין איהר, ווען זי וואָלט ניט געהאַט די שעלכטע געוואָונהייט צו שרייען אויפ'ן מאַן פאַר זייטיגע מענשען אין די אויגען, און איהם אַזוי צו בעליידיגען, אַז עס פלעגט מיר אימער די האַרץ וועה טהאָן אויף איהם.

אין דיעזער הויז בין איך געווען דער איינציגער באָרדער. אויי־סער מיר איז געווען בלויז אַ מיידעל — אַ באָרדערקע.

דער מאַן איז געווען אַ לעמעשקע. ער האָט נור געהאַט איין געדאַנק, איין ווילען, איין שטרעבען אין לעבען, און דאָס איז צו קריגען „לייטזעליגקייט“ אין די אויגען פון זיין פרוי, אז זי זאָל אויף איהם ניט שרייען.

ביי׳ם טיש פלעגט ער קריגען זיין חלק צום לעצטען. אליין האָט ער קיין זאַך ניט געטאָרט נעהמען פון טיש. ווי נור ער פלעגט זיך צו עפּעס צוריהרען, פלעגט די מאַדאַם אויסשרייען: „טשעפּע נישט, עס איז פאַר׳ן באָרדער!“

פלעגט ער נעהמען אין דער פריה אַ ריינעם האַנטוך, פלעגט זי דאָס ביי איהם אוועקנעהמען און זאָגען: „טשעפּע נישט, עס איז פאַר׳ן באָרדער!“

אַמאָל, אז ער פלעגט נעהמען אַן עפּעל, אָדער אַן אָראַנדזש, פלעגט זי אויף איהם אויך שרייען: „טשעפּע נישט, עס איז פאַר׳ן באָרדער!“

איינמאָל אין אַ רעגענדיגען טאָג האָט ער גענומען אַ רעגענשירם אום צו געהן צו דער ארבייט. (ער איז געווען אַ בוכהאַלטער) „טשעפּע ניט דעם רעגענשירם!“ האָט זי געזאָגט. „איך וועל פריהער פרעגען אויב דער באָרדער דאַרף דאָס האָבען“.

גליקליכער־ווייזע האָב איך געהאַט אַן אייגענעם רעגענשירם.

איך וואָלט פון דער הויז גלייך ארויסגעצויגען, אָבער וואָס עס האָט מיך אָבגעהאַלטען אין דיעזער הויז איז טאַקע די באָרדערקע אין וועלכע איך האָב זיך פערליעבט דעם ערשטען מאָמענט וואָס איך האָב זי דערזעהן.

דאָס איז געווען אַ הויכע שלאַנקע ברונעטקע, מיט צוויי לאַבעדיגע אויגען, פון וועלכע עס האָט זיך ארויסגעזעהן גוטסקייט אָהן אַ גרענעץ. זי איז איבערהויפּט געווען פריינדליך צו דעם מיסטער און האָט איהם אָפט פערטהיידיגט געגען זיין פרוי.

די באַלעבאָסטע האָט בעמערקט אז צווישען מיר און דער באָרדערקע ענטוויקעלט זיך אַ ראָמאַן. זי האָט אונז אָנגעהויבען צו געבען קוראַזש צום שידוך מיט פערשיעדענע אָנצוהערעניסען. איינמאָל, צום ביישפּיעל, ווען איך האָב די באָרדערקע מיטגענומען אויף אַ שפּאַציער, האָט זי אונז געזאָגט:

„קינדערלעך, פערגעסט זיך ניט צוריקקומען“.

„וואָס מיינט איהר?" האָט די באָרדערקע געפרעגט.

„איך מיין", האָט די מיסעס געזאָגט אויסציהענדיג איהר מויל מיט א ברייטען שמייכעל. „איך מיין, איהר זאָלט כאָטש געבען בעצייטענס צו ווייסען, איך זאָל קענען קריגען אַנדערע באָרדערס, נור, אפשר וועט איהר באַלד אַליין דאַרפען האָבען באָרדערס?"

איינמאָל איז דער מיסטער קראַנק געוואָרען אויף א שווערען קאַלט. די באָרדערקע האָט איהם פאַר איהם אויפגעקאָכט מילך מיט פייגען און דאָס איהם צוגעטראָגען, זאָגענדיג אַז עס איז א גוטע רפואה...

געריהרט פון איהר גוטסקייט, האָט דער מיסטער זי אָנגענומען פאַר ביידע הענד און איהר געדאַנקט.

אין דעם מאָמענט איז אַריינגעקומען די באַלעבאָסטע, און ווי זי האָט געזעהן אַז איהר מאַן האַלט די באָרדערקע פאַר די הענד, האָט זי אויסגעשריען, שוין אין א שפּאָס:

„טשעפּע ניט, עס איז דעם באָרדער'ס!"

איהר נבואה איז מקוים געוואָרען. יענע באָרדערקע האָט מיך שפּעטער בעפרייט פון דעם גלות, פון דעם וואַנדערען פון מיסעס צו מיסעס.

# א פּיאָנער צווישען צייטונגען

## א וועג־ווייזער און ניט א נאָכשלעפּער

אויב איהר זייט א ליעבהאָבער פון שעהנע ליטעראטור דארפט איהר לעזען דעם "טאָגעבלאט". אין "טאָגעבלאט" געפינט איהר יעדען טאָג די שעהנסטע און די אינטערעסאנטסטע ערצעהלונגען, סקיצען, הומאָרעסקען, פעליעטאָנען און ליעדער. קיין אנדער אידישע צייטונג איז אזוי רייך אין בעלעטריסטיק ווי דאס "טאָגעבלאט".

אויב איהר זייט א איד וואס אינטערעסירט זיך מיט אלעס וואס קומט פאָר אין דער אידישער וועלט, דארפט איהר אודאי לעזען דעם "טאָגעבלאט".

דאס "טאָגעבלאט" איז געווען די ערשטע אידישע צייטונג אין דער וועלט צו ערשיינען טעגליך און איז פערבליבען א פּיאָנער אין אלע איהרע אונטערנעהמונגען.

דאס "טאָגעבלאט" איז געווען די ערשטע אידישע צייטונג אין אמעריקא צו געבען די נייעס פון טאָג אין איין צייט מיט אלע גרויסע ענגלישע צייטונגען, די ערשטע צו ענגאזשירען די גרעסטע אידישע שריפטשטעלער פון אייראפּא צו שרייבען פאר אמעריקאנער לעזער, די ערשטע צו געבען טעגליך ספּעציעלע קייבעל דעפּעשען פון אלע וויכטיגע אידישע פּאסירונגען אין דער גאנצער וועלט, און די ערשטע צו דרוקען

## אן ענגלישע אבטיילונג יעדען טאָג פאר אייערע אמעריקאנער קינדער

די ענגלישע אבטיילונג גיט אייערע קינדער א גוטען בעגריף פון אלעס וואָס קומט פאר מיט אידען אין דער געגענווארט. דורך דיעזער אבטיילונג ווערען זיי אויך בעקאַנט מיט דער אידישער היסטאָריע און מיט אלעס וואָס א אידיש קינד אין אמעריקא דארף וויסען און זיין שטאָלץ אויף דעם.

תשר״ק׳ס בעסטע ערצעהלונגען

IV.

# אויף דער זייט ים

בילדער פון אונזערע געלע און גרינע

פון

ישראל י. זעווין

(תשר״ק, יודקאוויטש)

פערלאג תשר״ק נו יארק

# אינהאַלטס-פּערצייכנים:

## יום־טוב׳דיגע ערצעהלונגען.



## אַ מענשען׳ס מזל.

## אלץ פאַר'ן שטיקעל ברויט.



## דעמענטיא אַמעריקאַנאַ.

# די תורה איז שטאַרקער פון דער יוניאָן

דער גאַנצער סכסוך האָט זיך אָנגעפאַנגען צוליעב נעללי׳ן. נעללי איז געווען אַן איירישע שיקסעל וואָס האָט געאַרבייט ביי מיסטער זעמעלמאַן. זעמעלמאַן איז געווען אַ בעוואוסטער בעקער אין בלעקבערי עוועניו, און בלעקבערי עוועניו איז דער צענטער פון אידישען קוואַרטאַל אין דער שטאָדט דריפּטאַון, וועלכע איז ניט ווייט פון נויאָרק.

איהר פרעגט וואָס איז דער מעהר מיט נעללי׳ן? אַ קוק צו טהאָן אויף איהר איז זי אַזאַ שטילע, רוהיגע בעשעפענים, דאָס זי מאַכט אויף אייך דעם איינדרוק אַז זי וועט אַפילו אַ מאָסקיטאָ ניט טשעפּען. נעללי׳ס מאַמע, וועלכע איז געווען אַן אלמנה, האָט דאָס רוב לעבען איהרען אָבגעוואוינט אין דעם אידישען קוואַרטאַל געטהאָן אַלערליי הויז־אַרבייט. זי האָט זיך געפיהלט זעהר היימ־ליך צווישען די אידישע ווייבער פון דריפּטאַון. מיסעס העננעסי (אַזוי האָט געהייסען נעללי׳ס מוטער) האָט געקענט ריידען אַביסעל אידיש, און שבת נאָכמיטאָג פלעגט מען זי זעהן שטעהן מיט אידישע ווייבער אין גאַס און שמועסען וועגען שטאָדטישע נייעס, וועגען דעם סיום התורה וואָס דאַרף פאָרקומען, און דאָס גלייכען. מיסעס העננעסי פלעגט זיך מאַטערען צו ריידען אידיש אום לייכטער צו מאַכען איהרע געדאַנקען פאַר די אידישע ווייבער, און די ווייבער פלעגען זיך מאַטערען צו ריידען ענגליש כדי לייכטער צו מאַכען פאַר מיסעס העננעסי.

נעללי האָט זיך געפיהלט גאַנץ היימליך אין אידישען קוואַר־טאַל. איהרע חבר׳טעס זיינען אַלע געווען אידישע מיידלעך, אין איהר עלטער, צווישען צוועלף און פערצעהן. ביי די אידישע קינ־דער איז דאָס געווען אַ זכיה וואָס זיי שפּיעלען זיך מיט אַ „קריס־טשען”, דען דאָס איז דאָך ליידער אַזאַ פעהלער אַפילו ביי די ערוואַקסענע. און ביי נעללי׳ן איז עס געווען אַ זכיה דאָס די

קינדער פון יענע עלטערען ביי וועמען איהר מאמע וואשט וועש האלטען זי פאר זייער א גלייכען. און נעללי איז געוואקסען צו־זאמען מיט די אידישע קינדער, און האט זיך אויסגעלערנט זייערע מנהגים, זייערע תנועות, און אפילו דעם ניגון, דעם אידישען נגון, וואס הערט זיך ווען א אידיש קינד רעדט אפילו א שפראך וואס איז ניט זיין מאמע־לשון.

„זי האט עפעס א אידישע נשמה אין זיך".

„זי האט א אידישען אנבליק".

„זי איז גאר ניט עהנליך צו א שיקסעל".

אזעלכע בעמערקונגען פלעגען די ווייבער מאכען וועגען דער קליינער נעללי, די טאכטער פון דער איירישער אלמנה מיסעס הענעסי.

נו, האט עס איינמאל פאסירט, אז מיסעס הענעסי איז גע־קומען צו מיסטער זעמעלמאן, דער לענדלארד, אין וועמעס הויז זי האט געוואהנט, און איהם געבעטען ער זאל צונעהמען ארבייטען נעללי'ן אין זיין בעקעריי. מר. זעמעלמאן האט איהר געהייסען קומען.

אז נעללי איז אנגעקומען ארבייטען האט זי פון אנפאנג ניט געהאט קיין בעשטימטע ארבייט. מיסטער זעמעלמאן האט איהר אמאל געהייסען צעהלען זעמעל, אמאל פאקען ביסקיטס אין קעס־טעלעך, און אמאל פלעגט ער זי שיקען אין קעלער אויסהעלפען ביי באקען זיסע קוכענס. די לעצטע ארבייט איז געווען נעללי'ן שטארק צום הארצען. זי האט ארויסגעוויזען א גרויסען חשק צו מאכען קוכען.

און דא האט זיך אנגעפאנגען דער סכסוך. די אנדערע אר־בייטער האבען געוואלט אז נעללי זאל ווערען א מיטגליעד פון זייער יוניאן, און אויב ניט וועלען זיי מיט איהר ניט ארבייטען.

„וואס יוניאן? ווער יוניאן?" האט אויסגעשריען מיסטער זעמעל־מאן. זי איז דאך גאר א קינד, א בייבי, זי איז אפשר אין גאנצען אלט א יאהר צוועלף!"

„ניין", האט געזאגט דער עלטסטער ארבייטער פון דער בע־קעריי. „נעללי אליין זאגט אז זי איז באלד פופצעהן".

„גרינהארנס וואס איהר זייט!" האט מר. זעמעלמאן אויס־

גערופען. „ווייסט איהר דען נישט אז דאָס האָב איך אליין איהר געהייסען אזוי זאָגען? דאָס איז כדי דער פאבריק־אינספעקטאָר זאָל מיר ניט מאכען קיין שטערונגען. איהר ווייסט דאָך, אז עס איז געגען דאָס געזעץ צו בעשעפטיגען קינדער וואָס זיינען אונטער 14 יאָהר".

די אָרבייטער זיינען פון דיעזער ערקלעהרונג ניט געווען צו־פריעדען. נעללי האָט אויסגעזעהן צו גרויס און צו קלוג פאר א מיידעל פון צוועלף יאָהר. אין אויסזעהן האָט נעללי געמאכט דעם איינדרוק פון א „מיס" וואָס הויבט שוין באלד אָן צו טראכטען וועגען אָנטהאָן א לאנגע קליידעל און וועגען א תכלית. איהרע האָאר האָט זי שוין מעהר ניט געטראָגען אין א צעפעלע, נור איינ־געדרעהט פון הינטען אזוי ווי א קראנץ־קוכען און פון פאָרענט האָט זי געטראָגען א קליינעם פאמפאדור וואָס איז געגאנגען ארויף, אזוי ווי דער וויערך פון א שארלאָט רוס. און א הוט האָט זי געטראָגען א גרויסען, מיט א לאנגען פעדער און מיט פאפיערענע בלומען וואָס פלעגען איהר געבען דעם אנבליק פון א „יאָנג ליידי", א כלה־מויד.

עס איז ביי די אָרבייטער געבליבען, אז דער פּרעזידענט פון זייער יוניאָן זאָל קומען און בעשליסען אויב נעללי דארף ווערען א מיטגליעד פון דער יוניאָן, אָדער ניט.

דעם טאָג וואָס דער פּרעזידענט האָט געדארפט מאכען זיין בעזוך, איז נעללי געקומען אין א קליידעל קירצער ווי אימער. איהרע האָאר האָט זי פון הינטען געלאָזט הייגגען אין א צעפעלע, אין פראָנט האָט זי דעם פאמפאדור אויסגעגלייכט און די האָאר צוטהיילט מיט א „שרונד" אין מיטען. זי האָט געטראָגען זעקעלעך פון א פורפור קאָליר, און האָט געמאכט דעם איינדרוק פון א קליינע מיידעלע. די אָרבייטער האָבען זיך איבערגעוואונקען און גע־שמייכעלט.

„דאָס איז זעמעלמאן'ס קאָפּ", האָבען זיי געזאָגט צווישען זיך. „א קאפּיטאליסט גיט זיך אן עצה".

מען ווייס ניט ווי אזוי דאָס איז געשעהן, אָבער דער פּרעז־זידענט איז דעם טאָג גראדע ניט געקומען. אָנשטאָט איהם איז גאָר געקומען א פאבריק־אינספעקטאָר! און אז דער אינספעקטאָר

האָט געפונען אין דער בעקעריי אַ קליינע מיידעלע מיט אַ צעפּעלע און אין זעקעלעך אַרבייטען האָט ער געגומען מאַכען גוואַלדען. מיסטער זעמעלמאַן האָט מיט איהם גע'טענה'ט אַז די שיקסעל איז אַלט פופצעהן יאָהר. „ווי אַזוי?" האָט דער אינספּעקטאָר גע־פרעגט. „זי זעהט דאָך אויס ניט מעהר ווי אַ קינד. זי דאַרף זיך שפּיעלען מיט אַ פּופּע, אָבער ניט אַרבייטען אין אַ קעלער!"

מיסטער זעמעלמאַן האָט דעם אינספּעקטאָר אָבגערופען אָן אַ זייט און איהם גענומען בערוהיגען. ער האָט דעם אינספּעקטאָר פערשפּראָכען אין אַ פּאָאָר טעג צייט צו ברייגגען אַ צייגניס פון די מעטריקעס פון סאַניטעטס־ראַטה, אַז נעללי דאַרף באַלד ווערען פופצעהן יאָהר אַלט. דער אינספּעקטאָר איז אַרויס אַ ביסעל בערוהיגט.

אַ וואָך איז אַריבער און דאַן איז דער פּרעזידענט פון דער יוניאָן געקומען. און אַז ער איז אַריין איז נעללי שוין געווען צוריק אין איהר לענגערער קליידעל, און די צעפּ איינגעקניפּעלט אין אַ קראַנץ קוכען און מיט אַ פּאָמפּאַדור, ווי אַ „יאָנג ליידי". דער־פּרעזידענט האָט געוואָרענט מיסטער זעמעלמאַן, אַז אויב ער וועט ניט לאָזען נעללי'ן זיך איינשליסען אין דער יוניאָן און איהר צאָה־לען אַ ריכטיגע יוניאָן געהאַלט, וועט ער מוזען ערקלעהרען אַ סטרייק.

„זי איז דאָך אָבער נאָך אַ קליין קינד!" האָט גע'טענה'ט מיס־טער זעמעלמאַן. „איהר דאַרפט ניט קוקען אויף איהר גאַנג. אַלע קליינע מיידלעך האָבען ליעב זיך צו קליידען אַזוי ווי גרויסע. זיי האָבען קיין צייט ניט צו וואַרטען."

„סטייטש!" האָט צוריק געטענה'ט דער פּרעזידענט. „איהר האָט דאָך דעם אינספּעקטאָר צוגעשטעלט אַ דאָקומענט, אַז די שיקסעל איז שוין ביי 15 יאָהר אַלט."

„אַה, וואָס רעדט איהר!" האָט מיסטער זעמעלמאַן גע־טענה'ט. „דעם דאָקומענט האָב איך געקראָגען. איך האָב זיי דאָרט אַ ביסעל אונטערגעשמירט. איך קען אייך אפילו קריגען אַ דאָקומענט, אַז זי איז 60 יאָהר אַלט און אַז זי האָט שוין אייניקלאָך. אַ בעטרעף האָט עס אַ דאָקומענט! איהר זייט דאָך ניט קיין גרי־

נער אין אמעריקא. איהר ווייסט דאָך, אז דיזע פּאַפּיערען קען מען קריגען אויפ'ן פונט."

דער פּרעזידענט איז אַוועק, זאָגענדיג אז ער וועט די זאך ראַפּאָרטען צו דער יוניאָן, און די יוניאָן וועט בעשליסען וואָס צו טהאָן.

א ספּעציעלער מיטינג איז אָבגעהאַלטען געוואָרען נאָך אין יענעם אבענד. א סך פון די ארבייטער זיינען געווען דאפיר, אז מען זאָל ערקלעהרען א סטרייק, אָבער די ארבייטער וואָס האָבען געארבייט ביי מיסטער זעמעלמאַן האָבען ערקלעהרט אז עס איז זיי אונמעגליך יעצט אָנצופאַנגען א סטרייק. עס געהט צו פּסח, זיי דארפען האָבען א סך אויף אזא גרויסען יום טוב, און זיי קענען ניט בעהויפּטען אַוועקצוגעהן יעצט פון דער ארבייט.

די ארבייטער האָבען איינגעזעהן אז מיט בייזען וועלען זיי דאָ גאָר־נישט אויספיהרען, האָבען זיי גענומען טראַכטען וואָס מען טהוט מיט גוטען.

אין דריפּטאָון איז דאָ א רב וואָס האָט א נאָמען פאַר אַן ארבייטער פריינד. צו איהם האָבען זיך די ארבייטער געווענדעט ער זאָל זעהן ווירקען אויף מיסטער זעמעלמאַן אז ער זאָל נאָכקומען די פאָדערונגען פון דער יוניאָן.

דער רב האָט פערשפּראָכען איבערצורייזען מיט מיסטער זעמעלמאַן, אָבער עס איז געווען אומזאָנסט. דער בעקער איז געווען הארטנעקיג. ער האָט דעם רב געזאָגט ריין און דייטליך, אז זיין ארבייט איז צו פּסק'ענען שאלות וועגען א נאָדעל אין א פּופּיק און דאָס גלייכען, אָבער ניט מישען זיך אין ארבייטער־פראַגען. דער רב האָט זיך אָבגעטראָגען א פערשעהמטער.

„איך וועל זיך נאָך אָברעכענען מיט דעם אַלטען בטלן!" האָט געזאָגט מיסטער זעמעלמאַן, אז דער רב איז אַוועקגעגאַנגען. „איך וועל איהם מעהר קיין טובות ניט טהאָן. מיין חמץ וועל איך פערקויפען צו נעללי'ן. איך קען דאָס אליין פערקויפען און איך וועל ניט דארפען געבען דעם בטלן א פּאָאַר דאָלער."

און מיסטער זעמעלמאַן האָט יענעם יאָהר דעם רב ניט געגעבען צו לייזען פאר מכירת חמץ.

* * *

ערב פסח, שפּעט נאָכמיטאָג, ווען מיסטער זעמעלמאַן איז זיך געזעסן אין זיין וואָהנונג איבער דער בעקעריי, איז אריינגעקומען דער שמש און געזאָגט:

„מיסטער זעמעלמאַן! דער רב רופט אייך.“

„וואָס הייסט ער רופט מיך? וואָס פאַר א בעל הבית איז ער אויף מיר?“ האָט מיסטער זעמעלמאַן געפרעגט מיט א בעליידיג־טען טאָן.

„דער רב זאָגט איהר זאָלט גלייך קומען. עס איז אייך נוגע אין ביזנעס.“

„זאָגט דעם רב אז מיינע ביזנעס וועל איך אליין בעזאָרגען, און ער זאָל זאָרגען בלויז פאַר זיינע. איך וועל ניט געהן!“ אָט דאָס איז געווען מיסטער זעמעלמאַן'ס לעצטע תשובה.

דער שמש האָט א קוועטש געטהאָן מיט די פּלייצעס און איז אוועק.

מיסטער זעמעלמאַן האָט זיך אָנגעטהאָן יום טוב'דיג און איז אוועק אין שוהל צו מעריב. ער האָט ביי זיך אָבגעמאַכט א בע־שלום אז ער זאָל דעם רב קיין גוט יום טוב ניט זאָגען, און זיך מאַ־כען אַזוי ווי ער זעהט איהם ניט, כאָטש זיין אָרט איז געווען זעהר נאָהענט צום רב'ס.

אָבער נאָך מעריב האָט איהם דער רב געמאַכט אַן איבעררא־שונג. צוגעהענדיג צו מיסטער זעמעלמאַן, האָט דער רב געזאָגט:

„גוט יום טוב!“

מיסטער זעמעלמאַן האָט זיך פערלאָרען פון דער אונערוואַר־טעטער פּאַסירונג און ער האָט געענטפערט: „גוט יום טוב!“

„מיסטער זעמעלמאַן!“ האָט דער רב געזאָגט. „איך האָב היינט נאָך אייך געשיקט דעם שמש, אָבער איהר זייט ניט געקו־מען. איך האָב אייך געוואָלט בלויז זאָגען, דאָס אַזוי ווי איהר האָט פערקויפט אייער חמץ צו דער שיקסע וואָס ארבייט ביי אייך, און אַזוי ווי די שיקסע איז נאָך ניט קיין בוגרת, דען זי איז בלויז צוועלף יאָהר אַלט, ווי איהר האָט אַליין געזאָגט אייערע ארבייטער, בכן מוז איך אייך זאָגען אז די מכירה איז בטל און אז דער חמץ איז אסור בהנאה. איהר מוזט עס אַלעס פערברענען.“

ווערענד דער רב האָט אַזוי גערעדט, האָט זיך אַרומגעקליבען אַ היבשער עולם. מיסטער זעמעלמאַן האָט געפיהלט אזוי ווי די פּיס וואָלטען איהם אונטערגעהאקט געוואָרען. ער האָט זיך דערמאָהנט אַז אין זיין בעקעריי געפינט זיך אַ היבשער ביסעל חמץ, זעק מיט מעהל און חמץ'דיגע כלים וואָס זיינען ווערטה שעהנע עטליכע הונדערט דאָלאַר.

"רבי!" האָט ער אויסגערופען מיט אַ ציטריגע שטימע. „די שיקסעל איז שוין פופצעהן יאָהר אַלט. איך קען אייך ציינען אַ מעטריקע."

„איהר האָט דאָך אָבער געזאָגט דעם פּרעזידענט פון דער בעקער יוניאָן, אַז די מעטריקע איז אַ שווינדעל, אַז איהר האָט עס געקראָגען פאַר געלד."

„רבי!" האָט מיסטער זעמעלמאַן גע'טענה'ט. „איך האָב געמוזט אַזוי זאָגען דעם פּרעזידענט פון דער יוניאָן. איך קען אייך שווערען אַז איך האָב ניט געגעבען קיין געלד. דער דאָקומענט איז אַ ריכטיגער. די מיידעל איז שוין איבער 14. זי ווערט באַלד 15."

„אויב אַזוי", האָט זיך אריינגעמישט אַ בעקער־ארבייטער וואָס איז געשטאַנען צווישען דעם עולם. „זאָל די שיקסעל ווערען אַ מיטגליעד פון אונזער יוניאָן."

„דאַט'ס ראַיט!" האָבען אויסגעשריען אַנדערע ארבייטער.

„רבי!" האָט געזאָגט מיסטער זעליגמאַן. „איך זעה, אַז די ארבייטער האָבען רעכט און איך זאָג אייך אַז די תורה איז שטאַרקער פון דער יוניאָן. וואָס דער פאַבריק־אינספּעקטאָר האָט ניט געקאָנט אויספיהרען דורכ'ן געזעץ און וואָס די יוניאָן האָט ניט געקענט אויספיהרען מיט איהר קאָנסטיטושען, האָט אויסגעפיהרט אונזער תורה."

# א סדר אין אַן אימיגראַנטען־האטעל

יעדען מאָל וואָס איך קוק ארויס פון פענסטער זיצענדיג ביי מיין שרייב־טיש אין רעדאַקציאָן פון „טאָגעבלאַט“, אויף דעם קליי־נעם פּאַרק אַנטקעגען, גיב איך ניט ווילענדיג אַ זיפץ. איך דער־מאָן זיך, אז דער פּארק האָט אָבגעווישט פון ערד־קוגעל אַ גאַנצע שטעדטעלע, אַ גאַנץ בעזונדער וועלטעלע, מיט איהר בע־זונדערען ארט לעבען און מיט איהר בעזונדער קאָליער. דיזע גרויסע וועלט איז רייך געננג אין קליינע וועלטעלעך, ווערט אָבער אַ וועלטעלע פערשוואונדען דאַן פעהלט זי, דאַן קען קיין אַנדערע איהר פּלאַץ ניט פערנעהמען.

יענע וועלטעלע, האָט געהאַט איהר בעזונדער האַראַקטער שוין צוליעב איהר אויסערליכע פאָרם אַליין. עס איז געווען אַ גרויסער דריי־עקיגער בלאָק, מיט ניעדריגע, אַלט־מאָדישע טענעמענט־הייזער. אין איינער פון דיזע הייזער איז געווען אַ „האָטעל באָרדינג הויז“, פאַר אימיגראַנטען, און אין דיזער באָרדינג־הויז האָב איך אָבגע־ריכט מיין ערשטען סדר אין אַמעריקאַ. דאָס איז געווען אין 1889.

די אייגענטהימער פון דיזער באָרדינג הויז זיינען געווען אַן על־טערע פּאָאר פּאָלק. קיין קינדער האָבען זיי ניט געהאַט. איהם פלעגען מיר רופען „דער מיסטער“ און איהר „די מיסעס“. זי, די מיסעס, איז געווען דער ריכטיגער בעל הבית פון דעם געשעפט. איהר מאַן האָט זי גערעכענט פאַר אַן אומזיסטען עסער, וואָס לא די וואָס ער ברענגט קיין נוצען פאַר'ן געשעפט, מאַכט ער נאָך פיעל שאדען מיט דעם וואָס ער וויים ניט ווי צו פיהרען זיך מיט מענשען. אזוי פלעגט די מיסעס טענה'ן. דער מיסטער איז געווען אַ בייזער, אַ מענש, וואָס פלעגט זוכען „פּריטשעפּקעס“, צו פערפיהרען קריעג מיט די קעסטניקעס און מיט די אויסזייטיגע קונדען וואָס פלעגען קומען פּאַטראָנייזען דעם רעסטאָראַן, וועלכער איז געווען פערבונ־דען מיט דיזען באָרדינג הויז. דעם מיסטער'ס גליק איז געווען וואָס מען האָט איהם געהאַלטען פאַר א ביסעל אַ משוגענעם, און אָנ־

שטאָט צו געפינען זיך בעליידיגט פון איהם, פלעגען די קונדען אויס־ הערען פון איהם אַלערליי זידלערייען און נאָך לאַכען דערביי.

צווישען די באָרדערס איז געווען איינער, וועלכען דער מיס־ טער האָט שטאַרק פיינד געהאַט. דער באָרדער האָט געהייסען מאַקס דער ביגלער און איז געווען אַ פרעהליכער, אַ לעבעדיגער יונג. אימער האָט ער דערצעהלט פרעהליכע מעשה'לעך, אימער האָט ער געזונגען. זיין מויל האָט זיך ניט צוגעמאַכט אויף אַ מינוט. ער איז געווען איינער פון יענע ליכטיגע נאַטורען וואָס דער לעבען איז ביי זיי אַ טענציל. קיינמאָל וועל איך ניט פערגעסען דיזען מאַקסען, וועלכער איז געווען אַ טרייסט פאַר מיר און פאַר די אַנ־ דערע באָרדער אין דיזען הויז, אין אונזער ערשטען יאָהר, אונזער ערשטען קאַמפּף פאַר אַ שטיקעל עקזיסטענץ אין אַמעריקאַ. יעדען אָבענד פלעגט ער זיך אָוועקזעצען אין דעם רעסטאָראַן, אָהן אַ ראָק, און צווישען איין גלאָז טהעע און די אַנדערע פלעגט ער אונז זינגען און פרעהליך מאַכען, און עס פלעגען פערשווינדען אַלע דאגות, אַלע הארצוועהטאָגען, אַלע בענקעניסען, און אַלע יסורים.

אַ פּאָאַר וואָכען פאַר פסח איז אין דער באָרדינג הויז אָנגעקו־ מען אַ „גרינע“ פּאָאַר, אַ ברודער מיט אַ שוועסטער. דער ברודער האָט זיך אויסגעזוכט ארבייט ביי העמדען. די מיידעל האָט אויך געזאָלט אָוועקגעהן ערגעץ אַרבייטען, אָבער די באַלעבאָסטע האָט זי איינגעבעטען צו ארבייטען דערווייל ביי איהר אין באָרדינג־הויז, אויסהעלפען איהר איבער די פּסח'דיגע וואָך. ביילקע, אזוי האָט די מיידעל געהייסען, האָט שטאַרק נושא חן געווען ביי אונז באָרדערס, און אפילו דער מיסטער איז געווען צו איהר פריינדליך. זי איז גע־ ווען אַ געזונדע, פעסט געבויטע מיידעל, אַ ביסעל קורץ געוויקסיג, פון יענעם זאָרט וואָס מען רופט „קורץ און זיס“, מיט אַ לאַכענדיג פנים'ל, וואָס האָט ניט אויפגעהערט צו שמייכלען אויף אַ מינוט, און זייט זי איז געקומען האָט דאָס לעבען אין באָרדינג־הויז בעקומען אַ נייעם געשטאַלט. די פערשוואַרצע ווענד מיט די אָבגעקראָכענע קאַלך האָבען בעקומען דעם חן פון אַ פּאַלאַסט. די איבערגעקאָכטע, איבערגעזאַלצענע און צוגעברענטע מאכלים, מיט וועלכע די מיסעס פלעגט אונז קאָרמענען, האָט בעקומען גאָר אַן אַנדער טעם, זייט ביילקע האָט אונז אָנגעהויבען צו בעדיענען ביים טיש. און דאָ,

ווי איך דערצעהל ווענגען איהר בעדיענען אונז ביים טיש, דערמאָהן איך זיך אָן איהרע צוויי גרויסע שווארצע אויגען, וואָס, אז ווען זיי האָבען אויף וועמען א קוק געטהאָן, איז יענעם געוואָרען ווארעם אויפ'ן הארצען. דער בליק איהרער איז צוגאנגען איבער אלע גליע־דער. עס איז אין דעם געווען אזוי פיעל גוטסקייט, אזוי פיעל סימ־פאטהיע, אזוי פיעל טרייסט און ערמונטערונג!

מעהר פון אלע באָרדערס איז ביילקע'ן געפעלען געוואָרען מאקס דער ביגלער. ער האָט איהר געפאנגען מיט זיין זינגען און מיט זיין זיך לוסטיג מאכען. דעם ערשטען מאָל וואָס זי האָט איהם געהערט „אָבגעבען קאָנצערט“, איז זי גאָר אָהן צערעמאָניעס צו איהם צוגעגאנגען און האָט געזאָגט:

„איהר זייט א פרעהליכער. איך האָב ליעב א פרעהליכען.“

און ווי זי האָט דאָס אָבגעזאָגט, איז זי אוועק צוריק אויף איהר אַלטען פּלאַץ, וואו זי האָט געגעסען פוטער־ברויט מיט קאפע.

מאקס איז רויט געוואָרען. דאָס איז פאר איהם געווען אונער־ווארטעט. אָבער ער האָט זיך צו איהר שנעל צוגעוואוינט. אין דריי טעג ארום, ווען מאקס פלעגט „אָבגעבען קאָנצערט“, פלעגט שוין ביילקע זיצען נעבען איהם.

ניט דער „מיסטער“ און ניט די „מיסעס“ האָבען געקענט פער־טראָגען דיזע נאָהענטע בעקאנטשאפט צווישען מאקס און ביילקע. ביידע זיינען געווען שטארק אייפערזיכטיג, און יעדערענס אייפער־זוכט איז געווען אַן אויסערגעוועהנליכע, און פערשיעדען איינס פון דאָס אנדערע. דער מיסטער האָט געברענט מיט דער אייפערזוכט פון א פאָטער וואָס וויל ניט זעהן זיין קינד אין די הענד פון א מענ־שען, וועלכען ער רעכענט פאר שלעכט און פערדאָרבען. און די מיסעס האָט געציטערט ביי דעם געדאנק, אז זי קען פערלירען צוויי באָרדערס אויף איין מאָל, און נאָך די בעסטע באָרדערס, די „מאַג־נעטען“ פון דעם פלאַץ.

עס איז געקומען די נאכט פון סדר. דער רעסטאָראן איז גע־ווען געפאקט מיט אידען, וועלכע זיינען געזעסען ארום די ווייס־גע־דעקטע סדר־טישען און געזאָגט די הגדה. א חוץ די שטענדיגע געסט און באָרדער וואָס זיינען איינגעשטאנען אין דער הויז, זיינען געקומען א גרויסע צאָהל אנדערע, וועלכע האָבען לאָזשירט אויף

אַנדערע פּלעצער, אָבצוריכטען דעם סדר אין כשרות און מיט אַלע פּרטים. אַ טרויעריגער טאָן האָט זיך געהערט אין דעם ניגון פון דער הגדה. יעדערער האָט געטראַכט פון זיין פאַמיליע אין דער־היים, פון ווייב און קינדער, פון עלטערן, פון ברידער און שוועס־טער, און אפילו מאַקס, דער פרעהליכער, דער לעבעדיגער יונג, וואָס האָט קיינעם ניט געהאַט אין דער היים און נאָך האָט נאָך קיינעם ניט געהאַט צו בענקען, איז געזעסען פערטראַכט, און די הגדה האָט ער געזאָגט אָהן לעבען, אָהן חשק, אַזוי ווי מען זאָגט „תיקון שבועות“. יעדע ווײַלע האָט ער געוואָרפען זיינע בליקען אויף ביילקען, און ווען ער האָט דערזעהן ביילקע'ס אויגען, האָט ער זיינע אַראָבגעלאָזען און האָט אַ זיפץ געטהאָן.

ביילקע'ס אויגען זיינען געווען פערוויינט. און ניט אַלע האָ־בען געוואוסט וואָס איז געווען די סיבה פון איהר וויינען. איהר ברודער, וועלכער האָט מיט מיר געזאָגט פון איין הגדה, האָט מיר דערצעהלט, אַז ביילקע האָט דעם זעלבען טאָג, ביי דער ארבייט אין קיך, וואו זי האָט געהאָלפען קאָכען, פערלאָרען איהר רינג. דאָס איז געווען אַ מתנה פון איהר מוטער. דער רינג, וועלכער איז גע־ווען אַ גאָלדענער און האָט געהאַט אין זיך דריי שטיינדלעך, איז געווען אַ ביסעל צו גרויס אויף איהר און האָט זיך ביי דער ארבייט געמוזט אַראָבגליטשען פון פינגער. מען האָט איבערגעזוכט די גאַנ־צע קיך, אָבער פערפאַלען, עס איז ווי אין ים אריין.

איך האָב דערנאָך ערפאַהרען, אַז מאַקס האָט איהר אָנגעבאָ־טען צו קויפען אַן אַנדער רינג, אַז זי זאָל אויפהערען צו וויינען, אָבער ביילקע האָט ניט געוואָלט הערען און זעהן. „איך דאַרף ניט אייערע“, האָט זי געזאָגט. איך וויל מיין מאַמעס.“

ביילקע'ס שטימונג האָט ארויפגעוואָרפען אַ טרויער אויף אונ־זער גאַנצען סדר־טיש, שוין אַ חוץ אונזער העמ־ווערה און בענקען. ביסלעכווייז איז די געשיכטע פון איהר פערלוסט בעקאַנט געוואָרען צו אַלעמען, און סימפּאַטישע בליקען האָבען בעגלייט איהר יעדען קעהר, איהר יעדע בעוועגונג. גליקליך האָבען זיך געשעצט די באַר־דערס, וועמען ביילקע האָט אַליין סערווירט. מען האָט געזעהן, אַז דאָרט אויף יענע טישען, וואו ביילקע סערווירט, ווערט אַלעם אויפ־געגעסען מיט אַפּעטיט, און דאָרט וואו דער מיסטער מיט דער מי־

און ביילקען אין זייער אייגענע וואָהנונג, אויף עסעקס סטריט, וואו מיר האָבען צוגעבראַכט אַ פרעהליכע סדר־נאַכט.

אָפּטמאָל ווען איך קוק אַרויס דורכ'ן פענסטער אויפ'ן „טאָגע־בלאַט־פּאַרק“, דערמאָהן איך זיך אָן מיין ערשטע סדר־נאַכט אין יענעם „האָטעל און באָרדינג־הויז“, וועלכע איז שוין מעהר ניטאָ.

# אַ גאַסט צום סדר

יעדען יאָהר, פּסח צום סדר, פּלעגט מאַקס אייכענבוים, אַ רייך־בער קליידער־פאַבריקאַנט, זיך אויסזוכען אַן אָרימען אידען, וואָס האָט געקענט אָבריכטען אַ סדר לויט אַלע דינים און מנהגים וואָס זיינען איינגעפיהרט געוואָרען ביי אידען פון דור־דורות. דען אָבוואָהל מיסטער אייכענבוים איז געווען געבענשט מיט אַלעם גוטעם אין דער וועלט, מיט אַ שעהנע פרוי און מיט שעהנע געראָטענע קינדער, דאָך ווייל ער האָט אין זיין יוגענד ניט געלערענט, האָט ער ניט געקענט. ער פּלעגט אַליין זאָגען אויף זיך: „איך קען נור עסען די קניידלעך, די הגדה זאָגען לאָז איך אַן אַנדערען.“

געוואוינט האָט ער אין זיין אייגענע פּריוואַט־הויז, אַפּטאַון, און געלעבט אויפ׳ן מיליאָנערסקען שטייגער, מיט אַן אייגענעם אָטאָמאָביל און מיט אַ שאָפער וואָס האָט איהם אָבגעקאָסט מעהר ווי עס קאָסטען אָב דריי מלמדים אין אַ תלמוד תורה. אָבער דעם סדר קען מען מיט אַ שאָפער ניט מאַכען, דערצו מוז מען אויסזוכען טאַקע אַ מלמד, אָדער אַזוי אַ אידען וואָס האָט ניט קיין פאַמיליע.

די ערשטע נאַכט פון פּסח, ווען דער טיש איז שוין געגען געגרייט און מר. אייכענבוים איז נאָך געווען אין שוהל, איז אריינגעקומען אַ מאַן פון אַ יאָהר פינף און דרייסיג, אַ הויכער, מיט אַ ווייסען פערטראַכטען פּנים און אַ קליינע שוואַרצע בערדיל, און האָט זיך געמעלדעט, אַז ער איז געקומען מאַכען דעם סדר אויף מר. אייכענבוים׳ס בעשטעלונג. די קעכין, אַן עלטערע אונגאַרישע אידענע, האָט איהם פריינדליך אויפגענומען, האָט איהם אריינגעפיהרט אין עס־צימער און איהם געבראַכט מצות, צוויי קעפּלעך כריין, צוויי אייער, צוויי העלזלעך און אַלעס וואָס איז נויטיג אום אויסצושטעלען צוויי קערות.

„דער באַלעבאָס וועט באַלד קומען“, האָט די קעכין געזאָגט, „און די באַלעבאָסטע וועט אויך באַלד אריינקומען. זי טהוט זיך אָן צום סדר.“

„און חרוס ת איז שוין דאָ?" האָט דער מאַן געפרעגט.

„חרוס ת האָב איך שוין געמאַכט", האָט די קעכין געענט־פערט מיט שטאָלץ, „אָט איז עס, איהר קענט פערזוכען."

„איך זעה שוין, אז עס איז גוט געמאכט", האָט דער גאַסט גע־זאָגט, בעטראַכטענדיג אַ שיסעלע מיט חרוס ת וואָס די קעכין האָט איהם צוגעטראָגען.

די קעכין איז ארוים אַ ביסעל בעליידיגט וואָס דער גאַסט האָט ניט געוואָלט פערזוכען איהר חרוס ת.

„עפּעס אַ מאָדנעם אידען האָט דער באַלעבאָס אונז געשיקט", האָט די קעכין געזאָגט צו דער באַלעבאָסטע, „עפּעס אַ פערטראַכ־טער, אַ בעל־חלום — ניט קיין גלאַטער מענש."

„וואָס איז דער אונטערשיעד", האָט די באַלעבאָסטע געענט־פערט. „דער מאַן וועט דאָך אייביג ניט בלייבען אין הויז. עס איז דאָך נור איבער די סדרים."

אויסגעפּוצט ווי אַן אמת'ע מלכה איז די מיסעס אייכענבוים אריין אין עס־צימער בענשען די יום־טוב־ליכט. אריינקומענדיג האָט זי בעגריסט דעם גאַסט, וועלכער איז שוין דאַן געזעסען און געלעזען אַ צייטונג. דער גאַסט האָט זיך פאַר איהר אויפגעהויבען.

„זיצט!" האָט זי געזאָגט און האָט גאָר ניט בעמערקט ווי דער בלאַסער פּנים פון'ם גאַסט איז נאָך בלאַסער געוואָרען און ווי זיינע ליפּען האָבען זיך נערוועז צוזאַמענגעצויגען. רוהיג און געלאַסען מיט דעם זעלבסטבעוואוסטזיין פון אַ פרוי וואָס פיהלט אז אַלע ארום קוקען אויף איהר מיט בעוואונדערונג און קנאה, האָט זי אָנ־געצונדען די יום־טוב־ליכט און גענומען בענשען.

פון דער שיין פון די ליכט האָבען אָנגעהויבען צו פינקלען די ברילּיאַנטען אין איהרע רינגען, אין איהרע אויררינגלעך און אין איהר לאַוועליר. דער גאַסט איז נאָך אַלץ געשטאַנען, זיינע ליפּען האָבען נאָך אַלץ געציטערט און זיינע אויגען זיינען געווען ווי צוגע־שמידט צו דעם שעהנעם פּראָפיל פון דער פרוי.

„רבונו של עולם!" האָט ער געזאָגט אינערליך צו זיך, „איז עס מעגליך, אז דאָס זאָל זיין זי? !"

„וואָרום זיצט איהר ניט?" האָט זי געפרעגט, ווען זי האָט גע־ענדיגט איהר ליכט־בענשען. „מיין מאַן וועט באַלד קומען. פון

וואָנען זייט איהר אַ לאַנדסמאַן?"

„איך — איך? פון וואַנען אַ לאַנדסמאַן?" האָט ער איהר איי־בערגעפרעגט, ציהענדיג יעדעס וואָרט, כדי זיך דערווייל צו בעדענ־קען אויב ער זאָל זאָגען דעם אמת. „איך בין פון קאָוונא."

זיין שטימע איז געוועזן הייזעריג און זי האָט די שטימע ניט דערקענט. אויב זי האָט אפילו פון אָנפאַנג געהאַט אַ שטיקעל פער־דאַכט, אַז ער איז איהר בעקאַנט, איז דער פערדאַכט פערשוואונ־דען, ווען ער האָט איהר געזאָגט, אַז ער קומט פון קאָוונא.

באַלד זיינען אריינגעקומען צוויי קליינע מיידעלעך, וואָס האָ־בען אויסגעזעהן ווי מיניאַטור־בילדער פון זייער מאַמען. די מו־טער האָט זיך אין גאַנצען אריינגעטהאָן אין די קינדער. איינער האָט זי איבערגעבונדען דעם שלייפעל הינטער איהר קליידעל און דער צווייטער האָט זי מיט אַ פינגער איבערגעקאַמט די האָאר אין אָן אַנדער אָרדנונג. דער גאַסט האָט צייטענווייז געוואָרפען בליקען אויף די קינדער.

די מוטער האָט שטילערהייט אַ זאָג געטהאָן עפּעס צו די קינ־דער. ביידע מיידעלעך זיינען צוגעגאַנגען צום גאַסט און געזאָגט:

„גוט יום טוב, מיסטער."

„גוט יום טוב, גוט יום טוב", האָט ער געענטפערט גערירט, און זיין שטימע האָט שוין געקלונגען ווייך. די מאַדאַם האָט אויפ־געהויבען דעם קאָפּ און זיך פערטראַכט: איז דאָס ז י י ן שטימע?

זי האָט ווידער אַ זאָג געטהאָן די קינדער עפּעס אין דער שטיל. די קינדער זיינען ארויס.

דאַן איז זי אויפגעשטאַנען, האָט אַ קוק געטהאָן דעם גאַסט גלייך אין די אויגען.

„זלמן!" האָט זי אויסגערופען.

„זלאַטע!" האָט ער ארויסגערעדט מיט אַ קרעכץ.

אַ מינוט לאַנג האָבען זיי געקוקט איינע אויף די אַנדערע און געשוויגען.

„זאָג מיר, זלמן, ווי קומסטו צו אזא לאַגע?"

„פרעג ניט זלאַטע, גאָט האָט מיך געשטראָפט. איך האָב אַלעס פערלאָרען. אָך, ווי אַנטלויף איך יעצט פון דאַנען?"

„האָסט מורא פאַר מיר?" האָט זי געפרעגט. „שרעק זיך ניט,

איך וועל דיר קיין שלעכטס ניט טהון. וואָס קען איך דיר טהון? דו קענסט מיר יא טהון שלעכטס, א סך שלעכטס. וועסט דאָס אָבער ניט טהון, צוליעב מיינע קינדער וועסטו עס ניט טהון. אָה, ווען מיין מאַן דערוויסט זיך פון מיין פערגאַנגענהייט!"

„אום גאָטעס ווילען, זלאַטע, וואָס פאַלט דיר איין!" האָט ער אויסגערופען. „איך וועל טהון אזא זאַך? ! גענוג האָב איך שוין געגען דיר געזינדיגט. אָבער גאָט האָט דיר געהאָלפען און מיך גע־שטראָפט. יא, עס איז דאָ א דין ומשפט אויף דער וועלט. איך הויב ערשט אָן צו גלויבען אין דעם."

„ששש!... מיין מאַן קומט", האָט מיסעס אייכענבוים גע־זאָגט, זיך צוריקציהענדיג פון דעם גאַסט.

„גוט יום טוב!" האָט אויסגערופען מיסטער אייכענבוים, אריינקומענדיג, לוסטיג און לעבעדיג מיט אַן אמת יום־טוב'דיגער שטימונג. „גוט יום טוב, מיין שעהנע מלכה, ווי דו שיינסט היינט אין דיין נייע קלייד! גוט יום טוב, ליעבער גאַסט, מיסטער — מיסטער גאָלדמאַן, איך האָב שיער אייער נאָמען פערגעסען, ענט־שולדיגט. און וואו זיינען דאָס עפּעס אונזערע פּרינצע׳ ינס? זיי שלאָפען נאָך ניט, הא?

„די קינדער וועלען באַלד אריינקומען", האָט געזאָגט מיסעס אייכענבוים, אָבקעהרענדיג איהר געזיכט פון איהר מאַן. זי איז ארויסגעגאַנגען און איז גלייך צוריקגעקומען מיט די קינדער. איהר געזיכט האָט ארויסגעצייגט, אז זי האָט מיט זיך געהאַט א גרויסען קאַמפּף, א קאַמפּף צו בעהערשען איהרע געפיהלען, וועלכע האָבען זיך געשפּאַרט ארויסצוצייגען.

דער סדר האָט זיך אָנגעפאַנגען. דער גאַסט האָט זיך ביים קידוש צומישט. מיסטער אייכענביום האָט דאָס אָנגענומען פאַר א צייכען, דאָס דער גאַסט בענקט נאָך זיין פאַמיליע, און ער האָט געפיהלט גרויס מיטלייד מיט איהם.

מיט גרויס אנשטרענגונג האָט דער גאַסט געזאָגט די הגדה. די אונגאַרישע קעכין, וועלכע איז אויך געלאַדען געוואָרען צום טיש, האָט געוואָרפען אויף איהם בייזע בליקען. אין הארצען האָט זי זיך געטראַכט: אזא בעל־חלום, א מענש אָהן א נשמה, ער פער־שטערט דאָך דעם סדר!

און וועהרענד דער גאַסט האָט געזאָגט די הגדה מיט'ן מויל, האָבען אין זיין קאָפּ זיך געטראָגען עראינערונגען פון זעכצען־זיעבּ־צעהן יאָהר צוריק. דאַן איז ער געווען דעם פּינסקער גרעסטען גביר'ס זוהן, און זי איז געווען אַן אָרימע נייטאָרין. א נאָכגעגעבּ־נער, א געבּאַלעוועטער אינגעל איז ער דאַן געווען, אָהן א געפיהל פון פעראַנטוואָרטליכקייט. זלאַטע איז געווען א נייטאָרין וואָס פלעגט קומען אין זייער הויז אָננעהמען ארבּייט. זי איז געווען א חנ'עוודיגע שעהנהייט, אזעלכע שעהנהייטען וואָס וואַקסען דוקא אין דעם נעסט פון דלות. און ווייטער איז שוין געווען ווי אין די אַלטע געשיכטען וואָס בלייבען אימער ניי. ער האָט זי ערנסט גע־וואָלט הייראַטהען, אָבער זיינע עלטערן האָבען דעם שידוך צו־שטערט און האָבען געגעבען די עלטערן פון דער נייטאָרין געלד זי אוועקצושיקען נאָך אַמעריקאַ. קיין אַנדער ברירה האָט זי ניט געהאַט. אין שטעדטעל איז שוין איהר רעפּוטאַציע געווען א בעפלעקטע.

ווי געוועהנליך אז דאָס מיידעל איז אוועקגעפאָהרען, האָט מען די גאַנצע מעשה פערגעסען און ער איז געבליבען א זיידענער יונ־גערמאַנטשיק, און האָט געטהאָן א יחוס'דיגען שידוך.

מערקווירדיג זיינען די קאַפּריזען פון שיקזאַל. אָט געפינט זיך ער, איהר בעטריגער, ביי איהר אין הויז און עסט ביי איהר טיש. ער איז יעצט דער צובראָכענער, דער צוטראָטענער, און זי איז די רייכע, שטאָלצע דאַמע. ער ווייס, אז מיט איין וואָרט קען ער איהר רואינירען. ער פיהלט אין זיך א טייפלישען פערגניגען. יא, מיט איין וואָרט קען ער איהר פערטרייבען פון דעם גליקליכען היים וואָס זי האָט, און זי ווערט ווידער פערשטויסען, פעראַכטעט פון דער וועלט.

אָבער באַלד דערשרעקט ער זיך אַליין פאַר דעם געדאַנק. ניין, ער טאָר קיין זאַך ניט טהון, וואָס זאָל בעאונרוהיגען דיזע פרוי, וועלכע ער האָט אַמאָל געשטירצט אין אַן אונגליק. ער דאַרף וואָס שנעלער אַנטלויפען פון איהר, אום זי זאָל ניט דאַרפען זיך שרעקען פאַר זיין אַנוועזענהייט.

צו דער־זעלבער צייט האָט מי״ם אייכענבוים געטראַכט ווי דער מאַן וואָס זיצט ביי איהר טיש, א געבּראָכענער, אַן ערנידריג־

טער, האָט אַ מאָל איהר אונגליקליך געמאַכט און זי פערטריבען פון איהר היים מיט שאַנדע. זי דערמאָנט זיך ווי שווער און ביטער זי האָט געאַרבייט אין ניו יאָרק ביז עס האָט זיך אין איהר פערליעבט דער פערוואַלטער פון פאַבריק און ער האָט מיט איהר חתונה געהאַט.

נאָך דער חתונה האָט איהר אָנגעהויבען דאָס גליק שטאַרק צו שמייכלען. דער מאַן אליין איז געוואָרען אַ פאַבריקאַנט און איז געוואָרען רייכער און רייכער. ער האָט איהר נאָכגעגעבען אַלעס אין דער וועלט, ער האָט איהר ארומגערינגעלט מיט אַלע לוקסוסען. אָבער אין איהר הארצען האָט זי די גאַנצע צייט געטראָגען אַ פערבאָרגענע וואונד, וועלכע ניט איהר מאַן'ס ליעבע, ניט איהר ליעבע צו די קינדער און ניט אַלע לוקסוסען און דזשוּלערי האָבען געקענט אויסהיילען.

און היינט האָט זיך דיזע פערבאָרגענע וואונד געעפענט.

ווען דער סדר האָט זיך געענדיגט, האָט מיסטער אייכענבוים געזאָגט צו זיין פרוי:

„דער איד מוז נעבעך האָבען אַ פערביטערטע הארץ. ער מוז בענקען נאָך זיין פאַמיליע.“

„יא“, האָט די פרוי געענטפערט און איהר שטימע האָט געציטערט.

„מיין טהייערער גוטער מלאך“, האָט מיסטער אייכענבוים געזאָגט, „דו האָסט רחמנות אויף דעם עלענדען. איך זעה טרעהרען אין דיינע אויגען. ווייסטו וואָס? פרעג איהם אויס מאָרגען, ווען ער וועט קומען צו מיטאָג, וועגען זיין לאַגע און מיר וועלען איהם אויסהעלפען. וויין ניט, טהייערע. איך וועל טהאָן פאַר איהם אַלעס וואָס דו וועסט מיר הייסען. לאָמיר נור וואַרטען ביז ער וועט קומען מאָרגען.“

אויף מאָרגען צו מיטאָג איז דער גאַסט ניט געקומען. און אבענדס צום סדר איז ער אויך ניט געקומען.

מיסטער אייכענבוים האָט ווי עס איז דורכגעשטופּט דעם סדר אַליין, מיט דער הילף פון דער אונגאַרישער קעכין, וועלכע האָט געפונען דערביי אַ געלעגענהייט צו ציינען ווי גערעכט זי איז געווען ווען זי האָט לכתחילה געזאָגט, אז דאָס איז געווען עפּעס אַ מענש אָהן אַ נשמה, אַ בעל חלום!

# די צוויי שכנים איבער'ן הויף

זיי זיינען געווען שכנים. איינער האָט געוואָהנט אין דער הויז נומער 112, דער אנדערער אין 114, נור צווישען זייערע וואָהנונגען האָט מפסיק געווען אַן ענגער הויף, אַ פּאָאר איילען די ברייט און עטליכע איילען די לענג.

אין זייערע פענסטער פלעגט אריינדרינגען די זעלבע ביסעל ליכט פון דעם ברעקעל בלויען הימעל, און די זעלבע לופט פלעגט זיי ערפרישען און בעלעבען. נור די מענשען האָבען זיך ניט גע־קענט. דאָס לעבען אין דער גרויסער שטאָדט וואָס פרעמדט אָב אייגענע בלוט און פלייש, האָט די נאָהענטע שכנים דערווייטערט. אין ניו יאָרק איז דאָס גאַנץ נאַטירליך, אז מענשען וואָס זעהען איינע די אַנדערע יעדען טאָג, זאָלען זיך גאָר ניט קענען.

אָפטמאָל ווען מען פלעגט פון איין זייט הויף וויינען, פלעגט מען אויף דעם אַנדער זייט לאַכען. און ניט דער האָט זיך געקי־מערט ווארום יענער לאַכט און ניט יענער האָט זיך געקימערט וואַ־רום דער וויינט. דאָס זיינען געווען צוויי בעזונדערע וועלטען.

אָבער טראָץ דעם וואָס די שכנים האָבען איינע די אַנדערע ניט געקענט, האָבען זיי דאָך געזוכט ביי יעדער געלעגענהייט, אַז איי־נער פון דעם אַנדערען זאָל האָבען אַ גוטע מיינונג. זיי האָבען זיי־ערע פענסטער בעזאָרגט מיט גאַרדינען, אַז איין שכן זאָל ניט זעהן דעם אַנדערען ווען ער וויל זיך ניט ציינען, און איינער האָט געזוכט ניט צו פערלירען דעם צווייטענס רעספּעקט.

אָט אזוי האָבען זיי געלעבט די צוויי שכנים, וועגען וועמען עס איז דאָ אַ מעשה צו דערצעהלען.

און די מעשה וואָס איז דאָ צו דערצעהלען, האָט פּאַסירט אין דער וואָך פון פּסח.

לעמבאָוויץ, וועלכער האָט געוואָהנט אין נומער 112, איז גע־קומען דעם צווייטען טאָג חול המועד פּסח אַהיים פון דער אַרבייט, (ער איז געווען אַ דראָמער) און געזאָגט צו זיין יונגער ווייבעל:

„קיידי! דער פסח האָט זיך שוין מיר שטאַרק צוגעגעסען. די מצות קריכען מיר שוין פון האַלז. איך האָב געבראַכט אַ פרישען שוואַרץ-ברויט.“

מיט דיזע רייד האָט ער אַוועקגעלייגט אויפ׳ן טיש אַ דייטשען „פּאָמפּערניקעל“ איינגעוויקעלט אין אַ ווייסען פּאַפּיער.

„וואו האָסטו עס גענומען?“ האָט די ווייבעל געפרעגט.

„אַ דאַגה וואו!“ האָט דער מאַן געענטפערט. „עס זיינען דאָ גענוג דייטשע דעליקאַטעסען געשעפטען. נעהם, מיין טהייערע, און מאַך מיר אַ הערינג, און איך וועל נאָך אַריינגעהמען אַ קעסעל ביער. מיר וועלען פערזוכען אַ ביסעל חמץ.“

„וואָס רעדסטו?!“ האָט אויסגערופען די ווייבעל. „וואָס נאָך פעהלט דיר? די שכנים זאָלען אַלע זעהן ווי דו טראָגסט אַריין ביער אין הויז! בעהאַלט דעם פּאָמפּערניקעל. די שכנים פון אי־בער׳ן הויף קענען דאָס נאָך דערזעהן.“

„לאָז אַרונטער די גאַרדינען“, האָט דער מאַן געזאָגט, „וועלען זיי ניט זעהן. איך וועל די ביער אַריינטראָגען אין אַ קעסעל און איבערדעקען מיט אַ סערוועטקע. טאָמער וועט מיר ווער בעגעגע־נען אין קאָרידאָר, וועט ער מיינען, אַז איך ברענג אַרויף מילך אָדער סאָדע-וואַסער. ניש-קשה, האָסט ניט וואָס מורא צו האָבען.“

„אי, וואָס רעדסטו“, האָט גע׳טענה׳ט די ווייבעל. „עס קען דאָך אָבער ווער צו אונז אַריינקומען און זעהן ווי מיר עסען חמץ — עס וועט דאָך זיין אַ סקאַנדאַל. עס קען נאָך אָנקומען מיין מאַמע אָדער דיין מאַמע, אָדער אַבי ווער פון דער משפחה. עס איז אַ שפּיעל מיט פייער.“

„אי ביזטו אַ נאַר!“ האָט לעמכאָוויץ אויסגערופען לאַכענדיג. „דו מאַך נור דעם הערינג, און איך וועל אַריינטראָגען די ביער, און דאַן וועלען מיר פערשפּאַרען די טיהר, און אויב עס וועט ווער אָנ־קלאַפּען, וועלען מיר די טהיר ניט עפענען וואו מיר וועלען ניט פריער דעם חמץ אַבראַמען פון טיש. גוט?“

„גוט!“ האָט זי געענטפערט.

צו דער-זעלבער צייט איז אין נומער 114 צוגעגאַנגען אַן אַנ־דער מעשה.

ציפקין, א צושניידער ביי דאַמען־מאַנטלען, איז געקומען אהיים מיט א ברייטען שמייכעל און האָט בעגריסט זיין ווייב מיט דיזע ווערטער:

„איך זעה, אז דו האָסט מיך געפאָלגט, בעטסי. איך דער־שמעק שוין דעם ריח פון כרעמזלעך, און אָט זעה איך מצות אויפ'ן טיש. אָבער האָסט די מצות געדאַרפט דערווייל בעהאַלטען. עס קען ווער אריינקומען און זיי זעהן."

„נו, איז וואָס האָסטו אזוי מורא אז מען וועט זעהן?"

„איך וויל ניט זיי זאָלען וויסען, די אידעלעך, אז ביי מיר איז מצה א מאכל. פסח צום סדר האָבען מיר געטרונקען ביער און גע־געסען ראָזעווע ברויט מיט מאַסלינעס. זאָלען זיי פּלאַצען, די פרו־מאַקעס, די גאָט'ס סטראַפּציעס, און זאָלען זיי וויסען, אז איך בין א פריידענקער און אז איך האָב זייער רעליגיאָן אין דער ערד. נור היינט אז זיי וועלען דערגעהן אז מיר האָט זיך פערגלוסט מצה מיט כרעמזלעך — נו, נו, וועלען זיי פון דעם מאַכען א צימעס! זיי וועלען זאָגען, אז א איד בלייבט דאָך א איד, אז דעם פונק אידיש־קייט קען מען ניט אויסלעשען, אז דעם אידישען געפיהל קען מען ניט פערטיליגען. אזא נחמה פערגין איך זיי ניט! זאָג מיר, בעטסי, די כרעמזלעך זיינען עפּעס געראָטען?"

"עס האָט זיך איינגעגעבען זעהר גוט", האָט די ווייבעל גע־זאָגט. „איך האָב גראַדע געהאַט פיינע גענזען־שמאַלץ און אין דעם אריינגעטהאָן א ביסעל גריבענעס".

ביי ציפקין'ען האָט אָנגעהויבען געהן די סליונע פון מויל.

„לייג אריין א שטיקעל פּומער אין די כרעמזלעך", האָט ער געזאָגט צו זיין ווייבעל.

„צו וואָס?" האָט זי געפרעגט.

„סתם אזוי", האָט ער ערקלעהרט, „פון פּרינציפּ וועגען. עס זאָל זיין טריפה. און די מצה וועלען מיר דערווייל אריינלייגען אין דער ברויט־קעסטעל, כדי עס זאָל ווערען חמץ'דיג."

„איך האָב דיר געקויפט א פלאַש מעד", האָט זי געזאָגט.

„זעהר גוט", האָט ער געענטפערט. „מיר וועלען היינט האָ־בען א פיינעם אבענד־ברויט. אָבער נעהם דעם מעד און גיס ארי־בער צוערשט אין א חמץ'דיגער פלאַש. גיב אהער, איך וועל דאָס

אליין טהאָן. זאָג מיר, וואָס פאר א זופּ האָסטו היינט געקאָכט?"
„מצה פאַרפעל."
„זעהר גוט, בעטסי."
אז דער פסח'דיגער אבענד־ברויט איז פערטיג געוואָרען, האָט מיסטער ציפּקין דער פריידענקער פערשפּארט די טיהר אויפ'ן שלאָס, ער האָט אראָבגעלאָזען די גארדינען אויף די פענסטער וואָס געהען צום הויף, אום אז קיינער זאָל פלוצלונג ניט אריינגעהן אָדער אריינבליקען ווי ער, דער פריידענקער, וואָס מאכט א בארג אַש פון אַלעם וואָס איז אידיש און אידישלאַך, זיצט און זופּט מצה־פאר־פעל, שלינגט כרעמזלעך און פערטרינקט מיט פסח'דיגען מעד.
„הע־הע־הע!" האָט ער געלאכט צו זיין ווייבעל. „ווען די פרומאקעס וואָלטען מיר געזעהן היינט עסען מצות מיט כרעמז־לעך! הע־הע־הע! זיי וואָלטען געמיינט, אז איך בין משוגע געוואָרען און האָב תשובה געטהאָן."
בעטסי האָט אויך געלאכט.
„אָבער זעה", האָט זי געזאָגט, די שכנים איבער'ן הויף האָבען אויך אראָבגעלאָזען די גארדינען, און בעהאַלטען זיך עפּעס פון אונז."
„אי'ל בעטשיו", האָט ציפּקין געזאָגט לאכענדיג, „אי'ל בעטשיו, אז דאָס זיינען אויך אַזעלכע פריידענקער ווי מיר, און עס האָט זיך זיי אויך פערגלוסט א ביסעל מצות מיט כרעמזלעך, און זיי שעהמען זיך אויך אזוי ווי מיר. מען דארף זיי אָנקלאפּען אין פענסטער און זאָגען אז פאר אונז האָבען זיי זיך ניט וואָס צו בע־האַלטען."
„טשעפּע זיי ניט", האָט בעטסי געבעטען.
אָבער ציפּקין האָט זי ניט געהערט. ער האָט גענומען א לאַנ־גען שטעקען און גענומען קלאפּען פּאוואָליע אין די שויבען פון די שכנים וואָס האָבען געוואָהנט אין נומער 112, איבער'ן הויף.
דאָרט איז גראדע געזעסען לעמכאָוויץ מיט זיין ווייב און גע־געסען זייער פאַרמפּערניקעל מיט הערינג און פערזופּט מיט ביער. אז זיי האָבען דערהערט, דאָס מען קלאפּט ביי זיי אין פענסטער, האָבען זיי ביידע זיך שטארק דערשראָקען.
„אָי, וועה איז מיר!" האָט אויסגערופען קיידי. „די שכנים

האָבען אונז דערזעהן. זיי וואַרפען אונז שטיינער אין די פענס־טער. זיי ווילען אונז שלאָגען, הרג'ענען! לאָמיר אַנטלויפען, לאָמיר זיך בעהאַלטען!"

„שאַ, שרעק זיך ניט!" האָט לעמכאָוויץ געזאָגט. „איך האָב אַ רעוואָלווער, און איך קען פערטהיידיגען מיין היים געגען אַן אָנפאַל."

מוטהיג איז לעמכאָוויץ צוגעגאַנגען צום פענסטער, געעפענט און אויסגעשריען מיט אַשטרענגער שטימע:

„וואָס ווילט איהר, האַ?"

„ענטשולדיגט מיר", האָט ציפקין געענטפערט. „איך האָב ניט געמיינט אייך צו בעאונרוהיגען, איך האָב אייך געוואָלט בלויז זאָגען, אַז איהר דאַרפט זיך פאַר אונז ניט בעהאַלטען. מיר עסען יעצט אויך מצות. טאָמער גלויבט איהר ניט, וועל איך אייך ווייזען." און דערביי האָט ציפקין איהם געוויזען אַ שטיק מצה, און זיך צולאַכט.

לעמכאָוויץ האָט אויסגעשטעלט די אויגען און ניט פערשטאַנען צו וואָס יענער ציעלט, אָבער ציפקין האָט וויטער גערעדט:

„ווילט איהר אפשר אַ כרעמזעל?" האָט ציפקין געפרעגט. „אַ זיסען כרעמזעל, געפּרעגעלט מיט פּוטער און מיט חמץ'דיגע געני־זענע גריבענעס."

„איך פערשטעה אייך ניט," האָט לעמכאָוויץ געזאָגט.

„הע־הע־הע!" האָט ציפקין געלאַכט. „איהר מוזט געווים מיינען, אַז איך עס מצות דעם גאַנצען פסח. שווער איך אייך אויף מיין עהרענוואָרט, אַז איך עס דאָס היינט צום ערשטען מאָל."

אָט דאָ האָט לעמכאָוויץ איינגעזעהן זיין טעות. „און איך עס חמץ צום ערשטען מאָל אום פסח", האָט ער ערקלעהרט, און זיך פערשעהמט.

„היפאָקריט!" האָט אויסגערופען ציפקין.

„אַנאַרכיסט! יום כפור־באָלניק!" האָט צוריק אויסגערופען לעמכאָוויץ.

און ביידע שכנים האָבען פערהאַקט זייערע פענסטער און צו־ריק אַראָבגעצויגען די גאַרדינען.

# בלינצעס

„אַט, דאָס, דייוו, איז די הויז!" האָט געזאָגט אַ מאַן פון אַ יאָהר פינף־און דרייסיג, אַ בלאָנדער, צו זיין בעגלייטער, עטליכע יאָהר איִנגער פון איהם, אַ ברונעט, וועהרענד זיי האָבען זיך פער־קירעוועט צו דעם זייטיגען אריינגאַנג פון אַ פּריוואַט־הויז אויף די בראָנקס.

ביידע האָבען געטראָגען גרויסע זעק אויף זייערע שולטערען און בלעכענע כלים אָנגעבונדען אויף אַ שטריק פון פּאַרענט. זיי האָבען אויסגעזעהען ווי פּעדלער וואָס בייטען אויס אַלטע קליידער אויף נייע בלעך־געשיר.

„ביזטו זיכער, דזשים, אַז קיינער איז אין הויז ניטאָ?" האָט געפרעגט דער יונגערמאַן וואָס האָט געהייסען דייוו.

„ביזט נערוועז, האַ? האָט דזשים זיך גערייצט מיט איהם, שמייכלענדיג און עפּענענדיג די טהיר מיט אַ שליסעל. „זיי זיכער אַז מעגגי איז אַ גוט מיידעל. און זי האָט מיר פערזיכערט, אַז די לייטע ביי וועמען זי ארבייט וועלען פערבלייבען אין ברוקלין דעם גאַנצען טאָג. זיי וועלען צוריקקומען ארום אַכט אָדער ניין אבענדס.

„איך בין נאָך ניט געוואוינט צו ארבייטען בייטאָג," האָט נערוועז געזאָגט דייוו. „דערפאַר בין איך אַביסעל נערוועז."

„וועסט איינזעהען אַז די ארבייט בייטאָג איז די לייכטסטע און זיכערסטע," האָט דזשים געזאָגט אין אַ זיכערען טאָן.

ווען זיי זיינען שוין געווען אינעווייניג, האָט דייוו פריי אָבגע־אָטהעמט. אין קאָרידאָר איז געווען שטיל. קיין איינציגען שאָרך האָט מען ניט געהערט. פון וועלכער טיהר די איינוואָהנער פון הויז זאָלען אריינקומען איז דאָך געבליבען אַ זיכערער ארויסגאַנג, דורך וואַנען זיך ארויסצורוקען שטיל, אונבעמערקט.

דזשים האָט גענומען ארבייטען אויף דעם שלאָס פון קיך און האָט איהם באַלד געעפענט. ביידע זיינען אריין אין קיך. אַ בע־קאַנטער ריח האָט אריינגעדרונגען דייוו'ען אין נאָז אריין, אַ ריח

וואָס האָט אין איהם אויפגעוועקט אַלטע, שוין לאַנג פערגעסענע עראינערונגען. ער איז צוגעגאַנגען צום אויווען, וועלכער איז געוועזען וואַרימליך און האָט אָבגעדעקט דעם צודעק פון אַ בלעכענע שיסעל.
בלינצס!

„קאַם אָן!" האָט דזשים אויגסערופען. „מיר קענען קיין צייט ניט פערלירען. וואָס זוכסטו דאָרט אין די טעפּלעך?"

דייוו האָט כמעט ניט געהערט וואָס דזשים האָט צו איהם גערעדט. די בלינצעס האָבען איהם צוגעשימדט צום אָרט, און איהם געמאַכט פערגעסען וועגען וואָס ער איז אהער געקומען און אויף אַלעס אין דער וועלט. ער האָט גענומען איינע פון די בלינצעס, האָט דאָס זשעדנע בעטראַכט און אַ ביס געטהאָן. דאַן האָט ער גענומען קייען מיט גרוים כונה, מיט האַלב צוגעמאַכטע אויגען, אזוי ווי איינער וואָס געניסט אַן איבערגעוועהנליכען פערגעניגען. פון מתיקות האָט זיין צונג אזוי געקנאַקט און זיינע ליפּען האָבען זיך אזוי פּאַסמאַקעוועט, דאָס דזשים האָט זיך פערקוקט אויף איהם און אויך בעקומען אַפּעטיט.

„וואַט דו יו קאָאָל דהעם?" (ווי רופט מען דאָס?) האָט דזשים געפרעגט.

„בלינצעס!" האָט דייוו געענטפערט, נעהמענדיג נאָך אַ בלינצע.

„בלייזעס?" האָט דזשים איבערגעפרעגט.

„בלינצעס! בלינצעס!" האָט דייוו איהם פערריכט. „ טראַי וואָן!" (פערזוך איינס).

דזשים האָט אַ ביס געטהאָן אַ בלינצע, און האָט עס צוריק אַריינגעוואָרפען אין שיסעל. עס האָט איהם ניט געשמעקט.

„יו פיג!" (דו חזיר!) האָט דייוו אויסגערופען אַרויסנעהמענדיג די אָבגעביסענע בלינצע פון שיסעל און אַריינוואַרפענדיג דאָס אין אַ טעפּעל מיט שיריים.

„וואָס האָסטו זיך אָוועקגעשטעלט זיך לאָבען מיט דיינע אידישע מאכלים?" האָט דזשים געפרעגט, שוין אַ ביסעל אויסער געדולד.

„שטער מיר ניט!" האָט דייוו כמעט ווי געבעטען.

דער טעם פון דיזע בלינצעס האָט איהם געשיינט צו זיין עפּעס

בעזונדערס בעקאַנט. דיזע בלינצעס האָבען געהאַט אַ בעזונדער טעם וואָס איז געוועזן פערבונדען מיט אַ געוויסער פּעריאָדע, אָדער פּאַסירונג אין זיין לעבען — ער האָט זיך ניט געקענט אַקוראַט דער־מאָנען ווו ער האָט פּונקט דיזעלבע בלינצעס געגעסען. ער האָט אָנגעהויבען צו קייען לאַנגזאַמער, קייען און איבערקייען, אַזוי ווי ער וואָלט געזוכט צו דערגעהן דורך דעם טעם די עראינערונג וואָס איז פערשוואונדען פון זיין זכרון.

„הער אויף צו שטאָפּען זיך!" האָט דזשים זיך אַ בייזער גע־טהאָן. „מיינסט מיר זיינען געקומען אַהער עסען? לאָמיר טהאָן אונזער ארבייט!"

דייוו, מיט אַ האַלבע בלינצע אין מויל און מיט אַ גאַנצע אין דער האַנד, איז איהם נאָכגעגאַנגען. זיי זיינען צוערשט אריין אין שלאָף־צימער.

„נעהם אריין אַט די אַלע קלייניגקייטען אין זאַק", האָט גע־זאָגט דזשים, אָנצייגענדיג אויף אַ טישעל, אויף וועלכען עס זיינען געווען אויסגעשטעלט טואַלעט אַרטיקלען: קעמלעך, האָאַר־בערשט־לעך, אַ האַנד־שפּיעגעל און דאָס גלייכען — אַלעס פון זילבער.

אָבער דייוו האָט זיך ניט גערוהרט. ער האָט אויסגעגלאָצט זיינע אויגען אויף אַ בילד אין אַ זילבערנער ראַמקע וואָס איז גע־שטאַנען אויף דעמזעלבען טישעל. דאָס בילד איז געווען פון אַ פרוי, אונגעפעהר דרייסיג יאָהר, און פון צוויי קליינע מיידעלעך, וועמעס עהנליכקייט צו דער פרוי האָט עדות געזאָגט, אַז זיי זיינען געווען איהרע קינדער.

דאָס בילד פון דער פרוי און דער טעם פון די בלינצעס האָבען איהם ביידע אויף אַ מאָל אַ פּיק געטהאָן אין מוח — און ער האָט זיך דערמאָנט!

„גאָט מיינער!" האָט ער געזאָגט צו זיך". איז עס מעגליך, אַז איך בין יעצט אין איהר הויז?!"

„ביזט שכור, צי פעררוקט?" האָט דזשים געשריען. „קאָם אָן, קוויק!" (נו, שוין שנעל!) און דזשים האָט אַליין גענומען שאַרען די זאַכען אין זאַק.

„הענדס אָף!" (נעהם אַוועק די הענד!) האָט דייוו אַ קאָ־מאַנדעווע געטהאָן. „זאָלסט זיך ניט וואַגען צו גנב'ענען פון דיזער

הויז! דו הערסט, דזשים? אי מין איט! אַנעסט טרוטה, אי מין איט! (איך מיין דאָס! אויף נאמנות, איך מיין דאָס טאַקי!)

„געה אין דער העל אריין! ביזט דאָך טאַקי משוגע!"

„דזשים!" האָט דייוו געזאָגט גאַנץ געלאַסען. „אויב דו געהסט מיט מיר ניט גלייך ארוים פון דיזער הויז, וועט זיין שלעכט פאר אונז ביידען. איך וועל דיזע הויז ניט לאָזען בערויבען אויף אַ האָאר."

„דער מאכל יענער האָט דיך משוגע געמאַכט", האָט דזשים געזאָגט, בעטראַכטענדיג זיין קאָלעגע מיט אַ ביסעל מורא. „לאָז מיר עפּענען די קעסטלעך אין דיזען טישעל."

„הענדס אָף!" האָט דייוו וויעדער אויסגעשריען. „לאָמיר פערלאָזען די הויז, אָבער שנעל, אז ניט, דזשים, וועט זיין שלעכט;"

„וואָס איז דער מעהר מיט דיר?" האָט דזשים געפרעגט.

„דיזע הויז מוז בלייבען אונבעריהרט", האָט דייוו געזאָגט בע־טאָנענדיג יעדעס וואָרט. „איך וועל ניט צולאָזען דו זאָלסט נעה־מען פון דאנען אפילו אַ שטיקעל פּאַדים, ווען אפילו איך וועל פאר דעם מוזען בעצאָהלען מיט מיין לעבען."

„געה אין דער העל אריין, דו שיני!" און דזשים האָט גע־קריצט מיט די צייהן פאר כעס.

„קאָם אָן!" האָט דייוו בעפאָהלען, „אז ניט, געהען מיר היינט אַלע אין תפיסה, מיט דיין מעגגי'ן צוזאַמען."

פלוכענדיג און קריצענדיג מיט די ציין איז דזשים איהם נאָכ־געגאַנגען.

* * *

אין אָבענד, ווען מיסטער און מיסעס זאַלקין צוזאַמען מיט זייערע צוויי מיידעלעך און זייער איירישע דיענסט מעגגי זיינען גע־קומען פון אַ וויזיט אין ברוקלין אַהיים, זיינען זיי געוועזען איבער־ראַשט צו געפינען די טהיר פון קיך אויפגעבראָכען.

„גנבים זיינען דאָ געוועזען!" האָט מיסעס זאַלקין אויסגערופען מיט שרעק. און זי האָט גאָר ניט בעמערקט ווי מעגגי האָט אָבגע־קעהרט איהר געזיכט.

מיסטער זאַלקין האָט געמאַכט אַ שנעלע אונטערזוכונג אין אַלע צימערן. „עס פעהלט קיין זאַך", האָט ער בערוהיגט זיין פרוי.

„געה!“ האָט מיסעס זאַלקין געזאָגט. „די גנבים האָבען אויפגעגעסען כמעט די גאנצע בלינצעס.“

* * *

דריי טעג האָבען די זאלקינס גערעדט פון דעם זאָנדערבאַרען צופאַל וואָס גנבים האָבען אויפגעבראָכען די הויז און האָבען מעהר ווי בלינצעס ניט גע'גנב'עט. זיי האָבען דאָס גאָר ניט געקענט פערשטעהן. אין דעם עס־צימער האָט זיך געפונען א פולער בור־פעט מיט זילבערנע לעפעל, גאָבעל און מעסער. נאָך לייכטע ווערטהפאָלע זאכען זיינען געווען צו דער האנד, און דאָך האָבען די גנבים גאָר ניט אָנגעריהרט!

אויפ'ן פיערטען טאָג האָט זיך די געהיימנים אויפגעקלעהרט דורך פאָלגענדען בריעף וואָס איז אָנגעקומען אויף מיסעס זאלקין'ס נאָמען:

„זעהר געעהרטע מיסעס זאלקין!

די האנדשריפט איז אייך געוויס בעקאַנט, אָבער דער וואָס שרייבט איז ניט מעהר דערזעלבער, וועלכען איהר האָט אמאָל געקענט.

איהר וואָלט פיעלייכט פון מיר קיינמאָל מעהר ניט גע־הערט. איך האָב אויף זיך געהאט גענומען אויסצומיידען אלע וועגען, אויף וועלכע איך קען זיך מיט אייך צוזאמענטרעפען. אָבער א צופאַל האָט מיך געבראַכט אין אייער הויז — א זאָנ־דערבאַרער צופאַל.

אייך איז וואהרשיינליך בעוואוסט מיין מיאוס'ער פאַל, ווען איך האָב געהאט דעם אונגליק פערטריבען צו ווערען פון אייער מוטער'ס הויז, ווייל זי האָט ניט געוואָלט ליידען מיין צו דרינגליכע אויפמערקזאמקייט צו אייך, האָב איך מיין בי־טערען שיקזאל ניט עמפפאנגען ווי א מאַן, נור ווי א נידערי־גער שוועכלינג. איך בין געפאלען נידריגער און נידריגער, בין געזונקען צו דער מדרגה פון א גנב, אַן איינברעכער. מען האָט מיך איינמאָל געכאַפּט און פערשיקט אויף זעקס יאהר אין געפענגניס. דאָ ניט לאנג, ווען איך בין ארויס, האָב איך ניט געהאט וואָס צו טהאָן און האָב זיך ווידער גענומען צו מיין פריהערדיגער בעשעפטיגונג — גנב'ענען. מיינער א בעקאַנ־

מער וואָס איז אויך אין דער זעלבער פּראָפּעסיאָן, האָט מיך צוגערעדט צו געהן איהם העלפען בע׳גנב׳ענען אַ פּריוואט־הויז אויף די בראָנקס. עס איז מיר גאָר ניט איינגעפאַלען, אז איך געה בערויבען די הויז פֿון דער ליעבער גוטער ענגעל, וועלכע איך האָב אַמאָל געליעבט און ליעב נאָך יעצט אויך.

דאָס ערשטע זאַך וואָס איז מיר געוואָרען אויפפאַלענד איז אַ שיסעל בלינצעס וואָס איך האָב געפונען אויפ׳ן אויווען. איך האָב שוין לאַנג ניט פערזוכט דעם געשמאַקען אידישען מאכל, און איך האָב זיך ניט געקענט איינהאַלטען און האָב פערזוכט איינע פון זיי. און ווי נור איך האָב דאָס אין מויל גענומען, איז מיר דער טעם פאַרגעקומען בעקאַנט. איך האָב געפיהלט, אז אזעלכע בלינצעס האָב איך ערגעץ־וואו געגעסען אונטער זעהר גליקליכע אומשטענדען, אָבער איך האָב זיך ניט געקענט עראינערען וואו און ווען דאָס איז געשעהן. ערשט שפּעטער האָב איך זיך דערמאָהנט, אז אזעלכע בלינצעס האָט איהר געמאכט פאר מיר שבועות, ווען איך האָב אייך בע־זוכט אין דער הויז פון אייער מוטער מיט צעהן יאָהר צוריק.

און נאָכדעם אז איך האָב דערזעהן אייער בילד אויפ׳ן טישעל אין אייער שלאָף־צימער, איז מיר שוין קלאָר געוואָ־רען, אין וועמעס הויז איך בין אריין גנב׳ענען.

אייער הויז איז געבליבען אונבעריהרט, דאָך ראטה איך אייך, אז איהר זאָלט אייער דיענסט וואָס ארבייט ביי אייך אוועקשיקען. זי שטעהט אין פערבינדונג מיט גנבים.

דער זאָנדערבאַרער צופאַל האָט אויף מיר געווירקט אזוי דאָס איך בין געוואָרען אַן אַנדער מענש. איך וועל יעצט אָנווענדען אַלע מיינע קרעפטען צו פערריכטען מיין שלעכטע פערגאַנגענהייט. איך זעה אין דעם אַ פינגער פון גאָט וואָס האָט מיך געפיהרט צו אייער הויז. מיין גאַנצען לעבען וועל איך שטרעבען צו זיין גוט און אָרענטליך, און צו פערדיענען דאָס רעכט צו טראָגען אייער עראינערונג ביי מיר אין הארצען. פון מיר וואָס בעט אייך אום ענטשולדיגונג.

דוד.

# „גרינס" אויף שבועות

„מערי!" האָט מיסטער סאַלאַמאָן וואַסערפוגעל געזאָגט צו זיין ווייב. „מיר וועלען האָבען גרינס אויף שבועות."

„וואָס מיינסטו?" האָט זי געפרעגט.

„דו האָסט שוין גאָר פערגעסען? שבועות איז אַ מנהג ביי אידען צו בעצירען די הויז מיט גרינס. איך האָב איינגעלאַדען דעם טאַטען מיט דער מאַמען צו אונז אויף שבועות".

מיסעס וואַסערפוגעל האָט זיך צולאַכט. די געשטאַלטען פון איהר גרינעם שוועער און איהר גרינע שוויגער האָבען זיך איהר פאָרגעשטעלט — ער מיט זיין לאַנגער ווייסער באָרד, און זי מיט איהר שייטעל — צוויי אַלטמאָדישע מענשען, ערשט ניט לאַנג געקומען פון רוסלאַנד, נאָך גאָר „גרין".

מיסטער סלאַמאָן וואַסערפוגעל איז געוועזען אַ גרויסער ספּעקולאַנט פון לאַנד און הייזער אין האַרלעם און האָט געוואָוינט אין אַ גרויסאַרטיגע הויז אויף דער אַריסטאָקראַטישער זיבעטע עווענוי, ניט ווייט פון סענטראַל פּאַרק. ער איז געוועזען אַ גוטער מענש, אַ דזשענטעלמאַן, אַ בעל צדקה, האָט אונטערשטיצט וואָהלטהעטיגע אנשטאַלטען און האָט זיינע קינדער געגעבען אַ גוטע ערציהונג. ער איז אָבער געוועזען אביסעל נאַכלעסיג אין אידישקייט. צום ביישפּיעל: ער איז געוועזען אַ מיטגליעד פון אַ שוהל און געהן אהין פּלעגט ער בלויז ימים נוראים. ער פּלעגט קויפען פלייש פון אַ כשר'ן בוטשער, אָבער אין הויז ביי איהם פּלעגט מען עסען אויך אויסטערס און ראַקעס. ער האָט אונטערשטיצט אַ תלמוד תורה, אָבער ניט זיינע צוויי טעכטער און ניט זיין זוהן האָבען געקענט אַ אידיש וואָרט. דאָך איז ער געוועזען געאַכטעט פון אַלע זיינע אידישע פריינד צוליעב זיין גוטען קאַראַקטער און עדעלקייט.

באַלד נאָך פּסח זיינען געקומען צופאָהרען זיינע עלטערען. זיי זיינען פערפאָהרען צו זיין ברודער, מיסטער דזשייקאָב וואַסערפוגעל, וועלכער האָט געוואָוינט דאַון טאַון, אין דער עכט אידישער

מעדיסאָן סטריט. מיסטער דזשייקאָב וואַסערפויגעל האָט גע־
פיהרט אַן אמת אידישע הויז און האָט אָבגעהיט אַלע אידישע דינים
פון כשרות. זיינע קינדער האָט ער געגעבען אַן עכט אידישע ער־
ציהונג. די צוויי ברידער האָבען פאַראויס אָבגעמאַכט, אַז ווען
זייערע עלטערן וועלען קומען זאָלען זיי צוערשט זיין ביי זייער פרוי־
מען זוהן, און נאָכדעם אַז זיי וועלען זיך שוין אַ ביסעל „אויסגרוי־
נען“, זאָל מען זיי אריבערנעהמען צום אנדער זוהן אויף דער זיב־
טער עוועניו.

„מערי!“ האָט געזאָגט מיסטער סאָלאָמאָן וואַסערפויגעל צו
זיין פרוי. „דו ווייסט דאָך ווי מיינע עלטערן זיינען ביי מיר
טהייער, וויל איך אַז דו זאָלסט זיי אויך ליעבען אַזוי ווי איך.“

„יא, איך ליעב זיי זעהר“, האָט מיסעס וואַסערפויגעל געזאָגט,
בלעטערענדיג אַ בוך מיט נאָטען. „דיין פאָטער זעהט אויס ווי אַ
פאַטריאַרך, ווי אַ נביא. הי איז איי גרענד אָלד מען. און דיין
מוטער — שי איז סאָטש איי דיר ליטל וואומען, איך בין פערליעבט
אין איהר. אַזוי איינפאַך און גוטמוטהיג. אונטער איהר שייטעל
איי דאָ אַ קאָפּ מיט שכל.“

„מאַי דיער וואַיפי!“ (מיין טהייערע ווייבעלע!) האָט מיסטער
וואַסערפויגעל אויסגערופען שטאַרק געריהרט פון זיין פרוי׳ס גוטע
מיינונג וועגען זיינע עלטערען.

„אה“, האָט מיסעס וואַסערפויגעל געזאָגט, „איך בין ניט פון
די מענשען וואָס לאַכען פון אַלטע לייט. איך האָב ניט לאַנג געלע־
זען אַ געשיכטע וואָס שילדערט ווי אין אמעריקא שעהמט מען זיך
מיט אידישע עלטערען. אַי דאָנ׳ט ביליוו סאָטש סטאָרס. (איך
גלויב ניט אַזעלכע מעשות). איך גלויב ניט, אַז קינדער זאָלען זיך
שעהמען מיט עלטערען נור דערפאַר, ווייל די עלטערען זיינען פון
דער אַלטער וועלט. די מענשען פון דער אַלטער וועלט האָבען גע־
לעבט קליגער פון אונז.“

„וועל, נאָט עקזעקטלי“, (נו, דאָס איז ניט גראַדע ריכטיג), האָט
געזאָגט מיסטער וואַסערפויגעל. „אָבער איך וויל מיט דיר היינט
ניט פילאָזאָפירען. איך וויל פון דיר בעטען, אַז דו זאָלסט מר העל־
פען אויפצונעהמען מיינע עלטערען ווי געהעריג איז.“

איך וועל טהאָן אַלעס מעגליכעס צו מאַכען פאַר זיי אַן אַנגע־נעהמען יום טוב."

„גוד פאַר יו!" האָט ער אויסגערופען מיט פרייד און דאַנק־באַרקייט. „עס איז בלויז אַ וואָך צו שבועות און מיר דאַרפען שוין אָנהויבען צו אַרבייטען. ערשטענס מוז מען אונזער פראַנצוויזישע קעכין אַוועקשיקען אויף אַ פּאָאַר וואָכען צייט, און אויף איהר אָרט אַריינגעהמען אַ אידישע וואָס זאָל קאָכען כשר. צווייטענס מוזען מיר איינקויפען נייע געשיר, מילכיגע און פליישיגע. עס מוז זיין שטרענג כשר, אַז ניט וועלען די אַלטע זיך פיהלען געקריינקט."

„אָל ראַיט, דיער" (גוט מיין טייערער), האָט געענטפערט מיסעס וואַסערפויגעל, און נאָך אין דעם זעלבען טאָג האָט זי זיך גענומען איינצוקויפען די געשיר. זי האָט איינגעקויפט טעפּ, טעלער, שיסעל, גאָפּעל, לעפעל, און מעסער, צוויי בעזונדערע סעטס פון אַלעס, און האָט דעם סטאָרקיפּער געהייסען די זאַכען צושיקען אַ דריי טעג בעפאָר שבועות. אין צווישען האָט זי זיך בעזאָרגט מיט אַ אידישע קעכין, אַן אונגאַרישע. די געשיר איז אַראַנזשירט געוואָרען אין דער בעסטער אָרדנונג. די קינדער פון מיסטער און מיסעס וואַסערפויגעל: עטהעל, 19 יאָהר אַלט, קלאַראַ, 17 יאָהר אַלט, און מעטהיו, אַ 15 יעהריגער בחור'ל, זיינען מושטירט געוואָרען אין דער טיש־עטיקעט פון מילכיגס און פליישיגס, און זיי האָבען צוגע־הערט ווי געהאָרכזאַמע שילער. זיי האָבען דעם זיידען מיט דער באָבען נאָך ניט געזעהן, און זיי זיינען געווען שטאַרק אונגעדול־דיג אָנצוקוקען דעם „גרענדפּאַ" מיט דער „גרענדמאַ", פון וועמען זיי האָבען געזעהן בלויז זייערע בילדער.

ערב שבועות האָט זיך נעבען דער גרויסער הויז אויף זיבעטע עוועניו אָבגעשטעלט אַ צוגעמאַכטער קעררידזש, און פון דאָרט זיינען אַרויס מיסטער סאַלאָמאָן וואַסערפויגעל, זיין אַלטער פאָטער מיט דער אַלטער מוטער. די אַלטע פּאָאַר פאַלק האָבען זיך אַביסעל געשראָקען ווען דער שוואַרצער דיענער האָט זיי אַריינגעפיהרט אין עלעווייטאָר און זיי האָבען אָנגעהויבען צו פליהען אין דער הויך. אבער אַז זיי זיינען אַרויפגעקומען אין זייער זוהן'ס וואוינונג האָבען זיי זיך בערוהיגט.

„קיין עין הרע", האָט געזאָגט דער אַלטער, און זיך אַוועק־

געזעצט אין ערשטען צימער וואָס זיי זיינען אריינגעקומען. „קיין עין הרע, מיין זוהן, דו לעבסט ווי א גראף. שוין כדאי געווען צו פליהען מיט'ן שווארצען אויף זיין לופט־באלאָן אזוי הויך.“

„וואָס האָסטו זיך אוועקגעזעצט, טאטע?“ האָט געפרעגט סאלאָמאָן וואסערפויגעל, „דאָ איז קיין אָרט ניט צו זיצען. דאָס איז א קאָרידאָר, דאָ זעצט זיך צו א שיק־יונג, א דיענער, אָדער א קרעמער וואָס ברענגט עפּעס סחורה אין הויז. קום ווייטער.“

און סאלאָמאָן וואסערפויגעל האָט אריינגעפיהרט זיינע עלטערן אין א גרויסען זאל פון זיין וואוינונג, פאר וועלכען ער האָט געצאָהלט א סומע פון הונדערט מיט זיבעציג דאָלאר א חודש רענט. און דער אלטער טאטע מיט דער אלטער מאַמע האָט די אויגען געריבען פאר בעוואונדערונג, זעהענדיג אין וואָס פאר א לוקסוס זייער זוהן לעבט. דאָ זיינען געווען טעפּיכען, וואָס אז מען איז אויף זיי געגאנגען האָט מען געפיהלט אז מען שפּאציערט אויף פּערינעס. דאָ איז געווען מעבעל איבערגעשלאָגען מיט לעדער געמאכט פון שלאנגען־פעל; גארדינען געשטיקט מיט גאָלד זיינען געהאנגען אויף די פענסטער. די עטליכע בילדער אויף דער וואנד האָבען בעטראָפען דעם פערמעגען פון א היימישען גביר.

„לעבסט דאָך גאר ווי א שררה!“ האָט דער אלטער אויסגערופען.

„אָהן עין הרע, אָהן עין הרע!“ האָט געזאָגט די אלטעטשקע, פערלעגענדיג די הענד און שאָקלענדיג מיט'ן קאָפּ.

„באלד וועלען אריינקומען מערי מיט די קינדער,“ האָט געזאָגט סאלאָמאָן וואסערפויגעל.

דער אלטער איז ארומגעגאנגען איבער'ן פּארלאָר און האָט געטאַפּט דאָס מעבעל, די בילדער און אפילו די ווענד. בעמערקענדיג א פּאָאר שווארצע קנעפּלעך אין די ווענד, האָט ער איינעם א דריק געטהאָן. עס איז באלד אריינגעקומען א קאַמערמעדכען, מיט א ווייסען הייבעל אויפ'ן קאָפּ, און זיך געשטעלט אין טהיר.

„נו?“ האָט סאלאָמאָן וואסערפויגעל געפרעגט די קאמערמעדכען. „וואָס ווילסטו?“

„איך האָב געהערט קלינגען,“ האָט געזאָגט די מיידעל, „האָב איך געמיינט איהר רופט מיך.“

„קיינער האָט געקלונגען", האָט געזאָגט סאָלאָמאָן וואַסערפויגעל, „עס האָט זיך דיר אָבגעדאַכט."

דאָס מיידעל האָט זיך ענטשולדיגט און איז אוועק. אזוי ווי דער געשפּרעך איז אָנגעגאַנגען אין ענגליש, האָט דער אַלטער ניט פערשטאַנען א וואָרט וועגען דעם וואָס עס איז גערעדט געוואָרען.

די אַלטעטשקע האָט אויך גענומען א ביסעל בעטראַכטען דאָס צימער. זי האָט אויך בעמערקט א פּאָאר קנעפּלעך אין וואַנד. זי האָט פריהער א דריק געטהאָן איינעם, נאָכדעם א צווייטען. אין אַן אויגענבליק איז דאָס צימער בעלויכטען געוואָרען. א צוואַנציג עלעקטרישע לעמפּלעך, וועלכע זיינען געווען צושפּרייט איבער'ן גאַנצען צימער האָבען זיך אָנגעצונדען.

„אוי, וועה איז מיר, עס ברענט!" האָט די אַלטעטשקע אויסגערופען.

אָבער דער זוהן איז צו איהר צוגעלאָפען און זי בערוהיגט.

„אָט די קנעפּלעך דאַרף מען ניט טשעפּען," האָט ער ערקלערט, „אָט דעם קנעפּעל אז מען גיט א דריק, קומען צולויפען די פייערלייטע. און דעם קנעפּעל אז מען גיט א קוועטש, קומט פּאָליציי. אָט דעם קנעפּעל גיט א דריק, מאַמע, וועלען זיך די לאָמפּען פערלעשען. האָסט מורא? נו, אָט וועל איך דאָס אַליין טהון. זעהסט?"

באַלד זיינען אריינגעקומען די מאַדאַם מיט די קינדער. די מאַדאַם האָט זיך מיט דער שוויגער צוקושט. נאָכדעם זיינען פאָרגעשטעלט געוואָרען די קינדער.

„דאָס איז עטהעל, דאָס איז קלאַרא, און דאָס איז מעטטהיו — און דאָס איז אייער גראַנדמאַ און דאָס אייער גראַנדפּאַ."

עס איז געוואָרען א קוסעריי אויף אַלע זייטען. די אַלטעטשקע האָט געוויינט פאַר שמחה, און דער אַלטער האָט מיט א האַלבטרויעריגען שמייכעל געפרעגט:

„אויף אידיש ווי הייסט איהר, קינדער?"

„סאָירטש מי! (פרעג מיך בחרם!)" האָט געענטפערט מעטטהיו.

„וואָס זאָגט ער?" האָט געפרעגט דער אַלטער.

אבער סאָלאָמאָן וואַסערפויגעל איז געקומען צו הילף:

„עטהעל איז אויף אידיש איטע; קלארא איז לאה און מעטטהיו איז משה.“

„דאס איז שוין צופיעל פערדרעהט,“ האט געזאגט דער אלטער. „זעהסטו, ביי דיין ברודער יענקל׳ען רופען זיך אויך די קינדער מיט אמעריקאנער נעמען, אבער ניט אזוי פערדרעהט. זייער לאה׳קע הייסט ליע; זייער משה׳קע הייסט מאזעס, בלויז זייער חיים׳קע הייסט טשאלי. זיי זאגען, אז חיים קען מען בשום אופן ניט איבערמאכען אויף ענגליש, און אז טשאלי איז אין אמעריקא א אידישער נאמען. ווייסט איהר וואס, קינדער, לאזט מיך, אייער אלטען זיידען, אייך רופען מיט אידישע נעמען.“

סאלאמאן האט פאר די קינדער איבערגעזאגט אין ענגליש דאס וואס זיין פאטער האט פון זיי פערלאנגט.

„וואס? זיי פערשטעהען גאר קיין אידיש ניט?“ האט דער אלטער געפרעגט שטארק איבערראשט, און די אלטעטשקע האט גענומען שאקלען מיט׳ן קאפ.

מיסטער און מיסעס וואסערפויגעל האבען אראבגעלאזט זייערע אויגען צו דער ערד. די קינדער האבען איינע די אנדערע אנגעקוקט און ניט געוואוסט וואס דא האנדעלט זיך, און ווארום דער גראנדפא איז אונצופריעדען.

„הי וואנטס אס טו ספיק דזשואיש. (ער וויל מיר זאלען רעדען אידיש).“ האט ערקלערט עטהעל, וועלכע האט געכאפט א פאאר ווערטער פון דעם אלטענ׳ס פראגע.

„אה, אי קען ספיק דזשואיש (איך קען רעדען אידיש)“, האט זיך אבגערופען מעטטהיו. „אי קען סיי (איך קען זאגען) שלום לייקעם, מאזומא, בייטצימער, חכם, מזל טוב, ענד באבקעס, ענד סאם מאר.“

מיסטער סאלאמאן וואסערפויגעל האט די קינדער געהייסען ארויסגעהן, נאכדעם האט ער זיך געווענדעט צו זיין פאטער מיט דיזער ווערטער:

„די קינדער זיינען אמעריקאנער קינדער. פון זיי קענסטו ניט ערווארטען אז זיי זאלען רעדען ווי מיר רעדען. פאר מיין זוהן האב איך געדענקט צו נעהמען א לעהרער וואס זאל איהם לערנען א ביסעל אידישע זאכען, נור איך האב דאס אלץ אבגעלעגט, איך בין זעהר

א צוטראָגענער מענש. דיר צוליעב וועל איך אויסזוכען א לעהרער גלייך נאָך יום טוב. מיין זוהן וועט לערנען אלע אידישע זאכען. די טעכטער איז שוין גראדע ניט נויטיג צו לערנען.״

דער אלטער האָט א זיפץ געטהאָן, און גאָרניט געזאָגט.

„קום, טאטע, קום מאמע, איך וועל אייך ווייזען א ביסעל מיין וואוינונג.״ האָט געזאָגט סאלאָמאָן.

מיסטער וואסערפויגעל איז געגאנגען פאָראויס, נאָך איהם זיין פאָטער און נאָכדעם זיין מוטער מיט זיין פרוי. ער האָט זיי געוויזען דעם עס־צימער, די שלאָף־צימערען, זיין קאבינעט, און אפילו זיין באדע־צימער מיט די מארמאָרנע וואנד. די אלטע פּאָאר האָבען געפיהלט אז זיי האָבען ניט גענוג אויגען צו בעטראכטען די אלע קאָסטבארע ארטיקלען, דעם רייכטהום און די עלעגאנץ וואָס זיי האָבען געזעהן אין יעדען ווינקעלע. „אָהן עין הרע, אָהן עין הרע״, האָט די אלטעטשקע געשעפּצעט אין דער שטיל. צולעצט זיינען זיי אריינגעקומען אין קיך.

„אָט זעהסטו, טאטע,״ האָט געזאָגט מיסטער וואסערפויגעל, „אָט דאָ האָבען מיר מילכיגע געשיר, און דאָ פליישיגע. איהר וועט האָבען א כשר'ען יום טוב.״

„עס איז אלץ נייע זאכען,״ האָט די אלטעטשקע בעמערקט, „ערסט ניט לאנג געקויפט.״

מיסטער וואסערפויגעל איז רויט געוואָרען. מיסעס וואסערפויגעל האָט זיך אָבגעקעהרט אָן א זייט צו בעהאלטען איהר שמייכעל. אין דעם אלטענ'ס אויגען האָט א בליץ געטהאָן, אזוי ווי א נייער געדאנק וואָלט איהם איינגעפאלען.

„עס איז אלץ צוליעב מיר מיט דיין מאמען?״ האָט ער געפרעגט מיט א שטימע וואָס האָט אויסגעדריקט אי מיטלייד, אי פאָרוואורף.

א גאנצע מינוט האָט קיינער גערעדט א וואָרט. עס איז געוועזען איינע פון יענע שמערצליכע מינוטען וואָס ציהען זיך ווי שטונדען.

„הערט, מיינע קינדער,״ האָט געזאָגט דער אלטער, זיך ווענדענדיג צו ביידען, זיין זוהן מיט זיין שנור, „איך וויל מיט אייך זיין זעהר אָפען. איך בין א איד פון דער אלטער וועלט און מיין פרוי איז אויך פון מיין וועלט. איך ווייס אז איך וועל אייך ניט איבער־

מאכען, אָבער איך אליין וויל אָבלעבען מיינע יאָהרען אזוי ווי איך האָב געלעבט ביז יעצט. איך בעט פון אייך איין זאך: אויף יום טוב שיקט מיך אָב צוריק צו יענקל'ען אין מעדיסאָן סטריט. דאָרט וועלען מיר וויסען אז מיר וועלען הנאה האָבען פון אונזער יום־טוב. נאָך יום טוב וועלען מיר צו אייך קומען אויף בעזוך ווי אָפט נור איהר ווילט אליין.“

„טאטע!“

„שווער!“

„לאָזט מיר, קינדער, און נעהמט ניט פאַר אומגוט. איך האָב אייך ליעב ווי מיין לעבען, אָבער עסען ביי אייך קען איך ניט. א גלעזעל טהעע, א קיכעל, ברויט מיט פוטער, נו, דאָס מיט'ן גרעסטען פערגניגען. אָבער ניט מעהר ווי דאָס. נעהמט ניט פאַר אומגוט, קינדער, און שיקט — אויף יום טוב צוריק צו יענקלען. אָבער זעהט איך זאָל ניט פערשפעטיגען.

מיסטער סאלאָמאָן וואסערפויגעל איז צוגעגאנגען צום טעלעפאָן און בעשטעלט אַן אָטאָמאָביל. די אלטע פּאָאר פאָלק האָבען געהאט די ערשטע רייזע אויף זייער לעבען אין אַן אָטאָמאָביל. מיסטער וואסערפויגעל איז מיט זיי מיטגעפאָהרען.

אז דער אָטאָמאָביל איז אריינגעפאָהרען אין אידישען קווארטאל, און דער אלטער האָט דערזעהן אמת אידישע פנים'ער, אידישע געשעפטען מיט אידישען שילדען, און אז זיין אויער האָט פערנומען דעם קלאַנג מיט דעם עכט אידישען לשון, האָט ער אָנגעהויבען פרייער צו אָטהעמען און זיינע אויגען האָבען אָנגעהויבען צו לייכטען, אזוי ווי די אויגען פון איינעם וואָס האָט זיך ערשט בעפרייט פון תפיסה.

ווען דער אָטאָמאָביל האָט זיך אָבגעשטעלט נעבען א טענעמענט־הויז אין מעדיסאָן סטריט, האָבען זיך באלד אָנגעקליבען א גרויסע צאָהל קינדער פון דער גאַס און בעוואונדערט די פּאסאזשירען וואָס האָבען זעהר וועניג הארמאָנירט מיט דעם גרויסען וואָגען וואָס לויפט אָהן פערד. די קינדער זיינען געווען אָבגעוואשען, פערקעמט. און אין ריינע העמדלעך. אין דער לופט האָט זיך געטראָגען א ריח פון געקאָכטע פיש, פון פרישע געבעקס, פון צימרינג אין אנדערע געווירצען. עס האָט געשמעקט מיט יום טוב.

„איל זיך אונטער א ביסעל, מיין זוהן", האָט דער אַלטער געזאָגט. „איך וויל ניט, אז דו זאָלסט צוליעב מיר דארפען פאָהרען אום יום טוב. מיר וועלען שוין אליין ארויפגעהן אין יענקעל'ס וואָוינונג. פאָהר געזונד, מיין זוהן, און האָב קיין פאראיבעל ניט. נאָך יום טוב, אם ירצה השם, וועלען מיר צו דיר קומען אויף טהעע."

„פאָהר געזונד, א גוטען יום טוב דיר, דיין ווייב און דיינע קינדער!" האָט די אַלטע נאָכגעזאָגט, וועהרענד דער אָטאָמאָביל האָט זיך אָנגעהויבען ריהרען און ברומען: „האָנק! האָנק!"

# אַ שבֿועות׳דיגער „על חטא"

די גאָלדענע מאָרגען־זון איז אָקאָרשט־וואָס אַרויס פון איהר הימלישען שלאָף־צימער און האָט בעגריסט די נאָך שלאָפענדע בראָנזוויל מיט טויזענד חנ׳ען. און די נאָך אין טיעפען שלאָף איינגעזונקענע בראָנזווילאַנער האָבען געטרוימט זייערע חלומות, די וועגען פערלאָרענע גליקען אין לאַנד און הייזער, און די וועגען סטרייקס, ביזי און סלעק. נעהנטער און נעהנטער האָט זיך די גאָלדענע זון צוגערוקט. עס איז איהר געוואָרען אומעדיג דאָרט אין עק מזרח, און זי האָט געזוכט די מענשליכע געזעלשאַפט.

אַ מילך־מאַן האָט זיך בעוויזען מיט זיין וואָגען. ער האָט זיך אָבגעשטעלט נעבען אַ וואַסער־פאַנטאַן און גענומען בעוואַסערען זיינע מילך. די זון האָט געקוקט און געשוויגען. די זעלבע זון, וואָס האָט געשיינט ביים באַרג סיני, ווען, צווישען דונערען און בליצען, האָט כביכול שטרענגט פערזאָגט „לא תגנוב". דער מילך־מאַן איז פערשוואונדען און אין גאַס האָט זיך בעוויזען אַ קעררידזש. דער קעררידזש האָט זיך אָבגעשטעלט נעבען אַ הויז און פון דאָרט איז אַרויסגעשטיגען אַ יונג פּאָר פאָלק. דער יונגער מאַן אין אַ שווארצען ראָק און אַ צילינדער מיט אַ בלום אין זיין לאַץ, און די ווייבעל אין אַ ווייסע חופּה־קלייד מיט אַ גרויסען שלייער איבער׳ן קאָפּ און אַ בוקעט אין איהר האַנד.

דער קעררידזש האָט זיך פערקירעוועט און איז אַוועק. די יונגע פּאָאר פאָלק זיינען אַריין אין קאָרידאָר און דאָרט זיינען זיי אַרויף אויבען, קלעטערענדיג דריי שטיגען זיי זייער וואָוינונג.

„יעצט, מיין טייבעלע", האָט געזאָגט דער יונגער מאַן, „יעצט לאָמיר זיך איינע די אנדערע אָפּגעבען אַ מזל טוב. מיר האָבען חתונה געהאַט און מיר זיינען שוין מאַן און ווייב."

„פּאַוואָליע", האָט זי געזאָגט, „קוועטש מיך ניט. דו פערגעסט, אַז די חופּה־קלייד איז ניט מיינע. צוועלף אוהר וועט מען קומען פון סטאָר דאָס אָבנעהמען צוריק."

„גוט וואָס דו האָסט מיך דערמאָנט", האָט ער געזאָגט. „מען

דארף שנעלער אראָבנעהמען פון זיך דעם שווארצען פראַק. דער מאַן, ביי וועמען איך האָב דאָס גענומען, איז זעהר פּריטיקלע. ער צווינגט צו בעצאָהלען פאר דעם קלענסטען שאדען.״

„דזשייק!״ האָט זי געזאָגט נאָך אַ קורצען שטילשווייגען, „דו ווייסט? דאָס מעבעל געפעהלט מיר זעהר. וואָס קאָסט דאָס גאנצע מעבעל?״

„הונדערט מיט פופציג דאָלער אלעס צוזאמען״, האָט ער געענטפערט. פינף און צוואנציג דאָלער האָב איך בעצאָהלט באַארעם געלד און דריי דאָלער אַ וואָך וועלען מיר אויסצאָהלען. זאָרג זיך ניט, סערע, מיר וועלען אויסצאָהלען.״

„יא״, האָט זי געזאָגט אַ ביסעל פערטראַכט, „מיר וועלען אויסצאָהלען. ווייסטו וואָס מיר איז איינגעפאַלען? אויף וואָס דאַרפען מיר האָבען פיער צימערען? דריי זיינען אונז גענוג. אפשר וואָלטען מיר איינעם פערדונגען צו אַ באָרדער?״

„עס איז אַ גאַנץ גוטער פּלאַן״ האָט ער געזאָגט. „מיט׳ן באָרדער וועט אונז זיין לייכטער אויסצוצאָהלען פאר דאָס מעבעל.״

„שור״ האָט זי געזאָגט. „פערגעס ניט אז מיר האָבען נאָך ניט געסעטעלט פאר דער חתונה. מיר זיינען נאָך שולדיג פאר ביער און פאר זעלצער.״

„ביי דיר וועט זיך אַ באָרדער האַלטען״ האָט ער געזאָגט זוכענדיג זי אַ ביסעל צו טרייסטען „דו ביסט דאָך אַ טהייערע קעכין. פאר דיינע בלינצעס אליין קען מען דיך ליעב האָבען. איך אליין האָב זיך דאָך אין דיר פערליעבט צוליעב דיינע בלינצעס. געדענקסט פאר אַ יאָהרען שבועות ווען מיר זיינען צום ערשטען מאָל בעקאַנט געוואָרען אין דיין מאַמע׳ס הויז? דו האָסט מיר דערלאַנגט בלינצעס און איך האָב גלייך געטראַכט ווי גוט עס וואָלט געווען אז שבועות זאָל זיך ציהען אַ גאַנצען יאָהר און דו זאָלסט מאַכען בלינצעס נור פאר מיר אליין. מיין סערעלע, אָה, מיין טהייערע סערעלע!״

דזשייק האָט גערעדט מיט בעגייסטערונג, מיט פייער, און ער האָט גאָר ניט בעמערקט, אז אויף סערע׳ס שטערען האָט זיך ווי אַ וואָלקען פערצויגען, אזוי ווי די עראינערונג פון אַ שרעקליכען חלום.

„דזשייק", האָט זי געזאָגט און איהר שטימע האָט געציטערט, „איך וויל דיר עפּעס זאָגען, נור איך האָב מורא".

„מורא?" האָט ער איבערגעפרעגט, איהר גלעטענדיג איבער די באַקען. „פאַר מיר האָסטו מורא, סערעלע? זאָג, סערע, זאָג מיר אַלעס וואָס ביי דיר איז אויפ'ן הארצען, האָב קיין מורא ניט. זאָל צווישען אונז קיין זאַך ניט זיין בעהאַלטען. לאָמיר איינע די אנדערע זאָגען דאָס וואָס ביי אונז אין די הערצער. לאָמיר זיין פריי און אָפען איינער מיט'ן אַנדערען."

„אָבער איך האָב מורא, אַז ווען איך וועל דיר אויסזאָגען, וועסטו מיך מעהר ניט ליעבען". סערע'ס אויגען האָבען געקוקט אָן א זייט. זיי האָבען זיך ניט געוואָלט בעגעגענען מיט זיין בליק.

דזשייק האָט א דרעה געטהאָן מיט זיינע פּלייצעס און האָט זיך גע'חידוש'ט.

זאָל דאָס זיין עפּעס וועגען איהר פערגאַנגענהייט? — האָט ער זיך געפרעגט.

ער האָט א שוידער געטהאָן ביי דעם געדאַנק.

אין דעם אויגענבליק האָט די מאָרגען־זון אריינגעשיינט אין צימער, האָט דייטליך ארויסגעוויזען די בלאַסקייט פון סערע'ס געזיכט און די בלויע רינגען אונטער איהרע אויגען.

עס אַז ביי איהם גאָר קיין ספק ניט געווען, אַז זיין פערדאַכט האָט א גרונד. אָט איז זי פאַר איהם געשטאַנען א זינדיגע, א צו־בראָכענע און וויל זיך אויף אַלעס מודה זיין, אום צו קריגען פון איהם פערצייהונג.

א געפיהל פון מיטלייד האָט איהם אַנגענומען.

„זאָג שוין", האָט ער געזאָגט מיט א געמאַכטען קאַלטען טאָן. „זאָג, לאָז זיך שוין הערען".

„זאָגסטו מיר צו, אַז דו וועסט מיר ליעבען אזוי ווי געווען?" האָט זי געפרעגט.

דזשייק'ן האָט א שלאָג געטהאָן די בלוט אין קאָפּ. ער האָט געפיהלט א וועהטאָג אין די שלייפען.

ער האָט זיך דערמאָנט וואָס ער האָט א מאָל געלעזען א דיסקוסיאָן אין א צייטונג וועגען א פרוי וואָס האָט זיך מודה געווען פאַר איהר מאַן אויף א פערברעכען. דאַן איז ער אויך געווען איינ־

שטימיג מיט די לעזער וואָס האָבען געזאָגט אז דער מאַן דאַרף מוחל זיין. און דאָ, אויב עס איז געווען אַ פערברעכען, איז עס דאָך בע־גאַנגען געוואָרען פאַר דער חתונה, דאַרף ער דאָך געוויס מוחל זיין.

דזשייק האָט געשוויגען. סערע האָט געעפענט אַ פענסטער און עס איז אריין אַ פרישער ווינטעל.

„זאָג שוין, סערע".

„וועסט מיך ליעבען אזוי ווי פריהער?"

„יע־יעס".

„טאָ זעץ זיך אוועק נעבען מיר. אָט דאָ".

ער האָט זיך אַוועקגעזעצט.

„געהנטער. מיר זיינען דאָך מעהר ניט קיין פרעמדע — נאָך נעהנטער. אָט אזוי. יעצט וועל איך דערצעהלען. עס איז אַ לאַנגע מעשה."

דזשייק האָט אַ הוסט געטהאָן. ער איז געוואָרען אונגעדול־דיג. צו וואָס דאַרף זי מאַכען די מעשה אזוי לאַנג? זאָל זי זאָ־גען דעם סוף. ער ווייס שוין דעם אָנפאַנג. עס איז דאָך די אַלטע, אַלטע געשיכטע. זי האָט זיך בעקענט מיט אַ יונגען מאַן. ער איז געווען אַ שעהנער, אַ קלוגער און איז געווען צו איהר זעהר פריינד־ליך. זי האָט אין איהם געטרויט. זי האָט זיך גאָר ניט געקענט פאָרשטעלען, אַז אזא מלאך ווי ער זאָל זיין פאַלש. און עס האָט זיך אויסגעלאָזען אז ער איז אַ פערדאָרבענער. אָה, אָבער זי האָט עס ערפאַהרען צו שפעט. און אזוי ווייטער, און אזוי ווייטער.

אָך, ווען זי וואָלט בעסער פערשפּאָרט די גאַנצע מעשה און איהם דערצעהלט בלויז וועגען דעם סוף!

„הער צו, דזשייק", האָט זי אָנגעפאַנגען, „איידער מיר האָבען זיך בעקאַנט איז ביי אונז איינגעשטאַנען אַ באָרדער" —

„איז ער געווען אשעהנער און אַ קלוגער", האָט אונטערגע־כאַפּט דזשייק, „און ער האָט געהאַט אַ גלאַטען צונג."

„דזשייק! וואָס איז מיט דיר? וואָס רעדסטו? האָסט דען דעם באָרדער געקענט?"

„ניין", האָט דזשייק געענטפערט, „איך האָב איהם ניט גע־קענט, נור איך שטעל זיך אזוי פאָר די מעשה."

„ער איז אָבער ניט געווען קיין שעהנער, נור אזוי אַ קלוגער, אַ

געבילדעטער. ער איז ביי אונז געווען א באָרדער ביז זיין פרוי איז אָנגעקומען פון רוסלאַנד."

„אָט אזא לומפּ, וואָס האָט א ווייב, געהט עם טהאָן אזא זאַך!"

„איך האָב מורא, דזשייק, אז דו פערשטעהסט מיך ניט".

„איך פערשטעה שוין, ער האָט דיר געזאָגט אז ער איז נאָך א בחור."

„ניין, ער האָט דאָס מיר גאָר ניט געזאָגט. ער האָט גלייך ביים אריינציהען צו אונז געזאָגט, אז ער האָט א ווייב מיט דריי קינדער אין רוסלאַנד, און אז ער ערוואַרטעט זיי אויף שבועות. ווען ער האָט אריינגעצויגען צו אונז, איז דאָס געווען אַרום חנוכה".

„דו האָסט געוואוסט, אז ער האָט א ווייב מיט דריי קינדער?"

דזשייק האָט זיך אָבגערוקט און זיך אוועקגעזעצט אויף א שטוהל.

„איך האָב מורא, דזשייק, אז דו הויבסט גאָר ניט אָן צו פערשטעהן", האָט סערע געזאָגט, שוין ברוגז׳לעך. „איך בעט דיך, שלאָג מיר ניט איבער די רייד. לאָמיך דערצעהלען די מעשה".

„מאַך עם בקיצור", האָט ער געזאָגט. „איך האָב פיינד לאַנגע מעשיות."

„אַי, שלעכט!" האָט סערע אויסגערופען, „ביזט דאָך גאָר א כּעסן!"

„נו, נו, איך בין ניט אין כעס. דערצעהל זשע ווייטער."

„בקיצור, דער באָרדער איז געווען צו מיר זעהר פריינדליך. און ער פלעגט מיך אָפט מוסר׳ן פאר וואָס איך לערן זיך ניט קאָכען. ער פלעגט זאָגען, אז קיין מאַן קען ניט ליעבען א פרוי, וואָס קען ניט געבען זאַט צו עסען און אז מענערשע ליעבע געווינט מען דורכ׳ן מאָגען, ניט דורכ׳ן הארצען. א וואָך פאר שבועות איז זיין ווייב אָנגעקומען מיט די קינדער. און אום צו צייגען, וואָס פאר א בריה זיין ווייב איז, האָט ער אונז צוגעשיקט א טעלער בלינצעס, וואָס זי האָט געמאַכט אויף שבועות.

„וואָס געהט עס מיך אָן?" האָט דזשייק געפרעגט. „דערצעהל דעם עיקר".

„דער עיקר איז", האָט סערע געזאָגט, אַראָבלאָזענדיג דעם קאָפּ, „דער עיקר איז, אַז מיט יענע בלינצעס, וואָס דעם באָרדער׳ס ווייבעל האָט אונז געשיקט, האָט מען דיך מכבד געווען און מיין

מאַמע האָט דיך אָבגענאַרט און דיר געזאָגט, אַז די בלינצעס האָב איך געמאַכט".

דזשייק האָט געשוויגען. ער איז געזעסען ווי צומישט, ניט וויסענדיג אויב דאָס איז שוין די גאַנצע מעשה, אָדער עס איז בלויז אַן הקדמה צום עיקר.

„און ווייטער?" האָט ער געפרעגט.

„און ווייטער איז געווען אזוי„ האָט זי געענטפערט. „יעדען מאָל, ווען דו פלעגסט קומען, פלעגט שוין מיין מאַמע פריהער אָנ־גרייטען בלינצעס, וואָס אונזער באָרדער'ס ווייבעל פלעגט מאַכען".

„און ווייטער? דערצעהל שוין אַלעס".

„דאָס איז אַלעס, נאַרעלע", האָט י געזאָגט. „ביזט מיר מוחל וואָס איך האָב דיר אָבגענאַרט? וועסטו מיר ליעבען אזוי ווי פריהער, כאָטש איך קען אפילו אביסעל באָרשט ניט אָבקאָכען?"

„פו! פו! פו!" האָט דזשייק דריי מאָל אויסגעשפּיגען, „סערע, האָסט מיך איבערגעשראָקען, אויף טויט איבערגעשראָקען! איך האָב געמיינט מי־יודע־וואָס! מיין טהייערע, מיין זיסע, בע־צוקערטע שבועות־בלינצע! ענטשולדיג מיר! זיי מיר מוחל פאַר מיינע נאַרישע געדאַנקען, וואָס איך האָב געהאַט וועגען דיר. מיין טהייערע, מיין גאָלד, מיין מלאך!" און דזשייק איז איהר געפאַלען צו די פיס און געגומען קושען איהרע הענד.

„מוחל, מוחל, מיין טהייערער!" האָט סערעה געענטפערט.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

און נאָכדעם זיינען אַרונטערגעצויגען געוואָרען די גאַרדינען און עס האָט געהערשט אַ הייליגע שטילקייט.

# ימים נוראים בילדער

.1

## אן אָרימאַן׳ס נחת.

שבת שובה איז דאָס געווען. אין שוהל האָט מען שוין גע־האַלטען ביי לייענען די תורה. דער אַלטער זלמן אָרשאַנסקי איז געזעסען אויף זיין אָרט, אין אַ ווינקעל פון דער שוהל, און האָט זיך צוגעהערט מיט צוגעמאַכטע אויגען. ביים לייענען האָט דער אַלטער אימער ליעב געהאַט צו האַלטען די אויגען פערמאַכט, זיך צוהערען און טראַכטען. ער פלעגט זיך אין דער מחשבה פאָר־שטעלען, אַז ער איז נאָך אַ בעל־הבית אין דער היים, און ער זיצט אויבען אָן, אין מזרח, אויף זיין אייגענעם שטאָדט, און אָט־אָט וועט מען איהם אויפרופען צו שלישי.

צו שלישי רופט מען אויף, נאַטירליך, אַן אַנדערען. דאַן עפענט ער אויף די אויגען, גיט אַ קוק אויף דעם אויפגערופענעם, זאָגט זיך אַזוי ווי פון שלאָף „מאָטקע דער גנב", און מאַכט ווידער צו די אויגען.

דאַן רעדט ער זיך ווידער איין אין דער מחשבה, אַז ער זיצט נאָך אַלץ אין זיין שטעדטעל, אין דער אַלטער שוהל, אויף זיין איי־גענעם שטאָדט אין מזרח, און אָט באַלד וועט מען איהם אויפרופען צו שישי. אָבער צו שישי רופט מען אויף אַן אַנדערען. ער עפענט ווידער די אויגען, גיט אַ קוק אויף דעם אויפגערופענעם און זאָגט זיך מיט אַ פערשלאָפענער שטימע: „חיים׳קע דער בעדער, דער זעלבער בעדער", און ער מאַכט צו ווידער די אויגען.

מיט צוגעמאַכטע אויגען חלום׳ט ער זיך ווידער דאָס זעלבע. ער איז נאָך אַלץ ר׳ זלמן, דער שעהנער בעל הבית, וואָס זיצט אין מזרח־וואַנד, עס לייענט נאָך אַלץ דער זעלבער אַלטער היי־מישער חזן, און אָט באַלד וועט מען איהם אויפרופען צו מפטיר. נור צו מפטיר רופט מען אויף אַן אַנדערען. „אוי, בערעל

ממזר!" זיפצט אוים דער אַלטער ר' זלמן ווען ער עפענט די אויגען און ער זעהט דעם אויפגערופענעם.

און ווייטער האלט ער שוין די אויגען אָפען, קוקט זשעדנע אויפ'ן פּרעזידענט, אויפ'ן שמש, טאָמער וועלען זיי זיך מרחם זיין און איהם צוװאַרפען עפּעס אַ כיבוד, כאָטש אַ הגבה, אַ גלילה. אָבער אַלע כיבודים זיינען שוין פערטהיילט צו רייכערע, וועלכע קענען שנדר'ן מעהר פאַר איהם.

נאָכ'ן דאַווענען געהט ער זיך פּאַוואָליע אהיים, ערגעץ אויף אַ בוידים, אין דריי צימערלעך צום הויף. דאָרט וואַרט שוין אויף איהם זיין אַלטעטשקע.

„גוט שבת, שרה", זאָגט ער אַריינקומענדיג אין הויז.

„גוט שבת, זלמן", ענטפערט זי און רוקט צו די פלעשעל מיט'ן קידוש בעכער נאָהענט צו איהם.

דער אַלטער מאַכט קידוש. נאָכדעם זעצט מען זיך עסען. ביי די זמירות זאָגט זי אונטער אַ ביסעל.

נאָכ'ן עסען נעהמט דער אַלטער אַ חומש, מישט אויף די הפטורה און זינגט עס מיט די טראָפּ, דרעהענדיג די זקף גדול'ם זעהר פאַרזיכטיג, בעטאָנענדיג די דרגא תביר'ם און אַרויסזינגענדיג די מרכא טפּחא מונח אתנחתא מיט אַ בעזונדער זיסקייט.

און בעת מעשה טראַכט ער זיך: מפטיר זאָגען האָט מיר געפּאַסט בעסער איידער בערל ממזר. איך זאָג מיט די ריכטיגע טראָפּ און מיט עברי און די ברכות קען איך זינגען שעהנער ווי יעדער איינער אין שוהל.

ער נעהמט זינגען די ברכות מיט הארץ און אַז עס קומט צו „רחם על ציון", לויפען איהם אָן טרעהרען אין די אויגען. ער קוקט אַריין אין פענסטער, צו בעהאַלטען זיינע טרעהרען און זעהט ניט אַז די אויגען פון דער אַלטער שרה זיינען אויך פול און גיסען זיך אַריבער.

## 2.

## תשליך אין סענטראַל פּאַרק.

דער טייך אין סענטראַל פּאַרק, ביי זיין מזרח זייט, איז דער פּאָפּולערסטער פּלאַץ פאַר תשליך. מען טראָגט אהין די עבירות

פון דעם גאַנצען קוואַרטאַל, וועלכער איז בעקאַנט אַלס „האַרלעם“ בערעכענענדיג די גרוים (פון האַרלעם, ניט פון די עבירות) מוז מען זיך וואונדערען ווי אַזוי אַזאַ קליינער און ניט טיעפער טייכעל זאָל קענען אין זיך אַריינגעהמען אַזוי פיעל חטאים.

דאַמען פעהלען דאָ אויך ניט צו תשליך. זיי קומען געקליי־דעט אין דער לעצטער מאָדע און די יונגע דאַמען זיינען איבער־הויפט פּריטיקלע צו האָבען צוגעגרייט פאַר דער געלעגענהייט שעהנע זיידענע זאָקען. דען צו תשליך קומען אויך אַ סך יונגע־לייט, מעדיסאָן עוועניו ספּאָרטס, לענאָקס עוועניו זיידענע יונגע־לייטלעך, און זייער הויפּט־צוועק איז צו כאַפּען אַ בליק אויף די דאַמען בעת זיי גיבען אַ טרייסעל די שלעפּע פון זייער קלייד אום אָבצושליידערען די עבירות. זאָקען זיינען זעהר אַ וויכטיגע ציע־רונג און עס זיינען אין דעם דאָ אויך פערשיעדענע מאָדעס.

און עס דאַכט זיך אַז די ווייבער געהען אַוועק מיט מעהר עבירות אַלס זיי האָבען געהאַט, ווען זיי זיינען געקומען.

פּלוצלונג דערהערט זיך אַ שטאַרקער געלעכטער צווישען די חברה. אַ קליינע אַלטע באָבינקע, שוין אין די זיעבציגער, האָט אַ טרייסעל געטהאָן איהר אַטלעסענע קלייד און עס האָבען זיך בעוויזען לייב־קאָלירטע זאָקען, אַזעלכע ווי אַקטריסעס טראָגען ווען זיי שפּיעלען אין טהעאַטער.

„מוהמינקע, ווי קומען צו אייך אַזעלכע זאָקען“, האָט געפרעגט אַ אינגערע פרוי, וואָס האָט עס בעמערקט.

„מיין זוהן פּעדעלט מיט זאָקען“, האָט די אַלטע געענטפערט, „האָט ער עס בעקומען אומזיסט אַלס סעמפּעלס, האָט ער עס מיר אַוועקגעשענקט“.

## .3

## די שבועה.

עס איז געווען מאָנטאַג. אין איינעם פון די נויאָרקער שוה־לען האָט מען געהאַלטען ביים אַרויסנעהמען די ספר־תורה. דער עולם איז געווען אין אַ צוטראָגענער שטימונג. מאַנכע האָבען געטראַכט וועגען דעם יום הדין און מאַנכע וועגען די געשעפטען

וואָס מען דאַרף דעם טאָג בעזאָרגען. פלוצלונג איז אַריינגעלאָפען אַ ווילד־פּרעמדער מאַן מיט אַ ווילדען אויסזעהן. זיין פּנים איז געווען רויט, אַזוי ווי אָנגעברענט פון אַן אויוון. זיינע קליידער זיינען געווען צוריסען און פול מיט שטויב און בלאָטע.

דער עולם האָט זיך איבערגעקוקט איינער מיט׳ן אַנדערען. אודאי אַ משוגענער, האָבען זיי זיך געטראַכט. דער שמש איז אָבער געווען אַן ערפאַהרענער מענש אין זיין פּראָפעסיאָן און ער האָט אין דעם מאַן דערשפּירט איינעם פון יענע חברה־לייט, וואָס אַז זיי האָבען יאָהר־צייט, כאַפּען זיי זיך אַריין אין אַ שוהל גראַדע צו קדיש, זאָגען אָב דעם קדיש און לויפען אַוועק, ניט בעצאָהלענדיג דעם פּערטעל דאָלער טאַקסע.

דער שמש איז צו איהם צוגעגאַנגען און געזאָגט: „הערט, מיסטער, איהר האָט יאָהרצייט, טאָ זייט אַזוי גוט און בעצאָהלט. אַנדערש וועט דאָס ניט געהן“.

„לאָזט מיך“, האָט דער ווילד־פּרעמדער מיט׳ן ווילדען פּנים געזאָגט, זיך רייסענדיג צום אָרון קודש. „לאָזט מיך, לאָזט מיך! איך האָב קיין יאָהר־צייט ניט“.

„טאָ וואָס ווילט איהר?“ האָבען געפרעגט עטליכע אידען מיט אַ מאָל, צוקומענדיג נעהענטער צום שמש, איהם צו העלפען, אויב ער וועט דאַרפען האָבען הילפע.

„לאָזט מיך!“ האָט דער ווילד־פּרעמדער אַ געשריי געטהאָן, זיך אויסגעריסען פון דעם שמש, אַרויפגעלאָפען אויף די טרעפּ וואָס פיהרען צום אָרון קודש, און זיך שטעלענדיג ביים אָרון וועלכער איז נאָך געווען אָפען האָט ער אויסגערופען מיט אַ ציטריגער, אָבער הויכער שטימע:

„איך שווער ביי גאָט און ביי זיין תורה, אַט אַזוי ווי היינט איז עשרת ימי תשובה אויף דער וועלט, אַז פון היינט אָן און ווייטער וועל איך ניט נעהמען אין מויל קיין שנאַפּס, קיין וויין, קיין ביער און קיין משקה וואָס מאַכט שיכור. דאָס איז מיין נדר. אידען, זייט עדות!“

און ווי ער האָט געענדיגט, האָט ער אויסגעבראָכען אין אַ יאָמערליכען געוויין. דער עולם איז געשטאַנען מיט אָפענע מיי־לער און יעדערען׳ס אויגען זיינען געוואָרען פייכט ווען זיי האָבען

זיך בערענקט, אז דאָ שפּיעלט זיך אָב פּאַר זיי א גרויסע טראַ־
געדיע פון א מענשען וועלכער איז ביי'ם טייוועל אין די הענד און
קען זיך ניט אויסרייסען. דאַן איז דער שמש צוגעגאַנגען צום
ווילד־פרעמדען, איהם אָנגענומען פּאַוואָליע פאַר'ן האַנד, איהם גע־
גלעט איבער'ן פּלייצע און געזאָגט: „וויינט נישט, וויינט נישט,
מיסטער, גאָט איז א גוטער, גאָט וועט העלפען און ער וועט שטאַר־
קען אייער האַרץ איהר זאָלט קענען האַלטען אייער נדר".

.4

##ביידע האָבען פערלאָרען.

אַן עלטערע פרוי איז צוגעגאַנגען צו א שטופּ־וועגעלע, וועל־
כער איז געווען אָנגעלאָדען מיט סידורים, מחזורים, חומשים, און
אויך, להבדיל, מעשה־ביכלעך, קליינע און גרויסע, געבונדענע און
ניט געבונדענע.

„האָט איהר א קרבן מנחה?" האָט די אידענע געפרעגט.

„איך האָב א קרבן מנחה ערשטע קלאַס", האָט געענטפערט
דער פּעדלער, דערלאַנגענדיג איהר א דיקען סדור. „דאָס איז מיט
עברי טייטש, מיט אַלע תחנות, מיט מעין טהור, מיט אַלע דינים,
און מיט תהלים — 75 סענט. ס'איז א מציאה, זאָל איך אזוי האָ־
בען א גוט יאָהר."

„צו טהייער".

„נו, מיסעס, צוליעב אייך 65 סענט. ביליגער קען איך ניט.
זאָל איך אזוי האָבען א גוט יאָהר, איך מאַך ביי דעם כמעט גאָר־
נישט."

דערווייל זיינען אָנגעקומען נאָך צוויי סוחרים אויף א מאָל.
איינער, א יונגער מאַן, גלאַט ראַזירט, האָט גענומען אויסקלייבען
א מחזור. דער אַנדערער, אויך א יונגער מאַן, נור מיט א בערדיל,
האָט אָנגעהויבען צו בלעטערען א דיקען בוך מיט די ווערטער „י. ל.
פּרץ'עס שריפטען" אויפ'ן טאָוועל. דער פּעדלער איז געוואָרען א
ביסעל תקיף און די פרוי וואָס האָט געוואָלט דעם קרבן מנחה, האָט
שוין געהאַלטען אין נאָכגעבען.

„זעכציג סענט וועט איהר נעהמען?" האָט זי געפרעגט.

אָללראיט!" האָט געזאָגט דער פעדלער.

„וואָס קאָסט עס?" האָט געפרעגט דער יונגער מאַן וואָס האָט געבלעטערט „י. ל. פרץ'עס שריפטען".

„אַ דאָלער", האָט געענטפערט דער פעדלער.

דער יונגער מאַן האָט זיך ניט געדונגען. ער האָט דערלאַנגט דעם פעדלער אַ דאָלאַר, און געהייסען דעם בוך איינפּאַקען.

„פּאַקט מיר אויך איין", האָט די פרוי געזאָגט, אויסצעהלענדיג זעכציג סענט.

דער פעדלער האָט ארויסגענומען אַ אידישע צייטונג און אַ שטריקעל, איינגעוויקעלט און ארומגעבונדען יעדען בוך בעזונדער, איין פּעקעל האָט ער דערלאַנגט צום יונגען מאַן און איינעם צו דער פרוי.

די פרוי איז אַוועק צום ברוקלין בריק און גענומען אַ קאר נאָך בראָנזוויל, וואו זי האָט געוואוינט.

דער יונגער מאַן איז אַוועק צום גרענד סענטראל דיפּאָ און גענומען אַ צוג נאָך ניו־ראָשעל, וואו ער האָט געוואוינט.

קומענדיג אַהיים האָט דער יונגער מאַן אויפגעשניטען דעם שטריקעל און געעפענט דעם פּעקעל.

„פינסטערע היפּאָקריטען!" האָט ער אויסגעשריען מיט כעס. „לומפּיגע צבוע'יאַקעס! ער האָט מיר ארייגעשפּאַרט אַ קרבן מנחה אַנשטאָט פּרץ'ס שריפטען! דאָס איז אַ נידערטרעכטיגער שווינדעל! אַזעלכע מענשען דאַרף מען אריינזעצען אין געפענגנים!"

ער האָט פון אָנפאַנג געוואָלט גלייך פאָהרען נאָך ניו יאָרק, כאַפּען דעם פעדלער און איהם ארעסטירען. ער האָט זיך אָבער בעדענקט, אז עס איז זעהר מעגליך, דאָס ער וועט דעם פעדלער מעהר ניט געפינען אויף דעם זעלבען פּלאַץ, און די צייט מיט די רייזע־קאָסטען וועלען נאָך פערגרעסערען זיין פערלוסט. ער האָט שפּעטער געפונען אויפ'ן קרבן מנחה אַ בעלן וואָס האָט איהם בעצאָהלט אַ האַלבען דאָלער און ער האָט זיך אַ ביסעל געטרייסט.

ווען די בראָנזווילער אידענע איז געקומען אַהיים, האָט זי די ערשטע זאך פעררופען אַלע איהרע שכנות און זיי דערצעהלט:

„איך האָב ערשט געהאַנדעלט אַ מציאה. אַ קרבן מנחה מיט

תחינות, מיט מעין טהור אויף עברי טייטש, מיט תהלים אויף עברי טייטש, מיט אַלע דינים, און טרעפט וואָס דאָס קאָסט! איך זאָג אייך, אז מען וויל אַ מציאה, מוז מען טאַקי פאָהרען נאָך ניו יאָרק. בראָנזוויל איז דאָך ניט ניו יאָרק.“

„לאָזט אונז זעהן די מציאה“, האָט אַ שכנה געזאָגט.

די פרוי האָט געעפענט דעם פעקעל, און זי האָט דערזעהן דעם גרויסען באַנד, האָט זי אַ פּאַטש געטהאָן מיט די הענד און אויסגע־רופען:

„גוואַלד, רויבער גנבים! ער האָט דאָך מיר בעשווינדעלט! איך האָב בעצאָהלט פאַר אַ קרבן מנחה און ער האָט מיר אַריינגע־שפּאַרט אָט אַ דאָס! וואָס איז דאָס? עס איז עפּעס גאָר — איך וויים אַליין ניט וואָס.“

די ווייבער האָבען זיך איינגעבויגען איבער דעם בוך, האָבען געבלעטערט אהין, אהער, זיך געזאָגט פערשיעדענע מיינונגען.

„עס איז אַ מעשה, און דאָך ניט קיין מעשה“.

„עס איז אַ בריעפענשטעלער און דאָך ניט קיין בריעפענ־שטעלער.“

„עס איז אַ ספר וועגען גוטע אידען, נאַט זעהט אָט שטעהט „חסידיש“ — וואָס דאַרפט איהר בעסער?“

די ווייבער האָבען זיך ניט געקענט איינינגען מיט זייערע מיי־נונגען, און דער סוף איז געווען אז אַ מלמד וואָס וואָוינט אויף דער אַנדער זייט גאַס האָט עס אָבגעקויפט פאַר 20 סענט.

און דער פעדלער וויים נאָך עד היום ניט וואָס פאַר אַ טעות ער האָט געמאַכט.

## .5

### אויף דער פּאָסט.

אַ האַלבע שטונדע איז ער געשטאַנען אין דער רייהע צווישען די מענשען וואָס האָבען זיך געשפּאַרט אין פּאָסט אָפיס אָבצושיקען זייער „לשנה טובה“ קאַרטען נאָך דער אַלטער היים. מיט אונגע־דולדיגע אויגען האָט ער געקוקט צו יענעם פענסטערל וואו עס איז געזעסען אַ בעאַמטער און האָט אָבגעוואויגען יעדען פּעקעל און גע־

זאָגט וויפיעל עס דאַרף קאָסטען אָבשיקען. מיט גרויס קנאה האָט ער געקוקט אויף יעדען איינעם וואָס האָט אָבגעפּטר'ט זיין עסק, זיין פּעקעל, און קען זיך געהן אהיים.

און דאָ האָט ער שוין קוים דערלעבט אליין צו שטעהן ביי יע־נעם פענסטעריל מיט די גראַטעס, און דער בעאַמטער נעהמט שוין ביי איהם זיין פּאַפּירענע קעסטעלע, אין וועלכע עס ליגט אַ פאַקסי־מיליע פון אַ תורה'לע מיט מלאכים מיט בלומען.

„עני ראַיטינג?" (עפּעס דאָ אין דעם געשריבענע?) האָט גע־פרעגט דער בעאַמטער.

„בלויז אַ פּאָאַר שורות", האָט דער איד געענטפערט אין גע־בראָכענע ענגליש.

דער בעאַמטער האָט צוגעוואויגען דאָס שאַכטעל און געזאָגט:

„זעקס און זיבציג סענט."

דער איד האָט איהם אָנגעקוקט אזוי ווי ער וואָלט זאָגען:

„רשע! גזלן!"

„בלויז אַ פּאָאַר שורות", האָט דער איד שוין גענומען האַקען אין אידיש. „מיין זוהן האָט זיך פּערוואָלט אָנשרייבען אויף דעם אַ שיר, אַ גראַם, עס איז גאָר נישט געגען דער רעגיערונג. עס איז סתם אַ נאַרעשקייט."

„סעווענטי סיקס סענטס!" האָט אויסגערופען דער בעאַמטער זיך האַלטענדיג ביי דאָס זייניגע.

דער איד האָט ביי זיך געהאַט בלויז 45 סענט.

„נעקסט!" האָט דער בעאַמטער אויסגערופען, און דער איד איז אַוועק אהיים שאַפען דאָס איבריגע געלד.

„מעהר קיין שירים וועט ער ביי מיר ניט שרייבען, דער משוגע־נער!" האָט מען איהם געהערט זאָגען צו זיך ווען ער איז ארויס פון פּאָסט־אָפיס.

# דער „בעל תשובה"

אין דער היים איז בענטשע כאַפּטים געווען אַ שטיקעל אפּיקורס. און זיינע אפּיקורסישע שטיקלעך פלעגט ער אויפווייזען דוקא מן התורה. ער פלעגט בעווייזען, אַז דוקא על פּי דין תורה מעג מען עסען מילכיגס נאָך פליישיגס, און מען דאַרף ניט לעגען תפילין יעדען טאָג, און מען דאַרף אפילו ניט דאַוונען. אין שטעדטעל פלעגט מען אויף איהם זאָגען, אַז דער גאַנצער אונגליק מיט איהם איז וואָס ער קען שוין צופיעל לערנען, און ווייס מעהר ווי אַ איד מיט אַ געוועהנליכען קאָפּ קען פערנעהעמן, אָט דאַרום האָט זיך זיין קאָפּ צומישט און ער איז געוואָרען אַ חקרן און אַן אפּיקורס.

און זייענדיג אַן אפּיקורס אין טעאָריע האָט בענטשע כאַפּטים גענומען טרייבען זיין אפּיקורסות אויך אין פּראַקטישען לעבען. ער האָט אָנגעהויבען צו עסען אָהן אַ היטעל, האָט אויפגעהערט צו טראָגען אַן ארבע כנפות, צייגענדיג אַז עס איז ניטאָ קיין ריכטיגער אסור אויף צו געהן אָהן אַ היטעל און דאָס קיינער איז על פּי דין פערפּפליכטעט צו טראָגען אַן ארבע כנפות. נאָכדעם האָט ער אָנגעהויבען צו רויכערען אום שבת, אָבער דאָס האָט ער שוין געמוזט טהאָן בשתיקה, זאָנסט וואָלט ער ניט זיכער געווען מיט זיינע ביינער. ער האָט אויך איינמאָל פערזוכט אַ שטיק חזיר־וואורשט, אָבער נאָכדעם ווי ער האָט אין די וואורשט געפונען אַ וואָרעם האָט ער עס מעהר ניט געוואָלט פערזוכען. איינמאָל תשעה באב האָט ער זיך אָנגעגעסען מיט שווארצע יאַגדעס און איז אַרומגעגאַנגען איבער'ן שטעדטעל און געצייגט אַלעמען די פערשוואַרצטע צונג. אָט דערפאַר האָט ער שוין געכאַפּט פּעטש.

אַזוי האָט ער געלעבט אין זיין שטעדטעל אַלס חקרן, אפּיקורס און מאַרטירער, ביז מאַטעריעלע אומשטענדען האָבען איהם געצוואונגען צו פאָהרען נאָך אַמעריקא. ליכטיג און גלענצענד זיינען געווען די בילדער וואָס ער האָט זיך פאָרגעשטעלט וועגען די נייע

וועלט. דאָרט וועט ער ערשט קענען זיין אן אפּיקורס, אָפּען, פריי, און ניט מורא האָבען פאר פּעטש אָדער פאר אן אנדער שטראָף. אַמעריקאַ איז אַ פרייע לאַנד. דאָרט קען מען ריידען וואָס מען וויל, דאָרט קען מען טהאָן וואָס מען וויל און די „פינסטערע פאנאטיקער" האָבען דאָרט קיין שליטה ניט. דאָרט וועט ער ערשט האָבען די ריכטיגע געלעגענהייט צו צייגען וואָס פאר אן אפּיקורס ער איז!

פערפאָהרען איז ער צו זיינעם אַ קאָזין, אַ דזשולערי ארבייטער. יענער האָט איהם פיין אויפגענומען און האָט פאר איהם גלייך געגרייט אַ מאָהלצייט. נאָכ'ן עסען האָט בענטשע כאַפּטים אויס־געשאָסען די באָמבע: „זאָלסט וויסען זיין", האָט ער געזאָגט צו זיין קאָזין, „אז איך בענטש ניט נאָכ'ן עסען."

„און ווער בענטשט יאָ?" האָט דער קאָזין געענטפערט. „ווער האָט עס צייט אויף דעם? אין אַמעריקאַ איז גענוג, אז מען קריגט צייט אויף אָבצועסען."

אויף מאָרגען, אין דער פריה, אז בענטשע איז ארויסגעגאַנגען אין גאַס, האָט ער בעגעגענט אַ יונגען מאַן מיט אַ טלית־זעקעל אונטער'ן אָרעם.

„איהר הערט, ר' איד", האָט ער געזאָגט צום יונגען מאַן מיט'ן טלית־זעקעל, „איך האַלט ניט פון דאַווענען. איך האָב שוין 15 יאָהר ניט געדאַווענט."

„איך האַלט אויך ניט פון דאַווענען", האָט געזאָגט דער יונגער מאַן מיט'ן טלית־זעקעל. „אָבער די ביטערע פרנסה צווינגט מיך צו דעם. איך זאָג קדיש און היט אָב יאָהרצייטען פון אזעלכע, וועלכע קענען ניט אָדער ווילען ניט אַליין אָבהיטען קדיש זאָגען נאָך זייערע עלטערען. איהר האָט מיר ניט וואָס מקנא צו זיין."

די תשובה פון יונגען מאַן מיט'ן טלית־זעקעל האָט בענטשע כאַפּטים'ען פשוט פערכאַפּט דעם אָטהעם. ער האָט די געשיכטע דערצעהלט זיין קאָזין, צו וועלכען ער איז פערפאָהרען.

„וואָס וואונדערסטו זיך?" האָט דער קאָזין געזאָגט. „דו מיינסט אַז דו ביזט אַ גאַנצער העלד וואָס דו געהסט אַרום און דו

רייצסט זיך מיט די אידען? ביי אונז אין אמעריקא לאכט מען זיך אוים פון אזעלכע העלדען. דא אין אמעריקא איז פאראן א ווערטעל: „מיינד יור און ביזנעס“. זיך קענסטו טהאן וואס דו ווילסט, מען וועט דיר שווייגען, באט אז דו ווילסט יענעם עפעס טהאן, דאן איז שוין אנדערש, דאן שלעפט מען דיך אין קאורט.“

און דאך, שבת, אז בענטשע כאפטים האט דורכגעהענדיג א קליינעם פארק בעמערקט א אידען זיצען אויף א ביינקעל, אנגע־טהאן אין א שבת'דיגער קאפאטע און געניסענדיג דעם הייליגען רוהע־טאג, האט ער זיך אוועקגעזעצט נעבען דעם אידען, ארויסגע־נומען א סיגארעטעל און גענומען רויכערען יענעם אין פנים אריין. דא איז ער אבער וויעדער ענטטוישט געווארען. דער איד איז פון דעם ביינקעל ניט אנטלאפען. דער איד איז גאר ניט אין כעס געווא־רען. ער האט גאנץ רוהיג בעטראכט ווי בענטשע כאפטים האט גערויכערט, נאכדעם האט ער זיך געווענדעט צו איהם מיט דיעזע ווערטער:

„אפשר האט איהר אן איבעריגען סיגארעטעל, מיסטער?“

א פאאר טעג שפעטער האט ער פרובירט א נייע זאך. ער האט אבגעגעסען א מיטאג אין א טרפה'ן רעסטאראן, נאכדעם האט ער זיך אוועקגעשטעלט אין דרויסען מיט א טוט־פיק אין מויל, כדי די פערבייגעהער זאלען זיך אנשטויסען, אז ער האט אין דעם רעס־טאראן ערשט געגעסען. עס איז פערבייגעגאנגען א לאנדסמאן, וועלכער האט בענטשע'ן גוט געקאנט. „וואס טהוט איהר דא?“ האט דער לאנדסמאן געפרעגט. „איך האב דא געגעסען מיטאג“, האט בענטשע געענטפערט. „פו!“ האט דער לאנדסמאן אויסגעשפיגען. „אט אין דעם עפוש'דיגען פלאץ האט איהר געגעסען? גרינהארן, אז שוין עסען טרפה, קומט וועל איך אייך ציינגען א בעסערען פלאץ. דארט איז שוין די טרפה א ביסעל ריינער און עס קומען אהין אריין אנשטענדיגע גוים. אט דא איז דאך א פלאץ פאר באמס, פאר באסיאקעס!“

אזוי רוהיג, ביזנעסמעסיג האט ער דאס געזאגט! איהם ארט גאר ניט וואס בענטשע עסט טרפה, נור ווארום ער עסט ניט בעסערע טרפה.

*
* *

ווארט! האָט זיך בענטשע כאַפּטים געטראַכט. עס וועלען באַלד קומען דער חודש אלול און די ימים נוראים, וועלען זיי זיך דערשרעקען פאַר'ן יום הדין, וועלען זיי תשובה טהאָן, ווערען פרום, איך וועל בלייבען ביי דאָס מייניגע און דאַן וועל איך זיי קענען צייגען וואָס אַן אפיקורס הייסט!

נאָך אין אָנפאַנג אלול האָט ער שוין גענומען זוכען אַ „פריי־טשעפּקע" צו צייגען, אַז ער איז אַ פריידענקער. די געלעגענהייט איז געקומען ווען ער האָט איינמאָל, מיטאָג־צייט, אין דעם שאָפּ, וואו ער האָט געארבייט, געלעזען אַן אַנאָנסע אין אַ ראַדיקאַלער צייטונג אַז דער רוסקאָ־יעווריעיסקי־אַמעריקאַנרקי־אינטערנאַציאָנאַלני ראַדיקאַלני־פּראָגרעסיוונע סאָיוז וועט יום כפור האָבען אַ פּיקניק אין מאָסקיטאָ פּאַרק, נודזשערזי. „איך געה אהין!" האָט בענטשע כאַפּטים אויסגערופען צייגענדיג די ארבייטער די אַנאָנסע אין דער צייטונג.

„אויך מיר אַ פּלעזשור!" האָט זיך אָבגערופען אַן ארבייטער מיט אַ שפּיצינגער בערדעל. „מען שינדט דאָרט די הויט אויף זייערע פּיקניקס. פינף סענט פאַר אַ סענדוויטש וואָס איז קוים אויף אַ ביסען. אַ מאָסקיטאָ קען דאָס אוועקטראָגען. פינף סענט פאַר אַ גלאָז ביער, איז דאָרט מעהר ווי שוים ניטאָ. ווילענדיג ניט ווילענדיג מוז מען דאָרט פאַסטען. און אַז שוין פאַסטען, קען איך דאָך זיצען אין דער היים און פאַסטען."

„און ניט דארפען צאָהלען 50 סענט פאַר אַ טיקעט און נאָך קאַר־פעיר", האָט צוגעלעגט אַן אַנדער ארבייטער. „עס איז אַ סקים אריינצוקעטשען די גרינע. ווילסט האָבען פּלעזשור יום כפור און ניט זיין הונגעריג ווי אַ הונד, טאָ זיץ אין דער היים און עס כפרה הוהן געפּרעגעלט אין פוטער."

שלעכט! האָט זיך בענטשע געטראַכט. עס ארט זיי גאָר ניט.

אריינקומענדיג צו זיינעם אַ קרוב, האָט ער געהערט ווי ער רעדט מיט זיין פרוי וועגען דעם אין וועלכער שול זיי זאָלען דאַוונען

„איך געה ניט אין שוהל", האָט אַ זאָג געטהאָן בענטשע כאַפּטים. „איך גלויב ניט אין דעם".

„וועמען אַרט עס?", האָט דער קרוב געזאָגט. מיינסטו איך געה אין שוהל אוים פרומקייט? נישט מעהר, איך וויל צופריעדען שטעלען מיין ווייב'ס משפחה".

ערב ראש השנה איז בענטשע כאַפּטים אַרומגעגאַנגען ווי אַ ווילדער. די אַרבייט האָט זיין באָס געסטאָפּט גראַדע אום מיטאָג־צייט. בענטשע איז אַרומגעגאַנגען איבער די גאַסען פון אידישען קוואַרטאַל און האָט ניט געוואוסט וואָס פאַנגט ער אָן צו טהאָן אום צו צייגען, אַז ער איז אַ פריידענקער, אַן אַפּיקורוס פון דער היים. נישט פריש געבאַקען אין אַמעריקאַ. וואָס זאָל ער טהאָן? ער האָט געמיינט, אַז אין אַ פרייע לאַנד וועט ער האָבען אַ געלעגענהייט צו צייגען, וואָס ער קען טהאָן, ערשט איז דאָ אַלעס אזוי פריי, אַז עס איז פּשוט הפקר, עס קימערט קיינעם ניט וואָס דער אַנדערער טהוט, עס אַרט קיינעם ניט, אויב יענער איז פרום, אָדער ניט פרום, אויב ער דאַוועט אַ גאַנץ יאָהר, אָדער אפילו אום יום כפור אויך ניט — מיט איין וואָרט עס איז הפקר פּעטרישקע!

און ווי ער טראַכט די־ע ביטערע מחשבות, קומט ער אָן נעבען אַ טישעל, וואָס איז געשטאַנען אין גאַס נעבען אַ שוהל. ביים טישעל זיינען געזעסען צוויי אידען, איינער אַ ראַזירטער, דער אַנדערער מיט אַ געלער אונטערגעשוירענער בערדעל. אין די הענד האָבען זיי געהאַלטען שוהל־טיקעטס.

„מיסטער!", האָט איינער פון זיי איהם אָפּגעשטעלט, „קויפט אַ טיקעט. דאָ וועט דאַוונען דער בעריהמטער חזן, דער קעניג פון אַלע חזנים, רעוורענד יעקעל קאַמערטאָן, איהר האָט נאָך אַזאַ חזן אין אייער לעבען ניט געהערט. עס איז אַ קאַנאַריקעל, אַ אי־דישער קאַרוזאָ. קויפט אַ טיקעט ביליג!"

„איך געה ניט אין שוהל", האָט בענטשע כאַפּטים געענט־פערט און זיך איינגעקוקט אויף דיביידע אידען צו זעהן, וואָס פאַר אַ ווירקונג זיינע רעד האָבען געמאַכט אויף זיי.

„וואוהין דען געהט איהר?" האָט איינער פון די צוויי אידען דער ראַזירטער געפרעגט בענטשען.

„איך געה היינט אויס מיט א שעהן מיידעל אין סענטראל פארק".

דער איד מיט דער בערדעל האט זיך אויפגעהויבען און האט בסוד אריינגעשושקעט בענטשען אין אויער:

„סיי, לאנדסמאן, אויב זי איז א שעהנע, נעהמט מיר מיט".

בענטשע איז געבליבען אן אבגעשמיסענער. ער האט איינגעזעהן, אז דער איד האט פערשטאנען, אז ער וויל זיך מיט איהם רייצען; נור דער איד האט איהם ניט געוואלט „געבען א שאו"

בענטשע האט זיך אבגעקעהרט א ברוגז'ער. ער איז געווארען; בייז אויף גאנץ אמעריקא. זיין כעס האט געוואקסען פון מינוט צו מינוט. ניט אויף די פרומע איז געוועזן אין כעס, נור אויף די טאלעראנטע. די פרייע אויך־מיר־אפיקורסים! ער האט אין דער היים געלערענט, געלעזען, זיך גע'חקרן'ט, געליטען פאר זיינע איבערצייגונגען, אויסגעשטאנען אלערליי פערפאלגונגען, און דא קומט יעדער פראסטאק, וואס קען קוים איבערלעזען א אידישען ביכעל און ווערט שוין א פריידענקער. „ליידאקעס זיינען דאס, הפקר יונגען!" — האט ער געזאגט צו זיך. „גראבע יונגען! זיי האבען גענומען א שעהנעם אידעאל און איהם בעשמוצט מיט זייערע אונריינע הענד. זיי האבען פערניכטעט מיין האפנונג, מיין אמביציע, מיין גאנצען איך. זאל איך פערבלייבען אן אפיקורס און שטעהן אויף איין שטופע מיט דיזע גראבע יונגען? ניין, איך מוז פון זיי אנטלויפען, נאר מיט א נקמה, וואס זיי וועלען פיהלען אין דער זיבעטער ריפ!"

ער איז צוגעלאפען צו א פושקארט, אויף וועלכען עס זיינען געוועזן אנגעלייגט גאנצע בערג מיט מחזורים.

„וואס קאסט א מחזור?", האט ער געפרעגט.

„א האלבען דאלאר, אט דער גאנצער סעט", האט דער פעדלער געענטפערט.

„איז דאס דער ריכטיגער ארטאדאקסישער מחזור? מיט אלע פיוטים און יוצרות?"

„שור", האט פערזיכערט דער פעדלער. „עס איז א ווילנער דרוק".

„גוט!“ בענטשע האָט פאַר׳ן מחזור בעצאָהלט און געוואָלט אוועקגעהן.

„אפשר האָט איהר אַ תהלים אויך?“ האָט ער געפרעגט.

„נאָט אייך אַ תהלים. צעהן סענט.“

בענטשע כאַפּטים האָט נאָכדעם זיך געלאָזט לויפען צו אַ שוהל און געקויפט אַ טיקעט.

„איך וועל זיי צייגען די לײדאַקעס!“ האָט ער געזאָגט צו זיך.

ביידע טעג ראש השנה האָט ער געדאַווענט בכונה, ניט פער־פעהלט אַ פּיוט. ער האָט אויך אָבגעזאָגט אין די צוויי טעג דעם גאַנצען תהלים. יום כפור האָט ער געפאַסט קיילעכדיגע 24 שטונדען. פון זיין קאָזין האָט ער ארויסגעמופט און זיך בעזעצט אין אַ הויז וואו עס ווערען אָבגעהיט שטרענג אַלע דינים פון כשרות.

און זייט דאַן איז בענטשע כאַפּטים געוואָרען אַ הייסער בעל תשובה, אַ פייערדיגער קעמפּפער פאַר׳ן יודענטהום, און ווען עס קומט צו רייד וועגען פריידענקער, רופט ער זיך אָב:

„אז איך בין געווען אַן אפיקורס, האָב איך דאָך עפּעס געלע־רענט, עפּעס געוואוסט און אַ סך פאַר דעם געאָפּפערט. אָבער די לײדאַקעס האָבען די אפיקורסות אין דער ערד אריינגעלייגט — אז איך וואָלט געקענט וואָלט איך זיי אַלעמען פון אמעריקאַ ארויס־געיאָגט — אַ רוח אין זייער טאַטענ׳ס טאַטען“.

# געענדערט די פּראָגראַמע

א מעשה פון דאָ ניט לאַנג צוריק.

דער חודש אלול איז שוין אָנגעקומען און אַלע כלי קודש האָבען זיך א ביסעל אָבגעלעבט. עס איז ענדליך געקומען די צייט ווען מען קען מאַכען א דאָלאַר און נאָך האָבען א מצוה דערביי.

אויף די אַקטיאָרען זיינען ניט געבליבען שטיל. זיי האָבען זיך פאַרבערייטעט צו שפּיעלען א נייע ראָלע. זיי האָבען זיך פער־לאָזען בערך אום צו האָבען א פּנים פון אידען. דערצו האָבען זיי געשאַרפט זייערע העלזער און זיך שטאַרק געהיט פאַר א ווינטעל.

אין א שעהנעם נאָכמיטאָג האָט מען אויסגעהאַנגען א גרויסע אַפישע איבער'ן אידישען טהעאַטער בזה הלשון:

לשמוע אל הרנה ואל התפלה.

וויר האבען די גראָססע עהרע דאס יודישעס פּובליקום בעקאַנט צו מאַכען, דאס וויר היער אין דיעזען טעמפּעל דער קונסט, גאָטעס דיענסט פאָרשטעללען, אם ראש השנה, שבת תשובה און יום כפּור. די סטאַרס פון אונזער ריעזען־אַנסאַמבל וועלען אַללע טהיילנעהמען, און יעדער יהודי, וועלכער וויל הערען גוטען געזאַנג און אויסבעטען א גוטען שרייב מיט א גוטעי אונטערשרייב זאָלל קויפען א טיקעט בעצייטענס. די ראָללע פון חזן וועט שפּיע־לען דער בעריהמטער קאָמיקער ה' אַהנזייטענ־לאַך. קומט אַלע און האָט א ביסעל פערגניגען.

די אַפישע, וועלכע איז געוועזען געשריבען אויף לייווענט, האָט שוין איין מאָל געדיענט צו אַדווערטייזען א לוסטיגע קאָמעדיע. די קאָמפּאַניע, וועלכע האַלט זעהר פון עקאָנאָמיע, האָט ניט געפונען פאַר נויטווענדיג צו מאַכען א נייע אַפישע צו אַדווערטייזען די

„גאָטעס דיענסט“, וואָס זיי האָבען געזאָלט אָבהאַלטען אין די ימים נוראים. אַ איד גיט זיך אַן עצה. מען האָט פערקלעבט דעם נאָמען פון דער קאָמעדיע און נאָך ווערטער וואָס געהערען צו דער קאָמעדיע און אויף די לאָטעס האָט מען אויפגעשריבען „גאָטעס דיענסט“ און נאָך ווערטער וועלכע בעלאַנגען צו די ימים נוראים. גאַנץ אויבען וואו עס איז געשטאַנען „דער טריאומפף פון אונזער ערפאָלגרייכען סוקסעס“ האָט מען אַרויפגעקלעבט אַ גרויסע לאָטע מיט די ווערטער „לשמוע אל הרנה ואל התפלה“ און אַזוי ווייטער.

פון העסטער סטריט, פון לודלאָוו סטריט און פון אַלע כשר'ע סטריטען האָבען זיך אָנגעהויבען שיטען אידען מיט דאָלאַרס און האָבען איינגעקויפט טיקעטס. דער קאַסירער פון טעאַטער האָט נעבעך געאַרבייט מיט דער גאַל, מען האָט ביי איהם פשוט געריסען פון די הענד. צוויי פּאָליסלייט האָבען געהאַלטען אָרדנונג.

די נאַכט פון ראש השנה איז געקומען. דער גרויסער טעאַטער איז געוועזען פול געפּאַקט. פיעלע האָבען זיך געמוזט צופריעדען שטעלען מיט „סטענדינג רום“ (שטעה־פּלאַץ). מיט שפּאַנענדער נייגעריגקייט האָט דאָס פּובליקום ערוואַרטעט די גאָטעס דיענסט זאָל זיך אָנפאַנגען. דער פאָרהאַנג איז געוועזען אַרויפגעצויגען און אויף דער ביהנע איז געוועזען אויסגעשטעלט אַן עמוד, אַן ארון קודש, און נאָך אַזעלכע זאַכען וואָס האָבען דערמאָנט אָן אַ שוהל.

נור קיינער פון די „שטערען“ האָט זיך בעוויזען. דער עולם האָט אָנגעפאַנגען אונגעדולדיג צו ווערען. אייניגע — פון געוואָהנ־הייט — האָבען אָנגעהויבען צו קלאַפּען מיט די פיס. די גאַלעריע — אויך פון געוואָהנהייט — האָט עס אונטערגעכאַפּט און גענומען שטאַרק אַפּלאָדירען מיט די הענד.

די וואָס זיינען געזעסען אין די ערשטע רייהען האָבען געהערט אַז הינטער די קוליסען געהט פאָר עטוואָס אונגעוועהנליכעס. עס האָט זיך געהערט אַ טראַסקען און אַ פּראַסקען, גלייך ווי מען שפּאַלט זיך די קעפּ. זיי האָבען באַלד אָנגעפאַנגען פאָראויסזאָגען אַז אין דער קאָמפּאַניע וועט אין דיעזער נאַכט נאָך אויסברעכען אַ ש פּ אַ ל ט ו נ ג.

די מעשה איז געוועזען אַזוי:

— די אקטיאָרען זיינען געקומען בעצייטענס און זיינען שוין געווען פערטיג צו ערשיינען אויף דער ביהנע. ווען איינער פון די קלענערע קינסטלער, וועלכער האָט געפאָדערט אז מען זאָל איהם העכערען זיין לוין, האָט זיך איינגעשפּארט אז ער וועט ניט געהן אויף דער ביהנע, וואו מען וועט איהם ניט געבען פינף דאָלאר מזומן. דער גרויסער קאָמיקער האָט איהם געמאכט א קארש מיט דער ליפּ און דער העלדען ראָליסט האָט דערלאנגט א בייזען גענעץ.

„ווער דארף דיך האָבען?“ האָט דער קאָמיקער איהם געפרעגט, „וועסט קריגען א פייג, אָבער ניט קיין פינף דאָלאר!“

„בעליידיג מיך ניט, דו לומפּ! איך בין אויך אזא יחסן ווי דו! איך בין געווען א „שטערען“ ווען דו ביזט נאָך געווען א „פּאטריאָט“.“

דער גרויסער קאָמיקער האָט איהם ניט געענטפערט. ער איז שטיל צוגעגאנגען און מיט גרוים דרך־ארץ אראָבגעלאָזען דעם חצוף א פראסק אז יענער האָט זיך איבערגעדרעהט.

באַלד איז אָבער דער קליינער קינסטלער געקומען צו זיך און האָט זיך א וואָרף געטהאָן אויפ'ן קאָמיקער. עס איז גאַנץ נאַטירליך, אז דער גרויסער קאָמיקער האָט געהאט וויי ניגער פריינדע אַלס דער קליינער קינסטלער. מען האָט זיך געריסען, געפּראסקעט און גע־בוכצעט פון אַלע זייטען. ווען אַלע זיינען גוט מיעד געוואָרען האָבען זיי אויפגעהערט. נאָכדעם, ווען מען האָט זיך ארומגעקוקט, האָט מען אויסגעפונען אז דער גרויסער קאָמיקער ליעגט האלב טויט מיט צובראָכענע ביינער. מען האָט איהם אוועקגעלייגט אָן א זייט און איבערגעדעקט מיט א שטיק אָבגעריסענע סצענערי פון א ים. דער דירעקטאָר איז אָנגעקומען און ווען ער האָט דערזעהן דעם חורבן, האָט ער שנעל געלאָזט שיקען נאָך אַן אנדער קאָמיקער און א פּאָאר פּרימאַדאָנאַס מיט סוברעטען, דערנאָך איז ער ארוים אויף דער ביהנע און ערקלערט פאָלגענדעס פאר'ן פּובליקום:

„ווערטהע פריינדע, סימפּאטייזער, דאמען און העררען! איבער די אונערוואַרטעטע פּלעצליכע קראַנקהייט פון איינעם פון אונזערע גרויסע קאָמיקער קען די גאָטעס דיענסט היינט אבענד ניט שטאַט־פינדען. שטאַט דעם ווערדען וויר געבען א פאָרשטעלונג פון

„שמענדריק". די וואָס זיינען אונצופריעדען קענען צוריק בעקומען זייער געלד ביי דער קאַסע."

קיינער האָט זיך געריהרט פון אָרט און ש מ ע נ ד ר י ק האָט יענע נאַכט אויסגענומען בעסער ווי אימער.

# צוויי יום כפורים

.1

## מיט צעהן יאָהר צוריק.

צו שילדערען די סצענע פון א יום כפור פארנאכט אין א קליין שטעדטעל אין דער ליטא פאָדערט א שטארקערע פעדער ווי מיינע. ניט מיין שוואכע פען איז אימשטאנד צו בעשרייבען מיט וואָס פאר א געפיהל און אונטער וואָס פאר א שטימונג דער איד אין דער אלטער וועלט מאכט זיך גרייט צו דעם יום הדין.

ניט איך קען שילדערען זיינע געמישטע געפיהלען פון פורכט און האָפנונג, ווען ער זעהט די זון ארונטערלאָזען זיך ערב יום כפור אין מערב זייט, ווי א גרויסע יום כפור ליכט.

ניט איך קען בעשרייבען זיינע געפיהלען ווען ער געהט צו און בעט מחילה מענשען געגען וועלכע ער האָט קיינמאָל ניט געזינ־דיגט און דריקט ברידערליך יעדען'ס האנד מיט טרעהרען אין די אויגען, וועלכע ער זוכט צו פערהאלטען.

און דיעזע טרעהרען קען ער שוין ניט מעהר איינהאלטען ווען זיינע קינדער שטעלען זיך אוים אין דער רייהע מיט אראָבגעלאָזענע קעפ אוןווארטען ער זאָל זיי בענטשען.

ער בענטשט און ער וויינט. „ליעבער גאָט! אויב מיר איז עפּעס באשערט לאָז מיך לעבען פון מיינע עופה'לעכס וועגען."

און דאָס איז געווען א מ א ל. אמאָל, ווען מרדכי זאפרען איז געוועז אין דער היים.

זיין פרוי איז געשטאנען ביים טיש און צוגעגרייט די ליכט צום בענטשען.

„מאשע!" האָט מרדכי געזאָגט, „פערגעס ניט אז דו ביזט אויף דער צייט. דער דאָקטאָר האָט געזאָגט, אז דו טאָרסט ניט פאסטען, עס קען חלילה שאדען דאָס קינד".

„פערגעס אָבער ניט אויך דו, אז דו ביזט נאָך ניט אין גאנצען

געזונד געוואָרען פון דיין קראַנקהייט. דו זאָלסט אויך עסען. דער רב האָט דאָך דיר געהייסען."

„ער האָט מיר געהייסען עסען שיעורים."

„וועסטו עסען?"

„איך וועל עסען. און דו?"

„איך וועל אויך עסען."

„גאָט וועט אונז מוחל זיין און וועט אונז געבען אַ גוט יאָהר גראַדע ווי מיר וואָלטען פאַסטען."

אָבער ביידע האָבען אָבגענאַרט איינע די אַנדערע, דען יעדערער פון זיי האָט געפאַסט און האָט געבעטען גאָט ער זאָל מוחל זיין דעם אַנדערען דערפאַר וואָס ער עסט.

ווען זיי זיינען געקומען מוצאי יום כפור אַהיים, האָבען זיי איינע די אַנדערע געפרעגט:

„האָסטו געגעסען?"

„געגעסען. און דו?"

„אויך געגעסען."

## 2.

## צעהן יאָהר שפּעטער.

מרדכי זאַפּהען און זיין פרוי מאַשע זיינען שוין אין אַמעריקאַ. זיי זיינען גוט אָב, ער האָט זיך אַרויפגעאַרבייט אויף אַ גרויסען געשעפט און לעבט גאַנץ נישקשה'דיג, און זי איז געוואָרען אַ גאַנצע „לײדי". ביידע זיינען געזונד, צופריעדען, און ווי עס שיינט אויך גליקליך.

ערב יום כפור אין ניו יאָרק איז ניט אַזוי פּאָעטיש ווי אין דער היים.

נור פון כפרות האַלט מען. און מען פערטרינקט נאָך גוט נאָכ־דעם צו פערשלאָגען דעם אומעט.

אין אַריסטאָקראַטישע הייזער עסט מען אייז־קרים נאָך כפרות.

„גנָה, ברייננ נאָך ביער", האָט מרדכי זאַפרען געזאָגט צו זיין דיענסטמיידעל."

„געגוג פאר דיר, מאקס“, האט זיין פרוי געזאגט, „עס איז ניט שעהן צו טרינקען אזוי פיעל ביער און געהן דערנאך אין שוהל.“

„געוועד מיינד, וואס האב איך מורא פאר זיי? איך צאהל דאך פאר מיינע סיטס. איך מוז אויסטרינקען נאך א פאאר גלעזער. א קלייניגקייט אזא טאג! ניט עסען, ניט טרינקען, פיער און צוואנציג שטונדען.“

מאשע האט אונטערגעשמייכעלט.

„דו וועסט טאקע פאסטען?“

„וואס דען? איך פאסט דאך יעדען יאהר!“

„און תשעה באב האסטו געפאסט?“

„געוויס, וואס פרעגסטו?

„גאר נישט, אזוי זיך. מען האט מיר דערצעהלט, אז מען האט דיך געזעהן ארויסגעהן פון א סאלון.“

„איך האב דארט געדארפט זעהן ביילינסאנ'ען וועגען ביזנעס.“

„און ביילינסאן האט זיך פערענטפערט פאר דער ווייב, אז ער איז געגאנגען אהין צוליעב דיר.“

„דו פאסט אליין ניט, דערפאר ביזטו מיך חושד. מיינע דאגות, עס זיך געזונדערהייט. איך וועל פאסטען.“

„לאמיר זיך ניט קריעגען, מיין מאן“, האט די פרוי געזאגט לאכענדיג, „עס איז דאך יום כפור.“

די דיענסט האט געבראכט ביער און מרדכי האט געכאפט און פערטרונקען.

„יעצט קען איך פאסטען“, האט ער געזאגט.

„און איך אויך“, האט זי צוגעלייגט.

זיי האבען איינע די אנדערע אבגענארט. ביידע האבען געגעסען און געבעטען גאט ער זאל ניט נעהמען פאר אומגוט, כ'לעבען די הארץ חלש'ט.

מוצאי יום כפור ווען זיי זיינען געקומען פון שוהל, האבען זיי איינע די אנדערע געפרעגט:

„גוט געפאסט?“

„גאנץ גוט. און דו?“

„א ביסעל שווערליך, אבער דאנקען גאט אבגעפאסט.“

# דזשאָהן מעק'קאַרטהי'ס סוכּה

.1

אַ קורצער, דיקער איירישמען מיט אַ פּערשמירטען פּנים, האַלב רויט און האַלב גרוי, האָט אָנגעקלונגען ביי דער טהיר פון אַ פּריוואַט־הויז אויף לענאָקס עוועניו: אַ אידישע מיידעל האָט געעפענט די טהיר און געפרעגט:

„וועמען דאַרפט איהר?"

„דעם ראַבבאַי", האָט דער איירישמען געענטפערט.

„דער רעוורענד דאָקטאָר יודסאָן איז יעצט זעהר בעשעפטיגט", האָט דאָס מיידעל געזאָגט. „קענט איהר מיר ניט זאָגען וועגען וואָס איהר דאַרפט איהם?"

„איך מוז איהם זעהן. עס איז זעהר וויכטיג פאַר איהם און פאַר אַלע אידען."

„קומט אַריין", האָט דאָס מיידעל געזאָגט, זיך וואונדערענדיג ווי עס קומט, אַז איירישמען צו זיין פּעראינטערעסירט אין אַ פראגע וואָס איז נוגע דעם דאָקטאָר ראַבינער און אַלע אידען."

זי האָט אַריינגעפיהרט דעם איירישמען אין אַ פראָנט־צימער און איהם געבעטען זיצען. אַ פּאָאַר מינוטען שפּעטער איז אַריינגעקומען רעוורענד דאָקטאָר יודסאָן, אַן עלטערער מענש, מיט אַ געשווירענעם בערדעל און אַ רויטליכען פּנים. ער האָט געטראָגען אַ זיידענע יאַרמולקע.

„גוד עפטערנון, סער", האָט ער מקדים בשלום געווען דעם איירישמען. „וואָס גוטס ווער איהר דערצעהלען?"

„אַי עם סאָררי, סער", האָט דער איירישמען געזאָגט. „עס טהוט מיר לייד דאָס איך האָב קיין פרעהליכע נייעס ניט צו דערצעהלען. איהר זעהט, סער, מיין נאָמען איז מעק'קאַרטהי, דזשאהן מעק'קאַרטהי. איך בין אַ דזשעניטאָר אין אַ הויז זעקס בלאָק פון דאַנען. יעדען יאָהר, אַז עס קומט דער אידישער יום טוב סכּות, מאַך איך פאַר מיינע טענענטס אַ סוכּה אין הויף. צוּוֵי צעהן יאָהר

אז איך בין דזשעניטאָר אין דער הויז, און אימער האָבען מיר געהאַט אידישע טענענטס און זיי זיינען אַלע געוועזן צופריעדען פון מיין סוכה. בלויז אַ דאָלאַר פון יעדער פאַמיליע פלעג איך נעהמען פאַר עסען אין סכה. דאָס איז פאַר דער גאַנצער וואָך. עס איז געווים ביליג, ווען איהר נעהמט בערעכענען די ארבייט און די ברעטער וואָס איך פלעג מוזען צוקויפען יעדען יאָהר."

„געווים", האָט דער ראַבינער צוגעגעבען. „אַ דאָלאַר פאַר אַ גאַנצע וואָך דירה געלד איז ביליג."

„און דער אַלטער אייזיק גאָלדשטיין וואָס וווינט אויפ'ן דריטען שטאָק זאָגט מיר אימער אז ביי איהם איז עס ווערטה פינף דאָלער וואָס ער דאַרף ניט עסען אַ גאַנצע וואָך מיט דער ווייב", האָט זיך מעק'קאַרטהי ווייטער גערעדט אין אַ טאָן פון אונשולד. „אָבער זייט אַ פּאָאַר יאָהר האָט די סוכה־ביזנעס אָנגעהויבען צו געהן שלעכט. מיט צוויי יאָהר צוריק, בעפאָהר די וואַהלען קומט צו מיר צו געהן גאַריבאַלדי דער איטאַליענישער באַרבער און בעט איך זאָל איהם לייהען עטליכע ברעטער פון מיין סוכה, ווייל ער דאַרף פון זיי מאַכען אַ טיש פאַר דעם וואַהל־אויפזעהער, וועלכער מיטעט אין זיין באַרבער־שאַפּ יעדען יאָהר. נו, איך האָב איהם געליהען די ברעטער, אָבער איך האָב זיי קיינמאָל צוריק בעקומען. האָט איהר ווען געזעהן, אז אַ פּאָליטישען זאָל צוריק געבען דאָס וואָס ער נעֶהמט צו? די ברעטער האָבען מיר געקאָסט ביי צוויי דאָלער. אָבער לעצטען יאָהר האָט זיך אָנגעפאַנגען אַן ערגערע צרה. עס האָט אריינגעצויגען אין אונזער הויז אַ איד וואָס זאָגט, אז ער וויל ניט זיצען אין סוכה און אז ער גלויבט ניט אין דעם גאַנצען יום טוב מיט די גאַנצע ביזנעס. ער האָט נאָך אָנגעהויבען מאַכען שפּאַס פון די אַנדערע טענענטס און זיי גערופען נאַרען, בהמות. זאָג איך צו איהם: סיי, מיסטער באָטינסקי, אז דו גלויבסט ניט איז דיין ביזנעס, אָבער מיינע ביזנעס דאַרפסטו ניט איבערפיהרען, יו דעמד דזשו! איך בין אין די סוכה־ביזנעס שוין צעהן יאָהר!" באָטינסקי האָט פערשטאַנען דעם אָנצוהערענים און ער האָט געשוויגען."

„און יעצט?" האָט געפרעגט דער ראַבינער, וועלכער איז שוין געוואָרען אונגעדולדיג.

„דיזען יאָהר איז נאָך פיעל ערגער", האָט מעק׳קארטהי גע־זאָגט". דיזען יאָהר האָבען ארייננעצויגען נאָך פינף טענענטס וואָס זאָגען אַז זיי גלויבען ניט אין דער סוכה און אין די גאַנצע ביזנעס. און דאָס איז וועגען וואָס איך בין אייך געקומען זעהן. איך וויל אייך פרעגען וואָס טהוט מען? עס וועט מיר אויסקומען צו פערלירען זעקס דאָלער פון מיין טאַש. איהר זעהט, סער, עס איז אייער ביזנעס אַזוי ווי מיינע. אַז איהר וועט צולאָזען די אידען אַז זיי זאָלען אויפהערען צו גלויבען אין סכות, וועלען זיי נאַכדעם אויפהערען צו גלויבען אין מצות און איהר מיט אַלע ראַבבאַים וועט בלייבען אָהן ארבייט."

„איהר האָט רעכט, מיסטער מעק׳קאַרטהי", האָט דער ראַבינער געזאָגט אין אַן ערנסטען טאָן, כאָטש עס האָט זיך איהם זעהר שטאַרק געוואָלט לאַכען. „דאָס איז זעהר טרויעריג, מיין פריינד, אָבער איך קען ניט העלפען. אייערע טענענטס וועלען מיך ניט פאָל־גען. ווען זיי ווילען ניט פאָלגען גאָט, היינט וואָס קען איך מיט זיי מאַכען? אַזעלכע מענשען זיינען דאָ צווישען אַלע נאַציאָנען. עס איז זעהר טרויעריג, אָבער מיר קענען דאָס ניט העלפען."

מעק׳קאַרטהי האָט ארויסגענומען אַ גרויסען שטיק קיי־טאַבאַק פון זיין טאַש און ארייננעשטופט צו זיך אין מויל, אַזוי ווי מיט כעס.

„ביי אונז אירלענדער וועט איהר אַזעלכע מענשען ניט געפינען, האָט ער אויסגערופען מיט שטאָלץ.

דער ראַבינער האָט זיך אַ ביסעל ווי פערשעהמט, און קוקענדיג אָן אַ זייט האָט ער געזאָגט צום איירישמען:

„עס איז דאָ בלויז איין עצה ווי צו מאַכען, אַז איהר זאָלט ניט פערלירען געלד."

„און וואָס איז דאָס, סער?"

„צו העכערען די דירה־געלד פון דער סוכה."

„העכערען?" האָט דער איירישמען געזאָגט פערשטופענדיג די קיי־טאַבאַק אין דער לינקער באַק. „הייליגער דזשיזוס, עס איז אַ גוטע אידעע! אָבער אַז איך וועל העכערען די סוכה־געלד, וועלען זיי אַלע זאָגען, אַז זיי גלויבען ניט אין דער סוכה, און איך וועל בליי־בען מיט גאָר נישט."

„אָה, ניין, מיסטער מעק'קאַרטהי! קיין עהרליכער איד וועט איבערטרעטען זיין רעליגיאָן צוליעב דעם וואָס עס וועט איהם קאָסטען א האַלבען דאָלער, אָדער אפילו א גאַנצען דאָלער מעהר. אָבער, מיין פריינד, איהר זאָלט ניט זיין צו שטרענג מיט זיי, ווארום צו הויכע דירה־געלד קען מאכען מעהר אידען פאר אפיקורסים, און דאָס וועט אונז ביידען שאַדען."

„איהר האָט רעכט. איך זעה איהר זייט א קלוגער מאַן!" האָט מעק'קאַרטהי אויסגערופען און איז אַוועק אהיים א צופריעדענער.

**.2**

אז דזשאהן מעק'קאַרטהי האָט געמעלדעט זיינע טענענטס, אז ער העכערט די רענט פון דער סוכה אויף 75 סענט א פאַמיליע, איז אין הויז געוואָרען א גרויסער גערודער. דעם גערודער האָבען געמאַכט ניט די אידען וואָס האָבען געוואָלט עסען אין סוכה, נור פערקעהרט, די „פריידענקער", וואָס האָבען גאָר ניט געגלויבט אין אידישקייט.

די פרומע אידען וואָס האָבען געוואָינט אין דער הויז האָבען גלייך געוואָלט נאָכגעבען. אָבער ווען די פריידענקער האָבען דערהערט פון דעם דזשעניטאָר'ס פערלאַנג, האָבען זיי זיך אויפגעהויבען אַלע ווי איין מאַן, און געשריען אז מען דאַרף ניט נאָכגעבען. ביי זיי איז דאָס אריין אין „פרינציפּ". וויבאַלד עס איז דאָ א העכערונג פון דירה־געלד, דאַרף מען סטרייקען, און ווען עס קומט צו א סטרייק, דאַן איז עס קיין אונטערשיעד אויב דאָס האַנדעלט זיך וועגען א הויז, אָדער וועגען א סוכה. עס איז ביי זיי געבליבען אַז זיי זאָלען פעראייניגען אַלע טענענטס און קעמפּפען געגען דעם דזשעניטאָר.

„חברים!" האָט אויסגערופען איינער פון די פריידענקער. „איך זעה אין דעם א געמיינע קאָנספּיראַציע פון אונזער לענדלאָרד. פריהער פּרובירט ער אונזער געדולד אויב מיר וועלען לאָזען העכערען די דירה־געלד פון דער סוכה און שפּעטער וועט ער העכערען די דירה־געלד פון אונזערע וואָוינונגען. איך האָב שוין אַליין דורכגעמאַכט עטליכע רענט־סטרייקס אין ניו יאָרק און אין בראָנזוויל.

איך ווייס ווי דאָס צו מענעדזשען. מיר דארפען בלויז זיין פער־אייניגט, און דער זיעג איז אונזערער!"

„עס איז אייך אזוי לייכט צו רעדען", האָט געזאָגט איינער פון די טענענטס. „איהר זייט אַן אפיקורס און איהר קענט אויסקומען אָהן אַ סוכה. מיר זיינען עהרליכע אידען. און ביז מיר וועלען אויסקעמפּפען מיט'ן דזשעניטאָר, וועט דערווייל דער סכות אריבער."

„אויב דער דזשעניטאָר וועט זיך ניט אונטערגעבען," האָט דער פריידענקער געזאָגט, „דאַן וועט איהר מוזען טהאָן אזוי ווי מיר טהוען ביי אַ דירה־געלד סטרייק. ביי אונז אז דער לענדלאָרד ווארפט ארויס אַ סטרייקער פון דירה, נעהמט איהם אריין אַן אנדער סטרייקער צו זיך אין הויז. אויב איהר וועט ניט קענען עסען אין אייער סוכה, נעהם איך זיך אָן פאר אייך אויסצוגעפינען פּלעצער אין אנדערע סכות".

די ווייבער האָבען אָבער ניט געוואָלט הערען פון אזא פּלאַן צו שלעפּען זייערע טעלער און שיסלען אין פרעמדע סכות. עס האָט שוין געהאָלטען ביי דעם, אז די טענענטס זאָלען נאָכגעבען דעם דזשעניטאָר'ס פערלאַנג.

אָבער די פריידענקער האָבען זיי ניט געלאָזען רוהען. „איהר זייט פינסטער פיינלינגע!" האָבען זיי געשריען. „איהר האָט מורא צו קעמפּפען. פּרובירען מעגט איהר דאָך אָבער! וואָס קענט איהר אָנווערען, אז איהר וועט ערקלעהרען אַ סטרייק? עס איז נאָך דריי טעג צו סכות. דערווייל קענט איהר סטרייקען. קיין אנדערע טענענטס וועט דער דזשעניטאָר דאָך אין סוכה ניט אריינלאָזען."

„דאָט'ס ראַיט! ער האָט רעכט!" האָט זיך געלאָזט הערען פון אַלע זייטען אויפ'ן דאָך, וואו דער מיטינג איז פאָרגעקומען. „מיר קענען פּרובירען סטרייקען, וואָס וועלן מיר דאָ צולעגען?"

באלד האָט דזשאהני מעק'קארטהי בעקומען צו וויסען, אז אַלע טענענטס האָבען בעשלאָסען אויסצוקומען דיזען יאָהר אָהן אַ סוכה.

„געטצענדיענער!" האָט ער אויסגעשריען. „איידער צו צאָהלען מיט 75 סענט מעהר איז שוין ביי אייך רעכט צו לייקענען אין גאָט. איך געה צו אייער ראַבבאַי. איך וועל איהם אַלעס דערצעהלען."

„אמעריקא איז א פרייע לאנד", האט זיך אבגערופען א טע־נענט. „דער ראבבאי קען אונז גאר ניט טהאן."

.3

מעק'קארטהי איז וויעדער געלאפען צום רעוורענד דאקטאר, אבער יענער האט איהם געזאגט, אז ער קען דא גאר ניט העלפען. עס איז א גלייכער קאמפף, און ווער עס וועט געווינען, דער וועט האבען־די גערעכטיגקייט אויף זיין זייט. אזוי פיהרט עס זיך אין אונ־זער וועלט.

מעק'קארטהי האט פערלארען זיין מוטה. ער האט מיט שרעק געקוקט אויף זיין סוכה און האט פאר זיך געזעהען א טרויעריגעס בילד ווי דיזע סוכה, די ארבייט פון זיינע הענד, וועט בלייבען ליי־דיג און ער וועט מוזען ליידען א פערלוסט.

ער האט איינגעזעהן אז עס איז בעסער שלום צו ווערען מיט די טענענטס און בלייבען ביי די אלטע קאנדיציאנען.

„זיעג, זיעג, הורראַ! מיר האבען געזיעגט!" האט זיך געלאזט הערען איבער דער גאנצער הויז. „דער דזשעניטאר האט זיך אונ־טערגעגעבען", האבען די טענענטס געזאגט איינע צו די אנדערע.

„און וועמען האט איהר צו פערדאנקען דעם זיעג?" האבען די פריידענקער געזאגט מיט שטאלץ.

ביי די פריידענקער איז געבליבען, אז די נאכט פון סכות זא־לען זיי זיך אלע צוזאמענקלייבען אין סוכה און פייערען דעם גרוי־סען זיעג איבער'ן דזשעניטאר.

און אז די פריידענקער האבען פערזוכט א ביסעל פון די גע־פילטע פיש, און אריינגעגאסען א פאאר קידוש־בעכער, האט זיך דער פינטעלע איד אין זיי צופלאקערט, אלע עררינערונגען האבען זיך אין זיי אבגעפרישט, און לאנג פערגעסענע נגונים האבען זיך געלאזט הערען אין מעק'קארטהי'ס סוכה. אלעס איז געווארען היי־מיש, ברידערליך, און אפילו מעק'קארטהי'ן האט מען אויף אריינגע־שלעפט אין סוכה און איהם געגעבען אריינצוגיסען עטליכע כוסות.

# דאס מזל׳דיגע חנוכה דרעהדעל

מאָרים גרין איז שטילערהייד אריין אין זיין צימער, אין וועלכען זיין חבר, מאַקס בענדזשאַמין, און שותף צום צימער איז שוין געוועז פערטיעפט אין אַ זיסען שלאָף.

„בררר“ — האָט מאָרים אַ וואָרטשע געטהאָן דורך די ליפּען.

„עס איז נאָך אזוי פריה און ער שלאָפט שוין אזוי געשמאַק.“

מאָרים האָט ארויסגענומען אַ באַנאַנאַ מיט דריי בייגעל פון קעשענע און גענומען עסען.

„כאָטש אַ גלעזעל טהעע, אָדער אַ הייסע טאַסע קאפּע“, האָט ער געזאָגט. „אָבער ווער קען זיך פערגינען אפילו צו טראַכטען פון אַזעלכע זאכען? ווען מיר וואָלטען ניט געווען שולדיג דער מיסעס נאָך פאַר לעצטען מאָנאַט, וואָלט איך אריין און ביי איהר געבעטען אַ גלעזעל טהעע.“

פּלוצלונג האָט ער אין זיינע נאָזלעכער דערשפּירט אַ ריח וואָס האָט איהם געמאכט אויפשפּרינגען פון דעם שטוהל, אויף וועלכען ער איז געזעסען. עס איז געווען דער ריח פון געגזענע שמאַלץ. ער האָט זיך איינגעבויגען צום טיהר וואָס האָט געפיהרט צו די אנדערע צימערען פון הויז, צוגעלייגט זיין נאָז צום שליסעל־לאָך און גענומען איינזויגען אין זיך דעם ריח.

„וואַרעניקעס, ווי איך בין אַ איד!“ האָט ער געזאָגט צו זיך. „און געגזענע גריבענעס דערצו, איך קען שווערען! לעבערלעך מסתמא אויך. איך האָב גאָר פערגעסען, אַז היינט איז חנוכה!“

אַן אויפגערייצטער, ווי אַן אויסגעהונגערטע קאַטץ, וועלכע דערשמעקט שפּייז, האָט ער אָנגעהויבען צו שפּרינגען איבער׳ן צימער. פּלוצלונג האָט ער אַ כאַפּ געטהאָן זיין שלאָפענדיגען קאמעראד און איהם אַ שלעפּ געטהאָן פאַר׳ן פּוס. יענער האָט זיך אויפגעכאַפּט און געפרעגט:

„וואָס איז? וואָס ווילסטו?“

„מאַקס!“ האָט ער אויסגעשריען. „דאָרט עסט מען גריבע־

נעס, הייסע וואַרעניקעס, עס איז חנוכה! הערסט דעם ריח? שטעק צו דיין נאָז צום שליסעל־לאָך, ווערסטו פיהלען."

„לאָז מיך צורוה, איך וויל שלאָפען. בעסער לייג זיך אויך אוועק שלאָפען. די מיסעס קען נאָך אריינקומען בעטען רענט. בע־סער לייג זיך אריין אין בעט."

„און מאָרגען?"

„מאָרגען וועלען מיך זיך ארויסמאכען גאַנץ פריה, איידער זי וועט אויפשטעהן. מיר מוזען איהר אָבציהען וואָס לענגער. א ברירה האָבען מיר."

די צוויי גוטע ברידער האָבען זיך אויסגעצויגען איינע נעבען די אנדערע, אָבער מאָרים האָט ניט געקענט שלאָפען. פערשיעדענע געדאנקען האָבען זיך געדרעהט אין זיין קאָפּ, אָבער זיי זיינען גע־ווען אזוי צומישט, דאָס ער האָט זיך קיין רעכנונג ניט געקענט אָב־געבען וועגען וואָס ער טראַכט. פלוצלונג האָט ער זיך דערמאָנט אָן א חנוכה־דרעהדעל וואָס ער האָט געהאַט א מאָל, ווען ער איז נאָך געווען אַקינד. דאָס חנוכה־דרעהדעל איז געווען אויסגעשניטען פון האָלץ און איז געווען קירצער אין איין זייט, אזוי דאָס עס פלעגט אימער פאַלען מיט'ן ג' ארויף. זיינע חדר־אינגלעך האָבען גע־גלויבט, אז דאָס איז א מזל'דיגער דרעהדעל און האָבען איהם דאָן מקנא געווען. און עס איז טאַקי געווען וואָס מקנא צו זיין! ער האָט דאָן אָבגעוואונען דאָס גאַנצע חנוכה־געלד פון דער שטעדטעל.

לאַנג האָט ער זיך געמאַטערט מיט'ן שלאָף, וועלכער האָט ניט געוואָלט קומען. ער האָט געפיהלט ווי ניט ווילענדיג האָט ער זיך אָנגעהויבען צו ריהרען. ער האָט א קוק געטהאָן אויף זיין חבר און זעהענדיג, אז ער שלאָפט, האָט ער זיך האַסטיג אָנגעטהאָן, איז ארויס אין קאָרידאָר און פון דאָרט אין דער וואוינונג פון דער מיסעס.

דאָרט האָט ער געפונען אַלעמען, די מיסעס, איהרע פיער טעכ־טער און צוויי זיהן, זיצען ארום דעם גרויסען טיש אין עס־צימער. אויפ'ן קאַמין האָט געברענט א חנוכה־לאָמפּ. דער צימער איז גע־ווען העל בעלויכטען פון די גאַז ליכט. די שטימונג איז געווען א יום טוב'דיגע.

„קומט עסען! קומט עסען!“ האָבען זיי איהם אַלע געבעטען און איהם צוגערוקט אַ גרויסען טעלער מיט הייסע ווארעניקעס.

ער האָט שוין געהאַט אויפגעהויבען די הענד צו דעם טעלער, אָבער ער האָט זיך בעדענקט, אז עס פּאַסט ניט זיך ארויסצוצייגען אַזוי הונגעריג. „טהענק יו“, האָט ער העפליך אָבגעדאַנקט. „איך בין ניט הונגעריג, נור איך וויל אייערע ווארעניקעס ניט פער־שעהמען.“

ער האָט זיך בעמיהט צו עסען לאַנגזאַם, אָבער די ווארעניקעס האָבען זיך ווי געשפּאַרט צו איהם אין מויל. ער האָט געוואוסט, אַז אַלע אויגען קוקען אויף איהם. ער האָט זיך אָבער ניט געקענט העלפען. נאַכדעם אז ער האָט זיך שוין צוגעוואָוינט צו זייערע בליקען האָט ער זיך אויפגעהערט צו שעהמען און האָט אַליין אָנגע־הויבען צו זיך צורוקען דעם טעלער מיט גריבענעס, לעבערלעך און פּופּקעלעך.

נאָך דעם עסען האָבען זיך אַלע גענומען שפּיעלען מיט חנוכה־דרעהדלעך. ער, מאָריס, האָט אויך בעקומען אַ דרעהדעל, אָבער ער האָט זיך פלוצלונג דערמאָנט, אז ער האָט ניט מעהר ווי זעקס סענט אין קעשענע.

זאָל ער איינשטעלען זיינע לעצטע זעקס סענט? און ווי וועט זיין, אז ער וועט דיזע לעצטע זעקס סענט פערשפּיעלען? וועט ער דאָך דאַן מוזען אויסזאָגען אז ער האָט מעהר קיין געלד. ער וועט דאַן מוזען זיך אויפהויבען און אוועקגעהן מיט שאַנדע. אָבער דער שפּיעלערשער אינסטינקט האָט איהם געהייסען שפּיעלען. ער האָט אוועקגעשטעלט פינף סענט און באַלד איז זיין דרעהדעל געפאַלען מיט'ן מזל'דיגען ג' ארויף. ער האָט געוואונען פינף און דרייסיג סענט.

„לאָמיר שפּיעלען צו 25 סענט“, האָט ער פאַרגעשלאָגען פיה־לענדיג, אז ער האָט וויעדער ביי זיך דעם מזל'דיגען חנוכה־דרעה־דעל, וואָס ער האָט געהאַט אַמאָל, ווען ער איז נאָך געווען אַ קינד.

אין דעם צווייטען קאָן האָט ער שוין געוואונען אַ גאַנצען הייי־פּעלע זילבער־געלד — נאָהענט צו צוויי דאָלער.

„לאָמיר יעצט שפּיעלען צו דאָלער“, האָט ער געזאָגט. ער איז געווען זיכער, אז ער וועט געווינען אויף דעם דריטען קאָן.

און נאכדעם האָט ער אויפגעהערט צו צעהלען און צו פיהרען אַ רעכנונג. ער האָט געשפּיעלט און געשפּיעלט, מיט אַ פעסטע זיכער־הייט אין דעם מזל פון זיין דרעהדיל, ביז נעבען איהם האָט זיך אָנ־געקליבען אַ גרויסער בארג מיט זילבער געלד. ער האָט גענומען פּאַקען דאָס געלד אין אַלע זיינע קעשענעס, פיהלענדיג די פריידע וואָס אַ מענש האָט בעת ער זעהט, אַז דאָס מזל געהט מיט איהם האנד אין האנד.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

עטליכע שטארקע קלעפּ אין טהיר האָבען איהם פון זיין שלאָף אויפגעוועקט. ער האָט זיך ארומגעזעהן, דאָס עס איז געווען אַ חלום, נישטאָ קיין זילבער געלד, נישטאָ קיין ווארעניקעס, קיין גריי־בענעס, קיין לעבערלעך — ער איז הונגעריג ווי אַ הונד.

ער האָט געוואוסט, אז דאָס קלאַפּט די מיסעס.

אין צימער איז געווען ליכטיג. עס איז שוין געווען טאָג און מאקס איז שוין דאָ ניט געווען.

„וואָס הערט זיך עפּעס וועגען רענט?“ האָט אַ שטימע פון יע־נער זייט טיהר געפרעגט. „איך וואָלט שוין לאַנג געקענט פערדינ־גען דעם צימער צו אַן אנדערען. איך קען ניט ווארטען אזוי לאַנג.“

„מיסעס, נעקסטען מאָנטאג זיכער“, האָט מאָרים געענטפערט.

„איהר דארפט זיך גאָר ניט זאָרגען. איך האָב בעקומען אַ גוטע שטעלע און וועל שוין מאכען געלד.“

די מיסעס האָט זיך אָבגעטראָגען. אין צימער איז אריין מאקס, רויכענדיג אַ סיגארעט.

„וואָס אַ מענש קען זיך פערגינען! סיגארעטס רויכערט ער! און אַ צייטונג האָט ער נאָך געקויפט! גיב אהער אַ סיגארעטעל!“

„דאָ האָסטו פינף“, האָט מאקס געענטפערט און איהם אָבגע־צעהלט פינף סיגארעטלעך.

„מאקס“, האָט מאָרים געזאָגט מיט בעוואונדערונג, „דו האָסט געמוזט פּלוצלונג רייך ווערען. די מיסעס האָט ערשט אָנגעקלאַפּט אין טיהר און געבעטען רענט. איך האָב איהר צוגעזאָגט אויף מאָנטאג!“

„אויך גוט. אַ טאָג אָבגעשטופּט איז אַ טאָג אָבגעלעבט.“

„אָבער, מאַקס, אַז דו וואָלסט וויסען וואָס מיר האָט זיך גע־חלום'ט היינטיגע נאַכט. עס האָט זיך מיר גע'חלום'ט, אַז איך האָב געוואונען אַ סך געלד, אפשר הונדערט דאָלאַר און האָב זיך אָנגעגע־סען מיט וואַרעניקעס, מיט לעבערלעך און פּופּקעלעך. אַה, איך פיהל נאָך יעצט דעם טעם אין מויל."

„האָסט זיך כאָטש גוט אָנגעגעסען?"

„וואָס דען מיינסטו, איך האָב געזשאַלעוועט? ביי דיר איז עס אַ געלעכטער, אָבער אין חלום איז דאָס פאָרגעקומען אַזוי ווי אויפ'ן וואָהר. איך פיהל נאָך יעצט דעם טעם פון דעם אין מויל. אַ מערקווירדיגע זאַך וואָס אַ חלום איז."

„אָבער דערווייל, וואו נעהמט מען עפּעס אויף צו קייען? איך האָב ניט אַן איינציגען סענט."

„אָהן געלד איז טאַקי שלעכט", האָט מאָרים געזאָגט. „אָבער איך האָב נאָך ביי זיך זעקס סענט. גיב מיר אַן עצה וואָס זאָלען מיר מאַכען מיט די זעקס סענט?"

„דו האָסט ניט קיין זעקס סענט", האָט מאַקס געזאָגט, אָב־קעהרענדיג דעם קאָפּ אַן אַ זייט.

„אויף מיין עהרען וואָרט, איך האָב ביי זיך זעקס סענט."

„איך וויים בעסער, דו האָסט אַ פּעני ניט", האָט מאַקס איהם איבערגעשפּאַרט. „אַז איך בין אויפגעשטאַנען, זעה איך, אַז דו שלאָפסט זעהר געשמאַק, האָב איך פון דיינע הויזען ארויסגענומען די זעקס סענט און געקויפט אַ צייטונג מיט אַ פּעקעל סיגארעטס."

„אַ נכפה זאָל אויף דיר קומען!" האָט מאָרים אויסגערופען, און מעהר האָט ער וועגען דעם ניט גערעדט.

# אַז עס איז ניטאָ קיין מזל העלפט קיין נאָז

נאָכדעם ווי בעני דער קאַפּעך־מאַכער איז שוין גוט קראַנק געוואָרען פון דער אַרבייט און פון ווענינ נאַהרונג, ווייל ער האָט אַלץ געקליבען און געקליבען אויף אַ ביזנעס, איז ער ענדליך,, אין אַ גוטער, מזל'דיגער שעה, געוואָרען אַ ביזנעס מאַן און האָט גע־קויפט אַ צייטונג־סטענד אויף וועסט בראָדוויי.

די ערשטע פּאָאַר וואָכען, ביז ער האָט איינגעלערענט דעם גע־שעפט און ביז דער סטענד איז געוואָרען אין גאַנצען זיין אייגענ־טהום, האָט בעני מיט זיין פרוי און פיער קינדערלעך געוואָהנט אין טשערי סטריט. נאָכדעם האָט בעני גענומען אַ וואוינונג אין דער נאַכבאַרשאַפט פון זיין סטענד.

אַריינגעמופט האָט מען אין אבענד, נאָכדעם ווי די אַרומיגע סטאָרס האָבען זיך צוגעמאַכט. די מאַדאַם, בעני'ס ווייבעל, איז געווען גאַנץ צופריעדען פון דער וואוינונג. אַ שטיק אין דער נאַכט האָט מען אָבגעאַרבייט אום אויסצושטעלען אַלעס אין אָרדנונג, און מען האָט זיך געלעגט שלאָפען גאַנץ מיעד.

די מייסטע צייטונגס־סטענדס אין יענעם געגענד, דאַון טאַון, ווערען געעפענט ערשט נאָכמיטאָג, ווייל דאָרט איז דער מאַרק און די לייטע וואָס קומען אַהין מאַכען געשעפטען האָבען קיין צייט אין דער פריה צו לעזען; נור נאָכמיטאָג, ווען אַ גרויסער טהייל פון די געשעפטען ווערט שוין אָבגעטהאָן, נעהמען זיך די מענשען צו לעזען אבענד־צייטונגען.

בעני און זיין הויז־געזינד האָבען דעריבער רוהיג געקענט שלאָפען ביז ניין אויפ'ן זייגער. זיי זיינען געווען גוט אָבגעפרישט פונ'ם שלאָף. צו פריהשטיק האָט די מאַדאַם געעפענט אַ פענסטער פון פראָנט־צימער עס זאָל אַריין אַ ביסעל לופט.

„בעני, דו הערסט?“ האָט זי געזאָגט אין אַ פּאָאַר מינוטען אַרום.

„נייז, וואס איז?"
„דו פיהלסט גאר ניט דעם ריח?"
„וואו דיר ריח, ווען דיר ריח?"
„עס עיפוש'ט דאך!"
„וואו עיפוש'ט?"
„ווי הייסט? דו פיהלסט גאר ניט?"
„איך פיהל גאר ניט."
„אויף וואס האט דיר גאט געגעבען א נאז?"
„איך ווייס אויך ניט צו וואס. איך פיהל קיין שום גערוך."
„און איך זאג דיר אז איך מיט די קינדער וועלען דא דער־שטיקט ווערען. קום אהער, שלומיאל, קום צום פענסטער! זעהסטו אנטקעגען? וואס איז דאס פאר א סטאר?"
„דאס איז א האלסייל סטאר פון לימבורגער קעז. נו, וואס איז דארטען?"
„עס אויר'ט דאך!" האט די פרוי אויסגעשריען שטארק צו־קאכט. „עס איז דאך ניט אויסצוהאלטען! דער קאפ שפאלט מיר שוין. זעה, זעה, דאס קינד דרעהט מיט'ן קעפעל. אוי, מיינע צרות! אט וועט זי אבברעכען. בעני, וואס שטעהסטו ווי א גולם? מאך שנעל צו דעם פענסטער."
בעני האט צוגעמאכט דעם פענסטער און דערביי האט ער אנ־געבלאזען ביידע נאזלעכער און פרובירט צו כאפען א שמעק, אבער ער האט גאר ניט געפיהלט.
„זעה אקארשט, בעטסי", האט ער געזאגט צו זיין פרוי, „אויב עס איז דא א קאץ ערגעץ בעהאלטען."
„עס איז דא אין הויז א גרויסע חיה, א מאנקי!" האט זי אויס־געריפען שוין מיט כעס.
א ווייל איז געווען שטיל. ביידע האבען ניט גערעדט. נאכ־דעם האט בעטסי אנגעפאנגען:
„און וואס מיינסטו, איך וועל דא מיט די קינדער וואוינען? זיי וועלען דאך קראנק ווערען."
„עס וואוינען דאך דא מענשען ארום", האט בעני גע'טענה'ט.
„מסתמא אזעלכע ווי דו, מענשען אהן נעזער."

בעני איז אוועק זעהר א טרויעריגער אין זיין געשעפט. ער האָט געמיינט אז ער איז שוין אַן אויפגעריכטער מענש. פּלוצלונג, נאַ דיר, עס הויבט זיך אָן א נייע צרה מיט זוכען אן אנדער דירה! ווען בעני איז פערבייגעגאנגען דעם קעז סטאָר האָט ער זיך אָב־געשטעלט, אָנגעבלאָזען זיינע נאָזלעכער און גענומען ציהען אין זיך דעם אָטהעם. ער האָט אָבער גאָר ניט געפיהלט, אזוי ווי ער וואָלט טאקע קיין נאָז ניט געהאט.

בעני דרעהט זיך אום מיט׳ן פּנים צו זיין וואוינונג און זעהט ווי זיין פרוי שטעהט אין פענסטער און לאַכט פון איהם. זי האָט געמוזט פערשטעהן ווארום ער האָט זיך אָבגעשטעלט נעבען דער סטאָר. בעני׳ן פערדריסט עס.

דער געדאנק אז ער האָט א נאָז וואָס שמעקט ניט האָט בעני׳ן שטארק געמאַטערט. ווערהענד ער האָט אויסגעטראָגען זיינע צייטונגען צו די קונדען, האָט ער זיך אָבגעשטעלט ביי יעדען מיסט־קאסטען און פּרובירט זיין חוש הריח. ער האָט גאָר קיינמאָל ניט געוואוסט וואָס פאר א קאַליקע ער איז אויפ׳ן נאָז. ווען ער איז פער־בייגעגאנגען א בלומען־סטענד האָט ער זיך ווידער אָבגעשטעלט, גענומען עטליכע בלומען אין האנד און פּרובירט צו שמעקען — גאָר ניט! עס האָט איין ריח מיט די צייטונגען וואָס ער טראָגט ארום.

עס איז איהם אייגעפאלען א געדאנק צו קויפען עטליכע בלו־מען און ברייגנען אהיים, טאָמער וועט דאָס א ביסעל בערוהיגען זיין פרוי. אָבער ווען ער איז געקומען אהיים האָט ער זי געפונען גיסענדיג עפּעס אין די ווינקלען, אויפ׳ן פּוסבאָדען און ארום די פענסטער.

„נאַ דיר עטליכע בלומען“, האָט ער געזאָגט, וועט דיר ווערען לייכטער.“

זי האָט גענומען די בלומען צום נאָז און אויסגערופען:

„אַי, א מענש אָהן א נאָז זאָל גאָר ניט געבוירען ווערען! די בלומען שמעקען דאָך גאָר ניט!“

„נו!“ האָט בעני א קוועטש געטהאָן מיט די פּלייצעס. „וואָס גיסטו דאָס איבער׳ן הויז?“

„איך בעגים די הויז מיט עסיג, עס זאָל פערטרייבען די נודנע־קייט. עס טרייבט מיר צו חלשות.“

בעני האָט גענומען די פלאַש עסיג צום נאָז און גענומען שמע־קען אויפ׳ן קול.

„נו?“ האָט בעסי געפרעגט מיט אַ שמייכעל, „הערסטו עפּעס אַ ריח?“

„יעס“, האָט בעני געזאָגט, „איך פיהל אַ פייכטקייט.“

בעטסי האָט זיך צולאַכט און איז גלייך געוואָרען טרויעריג.

* * *

צוויי וואָכען האָבען זיך בעטסי און די קינדער ·דאָרט אויס־געמוטשעט. עס איז פאַר איהר אונמעגליך געוועזן מיט פיער פיצלעך קינדער צו געהן זוכען אַ וואוינונג און זי האָט געמוזט ווארטען ביז בעני וועט זיך אָבקלייבען אַ צייט צו זוכען. בעני האָט ענדליך געפונען אַ וואוינונג אין מעדיסאָן סטריט. דאָס איז פאַר איהם געווען ווי געוואונשען, ווייל די מעדיסאָן סטריט טראַמוויי געהט דורך ניט ווייט פון זיין געגענד.

דיזען מאָל האָבען זיי ארויסגעמופט אין דער פריה. בעטסי מיט די קינדער מיט דעם וואָגען מעבעל זיינען אָבגעפאָהרען פריהער, בעני איז אונטערגעקומען אַ ביסעל שפּעטער.

ווען ער איז אַרויף אין די צימערען איז שוין אַלעס געווען אַרויפגעטראָגען, אָבער קיין זאַך צושטעלט אויף אַן אָרט, און בעטסי איז געלעגען מיט דאָס קלענסטע קינד אויף אַ פּערינע און האָט ביטער געוויינט.

„וואָס וויינסטו?“ האָט בעני געפרעגט פערזאָרגט און פער־וואונדערט. „די וואוינונג דיר ניט געפעלען? ·דאַכצעך ליכטיגע צימערען פינף שטיק. און נאָך אַ וואַנע דערצו, וועסט זיך קענען באָדען אַלע חודש ווי די אַפּטאַונער.“

„אונגליקליכער מענש!“ האָט די פרוי אויסגערופען מיט אַ פערצווייפעלטען יאָמער אזוי ווי זי וואָלט איהם בעוויינט אַ טויטען. „צו וואָס האָט דיר גאָט געגעבען אַ נאָז?“

„וואָס איז?“ האָט בעני געפרעגט ערשראָקען. „וואָס שמעקט

שוין ווידער? איך האָב אליין פריהער אַרומגעזעהן — דאָ איז ניטאָ קיין לימבורגער קעז סטאָר."

„דאָ איז אַ פאַבריק פון זויערע אוגערקעס, גראַדע דיר אויפ'ן נאָז. עס שמעקט עסיג פאַר צעהן בלאָק אַרום — עס איז ניט אויס־צוהאַלטען! עס פערכאַפּט די נשמה. איך האָב שוין אויפגעגעסען דריי אוגערקעס אום עס זאָל אַראָב די סקאַמע אין מויל. שלומיאל, וואו איז געווען דיין נאָז? מעהר וועסטו מיר ניט דינגען קיין וואוי־נונג. איך וועל אַריינגעהמען אַ דיענסט אין הויז און אליין געהן זוכען אַ וואוינונג."

„איז ווידער מופען?" האָט בעני געפרעגט פערצווייפעלט.

„וואָס דען? דו מיינסט איך וועל דאָ זיצען און קראַנק ווערען מיט די קינדער? פּטור געוואָרען פון איין עיפּוש און אַריינגעפאַלען אין אַן אַנדער עיפּוש — נאַ דיר!"

בעני האָט זיך שטילערהייט אַרויסגעגנב'עט פון הויז און איז אַרויס אין גאַס אַרומשמעקען דעם געגענד. יעדע ווײַלע האָט ער זיך אַרומגעקוקט אויב בעטסי קוקט איהם ניט נאָך פון פענסטער. ער געהט און שמעקט, אָבער ער פיהלט גאָר ניט.

„בעטסי איז גערעכט", האָט ער זיך געטראַכט. „צו וואָס טאָקע דאַרף איך האָבען אַ נאָז אַז איך האָב פון איהם קיין נוצען."

בעני איז אַ צייט אַרומגעגאַנגען מרה שחורה'דיג. ער האָט בעטסי'ן גלייך אין די אויגען ניט געקענט קוקען. זי האָט צו איהם ווייניג גערעדט. נור איינמאָל, פרייטאָג, האָט זי איהם עמפּפאַנגען מיט אַ פרעהליכען פּנים און געזאָגט:

„הער, בעני, מיר וועלען שוין דאָ אָבוואוינען דעם מאָנאַט. עס איז געבליבען בסך הכל נאָך צעהן טעג. אַ שאָדען געלד. איך האָב געפונען אַ פיינע וואוינונג אין גרענד סטריט. עס הייסט מיין שוועסטער האָט עס געפונען פאַר אונז. נאַ דיר די אַדרעסע מיט'ן נאָמען פון לענדלאָרד און געה מאַך מיט איהם אָב."

„ווער ווייס וואָס דאָרטען שמעקט!" האָט בעני געזאָגט פערזאָרגט.

„דאָרט שמעקט שוין ניט. מיין שוועסטער איז דאָרט געוועזן

און האָט געזעהן די וואוינונג. פינף צימערען מיט א וואַנע פאַר דריי און צוואַנציג דאָלאַר. גאָר אַריבער, מען וועט נאָך אויסכאַפּען".

* * *

עס זיינען אַריבער דריי וואָכען. בעני מיט זיין הויזגעזינד האָבען שוין געוואוינט אין זייער נייע דירה אויף גרענד סטריט און זיינען געווען גליקליך.

גליק דויערט אָבער ניט לאַנג.

איינמאָל, ווען בעני איז געקומען פון ביזנעס אהיים, האָט איהם זיין פרוי דערצעהלט א נייעס, אַז די שטאָדט רייסט אויף די גאַס, ווייל מען וויל לייגען נייע דראָטען פאַר'ן טעלעפאָן.

„איך האָב טאַקע געזעהן אַז מען גראָבט", האָט בעני געזאָגט.

„בעגראָבען זאָלען זיי ווערען די וואָס טהוען אויף אַלע נייע זאַכען!" האָט בעטסי געשאָלטען מיט הארץ. „עס וועט אונז ווידער אויסקומען אנטלויפען. עס הערט זיך שוין גאַז. מען קען שוין קיין פענסטער ניט האַלטען אָפען. סעמקע האָט שוין געקראָגען א קאָפּ־וועהטאָג. מאָרגען וועט זיך די גאַז נאָך מעהר לאָזען הערען."

„דאָס וועט אָבער לאַנג ניט דויערען", האָט זי בעני געטרייסט.

„מען וועט די גאַס צוריק פערשיטען און אויסגלייכען."

בעני'ס טרייסט איז אָבער ניט אַזוי גיך מקוים געוואָרען. די גאַס איז אויפגעבראָכען געוואָרען נאָך טיעפער, און דער ריח פון די גאַז איז געוואָרען נאָך שטאַרקער. די אַרבייט איז אָנגעגאַנגען זעהר לאַנגזאַם און די גאַס איז אָפען נאָך יעצט אויך. די פענסטער אין בעני'ס וואוינונג זיינען אימער פערמאַכט און צוויי קינדערלעך זיינען קראַנק. א דאָקטאָר האָט געהייסען אַרויסמופען און בעני וויים נעבעך ניט וואָס צו טהאָן.

„זעהסטו", זאָגט ער אָפט צו זיין פרוי, „אַז דו מיט דיין שוועסטער האָבען שוין יאָ גוטע נעזער טאָ וואָס האָט איהר אויס־געפיהרט? איך זאָג דיר, בעטסי, אַז עס איז ניטאָ קיין מזל העלפט ניט קיין נאָז!"

# א פיאנא אדער א נעה מאשין

צוויי גוטע פריינד, ביידע יונגע באלעבעסלעך, האבען זיך בע־געגענט אין גאס.

„וואוהין געהסטו, סעם?“ האט איינער געפרעגט דעם אנ־דערן.

„איך געה קויפען מיין ווייב א פיאנא“, האט סעם געענט־פערט.

„ביזט א נאר!“ האט אויסגערופען דער ערשטער, וועמעס נאמען איז געווען מאקס. „שוין א האלב יאהר אז דו האסט חתונה געהאט, און ווייסט נאך אלץ ניט ווי צו בעהערשען א ווייב! וואס הייסט א פיאנא? וועסט זי דאך איבערפיהרען, וועסט זי צולאזען מאכען. ווי נור דו נעהמסט אריין א פיאנא אין הויז, ווערט שוין דיין ווייב א גאנצע לײדי: זי וועט זיך אנהויבען עקסטרא צו פו־צען, צו קליידען, וועט ארומגעהן איבער דעפּארטמענט סטארס און זוכען נייע מאדעס. קיין איד זאל ניט וויסען פון א פיאנא. עס איז א גוטע זאך פאר די קאפּיטאליסטען, אבער ניט פאר א נאש־בראט וואס דארף ארומגעהן און מאכען ביזנעס פאר פרעמדע.“

סעם האט זיך פערטראכט, און מאקס האט ווייטער גערעדט:

„זעהסטו, סעם, איך גיב ניט נאך אזוי מיין ווייב׳ס ווילען. ביי מיר וואלט זי גאר ניט געהאט די העזה צו בעטען א פיאנא, א נעה־מאשין האט זי געבעטען, זאל איך איהר קויפען. ערשטענס, זאגט זי, איז דאס א ציערונג אין א הויז, א שטיקע מעבעל, און צווייטענס, איז מיט א מאשין אין הויז קען מען שפּארען א סך געלד. אין איין יאהר שפּארט מען איין וואס די מאשין קאסט.“

„און דו וועסט איהר קויפען א נעה־מאשין?“

„יעס, און דו?“

„איך וועל קויפען מיין ווייב א פיאנא“.

און די צוויי פריינד האבען געוואונשען איינע די אנדערע א גוטען טאג און זיי זיינען זיך צוגאנגען.

* * *

א האלב יאהר איז אריבער. מאקס און סעם האבען זיך וויע־דער בעגעגענט.

„וואס מאכסטו, מאקס?“

„אה, סעם? העלאו, העלאו!“

„איך פרעג דיך, מאקס: וואס מאכסטו?“

„אה, זעהר גוט, זעהר גוט. וואס מאכסטו? ווי געהט עס דיר?“

„מיר — ניש־קשה“, האט געענטפערט סעם. „עס האט גע־קענט בעסער זיין.“

מאקס האט איהם אנגעקוקט אין די אויגען. ער האט ערוואר־טעט, אז סעם וועט איהם פרעגען עפעס א פראגע, און דאך האט ער ניט געוואלט, אז סעם זאל דאס איהם פרעגען. אום צו פערכאפען סעם'ען דעם וועג, האט ער איהם א פרעג געטהאן:

„סעם, דו האסט, דאכט זיך, געקויפט א פיאנא פאר דיין ווייב. נו, האסטו נאך קיין חרטה ניט?“

„איידער איך וועל דיר ענטפערען“, האט סעם געזאגט, „וויל איך אליין דיך פרעגען א פראגע: דו האסט, דאכט זיך, געקויפט דיין ווייב א נעה־מאשין — זאג, ביזטו צופריעדען?“

מאקס האט אראבגענומען די ברילען פון זיין נאז און גענומען ווישען די גלעזלעך, אזוי ווי ער גרייט זיך צו עפעס.

„דו שוויינסט, אה,“ האט סעם געזאגט. „איך זעה, אז דו ביזט ניט צופריעדען. איך וועל דיר מאכען א פארשלאג, מאקס. לאמיר זיין אפענהערציג, אזוי ווי אמת'ע גוטע פריינד, עהרליכע מענשען. לאמיר איינע די אנדערע דערצעהלען אונזערע ביידענס ערפאהרונגען. דו דערצעהל וועגען דיין נעה־מאשין און איך וועל דערצעהלען וועגען מיין פיאנא.“

„אל ראיט“, האט געזאגט סעם און אנגעהויבען צו דערצעהלען זיין געשיכטע. „זייט איך האב ארייגגענומען די פיאנא האט זיך ביי מיר אין הויז אנגעפאנגען א נייער לעבען. די ערשטע זאך וואס איך האב בעמערקט איז אז מיין פרוי איז געווארען עקאנא־מיש, שטארק אויסגערעכענט מיט'ן סענט. עס האט זיך איהר גע־וואלט וואס שנעלער אויסצאהלען פאר דער פיאנא. ערשטענס, וויל פאר יעדע איינצאהלונג וואס זי צאהלט איין פאראויס, קריגט

זי עפּעס ארונטער, און צווייטענס, ווייל זי וואָס שנעלער פון זיך אראָבוואַרפען דעם יאָך פון דעם חוב. די פיאנא און די מוזיק־לעקסאָנס האָבען פון איהר קאָפּ ארויסגעשלאָגען א סך נארישקייטען. זי רעדט יעצט ניט וועגען מיסעס בולקין'ס קליידער און ניט וועגען מיסעס טשערעפּאכע'ס בריליאנטענע אוירינגלעך. איהר קאָפּ איז פערנומען מיט וויכטיגערעס. אויסער דעם האָט זי צו מיר אָנגעהויבען פיהלען א מין גרויסע דאנקבארקייט. יעדען מאָל ווען איך גיב א קוק אויף דער פיאנא, טרייסט זי מיך און זאָגט אז איך זאָל ניט זאָרגען, זי וועט אליין אויסצאָהלען פאר דער פיאנא, זי וועט עס פון דער הוצאה אָבשפּאָרען. צוליעב דער פיאנא האָט זי אָנגעהויבען צו זיין פּאָרזיכטיג, און ביסלעכווייז איז זי געוואָרען אן אויסגעצייכענטע עקאָנאָמישע ווירטהין. נאטירליך מוז איך זאָגען אז איך בין העכסט צופריעדען פון מיין פיאנא. יעצט דערצעהל דו."

„נו, נו", האָט מאקס א זיפץ געטהאָן. „מיט מיר איז שוין געגאנגען מיט'ן פוטער אראָב, ווי מען זאָגט. זייט איך האָב אריינגענומען די מאשין אין הויז, איז ניט איך האָב רוה און ניט מיין ווייב האָט רוה. כסדר קויפט זי מציאות, אלערליי רעשטלעך, שטיקלעך, מציאות, און נעהט קליידלעך, יאַקלעך, אונטערוועש, פּארטיכער, ציכלעך און נאָך אזעלכע זאכען, סאַי מען דארף, סאַי מען דארף ניט. אלע וואָרדעראָבס און פּאָליצעס, און וואו עס איז דאָ נור א ווינקעל, אָדער א קעסטעל, ליגען אָנגענעהטע זאכען. מיין ווייב רק זי נעהט און נעהט. זי נעהט אזוי פיעל דאָס זי האָט גאָר קיין צייט ריכטיג צו בעזאָרגען די קיך. עס טרעפט אמאָל, אז איך קום אהיים און דער סאפּער איז נאָך ניט פאַרטיג. פרעג איך איהר ווארום קומט דאָס מיר ווארטען א הונגעריגער? הויבט זי מיט מיר אָן צו טענה'ן אז איך בין א מאַן וואָס ווייס ניט ווי צו שע'ן אָן עקאָנאָמישע פרוי. אָט אזא קליידעל ווי זי האָט היינט געמאכט, דארף קאָסטען ביי ציגעלע מיגעל קאָמפּאַניע פינף דאָלער, און איהר קאָסט עס בלויז 78 סענט. האָט זי מיר געשפּאָרט פיער דאָלאר מיט 22 סענט — און מיר איז נאָך ניט ניחא! הויב איך זיך אָן ביי איהר צו בעטען: טהייערע, הארציגע! האָסט דאָך שוין אכט אָדער ניין קליידלעך, זאָל שוין זיין גענוג! גיט זי מיר אוועק א גאָב פאר דעם וואָס איך וויל ניט אָנהויבען צו פערשטעהן אז אויף די

אַלע קלײדלעך האָט זי מיר אײנגעשפּאָרט אפשר 30 דאָלער. „עס וואַלגער־ט זיך עפּעס ביי דיר 30 דאָלער?" פרעגט זי מיך — היינט גער טענה זיך אוים מיט א אידענע!"

„זעהסטו!" האָט סעם אויסגערופען מיט נצחון. „ווען דו וואָלסט געטהאָן אזוי ווי איך און געקויפט דיין ווייב א פּיאַנאָ אָנ־שטאָט א נעה־מאַשין, וואָלסטו קיין חרטה ניט געקראָגען!"

„אה, זאָג דאָס ניט," האָט מאַקס געענטפערט. „עס איז ניט די פּיאַנאָ שולדיג אין דעם און ניט די נעה־מאַשין. עס איז מזל. עס זיינען דאָ אזעלכע מזל'דיגע מענשען אז ווען זיי פאַלען אריין אין וואסער, שווימען זיי ארוים מיט א שטיק געפּילטע פיש אין מויל, און עס זיינען דאָ אזעלכע וואָס כאָטש צוריים זיך, געהט זיי ניט, ווייל זיי זיינען שלימאַזאָלעס. סעם, דו האָסט אזא מזל, דו האָסט אזא ווייב."

„מעגליך," האָט סעם געענטפערט.

# אַ קעניג אין אַמעריקאַ

**ווי אַזוי מיסטער פענדעל האָט געהאַט דעם מזל צו קיניגין אין קאָלומבוס'עס מדינה צוויי טעג מיט צוויי נעכט.**

ליעבער פריינד מענדעל!

שוין אַ לאַנגע צייט אַז איך האָב דיר ניט געשריבען קיין בריעף, פשוט ווייל עס איז ניט געווען וועגען וואָס צו שרייבען, אָבער יעצט האָט מיט מיר פּאַסירט עטוואָס, איז ווערטה צוליעב דעם נעהמען אַ פען אין האַנד און אויסשרייבען דיר די גאַנצע געשיכטע מיט אַלע איינצעלהייטען.

דו ווייסט דאָך די מעשה פון שאול וואהל, דער איד, וועלכער האָט געקיניגט איבער פוילען אַ גאַנצען מעת־לעת. פּונקט אַזאַ זאַך, און נאָך אַ גרעסערע האָט פּאַסירט מיט מיר אין אַמעריקאַ צוויי טעג מיט צוויי נעכט. דו הערסט, אַ ק ע נ י ג, זאָג איך, ניט קיין פּרעזידענט. אַ קעניג אין אַ רעפּובליקאַנישע מדינה. דו פערשטעהסט?

איך שטעל דיך פאָר ווי דו שאָקעלסט דיין קאָפּ און מיינסט, אַז איך מאַך חוזק פון דיר. האָב נור געדולד, ליעבער מענדעל, און דו וועסט זעהן אַז היינטיגע צייטען איז אַלעס מעגליך, אפילו אַז אַ איד וואָס איז ערשט אַ יאָהר פון ביאַליסטאָק, זאָל ווערען אַ מלך אין אַמעריקאַ.

ביי אַ יאָהר צייט האָב איך זיך אָבגעמאַטערט אין ניו יאָרק און זיך ניט געקענט צושלאָגען צו קיין זאַך. אַז איך זאָל דיר נעהמען אויסרעכענען די פערשיעדענע פּרנסות וואָס איך האָב איבערפּרובירט אין אַמעריקאַ, וואָלט ניט סטייען קיין פּאַפּיער. אָבער נאָכדעם ווי איך האָב זיך אָבגעמוטשעט אַ יאָהר, איז מיר צופעליג אריינגעפאַלען אין האַנד אַ קאַרטעל וואָס מאַכט בעקאַנט אַז מען זוכט אַרבייטער ערגעץ אין אַ קאַנטאָר אין אידישען קוואַרטאַל.

קום איך אַהין, געפין איך אַ יונגען מאַן ביי אַ שרייב־טיש. איך זאָג איהם וועגען וואָס איך בין געקומען און ער זאָגט מיר אַז די אַר־

בייט איז ביי אַ הונדערט מייל פון ניו יאָרק, אין אַ בעוואוסטעןַ פאַבריק. קיין פאַך־מאַן דאַרף מען ניט זיין, די אַרבייט איז זעהר אַ לייכטע און פאַר אַן אָנפאַנג וועל איך בעקומען ניין דאָלאַר אַ וואָך, און מיינע רייזע־קאָסטען וועט מען אויך בעצאָהלען.

איך האָב מיט איהם אָבגעמאַכט, אַז איך זאָל קומען אויף מאָרגען אין זיין קאַנטאָר און ער זאָל מיר אָבפיהרען צו דער באַהן.

צוזאַמען מיט מיר זיינען געפאָהרען נאָך אַ צעהן יונגע לייט, אַלע אין דער זעלבער לאַגע ווי איך. מיר האָבען אויפ'ן וועג ווע־ניג גערעדט. אין אַמעריקאַ איז ניט ווי אין דער היים. דאָ האַל־טען זיך פרעמדע מענשען פון דערווייטענס און עס איז ניט אַזוי לייכט צו מאַכען בעקאַנטשאַפט אונטערוועגס. נעבען מיר איז גע־זעסען אַ פּאָליאַק, האָט ער מיר געזאָגט, אַז ער האָט מורא, אַז דאָרט וואו מיר פאָהרען ארבייטען איז אַ סטרייק, און אַז מען וויל מיר זאָ־לען פערנעהמען דעם פּלאַץ פון די סטרייקער. זאָג איך צו איהם: „וואָס וועלען מיר צולייגען? מיר וועלען דאָרט זיין, וועלען מיר זעהן. אפשר איז גאָר דאָרט קיין סטרייק ניטאָ.“

ווען אונזער טריין, עס הייסט אונזער פּאָיעזד, איז אָנגעקומען אין יענער שטעדטעל, האָבען מיר געזעהען אַז אויף דער פּלאַטפאָר־מע איז אַ גאַנצער יום טוב. עס איז דאָרט געווען אַ גרויסער עולם און אויך פּאָליצייסקע. איך האָב פערשטאַנען אַז דעם פאַראַד האָט מען געמאַכט צוליעב אונז. נור מיר זיינען ארונטער פון וואַגאָן, האָט זיך דער עולם אָנגעהויבען צו רוקען צו אונז. אייניגע פון עולם זיינען צוגעגאַנגען און אָנגעהויבען צו ריידען צו מיר און צו די יונגע לייט וואָס זיינען געקומען מיט מיר. זיי האָבען גערעדט אין ענגליש און איך האָב ניט פערשטאַנען וואָס זיי ריידען צו מיר. נו, האָב איך געארבייט מיט'ן קאָפּ, געזאָגט „יעס“ (יאָ) און „נאָ“ (ניין), ווי עס איז מיר אריין אין מויל, ניט וויסענדיג אויף וואָס איך זאָג „יעס“ און אויף וואָס „נאָ“.

איך האָב געזעהן, אַז די אנדערע לייט וואָס זיינען געקומען מיט מיר לאָזען זיך איבערריידען. אָבער מיין בעל־דברן איז ווי עס שיינט געווען אַ בייזער. איך האָב מסתמא ניט געזאָגט דעם „יעס“ אָדער דעם „נאָ“ אויפ'ן ריכטיגען אָרט און ער האָט זיך אָנגעצונדען, און מיר דערלאַנגט אַ בוכצע אין זייט.

דא איז געקומען מיין ישועה. איידער ער האט צייט געהאט צו געבען מיר א צווייטען בוכץ, זיינען שוין פינף פאליציייסקע געווען ארום מיר און צוויי געבען איהם. די צוויי האבען איהם גענומען אונטער'ן ארעם, אזוי ווי אונטערפיהרער און מיט איהם אוועק. די פינף האבען גענומען ריידען צו מיר זעהר ווייך. פון מיין זאגען „יעס" און „נא" האבען זיי פערשטאנען אז איך הויב זיי ניט אן צו פערשטעהן. זיי האבען צוגערופען א מאן, וואס איז געשטאנען צווישען עולם ער זאל זיין צווישען אונז א דאלמעטשער. דער דאלמעטשער האט גענומען ריידען צו מיר דייטש, און פון זיין דייטש האב איך פערשטאנען, אז ער איז א קאוונער. קיין אידיש האט ער ניט געוואלט ריידען, כאטש גיב איהם א קריינק, נור דייטש האט ער גערעדט. די פאליסלייטע האבען איהם אויך ווי עס ווייזט אוים פערשטאנען מיט גרויסע מאטערנעס. איך בין אבער זיכער, אז ער האט גערעדט ענגליש בעסער ווי דייטש.

איך האב ערקלעהרט דעם צוועק פון מיין קומען און געצייגט א בריעף צו דער פירמע, צו וועלכע איך פאהר. די פאליסלייטע האבען מיר אריינגעזעצט אין א גרויסען אויטאמאביל, איינער האט זיך געזעצט מיט דעם מאשיניסט, און פיער האבען זיך געזעצט אינוועניג מיט מיר. אויפ'ן וועג האבען זיי גערעדט צו מיר זעהר פריינדליך, האבען מיך גערופען „גוד באי", עס הייסט „גוטער ברודער" און געזאגט, אז איך בין „אל־ראיט", עס הייסט א מאלאדיעץ.

דער אויטאמאביל האט מיך צוגעפיהרט צו א גרויסארטיגען האטעל, מיט גרינע פאלמען בוידער פון דרויסען, און מיט דיענער און שווייצארען אין אוניפארמען. „פאר וואס קומט דאס מיר?" האב איך זיך געטראכט. אבער מען האט מיך ניט געלאזט טראכטען. די פאליסלייטע זיינען אוועק און די דיענער האבען מיך אריינגעפיהרט אין א גרויסארטיגען צימער מיט א וואנע דערביי. די וואנע, פערשטעהט זיך, איז בלויז פון א ציערונג וועגען. קיינער באדט זיך ניט אין דעם. דאס האב איך גלייך בעמערקט זעהענדיג ווי ריין דאס איז, גאר אהן א פלעק, אזוי ווי קיינער האט דאס גאר ניט אנגעריהרט. אבער לכבוד מיר האט א דיענער אנגעפילט די וואנע מיט ווארימע וואסער. ער האט מיר געבראכט זייף און טהייערע האנדטיכער, און אויך ריינע אונטערוועש.

אז איך האָב זיך אָבגעוואשען און איבערגעטהאָן, האָט מיך אַן אנדער דיענער ארונטערגעפיהרט אונטען אין א גרויסען זאאַל מיט טישען. מען האָט מיר דערלאַנגט דאָס פיינסטע עסען, אזעלכע מאכלים וואָס איך האָב קיינמאָל אין לעבען ניט פערזוכט, אין טייערע וויינען דערצו. ביים עסען האָב איך שוין גענומען טראַכ־טען וואָס דאָ טהוט זיך מיט מיר. פאר וועלכען זכות אבות קאָר־מעט מען מיך און מען שטאָפּט מיך ווי א קאַטשקע אויף פסח?

און אפשר, האָב איך זיך געטראכט צוריק, אפשר האָט אין דער צייט וואָס איך בין ארויס פון ניו יאָרק, אויסגעבראָכען די סאָציאַלע רעוואָלוציאָן און דער ארבייטער איז יעצט דער אמת'ער בעל הבית פון אַלעס וואָס איז דאָ אויף דער וועלט, און איהם קומט דער שעהנ־סטער צימער אין האָטעל, מיט א וואַנע, און מיט די פיינסטע מאכלים און בעסטע וויינען?

די וויינען האָב איך גאָר ניט געזשאַלעוועט. איך האָב געגאָ־סען אַ גלעזעל נאָך אַ גלעזעל. נאָך דעם עסען האָט מען מיך צוריק ארויפגעפיהרט אין מיין צימער, אָבער איידער איך האָב צייט גע־האַט זיך צו לייגען שלאָפען, האָט מען מיר געזאָגט, אז דער סיטי מעיר וויל מיך זעהן. א סיטי מעיר איז דער בירגערמייסטער פון שטאָדט.

דער סיטי מעיר איז געווען אַ מיטעל־יעהריגער מאַן מיט אַ בלאָנדער בערדיל און אַ דייטש. צוזאמען מיט איהם זיינען געקו־מען די אָלדערמען. דאָס זיינען די „גלאַסני". דער סיטי מעיר האָט צו מיר גערעדט דייטש און האָט פאר מיר פאָרגעשטעלט די אָלדערמען יעדען בעזונדער. (זיי זיינען געווען ביי אכט שטיק). ער האָט געהאַלטען אַ קורצע רעדע פאר מיר אין דייטש און האָט געזאָגט, אז ער איז געקומען מיך בעגריסען אין נאָמען פון דער גאַנ־צער שטאָדט, דערפאר וואָס איך האָב ארויסגעצייגט מוט און אַ פעסטען בעשלוס צו בעשיצען די אינדוסטריע פון לאַנד, די פרייהייט פון אמעריקא געגען די סטרייקער און רעוואָלוציאָנערען, וואָס ווילען חרוב מאכען דאָס לאַנד. ער האָט געענדיגט מיט דעם, אז כאָטש פאָרלויפיג בין איך דער איינציגער וואָס האָט זיך אונטערנומען צו בעשיצען די אינטערעסען פון אינדוסטריע און פרייהייט פון קאַפּי־

מאַל. דאָך האָפּט ער אַז מיין גוטע טהאַט וועט דיענען אַלס אַ ביי־שפּיעל צו אַנדערע אַרבייטער.

אָבוואָהל אין קאָפּ האָט זיך מיר גוט געדרעהט פון דעם וויין, און איך האָב דעם סיטי מעיר׳ס דרשה געמוזט הערען זיצענדיג, ווייל איך האָב ניט געקענט שטעהן אויף די פיס, דאָך האָבען מיר זיינע ווערטער אַ ביסעל קלאָר געמאַכט די געשיכטע. אהאַ, טראַכט איך מיר, איך בין געוואָרען אַ גאַנצער יאַ טעבע דאָם! עס איז בע־שערט געווען פאַר אַמעריקאַ אַז איך זאָל קומען פון ביאַליסטאָק צו ראַטעווען די אינדוסטריע פון לאַנד. איך האָב ביי זיך גענומען פּיהלען זעהר גרויס, און דער מעיאָר איז אַוועק, האָב איך זיך אריינ־געלייגט מיט די שטיוועל אין בעט און איינגעשלאָפען.

אַז איך בין אויפגעשטאַנען איז שוין געווען ארום ניין. איך בין געשלאָפען דרייצעהן שטונדען. ווי איך האָב נור זיך אַ טשוכע געטהאָן האָט זיך בעוויזען אַ דיענער. ער האָט מיר געבראַכט פרישע האַנדטיכער און מיר געהאָלפען זיך ארומוואַשען, און אַ ביי־סעל אָבפּוצען מיינע קליידער. נאַכדעם איז געקומען אַ מאַן מיך ארומצוראַזירען.

„קומט עסען פריהשטיק און נאָכדעם וועט איהר פאָהרען צו דער ארבייט“, האָט צו מיר געזאָגט דער דיענער. מעהר ווי די צוויי ווערטער „ברעקפעסט“ (פריהשטיק) און „וואָירק“( ארבייט) האָב איך ניט פערשטאַנען, אָבער דאָס איז געווען גענוג איך זאָל פער־שטעהן די אַנדערע ווערטער.

אַ פריהשטיק האָב איך געהאַט פון כל טוב: אפּעלסינען מיט צוקער, געבאַקטע עפּעל מיט זיסע שמעטענע, פיינע קאָקאָ מיט אַזעלכע הייסע פּאַמפּושקעס. פיער מאָל האָט מען מיר דערלאַנגט פּאַמפּושקעס און איך האָב אַלע אויפגעגעסען.

נאָך דעם פריהשטיק האָט מען מיך ארויסגעפיהרט צום אויטאָ־מאָביל. דאָרט זיינען געזעסען זעקס פּאָליסלייטע מיך צו בעגליי־טען. פון פאָרענט זיינען געפאָהרען פּאָליסלייטע רייטענדיג אויף פערד און פון הינטען איז געפאָהרען נאָך אַן אויטאָמאָביל און אין דעם איז געזעסען דער סיטי מעיר און נאָך אַ מאַן אין אַ יוניפאָרם. מען האָט מיר שפּעטער געזאָגט, אַז דאָס איז געווען דער פּאָליציי־מייסטער.

אויפ'ן וועג האָב איך געהאַט אַ מאָדנעם קבלת פנים. די גאַסען זיינען געוועזן אויסגעשטעלט מיט פּאָליסלייט און מיט סאָלדאַטען, און זיי האָבען געטריבען מענשען פון גאַס, ניט געלאָזט מאכען קיין רעדלעך, פונקט ווי אין קריעגס־צושטאַנד. פון די פענסטער פון די הייזער האָט מען אונז בעגריסט אויף פערשידענע אופנים. פון די אָרימע האָט מען געשריען: „סקעב! סקעב!“ (אַזוי רופט מען איינעם וואָס פערנעהמט אַ סטרייקער'ס פּלאַץ) און פון די רייכע הייזער האָט מען פאר מיר געשריען הורראַ און דאַמען האָבען אויף מיר געוואָרפען בלומען.

ברוך השם, איך בין שוין אין פאַבריק און איך מיין אַז אָט וועט מען מיך שטעלען צו דער ארבייט. מען פיהרט מיך אריין. די פאַבריק איז זעהר אַ גרויסע, און מאַשינען זיינען דאָרט דאָ אפשר פאַר זעקס הונדערט אַרבייטער. אָבער איך האָב דאָרט קיינעם ניט געפונען אויסער דעם בעל הבית אליין. ער האָט געדריקט מיינע ביידע הענד און געזאָגט אַז ארבייטען וועל איך ניט דאַרפען. איך דאַרף נור זיצען ביי אַ מאַשין און דרעהען אַ הענטעל אַ האַלבע שטונדע אין טאָג, און דערפאַר וועל איך בעקומען ניין דאָלער אַ וואָך געהאַלט און הונדערט דאָלער אַ מתנה. דער בעל הבית האָט צו מיר גערעדט דורך דעם סיטי מעיר, ווע[ל]כער, ווי איך האָב שוין דיר געזאָגט, רעדט דייטש. ער האָט מיר ערקלעהרט אַז ער בויט זעהר פיעל אויף מיר, ניט ווייל ער ערוואַרטעט פון מיר ארבייט, נור צוליעב דעם מאָראַלישען זיעג, עס הייסט אַז דורך מיר וועט ער צייגען דאָס ער קען קריגען ארבייטער להכעיס דער יוניאָן, כאָטש דערווייל איין איינציגען ארבייטער, אָבער אויספיהרען וועט ער!

צעהן מינוטען בין איך געזעסען ביי דער מאַשין און האָב אָנגעהויבען צו גענעצען. ווי דער בעל הבית האָט דערזעהן מיין געניץ, האָט ער מיך אַוועקגעשיקט אין זיין פּריוואַט־צימער און געהייסען זיך צולייגען אויף אַ סאָפע. ער האָט מיר דערלאַנגט אַ פיינעם האַוואַנאַ סיגאַר, און איך בין רויכענדיג איינגעשלאָפען.

עס האָט זיך מיר געחלום'ט, אַז איך בין אַ קעניג און איך זיץ אויף אַ טהראָן מיט אַ קרוין אויפ'ן קאָפּ, און דאָס פאָלק בוקט זיך פאַר מיר און שרייט: „הורראַה פאַר זיין מאַיעסטעט קעניג פענדל פון ביאַליסטאָק!“

איך בין אבגעשלאפען אזוי ביי א פאאר שטונדען. מיין בעל־הבית האט מיך אויפגעוועקט און געזאגט, אז איך קען שוין געהן אהיים וייל, איך האב היינט גענוג געארבייט. אין דרויסען האט מיך אבגעווארט דער זעלבער אויטאמאביל מיט א בעגלייטונג פון פאליסלייטע, און זיי האבען מיך אבגעפיהרט צום האטעל.

עס איז געווען דער זעלבער מארשרוט און איך האב בעקומען דיזעלבע אוואציעס, פיינדליכע און פריינדליכע. איך האב זיך אנגעפאנגען פיהלען ווי אן אמת'ער קעניג. דער חלום האט אויף מיר געמאכט א שטארקען איינדרוק.

א גאנצען טאג האב איך געהאלטען אין עסען, טרינקען און רויכערען גוטע סיגארען. דער פאליצמייסטער איז געקומען מיך פרעגען אויב מיר פעהלט עפעס. „א הערינג!" האט זיך מיר אויסגערעדט. אין 15 מינוטען ארום האט מען מיר געבראכט אן אמת'ען אידישען הערינג, צושניטען מיט פעפער און ציבעלעס און מיט מאסלינעס.

ווידער האב איך געהאט א גוטען שלאף ביי־נאכט. איך בין איינגעשלאפען מיט דעם געדאנק, אז אמעריקא איז א גאלדענע מדינה און אז איך פענדל פון ביאליסטאק בין דער קעניג פון אמעריקא.

אויף מארגען, נאך פריהשטיק, האב איך געוואלט פאהרען צו דער ארבייט, אבער דער אויטאמאביל איז ניט געקומען. קלעהר איך: מיינע דאגות! איך וועל אבארבייטען די האלבע שטונדע נאכמיטאג.

אבער נאכמיטאג איז געשעהן א גאנץ אונערווארטעטע זאך. אנשטאט אן אויטאמאביל איז געקומען א פאטראל־וואגען מיט צעהן פאליסלייטע. זיי האבען מיך ארויסגעפיהרט צו דער באהן סטאנציע. דארט האבען זיי פאר מיר גענומען א בילעט און מיך אריינגעזעצט אין וואגאן, אין א בעזונדער צימער'ל, וואו עס פאהרען די מיליאנערען. איינער פון זיי האט מיר געגעבען א דאלער אין האנד.

די פלאטפארמע איז געווען בעלאגערט מיט מענשען. זיי האבען געלאכט און געפייפט ווען זיי האבען דערזעהן מיך מיט די פאליסלייטע. און עס איז מיר געווארען קלאר און דייטליך, אז דעם

„מאַראַלישען זיעג" האָבען געהאַט די ארבייטער און ניט מיין בעל־הבית. אין הארצען האָב איך זיי אַלעמען געשיקט צו אַל די רוחות. האָסטו געזעהן אַן אַקט? פריהער מאַכט מען פאַר מיר אַ פּאַראַד ווי פאַר אַ קעניג און נאָכדעם איז מען מיך משלח אזוי ווי איך וואָלט געווען אַן אַנשיקענעם.

אַט דאָס, מיין פריינד מענדעל, איז אַ מענשען׳ס מזל אין אמעריקא. היינט ביזטו אַ קעניג און מאָרגען ניט מען דיר אַ נדבה און מען ווארפט דיר ארוים.

זיי געזונד!

פון מיר דיין פריינד

פּענדל.

# א „יהודי" מיט אַ אידען אין איין קאַר

א איד מיט א שעהנע בכבוד'ע באָרד און א פּעקעל אין האנד איז אַרויפגעקראָכען אויף א דריטע עוועניו קאר ביי קאנעל סטריט. אריינקומענדיג האָט ער זיך אוועקגעזעצט נעבען א רייך־געקליי־דעטען גוט־אָבגעגעסענעם מאַן מיט א אידישע נאָז. יענער, וועל־כער איז געווען א דייטשער איד, א „יאהודי" איז — ווי עס שיינט — געווען אונצופריעדען פון דעם שכן וואָס ער האָט גע־קראָגען, נור ער האָט זיך איינגעהאלטען און געמאַכט זיך ניט וויסענדיג. אָבער ווען דער איד האָט ארויסגענומען א רויטע טאַ־שענטוך און זיך בענוצט דערמיט האָט דער יאהודי זיך א ביסעל אָבגערוקט. דער איד האָט זיך געפּיהלט גראַמער און האָט זיך העכער ארויפגערוקט אין זיין זיטץ. דער יאהודי האָט זיך פער־שטעלט מיט א צייטונג דאָס געזיכט און פון דאָרט געוואָרפען בייזע בליקען אויף דעם אידען. דער איד האָט ארויסגענומען א אידישע צייטונג, געלעזען און אויך געוואָרפען בעהאַלטענע בליקען אויף דעם יאהודי.

געגענאיבער זיי זיינען געזעסען צוויי איירישע ארבייטער און געקייט טאַבאַק מיט גרויס אַפּעטיט. ווען זיי האָבען דערזעהן דעם אידען'ס אידישע צייטונג האָבען זיי זיך אין דעם שטאַרק פער־אינטערעסירט. זיי האָבען אויף דער צייטונג דערקענט א בילד, וועלכע איז ערשיענען אין דעמזעלבען טאָג אין אן ענגלישער צייטונג.

„דאָס מוז זיין די שיני וואָירלד", האָט איינער געזאָגט.

„ניין, דאָס איז די שיני דזשאָירנעל. די זעלבע בילד האָב איך געזעהן אין היינטיגען דזשאָירנעל", האָט געענטפערט דער צווייטער.

„אי וואָנדער, וואָרום די אידען ווילען לעזען נור אידישע צייטונגען?"

„ווייל דאָרט ווערען אַדווערטייזט מעהר אָקשען און פייער־סיילס“.

„זעהסטו, מיקי, אָט יענע גרויסע אַדווערטייזמענט, דאָס איז פון אַ פייער סייל. סאָלאָמאָן אייזעק פון בעקסטער סטריט האָט אָבגעברנעט צום זעכצעהנטען מאָל און, ווייל ער מוז מאַכען פּלאַץ פאַר אַ זיעבצעהנטען פייער פּערקויפט ער אויס מיט 50 פּראָצענט ביליגער ווי דער קאָסט־פּרייז“.

„גאָד דעם איט, פּיט, ביזט גערעדט! בי־דזשעבערס, די גרויסע צייכנ דאָרט מוז מיינען: עס איז פּאָזיטיוו אונ־זער לעצטער פייער פון סיזאָן“.

„אָה־האָ־האָ, יו סאָן אָף ע גאָן!“ — אוןביידע איירישע האָבען זיך פרעהליך צולאַכט.

דער יאהודי האָט אָנגעהויבען צו ווערען אַ ביסעל נערוועז. דער איד האָט געשמייכעלט מיט אַן עכט־אידישען שמייכעל וואָס האָט אויסגעדריקט אי אונטערטעניגקייט אי טראַציגקייט, אי „נור־בין־איך־אַ־איד“ אי אַ „איך־האָב־אייך־אין־דער־ערד“. אַזוי קען נור שמייכלען אַ רוסישער איד פון וועמען דער גלות האָט אויס־געקנעטען אַ גאַנץ בעזאָנדערען מענשען מיט גאַנץ בעזאָנדערע גע־פיהלען. ער האָט אָנגעקוקט נאָך אַמאָל זיין שכן דעם יאהודי מיט דעמזעלבען שמייכעל און יענער האָט איהם צוריק אָנגעקוקט שטאַרק בייז. ביידע האָבען גוט פערשטאַנען איינע די אַנדערע, כאָטש זיי האָבען גערעדט בלויז מיט די אויגען.

דער איד האָט געמוזט טראַכטען: זעהסטו, יאהודי, ווי מען לאַכט פון אונז!

דער יאהודי: פון אונז? דאָס לאַכט מען פון דיר!

דער איד: ניין, פון אונז ביידען.

דער יאהודי: וואָס געהער איך זיך אָן מיט דיר? איך בין אַ פּראָגרעסיווער יאהודי. און דו ביסט אַ פינסטערער רוסישער איד.

און דער איד האָט אַלץ געשמייכעלט.

„העי, אייק“, האָט איינער פון די צוויי איירישע אויסגערופען, „הוואָט העוו יו גאָט אין דהעט באָנדעל?“ (וואָס האָסטו אין דעם פּעקעל?).

דער איד האט איהם ניט געענטפערט.

"אייקי!" האט ווידער אנגעפאנגען דער איירישער. "לאז אונז זעהן דיין סחורה. וואס האסטו צו פערקויפען? קאללער באטענס? סוספענדערס? מעטשעס? (קנעפלעך, הויזען־שלייקעס, צינד־העלצלעך). מיר קויפען אלעס."

"אי גאט פאר יו א מתה משונה ענד ע גוטע קריינק טשיפ, כאלערא ענד קדחות עט העף פרייז, א וואונד אויף דער צונג פאר נאטהינג". (איך האב פאר אייך א מתה משונה און א גוטע קריינק ביליג, כאלערא און קדחות אויף א העלפט פונ'ם פרייז, א וואונד אויף דער צונג בחנם.)

"האריי־אפ, גיעב עם אהער!" — האבען די איירישע געזאגט.

"איך וועל עס אייך צושיקען מיט'ן עקספרעס, גיט מיר אייער אדרעסע."

"ניין, ניין. מיר ווילען עס שוין האבען! ראיט היר אין דהי קאר!"

"א נכפה ווערט! פלענטי אוו טאים. איהר וועט אלעס קריגען מיט דער צייט."

"מיר ווילען עס ש ו י ן האבען, מיר קענען ניט ווארטען", האבען די איירישע געשריען.

זיי האבען פלוצלונג ארויסגעריסען ביים אידען דעם פעקעל פון האנד און איבער'ן קאר האבען זיך אנגעהויבען שיטען מגילות מיט המן־קלעפלעך.

"הוריי!" האבען די איירישע אויסגערופען. "וואס איז דאס אזוינס?"

דער איד האט געציטערט ווי א בלאט פאר כעס און שרעק. ער האט א קוק געטהאן אויף דעם יאהודי, נור יענער איז געשטאנען אין עק קאר מיט'ן קאנדוקטאר. זיי זיינען באלד ביידע געקומען צום פלאטץ, וואו דער איד איז געשטאנען.

"ווארפט זיי ארויס!" — האט דער יאהודי געשריען טייטענדיג מיט'ן פינגער אויף די איירישע. "זיי האבען קיין רעכט צו שטערען דעם פריעדען פון פאסאזשירען. ווארפט זיי ארויס, עס איז אייער פפליכט!"

דער יאהודי איז געוועזן רויט פאר כעס און געשריען הויך, נור דער קאנדוקטאר האט איהם פרובירט איינשטילען.

ער האט צוזאמענגעקליבען דעם אידענס סחורה, איינגעוויקעלט אין פעקעל און איהם צוריק אומגעקעהרט. דערנאך האט ער גע־בעטען די איירישע זיי זאלען זיין דזשענטעללייט און פערהאלטען זיך אנשטענדיג, ווי עס פאסט פאר דזשענטעללייט.

„שטעלט זיי ארויס פון קאר, אדער איך פערקלאג אייך ביי דער קאמפאניע", האט דער יאהודי געשריען.

דער קאנדוקטאר האט זיך אנגעהויבען בעטען ביים יאהודי און איהם פארגעלייגט אן אנדער פלאץ. אין מיטען האט די קאר געסטאפט:

„ברוקלין ברידזש!" האט דער קאנדוקטאר אויסגערופען. דער איד איז ארויס פון קאר, נאך איהם דער יאהודי.

„סיי מיסטער!" האט דער יאהודי געזאגט אנריהרענדיג דעם אידען ביים ארעם, „ווי טהייער פערקויפט איהר אייערע מגילות?"

דערהערענדיג א אידיש ווארט אויסגערעדט פון אזא הויכע פערזאן איז דער איד געווארען אויסער זיך פאר שמחה.

„נעהמט זיך אייך וויפיעל איהר ווילט, סער. איך וועל אייך געבען בחנם".

„דאס וואס איהר האט געוואלט געבען די איירישע? דא האט איהר מיין אדרעסע. מיין שוויגער־פאטער לייענט די מגילה און איהר קענט עס מיר מארגען ברייננגען. איך וועל אייך בעצאהלען צו הויז. פערגעסט ניט צו קומען, איך וועל מיט אייך געהן אין דער קאמפאניע פערקלאגען דעם קאנדוקטאר. איך וויל איהם געבען א לעסאן".

„פערקלאגען? אפשר קען מען דערביי מאכען עטליכע דאלער, נו, וועלען מיר דאס מאכען אויף דער העלפט".

„איהר רוסישע אידען בעזיצט ניט א האר זעלבסט־רעספעקט! איהר האט גאר קיין בעגריעף פון עהרען־געפיהל!" האט דער יאהודי געדונערט. „ביי אייך איז נור געלד און געלד!".

„אבער", האט דער רוסישער איד געזאגט שטיל. „איך מיין דאך דאס געלד זאל מען מאכען פון דער קאמפאניע. דעם קאנ־

דוקטאר וויל איך גארניט טהאן. דער קאנדוקטאר איז א אידיש קינד".

„א אידיש קינד?"

„יעס, איך דערקען שוין. איך וויים ניט אויב ער איז א יאהודי אדער א איד, אבער איך קען ליינען מיין קאפ דערפאר, אז ער איז א אידיש קינד. דעם בעסטען בעוויז האט איהר, דאס ער האט מורא געהאט ארויסצואווראפען די איירישע פון קאר.

דעם יהודי איז דאס אריין שטארק אין נאז.

„גאנץ מעגליך. עס שיינט אזוי צו זיין. א וואונדער וואס איך האב עס פריהער ניט בעמערקט".

און די צוויי אידען זיינען זיך צוגאנגען, דער רוסישער איד טראכטענדיג: א גוטער מענש, נור א ביסעל א שוטה, א דייטש! און דער יאהודי האט זיך געטראכט: די שנארער מוז מען נאך ציוויליזירען. און דאס זיינען געוועזן צוויי קינדער פון איין שטאם, נור דער מזל האט זיי דערווייטערט.

# נײַן טעג

בלעטלעך פון אַן אימפּראָוויזירטען גדול'ס טאָגבוך.

דעם ערשטען אויגוסט, אויפ'ן שיף.

„...לאַנד! לאַנד!" הער איך שרייען. איך ווייס ניט אויב קאָלומבוס האָט זיך געפרעהט אַזוי ווי איך ווען זיינע לייט האָבען צום ערשטען מאָל דערזעהן אַמעריקאַ.

עס שרעקט מיך בלויז דער געדאַנק טאָמער וועט בערל ניט קומען מיך אָבנעהמען פון עלליס איילענד, און איך וועל דאַרפען בלאָנזשען אין אַ פרעמדער שטאָדט איהם צו זוכען.

אָבער איך קען זיך פערלאָזען אויף בערלען — אַן אַלטער חבר. ער וועט מיך ניט פערגעסען.

די זעלבע דאַטע, אין אָבענד.

וואָס מיט מיר האָט זיך היינט אָבגעטהאָן! איך קען קוים גלויבען, אַז דאָס אַלעס איז פאָרגעקומען אויפ'ן וואָהר. איך גיה אַרוים און קנייפּ זיך די באַקען צו זעהן אויב איך שלאָף, אויב איך זעה דאָס אַלעס אין חלום.

איך האָב אַלץ מורא געהאַט טאָמער וועט בערעל ניט קומען מיך אָבנעהמען פון עללים איילענד. ערשט מיט בערלען זיינען געקומען אפשר אַ פינף מנינים אידען און ווייבער, זיי האָבען צו־זאַמענגעשטעלט פונפצעהן קאָמיטעס פון פונפצעהן פערשיעדענע פעראיינען, און זיי זיינען דאָס געקומען מיך מקבל פּנים זיין, און מיך ווילקאָמען אין דער נייער לאַנד.

דאָ זיינען געוועזען פערטראָטען די ציוני־ציוֹן, סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען, די אַנאַרכיסטען־קאָמוניסטען־טעריטאָריאַליסטען, די חסידישע מאַרקסיסטען, אידישע דראַמאַטישע און ליטעראַרישע צירקלען און נאָך אַזעלכע. איך האָב זיך געוואונדערט פון וואַנען זיי קענען מיך, און וואָרום מיר קומט אַזאַ כבוד. איך האָב מורא געהאַט טאָמער האָבען זיי אַ טעות, טאָמער דאַרף פון רוסלאַנד אַנ־

קומען טאקע עפּעס אַ ריכטיגער גדול. אָבער זיי האָבען מיך גע־רופען ביי מיין כשר׳ען נאָמען. זיי האָבען קיין טעות.

...איך הויב אָן צו גלויבען, אַז איך בין ווירקליך אַ גרויסער מאַן. 30 יאָהר אָבגעלעבט אין רוסלאַנד און קיינמאָל געוואוסט ווער איך בין. געשריבען עטליכע עקאָנאָמישע אַרטיקלען אין אַ אידישע צייטונג, וואו די רעדאַקציאָן פלעגט מיר אַ סך אויסבע־סערען. * געהאַלטען רעדען אין עטליכע שטעדט, און זיך דורכגע־שטופּט דעם לעבען מיט געבען אוראָקען.

---

...איך מוז ענדיגען. מען האָט מיך פריהער איבערגעריסען אין מיטען.

פון עלים איילענד האָט מיך די קאָמיטע בעגלייט ביז צו דער הויז פון מיין פריינד בערלען. בערל מיט זיין ווייב און פינף קינדער וואוינען אין פינף קליינע צימערלעך. מיר האָט מען אָב־געגעבען דעם פראָנט־צימער.

...דעם גאַנצען אָבענד ביז שפּעט אין דער נאַכט האָבען זיך דאָ אַרומגעדרעהט מענשען. געווען אויך עטליכע צייטונג־שרייבער. מאָרגען וועט זיין וועגען מיר אין די ענגלישע צייטונגען. אין די אידישע צייטונגען שרייבט מען וועגען מיר גאַנצע שפּאַלטען שוין זייט דריי טעג. איין צייטונג האָט געדרוקט מיין פאָטאָגראַפיע, וואָס בערל האָט געהאַט ביי זיך, און אויבען איז געשטאַנען מיט גאַנץ גרויסע ווערטער: מ אָ ר ג ע ן ק ו מ ט ע ר. דער „ער“ בין איך.

**...אַט יעצט, האַלבע נאַכט, בין איך מיר געבליבען אַליין, און** איך קען זיך לייגען שלאָפען.

דעם 2טען אויגוסט, פריהמאָרגענס.

היינט, גאַנץ פריה, האָט מיך בערל געפיהרט אין באָד און איך האָב איבערגעביטען די וועש. נעכטען איז אויף דעם קיין צייט ניט געווען. עס וועלען היינט מסתמא אויך קומען קאָמיטעס.

קומענדיג פון באָד האָט מיר בערל פאָרגעלעזען וואָס די ענגלי־שע צייטונגען האָבען געשריבען וועגען מיר. זיי גיבען מיר אַ סך כבוד, און מאַכען מיך פאַר אַ גרויסען העלד.

דעם זעלבען טאָג, מיטאָגצייט.

געוועזן א קאָמיטע מיר צו מעלדען, אז מאָרגען ווערט געמאכט פאר מיר א גרויסע פאראדע. ערשטענס וועט מען זיך פערזאמ־לען אין א גרויסע האללע און מען וועט לכבוד מיר האלטען רעדען און זינגען. און נאָכדעם וועט מען מיר געבען א באנקעט.

דער קאָפּ דרעהט זיך מיר. וואָס טהוט זיך דאָ? ווער בין איך און פאר וואָס קומט דאָס מיר? אלעס שיינט אזוי ווי א חלום; און צייטענווייז שרעקט איך זיך אז פון דעם שעהנעם חלום זאָל זיך עפּעס ניט אויסלאָזען א מיאוס'ער סוף.

אין אבענד.

געהאַט א סך בעזוכער. די ציוני־ציון־סאָציאליסטען־רעוואָלו־ציאָנערען ווארנען מיך איך זאָל ניט האָבען צופיעל צו טהאָן מיט די אנארכיסטען ־ קאָמוניסטען ־ טעריטאָריאליסטען. די חסידישע מארקסיסטען ווארנען מיך געגעןביידע. די „שומרי שבת" זיינען געקומען ביי מיר בעטען אַן ארטיקעל פאר זייער „שבת־זשורנאל".

דעם דריטען אויגוסט, נאָכמיטאָג.

...היינט געוועזן וועניגער בעזוכער. הפנים אלע זיינען פער־נומען מיט די הכנות צו היינטיגען אבענד.

בערל האָט מיך גענומען צו א מאַן וואָס גיט קליידער אויף פּראָקאט. איך האָב בעצאָהלט א דאָלער מיט א האלבען, עס הייסט דריי רובעל, פאר א שווארצען פראק מיט שווארצע הויזען. מאָרגען וועל איך דאָס מוזען צוריקקעהרען. דער ראָק האָט אויפ'ן לינקען לאַץ א גרויסען זופּ־פלעק. מיך אַרט דאָס ניט, עס איז דאָך ניט מיינער. דאָך האָב איך דארויף דעם סוחר אויפמערקזאַם געמאכט, כדי ער זאָל נאָכדעם ניט זאָגען, אז איך האָב דעם פלעק געמאכט.

דעם פערטען אויגוסט, אין אבענד.

געשלאָפען ביז האלבען טאָג. זיך אויפגעכאפּט, זיך איבער־געקעהרט אויף אַן אנדער זייט און אָבגעשלאָפען ביז דריי אוהר. ס'א קאָפּ־וועהטאָג — א גרויל. דער מאָגען איז מיר אויך זעהר ניט גוט, און אין מויל איז מיר פאַסקודנע.

וואָס איך בין נעכטען איבערגעקומען! צייטענווייז האָט זיך מיר אָבגעדאכט אז איך בין אריינגעפאַלען אין אַ משוגענע לאַנד צווישען משוגענע מענשען. פון אָנפאַנג האָט מיך דיעזער געדאַנק געשראָקען. נאָכדעם האָב איך געטראַכט: מיט משוגעים דאַרף מען זיין משוגע, און דאַן איז מען זיכער.

...14 רעדנער האָבען גערעדט אויף דער פערזאַמלונג. די רעדען האָבען זיך געצויגען ביז האַלבע נאַכט. די אַמעריקאַנער רעדנער זיינען העלדען, גוואַרדייצעס, זיי קענען אָברייידען צו פיער שטונדען יעדערער.

זיי האָבען אַלע גערעדט וועגען מיר. איין רעדנער האָט גע־וואָלט בעווייזען אַז איך בין אַ קעמפּפער פאַר דער רוסישער פריי־הייט, אַ צווייטער האָט בעוויזען אַז איך בין אַ לובאַוויטשער חסיד, אַ דריטער האָט געוואָלט דרינגען אַז איך בין אַ ציוניסט, אַ פערטער האָט זיך איינגעשפּאַרט אַז איך בין אַן אַנאַרכיסט, אַ פינפטער האָט גערעדט אַ שטונדע מיט אַ פערטעל צו בעווייזען אַז איך בין שטאָל און אייזען פאַר די מזרחיים. און אַזוי ווייטער, און אַזוי ווייטער.

דער באַנקעט האָט זיך אָנגעפאַנגען אַ פערטעל נאָך 12. איך בין געווען טויט־הונגעריג, און האָב געפּאַקט אין זיך אויף וואָס די וועלט שטעהט. אָט דערפאַר טאַקע לייד איך יעצט. ניט בע־דאַרפט אַזוי פיעל עסען.

ביים באַנקעט האָבען גערעדט 17 אַנדערע רעדנער. עס האָט זיך פערצויגען ביז פיער אוהר פאַרטאָג. צום סוף האָב איך אויך גערעדט עטליכע מינוטען. איך געדענק ניט וואָס. סיי ווי האָט קיינער אַ וואָרט ניט געהערט, ווייל זיי האָבען כסדר געהאַלטען אין פּאַטשען בראַוואָ.

...איך הויב שוין אָן צו פיהלען אין זיך די אמת׳ע גרויסקייט. אַ מענש לעבט אָב דרייסיג יאָהר און ווייס גאָר ניט אַז ער איז אַ גדול.

קיין מזל געהאַט אין דער היים, האָב איך דעם מזל געטראָפען אין אַן אַנדער לאַנד.

דעם פינפטען אויגוסט.

זיך דורכגעגאנגען א ביסעל אין אידישען קווארטאל.

עס האט זיך מיר געדאכט אז יעדערער קוקט אויף מיר, יעדע־רער צייגט אויף מיר, ווינקט אויף מיר. משמעות אלע קענען מיך.

דורכגעהענדיג אין איין ארט נעבען א שולע, האב איך געזעהן ווי עס לויפען ארוים קינדער אין די הונדערטע. עס האט זיך מיר געדאכט אז א סך פון די קינדער קענען מיך אויך. אפשר פון דעם בילד וואס איז געווען אין צייטונג.

...בערל זאגט אז עס איז עפעס ניט גלאט, וואס דער „פראָ־גרעס" האט וועגען מיין באנקעט געשריבען בלויז 12 שורות, און וואס דאס „מארגען בלאט" האט א ווארט ניט געשריבען.

נו, אלע זאלען זיי שרייבען וועגען מיר? איך וועל דאך באלד א גאס ניט קענען דורכגעהן אז זיי וועלען וועגען מיר שרייבען גאנצע שפאלטען יעדען טאג.

איך גלויב, אז זיי שרייבען ניט, טאקע פון מיין טובה וועגען.

...עס איז מיר נור א וואונדער וואס קיינער איז מיר היינט ניט געקומען בעזוכען. מסתמא האבען אלע ביים באנקעט קאליע געמאכט דעם מאגען אזוי ווי איך.

דעם זעקסטען אויגוסט.

געהאט היינט א קאמיטע פון א פרויען־פעראיין וואס מאכט חתונה ארימע יתומות. זיי האבען מיך איינגעלאדען צו ריידען ביי זיי אויף א מיטינג. איך האב פערשפראכען.

עטליכע שטונדען שפעטער איז געקומען אן אנדער קאמיטע מיר אנזאגען, אז דער פרויען־פעראיין איז א בורזשואזנער, און אז אויב איך וועל רעדען אויף דעם מיטינג, וועט דער פראגרעסיווער עלעמענט פון מיר ווייכען.

...זאל איך בלייבען א ליגנער, אדער פערלירען דעם פראגרע־סיווען עלעמענט?

...בערל זאגט, אז איך זאל זוכען ארבייט. וואס דען? איך בין אהער געקומען פערדיענען מיין ברויט. וואס בין איך שולדיג, אז זיי שלעפען מיך ארום ווי אויף א צירק?

די אמעריקאנער האבען ליעב א צירק.

דעם זיעבטען אויגוסט.

איך בין אריין אין דער קאפע־הויז, וואו דער פראגרעסיווער עלעמענט קלייבט זיך אויף.

איך האב דארט געפונען א סך בעקאנטע, פון די קאמיטע־לייט וואס זיינען געקומען מיך מקבל פנים זיין ביי מיין אנקומען אין עלים איילאנד, זיצען ביי א לאנגען טיש.

איך בין צוגעגאנגען צו זייער טיש. איינער פון זיי האט פאר מיר געמאכט א פלאץ און געפרעגט אויב איך וועל טרינקען א גלאז טהעע. א צווייטער האט מיר דערלאנגט א סיגארעטעל.

א דריטער האט מיר ווארים געדריקט די האנד — צום אב־שיעד — און געזאגט, אז ער מוז אוועקגעהן.

איידער איך האב געענדיגט די גלאז טהעע, האבען נאך דריי פערלאזען דעם טיש און זיינען ארויסגעגאנגען.

...עפעס קיינער האט היינט קיין צייט ניט געהאט פאר מיר. אלע זיינען געווען אין דער איילע.

...האב איך זיי פיעלייכט מיט עפעס איינגע׳רוגז׳ט?

דעם אכטען אויגוסט.

קיין איינציגער בעזוכער איז געקומען דעם גאנצען טאג. אין די צייטונגען קיין וואָרט מעהר וועגען מיר. אין דעם רעדאקציאָנס־ארטיקעל פון „פראגרעס" איז דא עפעס א שטאך־וואָרט געגען מיר. דער הומאָריסט פון „מארגענבלאט" מאכט אויף מיר א וויצעל.

...איך הויב שוין אן צו גלויבען, אז איך האב זיי איינגע׳רוגז׳ט. אבער מיט וואס האב איך זיי געקענט איינ׳רוגז׳ען?

אפשר מיט מיין רעדע אויפ׳ן באנקעט. וואס האב איך דארט גערעדט?... איך געדענק ניט... לאמיך זיך דערמאהנען... יא, איך האב זיי געדאנקט און געזאגט אז ביי מיר זיינען קיין פארטייען ניטא... ביי מיר איז דא בלויז איין פארטיי: „דאס אידישע פאלק". אין דעם זין האב איך גערעדט. דערנאך מעהר גארנישט.

...אפשר געדענק איך נישט אקוראט. אפשר האט זיך מיר יא ארויסגערעדט עפעס וואס האט וועמען פערלעצט די געפיהלען... איך בין געווען צופיעל בערוישט פון דעם כבוד... ווי זאל איך גע־דענקען וואס איך האב גערעדט?

דעם ניינטען אויגוסט.

...איך בין ארויס אין גאַס, בעמערקט בעקאַנטע. איניגע פון זיי האָבען מיך גאָר ניט בעמערקט. די וואָס האָבען מיך יאָ געזעהן, האָבען בלויז זיך אָבגעשטעלט, א נעהם געטהאָן ביי מיר די האנד, און זיך געגאַנגען ווייטער...

...מיך וואָלט די גאַנצע מעשה גאָר נישט געאַרט, ווען זיי וואָלטען לכתחילה מיך ניט געמאַכט פאַר אַזא גדול. איך בין אַהער ניט געקומען זוכען כבוד. איך בין געקומען בלויז פערדיענען אויף ברויט.

...וואָס האָבען די מענשען צו מיר געהאַט? וואָרום האָבען זיי מיך פריהער אַזוי געהויבען, און יעצט דערווייטערען זיי זיך פון מיר?...

איך בין אריין אין דעם זעלבען קאַפע־הויז, וואו עס קלייבט זיך צוזאַמען דער פּראָגרעסיווער עלעמענט. איך האָב דאָרט געזעהן פיעלע בעקאַנטע, אָבער איך האָב ניט געהאַט דעם מוטה צו געהן צו זיי. איך האָב זיך אַוועקגעזעצט ביי א פרייעם טישעל, און געטראַכט אויב איינער פון זיי וויל מיך זעהן, וועט ער קומען צו מיר.

...פון ווייטען האָבען מיר א פּאָאָר מענשען א שאָקעל געטהאָן מיט'ן קאָפּ. איך קען זיי ניט. אפשר קענען זיי מיך פון באַנקעט, אָדער זיי דערקענען מיך פון מיין בילד וואָס איז געווען געדרוקט אין „מאָרגענבלאַט“.

...איך בין אָבגעזעסען א שטונדע. קיינער האָט זיך אפילו נעבען מיר ניט צוגעזעצט. פערבייגעהענדיג האָבען א פּאָאָר בעקאַנטע מיך בעגריסט פון דער ווייטענס. איינער האָט מיר געדריקט די האַנד אַרויסגעהענדיג און זיך ענטשולדיגט וואָס ער האָט קיין צייט.

...איך זעה די מענשען האָבען שוין אין מיר קיין אינטערעסע. איך וועל מעהר אין יענעם קאַפע־הויז ניט געהן. איך מוז פערגעסען מיין גרויסקייט — פערגעסען, ווי מען פערגעסט א שעהנעם חלום.

ניין טעג אין אַמעריקא — און אַזוי פיעל דורכגעלעבט... — —
— — — — — — — — — — — — — — — — —

# מיסטער קאָהען

די געשיכטע וועל איך אייך איבערגעבען אזוי ווי ער אליין, מיסטער קאָהען, האָט עס דערצעהלט.

איך לעז אָפט ווי אידישע שרייבער קריטיקירען יענע אידען וואָס בייטען אוים זייערע נעמען אויף גוי'שע. איהר זאָלט זיי ניט בעשולדיגען יענע אידען. זיי מוזען דאָס טהון. וואָס דארפט איהר בעסער — איך בין זעהר ווייט פון אַן אסימילאַטאָר, איך בין אַ הייסער אידישער פּאַטריאָט, און איך זאָג אייך, פריהער אָדער שפּע־טער וועל איך אָנגעבען אַ ביט־שריפט אין געריכט אַז זאָל מיר ערלויבען צו ענדערן מיין נאָמען. ניט וועיל איך שעהם זיך מיט אזא נאָמען חלילה! קאָהען איז גראַדע זעהר אַ שעהנער נאָמען. עס איז אַ נאָמען מיט וועלכען מען דארף שטאָלצירען. עס איז שעהנער פון דעם טיטעל גראף אָדער מארקיז. אבער איך אַליין האָב פון דעם נאָמען מעהר צרות ווי כבוד.

איהר קענט זיך אודאי פאָרשטעלען אַז איך וואוין צווישען קריסטען, אָדער אַז איך פיהר געשעפטען מיט קריסטען, און דאָס איך לייד צרות פון זיי צוליעב דיזען עכט־אידישען נאָמען. זאָג איך אייך אַז בתוך אחי אני יושב — איך וואוין צווישען אידען, און מיינע אַלע געשעפטען זיינען מיט אידען. און דאָך לייד איך די גרעסטע צרות צוליעב מיין נאָמען „קאָהען". מיך וואָלט ניט הארען הייסען קאָהענאָוויטש, קאָהענאָוויטשינסקי — אבי ניט קאָהען.

די הויפּט־צרה בעשטעהט אין דעם, וואָס עס זיינען נאָך דאָ אַ סך קאָהענס אין ניו יאָרק. עס איז ניטאָ אַ טענעמענט־הויז, וואו עס זאָל זיך ניט געפינען אַ קאָהען, און צוליעב דיזע קאָהענס פיהל איך אַז איך בין גאָר ניט איך, נור אַן אַנדערער. איך ווער צומישט, איך ווער פערלוירען אין דער גרויסער מאַסע קאָהענס, בטל בששים רבוא.

באַלד נאָך מיין חתונה, מיט אַ יאָהר צוריק, בעזעץ איך מיך

אין אַ הויז אויף מעדיסאָן עוועניו, הער איך, אַז אין דעמזעלבען הויז, אַ פלאָר העכער, וואוינט נאָך אַ קאָהען. קלער איך: מיינע דאגות, וואָס האַרט עס מיך! עס זיינען אָבער ניט אַריבער קיין צוויי טעג און מיך האָט עס יאָ אָנגעהויבען צו האַרען, און טאַקע שטאַרק צו האַרען. און יענעם, דעם אַנדערען קאָהען, האָט עס אויך אָנגעהויבען שטאַרק צו האַרען. עס איז געווען טראָבעלס פון פריה־מאָרגענס ביז שפּעט אין דער נאַכט. אין דער פריה, אַז איך גיה אַרונטער אין האָל אַרויסנעהמען מיינע בריעף פון דעם הויז־בריעף־קאַסטען, זעה איך, אַז דער בריעפטרעגער האָט אַריינגעוואָרפען אַלע מיינע בריעף אין דעם קעסטעל פון דעם אַנדערן קאָהען. נו, איהר ווייסט דאָך, אַז איך בין אַן אַסעקוראַנץ־אַגענט און איך קען ניט אַרויס פון הויז אָהן מיין פּאָסט. גיה איך אַרויף צו דעם אַנדערן מיסטער קאָהען אין הויז איהם בעטען ער זאָל עפענען זיין קעסטעל און מיר אַרויסגעבען מיינע בריעף, געפין איך אַז ער איז אַוועק פון הויז גאַנץ פריה, נאָך איידער דער בריעפטרעגער איז געקומען, און האָט מיטגענומען דעם שליסעל. האָב איך שוין געוואָלט אויפ־ברעכען דעם קעסטעלע, אָבער דער דזשעניטאָר האָט געזאָגט, ער וועט מיך לאָזען אַרעסטען פאַר פערדערבען פרעמדעס אייגענטהום.

איך אָבענד אַז איך בין געקומען אַהיים בענעגענט מיך מיין ווייבעל אַ פרעהליכע, אַ לעבעדיגע, און זאָגט: „סעם, ביזט אַ גאָלד! איך דאַנק דיר זעהר פאַר דעם סורפּרייז. עס איז דער בעסטער פאָנאָגראַף וואָס דו האָסט געקענט אויסקלייבען.“ איך קוק זי אָן און פערשטעה ניט וואָס זי רעדט צו מיר. „וואָס פאַר אַ פאָנאָגראַף?“ פרעג איך. „איך פערשטעה ניט,“ זאָגט זי, „אַן עקספּרעס־וואָגען האָט אונז היינט געבראַכט אַ פאָנאָגראַף, האָב איך געמיינט אַז דו האָסט געמאַכט אַן איבערראַשונג פאַר מיר.“

איך דאַרף אייך קיין פינגער אין מויל ניט אַריינלייגען. איהר פערשטעהט שוין אַליין, אַז דער פאָנאָגראַף איז געווען פאַר דעם אַנדער מיסטער קאָהען. גיה איך אַרויף, נעהם אָב מיינע בריעף און זאָג איהם, אַז אויב ער וועט אַרונטערקומען צו מיר קען ער אָבנעהמען זיין פאָנאָגראַף. זאָגט ער: „איהר וועט מוחל זיין אַרויפ־טראָגען די סחורה אַהער, ווייל איך וועל ניט שלעפּען אַזאַ משא.“ זאָג איך: „עס איז אייער פאָנאָגראַף, טאָ גיהט און שלעפּט איהם.“

זאָגט ער: „איהר האָט קיין רעכט געהאַט צוצונעהמען דעם פאָנאָ־גראַף פון דעם עקספּרעססמאַן. עס איז אַלץ איינס ווי גנבה, און פאַר אַ גנבה קען מען אַרעסטען.“ בקיצור, מיר האָבען זיך געקריגט און געמאַכט איינער דעם אַנדערען טאַטענס־טאַטען אַריין, ביז דער דזשעניטאָר האָט זיך אָנגעבאָטען אַרויפצוטראָגען דעם פאָנאָגראַף, און עס האָט מיך געקאָסט צעהן סענט און דעם אַנדערען מיסטען קאָהען צעהן סענט.

מיין סאַפּער איז מיר ניט איינגעגאַנגען. איך קען ניט עסען אַז איך בין אויפגערעגט. מיר האָבען נאָך ניט געענדיגט אונזער מאָהלצייט, אַז עס גיט אַ קלונג, און אַ קלאַפּ אין טהיר, און עס קומט אַריין אַ קליינער אינגעל פון דער אַפּטייק אויפ'ן קאָרנער, און דערלאַנגט מיר אַ צעטעל. אין צעטעל איז געשטאַנען: „מיסטער קאָהען! מען טעלעפאָנירט אייך אַז אייער שוויגער איז פּלוצלונג קראַנק געוואָרען און זי איז אין אַ זעהר געפעהרליכען צושטאַנד. קומט זאָפאָרט מיט אייער פרוי.“

אַז מיר האָבען דאָס דורכגעלעזען, האָבען מיר פערגעסען אָן אַלע אַנדערע צרות. מיין ווייבעל נעבעך האָט אויסגעבראָכען אין אַ געוויין, וואָרום, איך זאָג אייך דעם אמת, איהר מוטער איז זעהר אַ גוטע, אַ נאָבעלע פרוי, און אפילו איך ליעב זי אויך ווי אַן אייגענע מוטער. מיר לאָזען איבער דעם סאַפּער אויפ'ן טיש, און מיר לאָזען זיך פאָהרען דאַון־טאַון. די רייזע האָט גענומען ביי דריי־פיערטעל שטונדע. מיר לויפען אַרויף אין מיין שוואָגערס הויז אָהן אַן אָטהעם און מיר געפינען מיין שוויגער ביים טיש, אַ געזונדע, אַ פרישע. אָבער אַז די שוויגער האָט אונז דערזעהן, האָט זי זיך דערשראָקען: „וואָס איז מיט אייך, קינדער?“ האָט זי אויסגעשריען, „איהר זעהט דאָך ביידע אויס אַזוי בלאַס און צו־טראָגען. און, דו, מיין טאָכטער, האָסט פערוויינטע אויגען. וואָס איז געשעהן?“

אַלעס האָט זיך אויפגעקלערט. דער טעלעפאָן איז ניט געווען וועגען מיין שוויגער, נור וועגען דער שוויגער פון דעם אַנדער מיסטער קאָהען. איך האָב גלייך טעלעפאָנירט צום אַפּטייקער און איהם געבעטען אָנצוזאָגען דעם ריכטיגען מיסטער קאָהען אַז זיין שוויגער איז קראַנק.

דעם בריעפטרעגער האָבען מיר אַ ביסעל פערזאָרגט, אַז ער זאָל שוין מעהר קיין טעות ניט קענען מאַכען. אויף מיין בריעפ־קאָסטען האָב איך אָנגעשריבען „סעם קאָהען", און דער אַנדערער האָט אויף זיין בריעפקאָסטען אָנגעשריעבען „בען קאָהען". עס פלעגען אָבער אָפט אָנקומען בריעף וואָס זיינען געווען אַדרעסירט סתם „מיסטער קאָהען", דאַן איז שוין געווען אַ נייע צרה. ניט נור דער בריעפטרעגער פלעגט ניט וויסען צו וועמען דער בריעף, נור מיר אַליין האָבען אויך ניט געוואוסט, און פלעגען מוזען אַזעלכע בריעף עפענען צוזאַמען. אַ חוץ דעם פלעגען מיר נאָך אַלץ האָבען אַ ביסעל צרות פון טעלעפאָן, און אַ סך צרות פון די עקספּרעס־וואָגענס, וואָס פלעגען ברענגען זאַכען פון פערשיעדענע סטאָרס און זעלטען ברענגען אין דעם ריכטיגען אָרט.

עס איז ביי מיר געבליבען איך זאָל פון דיזען הויז אַרויס־ציהען און זיך אויסזוכען אַ הויז, וואו איך זאָל זיין דער איינציגער קאָהען.

אָבער אַזאַ זאַך איז ניט אַזוי לייכט ווי איהר מיינט. אמת, עס זיינען דאָ אַ סך הייזער וואו עס איז ניטאָ קיין קאָהען. אָבער ניט אין יעדען הויז האָב איך געקענט געפינען די וואוינונג וואָס איך האָב גערדאַרפט. דאָ איז געווען צו טהייער און דאָרט איז געווען צו הויך אַרויפצוגעהן; דאָ איז געווען אָהן בעהייצונג און דאָרט עפּעס אַן אַנדער פעהלער.

ווי נור איך פלעג דערזעהן דעם בעקאַנטען „רומס טו לעט" (צימערען צו פערמיטהען), פלעג איך די ערשטע זאַך אַ קוק טהון אין די בריעפקעסטלעך פון קאָרידאָר צו זעהען אויב עס איז דאָ אַ נאָמען קאָהען, און ערשט דאַן פלעג איך וויסען אויב איך דאַרף אָנקוקען די וואָהנונג אָדער ניט.

נאָכדעם ווי איך און מיין ווייבעל זיינען אַרומגעגאַנגען אַ פּאָר וואָכען, האָבען מיר ענדליך געפונען אַזאַ וואוינונג, וואָס מיר האָבען געוואָלט, אויף דער וועסט סייד, און אָהן אַ קאָהען אין דער הויז. מיר האָבען מיט מזל אַריינגעמופט, און זיך געפיהלט אַזוי ווי אידען וואָס האָבען זיך נאָך אַ פּאָגראָם אַרויסגעריסען פון רוסלאַנד.

אָבער נאָך איידער מיר האָבען זיך איינגעאָרדענט, האָבען זיך אָנגעפאַנגען נייע צרות פאַר אונז.

דעם ערשטען פריהמאָרגען, אז איך בין אראָב אונטען אַרויס־צונעהמען מיינע בריעף, האָב איך געפונען מיין קעסטעל לעדיג. דאָס איז מיר געווען זעהר קשה. איך ערהאַלט יעדען טאָג צום וועניגסטען אַ צוואַנציג, דרייסיג בריעף, און בעפאָר איך האָב ארויסגעצויגען פון מעדיסאָן עוועניו האָב איך געלאָזט וויסען דעם פּאָסטמייסטער אַז מען זאָל מיר אָבשיקען אַלע בריעף אויף מיי־נייער אַדרעסע אויף דער וועסט סייד.

צוויי טעג זיינען אַריבער און קיין איינציגער בריעף איז מיר אָנגעקומען. אין אָבענד האָב איך אָבגעוואַרט דעם בריעפטרעגער און איהם געפרעגט פאַרוואָס איך האָב קיין בריעף ניט. „איהר זייט מיסטער קאָהען?“ פרעגט ער מיך. „יעס. סער,“ ענטפער איך. „אָבער איהם האָט דאָך פון דאַנען אַרויסגעצויגען נאָך יאָנקערס. מיר שיקען אָב אַלע אייערע בריעף אַהין, אויף אייער נייער אַדרעסע!“

דאָס איז פאַר מיר געווען גענוג. עס איז מיר גלייך קלאָר געוואָרען, אַז איידער איך האָב אַריינגעצויגען אין דעם הויז, האָט דאָ געוואוינט אַן אַנדער מיסטער קאָהען, און יענער קאָהען האָט עס פאַר זיין אַרויסציהען געמעלדעט אין פּאָסט־אָפיס אַז ער ציהט אַרויס און געבעטען אַז מען זאָל איהם זיין פּאָסט אָבשיקען נאָך יאָנקערס.

און מיט דיזען קאָהען איז שוין געווען אַ שווערע הלכה, ווייל גראַדע צום אונגליק איז זיין ערשטער נאָמען אויך געווען „סעם“. צוויי סעם קאָהענס אין איין שטאָדט. און עס האָט גענומען אַ לאַנג צייט ביז מיר האָבען זיך איינגעאָרדענט מיט די בריעף אַז מיר זאָלען וויסען וועלכער סעם קאָהען בין איך און וועלכער איז דער אַנדערער.

אָט אַזאַ מזל האָב איך דאָס צוליעב מיין נאָמען! איך מוז דעם נאָמען ענדערן. משנה שם — משנה מזל.

# אַ פּראַקטישע זאַך

אָנפאַנגס דיעזען זומער, ריכטיגער געזאָגט, אין פּריהלינג, האָט אין ברום סטריט, ניט ווייט פון עלען סטריט, זיך בעוויזען אַ פּעדלער מיט זויערע אוגערקעס וועלכע ער האָט פּערקויפט פון אַ פּוש־קאַרט. געוועהנליך, אַז עס קומט אָן אַ נייער פּעדלער אין אַ בלאָק ווערט ער בעגעגענט ניט מיט פריינדליכע בליקען פון די אַנדערע פּעדלער און סטענד־קיפּער. וואָרום, דעם אמת געזאָגט, מען מאַכט אַזוי אויך ניט קיין גרויסע גליקען, און דאָ קומט אַ נייער מענש און קוקט אויך אַרוים אויף קונים. דער פּעדלער מיט די זויערע אוגערקעס האָט אָבער געהאַט מעהר אורזאַכע ניט בעליעבט צו ווערען, דען ער איז געווען פון יענע זאָרט פּעדלער וואָס רייסען פּשוט פאַר די פּאָלעס. עס רעדט זיך בלויז אַזוי. פאַר די פּאָלעס האָט ער קיינעם ניט געריסען, אָבער ער האָט געהאַט אַזעלכע קונצען וואָס פלעגען צווינגען מענשען איהם געבען צו לייזען. איינער פון די קונצען איז געווען אַליין צו עסען אַן אוגערקע. לאַנגזאַם פלעגט ער עס עסען אין מיטען גאַס, די אוגערקע בעלעקען, און זיך פּערקרימען, מאַכען האַוואַיעס דערביי, אַזוי ווי ווען איינער עסט אַ זויערס וואָס איז שטאַרק אַפּעטיטנע. דאָס פלעגט נאַטירליך אויפּרייצען דעם אַפּעטיט ביי אַנדערע, דען ווי אַזוי קען אַ אידיש קינד צוזעהן ווי איינער עסט אַ זויערע אוגערקע און עס זאָל זיך אויך ניט וועלען?

אַלע פּעדלערס און סטענד־קיפּערס פון דעם בלאָק האָבען פיינד געהאַט דעם פּעדלער און זיי האָבען גערעדט צווישען זיך, און אַפּילו העכער ווי צווישען זיך, אַז אוגערקעס קאָנסערווירט מען מיט בליי, אָדער מיט אַן אַנדער גיפט, און עס איז אַ סכנה צו עסען. בלויז איין פריינד האָט דער פּעדלער געהאַט, און דאָס איז געווען אַ ווייבעל, וואָס האָט געהאַלטען אַ סאָדע וואַסער סטענד אויפ'ן קאָרנער. זי האָט איינגעזעהן, אַז זויערע אוגערקעס העלפען צו איהר געשעפט. מענשען עסען אויף אַן אוגערקע, ווערען דאָרשטיג,

און פערטרינקען מיט סאָדא־וואַסער. דער פעדלער האָט אויך בעמערקט, אז נאָכדעם ווי א מענש טרינקט אויס א גלאָז סאָדע־וואַסער, פערבייסט ער וויעדער מיט אן אוגערקע. אין אידישען קווארטאל, פערשטעהט איהר מיך, האָט מען ליעב זיך צו וואויל־טאָגען.

איינמאָל האָט זיך דער פעדלער צורעדט מיט דער ווייבעל און געפרעגט:

„וואָס איז דער מעהר, ווארום זעה איך קיינמאָל ניט אייער מאַן?

„מיין מאַן, אָה!“ האָט די סאָדא־וואַסער־ווייבעל געענטפערט מיט א זיפץ — מיין מאַן איז שוין דריי יאָהר אויף יענער וועלט — אזא יונגע בלום! אזוי פריה אָבגעשניטען פון דער וועלט“.

זיי האָבען זיך איינע די אַנדערע אָנגעקוקט. איין געדאַנק האָט צו דער זעלבער צייט ביי זיי א בליץ געטהאָן אין מח.

וואָס ווייטער איז געוועזען קען מען איבערגעבען אין עטליכע ווערטער: זיי זיינען יעצט איין קערפּער, איין הארץ, איין זעעלע, אָבער זיי האָבען צוויי בעזונדערע געשעפטען; זי פערקויפט סאָדא־וואַסער און ער זויערע אוגערקעס. ווען זיינע קונדען ווערען דאָר־שטיג געהען זיי צו איהר לעשען זייער דאָרשט, און ווען איהרע קונדען ווערט נודנע אויפ׳ן הארצען פון די סאָדע וואַסער געהען זיי צו איהם עסען א זויערע אוגערקע.

# אַ גרייז אין צייטונג

עס איז שוין לאַנג געזאָגט געוואָרען, אַז די ציוויליזאַציאָן מיט איהרע נייע ערפינדונגען, האָט געבראַכט נייע צרות, נייע אונגליקען.

אמאָל פלעגען די שריפטזעטצער אין אַ דרוק זעטצען איינציגע בוכשטאַבען, היינט זיינען געקומען די נייע לינאָטייפּ מאַשינען, וועלכע גיסען אויס גאַנצע שורות מיט אַ מאָל, און אנשטאט וואָס פריהער פלעגען ארויסקומען פעהלער אין איינציגער בוכשטאַבען, קומט איצט ארויס טעות'ן אין גאַנצע שורות.

ווי אָפּט בלייבען מיר שטעהן אין מיטען, פערוואונדערט, צומישט, לעזענדיג אַן ארטיקעל, אָדער אַ שטיקעל נייעס אין אַ צייטונג, זעהענדיג אַז עס פעהלט עפּעס, אַז מען האָט אונז איבער־געהאַקט אין מיטען פּסוק און פערפיהרט אין בויבעריק. מיר זעהען אַז עס קלעפּט זיך ניט איין שורה צו דער צווייטער און מיר לאָזען אויס אונזער כעס צום שרייבער.

עס איז ניט דעם שרייבער'ס שולד, רבותי, אויך ניט דעם זעצער'ס שולד. דאָס איז אַ פערביטענע שורה, זוכט און איהר וועט אפשר די שורה געפינען ערגעץ ווייטער, אין אַן אַנדער אָרט, אפשר אין אַן אַנאָנסע. דאָס איז די שולד פון דעם שטן וועלכער טאַנצט ארום אין יעדע דרוקעריי און ברענגט אַלערליי אונגליקען און גרייזען.

דאָ ניט לאַנג האָבען מיר געלעזען אַזאַ מין בעריכט וועגען אַ פּראָטעסט־מיטינג.

„דער רעדנער האָט געהאַלטען אַ פייער־
„און מען האָט זיך געזעצט עסען גאָ־
„מעלקעס און פערטרונקען מיט ביער."

ווי קומען גאָמעלקעס מיט ביער אויף אַ פּראָטעסט־מיטינג? האָבען זיך דאַן פיעלע לעזער געוואונדערט. אָבער די קלוגע האָבען פערשטאַנען, אַז דאָ זיינען געווען צוויי פערבלאָנדזעטע שורות וואָס האָב בעלאַנגט ערגערץ אַנדערש.

אן אנדער בעריכט אין אן אנדער צייטונג האָט דערצעהלט פאָלגענדעס:

„רעווערענד גרונם איז רעעלעקטעד גע־
„פערשיקט אויף 5 יאהר אין סינג־סינג
„מיט א גרויסע מאַיאָריטעט און אַלע
„האָבען איהם געוואונשען אריכת ימים.“

אין א בעשרייבונג פון דער לויה פון א גרויסען לאָדזש־בעאמטען, איז אַרויסגעקומען אָט דיזער מיש־מאַש:

„אַלע האָבען געוויינט און מען האָט דעם
„אָרון אַראָבגעלאָזען אין פרישען קבר
„זיינע לומפּעררייען זיינען שוין פיעל מאָל
„בעשריבען געוואָרען אין אונזער בלאַט און
„זיין בילד געפינט זיך אין ראָגס גאַלערי.

עס פערשטעהט זיך, אַז אין דיזע אַלע פעלע האָבען זיך צומישט שורות פון גאַנץ פערשיעדענע זאַכען.

אָבער דיזע אַלע צומישענישען זיינען ניט אזוי געפעהרליך ווי דער פלאָנטער, וואָס איז איינמאָל אַרויסגעקומען אין א קליינע אונשולדיגע אַנאָנסע, אין וועלכער עס איז אַריינגעפאַלען א שורה פון א ראָמאַן. די אַנאָנסע האָט זיך אזוי געלעזען:

„פערלאַנגט א מאַן אין א גראָסערי
„מיט א גרויסען שטרויענעם הוט
„נאָכצופרעגען אין—121טע סטריט.“

עס פערשטעהט זיך, אַז די שורה „מיט א גרויסען שטרויענעם הוט“ האָט בעלאַנגט צום ראָמאַן, וואָס איז געגאַנגען אין דער צייטונג. אָבער די וואָס האָבען געוואָלט האָבען די שטעלע האָבען געמיינט, אַז דער גראָסערימאַן דאַרף האָבען דוקא אַזא אַרבייטער וואָס זאָל טראָגען א שטרויענעם הוט.

עס איז געווען אין רעכטען מיטען ווינטער, זעהר קאַלט, און די גאַסען זיינען געווען פול מיט שנעע. דער גראָסערימאַן איז געזעסען אין זיין קרעמעל און געוואַרט אויף איינעם, וועלכער וועט זיך אָברופען אויף זיין אַנאָנסע. ער האָט לאַנג ניט געדאַרפט וואַרטען. עס איז געקומען א מאַן אין א גרויסען שטרויענעם הוט און געפרעגט אויב ער קען האָבען די שטעלע.

דער גראָסערימאַן, וועלכער האָט ניט נאָכגעזעהן אין צייטונג ווי זיין אַנאָנסע איז ארויסגעקומען, האָט דעם מאַן מיט'ן שטרויענעם הוט בעטראַכט פאַר אַ ביסעל געריהרט פון מוח, און ער האָט איהם געזאָגט, אַז ער האָט שוין אַן ארבייטער. דער מאַן מיט'ן שטרויענעם הוט איז אַוועק, און באַלד איז געקומען אַן אַנדערער, אויך מיט אַ שטרויענעם הוט, און געוואָלט אָננעהמען די שטעלע.

דער גראָסערימאַן האָט זיך ניט איינגעהאַלטען פון אַ שמייכעל און געזאָגט, אַז ער דאַרף שוין ניט. אין הארצען האָט ער געטראַכט:
הפנים יענער איז ניט דער איינציגער משוגענער.

עס האָט ניט לאַנג געדויערט, און עס זיינען געקומען צוויי יונגען אויף אַ מאָל, ביידע מיט גרויסע שטרויענע קאַפּעלושען אויף זייערע קעפּ. איינער האָט געטראָגען אַן אַלטע פּאַנאַמאַ מיט אַ פענסטערעל אין דער זייט, און דאָס פענסטערעל איז געווען פער־שטעלט מיט אַ שטיקעל וואַטע; דער צווייטער האָט געטראָגען אַ שפּיציגען הוט פון גראָבע שטרוי, אַזעלכע וואָס מען זעהט ביים ים זומער־צייט.

צוויי שטרויענע קאַפּעלושען מיט אַ מאָל! דאָס האָט דעם אָרימען קרעמער נאָך מעהר פערוואונדערט, און ער האָט געזוכט די צוויי יונגען שנעל אָבצו'פּטר'ן.

אָבער איידער ער האָט צייט געהאַט זיי משלח צו זיין אויף אַ העפליכען שטייגער, האָט זיך בעוויזען נאָך אַ מאַן מיט אַ שטרויענעם הוט.

דאָ איז דער גראָסערימאַן געוואָרען גוט צומישט און זיך אָנגעהויבען פרעגען, אויב ער זעהט ניט דיזע קאָמעדיע אין חלום.

ער האָט די צוויי יונגען און דעם מאַן געהייסען איבערלאָזען זייערע אַדרעסען, און ער האָט זיי פערשפּראָכען, דאָס ער וועט זיי שרייבען אויב זיי דאַרפען מאָרגען קומען צו דער ארבייט. דאָס איז שוין אַן אַלטער מיטעל ווי פּטור צו ווערען פון אַן אָרימאַן, אַן אָנשיקענעם.

אין פינף מינוטען אַרום — ווידער אַ שטרויענער הוט!

דער גראָסערימאַן איז שוין געוואָרען אַ ביסעל אונרוהיג און האָט גענומען דענקען וועגען דעם גאַנץ ערנסט: פון וואַנען האָבען

זיך דאָס געקענט נעהמען אזוי פיעל משוגעים מיט שטרויענע קאַפּעלושען? אפשר זיינען זיי אַלע אויף איין מאָל אַנגעקומען פון א ווארימער לאַנד? און ווארום זוכען זיי אַלע דיזע שטעלע? וואָס פאר א סמיכת הפרשה האָט א שטרויענער הוט מיט א גראָסערי סטאָר? איז דאָס א שפּיצעל פון א שונא, וועלכער וויל איהם משוגע מאכען? — ער האָט דעם מאַן געלאָזט א ווײלע ווארטען, ווייל ער האָט געהאַט אָבצוצעהלען עטליכע הערינג. נאָכדעם ווי ער איז פערטיג געוואָרען מיט'ן מסחר, האָט ער ניט געוואָרט ביז דער מאַן מיט דעם שטרויענעם הוט וועט איהם זאָגען וואָס ער וויל, נור ער האָט איהם גלייך אָבגעשיקט, זאָגענדיג, אז ער דאַרף שוין ניט.

א ביסעל שפּעטער איז אריינגעקומען אַן עלטערער מענש, שוין אָהן א שטרויענעם הוט, נור מיט א פּעקעל אין האנד, און געזאָגט:

„איך וואָלט וועלען האָבען די שטעלע ביי אייך. איך בין א מאָל אַליין געווען אין די גראָסערי־ביזנעס, — אָבער איך קען ניט פערשטעהן ווארום איהר פאָדערט, אז מען זאָל קומען מיט א גרויסען, ברייטען שטרויענעם הוט אויפ'ן קאָפּ. דאָך אויב איהר ווילט דוקא א שטרויענעם הוט, טאָ האָט איהר עס.“

דער אַלטער מאַן האָט געעפענט זיין פּעקעל און פון דאָרט ארויסגענומען א הויכען שטרויענעם הוט, מיט א טהאָל אין מיטען.

„ווער האָט אייך געזאָגט, אז איך דאַרף האָבען אַן ארבייטער דוקא מיט א שטרויענעם הוט?“ האָט דער גראָסערימאַן געפרעגט מיט אימפּעט.

„וואָס הייסט, ווער?“ האָט דער אַלטער געפרעגט פערוואונדערט, „אזוי האָט איהר דאָך אדווערטייזט אין דער צייטונג.“

און ער האָט ארויסגענומען די צייטונג און געצייגט דעם גראָסערימאַן זיין אַנאָנסע.

דער גראָסערימאַן, וועלכער האָט ניט געוואוסט פון די אונגליקען וואָס טרעפען אין דרוקעריען, האָט ארויסגערופען זיין פרוי פון די וואוין־צימערען, היטער זיין קרעמעל, און האָט איהר געהייסען פערבלייבען און אכטונג געבען, און אַליין איז ער אוועקגעלאָפען אין אָפיס פון דער צייטונג. ער איז אריינגעקומען א בייזער און געשריען און געליאַרעמט.

אָבער ער איז אוועק בערוהיגט, דען דאָרט האָט מען איהם די זאַך קלאָר געמאַכט. מען האָט איהם ערקלערט, אַז פון אַזוינע פעהלערען קען זיך אפילו אַ מלאך אויך ניט בעוואָרענען, און מען האָט איהם פערשפּראָכען צו דרוקען זיין אַנאָנסע נאָך אַמאָל, אָהן יענע שורה מיט דעם שטרויענעם הוט.

קומענדיג צו זיין געשעפט, האָט ער דאָרט געפונען וואַרטען אַ דריי מנינים מענשען, אַלע מיט שטרויענע היטלען פון אַלע פאַסאָנען, מיט שפּיצען, מיט בערג, מיט טהאָלען, און אויך שטרויענע צילינדערס מיט לופט־לעכער אויף די אויבערשטע און אונטערשטע עטאַזשען.

זיין פרוי האָט איהם מקבל פּנים געווען מיט קולות, דערפאַר וואָס ער האָט זיך געזאַמט און געלאָזט אַזוי פיעל מענשען וואַרטען אויף איהם. די לייטע זיינען איהם בעפאַלען. יעדער האָט געשריען דאָס ער איז געקומען פריהער. דער גראָסערימאַן האָט זיך דערשראָקען און האָט מיט אַ ציטערנדע שטימע זיך געבעטען ביי זיי, מען זאָל איהם ניט צורייסען אַ לעבעדיגען, און ער האָט וויעדער געמוזט אָנקומען צום אַלטען מיטעל, צו נעהמען פון זיי די אדרעסען, און זיי פערשפּרעכען צו לאָזען וויסען שפּעטער, ווען ער וועט בעשליסען צו נעהמען אויף דער שטעלע. און אויף אַזאַ אופן איז ער פון זיי איינציגווייז פּטור געוואָרען.

מיט דעם האָט זיך אָבער זיין מאָס צרות ניט געענדיגט. שטרויענע קאַפּעלושען האָבען זיך נאָך געשאָטען ביז שפּעט אין אָבענד, און אויף מאָרגען ביז די ציימונג איז ערשיענען מיט דער ריכטיגער אַנאָנסע.

ער וועט האָבען צו געדענקען יענעם טאָג זאָלאַנג ער וועט לעבען.

דאַרום, ליעבע לעזער, ווען איהר זעהט עפּעס אין אַ ציימונג אַ זאַך וואָס זעהט אויס זעהר משונה'דיג, דאַן בעשולדיגט ניט דעם שרייבער, אויך ניט דעם זעצער, נור די ציוויליזאַציאָן מיט איהרע נייע ערפינדונגען.

## „וואונדערבאַר"

אין קריסטיע סטריט איז דאָ אַ קליינע קרעמעל מיט אַ צוגעמאַכטע טהיר, וועלכע זעהט אויס זעהר פערדעכטיג. איבער דער טהיר הענגט אַ גרויסע שילד אין ענגליש מיט דער אויפשריפט: „קריסטליכע מיסיאָן פאַר אידען". אבער אַ גרויסע צאָהל איינוואָהנער פון יענעם געגענד קענען ניט לעזען די ענגלישע אויפשריפט און די קרעמעל מיט די אידישע אויפשריפטען אויפ'ן פענסטער בלייבט פאַר זיי אַ געהיימניס.

דאָס שוי־פענסטער איז פול מיט אידישע אויפשריפטען, וועלכע ווערען געביטען זעהר אָפט. די אויפשריפטען ענטהאַלטען אַזעלכע מאַטאָס ווי „שמע ישראל" און אַנדערע הייליגע אידישע זאַכען צוזאַמענגעמישט מיט אַזעלכע שמד־שטיק ווי: „קומט, קינדער, יעזוס רופט אייך", „יעזוס איז אייער משיח" און אַנדערע אַזעלכע פסוקים.

די עבודה־זרה־קרעמעל פוסטעוועט. זעהר ווייניג מענשען קומען אַהין אריין. אַמאָל, אַמאָל פערבלאָנדזעט דאָרט אַ גרינער חטאת'ניק. אינוועניג אין דער קרעמעל זיצט אַן אַלטע מויד, ביי אַ יאָהר פינף־און־פיערציג, און אפשר פינף־און־זעכציג. אַ יונגערמאַן וואָס רופט זיך „דאָקטאָר" זיצט אויך דאָרט און שרייבט. אַט אַזוי פערברענגען זיי דאָרט טעג, וואָכען, חדשים און תקופות אין איינזאַמקייט און נודנעקייט — אַלץ פאַר'ן שטיקעל ברויט!

איינמאָל האָבען די שכנים בעמערקט אויף דער קרעמעל אַ נייעם אויפשריפט מיט פאָלגענדען נוסח:

אַ קינד איז צו אונז געבוירען,<br>אַ זוהן איז צו אונז געגעבען<br>געוואָרען און זיין נאָמען איז<br>וואונדערבאַר.

דאָס איז אַן איבערזעצונג פון אַ פסוק ישעיה וואָס די מיסיאָנערען גיבען אַן אַלס אַן אָנדייטונג אויף דער געבורט פון יעזוס'ן.

אָבער די שכנים פון דער קרעמעל אין קריסטיע סטריט האָבען דאָס אָנגענומען פאַר אַ נייעס. זיי האָבען זיך בלויז געוואונדערט צו וואָס מען מאַכט בעקאַנט אַזאַ פאַקט אין אַ שוי־פענסטער פאַר אַ גאַנצע שטאָדט מיט מענשען.

„וואָס זאָגט איהר צו דעם?" האָט איין אידענע געזאָגט צו אַן אַנדערער, זי בעגעגענענדיג אין גאַס. „וואָס זאָגט איהר צו דער אַלטער משומדת׳טע אין דער מיסיאָן — זי איז דאָך געלעגען געוואָרען!"

„וואָס רעדט איהר?" האָט די אַנדערע אידענע געפרעגט ער־שטוינט.

„אָט דאָס וואָס איהר הערט! אָט ערשט געה איך אַרויס, לעז איך ביי זיי אויפ׳ן פענסטער אויפגעשריבען מיט גרויסע ווערטער: אַ קינד איז צו אונז געבוירען, אַ זוהן איז צו אונז געגעבען געוואָרען און זיין נאָמען איז וואונדערבאַר."

„טאַקע וואונדערבאַר!" האָט אויסגערופען די אַנדערע אידענע, „אַזאַ אַלטע שקאַפּע! זי איז דאָך שוין קרוב לששים."

## שותפים

ביידע זיינען גוט בעוואוסט אויף דער איסט סייד, דען ביידע זיינען סעקרעטערע אין איינינע אידישע פעראיינען.

אז מען זאָגט „סעקרעטער" איז שוין פערשפּאָרט צו זאָגען „קבצן". אַלע ווייסען אז מיט דעם וואָרט סעקרעטער מיינט מען שוין אויך: קבצן, דלפן און טאָרבע. אָבער די טאָרבע איז א זיידענע און דער דלות איז א פערשטעלטער, א בעהאַלטענער. אַלע ווייסען אז א סקרעטערס געהאַלט איז ניט פיעל, אז דורכשניטליך קריעגט ער פון א פעראיין 50 דאָלאר א יאהר, און מען דארף האָבען א סך אזעלכע פעראיינען אום צו קענען האָבען א וואוינונג מיט טרוקען ברויט. אָבער אונזערע אויגען זעהען דעם סעקרעטער אימער אין א שווארצען פראַק און אין א צילינדער־הוט און דיזע פערבלענדען אונז די אויגען און מיר פערגעסען אז אונטער דעם שווארצען פראַק איז ניטאָ קיין גאַנצע העמד, און אז אונטער דעם צילינדער איז דאָ א קאָפּ מיט דאגות.

די צוויי סעקרעטערע וועגען וועלכע מיר ווילען היינט דאָ רעדען, וועלען מיר אָנרופען בראָכמאַן און קלאָגמאַן. זיי זיינען שותפים.

שותפים זיינען זיי געווען זייט זיי זיינען געקומען אין אמעריקא. זיי האָבען געוואוינט ביי איין מיסעס. געשלאָפען אויף איין מאטראַץ אויפ'ן פוסבאָדען, און זיינען אימער געווען צוזאמען, ביז זיי האָבען אראָבגעבראַכט זייערע ווייבער פון דער היים, און אויך דאַן האָבען זיי געפיהרט זייערע געשעפטען צוזאמען. ביידע האָבען געהאנדעלט מיט אקציען אויף מינען וואָס זיינען אויף דער וועלט ניט געווען, מיט פליגען־פּאַפּיער, מיט גיפט פאר קאקראָ־טשעס (טאראקאנעס), און מיט אַלערליי „גליקען" און ביידע האָבען געהאַט גלייכע קדחת צום עסען. די איינציגע שטיצע אין לעבען איז ביי זיי געווען די שטעלע פון סעקרעטער וואָס זיי האָבען אין

אייניגע פעראיינען, און דאָס איז זיי קוים געגוג געווען אויף א לעבען.

אַלס סעקרעטערע זיינען זיי אויך שותפים אין א געוויסען גראַד, נעמליך: זיי האָבען איינעם און דעמזעלבען שווארצען פראַק און אויך איינעם און דעמזעלבען צילינדערהוט. זייערע פעראיינען קומען זיך צוזאַמען אין פערשיעדענע אבענדען, און איינמאָל געהט דער שווארצער מיט'ן צילינדער צו בראָכמאַנ'ען און דעם אַנדער מאָל צו קלאָגמאַנ'ען. זיי זיינען ביידע איין גרויס, איין לענג און איין ברייט, נישט מעהר, דער צילינדער איז אַביסעלע צו גרויס פאַר קלאָגמאַנ'ען. און אַז קלאָגמאַן דאַרף אָנטהון דעם צילינדער, לעגט ער אונטער א שטיקעל פּאַפּיער הינטער דעם שוויץ־באַנד.

ווען איינער פון די צוויי שותפים קומט פון א מיטינג, איז די ערשטע זאַך וואָס ער טהוט, פאָרזיכטיג אויפהענגען דעם פראַק אויף א הענגער און דעם צילינדער לעגט ער אַוועק אין א קעסטעל. נאָכדעם אַז דער צווייטער שותף דאַרף געהן צו א מיטינג קומט ער נעהמען דעם אַנצוג, אָבער איידער ער נעהמט איהם צו, קוקט ער די זאַכען גוט אַרום, און אויב ער געפינט עפּעס א פלעק אָדער א קנייטש, זשאַלעוועט ער קיין מוסר.

אָט אַזאַ מין געשפּרעך הערט מען צווישען זיי:

„איך האָב דיר געזאָגט, אַז א צילינדערהוט דאַרף מען ניט פּוצען מיט א בערשטעל, נור מיט א טוך, און אין דיזער זייט דאַרף מען פּוצען — צו זיך און ניט פון זיך, אַז ניט ווערט די זייד צו־קנייטשט. און זעה, אויפ'ן לאַץ פון ראָק איז דאָ א פלעק.“

„עס איז א וויין־פלעק, דאָס האָסטו געמאַכט, ברודער־לעבען. ביי אונז האָט מען גאָר ניט געטרונקען אויפ'ן מיטינג. דאָס איז פון דער סעודה וואָס דיין חברה האָט געהאַט לעצטען מאָל. זעהסטו, אָט דאָס איז א פלעק פון פעטס, עס איז אויך דיינער.“

„א ביסעל אַמאָניאַ מיט וואַסער וועט דאָס אַרויסנעהמען,“ טרייסט איהם דער אַנדערער, וועלכער פיהלט יעצט אַז ער אַליין איז טאַקע שולדיג.

„בענזין איז פיעל בעסער, אָבער פּאַוואָליע, זאָלסט צו שטאַרק ניט רייבען. דאָס איז זעהר אַן איידעלער שטאָף.“

אָט אַזוי גלעטען און צערטלען זיי דעם פראַק מיט'ן צילינדער,

אזוי ווי דאָס וואָלטען געוועזן ביי זיי בני יחידים. זיי ווייסען, אז די גאנצע פּרנסה זייערע הענגט אָב אָן דיזען „יוניפאָרם“.

אָבער דאָ ניט לאַנג האָט פּאסירט אזא געשיכטע.ביידע סעקרעטערע האָבען געהאט ספּעציעלע מיטינגען וועלכע זיינען גראַדע אויסגעפאלען אין דעם זעלבען אבענד, און דער לאַנג-ערוואַרטעטער קריזים איז געקומען.

וואָס טהוט מען?

ביידע שותפים האָבען זיך געבראָכען די קעפּ, אָבער האָבען זיך קיין עצה געקענט געבען. עס איז ביי זיי געבליבען אז זיי זאָלען נעהמען א „יוניפאָרם“ אויף דיזען אבענד אויף פּראָקאט.

„עס וועט קאָסטען א דאָלאר און א האלב,“ האָט בראָכמאַן געזאָגט, „און פאר א ספּעציעלען מיטינג קריג איך גאָרנישט.“

„75 סענט וועל איך ביישטייערן,“ האָט געזאָגט קלאָגמאַן, „מיר זיינען דאָך שותפים!“

# אונזערע רעדנער

אויב איהר זייט אַ מענש וואָס געהט אָפט אויף מיטינגען, אויף מאַסענפערזאַמלונגען, אויף בעגריסונגס־אבענדען און אויף אב־שיעדס־אבענדען, וואו עס רעדען „בעריהמטע“ רעדנער, איז אייך פיעל מאָל אויסגעקומען צו הערען פון אַ רעדנער דעם זעלבען וויטץ, די זעלבע מעשה'לע און דעם זעלבען משל וואָס ער האָט שוין געזאָגט און דערצעהלט אויף פריהערדיגע מיטינגען. נעהמט איהר זיך די מיה נאָכצוגעהן אַ רעדנער אַן אבענד נאָכאַנאַנד, אַ פּאָאר חדשים כסדר, וועט איהר איינזעהען אַז זיין רעפּערטואַר, זיין „סטאָק“, האָט זיך אויסגענומען און אַלעס וואָס ער זאָגט, האָט ער שוין פריהער געזאָגט און איבערגעזאָגט.

ביי אַ ניו יאָרקער רעדנער, וואָס מוז רעדען יעדע וואָך אויף אכטצעהן מיטינגען, דורכשניטליך אויף דריי מיטינגען אין איין אבענד, איז רעדען קיין פּאָעטישע קונסט, נור אַ מין ארכיטעקטור, אַ בוי־קונסט.

האָט איהר ווען בעטראַכט די קליינע קאָלירטע קלעצלעך מיט וועלכע קינדער שפּיעלען זיך? די קלעצלעך זיינען פון פערשיעדענע גרויס און זיינען געפּארבט מיט פערשיעדענע צייכנונגען פון פענסטער און טהירען. קינדער שטעלען צוזאַמען פון דיזע קלעצלעך אַלערליי בנינים. זיי לעגען אַ קלעצעל אויף אַ קלעצעל ביז עס ווערט אַ פונדאַמענט. נאָכדעם מאַכען זיי די וואַנד פון דער געביידע. נאָכדעם קלייבען זיי זיך אויס קלעצלעך אויף וועלכע עס זיינען אויסגעמאָלט פענסטער, טהירען און אַ קוימען און שטעלען דיזע קלעצלעך אריין וואו זיי פּאַלט איין, און אזוי ווערט פארטיג דער בנין. ווען דער בנין ווערט פארטיג, צוואַרפען איהם די קינדער און בויען אַ נייע געביידע, אויף אַן אנדער סטיל.

דאָס זעלבע איז מיט די רעדען פון אונזערע פּאָפּולערע רעדנער. די רעדען ווערען צוזאַמענגעשטעלט פון פערטיגע קלעצלעך. דער רעדנער האָט ביי זיך אין סטאָק אַ צוואַנציג

אנעקדאָטען, דאַרין א פינף אָדער זעקס מעשה׳לעך פון קעלמער און פון דובנער; א פופצעהן ציטאַטען פון שעקספיר, געטהע און שילער אַרויסגענומען פון ציטאַטען־בוך; א דוטצענד פסוקים פון תנ״ך; א פיער—פינף תלמודישע לעגענדען; א זיעבען—אַכט אויסגעאַרבייטע וויינענדיגע „שטיקלעך“; א צעהנדליג פערשיעדענע „אַגיטאַציע“־שטיקלעך צוגעפּאַסט צו פערשיעדענע אַנגעלעגענהייטען, — און אָט פון דיזע קלעצלעך בויט אויס דער רעדנער זיינע רעדען, יעדען מאָל איבערשטעלענדיג די טהיילען פון דער געביידע אין אַן אנדער פאָרמע.

פונקט אַזוי ווי יענער חזן וואָס האָט פערשריעבען זיינע „נאָטען“ אויף זיין אייגענעם שטייגער, ג׳ פעמים באַם־באַם; ז׳ פעמים טאַ־ראַ־ראַ; ט׳ פעמים אוי־אוי, אַזוי פערשרייבט דער רעדנער זיינע „ספּיטשעס“. אָט איז די פאָרמע ווי די רעדען ווערען געפּלאַנט אין פאָראויס:

דינסטאַג אבענד, צוגעזאָגט רעדען אויפ׳ן באָל פון יעהופּעצער ליטעראַרישען סוירקעל. אָנפאַנגען מיט דער מעשה פון דעם תלמוד ם ט דער ציעג. איבערזאָגען דאָס שטיקעלע פון שילער. צופיהרען דאָס צו דער מעשה מיט׳ן פריץ, וואָס האָט אויסגעלערענט אַ בער לעזען שע ספיר. וואַרטען ביז דער עולם וועט אויפהערען צו לאַכען. אויב דער עולם לאַכט ניט, דערצעהלען די מעשה מיט דער רביצין׳ס גאַטקעס. זיך אָבשטעלען און פערטראַכטען. נאָכדעם דערצעהלען די מעשה פון נחום איש גם זו און ענדיגען מיט דעם אַז די קאַפּיטאַליסטען ליגען אין געהאַקטע וואונדען.

מיטוואָך אבענד, צוגעזאָגט רעדען ביי דער ערעפנונג פון תלמוד תורה אין בראָנזוויל. אָנפאַנגען מיט די ווערטער: „עס איז איינע אַלטע געשיכטע“. אַ שטיקעל וויינעדיגעס וועגען גלות. דערצעהלען דעם דובנער׳ס משל אויף דעם אפיקור׳ס וואָס האָט ניט געגלויבט אין משיח׳ן. דערצעהלען די מעשה פון רבי עקיבא מיט זיינע 24,000 תלמידים. ענדיגען כי מבראָנזוויל תצא תורה.

דאָנערשטאַג אבענד, צוזאָגט רעדען ביי דעם בענעפיט פון אַ קראַנקען אַרבייטער אין פיפּלס טהעאַטער. אָנפאַנגען „די בעפרייאונג דער אַרבייטער קלאַסע איז די זאַכע דער אַרבייטער זעלבסט“. דערצעהלען די מעשה מיט׳ן פריץ וואָס האָט אויסגעלערענט אַ בער לעזען

שעקספיער. ווארטען ביז דער עולם וועט אויפהערען לאכען. אויב דער עולם לאכט ניט, דערצעהלען די מעשה מיט דער רביצין'ס גאטקעס. זא־גען אז קארל מארקס און לאסאל זיינען געווען דעם ארבייטער'ס גרעסטע פריינד. ענדיגען מיט א שטיקעלע אגיטאציע.

שבת־צו־נאכט צוגעזאגט רעדען ביי דעם ציוניסטישען בא־זאר. אנפאנגען מיט „עס איז איינע אלטע געשיכטע", שילדערען דעם גלות. אריינדרעהען די מעשה מיט'ן מלמד און זיין ציעג. דערצעה־לען דעם דובנער'ס משל אויף דעם אפיקורס וואס האט ניט געגלויבט אין משיח'ן. א וויינענדיגעס שטיקעל. אויב דער עולם וויינט ניט, דער־צעהלען זיי די מעשה פון די בלינדע אלמנה מיט דער בייבי. זיך אליין אויך צו־וויינען. דאס וועט זיכער העלפען. נאכדעם ענדיגען אז די בלינדע אלמנה איז די כנסת ישראל, ובא לציון גואל.

אין דעם בוך זיינען דא אזעלכע פלענער פאר רעדען לכל ימות השנה.

# אלע האָבען געטרויערט

מיט א פּאָאר מאָנאטען צוריק איז אין ניו יאָרק געשטאָרבען א איד א גביר, וועלכער איז א מיטגליעד פון פיעלע פעראיינען. צו זיין לויה זיינען געקומען א סך מיטגליעדער. עס איז געוועזן איינע פון די גאנץ גרויסע לויות וואָס מען זעהט אין ניו יאָרק. נאָכדעם ווי א סך פון די בעגלייטער זיינען אָבגעפאלען אויפ'ן וועג, זיינען דאָך געוועזן ביים בית־עולם אַן ערך פון טויזענד מענשען.

בעת די הספּדים און די צערעמאָניעס אויפ'ן בית־עולם האָט מען בעמערקט א יונגענמאַן וואָס האָט געוויינט מעהר ווי אַלע. יעדע ווייל׳ע האָט ער זיך געכאַפּט פאַר'ן האַרצען, אַזוי ווי ער פאַלט אין חלשות, און יעמאַנד פלעגט איהם מוזען אונטערכאַפּען. דער יונגערמאַן איז געוועזן א ווילד פרעמדער, קיינער האָט איהם ניט געקענט, אפילו די משפחה־לייט פון דעם פערשטאָרבענעם.

„אַך, אַזאַ וואָהלטהעטער, אַזאַ בעל־צדקה!" האָט מען דעם יונגענמאַן געהערט זאָגען, „ער האָט מיר געטהאָן א סך טובות. מיין לעבען האָט ער פיעלע מאָל געראַטעט, און ער האָט מיר אימער פערזאָגט איך זאָל קיינעם ניט אויסזאָגען. צדקה בסתר האָט ער געגעבען. אַזוי יונג פון דער ערד אַוועק! אוי, איך האַלט ניט אויס!"

ווידער האָט ער זיך אָנגעכאַפּט מיט ביידע הענד פאַר'ן האַרצען און זיך גענומען שאָקלען אַזוי ווי ער האַלט ביים אומפאַלען. ווידער האָט איהם איינער פון די מלוים אונטער־געהאַלטען, אַרומנעהמענדיג איהם מיט ביידע הענד.

פּלוצלינג האָט זיך איינער געכאַפּט, אַז עס פעהלט איהם זיין זייגער. ער האָט דאָס גלייך געמעלדעט צו אַ פּאָליסמאַן וואָס איז דערביי געשטאַנען. דער פּאָליסמאַן האָט גענומען זוכען צווישען די פערזאַמעלטע און זיי אַרומפרעגען.

באַלד האָט זיך אָבגערופען נאָך איינער פון די בעגלייטער און געזאָגט, אַז עס פעהלט איהם זיין טייסטער מיט זעכציג דאָלאַר אסיגנאַציעס און עטליכע טשעקס אויף פיער הונדערט דאָלאַר.

ביסלעכווייז האָט מען זיך אַרומגעזעהן אַז דאָ האָט געאַרבייט אַ געשיקטער קעשענע־גנב, ווייל נאָך צעהן אידען האָבען געמעלדעט אַז מען האָט זיי בע׳גנב׳עט. מען האָט זיך דאן דערמאָנט אָן דעם פרעמדען יונגען מאַן וואָס איז דאָ אַרומגעגאַנגען, געוויינט און יעדע ווײלע גע׳חלש׳ט אין די אָרעמס פון פערשיעדענע פערזאָנען. אָבער דער יונגער מאַן איז פערשוואונדען געוואָרען — ווי אין וואסער אריין. נאָכדעם איז די לויה געוואָרען נאָך מעהר טרויעריג.

# אויך מיר א איד

אין א בעוואוסטען מילכיגען רעסטאָראַן אויף 14טע סטריט וועלכער איז געגרינדעט פון א פרומען קריסט, איז אריינגעקומען א איד מיט א לאנגער שווארצער באָרד און מיט א פּאָאר לאנגע פּאות. אויפ'ן קאָפּ האָט ער געטראָגען א צילינדער־הוט. ער האָט געמאכט דעם איינדרוק פון א בעוואוסטען ראבינער.

די מענער און פרויען וואָס זיינען געזעסען אין דעם רעסטאָראַן (צווישען זיי זיינען געווען אויך אידישע קינדער), זיינען געווען פערוואונדערט צו זעהן אזא אידען אין דיזען רעסטאָראַן. דער איד מיט דער באָרד האָט זיך אָבער ניט וויסענדיג געמאכט און ווען א שעהנע קעלנערין האָט איהם געפרעגט וואָס ער וויל עסען, האָט ער קאַלטבלוטיג געענטפערט „העם ענד בינס" (שינקע מיט בעבלעך). די שעהנע קעלנערין האָט גנב'יש א שמייכעל געטהאָן. א אידישער יונגער מאַן וואָס איז געזעסען ביים זעלבען טיש און געגעסען מילך מיט ביסקיטס, האָט זיך שיער ניט אראָבגעקייקעלט פון זיין שטוהל.

דער טרפה'נער מאכל איז געבראכט געוואָרען. דער איד מיט דער באָרד און פּאות האָט גענומען פּאקען אין זיך אזוי ווי ער וואָלט געווען געוואוינט צו דעם מכל ימיו.

דער אידישער יונגער מאַן וואָס איז געזעסען ביים זעלבען טיש האָט ביי זיך געטראַכט: דאָס מוז געוויס זיין א רב'על וואָס פּאקט זיך אָן מיט טרפה מאכלים ווען קיינער זעהט ניט. איך מוז איהם נאָכגעהן און אויסגעפינען וואו ער וואוינט און ווער ער איז.

ער איז איהם נאָכ'ן עסען נאָכגעגאַנגען. ווייט געהן האָט ער ניט געהאַרפט. דער איד מיט דער באָרד און פּאות האָט זיך פער־קעהרט אין דריטע עוועניו און איז אריין אין וואָדעוויל הויז. דאָס איז אַלזאָ ניט געווען א איד, נור א ביליגער וואָדעוויל אַקטיאָרעל וואָס שפּיעלט די ראָלע פון א אידען פאר 12 דאָלאר א וואָך.

אזוי ווי ער דאַרף די ראָלע שפּיעלען יעדע שטונדע, פוילט ער זיך יעדען מאָל זיך איבערצוגרימירען און ער געהט עסען אין זיין פולער אויסשטאַטונג.

# דעמענטיאַ אַמעריקאַנאַ

(דער סדר היום פון בערל בוראַק וועלכער האָט זיך אַמעריקאַניזירט און הייסט היינט באַרני ברוקס).

**זיעבען אוהר אין דער פריה:** אויפגעשטאַנען, זיך אָבגע־וואַ ען, מיט איין האַנד פערקנעפּעלט די קליידער און מיט דער אַנדערער האַנד פערקעמט די האָאר.

**10 מינוטען נאָך זיעבען:** זעצט זיך ביים פרישטיק. האַלט אַ צייטונג אין איין האַנד, אַ גאָבעל אין דער צווייטער און אַ סיגאַר אין מויל. ער עסט, רעדט צו דער ווייב, זופּט קאַפּע, רויכערט און צעהלט די מינוטען וויפיעל ער האָט נאָך צייט צו כאַפּען זיין עקספּרעס טריין (שנעלצוג).

**20 מינוטען נאָך זיעבען:** ער שפּרינגט אויף פון טיש, קעהרט אום אַ טאַ ע קאַפּע אין איילעניש, זאָגט „גוד באַי", פליהט אַרונטער די טרעפּ, זאָגט גוטמאָרגען צום הויזקיפּער און טרעט אָב אַ קאַטץ דעם עק.

**האַלב נאָך זיעבען:** ער לויפט אַרויף אויף דער האָכבאַהן. דער שנעלצוג איז שוין דאָ. ער שטופּט זיך מיט אַלע כחות, אַכטעט ניט עלטערע מענשען און פרויען. ער וויל פערכאַפּען אַ סיט, בלייבט אויסגעשטעלט. ער הייגט זיך אָן אַ רימען און שילט די קאָמפּאַניע און פערדאַמט זיי אַלס מאָנאָפּאָליסטען וואָס ווילען בערויבען די גאַנצע וועלט. ער קוקט אויפ'ן זייגער און איז זעהר אונרוהיג. ער מוז זיין פּונקט אַכט אוהר אין זיין אָפיס.

**צעהן מינוטען נאָך אַכט:** ער קומט אין אָפיס אַ ביסעל אָנגעבלאָזען. ער האָט פערשפּעטיגט גאַנצע צעהן מינוטען. אין איילעניש האָט ער גענומען ניט די ריכטיגע טריין. ער גיט אַ זיפץ, פערדרויכערט אַ סיגאַר און זעצט זיך אוועק לעזען צייטונגען. ער לעזט אַזוי דריי און אַ האַלבע שטונדען נאָכאַנאַנד און רויכערט אויס אַכט סיגאַרען.

האַלב נאָך עלף: ער רופט אריין זיין בוכהאַלטער און דער־צעהלט איהם א שעהנעם וויץ. דערנאָך רופט ער צו די מיידעל וואָס ארבייט אויף דער שרייב־מאשין און דיקטירט איהר א בריעף. דער־ווייל ווערט צוועלף און ער איילט זיך כאַפּען עטוואָס צובייסען.

פינף מינוטען נאָך צוועלף: ער קומט אריין אין א „קוויק לאָנטש רום" (א רעסטאָראַן מיט פערטיגע לייכטע עסענס), וואָס איז געמאכט ספּעציעל פאר שטארק בעשעפטיגטע מענשען. ער לאָזט זיך ברענגען א גלאָז מילך, א פּאָאר פּאַטענטירטע קיכלעך, א גע־באַקטען עפּעל, א גלאָז אייז־וואסער און עסט בנשימה אחת מיט א פולען מויל. איידער ער שלינגט אראָב דעם לעצטען ביסען, שפּרינגט ער אויף פון שטוהל, גיט דעם קעלנער א פערטעל דאָלאר טרינק־געלד און בעצאָהלט ביי דער קאסע 15 סענט פאר זיין מאָהלצייט.

צעהן מינוטען נאָך צוועלף: ער לויפט אריין אין בארבער־שאפּ. עס האָט איהם אָבגעגאָלטען דאָס ער האָט געפונען א ליידיגען שטוהל. ער רופט צו א שטיוועל־פּוצער וועלכער פּוצט זיינע שיך, ווערענד דער בארבער ראזירט איהם דאָס געזיכט.

פינף און צוואַנציג מינוטען נאָך צוועלף: ער דערמאָנט זיך אז ער האָט פערגעסען אריינצוּוואַרפען אין בריעפקאסטען א בריעף וואָס זיין ווייב האָט איהם געגעבען. ער לויפט צוריק דריי בלאָק און ווען ער קומט צום בריעפקאסטען דערמאָנט ער זיך אז ער האָט דעם בריעף איבערגעלאָזען אויף זיין שרייב־טיש אין אָפּיס. ער לויפט אריבער דער אנדער זייט פון גאס און ווערט שיער ניט אומגעוואָרפען פון א וואָגען. נאָך א האָאר און ער וואָלט צוריבען געוואָרען אויף שטיקער. ער קומט בשלום אויף דער אנדער זייט פון גאס און שטעלט זיך דאָן אָב בעטראַכטען ווי אן אַלטע פעדלערקע שטעהט ביים וועג מיט א גרויסען קאָרב עפּעל און האָט מורא אריבערצוגעהן. ער שטעהט אזוי אָב פינף מינוטען און געהט אוועק לאכענדיג ביי זיך אין הארצען פון די שרעקעדיגע מענשען.

פינף און דרייסיג מינוטען נאָך צוועלף: ער איז שוין נעבען זיין אָפּיס. דערווייל דערזעהט ער א גרויסע מאסע מענשען ארומגעקליבען ארום צווי קליינע צייטונגס־פערקויפער וואָס האָבען צווישען זיך א פויסט־קאמפּף. ער שטעלט זיך אויך אָב צו זעהן דעם קאמפּף און פערליערט נאָך צעהן מינוטען.

**אַ פיערטעל צו איינס:** ער לויפט אריין מיט גרויס אימ־פעט אין זיין אָפיס. עפענט אויף עטליכע צעהנדליג בריעף און גיט זיי איבער צו זיין בוכהאַלטער ער זאָל זיי דורכלעזען. דערנאָך רעדט ער מיט אייניגע ביזנעס לייטע און אגענטען ביז האַלב נאָך איינס.

**פינף און דרייסיג מינוטען נאָך איינס:** ער געהט אריין צו אַ ביזנעס מאַן אין דער זעלבער געביידע. זיי ריידען ביזנעס און פערקריכען אין פּאָליטיקס. דאַן געהען זיי אַוועק אין אַ סאַלון און ענדיגען די פּאָליטיקס ביי אַ פּאָאר גלעזלעך וויין און עטליכע סיגאַ־רען. אַזוי געהען אַוועק עטליכע שטונדען.

**האַלב נאָך פיער:** ער גיט זיך אַ הויב מיט איילע. ער מוז נאָך עפּעס טהאָן אין אָפיס. ער קומט אריין ווען די מיידעל וואָס ארבייט אויף דער שרייב־מאַשין שטעהט שוין ביים שפּיגעל און פּוצט זיך צו אום צו געהן אַהיים. דער בוכהאַלטער האָט שוין גע־שלאָסען די ביכער פאַר דעם טאָג. ער טראַקטירט דעם בוכהאַלטער מיט אַ סיגאַר און דערצעהלט איהם נאָך אַ וויץ.

**פינף מינוטען צו פינף:** ער לויפט כאַפּען אַ שנעלצוג צו פאָהרען אַהיים. ער קלאַפּט זיך אָב אַ פּוס אָן דעם אייזערנעם דאַם, אין זיין גרויסע איילע אריינצוקוועטשען זיך אין וואַגאָן. אָבער ער קומט בעצייטענס אַהיים. נאָך אַבענד ברויט לייגט ער צו קאַלטע קאָמפּרעסען צום פּוס און אויף מאָרגען לויפט ער ווידער ארום „פריש געזונד און משוגע“.

# דער יצר הרע האָט געזיגט

ווילסטו זיך אויסבעסערן,
דאַן בעסער אוים צוערשט די וועלט.

מיט געוואַלד ווערסטו געבוירען, מיט געוואַלד לעבסטו און מיט געוואַלד שטאַרבסטו.

און מיט געוואַלד ביזטו דיין גאַנצען לעבען ביין יצר הרע אין די הענד.

דאָס איז די געשיכטע פון אַ יונגען מאַן, אַ בחור, וואָס האָט געזוכט צו ווערען גוט און פרום, און האָט ניט געקענט. די גאַנצע וועלט האָט זיך איהם געשטעלט אין וועג, און ניט געלאָזט גוט און פרום זיין.

פון יוצא וועגען לאָמיר דעם בחור אַ נאָמען געבען מאַקס. דען ווי קען מען שרייבען אַ מעשה אָהן אַ נאָמען? די מעשה מיט מאַקס'ן איז געוועזן אַזוי: ער האָט זיך איין מאָל פאַר אַלע מאָל בעשלאָסען צו ווערען אַ מענש, עס הייסט אַ שטאַטעק. דער אָפטער געהן אין טהעאַטער און אין אָפּערא, די שפּעטע אַבענדען אין קאַפּע-הייזער און קלובען, די לאַנגע שפּאַציר-גייענגע אויף בראָדוויי און אַנדערע גאַסען וואָס שלאָפען קיינמאָל, האָבען איהם מיעד געמאַכט, ניט אַזוי אין קערפּער ווי אין גייסט. ער האָט אַ לאַנגע צייט נאָכגעדענקט וועגען זיין אונרעגעלמעסיגען לעבען, און איז געקומען צו דער איי־בערצייגונג אַז ווייטער קען דאָס אַזוי ניט געהן, אַז ער מוז מאַכען אַן ענדערונג אין זיין אויפפיהר. ער מוז פּטור ווערען פון די בלויע רינגען אַרום די פערשלאָפענע אויגען. ער מוז לויז ווערען פון דעם שטענדיגען קאָפּוועהטאָג. ער מוז אויפהערען צו וואַרפען געלד אַזוי ווי שפּענער. ער מוז ווערען אַ מענש!

ער האָט אָנגענומען פאָלגענדע רעזאָלוציאָנען:

1) צו קומען אַהיים רעגעלמעסיג יעדען אַבענד און עסען נור דאָס וואָס די מאַמע האָט געקאָכט.

2) מאַכען אַ קורצען שפּאַציר נאָך אַבענד ברויט.

לעזען אָדער שפּיעלען שאַך ביז צעהן.

4) זיך לייגען שלאָפען פּונקט אום צעהן, שפּעטסטענס אום האַלב נאָך צעהן.

5) אויפשטעהן אום זעקס און זיך גלייך אָנטהאָן, ניט ליגען גלאַט אַזוי אין בעט.

געזאָגט — געטהאָן. טאַקע אין דעם אַבענד פון יענעם טאָג וואָס ער האָט געמאַכט זיינע רעזאָלוציאָנען איז ער געקומען אהיים גלייך פון דער אַרבייט. אָבגעגעסען, געמאַכט אַ שפּאַציר, געלעזען אַ גוטען בוך ביז צעהן.

צעהן מינוטען נאָך צעהן איז ער שוין געלעגען אין בעט, און געוואַרט אויפ׳ן שלאָף.

געוואַרט און געוואַרט אָבער דער שלאָף איז ניט געקומען.

מיינט ניט אַז עס האָט זיך איהם ניט געוואָלט שלאָפען. ער איז אימער געווען שלעפעריג, אפילו ביי טאָג אויך. אין מיטען טאָג, אַז ער פלעגט נור האָבען די געלעגענהייט, פלעגט ער כאַפּען אַ דרעמעל, זיצענדיג אין אַ שטוהל. ער פלעגט שלאָפען פאַהרענדיג. ער איז געווען אַזוי זשעדנע אין שלאָף, דאָס אַ דרעמעל פינף מינוטען איז ביי איהם געווען אַ געווינס.

אָבער ביי נאַכט איז עפּעס אַנדערש. איהר ניו יאָרקער וועלכע וואוינט אין טענעמענט־הייזער ווייסט גאַנץ גוט אַז ביי אונז איז פּערקעהרט: ביי טאָג איז שטיל, און ביי נאַכט קאָכט עס, און עס ליאַרעמט און עס טאַראַראַמעוועט.

אַ קאָנצערט פון אַכט פּיאַנאָס, צוועלף פאָנאָגראַפס, אַ באַנזשאָ, און אַ קאָרנעט האָבען איהם ניט געלאָזט שלאָפען.

יעדע פּיאַנאָ און יעדער פאָנאָגראַף האָט געשפּיעלט אַן אַנדער ניגון. פון לופט שאַפט זיינען געקומען די טענער, פון אויבען, פון אונטען, פון איבעראַל. טענער פון „איל טראָבאַדור“, „פּאַרסיפאַל“, „שולמית“, „דובינושקא“, „מאַר ליעזע“, „מן המצר“, „ישראליק קום אהיים“, „דהי מען אין דהי מון“, „מעררי ווידאָו“, און נאָך אַלטע און נייע טענער האָבען זיך געטראָגען צו זיין אויער, געעגבערט זיין מוח און איהם ניט געלאָזט שלאָפען.

ער האָט זיך איבערגעדעקט דעם קאָפּ מיט דער קאָלדרע, זיך

אריינגעשטיקט די שפּיצען פון אַ טאַשענטוך אין די אויערען. די מוזיק האָט ער אַלץ געהערט.

האַלב נאָך צעהן — אַ טייך שוויים האָט איהם בעגאָסען, און ער שלאָפט נאָך אַלץ ניט.

אַ פיערטעל צו עלף — ער שלאָפט ניט.

עלף — דריי פּיאַנאָס זיינען שטיל געוואָרען. פאָנאָגראַפס שפּיעלען בלויז זעקס. דער קאָרנעט און באַנדזשאָ האָבען אויפגעהערט. דערפאַר האָט איינער אָנגעהויבען צו זינגען.

דער שלאָף האָט זיך אין גאַנצען אָבגעטהאָן פון איהם. די ביסעלע שלעפעריגקייט וואָס ער האָט פריהער געפיהלט אַרום די אויגען איז אין גאַנצען פערשוואונדען געוואָרען.

האַלב נאָך עלף — די פּיאַנאָס האָבען אויפגעהערט. די פאָנאָגראַפס האָבען אויך אויפגעהערט. נאָר פון אַ העכערען שטאָק הערט זיך אַ געזאַנג. —אַ מיידעלשע שטימע מיט דער בעגלייטונג פון אַ פיעדעל.

אַ פיערטעל צו צוועלף — אַ פאָנאָגראַף האָט ווידער אָנגעהויבען צו שפּיעלען — דעם בלינדען חזן'ס אַ ניגון.

פּונקט צו צוועלף האָבען זיך צושריען צוויי קינדער אויף אַמאָל, איינע אויבען, די אַנדערע אונטען. אַ פרוי אין דער נעקסטער וואוינונג האָט אָנגעהויבען צו זינגען אַן אַלט אידיש ליעדעל אַ ביסעל פערענגלישט:

„סליפּ, מאַי בייבי, סליפּ!
יור פּאַפּאַ וויל גאָו טו שקלאָוו,
הי וויל ברינג יו אַן עפּעלע,
וויל בי אַ געזונד אין קעפּעלע,
סליפּ, בייבי, סליפּ!

„סליפּ, מאַי בייבי, סליפּ!
יור פּאַפּאַ וויל גאָו טו שקלאָוו,
הי וויל ברינג יו ניסעלעך,
וויל בי אַ געזונד אין די פיסעלעך,
סליפּ, בייבי, סליפּ!

נאָכדעם ווי די בייבים זיינען רוהיג געוואָרען, איז געוואָרען שטיל אין הויז. אָבער דורך דער שטילקייט האָט ער געהערט א צוזאַ־מענמישונג פון מענערשע שטימען, וועלכע זיינען געקומען פון לופט שאפט. דאָס האָבען גערעדט מענשען אין דעם זשארגאָן פון קאָרטען־שפּיעלער און גערעדט האָבען זיי שטארק פערקאָכט.

„איך פּעס."

„וואָס מיר פּעס? איך עפּען".

„אויף וואָס? שוין ווידער א פּעט הענד?"

„און א פּאָאר אונטערס איז דיר ווייניג?"

„דערצעהל מיר ניט קיין באָבע מעשות. איך קען דיך שוין בעסער."

„אויב אַזוי וועל איך עס גאָר אונטעררייזען" — איז געקומען פון א קוויטשיגע שטימע.

„דיין פּאָר־פלאָש שרעקט מיר גאָר ניט אָב."

„אומזיסט אייער אַרבייט. עס איז אַ מיקסד דיל", איז געקומען פון א באַריטאָן שטימע. „איך האָב זעקס קאָרטען."

„מיקסד דיל דיין באָבען!" האָט די קוויטשיגע שטימע זיך געהערט עטליכע אָקטאַוועס העכער.

„מיקסד דיל איז א מיקסד דיל", האָט זיך געהערט פון עטליכע שטימען אויף אַמאָל.

נאָכדעם א ליארעם, א טומעל און א געפּילדער.

האַלב נאָך צוועלף איז ווידער א מינוט שטילער געוואָרען, און מאַקס, דער בעל תשובה, האָט געמיינט אז יעצט וועט ער שוין קענען איינשלאָפען —

ערשט האָבען זיך אָנגעהויבען הערען טריט אין האָל, און אויך שטימען. די שטימען האָט ער דערקענט, דאָס איז געוועזן פון א יונגע פּאָאר פאָלק פון דריטען פלאָאר.

באַלד האָט מען אָנגעהויבען געהן און געהן.

דאָס האָט מען אָנגעהויבען צו קומען פון טהעאַטער.

אין עטליכע מינוטען אַרום האָט זיך געהערט דער קלאַפּען פון טעלער, גאָפּעל און מעסער. די וואָס האָבען זיך אויסגעהונגערט אין טהעאַטער האָבען גענומען עטוואָס צובייסען.

און גאָר אַהן אַ וואָרנונג האָט זיך אַ יונגע ווייבעל צוזונגען. זי האָט נאָכגעמאַכט טעטראַזיני׳ן.

אַ יונגער מאַן פון אַן אַנדער שטאָק האָט גענומען זינגען אַ ליעד פון „בן עמי״.

נאָכקלאַנגען פון טהעאַטער און פון אָפּערא האָבען זיך באַלד גע־נומען הערען פון אַנדערע וואוינונגען, אויך פון איבער׳ן הויף.

איינער האָט ערגעץ אָנגעדרעהט אַ פאָנאָגראַף, און עס האָט זיך געלאָזט הערען „ועסטאַ וויקטאָריאַ״ מיט אַלע ברעקעלעך.

דער זייגער האָט געשלאָגען איינס.

ביסלעכווייז איז ווידער שטיל געוואָרען.

פּלוצלונג האָט עס אָנגעהויבען עפּעס צו סקריטשען אין הויף, אָבער ווי סקריטשען!

מאַקס איז אַזש נור פון בעט אויפגעשפּרונגען. ער איז צוגעלאָ־פען צום פענסטער און אַרויסגעקוקט אין לופט שאַכט.

פונקט געגענאיבער, ביי אַן אָפענעם פענסטער, איז געשטאַנען אַ מיטעליעהריגע פרוי און אַרויסגעהאַנגען גרעט אויף׳ן וואַש־שטריקעל. יעדען מאָל וואָס זי האָט אַ ציה געטהאָן די שטריק, האָט עס אַ סקריטשע געטהאָן פון די רעדלעך אַז עס האָט געריסען פאַר די אויערען.

„מיסעס, אַזוי שפּעט!״ האָט מאַקס צו איהר אויסגערופען, עפּענענדיג זיין פענסטער.

„איך האָב זיך היינט פערשפּעטיגט מיט די וועש״, האָט די פרוי געענטפערט, „און מאָרגען בעלאַנגט די שטריק צו מיסעס קאָרקע. זי האָט שוין איינגעווייקט איהרע וועש צוליעב דעם.״

עס זיינען אַריבער פופצעהן מינוטען. דער סקריטשען האָט אויפגעהערט, אָבער מאַקס האָט געפיהלט אַז זיינע נערוועז צופלאָ־צען אין איהם, פון דער אַנשטרענגונג.

האַלב נאָך איינס — ער הערט ווידער טריט אין האַל. מען געהט און מען זינגט, און מען טאַנצט אונטער. קענטיג פון אַ באַל.

פיערציג מינוטען נאָך איינס — נאָך אַן עופה׳לע האָט זיך צושריען. באַלד נאָכדעם האָבען זיך צושריען צוויי ערוואַקסענע מענשען, אַ פרויען־שטימע האָט געשריען: „נעהם און געה אַרום

א ביסעל מיט דאָס קינד. ניש'קשה, ביזט א טאַטע, נישט קיין פרעמדער". א מענער־שטימע האָט דערויף געענטפערט: „טשעפּע זיך אָב, לאָז מיך שלאָפען!"

צוויי אוהר איז אונזער בעל תשובה אויפגעשפּרונגען פון בעט. „אין דער ערד מיט אלע גוטע פּלענער!" האָט ער אויסגערופען, געגעבען א שפּיי און גענומען זיך אָנטהאָן.

ווען ער איז אַרוים פון הויז האָט דער זייגער געשלאָגען צוויי.

ער איז אַוועק נאָך דעם נאָהענטסטען קאַפּע־הויז, און זיך געהייסען געבען א גלאָז טהעע מיט א סיגאַר.

און באלד האָט מאַקס געטראָפען א פּאָאַר בעקאַנטע, מען האָט זיך צורעדט, און ער איז ווידער געווען דער זעלבער מענש ווי פריהער.

פינף אוהר פּאַרטאָג איז ער געקומען אַהיים, זיך אויסגעטהאָן, אַריינגעלייגט אין בעט, און איז איינגעשלאָפען געוואָרען ווי א סנאָפּ. — — — — — — — — — — — — — — — — — —

„אומזיסט איז מיין מיהע!" האָט ער געזאָגט צו זיך אויף מאָרגען, ווען ער איז אויפגעשטאַנען מיט'ן גרויסען טאָג. גאַנץ ניו יאָרק שלאָפט ניט, באָמערען אַרום די גאַנצע נעכט, הוליענען, און טאַנצען אָב זייער וועלטעל. הײנט געה זיי א צדיק איינער אַליין אין א שטאָדט פון איבער א פיער מיליאָן רשעים!"

און מאַקס האָט מיט א וועהטאָג אין האַרצען זיך צוריקגעקעהרט צו זיין פריהערדיגען לעבען, און געגען זיין ווילען איז ער צוריק אַריינגעשלעפּט געוואָרען אין דעם שטראָם פון דעם גוים־שטאָדטיגען קעסעל גרוב, און דער יצר הרע, דער גרויסער וועלט־זיעגער, האָט זיך צוגעשריבען נאָך א קליינטשיגען זיעג.

# באַמבעס

די מעשה איז געשעהן אין 1899, און יעדען יאָהר זייט דאַן, ווען עס קומען די ימים נוראים, עראינער איך זיך אָן יענער זעלטענער פּאַסירונג וואָס איז פאָרגעקומען גראַדע צווישען ראש השנה און יום כפור, א פּאַסירונג וואָס האָט אויפגערודערט גאַנץ ניו יאָרק.

אונזער געשיכטע פאַנגט זיך אָן מיט דעם וואָס א מוהל, מיט'ן נאָמען רעווערענד צימעסאָוויץ, האָט פערלוירען זיין תפילין־זעקעל אויף א קאַר. ווי אזוי קומט א מוהל צו פערלירען זיין תפילין־זעקעל? דאָס איז גאָר קיין קשיה ניט. דער מוהל איז געפאָהרען פון א ברית, און איז געווען א ביסעל — ווי זאָגט מען עס אויף אָן איידעלען אופן? — נו, אויף א שמחה של מצוה נעהמט יעדער איד א ביסעלע, ובפרט א מוהל. אין א גרויסען שטיק פּאַפּיר האָט ער געהאַט איינגעוויקעלט: זיין טלית־זאַק, און אין דעם זיין תפילין־זעקעל, זיין מוהל־מעסער'ל, זיין קעסטעלע פּולווער, און נאָך קלייניגקייטען. אין ניו יאָרק זעהט מען זעהר זעלטען א טלית־זעקעל אין גאַס. געוועהנליך אז א אידען קומט אוים צו טראָגען זיין טלית אין גאַס פּאַקט ער איהם אזוי איין אין א פּאַפּיר כדי עס זאָל אויסזעהען ווי א פּעקעל סחורה. ניו יאָרק איז דאָך עפּעס ניט גלופּסק און ניט קאַבצאַנסק. אָט אזוי זעהט איהר יעדען שבת ווי עס מאַרשירען אַרוים פון שוהל די צוויי דורות, די טאַטעס מיט די קינדער, דער נייער דור געהט פּאַראוים מיט די טליתים, איינגעפּאַקט אזוי ווי מען קומט אַרוים פון א גאַלאַנטעריי געשעפט, און דער אַלטער דור געהט נאָך, און איז דאַכט זיך צופריעדען מיט זיך און מיט דער גאַנצער וועלט —

וואָס טהוט גאָט? מאַכט ער אז פון רעווערענד צימעסאָוויץ'עס פּעקעל גליטשט זיך אַרוים דער תפילין־זעקעל צוזאַמען מיט דעם מוהל־מעסער'ל, מיט דער קעסטעלע מוהל־פּוידער. און אז די קאַר קומט צו דער גאַס וואו אונזער רעווערענד צימעסאָוויץ דאַרף אויסשטייגען, בעמערקט ער גאָר ניט, אז זיין פּעקעל איז לייכטער געוואָרען.

אין פינף מינוטען ארום נאָכדעם ווי רעוורענד צימעסאָוויץ איז ארויס, האָט דער קאָנדוקטאָר פון דער קאַר בעמערקט ליעגען אויף א ביינקעל א מערקווירדיגען סאַמעטענעם זעקעלע, אויף וועלכען עס זיינען געווען אויסגעשטיקט פערשיעדענע צאַצקעס מיט רויטע פּאָדים. אינוועניג אין זעקעלע האָט ער געפונען עפּעס שווארצע קעסטלעך וועלכע לאָזען זיך ניט עפענען, און ארום זיינען געווען ארומגעוויקעלט שווארצע לעדערנע רימענס. דער קאָנדוקטאָר האָט קיינמאָל אין זיין לעבען אזעלכעס ניט געזעהן. נאָך מעהר האָט איהם פערוואונדערט דער מעסער, וועלכער איז געווען זעהר שאַרף, און די קעסטעלע רויטע פּוידער.

אונזער שטאָדט ניו יאָרק, און מסתמא אויך אנדערע שטעדט אין היינטיגער ציוויליזירטער וועלט, איז פערזאָרגט מיט א השבת אבדה אָפּיס, וואוהין עס ווערען געבראַכט אלע זאַכען וואָס מענשען פערגעסען, אָדער פערלירען אין עפענטליכע פּלעצער. דער קאָנדוק־טאָר האָט די אלע מציאות צוזאַמענגעפּאַקט אין א צייטונג און האָט זיי אריינגעטראָגען אין יענעם אָפּיס. ווען דער פערוואַלטער פון יענעם אנשטאַלט האָט דערזעהן די זאָנדערבאַרע ארטיקלען, איז ער געוואָרען בלאַס, און ציטערנדיג ווי א בלאַט, האָט ער געשריען:

„באָמבעס! דינאַמיט! די שווארצע האנד! אנאַרכיסטען! פּאָליס! פּאָליס!“

אמאָל אין א נאָווינע טרעפט עס (אָבוואָהל זעהר, זעהר זעלטען) אז א בירגער שרייט „פּאָליס“ און עס בעווייזט זיך טאַקע א פּאָליס־מאַן. דער פּאָליסמאַן האָט בלויז איין בליק געטהאָן אויף די זאַכען, און עס איז ביי איהם געווען זיכער, אז די שווארצע קעסטלעך זיינען באָמבעס און די פּוידער איז דינאַמיט.

אין אונזער שטאָדט ניו יאָרק, און פיעלייכט אויך אין אנדערע ציוויליזירטע שטעדט, געפינט זיך א „ביוראָ אָוו קאָמבאָסטיבלס“, וואוהין עס ווערען געבראַכט אלערליי באָמבעס און געפעהרליכע פייער־ווערק. דאָרטען ווערען דיעזע סכנות׳דיגע צאַצקעס כעמיש אנאַליזירט, און די געפאַהר פון דיעזע זאַכען ווער טריכטיג אָבגע־שאַצט.

דער פּאָליסמאַן האָט געוואוסט, אז אהין דאַרף ער טראָגען די געפעהרליכע שווארצע באָמבעס. עס איז א ביסעל א געפעהרליכער

עסק, נור דערויף איז דאָ פּאָליציייסקע דיסציפּלין. ער האָט געררו־פען נאָך צוויי פּאָליסלייטע. דעם זעקעלע באָמבעס מיט דער קעס־טעלע פּוידער, און אפילו דעם מעסער׳ל האָט מען ארייננעלייגט אין אַ כּלי מיט וואַסער. דאַן זיינען אַלע דריי ארויף אויף אַ פּאַטראָל־וואָגען. צוויי האָבען געהיט די כּלי, און איינער האָט אָנגעטריבען די פערד. און אַזוי האָבען זיי געבראַכט די זאַכען אין דער ביוראָ אָוו קאָמבאָסטיבלס.

דער טשיף פון דער ביוראָ האָט צוגענומען די זאַכען און אַ שאָקעל געטהאָן מיט׳ן קאָפּ, אַזוי ווי אַן ערפאַהרענער מענש, וואָס וויים שוין זיין געשעפט.

די פּאָליציי איז דערווייל געוואָרען זעהר טהעטיג. צו יענער צייט איז גראַד געוועזען עפּעס אַ שטיקעל אַנאַרכיסטען־בהלה. עפּעס האָט מען אין פּעטערסאָן ענטדעקט אַ פערשווערונג פון אַנאַרכיס־טען אויסצו׳הרג׳ענען אַלע מלכים און פּרעזידענטען פון דער גאַנ־צער וועלט. עס האָט זיך אפילו דערנאָך ארויסגעוויזען, אַז דאָס איז אַ נאַרישער בלאָף, אָבער ניט אַזוי גיך לאָזט אָב די פּאָליציי אַזאַ בלאָף. די בעסטע דעטעקטיווס זיינען ארויסגעשיקט געוואָרען פון ניו יאָרקער הויפּט קוואַרטיר צו כאַפּען דעם אַנאַרכיסט אָדער די אַנאַרכיסטען וואָס האָבען אונטערגעוואָרפען, אָדער פערלאָרען די באָמבעס אויפ׳ן קאַר. עס איז ביי זיי גאָר קיין צווייפעל געווען, אַז דיעזע געפונענע זאַכען אויף דער קאַר האָבען אַ שייכות מיט דער פּעטערסאָנער פערשווערונג אויסצו׳הרג׳ענען אַלע מלכים און פּרע־זידענטען פון דער וועלט.

יעדען מאָל ווען עס קומט פאָר אַזאַ אַנאַרכיסטען־בהלה, לאָזען זיך אַראָב די דעטעקטיווס אויף יאַגד אויף דער איסט סייד. אין אידישען קוואַרטאַל, ווייסען זיי, געפינען זיך אַ סך אַנאַרכיסטען, מיט באָמבעס ווערט געהאַנדעלט אויף האַנד־וועגלעך, און דינאַמיט קריגט מען אין אַלע שפּייז קרעמלעך. עס האָט שוין אַמאָל געטראָ־פען אַז אַ קלוגער דעטעקטיוו האָט פערנומען אַ גאַנצען וואָגען מיט המן־טאַשען וואָס אַ בעקער האָט אויסגעפיהרט צו זיינע קונדען. ער האָט שיער, שיער געקראָגען פאַר זיין העלדענטהאַט אַ מעדאַל, נור עס האָט זיך ארויסגעוויזען אַז דאָס זיינען ניט געווען באָמבעס. דיעזען מאָל זיינען די דעטעקטיווס געווען פאָרזיכטיגער. זיי האָבען

זיך ניט געאײַלט מיט מאַכען רעוויזיעס, און אויך ניט מיט מאַכען אַרעסטען. זײַ האָבען געזוכט צו האַנדלען מיט טאַקט. זײַ האָבען פאָטאָגראַפירט עפּעס אַ 200 פּעדלערס און סטענדקיפּערס אויף העסטער, לודלאָוו און עסעקס סטריטס, און זײַ האָבען געהאַלטען אַ שטענדיגע אויג אויף געוויסע ביליגע קאַפּע־הײַזער, וועלכע זײַנען בעוואוסט אַלס „נעסטען פון די רויטע“. בקיצור, די פּאָליציי האָט געאַרבייט, און די צייטונגען האָבען געשריבען לאַנגע קאָלומס, און גאַנץ ניו יאָרק האָט געלעבט אין גרויס שרעק.

דערווייל איז אָנגעקומען יום כפּור, און מיט איהם דער יום כפּור באַל. יעצט ווייס מען שוין ניט וואָס עס איז אַזוינס אַ יום כפּור באַל, וואָרום פון די אַמאָליגע אַנאַרכיסטען וואָס פלעגען זיך צוזאַמענקלייבען טאַנצען, עסען חזיר־סענדוויטשעס און פערטרינקען מיט זויער־מילך אום יום כפּור, זײַנען אַ סך געוואָרען רייכע אידען און גוטשטעהענדע מיטגליעדער פון שוהלען. זײַ געהען יעצט יום כפּור אין שוהל, קויפען עליות און שנדר׳ן. די קליינע ביסעלע, וואָס זײַנען געבליבען טריי זייערע פּרינציפּען האָבען ניט גענוג געלד צו מאַכען בעלער. אָבער דאַן, אין יענע יאָהרען, איז דער יום כפּור באַל געווען אַ וויכטיגע פאַסירונג יעדען יאָהר. דאַרום, אַז עס איז געקומען יום כפּור, האָבען זיך אַ סך דעטעקטיווס אַ לאָז געטהאָן צום באַל. זײַ האָבען זיך געמישט מיט׳ן עולם, געגעסען צופּוילטע סענדוויטשעס, געקנאַקט פינאָטס, געגעסען וואורשטלעך בעשמירט מיט צוואָרעך, און פערזופּט מיט ביער אין וועלכע מען האָט פריהער דערטרונקען אַ שרץ — און דאָס אַלץ צו בעווייזען אַז קיין גאָט איז ניטאָ אויף דער וועלט.

די דעטעקטיווס האָבען אָבער גאָרנישט אויסגעפונען. מען האָט אַלזאָ געוואַרט אויף דעם רעפּאָרט פון דער ביוראָ אָוו קאָמבאַסטיבלס.

דער שעף פון דיעזער ביוראָ איז זעהר געהויבען ביי זיך. ער פיהרט זיך מיט גאוה און אַרבייט זעהר לאַנגזאַם. די באָמבעס מיט די פּוידער, מיט׳ן מעסער׳ל האָבען זיך ביי איהם געווייקט אין וואַסער אַ גאַנצע וואָך צייט. יעדע שטונדע פלעגען קומען צו לויפען דעטעקטיווס און צייטונג־שרייבער און פרעגען וואָס איז געוואָרען פון דער כעמישער אונטערזוכונג. און דער שעף פון דער ביוראָ

פלעגט זיך ענטפערען גאנץ קאלטבלוטיג „נאט יעט, נאט יעט" — עס הייסט, אז ער האט נאך די אונטערזוכונג ניט געמאכט.

ענדליך, ענדליך האט ער שוין ארויסגענומען די זאכען פון וואסער און געמאכט זיין כעמישען אנאליז. די רעפארטערס זיינען געשטאנען און געווארט, און זיך ביי איהם געבעטען ער זאל זיי זאגען אויב דאס זיינען געווען באמבעס, אדער ניט, ער זאל כאטש זאגען אייןווארט, יא, אדער ניין. דער שעף פון דער ביורא אוו קאמבאסטיבלס האט געענטפערט, אז ער מוז מאכען זיין רעפארט דירעקט צום שעף פון דעטעקטיוו ביורא. און פון זיין אנטווארט האבען די רעפארטערס געמאכט א פשט, אז דאס זיינען טאקע געווען באמבעס.

ווי איבערראשט איז אבער געווארען דער שעף פון דער דע־טעקטיוו ביורא ווען ער האט צוריק בעקומען די שווארצע קעסט־לעך, שוין צואווייקטע, צובראכענע, מיט'ן מעסער'ל און די קעס־טעלע אין וועלכע עס איז געווען דער פוידער, און צו דעם א קורצען רעפארט: „קיין דינאמיט, קיין עקספלאדירענדע שטאף, אבסאלוט אונשעדליך."

אבער אין די אויפגעריסענע שווארצע קעסטלעך האבען זיך געפונען שטיקער פארמעט מיט בוכשטאבען פון וועלכע עס זיינען נאך פערבליבען סמנים. „עס מוז זיין עפעס אן אלטע שפראך, און דאס זיינען אנטיקווארען", האט זיך געטראכט דער קאפ פון אלע דעטעקטיווס. ער האט אבגעשיקט די זאכען צו א פראפעסאר פון מוזעאום אין סענטראל פארק וועלכער איז א בעוואוסטער געלעהר־טער. דער פראפעסאר האט די זאכען נאכגעקוקט און איז געקומען צו דעם בעשלוס, אז דאס בעלאנגט צו אידען. ער האט געשיקט נאך א ראבינער, וואס וואוינט אויף דער וועסט סייד. דער ראבינער האט א קוק געטהאן און געזאגט:

„יא, די זאכען זיינען מיר א ביסעל בעקאנט. דיעזע שווארצע קעסטלעך בעלאנגען צו די ארטאדאקסישע אידען. דער מעסער מיט די פוידער זיינען מיר שוין בעסער בעקאנט."

דער ראבינער האט דעם פראפעסאר ערקלערט אלעס וואס ער האט געוואלט וויסען, און אויף מארגען איז אין אידישען קווארטאל שוין געווען רוהיג, און די דעטעקטיווס האבען זיך אויך אבגערוהט.

# מעשה׳לעך פאַר קינדער

## פון תשר״ק

## מיט צייכנונגען פון „לאלא״

דערצעהלען אַ מעשה פאַר קינדער איז אַ גרויסע קונסט. דאָס רוב קינדערשע מעשה׳לעך זיינען געשריבען פון מענ-שען, וואָס האָבען ווייניג פערשטאַנען די נשמה פון אַ קינד.

אַט וואָס תשר״ק דערצעהלט וועגען דעם, ווי ער האָט זיינע קינדער־מעשה׳לעך געשריבען: —

„אין מיין אַרבייט האָבען מיר געהאָלפען צוויי שטרענ-גע קריטיקער, מיינע אייגענע צוויי טעכטערלעך, זשאַנעט ניין יאָהר אַלט און מרים זיבען. יעדע פון די מעשה׳לעך אין דער זאַמלונג האָב איך זיי פאָר־געלעזען און איך האָב מיט גרויס אויפמערקזאַמקייט זיך צוגעהערט צו די בעמער-קונגען פון מיינע יונגע קריטיקער. דאָס וואָס זיי האָבען ניט געקענט פאַרנעהמען, דאָס וואָס האָט זיך „ניט געשיקט״ און דאָס וואָס האָט זיך געלאָזט פרעגען אויף דעם „ווי איז דאָס מעגליך?״ האָב איך אויסגעלאָזען.

„מעשה׳לעך פאַר קינדער דאַרפען זיין ריין און עסטע-טיש. זיי מוזען האָבען אַ טענדענץ צו גוטע און שעהנע זיטען און איינפלאַנצען אין די יונגע הערצער אַ שטרעבען צו אַלעם וואָס איז שעהן און נאָבעל אין לעבען״.

דאָס איז אַ בוך פאַר קינדער, וואָס ווילען זיך לערנען אידיש, אַליין צו לעזען, אָדער מיט די הילפע פון לעהרער. עלטערען, וואָס ווילען האָבען אמת שעהנע מעשה׳לעך צו דערצעהלען זייערע קינדער, וועלען אין דיזען בוך געפינען גראַדע דאָס, וואָס זיי דאַרפען.

# חיים
# דער קאָסטאָמער
# פּעדלער

די גאַנצע אידישע וועלט קען יעצט דעם שעהנעם בעל הבית פון בלאָטעטאָוין, חיים דער קאָסטאָמער פּעדלער אָדער ווי ער רופט זיך יעצט „מיסטער טשאַרלי קארפּ". צוליעב איהם איז בלאָטעטאָון געוואָרען בעריהמט בכל תפוצות ישראל.

„בלאָטעטאָון" שטעלט פאָר דאָס לעבען אין אַ קליין אידיש וועלטעל, אַ פאָרשטאָדט פון אַ גרויסער אידישער שטאָדט אין אַמעריקא. אין דער קליינער וועלטעל לעבען קליינע אידעלעך, וואָס זוכען נאָכצומאַכען די אידען פון דער גרויסער שטאָדט מיט זייערע קאָנגרעגיישאָנס און סאָסייעטיס, זייערע שוהלען און חברות, זייערע רעווערענדס, שמשים און אַנדערע כלי קודש, זייערע קהל'שע קנאַקערס, תקיפים, פּאָליטישענס און פּראָפעסיאָנעלע „אוהבי ישראל"...

דערביי ווערט אויך געשילדערט דאָס פאַמיליען-לעבען פון דער שטעדטעל מיט אַ סימפּאַטישען הומאָר, וואָס ברייננגט אַרויס אַ האַרציגען גוטמוטיגען געלעכטער.

פונקט 69 ערצעהלונגען — אַלע דורכאויס פול מיט דעם לעבעדיגסטען הומאָר.

פּראַכטפול געדרוקט און געבונדען.

# מיינונגען פון קריטיקער

״פון זיינע ערצעהלונגען שיינט ארויס א גייסט וואס האט אן אויג צו אלעם וואס קומט פאר אין אידישען לעבען — — עס ענטפלעקט זיך פאר אייערע אויגען א בילד פון א שטאדט — — וואו עס שטראמט לעבען פון אלע ווינקעלעך — — אין תשר״ק׳ען לעבט א פילאזאפישער קוק אויפ׳ן לעבען, וואס שטעהט העכער פון דעם גאנצען טומעל וואס מיר רופען דאס אן ״לעבען״ — — און אזוי ווי תשר״ק האט ליעב דאס גרויסע קינד, דאס פאלק, אין אלע זיינע פארמען — — הערט זיך אין זיין לאכען מעהר ליעבע ווי פערביטערקייט״.

(בעל מחשבות, אין ״פריינד״)

״אין וועלכער שפראך תשר״ק שרייבט, סאי אין ענגליש, סאי אין אידיש, זעהט מען דעם אמת׳בעגאבטען הומאריסט. זיינע ערצעהלונגען האבען די אויסערגעוואוינליכע מעלה וואס עס ווילט זיך זיי לעזען עטליכע מאל, און וואס מעהר מען לעזט זיי אלץ מעהר און טיעפערע געדאנקען געפינט מען בעהאלטען הינטער דעם זארגלאזען פרעהליכען הומאר.״

(״מאנעבלאטט״)

״מען קען לערנען מעהר וועגען אונזערע היעגע אידען אין תשר״ק׳ס ביכער ווי אין יעדע אנדערע ליטעראַרישע ווערק וואס איז אונז בעקאנט, און וואס האט נאך פיליכט א וויכטיגערע בעדייטונג איז, דאס מען קען פון תשר״ק׳ס שילדערונגען פון אידישען לעבען אין אמעריקא אויך מאכען די בעקאנטשאפט פון דעם אידען׳ס קריסטליכע שכנים און פון אנדערע קריסטען מיט וועלכע דאס היעזיגע לעבען בריינגט איהם אין בעריהרונג״.

(״מארגען זשורנאל״)

״אין זיין הומאר איז ער אהן א ספק אריגינעל. ער מאכט אין דעם קיינעם פון די אידישע שרייבער ניט נאך, ניטא וועמען נאכצומאכען. דאס איז זיין אייגענס״.

(״דאס אידישע פאלק״)

״ער שרייבט ניט מיט דעם גאוה׳דיגען טאן פון דעם היימישען משכיל וואס זעהט אין דער נייער וועלט בלויז תהו ובהו, אויך ניט מיט דער פערביטערקייט פון דעם רוסישען אינטעליגענט וואס בעטראכט אמעריקא אלס דאס וואולגארע ״דאלאר לאנד״. תשר״ק שרייבט מיט די סימפאטישע געפיהלען פון א קינסטלער וואס האט ליעב די פערזאנען וועגען וועלכע ער שרייבט, אזוי ווי א פאטער האט ליעב זיינע קינדער״.

(״מיניקעס יום טוב בלעטער״)

״גאנץ אבגעזעהן פון דעם ליטעראַרישען, האבען דיזע סקיצען אויך איינעם בעדייטענדען קולטור־געשיכטליכען ווערט, זיע צייגען אונז איינע גענעראציאן אין איינעם ראשען אומוואנדלונגס־פראצעסע, דער אין 50 יאהרען ווי איין מערכען אויס לענגסט פערגאנגענען טאגען קלינגען ווירד״.

(פראפעסאר גאטהארד דייטש,
אין ״אלגעמיינע צייטונג דעם יודענטומס״)